י. ג. פאָגט.

# וועלטגעשיכטע

פון אוראַלטע צייטען ביז היינטיגען טאָג.

בעאַרבייט אין אידיש פון

א. ח. ראָזענבערג.

אונטער דער רעדאַקציאָן פון

אלכסנדר האַרקאַווי.

---

אילוסטרירט.

אכטער באַנד: די נייע צייט.

ניו יאָרק:
היברו פאבלישינג קאמפאני.
1918.

# אינהאַלט־פערצייכניס
## פון אכטען באַנד.

---

### די נאָרדליכע און אָסטליכע שטאאטען פון מיטען 17טען ביז מיטען 18טען יאָהרהונדערט.

זייט



### כינא. (נייע צייט.)



### אינדיען.

## די געשיכטע פון דייטשלאַנד פון דעם וועסטפאַלישען פרידען ביז פריעדריך דעם גרויסען.



## רוסלאַנד.

## די געשיכטע פון ענגלאַנד.



---

# אידען.

## דייטש־פּוילישער צענטער פון אידישער קולטור (1498—1648).

# די נאָרדליכע און אָסטליכע שטאַאַטען פון מיטען 17טען ביז מיטען 18טען יאָהרהונדערט.

## א. די צייט ביז צום נאָרדישען קריג.

אין שוועדען האָט קריסטינע אין יאָהר 1654 זיך ענטזאַגט פון טראָן און האָט איהם איבערגעגעבען צו איהר קוזין קאַרל דעם 10טען גוסטאַוו (1654—1660), וועלכער איז פריהער געווען דער פּאַלץ־גראַף פון צווייבריקקען. דיזער קאַרל איז געווען אַן עכטעס קינד פון דעם 30־יעהריגען קריג. ווען ער האָט געזעהען, דאָס ער געפינט זיך אין אַ זעהר שווערער לאַגע צוליב דעם שטאָלץ און דער איבערמאַכט פון דעם אַדעל, האָט ער זיך פערדרעהט מיט שווערע קריגען אין אויסלאַנד, וואָס יעדער קלוגער מענש האָט געקענט זעהן, דאָס זיי וועלען זיך ענדיגען מיט ביטערע נידערלאַגעס.

אַלס שוואַכער אויסרייד פיר קריג איז געווען, דאָס דער פּוילישער קעניג האָט ניט געוואָלט אָנערקענען די רעכטען פון קאַרל דעם 10טען אויף'ן שוועדישען טראָן. אין יולי 1655 זיינען אַרויס פון ריגאַ צוויי שוועדישע מחנות מיליטער געגען פּוילען. עס איז באַלד איינגענומען געוואָרען די שטאָדט דינאַבורג און דערמיט האָט די שוועדישע אַרמעע געעפענט פיר זיך אַ וועג נאָך ליטאַ. די הויפּט־אַרמעע פון שוועדען איז דורך הינטער־פּאָממערן אַריינגעדרונגען אין בראַנדענבורגישען געביט און האָט זיך דאָרט בעגעגענט מיט אַ שטאַרקער פּוילישער אַרמעע. דיזע פּוילישע אַרמעע האָט זיך באַלד אונטערגעגעבען אונטער קאַרל'ס מאַכט, און די פּאָלשע פּוילישע שטאַטהאַלטערס פון פּאָזען און פון קאַליש האָבען באַלד איבערגעגעבען זייערע פּראָווינצען אונטער קאַרל'ס שוץ, און באַלד נאָך דעם איז איהם ניט אָנגעקומען שווער צו נעהמען די דריי הויפּטשטעדט פון דער פּוילישער מלוכה: פּאָזען, וואַרשאַ און קראָקאָוו. דער פּוילישער קעניג יאָהאַן קאַזי-

מיר האָט געמוזט ענטלויפען אין שלעזיען. נאָך דעם, ווי קאַרל גוסטאַוו האָט אויך עראָבערט מאָסקאָוויען, ליטא און אַנדערע לאַנדשאַפטען, האָט ער זיך שוין בעטראַכט אַלס דער הערשער פון פּוילען.

דער קורפירסט פריעדריך ווילהעלם פון בראַנדענבורג, וועלכער איז גע-וועזען הערצאָג פון פּרייסען און וואַסאַל פון פּוילען, האָט געזוכט אַ גינסטיגע געלעגענהייט צו בעפרייען זיך פון דעם פּוילישען יאָך, אונטער וועלכען ער האָט זיך געפונען אַלס וואַסאַל. מיט דער הילף פון האָללאַנד האָט ער צו-זאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 20,000 מאַן און האָט אין יאָהר 1656 גע-שלאָסען אַ פערטראַג מיט שוועדען, לויט וועלכען קאַרל האָט איהם איבער-געגעבען פּרייסען אַלס לעהן-גוט, אַזוי דאָס פריעדריך איז געוואָרען קאַרל'ס וואַסאַל, און דערפאַר האָט ער איהם פערשפּראָכען צו שיקען 1,500 קריגער געגען פּוילען.

אָבער קאַרל'ס מיליטערישע מאַכט איז ניט געוועזען גענוג שטאַרק אום איינצונעהמען גאַנץ פּוילען, איבערהויפּט די גרויסע פלאַכלענדער אַרום דער ווייכסעל, דערצו האָבען נאָך דאַמאָלס די רוסען אָנגעהויבען אַריינדרינגען אין די שוועדישע פּראָווינצען אינגערמאַנלאַנד און ליפלאַנד. די הילף פון פריעדריך ווילהעלם איז איהם געוועזען זעהר נעטיג. אויך דער קורפירסט זעלבסט האָט זעהר מורא געהאַט פאַר די פּוילישע אָנגריפען. דעריבער האָט דער קורפירסט געשלאָסען אין יאָהר 1656 אַ פערטראַג מיט קאַרל'ען אין לאַביאַו, לויט וועלכען קאַרל האָט איהם אין גאַנצען בעפרייט פון לעהן-אָפּהענגיגקייט איבער פּרייסען, און דערפאַר האָט ער איבערגעגע-בען זיין גאַנצע מיליטערישע מאַכט אין קאַרל'ס הענט צו פיהרען זיין שטרייט מיט פּוילען. די מיליטערישע מאַכט, ווי מיר האָבען אויבען געזעהען, איז בעשטאַנען פון 20,000 מאַן.

מיט דער הילף פון דיזער מאַכט איז קאַרל גוסטאַוו אַרויס געגען דעם פּוילישען קעניג יאָהאַן קאַזימיר, וועלכער האָט זיך אין דיזער צייט צוריק-געקעהרט צו זיין פאָלק. ביי וואַרשא האָבען זיך ביידע געגנער געטראָפען. דריי טעג האָט געדויערט די שלאַכט (פון 28טען ביז דעם 30טען יולי), און דער סוף איז געוועזען, דאָס די פּאָליאַקען זיינען בעזיגט געוואָרען. קאַרל גוס-טאַוו האָט אין דיזען שטרייט בעוויזען זיין טאַלענט אַלס גרויסער פעלדהערר. הגם די פּאָליאַקען זיינען אין צאָהל געוועזען פינף מאָל מעהר פון די שוועדען, האָט ער זיי אַזוי קונציג אַריינגעכאַפּט אין זיין נעץ, דאָס די פּאָליאַקען זיי-נען געוועזען געצוואונגען צו לויפען פון שלאַכטפעלד אין אַלע זייטען, און באַלד נאָכדעם איז וואַרשא אַריינגעפאַלען אין קאַרל גוסטאַוו'ס הענט.

קאַרל האָט זיך דאַמאָלס גענומען צו דער אַנדערער הויפּטשטאָדט פון פוילען, צו קראָקאָוו. אָבער דאַמאָלס האָט ער פּלוצלינג בעקומען אַ ידיעה, דאָס די דענער זיינען בעפאַלען דאָס הערצאָגטום ברעמען. ער האָט זיך געמוזט איילען צו נאָרד געגען די דענער. דערווייל האָט פוילען געשלאָסען אַ פערטראַג מיט עסטרייך, אויך בראַנדענבורג איז צוגעשטאַנען צו דיזע פערבאַנד (1657). פריעדריך ווילהעלם האָט ערהאַלטען פון יאָהאַן קאַזימיר די אַנערקענונג פון זיין אונאָפּהענגיגקייט.

אין זומער פון יאָהר 1657 איז קאַרל זעהר ראַש אַנגעקומען מיט אַ קליינער אָבער זעהר טיכטיגער מיליטערישער מאַכט געגען די דענער, וועלכע האָבען ניט געציינגט געגען איהם קיין בעזונדערען ווידערשטאַנד. ער איז לייכט אַריין אין שלעזוויג־האָלשטיין און האָט איינגענומען די פעסטונג




קאַרל דער 10טער, קעניג פון שוועדען, און זיין פרוי העדוויג לעאָנאָראַ.

פרידעריציאַ. אין פעברואַר 1658 האָט קאַרל אַריבערגעפיהרט זיין אַרמעע איבער'ן אייז פון דעם קליינעם בעלט (וואַסער־שטראַס) נאָך פינען און האָט דאָרט געשלאָגען די דענער ביי א ד ע נ ז ע און האָט זיי בעזיגט. אייניגע טעג שפּעטער האָט ער געוואָגט אַריבערגעהן מיט זיין אַרמעע אויך איבער'ן גרויסען בעלט נאָך זעעלאַנד. דאָס אייז האָט געקנאַקט אונטער די פיס פון זיינע פערד, דאָס וואַסער איז געווען אַ פוס איבער'ן אייז, און יעדען אויגענבליק האָט מען געקענט מורא האָבען, דאָס דער ים זאָל זיך עפנען. צוויי ראָטעס סאָלדאַטען זיינען דערטרונקען געוואָרען פאַר'ן קעניג'ס אויגען. אָבער די געפעהרליכע אונטערנעהמונג האָט אָפּגעגאָלטען. קאַרל איז אַריבער דעם גרויסען בעלט איבער'ן אייז. די דענער זיינען געווען אַזוי איבערראַשט פון זיין אונגעוועהנליכען ערפאָלג, דאָס זיי האָבען געשלאָסען מיט

איהם פרידען אין ראָעסקילד און האָבען זיך גאָרניט געפּרובּט שטעלען ענטגעגען איהם. דער דענישער קעניג פריעדריך דער 3טער האָט געמוזט איבערגעבען (אין יאָהר 1658) צו קאַרל'ען די פּרוכטבאַרע שאָנען, צוזאַמען מיט האַללאַנד, בלעקינגען, דראָנטהיים און באָרנהאָלם.

קאַרל גוסטאַוו איז מיט זיין ערפאָלג נאָך ניט געווען צופרידען. דערצו איז ער געוואָרען שטאַרק אויפגערייצט אויף'ן דענישען קעניג דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען זיין פערלאַנג, אַז ער זאָל פערשפּאַרען דעם זונד (די ים־שטראַס) און ניט דורכלאָזען קיין פרעמדע פלאָטע. און דעריבער האָט ער בעשלאָסען אין גאַנצען אונטערוואַרפען דענעמאַרק אונטער זיין מאַכט און אויפשטעלען צוריק די אַלטע יוניאָן פון אַלע נאָרדליכע מלוכות. אין אויגוסט 1658 איז די שוועדישע פלאָטע פלוצלינג צוגעקומען צו קאָפּענהאַגען. אָבער דיזען מאָל האָט קאַרל געמוזט אָפּטרעטען צוריק אָהן ערפאָלג, ווייל עס איז געשווינד געקומען די דענער צו הילף די פעראייניגטע אַרמעע פון בראַנדענבורג, עסטרייך און פּוילען. דערצו האָבען נאָך די שוועדען געכאַפּט אַ מפּלה פון דער האָללענדישער פלאָטע. מען האָט אָנגעהויבען פערהאַנדלען אין האַאַג וועגען אַ שלום. עס איז זעהר שווער געווען צו קומען צו אַ רעזולטאַט ביי דיזע פערהאַנדלונגען וועגען פרידען, פערהאַנדלונגען, וועלכע זיינען בעוואוסט אַלס „די האַאַגער קאָנצערטען". די שטאַרקסטע הינדערנים איז געווען קאַרל גוסטאַוו, אָבער זיין טויט האָט געמאַכט אַן ענדע צו אַלע הינדערניסען. אין קלויסטער פון אָליוואַ ביי דאַנציג איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען אַ פערטראַג, לויט וועלכען שוועדען האָט נאָר פערלאָרען באָרנהאָלם און דראָנטהיים.

אויך מיט רוסלאַנד האָט שוועדען באַלד נאָכדעם געשלאָסען פרידען אין קאַרדיס (1661). די שטרייטיגקייטען און סכסוכים צווישען רוסלאַנד און פּוילען האָבען זיך געענדיגט מיט דעם שלום פון אַנדרוסאָוו, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין פריהער מיטגעטיילט.

ווען קאַרל דער 10טער איז געשטאָרבען האָט ער איבערגעלאָזען אַ יונגען זוהן קאַרל דעם 11טען (1660—1697). ווייל ער איז נאָך געווען צו יונג צו רעגירען האָט מען בעשטימט אויף דער צייט ביז ער וועט ווערען פוליעהריג אַ רעגענטשאַפטס־ראַט מיט זיין מוטער אָן דער שפּיץ. קאַרל גוסטאַוו האָט געוואָלט ערווערבען צוריק די גיטער, וועלכע דער אַדעל האָט פערכאַפּט, און מאַכען לייכטער די לאַסט פון די בויערן. אָבער די רעגענטשאַפט האָט פאָרטגעזעצט די אַלטע פּאָליטיק צו גונסטען פון דעם אַדעל. קיינמאָל איז אין שוועדען ניט געווען די מאַכט און די

גאוה פון דער אַריסטאָקראַטיע אזוי הויך ווי אין דער צייט פון דיזען רייכס-ראַט. דער אַדעל האָט געזוכט צו נעהמען פיר זיך וואָס מעהר פון די איינ-קונפטען פון שטאַאַט, און אַלע אָפּגאַבען האָבען זיי אַרויפגעוואָרפען אויף די בויערן. אין די פינאַנצען האָט געהערשט אַ שרעקליכע אונאָרדנונג. די אויסלענדישע פּאָליטיק איז אין גאַנצען געווען אָפּהענגיג פון די געשענ-קען און סובסידיעס, וואָס די פרעמדע מעכטען האָבען געגעבען. אזוי איז שוועדען געוואָרען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון לודוויג דעם 14טען.

אין יאָהר 1672 האָט דער יונגער קעניג קאַרל דער 11טער זעלבסט גענומען די רעגירונג אין זיינע הענט. אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אונטער דעם איינפלוס פון אַדעל. דער אַדעל האָט איהם בעוואויגען דערצו, אַז ער זאָל אָנגרייפען דעם הערצאָג פון בראַנדענבורג, און דאָס ער זאָל זיך שטעלען אויף דער זייט פון פראַנקרייך אין דעם גרויסען קריג. דער קריג




קאַרל דער 11טער, קעניג פון שוועדען.

מיט בראַנדענבורג און דענעמאַרק, וועלכער האָט זיך געצויגען פון 1675 ביז 1679, האָט פעראורזאַכט שוועדען גרויסען שאָדען און זעהר פיעל מאַנ-געל. די הויפּט=אורזאַכען דערפון זיינען געווען די אונפעהיגקייט און דער אייגעננוץ פון דער רעגענטשאַפט. די לאַגע פון שוועדען איז געוואָרען אזוי שרעקליך, דאָס די אַרמעע און די פלאָטע האָבען געליטען אַ גאַנצע רייהע פון נידערלאַגעס, דאָס לאַנד האָט אין גאַנצען פערלאָרען זיין פרי-הערדיגען קריגס=רוהם, און נאָר זיינע מעכטיגע בונד=חברים האָט עס געהאָט צו פערדאַנקען וואָס עס האָט ניט פערלאָרען פון זיינע פריהערדיגע עראָבע-רונגען.

אָבער דיזע צייט פון אונגליק האָט געגעבען דעם קעניג די מאַכט און פעסטקייט געגען דעם אַדעל. דאָס לאַנד האָט זיך אין דער צייט זעהר פערשולדיגט: פון 16 מיליאָנען האָט דער שטאַאַטס=חוב דערלאַנגט ביז 20

מיליאָנען. די בויערן זיינען געווען שטאַרק ערביטערט, און זאָגאַר דער אַדעל איז געווען געשפּאָלטען. די רעזאָלוציאָן פון רייכסטאַג פון יאָהר 1680 האָט קלאָר געצייגט דעם צושטאַנד פון לאַנד אין יענער צייט. עס האָבען זיך נעמליך פעראייניגט די 3 שטאַנדען: די קלעריקאַלען, די בירגער און די בויערן, געגען דעם הויכען אַדעל, און האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל אָפּנעהמען די רייכס־גיטער, וואָס די גרויסע אַדעלליים האָבען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט, און מען זאָל זיי צוריק אָפּגעבען צו דער קרוין. דער אַדעל האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן די בירגער און אָן די גייסטליכע, און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אויך אונטערזוכען די רעכטען, מיט וועלכע די בירגער און די קלעריקאַלען בעזיצען זייער אייגענטום. קאַרל דער 11טער האָט דורכגעפיהרט די רעזאָלוציאָן פון יענעם רייכסטאַג און האָט אָפּגענומען אַ גרויסען טייל פון די רייכס־גיטער פון הויכען אַדעל, און דערמיט האָט ער די אַריסטאָקראַטיע אָפּגעשוואַכט אויף אימער.

מיט גרויס שטרענגקייט האָט קאַרל דער 11טער דורכגעפיהרט דעם פּלאַן, אומצוקעהרען צו דער קרוין אַלע פערלאָרענע גיטער. אַלע לעהן־גראַפ־שאַפטען און באַראָנען־גיטער זיינען אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען אין לאַנד. דער קעניג האָט ערהאַלטען רענט פון די אָפּגענומענע גיטער 3 מיליאָנען טהאַלער. ער איז געוואָרען אין שטאַנד צו בעצאָהלען 29 מי־ליאָנען טהאַלער שטאַאטס־שולדען און ביז זיין טויט האָט ער איינגעשפּאָרט פיר דעם רייכס־שאַץ נאָך 8 מיליאָנען טהאַלער. די פלאָטע איז געבראַכט געוואָרען אין אַ זעהר גוטען צושטאַנד. און וואָס אַנבעטרעפט דאָס לאַנד־מיליטער איז בעשטימט געוואָרען, דאָס די אַדעליגע און די בויערן זאָלען צושטעלען אַ געוויסע צאָהל מענשען, וועלכע זאָלען זיין פערפּליכטעט צו ערשיינען נאָר פיר צייטווייליגע איבונגען. אויך די קירכע האָט ערהאַלטען אַ נייע אָרדנונג. און די אוניווערזיטעט לונד, וועלכע איז געגרינדעט גע־וואָרען אין יאָהר 1668, האָט געגעבען צו יעדען פרייע בילדונג. דער רע־זולטאַט פון דיזע רעפאָרמען איז געווען, דאָס דער רייכסטאַג פון יאָהר 1693 האָט אָנערקענט דעם קעניג קאַרל דעם 11טען אַלס אונבעשרענקטען הערשער, און מען האָט איהם בעפרייט פון דער פערפּליכטונג צו בערופען די פערזאַמ־לונג און פרעגען איהר דעה.

אין יאָהר 1697 איז קאַרל דער 11טער געשטאָרבען און האָט געלאָזען שוועדען אויף דער העכסטער שטופע פון איהר מאַכט אין בעצוג צו אויס־לאַנד. שוועדען האָט דאַמאָלס געהערשט איבער דעם גאַנצען ברעג פון דער אָסט־זעע, איבער פינלאַנד, קאַרעליען, אינגריען, עסטלאַנד, ליפלאַנד

און באממערן. די אסט־זעע איז געווארען דער שוועדישער „מיטלענדישער" ים. שטאקהאלם איז דאמאלס געלעגען אין צענטער פון דעם רייך אנשטאט דעם, וואס אין היינטיגער צייט איז זי ביי זיין מעער־גרענעץ. עס פערשטעהט זיך, דאס דיזע מאכט פון דעם שטאאט, וואס איז פריהער געווען אזוי מאכטלאז, האט ארויסגערופען קנאה אין די הערצער פון די בענאכבארטע קעניגרייכען. איבערהויפט האט רוסלאנד געזוכט צו שטעלען זיך מיט א פעסטען פוס ביי דער אסט־זעע, אום זי זאל קענען האבען גיכע און רעגעלמעסיגע פערבינדונגען מיט די לענדער פון וועסט־אייראפא.

די אומשטענדען האבען אויסגעוויזען צו זיין גינסטיג, דאס מען זאל קענען אין א געוויסען פונקט דורכברעכען די קייט פון די שוועדישע בעזיצונגען. ווען קארל דער 12טער (1697—1718) האט בעשטיגען דעם טראן איז ער מעהר ניט אלט געווען ווי 16 יאהר. זיין פאטער, קארל דער 11טער, האט דעריבער בעשטעלט א ראט, וואס זאל רעגירען דאס לאנד ביז ער וועט ווערען עלטער. אבער קארל דער 12טער האט מיט דער הילף פון דעם שטאאטסראט פיפער און מיט דער איינשטימונג פון די שטאנדען (פערשיידענע קלאסען פון פאלק) בעזייטיגט די רעגירער און האט איבערגענומען די רעגירונג אין זיינע הענט מיט דער מאכט פון אן אונבעשרענקטען הערשער. דיזער פאקט האט געשיינט צו זיין אונגינסטיג פיר שוועדען. אויך פוילען און דענעמארק האבען אנגענומען די זייט פון די פיינד פון שוועדען.

נאך דעם טויט פון פוילישען קעניג יאהאן סאביעסקי האט זיך אנגעהויבען א שרעקליכער קאמף וועגען דער וואהל פון א נייעם קעניג. ענדליך האט די פוילישע קרוין ערהאלטען דער קורפירסט פריעדריך אוגוסט דעם שמארקען פון זאקסען, וועלכער האט געשאפט א גרויסע סומע געלט פון דעם, וואס ער האט פערקויפט דייטשע עמטער און שטעדט, און האט מיט דעם אונטערגעקויפט די פראנצויזיש געזינטע פארטיי. אום די רעליגיאן זאל איהם ניט שטעהן אין וועג ביים וואהל אלס קעניג האט ער אנגענומען דעם קאטאליציזם. אין יאהר 1697 איז ער געקרוינט געווארען מיט גרויס פאראד אין ווארשא. דער פוילישער אדעל, וועלכער האט נאך פריהער געהאט אין זיינע הענט אלע עמטער, וועהרענד כמעט דאס גאנצע פאלק איז אראפגעדריקט געווארען צו לייבאייגענע, האט אין דער צייט פון די וואהלען ארויסגעצויגען פיר זיך נאך מעהר נוצען. זיי האבען אפגעשוואכט די קעניגליכע מאכט און געמאכט דעם קעניג אין גאנצען אפהענגיג פון רייכסטאג. דער שטאאט איז געווארען אן אדעלס־רעפובליק

אין וועלכער דער קעניג איז געווען ניט מעהר ווי אַ ווערקצייג דורכצופיהרען די בעשלוסען פון רייכסטאַג.

אין דענעמארק איז נאָך פריעדריך דעם 3טען ארויף אויף'ן טראָן כריסטיאַן דער 5טער (1670—1699). די רעוואָלוציאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט, האָט אונטער דער פיהרונג פון פעטער שוהמאַכער זיך פערוואַנדעלט אין אַ רעגירונגס-סיסטעם, וועלכעס איז געווען זעהר עהנליך צו דער דעספאָטישער רעגירונג פון לודוויג דעם 14טען. די אַדעליגע זיינען געוואָרען געהאָרזאַם און אונטערוואָרפען צום קעניג דורך דעם, וואָס מען האָט זיי געגעבען גרויסע טיטלען און גוטע עמטער, אַזוי דאָס זיי זיינען געוואָרען איינפאַך אַ ווערקצייג פון קעניגליכען הויף. דער קעניג האָט אין גאַנצען פערניכטעט די זעלבשטענדיגקייט פון דער אריסטאָ-קראַטיע דורך דעם, וואָס ער האָט געשאַפען אַ גראַפען-שטאַנד און אַ פריי-העררען-שטאַנד, ווי אויך דורך די איינריכטונג פון דעם דאַנעבראָג-אָרדען.

## ב. דער נאָרדישער קריג.

ווי מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט, איז קאַרל דער 12טער געווען זעהר יונג ווען ער איז ארויף אויף'ן טראָן. דערצו האָט ער גע-האַט אַ רעפּוטאַציאָן אַלס אַ זעהר אונפעהיגער. דאָס האָט געגעבען די געגנער פון שוועדען גרויסע האָפנונגען, דאָס זיי וועלען האָבען אין דעם שטרייט מיט איהם אַ זעהר ראַשען ערפאָלג. די פערבינדעטע קעניגען געגען שוועדען האָבען צווישען זיך אָפּגעמאַכט ווי עס זאָל זיין די אָרדנונג פון דעם אָנפאַל אויף שוועדען: פּוילען זאָל אָפּנעהמען פון שוועדען ליפלאַנד און עסטלאַנד; רוסלאַנד זאָל עראָבערן אינגריען און קאַרעליען, און דענע-מארק זאָל בעפאַלען האָלשטיין, וועלכע האָט געהערט צו קאַרל דעם 12טען'ס שוואָגער. די פעראייניגטע געגנער האָבען נאָך געהאַט שטיצע פון דעם דייטשען אַדעל אין ליפלאַנד, ווייל זיי זיינען געווען שרעקליך אויפגערעגט אויף די שוועדישע רעגירונג דערפאַר, וואָס זי האָט פון זיי אָפּגענומען די גיטער, וואָס די רעגירונג האָט זיי אַמאָל געגעבען. אָן דער שפּיץ פון ליפ-לענדער אַדעל איז געשטאַנען יאָהאַן רייגהאָלד פּאַטקול, אַ שטאָלצער, קלוגער און ענטשלאָסענער מאַן.

אָבער קאַרל דער 12טער האָט באַלד געוויזען די פעראייניגטע קעניגען, דאָס זיי האָבען אין איהם געהאַט אַ גרויסען טעות. באַלד ווי קאַרל'ס פיינד האָבען אָנגעהויבען אריינשיקען זייערע טרופּען אין די שוועדישע פּראָווינצען לויט-ווי זיי האָבען צווישען זיך אָפּגערעדט, איז קאַרל דער 12טער שנעל

ווי א פייל פון בויגען בעפאלען דענעמארק, האט באלד אנגעגריפען קאפענ-האגען און האט געצוואונגען די דענער צו שליסען מיט איהם פרידען אין טראווענדאהל (1700). דענעמארק האט זיך געמוזט ענטזאגען פון דעם בונד מיט רוסלאנד און פוילען. דער פוילישער קעניג האט דאמאלס געהאט בעלאגערט ריגא. אבער ווי קארל איז געקומען אהין, האט דער פוילישער קעניג באלד אויפגעגעבען די בעלאגערונג. באלד נאך דעם האט זיך קארל גענומען צו רוסלאנד. ער האט דאמאלס געהאט ניט מעהר ווי 8,300 מאן, וועהרענד די רוסען האבען געהאט אויף'ן שלאכטפעלד 40,000 סאלדאטען. די רוסען האבען בעלאגערט נארווא. דארט האבען זיך די פיינד בעגעגענט. קארל האט זעהר לייכט און געשווינד בעזיגט די רוסען. א פערוווירענדער שרעק איז בעפאלען דעם רוסישען לאגער. כמעט די גאנצע ארמעע האט



פריעדריך אוגוסט דער 1טער, דער שטארקער.

געמוזט איבערגעבען קארל'ען איהרע וואפען און מעהר פון 100 קאנאנע-זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון די שוועדען. עס איז געווען א גלענ-צענדער זיג. גאנץ אייראפא האט בעוואונדערט קארל'ס זיג און האט איהם בעשאטען מיט שמייכלערייען אלס דעם גרעסטען העלד פון זיין צייט.

אין יאהר 1701 האט זיך קארל דער 12טער גענומען צו פוילען און ליפלאנד אום אפצונעהמען דעם טראן פון דעם זאקסען-קעניג, וואס האט געהערשט אין פוילען, און אליין איהם בעשטייגען. די זאקסען האבען גע-קעמפט ווי פערצווייפעלטע, אבער קארל דער 12טער האט זיי שטארק צו-קלאפט און האט זיי געצוואונגען צוריקצוציהען זיך אין אסט-פריסען. או-גוסט דער שטארקער האט אנגעפאנגען אונטערהאנדלונגען מיט שוועדען אין

איז געווען בערייט צו טיילען זיך מיט קאַרל'ען זיין רייך, אָבער קאַרל האָט געוואָלט דעם פּוילישען טראָן. אין יאָהר 1702 איז ער אריין אין פּוילען, האָט פערנומען וואַרשא, און אוגוסט האָט געמוזט פליהען נאָך קראַקאָוו. ביי קליססאָוו איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, וועלכע די פּאָליאַקען האָבען פערשפּילט און זיינען געווען געצוואונגען איבערצולאָזען אויך קראַקאָוו פיר קאַרל'ען. אין יאָהר 1703 איז ווידער פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי פּולטוסק, אין וועלכער פּוילען האָט פערלאָרען די שטעדט לובלין, על-בינג, טהאָרן און דאַנציג, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צו די שוועדען.

צוליב די שלעכטע רעזולטאַטען פון דיזען קריג האָט זיך געבילדעט אין פּוילען אַ פּאַרטיי, וואָס איז געווען זעהר פיינדליך צו דער זאַקסישער פּאַרטיי. אָן דער שפּיץ פון דיזער פּאַרטיי איז געשטאַנען דער קאַרדינאַל פּרימאַס. דיזע פּאַרטיי האָט געלאָזט וויסען דעם קורפירסט אוגוסט, דאָס זיי האָבען איבערגעגעבען די פּוילישע קרוין צו קאַרל דעם 12טען'ס גינסטלינג סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי, און דאָס ער, אוגוסט, איז ניט מעהר זייער קעניג. אין יאָהר 1704 איז סטאַניסלאַוו ווירקליך געקרוינט געוואָרען. שוועדען האָט דערגרייכט איהרע העכסטע וואונשען. איז אָבער אָנגעקומען אַ נייער פיינד. פּעטער דער גרויסער האָט געפונען פיר נעטיג קומען צו הילף זיין בונד-חבר דעם ארונטערגעזעצטען קעניג אוגוסט'ן. די רוסען זיינען אַריבער די דווינא, און הגם זיי האָבען אַ היבשע צייט פערבראַכט אין ליטא אין צרות און ליידען, האָבען זיי דאָך מיט אַ יאָהר שפּעטער צו-קלאַפּט די שוועדען ביי קאַליש.

ביי פרוישטאַדט, ניט ווייט פון שלעזישען גרענעץ, האָט קאַרל געהאַט אַ שטרייט מיט די זאַקסען און ער האָט זיי בעזיגט. נאָכדעם איז קאַרל געקומען שטרייטען מיט די זאַקסען אין זייער אייגענעם לאַנד. ער איז צו זיי געגאַנגען גלייך דורך שלעזיען, ניט פרעגענדיג די ערלויבנים פון דעם עסטרייכישען קייזער יאָזעף. די פּראָטעסטאַנטען פון לאַנד האָבען זיך צו איהם געווענדעט מיט זייערע קלאַגעס אויף די פערפאָלגונגען, וואָס זיי ליידען פון עסטרייך, און ער האָט זיך אָנגענומען פיר די פערפאָלגטע אונגארישע פּראָטעסטאַנטען און האָט געפאָדערט ראַכע פיר אַלע אונגערעכטיגקייטען, וואָס מען האָט זיי געטאָן. אין דער זעלבער צייט איז דער שפּאַנישער קריג צוליב דער ירושה פון טראָן געקומען צום פּונקט, ווען ער האָט שוין געמוזט נעהמען אַן ענדע. פראַנקרייך איז געווען געשלאָגען און האָט זיך געווענדעט פיר הילף צו שוועדען. קאַרל דער 12טער האָט זיך געווענדעט נאָך וועסט. דערמיט האָט ער גערעטעט ניט נאָר פראַנקרייך, נאָר אויך די

שוועדען זעלבסט, וועלכע האָבען דאַמאַלס געקענט האָבען אין רוסלאַנד אַ גרויסע מפּלה. אויגוסט איז געווען געצוואונגען נאָכצוגעבען קאַרל'ס אַלע פאָדערונגען. אין אַלטראַנשטעדט איז געשלאָסען געוואָרען אַ פרי-דען, לויט וועלכען דער קורפירסט אויגוסט האָט זיך ענטזאַגט פון דעם פּוי-לישען טראָן, האָט זיך אָפּגעבונדען פון רוסלאַנד און האָט איבערגעגעבען צו קאַרל'ען אַלע קאַרל'ס פיינד, וועלכע זיינען אריבערגעלאָפען צו איהם, בע-זונדערס פּאַטקול'ן. אַלס גאַראַנטיע, דאָס דיזע אַלע פרידענס-בעדינגונגען וועלען פּינקטליך ערפילט ווערען, זיינען איבערגעגעבען געוואָרען די צוויי שטעדט לייפּציג און וויטטענבערג צו קאַרל'ען, צו בעזעצען און פערנעהמען זיי ביז אַלעס וועט ריכטיג דורכגעפיהרט ווערען. דער קייזער איז געווען געצוואונגען צו געבען צו די פּראָטעסטאַנטען הונדערט קירכען און געוויסע פרייהייטען.

יעצט איז געבליבען פיר קאַרל דעם 12טען נאָר איין פיינד, מיט וועל-כען ער האָט זיך נאָך בעדאַרפט רעכנען, און דאָס איז געווען רוסלאַנד. קאַרל האָט פערלאָזען זאַקסען און האָט מאַרשירט צום ניעמאַן. דער רוסי-שער צאַר האָט צוריקגעצויגען זיינע טרופּען. די שוועדען האָבען מיט זייער מוט בייגעקומען אַלע שוועריגקייטען; עס האָבען זיי ניט געשטערט קיין שטורמדיגע טייכען און קיין בלאָטיגע, זומפּיגע געגענדען. קאַרל האָט אי-בעראַל נידערגעשלאָגען די רוסישע טרופּען. עס פערשטעהט זיך, דאָס קאַרל'ען איז עס ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען. די רוסען האָבען זיך ניט גע-לאָזען אַזוי לייכט בעזיגען. צו ענדע פון יאָהר 1708 האָט זיך קאַרל געפונען אויף'ן שאָסעע, וואָס האָט געפיהרט נאָך מאָסקווא. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעהויבען דער שרעקליכער רוסישער קאַלטער ווינטער. עס האָבען אָנ-געהויבען צו פעהלען לעבענסמיטלען. דער גלייכסטער פּלאַן פיר קאַרל'ען איז דאַמאַלס געווען צו וואַרטען ביז זיין גענעראַל לאָווענהויפּט מיט זיין אָפּטיילונג פון 18,000 מאַן וועלען צוקומען צו איהם מיט דעם גרויסען פּאָראַט פון שפּייז, וועלכען ער האָט מיט זיך געהאַט; אָבער קאַרל האָט זיך געאיילט צו בעפאַלען דעם רוסישען צאַר פּעטער דעם גרויסען ביי סמאָלענסק. ער האָט זיך פעראייניגט מיט דעם אַלטען קאָזאַקען העטמאַן מאַזעפּפּאַ. ער האָט געענדערט זיין מאַרשרוט און איז אַוועק נאָך או-קראַינאַ, וואו ער האָט ערוואַרטעט, דאָס 30,000 קאָזאַקען וועלען איהם קומען צו הילף, און דאָרט וועט ער געפינען אַ גרויסען פּאָראַט פון שפּייז.

דיזער שריט איז געווען פיר קאַרל'ען זעהר געפעהרליך. פּעטער האָט יעצט אָנגעווענדט אַלע זיינע קרעפטען געגען לאָווענהויפּט'ן, וועלכער האָט

זיך געפונען אין די געגענדען פון דניעפּער אַליין, אָהן שום פערבינדונג מיט קאַרל'ען. ביי ליעסנאַ איז פאָרגעקומען אַ שטרייט צווישען פּעטער'ן און לאָווענהויפּט'ן, און דיזער איז בעזיגט געוואָרען פון די רוסען. דריי טעג האָט געדויערט דער קאַמף, אין וועלכען די שוועדען האָבען פערלאָרען 12,000 מאַן. די שיפס-געוועהר האָבען זיי צושעדיגט אום מען זאָל זיי ניט קענען בענוצען, פיעל פּראָוויזיאָן איז געוואָרען פערברענט. אָבער אַ גרויסען טייל פון דעם אַלעם האָבען אויך די רוסען פערכאַפּט. דאָס האָט צושטערט און פערניכטעט קאַרל'ס אַלע האָפנונגען. די סאָלדאַטען זיינען נאָך דערצו געווען שלעכט געקליידט, ניט גוט פאָרבערייט צום רוסישען ווינטער, די פערד האָבען ניט געהאַט גענוג שפּייז, און אַזוי זיינען מענשען און פערד געפאַלען מאַסענווייז אין דעם שווערען מאַרשרוט איבער רוסלאַנד. ניט האָבענדיג גענוג פערד צו פיהרען די האַרמאַטען, האָט קאַרל געהייסען זיי אריינוואַרפען אין טייך.

אין פריהלינג פון יאָהר 1709 איז ענדליך קאַרל אָנגעקומען מיט זיין אַרמעע צו די מויערן פון פּאָלטאַוואַ. דאָ האָט ער ערוואַרט צו בעקומען הילף פון די טערקען און פון פוילען. ער האָט בעלאַגערט די שטאָדט. דאַמאָלס איז פּעטער זעלבסט געקומען צו פּאָלטאַוואַ מיט אַ מאַכט פון 60,000 מאַן. קאַרל האָט מיט זיך געהאַט נאָר 29,000 מאַן מיט 4 האַרמאַטען. צום אונגליק האָט קאַרל בעקומען מיט אַ נאַכט פריהער איידער די שלאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ געפעהרליכע וואונד, וועלכע האָט געפאָדערט ערנסטע מעדיצינישע הילף. ער האָט געמוזט איבערגעבען די פיהרונג פון דעם שטרייט צו זיינע גענעראַלען. דיזע אָבער האָבען זיך ניט געקענט פעראייניגען וועגען דעם פּלאַן ווי צו פיהרען דעם שטרייט. דעם 8טען יולי 1709 איז פאָרגעקומען דער שרעקליכער בלוטיגער שטרייט, וועלכער איז בעוואוסט אין דער געשיכטע אַלס די שלאַכט ביי פּאָלטאַוואַ. די שוועדען האָבען זיך געוואָרפען אין שטרייט מיט אַ שרעקליכער זעלבסטאָפּפערונג. אָבער די רוסישע קאַנאָנען האָבען זיי אָפּגעהאַלטען, און די רוסען האָבען דורכגעבראָכען די שוועדישע רייהען. די שוועדען זיינען געקומען אין אַ שרעקליכע אונאָרדנונג און די סאָלדאַטען זיינען צולאָפען. קאַרל'ען האָט מען קוים אַ קראַנקען ארויפגעזעצט אויף'ן פערד און ער איז צוזאַמען מיט זיינע סאָלדאַטען געלאָפען רעטען זיך. מיט גרויס מיה איז איהם געלונגען צו דערגרייכען דעם טערקישען באָדען צוזאַמען מיט מאַזעפּפּאַ'ן און דעם פּאָליאַק פּאָניאַטאָווסקי. דערמיט איז די אונטערנעהמונג פון קאַרל'ען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. קאַרל האָט

פערלאָרען כמעט 10,000 מאַן; די טרופּען אונטער לאָוועןהויפּט׳ן, אונגע-
פעהר 16,000 מאַן, האָבען געמוזט איבערגעבען די וואַפען צו די רוסען;
קאַרל דער 12טער, דער גרויסער זיגער, איז ענטלאָפען פון שלאַכטפעלד
און האָט קוים גערעטעט זיין לעבען. די גרויסע ראָלע, וואָס די שוועדען



קאַרל דער 12טער, קעניג פון שוועדען.

האָבען געשפּילט אַ געוויסע צייט, איז געוואָרען אויסגעשפּילט, ווערענד
רוסלאַנד איז זיגרייך אַרויף אויף די ביהנע פון דער וועלט-געשיכטע.

טערקיי האָט אויפגענומען קאַרל׳ען זעהר גאַסטפריינדליך און האָט
איהם געצייגט גרויס עהרע. ער האָט געלעבט אין לאַגער ביי בענדערי

אַלס גאַסטפריינד פון סולטאַן אין קעניגליכער פּראַכט. ער האָט אָבער ניט געקענט אריינציהען דעם סולטאַן אין אַ קריג מיט רוסלאַנד. פינף יאָהר האָט קאַרל פערבראַכט אין בענדערי אָהן שום ערפאָלג. אין דיזער צייט האָבען זיך זיינע פיינד ווידער פעראייניגט און האָבען ערקלערט דעם אַלט-ראַנשטעדטער פערטראַג אַלס ניט גילטיג. דער פּוילישער קעניג לעשטשינסקי האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך פּאָממערן און אוגוסט פון זאַקסען איז ווידער אריין אין וואַרשאַ. פּעטער האָט אין צפון ערובערט עסטלאַנד און ליפלאַנד, אַ טייל פון פינלאַנד, און האָט אויך גענומען ריגאַ, דינאַמינדע, רעוואַל און אַנדערע שטעדט. דאַגעגען האָבען די שוועדישע בויערן פערטריבען די דענער, וועלכע האָבען פערכאַפּט די ברעגען פון שאָנען.

ענדליך האָט קאַרל דורכגעפיהרט זיין פּלאַן — טערקיי האָט ערקלערט קריג רוסלאַנד. פּעטער איז אריבער דעם דניעסטער. ביים פּרוט האָט ער זיך דערזעהען ארומגערינגעלט מיט אַ מאַסע טערקישען מיליטער, וועלכעס איז געוועזען פינף מאָל מעהר פון זיינע טרופּען. ער האָט דאַמאָלס געהאַט נאָר 38,000 אויסגעמאַטערטע הונגעריגע סאָלדאַטען. פּעטער איז געקומען אין פערצווייפלונג. דאָ האָט איהם די קייזערין, זיין פרוי יעקאַטערינאַ, אויסגעהאָלפען: זי האָט אָפּגעגעבען איהר גאַנצע צירונג, גאָלד און דימענטען; דאָס זעלבע האָבען געטאָן די אַלע אַנדערע פרויען פון די גרויסע בעאַמטע, וואָס זיינען געוועזען אין לאַגער. עס איז געוואָרען אַן אונגעהייער גרויסע סומע גאָלד, און מיט דיזער סומע האָט מען אונטערגעקויפט דעם טערקישען גרויס-וויזיר און ער האָט געשלאָסען פרידען מיט רוסלאַנד. לויט דיזען פרידען האָבען די רוסען איבערגעגעבען צוריק צו די טערקען די פעסטונג אַזאָוו, האָבען געמוזט ארונטערנעהמען די פעסטונגען ביי טאַגאַנראָג, און האָבען געמוזט געבען דעם שוועדישען קעניג קאַרל דעם 12טען פרייען דורכצוג דורך רוסלאַנד צוריק צו זיין היים, אין שוועדען.

אָבער קאַרל האָט זיך ניט געוואָלט ריהרען פון אָרט זאַגאַר דאַן, ווען די טערקישע רעגירונג האָט איהם שוין געגעבען די נעטיגע סומע געלט, וואָס ער האָט פערלאַנגט אויף רייזע-קאָסטען פיר זיך און זיינע סאָלדאַטען. דאַן האָט טערקיי געהייסען די יאַניטשאַרען צושטערען זיין לאַגער און ער זעלבסט איז געפאַנגען געוואָרען (1714). נאָר ווען קאַרל האָט בעקומען שלעכטע ידיעות פון זיין היים, האָט ער בעשלאָסען צו איילען זיך צו זיין לאַנד. פערצעהן טעג און פערצעהן נעכט איז ער געלאָפען רייטענדיג אָהן אַן אָפּרוה ביז ער איז ענדליך געקומען אַ פערמאַטערטער אין שטראַלזונד.

דיזע שטאָדט איז נאָך דאַמאָלס געווען אין די הענט פון די שוועדען, אָבער דער אַדעל האָט שוין אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן צו בעפרייען זיך פון די שוועדען און צו ערנענען אַ רעגענט.

קאַרל דער 12טער האָט גלייך געפאָדערט פון בראַנדענבורג די בעפריי-אונג פון פאָר־פּאָממערען. פריעדריך ווילהעלם דער 1טער האָט ערקלערט קאַרל'ען קריג און האָט באַלד געשיקט טרופּען אונטער לעאָפּאָלד פון דעססאַו געגען שטראַלזונד. קאַרל האָט די שטאָדט פערלאָזען און זי האָט זיך גע-מוזט אונטערגעבען (1715). צוזאַמען מיט שטראַלזונד זיינען אַלע איב-ריגע שוועדישע בעזיצונגען איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די פערבינ-דעטע הערשער.

דער איינציגער מיטעל אויסצודרעהען זיך פון דיזער ביטערער לאַגע איז געווען, ווי דער שוועדישער מיניסטער גראַף גאָרץ האָט עס גוט פער-שטאַנען, צו שליסען פרידען מיט רוסלאַנד. די אומשטענדען אין דער איי-ראָפּעאישער פּאָליטיק זיינען געווען דערצו זעהר גינסטיג, ווייל דאַמאָלס האָט זיך אָנגעהויבען צו פאָרמירען צווישען די אייראָפּעאישע מעכטען אַ נייע גרופּירונג. עס זיינען שוין צוזאַמענגעקומען די בעפאָלמעכטיגטע פון רוסלאַנד און פון שוועדען צו פערהאַנדלען די בעדינגונגען פון פרידען. פּלוצלינג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, דאָס קאַרל איז געשטאָרבען. איהם האָט זיך פערוואָלט עראָבערן נאָרוועגען, אום אויסצופילען דערמיט דעם פערלוסט פון די אָסט־זעעאישע פּראָווינצען. צוויי יאָהר האָט ער געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אום דיזען צוועק צו דערגרייכען, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג. ענדליך האָט ער גענומען בעלאַגערן די פעסטונגען פּרע-דעריקסהאַלד, ווייל זיי זיינען געשטאַנען אויף'ן וועג, וואָס האָט גע-פיהרט צו דער רעזידענץ פון נאָרוועגען, צו כריסטיאַניאַ. ער האָט פאָרט-געזעצט די בעלאַגערונג זאָגאַר דאַן, ווען עס איז שוין אָנגעקומען דער שטרענ-גער נאָרוועגישער ווינטער. ווען דער ראַסטלאָזער קאַרל איז איינמאָל גע-שטאַנען און בעטראַכט די אַרבייט פון דער בעלאַגערונג האָט איהם פּלוצלינג געטראָפען אַ קויל. מען ווייס ניט ווער עס האָט אין איהם אריינגעשאָסען די קויל. מען גלויבט, אַז דאָס האָט געטאָן אַ שוועדישער אַדעלמאַן, ווייל דער אַדעל איז געווען זעהר אונצופרידען מיט זיין פערלאָרענער שטעלונג (1718).

אַז קאַרל'ס טויט איז ווירקליך געווען דער רעזולטאַט פון אַ פערשוועּ-רונג פון אַדעל צייגט אויך דער פאַקט, דאָס באַלד נאָך זיין טויט האָט זיך שנעל אומגעביטען די פאָרמע פון דער רעגירונג. מען האָט באַלד אָפּגעשאַפט

די אונבעשרענקטע רעגירונג און מען האָט איינגעפיהרט אַן אריסטאָקראַטישע קאָנסטיטוציאָן. דאָס צייגט קלאָר, אַז דער פּלאַן פון דיזער ענדערונג איז געווען אַ פערטיגער. דער רייכסטאַג האָט צוריק איינגעפיהרט אַ וואַהל־מאָנאַרכיע, ד. ה. דאָס דער נייער קעניג מוז ערוועהלט ווערען פון דעם אַדעל, און אויף דעם אָרט פון קאַרל דעם 12טען האָבען זיי ערוועהלט זיין אינגערע שוועסטער אולריקע עלעאָנאָרע מיט איהר מאַן פריעדריך דעם 1טען פון העססען־קאַססעל. דעם נייעם קעניגטום איז נאָר געבליבען אַ שאָטען פון מאַכט, ווייל די הויפּט־מאַכט פון דער רעגירונג איז געווען אין די הענט פון רייכסראַט, וועלכער איז בעשטאַנען אויסשליסליך פון אַדעל, אַזוי דאָס זאָגאַר דער רייכסטאַג האָט פערלאָרען זיין אַלטע בעדייטונג.

דער ערסטער אָפּפער פון דיזער אַדעלס־הערשאַפט איז געווען גראַף גאָרץ, וועלכען אַ זעהר פּאַרטייאישער געריכטס־הויף האָט פעראורטיילט צום טויט (1719), און ער איז הינגעריכטעט געוואָרען. אום דיזע נייע רעגירונג אין שוועדען זאָל בלייבען פעסט, האָט דער רייכסראַט געפונען פיר נעטיג צו שליסען פרידען מיט אַלע מעכטען, מיט וועלכע שוועדען האָט געהאַט סכסוכים, אויסער מיט רוסלאַנד. דער ראַט האָט איבערגעגעבען צו האַננאָווער די שטעדט ברעמען און ווערדען פיר אַ מיליאָן טהאַלער. צו פּרייסען האָבען זיי אָפּגעגעבען פּאָר־פּאָממערן צוזאַמען מיט שטעטטין פיר 2 מיליאָן טהאַלער. אויף דענעמאַרק האָט בעקומען אַ טייל פון שלעזוויג. דעם קריג מיט רוסלאַנד האָבען די שוועדען פּאָרטגעזעצט. אָבער ווען דער רייכסראַט האָט געזעהען, דאָס די רוסישע פלאָטע פערוויסטעט די שוועדישע ברעגעס, האָט ער בעשלאָסען אָנצופאַנגען מיט רוסלאַנד אונטערהאַנדלונגען וועגען פרידען (1721). אַלס רעזולטאַט האָט פּעטער ערהאַלטען ליפלאַנד, עסטלאַנד, אינגריען, אַ טייל פון פינלאַנד און קאַרעליען. דיזער פריעדען איז בעקאַנט אַלס „דער פרידען פון נייסטאַדט“, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט די שטעלונג פון שוועדען אַלס גרויס־מאַכט.

פּוילען. אין יאָהר 1733 איז געשטאָרבען אויגוסט דער 2טער, דער קעניג פון פּוילען און דער פּוילישער טראָן איז געבליבען לעדיג. נאָך דעם, ווי מען האָט אויגוסט'ן ארויפגעזעצט צום צווייטען מאָל אויף'ן פּוילישען טראָן, איז דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרען פול מיט רעליגיעזע שטרייטיגקייטען. די אַדעלס־אריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון די יעזואיטען, האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען אָפּצונעהמען פון די פּראָטעסטאַנטען, וועלכע מען האָט גערעכענט אַלס איבערגעגעבענע פריינד פון

די שוועדען, די רעכטען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך בענוצט מעהר ווי 200 יאָהר. די יעזואיטען האָבען ניט געקוקט אויף קיין רעכטען. דער סוף איז געווען, דאָס דער רייכסטאָג האָט בעשלאָסען אָפּצונעהמען פון די פּראָטעס-טאַנטען זייער רעכט צו נעהמען אָנטייל אין דער נאַציאָנאַל־פערטרעטונג און מען האָט זיי אויסגעשלאָסען פון אַלע שטאַאַטס־עמטער. מען האָט זיי אויסער דעם אויך גוואַלדיג פערפאָלגט. אַזוי צ. ב. האָט מען אין טהאָרן הינגעריכטעט אויף'ן עשאַפאָט דעם בירגערמייסטער און 9 וואָנגעלישע



סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי.

בעוואוינער פון טהאָרן דערפאַר, וואָס צוליב דעם אַלגעמיינעם האָס צו די יעזואיטען האָט דאָס פאָלק געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אַלע פּראָטעסטאַנטישע קירכען זיינען געוואָרען פערוואַנדעלט אין קאַטאָלישע, און אויסער דעם האָבען די בירגער געמוזט בעצאָהלען אַ גרויסע געלט־שטראָף.

רוסלאַנד האָט געוואוסט ווי צו בענוצען זיך מיט דיזע רייסערייען. ווען אוגוסט דער 2טער איז געשטאָרבען און דער פוילישער טראָן איז געבליבען לעדיג, האָט דער אַדעל ערוועהלט אַלס קעניג אין פוילען ס ט אַ-ניסלאַוו לעשטשינסקי, דעם שוועהר פון לודוויג דעם 15טען.

רוסלאַנד און עסטרייך אָבער האָבען געוואָלט, דאָס אויגוסט דער 3טער פון זאַקסען זאָל ערוועהלט ווערען אַלס קעניג פון פוילען. בעזונדערס איז עסטרייך געוועזען פעראינטערעסירט, דאָס פוילען זאָל ווערען אַ שטאַרקע מלוכה, אום זי זאָל איהר קענען העלפען אין איהר שטרייט מיט טערקיי.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און רוסישע טרופען זיינען בעפאַלען פוילען. דאַמאָלס האָט סטאַניסלאַוו געמאַכט אַן אויפרוף צום גאַנצען פוילישען פאָלק צו געהן אין שטרייט. דערווייל האָט ער זיך בעפעסטיגט אין דער זעע=פעסטונג דאַנציג, וואו ער האָט ערוואַרט די הילף פון פראַנצויזישען מיליטער. אין דער צייט, וואָס סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי האָט זיך בעהאַלטען אין דאַנציג, האָט די אַנדערע פאַרטיי אונטער דעם שוץ פון 20,000 רוסען גערופען אַוגוסט דעם 3טען צו רעגירען אין פוילען. סטאַניסלאַוו איז בעלאַגערט געוואָרען אין דאַנציג פון מאַרשאַל מיניך, און הגם עס זיינען געקומען צו סטאַניסלאַוו'ן פראַנצויזישע סאָלדאַטען, האָט די שטאָדט דאַנציג געמוזט עפנען איהרע טויערן פאַר דאָס רוסישע מיליטער. סטאַניסלאַוו האָט זיך געמוזט פערקליידען אין בויערישע קליידער און ענטלויפען.

אין פוילען איז דער קאַמף וועגען די ירושה פון טראָן געוועזען געענדיגט, אָבער מען האָט איהם פאָרטגעזעצט ביי דעם רהיין און אין איטאַליען. דאָ האָט עסטרייך בעדאַרפט טראָגען די קאָסטען פון דעם קריג. די פראַנצויזען האָבען איינגענומען, מיט דער הילף פון די וועסט=דייטשע קורפירסטען, קעהל און פיליפפסבורג און האָבען אויך אָפּגעריסען פון עסטרייך דאָס הערצאָגטום פאַרמאַ און דאָס קעניגרייך נעאַפעל. אָבער דער רוסישער צאַר האָט ענדליך צוגעשיקט טצו עסטרייך 20,000 סאָלדאַטען, לויט ווי זיי האָבען נאָך פריהער אָפּגעמאַכט, און דאַן איז געשלאָסען געוואָרען דער וויענער פרידען. דער דאָזיגער פרידען איז געוועזען זעהר ניט גוט פיר עסטרייך. לויט דיזען פרידען האָט פראַנץ סטעפאַן, דער איידים פון קייזער קאַרל דעם 6טען, געמוזט אָפּגעבען זיין ערבלאַנד לאָטהרינגען צו סטאַניסלאַיו לעשטשינסקי; דערביי איז אָבער געוועזען אַ בעדינגונג, דאָס נאָך דעם, ווי דאָס הויז מעדיטשי וועט אָפּשטאַרבען, וואָס מען האָט ערוואַרטעט אין דער נאָהענטער צוקונפט, זאָל דאָס הערצאָגטום טאָסקאַנאַ אָנקומען צו איהם, פראַנץ סטעפאַן'ען, און לאָטהרינגען און באַר זאָלען נאָך דעם טויט פון סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי איבערגעהן צו פראַנקרייך. אַזוי האָט פראַנקרייך ערוואָרבען אָהן שום אָפּפער דאָס שענע הערצאָגטום, וועגען וועלכען זי האָט צוויי יאָהרהונדערטער געטראַכט אָהן אַ שום ערפאָלג.

---

# כינאַ. (נייע צייט.)

## א. די מינג־דינאַסטיע (1368—1644).

די געשיכטע פון די וועסטליכע נאַציאָנען, וועלכע מיר האָבען ביז יעצט געגעבען, שטעלט פאַר א בילד פון אונאויפהערליכע קאַמ־פען און בלוטיגע שלאַכטען צווישען די פערשיידענע פעלקער. נאָך ערגער: זי שטעלט פאַר א בילד פון באַרבאַרישער, אונמענשליכער פערקנעכטונג פון די שוואַכערע דורך די מעכטיגע און געוואַלטיגע, וועלכע האָבען אויסגע־זויגט פון די הילפלאָזע דעם לעצטען טראָפּען בלוט. א גאַנץ אַנדער בילד שטעלט אונז פאַר כינאַ, דאָס לאַנד פון אַרבייט. אויך דאָ זיינען פאָרגע־קומען קעמפּען, שטרייטען, געגען פרעמדע עראָבערער, אָבער מיר זעהען דאָ ניט די שרעקליכע קנעכטונג, די אויסזויגונג פון פאָלק, מיר הערען דאָ ניט דעם קלאַנג פון די שקלאַפען־קייטען. די כינעזער זיינען צו אַלע צייטען גע־בליבען א פרייעס פאָלק פון אַרבייט, זייערע פּאָליטישע קעמפען זיינען כמעט קיינמאָל ניט געווען קיין קעמפען צו עראָבערן, אָפּנעהמען פון יענעם, נאָר זיי זיינען געווען קעמפּען צו פערטיידיגען זיך געגען די אַנפאַלען פון רויבער און עראָבערער. ווען די קעמפען האָבען געפאָדערט מעהר מיליטערישע מאַכט, ווי עס האָט געקענט בעווייזען די שטענדיגע אַרמעע, האָט זיך דאָס גאַנצע פאָלק גענומען צו די וואַפען, ווי עס איז געווען דער פאַל ביי דער פערטרייבונג פון די מאָנגאָלען; אָבער נאָך דעם, ווי דער קריג איז געווען געענדיגט, האָבען די בעוואַפענטע מאַסען קיינמאָל ניט געברויכט זייער מאַכט צו אונטערדריקען די פאָלקס־גענאָסען, נאָר זיי האָבען זיך צוריקגע־קעהרט צו זייער אַרבייט. דעריבער האָט זיך אין כינאַ זעהר זעלטען גע־טראָפען, דאָס דער וואוילשטאַנד פון פאָלק זאָל ווערען אונטערבראָכען. די אַרבייט איז אימער געווען ביים פאָלק וויכטיגער און שטאַרקער און האָט אימער געזיגט איבער'ן שווערד. עס איז אמת, דאָס מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלען דיזען צושטאַנד צו פיעל אידעאַליסטיש. עס איז אמת, אַז דאָס כינעזישע פאָלק איז אין אַלגעמיין א פרידליכעס פאָלק, וואָס איז געגען יעדער גוואַלד־טעטיגקייט, אָבער עס איז אויך אמת, דאָס אויך צווישען די־

זען פאלק געפינט זיך א געוויסע צאהל מענשען מיט נייגונגען צו טאן גוואלד־טאטען, צו אונטערדריקען און צו הערשען. אבער דאס כינעזישע פאלק האט זיך קיינמאל ניט געלאזען אונטערדריקען אהן שום פראטעסט, ווי עס איז אימער געווען דער פאל ביי די וועסטליכע פעלקער. די כינעזער האבען אימער רעבעלירט און פראטעסטירט געגען אונטערדריקונג.

אויף יעדער זייט פון דער כינעזישער געשיכטע זיינען פערצייכענט אויפשטאנדען פון דיזען אדער יענעם טייל פון פאלק אין דיזער אדער יענער פראווינץ, זאגאר אונטער די בעסטע רעגירונגען. דיזע רעבעליאנען צייגען קלאר, אז דאס כינעזישע פאלק האט אימער בעזעסען א זין פון אונאפהענגיגקייט. אין איירא־פא האט מען אימער בעטראכט אן אויפשטאנד אדער א פראטעסט פון דעם אונטערדריקטען פאלק אלס א שטרעבונג צו שטירצען די עקסיסטירענדע ארדנונג אין לאנד, אלס א געפאהר צו אונטערברעכען די קולטור־ארבייט, אלס א געפאהר פיר דעם שטאאט, וועהרענד אין כינא זיינען די אויפשטאנדען געווען א געוועהנליכע ערשיינונג; די ארבייט און די קולטור זיינען זיך געגאנגען זייער געוועהנליכען וועג, נאר די רעגירונג האט דורך דעם ערהאלטען א ווארנונג, א התראה, ניט אנצוגרייפען די רעכטען פון פאלק, זיינע פרייהייטען. דאגעגען די וועסטליכע פעלקער האבען שטענדיג מיט גערולד געלאזען זיך אונטערריאכען און פערוואנדעלט ווערען אין שקלאפען. און דאס האט מען געלויבט, מען האט עס געריהמט אלס א סימן פון גוטער געזעלשאפטליכער ארדנונג, אלס א צייכען פון א געזונטער קולטור.

אנדערע זוכען צו פעראורטיילען דעם רעבעלישען גייסט פון כינעזישען פאלק, ווייל די כינעזישע רעגירונג האט אימער געטראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון א פאטריארכאלישער רעגירונג, וועלכע האט אימער געשיצט און פערטרעטען די אינטערעסען פון פאלק. אבער דיזע שארפע ריכטער פון כינעזישען פאלק מאכען א גרויסען פעהלער דערמיט, וואס זיי זעהען ניט אדער מאכען זיך ניט זעהענדיג, ווי די רעגירונגען אדער די הערשענדע קלאסען האבען אימער אין אויסזיכט זייערע אייגענע אינטערעסען, וועלכע זיינען פיינדליך צו די אינטערעסען פון ארבייטענדען פאלק. אויך די כינעזישע רעגירונגען האבען זיך זעהר אפט בענוצט מיט די אומשטענדען ארייןצוכאפען די מאכט אין זייערע הענט, און אום דיזע צוועקען צו דערגרייכען האבען זיי פיעלע מאל אויך געברויכט געוואלט. אבער דאס פאלק האט ניט געלאזען טאן מיט איהם וואס די הערשער האבען געוואלט. די מאכט פון כינעזישען פאלק בעשטעהט אין זיינע גילדעס, ברידערשאפטען

און געהיימע געזעלשאַפטען. דורך דיזע אָרגאַניזאַציאָנען האָבען די רעבעלען געוואונען צו יעדער צייט אַ פעסטען באָדען און צו מאַכען זעהר שנעל אַן אויפשטאַנד, און פערברייטערן איהם איבער'ן גאַנצען לאַנד. דעריבער האָט זיך אין כינאַ קיינמאָל ניט געקענט האַלטען אַ טיראַנישע רעגירונג אַ לאַנגע צייט. אַן אַבסאָלוטע הערשאַפט, וועלכע האָט אין אייראָפאַ געדריקט די פעלקער הונדערטער יאָהרען נאָכאַנאַנד, איז אין כינאַ קיינמאָל ניט געווען מעגליך.

אויך די פּאָליטישע קעמפען מיט אויסלענדישע מעכטען זיינען אימער געווען צוליב די פאָלקס־אינטערעסען, און ניט צוליב די אינטערעסען פון די הערשער. דאָס כינעזישע פאָלק האָט קיינמאָל ניט געשטריטען און געאָפּפערט דאָס לעבען צוליב דעם הערשער און זיין פאַמיליע. זיי האָבען זאָגאַר געדולדעט אַ פרעמדע הערשאַפט, ווי די מאָנגאָלען־דינאַסטיע, אַזוי לאַנג ווי זי האָט געדינט די אינטערעסען פון פאָלק. אָבער ווי באַלד די מאָנגאָלען־הערשאַפט האָט אויפגעהערט צו טאָן איהר פליכט צום פאָלק, האָט מען זי אַרויסגעיאָגט פון לאַנד. שפּעטער, ווען די מינג־דינאַסטיע האָט פערלאָרען דעם צוטרויען פון פאָלק, איז דאָס פאָלק געווען גלייכגילטיג אָנצונעהמען ווידער אַ פרעמדע הערשאַפט, און די זעלבע כינאַ, וועלכע האָט געקעמפט מיט ערפאָלג געגען דעם שרעקליכסטען עראָבערער פון דער וועלט, האָט זיך געלאָזט אונטערוואַרפען אונטער די הערשאַפט פון אַ קליינעם רייפעל מאַנדזשוס. נאָר ווען דאָס גאַנצע כינעזישע פאָלק איז געווען אויף'ן קאַמף־פּלאַץ, דאַמאָלס איז כינאַ געווען אונבעזיגבאַר. אָבער ווען עס איז אַרויסגערופען געוואָרען אַ שטרייט צוליב די אינטערעסען פון דער רעגירונג אַליין, דאַן האָט דאָס פאָלק וועניג אָדער גאָר קיין אָנטייל דערין ניט גענומען, און די רעגירונג מיט איהר שוואַכער מיליטערישער מאַכט איז געווען קראַפטלאָז.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, ווי דורך די אונאויפהערליכע רעוואָלוציאָנען אין כינאַ איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען די מאַכט פון דער מאָנגאָלען־דינאַסטיע אין זידליכען טייל פון לאַנד. איין וויכטיגער כינעזישער פעלדהערר טשו האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע אַרמעע, האָט איינגענומען נאַנקין און פעקין און ער איז געוואָרען ערקלערט און אָנערקענט אַלס קייזער אין לאַנד. ער האָט געשטאַמט פון אַ זעהר נידריגען שטאַנד. זיין פאָטער איז געווען אַ הענדלער פון אַלטע קליידער, ער אַליין איז געווען אַ קיכען־יונג; ער איז אָבער געווען אַ מענש מיט גרויסע גייסטיגע פעהיגקייטען און מיט אַן עדעלען כאַראַקטער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געשעמט מיט זיין ניד-

ריגער אָפּשטאַמונג. דאָך איז ער געווען אַ קייזער נאָך דעם הערצען און וואונש פון כינעזישען פאָלק.

נאָך זיין טראָן־בעשטייגונג האָט טשו אָנגענומען דעם נאָמען ה אָ נ ג־וו א ו, און זיין דינאַסטיע האָט ער אַ נאָמען געגעבען „מ י נ ג" ד. ה. „גלאַנץ". נאָך דעם, ווי איהם איז געלונגען ארויסצוטרייבען די מאָנגאָלען פון דער הויפּטשטאָדט, האָט ער איבערגעגעבען די מיליטערישע מאכט און די אויפגאַבע צו פערטרייבען אין גאַנצען די מאָנגאָלען פון לאַנד צו זיינע צוויי אויסגעצייכענטע גענעראַלען ס ו־ט א און פ ו־י ו־ט אַ. ער זעלבסט האָט זיך גענומען מאַכען אין לאַנד רעפאָרמעס, און ברייננגען אָרדנונג, רוה און צופרידענהייט דעם גאַנצען פאָלק.

די מאָנגאָלען־דינאַסטיע האָט זיך געמאַכט פערהאַסט ביים פאָלק מיט איהר מיליטערישען כאַראַקטער. די רעגירונג איז געווען מעהר מיליטעריש ווי ציוויל. האָנג־וואו האָט ערווייטערט פון ציוויל־עמטער די סאָלדאַטען, וואָס האָבען זיך אויסגעצייכענט אין שלאַכטען, און האָט בעזעצט די ציוויל־שטעלעס מיט געבילדעטע פּאַבלייט, ווי עס איז געווען איינגעפיהרט אין כינא אין די אַלטע צייטען.

האָנג־וואו איז געווען אַ גרויסער פריינד און בעשיצער פון קונסט און וויסענשאַפט. פריהער פון אַלעם האָט ער אויפגעשטעלט צוריק די האַנלין־אַקאַדעמיע, וועלכע איז כמעט אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען נאָך קובלאַי'ם טויט. ער האָט בעשטימט אַ קאָמיסיאָן פון 18 געלעהרטע געשיכטע־שרייבער, זיי זאָלען צוזאַמענשטעלען אַן אויספיהרליכע געשיכטע פון דער מאָנגאָלען־דינאַסטיע. אָבער נאָך פיעל וויכטיגער איז געווען די פערפאַסונג פון אַ געזעצבוך פיר דאָס פאָלק, וועלכעס איז בעריהמט אַלס די „פּאַנדעקטען פון יונג־לאָ". אין דיזען בוך ווערען זעהר איינפאַך ערקלערט די געזעצען און זייער אָנווענדונג. זעהר פיעל האָט ער געטאָן איינצופיהרען אין פאָלק שולען, וואו יעדערער האָט געקענט בעקומען בילדונג פריי, אָהן געצאָהלט. ער האָט אַליין פון זיין פערמעגען געצאָהלט פיעלע שול־לעהרער. ער האָט געגרינדעט זעהר פיעלע ביבליאָטהעקען און האָט געוווינשט צו האָבען אין יעדער שטאָדט איין ביבליאָטהעק, אָבער דיזעס איז געווען אונמעגליך אויסצופיהרען, צוליב די אונגעהייערע סומעס געלט, וואָס דיזע אונטערנעהמונג האָט געפאָדערט. האָנג־וואו האָט גענומען אַ זעהר גרויסען אַנטייל אין דעם שיקזאַל פון אַלטע לייט, יתומים און קראַנקע. פון דעם געלט, וואָס דאָס פאָלק האָט איהם בעשטימט פיר די אונטערהאַלטונג פון דעם קעניגליכען הויף, האָט ער זעהר פיעל אָפּגעשפּאָרט און האָט פער־

ברויכט צו גרינדען פיעלע אַנשטאַלטען פיר אויסהאַלטען אַלטע לייט און האָספיטעלער פיר קראַנקע. ווען ער פלעגט בעשטימען אַ בעאַמטען אויף אַ שטעלע פלעגט ער איהם אָנזאָגען צו שענקען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט דעם צושטאַנד פון אַלטע, קראַנקע און יתומים.

די איינפאַכקייט, מיט וועלכער האַנג=וואו האָט געפיהרט דעם קייזערליכען הויף, איז געווען אַ גרויסער קאָנטראַסט מיט דער פערשווענדערישער אויפפיהרונג פון דער מאָנגאָלען=דינאַסטיע. איינער פון די לעצטע מאָנגאָלישע קייזאָרים האָט אויפגעשטעלט אין זיין גאָרטען אַן אונגעהייער גרויסען פאַרצעלייענעם טורם, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען אַ זעלטענער זייגער. פון דיזען זייגער פלעגען צו יעדער שטונדע אַרויס צוויי סטאַטועס, פון וועלכע איינע האָט געקלונגען אין אַ גלאָק און די צווייטע האָט געשלאָגען אין אַ פויק אָנצוזאָגען די שטונדע. ווען האַנג=וואו האָט געזעהען דעם טורם מיט'ן זייגער האָט ער מיט פערוואונדערונג געזאָגט: „איך וויים ניט, ווי קענען מענשען אַזוי פערנאַכלעסיגען זייערע פליכטען צו זייערע מיטמענשען און איבערגעבען זיך צו טראַכטען און צו טאָן אַזעלכע אוננוציגע זאַכען! ווען די מאָנגאָלען וואָלטען ניט פערבראַכט זייער צייט אויף מאַכען שפילצייגען, נאָר זיי וואָלטען געזוכט צו געברויכען זייער צייט און זייער ענערגיע צו ערפילען זייער אויפגאַבע: *צופרידענשטעלען דאָס פאָלק*, וואָלט קיינער ניט געקענט אַרויסרייסען דעם סצעפּטער (שבט המלכות) פון זייערע הענט". ער האָט באַלד געהייסען, אַז מען זאָל דיזען פאַרצעלייענעם טורם צושטערען. ער האָט אויך אָפּגעשאַפט דעם האַרעם, וועלכען די פריהערדיגע כינעזישע קייזאָרים האָבען אויפגעהאַלטען און האָבען דערויף פערשווענדט זעהר גרויסע סומעס, און האָט איינגעפיהרט אין קייזערליכען הויף אַ זעהר איינפאַכעס לעבען, מיט זעהר וועניג צערעמאָניעס. די מאָנגאָלען האָבען צושטערט דעם בעריהמטען שאַנג=טו, קובלאַי'ס זומער=פאַלאַץ. די כינעזער האָבען געוואָלט דיזען בעריהמטען פאַלאַץ צוריק אויפבויען, אָבער האַנג=וואו האָט עס בשום אופן ניט געוואָלט ערלויבען. ער האָט אויך ניט ערלויבט צו פערשענערן די הויפּטשטאָדט פעקין מיט וועלכער עס איז פערשווענדונג. די אַנדערע קייזאָרים פון דער מינג=דינאַסטיע האָבען זיך נאָר ערלויבט צו פערשענערן די אַנדערע הויפּטשטאָדט פון כינאַ, נאַנקין, ווייל דיזע איז די ווירקליכע נאַציאָנאַלע הויפּטשטאָדט פון כינאַ.

הגם די מאָנגאָלען זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון כינאַ אויף יענער זייט פון דער כינעזישער מויער, און הגם דער לעצטער יו=ען=קייזער טשין=אי איז געשטאָרבען, האָט נאָך דער קאַמף פון די כינעזער מיט זייערע

נאָרדליכע עראָבערער קיין ענדע ניט גענומען. די גאַנצע צייט פון האָנג־וואו׳ס רעגירונג איז ער געווען פערנומען מיט קעמפען אום צו זיכערן זיין טראָן און אום פעסטצושטעלען די גרענצען פון זיין לאַנד, הגם די הויפט־ארבייט אין דיזע שטרייטען, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט, האָט ער איבערגעגעבען צו זיינע צוויי בעריהמטע גענעראַלען: סו־טאַ און פו־יו־טאַ. סו־טאַ האָט געשטריטען מיט די מאָנגאָלען גאַנצע 20 יאָהר (1368—1388). אין זיינע ערסטע פעלדצוגען האָט ער עראָבערט די פּראָווינצען שאַן־זי און שען־זי. צווישען דיביידע פּראָווינצען געהט דורך דער טייך האָאַנגהאָ. דער גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ שען־זי האָט גערעכענט, דאָס די כינעזער וועלען ניט זיין אין שטאַנד אריבערצוגעהן דעם ברייטען טייך. די כינעזער זיינען אָבער זעהר געשיקט און געניט אין אריבערגעהן אזעלכע ערטער. סו־טאַ האָט געלאָזט מאַכען אַ בריק פון שיפען, איז אריבער דעם טייך און האָט איינגענומען די הויפּטשטאָדט אָהן בעזונדערער מיה. די גאַנצע בעפעלקערונג האָט פריינדליך אויפגענומען די כינעזישע ארמעע אלס זייערע רעטער פון דעם יאָך פון די פערהאַסטע מאָנגאָלען. דער גובערנאַטאָר ליס־סע־כי האָט געמוזט ענטלויפען. סו־טאַ האָט איהם נאָכגעיאָגט ביז דער שטאָדט לין־טאַאָ, וואו ער, דער ענטלאָפענער גובערנאַטאָר, האָט זיך געוואָלט בעפעסטיגען. אָבער סו־טאַ האָט איהם דאָרט געפאַנגען און האָט איהם אוועקגעשיקט צו האָנג־וואו. דיזער האָט איהם באַלד בעפרייט און האָט איהם נאָך בעשטימט אַ פּענסיאָן אום ער זאָל האָבען פון וואָס צו לעבען.

פיעל שווערער איז פאָרגעקומען סו־טאַ׳ן דער קאַמף מיט קוקו טימור, דעם מאָנגאָלישען גובערנאַטאָר פון נינגהיאַ, וועלכע איז געווען די הויפּט־שטאָדט פון דעם מאָנגאָלישען פירסטענטום טאַנגוט, ביי די וועסטליכע ברעגען פון דעם טייך האָאַנגהאָ. די שטאָדט נינגהיאַ איז געווען זעהר שטאַרק בעפעסטיגט, ווייל איהרע טויערן זיינען דורכגעגאַנגען דורך די גרויסע כינעזישע מויער, און די מאָנגאָלען האָבען דעריבער קאָנצענטרירט אין דיזער שטאָדט אַ גרויסע מיליטערישע מאַכט. פון דיזער שטאָדט האָבען זיי געהאַפט אָפּצופרישען זייערע אָנפאַלען אויף כינאַ, ווי אין די צייטען פון טשענגיז און באַיאַן. סו־טאַ האָט דעריבער אָנגעווענדעט אַלע קרעפטען צו עראָבערן דיזען וויכטיגען פונקט. אָבער אום דיזע שטאָדט איינצונעהמען, האָט ער געמוזט פריהער עראָבערן די שטאָדט קינג־יאַנג, וועלכע איז געווען בעזעצט מיט מאָנגאָלען. סו־טאַ האָט זיך געאיילט דיזע שטאָדט צו בעלאַגערן. דער גובערנאַטאָר פון קינג־יאַנג האָט געבעטען הילף פון קוקו טימור,

אָבער דיזער האָט זיך געפיהלט צו שוואך אום אריינצוגעהן מיט סו־טאַ'ן אין אן אָפּענעם קאמף. קינג־יאַנג איז געוואָרען אַזוי אויסגעהונגערט, דאָס די סאָלדאטען האָבען זיך געמוזט ערנעהרען מיט טויטע קערפּערס פון די דערשלאָגענע אין שלאכט. ענדליך האָט זיך די שטאָדט אונטערגעגעבען.



קאַנאַל אין קאַנטאָן.

דער קאָמאַנדאַנט איז הינגעריכטעט געוואָרען, ניט צוליב זיין פערביסענעם ווידערשטאַנד, נאָר וויל ער האָט ניט געהאַלטען זיין וואָרט, וואָס ער האָט געגעבען אין אָנפאַנג פון דער בעלאַגערונג, זיך באַלד אונטערצוגעבען. נאָך דעם, ווי קינג־יאַנג האָט זיך אונטערגעגעבען, האָט סו־טאַ געגעבען זיינע טרו-

פען צייט אויסצורוהען זיך, און אליין איז ער אוועק צו האַנג=וואו געבען איהם א בעריכט וועגען דעם פעלדצוג.

סו=טאַ'ס אַפּרייזע האָט געגעבען די מאַנגאַלען מוט אַנצוגרייפען די שטאָדט לאַן=טשע=פו, די הויפּטשטאָדט פון דער כינעזישער פּראָווינץ קאַן=זו, ווייל דיזע שטאָדט איז געווען בעזעצט מיט א שוואכען כינעזישען גאַר-ניזאָן. דאָך האָט דיזער שוואכער גאַרניזאָן געצייגט א שטאַרקען ווידער-שטאַנד געגען די מאַנגאַלען. דיזע האָבען אָבער פערניכטעט די טרופּען, וואָס זיינען געגאַנגען העלפען די בעלאַגערטע. די מאַנגאַלען האָבען גע-צייגט די בעלאַגערטע דעם געפאַנגענעם גענעראַל יו=קוואַנג מיט דעם צוועק אַפּצושרעקען זיי. דיזער אָבער האָט זיי ערמוטיגט, אַז זיי זאָלען זיך ניט שרעקען, ווייל סו=טאַ וועט זיי באַלד קומען צו הילף. די מאַנגאַלען האָבען דערפאַר צוריסען יו=קוואַנג'ן אין שטיקער. אָבער דיזער מוטיגער גענעראַל האָט מיט זיינע ווערטער געראַטעט זיינע לאַנדסלייט. סו=טאַ איז ווירקליך באַלד געקומען צו הילף די בעלאַגערטע. קוקו טימור האָט באַלד אויפגע-געבען די בעלאַגערונג און האָט זיך אומגעקעהרט אין נינגהיא. סו=טאַ האָט איינגענומען אייניגע אַנדערע שטעדט, וועלכע זיינען געווען זעהר וויכטיג פיר די מאַנגאַלען, ווייל נינגהיא איז דאַן געבליבען אַליין, אָפּגעזונדערט, און דאָס האָט געצוואונגען דעם מאַנגאַלען=פיהרער ארויס אין אַן אָפענע שלאַכט מיט סו=טאַ'ן. די שלאַכט איז געווען א פערצווייפעלטע. איבער 80,000 מאַנגאַלען זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד. קוקו טימור האָט פערלאָרען יעדע האָפנונג צו ראַטען די שטאָדט נינגהיא, און אום צו ראַטען זיך איז ער ענטלאָפען צום טייך אַמור.

פאָלגענדער פאַקט צייגט קלאָר, מיט וועלכער גרויזאַמקייט די מאַנ-גאָלען האָבען געפיהרט דעם קריג מיט די כינעזער. ווען די כינעזישע אַרמעע איז געקומען צו דער שטאָדט האַ=טשאו האָבען זיי געפונען, דאָס די מאַנ-גאָלען האָבען אויסגעשאָכטען אַלע איינוואוינער אום זיי זאָלען ניט ווערען כינעזישע אונטערטאַנען. דיזעס האָט געמאַכט אויף די סאָלדאַטען אַזא שלעכטען איינדרוק, דאָס עס האָט געקאָסט גרויס מיה צו בעוועגען זיי צו בעזעצען די שטאָדט.

סו=טאַ'ס ערפאָלג איז נאָך געוואָרען פולער מיט דעם, וואָס אַן אַנדער גענעראַל פון דער כינעזישער אַרמעע האָט געכאַפּט געפאַנגען א טייל פון דער פערטריבענער מאַנגאָלישער קייזערליכער פאַמיליע. צווישען די גע-פאַנגענע האָט זיך אויך געפונען דער עלטעסטער עניקעל פון דעם קעניג טשון=טי, און די כינעזישע מיניסטאָרען האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל

איהם הינריכטען. האַנג־וואו האָט עס ניט דערלאָזען, ער האָט איהם גע-לאָזט לעבען און האָט איהם נאָך געגעבען אַ קליינעם אדעל־טיטעל. דערביי האָט ער געהאַלטען פאָלגענדע רעדע, וועלע ציינט, וואָס פיר אַ קלוגער שטאַאטסמאַן ער איז געווען און וועלכע גרויסע מענשליכע געפיהלען עס האָבען געקלאַפּט אין זיין הערץ:

„דער לעצטער הערשער פון די יו־ען האָט זיך נאָר געקימערט וועגען זיינע פערגניגענס. די גרויסע ליים אין שטאַאט, וועלכע האָבען זיך בע-נוצט מיט זיין גלייכגילטיגקייט און נאַכלעסיגקייט, האָבען נאָר געטראַכט ווי זיך צו בעריייכערן. דער שאַץ פון שטאַאט איז דורך זייערע רויבערייען געוואָרען אויסגעלעדיגט. דערצו האָבען זיך געמאַכט איינינע הונגער־יאָה-רען, וועלכע האָבען געהאָלפען ברייננען דאָס פאָלק אין דעם גרעסטען עלענד. די שרעקליכע טיראַניי פון די פאָלקס־אונטערדריקער האָט ארויסגערופען אויפשטאַנדען, וועלכע האָבען געמאַכט טרייסלען אַלע פונדאַמענטען פון שטאַאט. די שרעקליכע נויט פון פאָלק האָט ערפילט מיין הערץ מיט מיט-לייד און איך האָב זיך גענומען צו די וואָפען, ניט אזוי פיעל געגען יו־ען זעלבסט, ווי געגען די רעבעלען, וועלכע האָבען גענומען פערפאָלגען יו־ען׳ען. מיין ערסטער זיג איז געווען איבער די רעבעלען. ווען דער יו־ען־פירסט וואָלט געפיהרט זיין רעגירונג עהרליך, און די מאַגנאַטען פון זיין הויף וואָל-טען ערפילט זייערע פליכטען, וואָלט עס דען געווען מעגליך, דאָס אָרענטליכע מענשען זאָלען זיך פעראייניגען מיט רעבעלען, מיט בונטאָווּשטשיקעס? די שלעכטע פיהרונג פון די יו־ען האָבען געבראַכט צו מיר אַ גרויסע צאָהל אָרענטליכע מענשען, וועלכע זיינען געווען איבערצייגט אין מיינע גוטע אבזיכטען, און פון זייער האַנט, ניט פון דער האַנט פון די יו־ען, האָב איך בעקומען מיין הערשאַפט. ווען גאָט וואָלט מיר ניט געהאָלפען, וואָלט איך דען געווען אין שטאַנד צו פערטרייבען אזוי לייכט די יעניגע, וועלכע זיינען ענטלאָפען אין דער וויסטע שאַמאָ? מיר לעזען אין שי־קינג, דאָס נאָך דעם שטורץ פון דער שאַנג־דינאַסטיע האָבען מעהר פון טויזענד פון זייערע נאָכ-פאָלגער אונטערגעוואָרפען זיך אונטער דעם הויז פון די טשע־אוס, ווייל אזוי האָט עס גאָט געוואָלט. קענען דען די מענשען זיינע בעפעהלען ניט רעספעקטירען? ברייננט צוריק אין די שאַצקאַמערן די אַלע רייכטימער, וואָס די מאָנגאָלען האָבען גערויבט, אום זיי זאָלען דעקען די בעדערפניסען פון פאָלק און פערגרינגערן זיינע לאַסטען! אָבער וואָס אָנבעטרעפט מאַיטי-ליפּאַלאַ (טשונטי׳ס אורעניקעל) וויל איך פרעגען: האָט דען וואו־וואַנג, בעת ער האָט געשטירצט די שאַנג־דינאַסטיע, געברויכט אזעלכע מיטלען?

אמת, עס איז געווען אין די אַלטע צייטען אַ מאָדע צו ברייננען אַזעלכע אָפּפער ביי יעדער פּאָליטישער איבערקעהרעניס. די יו־ען־פּרינצען זיינען געווען אין דיזען לאַנד הערשער בערך 100 יאָהר, און מיינע עלטערן זיינען געווען זייערע אונטערטאַנען, און זאָגאר ווען אין דער פערגאַנגענהייט איז געווען אַ מנהג צו הינריכטען די פּרינצען פון אַ געפאַלענער דינאַסטיע, וועל איך בשום אופן אַזאַ טאַט ניט בעגעהן".

מיט אַזעלכע עדעלע געזינונגען איז האָנג־וואו אומגעגאַנגען און האָט געהאַנדעלט זיין גאַנצען לעבען. זיי צייכנען איהם אויס ניט נאָר אַלס איינעם פון די בעסטע פּרינצען און הערשער אין דער געשיכטע פון כינאַ, נאָר אויך אַלס דעם בעסטען און עדעלסטען פון אַלע הערשער אין די וועסטליכע לענדער. ער איז געווען אַ וואַהרער וואוילטעטער פיר זיין פאָלק. ער האָט אימער געטראַכט נאָר וועגען דעם גליק פון פאָלק. איהם זיינען די קליינע אינטערעסען פון פאָלק געווען אַזוי טייער ווי די הויכע פּאָליטיק און דער שוץ פון דעם לאַנד דורך קריג. ער האָט געמאַכט גרינגער די טראַנספּאָרטירונג פון זאַלץ, דיזען וויכטיגען געגענשטאַנד פון לעבענסמיטעל, פון די ערטער, וואו עס געפינט זיך אַן איבערפלוס, צו די ערטער, וואו מען פיהלט אין איהם מאַנגעל; און ווען דאָס לאַנד האָט געליטען פון הונגער, האָט ער פערברויכט אַלע איינגאַהמען פון לאַנד צו פערגרינגערן דיזע ליידען פון פּאָלק. זיין זאָרג וועגען זיינע סאָלדאַטען האָט ניט דורכגעלאָזען קיין זאַך, וואָס האָט זיך געפאָדערט צו זייער בעקוועמליכקייט. עס איז איין מאָל געווען אין נינגהיא אַ שטרענגער ווינטער, האָט ער פערזאָרגט די איינוואוינער מיט פּעלצען. אין זידליכען טייל פון כינאַ איז געווען אַ מאָנגאָלישע קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צום דאָרטיגען הייסען קלימאַט, האָט ער די דאָרטיגע לייט איבערטראַנספּאָרטירט אויף זיינע אייגענע קאָסטען אין צפון, וואו עס הערשט אַ קיהלער קלימאַט, צו וועלכען זיי זיינען געוועהנט; און האָט ניט אָנגענומען די עצה פון זיין מיניסטער צו פערניכטען אין גאַנצען די מאָנגאָלען, וואָס האָבען דאָרט, אין דרום, געליטען פון קלימאַט. האָנג־וואו איז אימער געווען געגען וועלכע עס איז גוואַלדטאַטען, וואו עס איז נאָר געווען אַ מעגליכקייט זיי צו פערמיידען. עס איז געווען זעהר שווער אַרויסצובעקומען פון איהם אַ טויט־אורטייל.

נאָך דעם, ווי די נאָרדליכע גרענצען זיינען שוין געווען געזיכערט, האָט מען די מיליטערישע טרופּען איבערטראַנספּאָרטירט אין די זידליכע פּראָווינצען סי־כו־ען און יון־נאַן, וואו מאָנגאָלישע שטאַטהאַלטער האָבען זיך נאָך געגעבען די מיה צו פערבלייבען אויף זייערע שטעלעס. איינער פון זיי

האט זיך זאגאר פראקלאמירט אלס קעניג פון היא. דער צווייטער בעריהמ־טער גענעראל פון האנג־וואו, פו־יו־טא, האט לייכט בעזיגט די זידליכע פראווינצען. דער, וואס האט זיך פראקלאמירט אלס קעניג פון היא, איז גע־בראכט געווארען א געשמידטער אין קייטען אין כינעזישען לאגער, און ער האט געבעטען, אז מען זאל איהם שענקען זיין לעבען. ווי נאר דער זיד האט זיך בערוהיגט, האט קוקו טימור ווידער אנגעפאנגען צו מאכען אין



א טעע־הויז.

נארד אונרוהען און אנפאלען. סו־טא, וועלכער האט מיט זיך געהאט נאר א קליינע ארמעע, האט בעשלאסען און געוואגט צו בעפאלען די מאנגאלען אויף זייער אייגענעם באדען אין דער וויסטע. אבער די מאנגאלען האבען איהם צוויי מאל בעזיגט. די סאלדאטען האט אנגעהויבען שטארק צו פעה־לען שפייז, און די לאגע פון דער כינעזישער ארמעע איז געווען זעהר קרי־טיש. אבער ווי באלד דער העלדענמוטיגער פו־יו־טא האט זיך דערוואוסט

ווענען דעם צושטאנד פון סו־טא מיט זיין אַרמעע אין נאָרד, האָט ער זיך געאיילט צו קומען איהם העלפען. איהם איז געלונגען צו ערהאַלטען אייניגע זיגען איבער די מאָנגאָלען, און דערמיט האָט ער געגעבען סו־טאַ'ן און זיין אַרמעע די מעגליכקייט צו פערלאָזען די וויסטע אָהן פערלוסט. די מאָנגאָלען זיינען פערטריבען געוואָרען פון די נאָרדליכע גרענצען און דאָס לאַנד איז ווידער געוואָרען זיכער און בערוהיגט.

אָבער די רוה האָט ניט לאַנג געדויערט. די מאָנגאָלען האָבען ווידער אָנגעהויבען צו בעפאַלען די נאָרדליכע פּראָווינצען, און האָבען יעדען כינעזער, וואָס איז דורכגעגאַנגען די וויסטע, בערויבט און זעהר אָפט אויך ערמאָרדעט.

האָנג־וואו האָט געפּרובּט שליסען מיט די מאָנגאָלען פרידען. מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, ווי ער האָט פריינדליך בעהאַנדעלט דעם מאָנגאָלישען פירסט מאַיטיליפּאַלאַ. אין יאָהר 1374 האָט ער איהם צוריק געשיקט אין מאָנגאָליען, מיט דער האָפנונג, דאָס ווען ער וועט נאָך זיין פאָטער'ס טויט אַרויף אויף דעם טראָן, וועט ער זיין אַ פרידליכער נאַכבאַר. אָבער די מאָנגאָלען האָבען איהם ניט געוואָלט האָבען אַלס זייער כאַן און האָבען ערוועהלט אַן אַנדערען.

אָבער ענדליך איז דאָך לאַנגזאַם געוואָרען רוהיג אין די נאָרדליכע פּראָווינצען פון כינאַ. די כינעזער האָבען געלאָזען די מאָנגאָלען צו רוה, און די מאָנגאָלען האָבען אויך אויפגעגעבען זייערע געוואוינהייטען צו בעפאַלען די כינעזער. נאָך דעם טויט פון קוקו טימור איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען ביי די מאָנגאָלען די לוסט צו בעהערשען די כינעזער. אַ קורצע צייט נאָכדעם איז אויך געשטאָרבען דער גרויסער פעלדהערר סו־טאַ. די כינעזישע כראָניקער שילדערן סו־טאַ'ן מיט פאָלגענדע ווערטער: „סו־טאַ האָט ווייניג גערעדט, אָבער ער האָט געהאַט אַ זעהר שאַרפען בליק. ער האָט אימער זעהר גוט געלעבט מיט זיינע גענעראַלען. מיט זיינע סאָלדאַטען האָט ער זיך גלייך געטיילט די גוטע טעג ווי די שלעכטע. דעריבער זיינען זיי אַלע געווען פיר איהם בעגייסטערט, זיינען אימער געווען גרייט צו ערפילען זיינע ווינשען און זיינע בעפעהלען, זאָגאַר ווען עס האָט געדראָהעט דער טויט. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין בעשיידענהייט. ער האָט איינגענומען איין הויפטשטאָדט, דריי פּראָווינצען און אייניגע הונדערט שטעדט, און דאָך, ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון הויף צו זיין הויז, איז ער געגאַנגען אַליין, אָהן שום צערעמאָניעס, אָהן וועלכער עס איז בעגלייטונג; דאָרט האָט ער אויפגענומען אייניגע געלעהרטע מענער און האָט מיט זיי פערבראַכט

און גערעדט וועגן פערשיידענע זאכען. ווען ער איז געווען אין געגענוואַרט פון קייזער, איז ער געזעסען אָדער געשטאַנען פאַר איהם מיט דער גרעס-טער עהרפורכט, און האָט זעהר זעלטען גערעדט אַ וואָרט, סיידען ער האָט איהם עטוואָס געפרעגט, אַזוי דאָס אַ זייטיגע פּערזאָן האָט געקענט דענקען, דאָס ער קען גאָרניט רעדען". האַנג-וואו האָט זיך וועגען איהם אויסגעדריקט אין פאָלגענדע ווערטער: „ווי ער פלעגט ערהאַלטען מיינע בעפעהלען, פלעגט ער גלייך אָפּרייזען זיי צו ערפילען; נאָך דעם, ווי ער האָט זיין אויפגאַבע ערפילט, פלעגט ער קומען צוריק אָהן שטאָלץ און אָהן בעריה-מעריי. ער גיט זיך ניט אָפּ צו ליבען פרויען, און זוכט ניט צו מאַכען זיך רייך. ער איז אַ מאַן פון שטרענגער גערעכטיגקייט, וועלכער האָט ניט אויף זיין זעעלע און אויף זיין געוויסען קיין פלעק. ער איז אימער געווען ריין און קלאָר ווי די זון און די לבנה. איך האָב ניט געזעהען קיין גלייכען צו מיין ערסטען גענעראַל סו-טאַ".

האַנג-וואו האָט געשלאָסען פריינדשאַפט מיט דעם קעניג פון קאָרעאַ. אין דיזען לאַנד האָבען די כינעזער גענומען אַ גרויסען אינטערעס, ערסטענס, ווייל עס איז זייער בענאַכבאַרטעס לאַנד, און צווייטענס, האָבען זיי מורא געהאַט, דאָס די יאַפּאַנעזער וועלען פערכאַפּען קאָרעאַ אום צו מאַכען פון דאָרט אָנפאַלען אויף כינאַ. דער קעניג פון קאָרעאַ איז אויך געווען זעהר פריינדליך צו כינאַ און צו איהר הערשער, און האָט געשיקט אין נאַנקין, די הויפּטשטאָדט פון כינאַ, אַ געזאַנדטשאַפט; און ווען ער איז געשטאָרבען, האָט זיין זוהן ערהאַלטען פון דער האַנט פון די מינג-פירסטען אַ געלע שטאַאַטס-קלייד, אַלס בעשטעטיגונג פון זיין קעניגליכער ווירדע.

די לעצטע וויכטיגע מיליטערישע טאַט פון דער רעגירונג פון האַנג-וואו איז געווען די עראָבערונג פון דער פּראָווינץ יון-נאַן אין זיד. נאָך דער עראָבערונג פון סו-כו-ען איז געווען אין דער רייהע פון עראָבערונגען די פּראָווינץ יון-נאַן, אָבער דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער זידליכער אַרמעע פו-יו-טאַ האָט געמוזט איילען צו העלפען סו-טאַ'ן אין זיין שטרייט מיט די מאָנגאָלען, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט. נאָך דעם, ווי פו-יו-טאַ האָט געענדיגט זיין אויפגאַבע אין נאָרד, איז ער געשיקט געוואָרען איבער-אַ-נייעס נאָך זיד מיט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן צו עראָבערן די פּראָווינץ יון-נאַן. דער מאָנגאָלישער פירסט פון דיזער פּראָווינץ האָט גע-וויזען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד, אָבער ער איז אין אַן עפענטליכער שלאַכט בעזיגט געוואָרען און האָט געמוזט פערלאָזען זיין רעזידענץ. די פּראָווינץ איז באַלד נאָך דעם עראָבערט געוואָרען. אָבער צום ערשטוינען פון די

כינעזישע גענעראַלען האָבען די כינעזער פון דיזער פּראָווינץ זעלבסט רע-בעלירט געגען זייערע ברידער. די גענעראַלען זיינען געווען געצוואונגען איינצושטילען דעם אויפשטאַנד מיט שטרענגע מיטלען, ביי וועלכע עס זיינען געפאַלען פיעלע אָפּפער.

מיט דער עראָבערונג פון יון-נאַן איז פעסטגעשטעלט געוואָרען די רוה אין לאַנד. די אַלע פּראָווינצען, וואָס די מאָנגאָלען האָבען פערכאַפּט אין די פריהערדיגע צייטען, זיינען ווידער געקומען אונטער די הערשאַפט פון די כינעזער. די גרענצען פון כינא זיינען געווען פון בירמאַ ביז דער גרויסער מויער אין קאָרעאַ. די בעפעלקערונג פון לאַנד איז דאַמאָלס בע-שטאַנען פון ניט פיעל איבער 60 מיליאָנען. די לעצטע צעהן יאָהר פון דער רעגירונג פון האָנג-וואו זיינען געווען געווידמעט צו פרידענס-ארבייט און צו ברייננגען אין לאַנד אָרדנונג. קיין קריג האָט דיזע ניצליכע ארבייט ניט געשטערט.

אין יאָהר 1398 איז האָנג-וואו געוואָרען קראַנק און איז געשטאָרבען. ער האָט דערגרייכט אַן אַלטער פון 71 יאָהר און האָט 30 יאָהר רעגירט אין נאַנקין, די הויפּטשטאָדט פון כינא. דער קייזער קיען-לונג שרייבט אין זיין געשיטע איבער דער דינאַסטיע מינג, דאָס האָנג-וואו האָט געהאַט זעהר פיעלע מעלות און זעהר ווייניג מענשליכע פעהלערן. ער איז געווען מוטיג, געדולדיג אין ליידען; ער האָט אימער גוט פאָרויסגעזעהען זאַגאַר די ווייטע צוקונפט; דאָס גליק פון זיין פאָלק איז איהם געלעגען ביים הערצען מעהר פון אַלעס און ער איז געווען גרויסמוטיג געגען זיינע פיינד. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, דאָס עס איז איהם געלונגען פעסטצו-שטעלען זיין דינאַסטיע און צו מאַכען זיך בעליבט ביים פאָלק. אין זיין צוואה האָט ער אויסגערעכענט די וויכטיגסטע בעגעבענהייטען פון זיין רעגירונג און ריהמט זיך, דאָס ער האָט „דעם רייך צוריקגעגעבען פרידען, און האָט אומגעקעהרט צו כינא איהר אַלטען גלאַנץ”.

אָבער דיזער גלאַנץ איז ניט געווען דער גלאַנץ פון מאַכטשטעלונג צו אַנדערע לענדער, דער גלאַנץ פון אַ פּרעכטיגען הויף, אָדער פון אַ טיראַני-שען אַבסאָלוטיזם (אַליין-הערשאַפט). דיזער גלאַנץ איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס ער האָט גערייניגט דאָס לאַנד פון פרעמדע אריינדרינגער, דאָס ער האָט בעפעסטיגט די עקאָנאָמישע לאַגע פון פאָלק, און דאָס ער האָט איינ-געפיהרט צוריק דאָס אַלטע נאַציאָנאַלע סיסטעם פון רעגירונג און די מאַכט פון די בעאַמטע. מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט, דאָס די מאָנגאָלען האָבען געשטרעבט איינצופיהרען אַ מיליטערישע הערשאַפט און האָבען מיט

אַלע קרעפטען אונטערגעגראָבען די נאַציאָנאַלע פאָרמע פון רעגירונג. אָבער דיזע שטרעבונג זייערע האָט געפיהרט צו זייער אונטערגאַנג. דאָס כינעזישע רעגירונגס-סיסטעם איז זעהר פערשיידען פון די רעגירונגס-סיסטעמען פון אַלע אַנדערע פעלקער; אויך זייער געזעלשאַפטליכעס און עקאָנאָמישעס לעבען איז אַנדערש ווי ביי אַנדערע פעלקער. דיזער פאַקט איז אַזוי וויכטיג, דאָס עס איז ווערט מען זאָל איהם בעשפּרעכען גענויער.

ביי אַלע וועסטליכע פעלקער געפינט זיך די רעגירונג אין די הענט פון אַ פּריווילעגירטער הערשענדער קלאַס, אָדער קאַסטע; די עמטער בעקומען זיי אָדער דורך ירושה, אָדער דורך בילדונג. כינאַ ווייס גאָרניט פון די אַלע זאַכען. קיין ערבליכער אַדעל איז אין כינאַ קיינמאָל ניט געווען, זאָגאַר אין דער צייט, ווען עס איז דאָרט אויך געווען איינגעפיהרט דאָס פעאָדאַל-סיסטעם. נאָר די פאַמיליע-מיטגלידער פון דער הערשענדער דינאַסטיע האָבען געהאַט זייערע רעכטען בירושה, אָבער אויך אונטער בעדינגונגען פון פּערזענליכע פערדינסטען, ד. ה., דאָס זיי האָבען געטאָן פיר דאָס פאָלק עטוואָס וויכטיגעס און גוטעס. קיין שטאַאטס-אַמט איז ניט געווען אין כינאַ בירושה. נאָר די פערדינסטען, די מעשים פון אַ מענשען, גיבען איהם געוויסע רעכטען און פאָרצוגען איבער אַנדערע. די שטאַאטס-בעאַמטע, וועלכע זיינען אונז בעוואוסט מיט'ן נאָמען „מאַנדארינען" (פון דעם פּאָרטוגעזישען וואָרט "מאַנדאר", בעפעהלען), ווערען אין כינאַ געוועהלט נאָר פון דער געבילדעטער קלאַס, און דיזע קלאַס בילדעט זיך אין כינאַ אונטער אַזעלכע בעוואונדערונגס-ווערטע איינריכטונגען, וועלכע מיר געפינען ניט אין קיין קולטור-לאַנד אין דער וועלט.

מיר וועלען עס ערקלערען. די שול-בילדונג אין כינאַ איז אַן אַלגעמיינע און דורכאויס גלייכמעסיגע, ווענינגסטענס וואָס אַנבעטרעפט די מענליכע בעפעלקערונג. יעדער כינעזער לערנט לעזען און שרייבען. אָבער דאָס קומט איהם אָן זעהר שווער. די שול איז ניט קיין שטאַאטליכע איינריכטונג, נאָר אַ פּריוואַט-זאַך. אויך די גאַנץ אָרימע עלטערן נעהמען זיך צוזאַמען און דינגען פיר זייערע קינדער אַ געמיינזאַמען לעהרער. פון די רייכערע האָט יעדע פאַמיליע אַ בעזונדער לעהרער, אויך העלפען זיי און גיבען צו שטייער די גאַנץ אָרימע צו דינגען אַ לעהרער פיר זייערע קינדער.

ווי באַלד אַ אינגעל דערגרייכט אַ געוויסען אַלטער ווערט ער עקזאַמינירט. די בעסטע און די פעהיגסטע ווערען אָוועקגעשיקט אין די הויפּטשטאָדט. דאָרט זעצט ער פאָרט זיין שטודיום אויף דער רעכנונג פון דער רעגירונג, וועלכע האַלט אויס אַ בעשטימטע צאָהל. אין היינטיגער צייט

האלט אוים די רעגירונג 15,000 סטודענטען. אום צו ווערען פערדעכענט צווישען די סטודענטען, וואָס שטודירען אויף די קאָסטען פון דער רעגירונג, העלפט ניט קיין יחוס, נאָר די פעהיגקייטען און די קענטניסען פון דעם שילער. צווישען די סטודענטען קען מען בעגעגנען אַ זוהן פון אַ בעט־לער צוזאַמען מיט דעם זוהן פון קייזער. אין יעדער פּראָווינץ־שטאָדט געפינט זיך אַ געביידע פיר די קינדער, וואָס קומען זיך צוזאַמען פון דער גאַנצער פּראָווינץ צום עקזאַמען. אין דער הויפּטשטאָדט געפינען זיך פיר די סטודענטען זעהר פיעלע געביידעס מיט זעהר פיינע גערטנער אַרום. יעדער סטודענט האָט זיין בעזונדער צימער, אין וועלכען ער וואוינט די גאַנצע צייט פון זיין שטודיום ביז ער ענדיגט זיין שטאַאַטס־עקזאַמען.

פון דיזע סטודענטען ווערען גענומען אַלע בעאַמטע פיר די רעגירונג. קיין כינעזער קען ניט פערנעהמען וועלכע עס איז שטעלע, אויב ער האָט ניט דורכגעמאַכט קיין שטאַאַטס־עקזאַמען. און ווען ער האָט שוין דורכ־געמאַכט דעם שטאַאַטס־עקזאַמען בעקומט ער אַ שטעלע לויט די קענטניסען, וועלכע ער האָט אַרויסגעצייגט ביים עקזאַמען. די כינעזישע בעאַמטע, אָדער מאַנדאַרינען, ווערען איינגעטיילט אין 5 קלאַסען. אויך די פּרינ־צען פון קייזערליכען הויף מאַכען ניט אין דיזער הינזיכט קיין אויסנאַהמע. אַ פּרינץ אָהן אַ שטאַאַטס־עקזאַמען האָט ניט קיין בעדייטונג און איז פיר גאָרניט גערעכענט. יעדעס אַמט אין כינאַ פאָדערט אַ געוויסען עקזאַמען און יעדער, ווער עס האָט דיזען עקזאַמען דורכגעמאַכט, איז בערעכטיגט צו דיזער שטעלע. און ווייל אין כינאַ איז אין הינזיכט פון שטודירען דער אָרימער גלייך מיט'ן פּרינץ, דעריבער איז דאָרט מעגליך פיר דעם אָרימסטען צו בעקומען די העכסטע שטעלע אין לאַנד. צוליב דעם האָט דאָס פאָלק אין כינאַ אַזאַ גרויסען אינטערעס אין בילדונג. דערצו האָט נאָך די בילדונג אַ צוציהונג פיר דעם כינעזער דורך דעם, וואָס די גאַנצע פאַמיליע פון דעם מאַן, וואָס האָט בעקומען אַ הויכע שטעלע צוליב זיין עקזאַמען, ווערט בע־שאָטען מיט גלאַנץ און עהרע. אין כינאַ, ווען עס ווערט געבאָרען אַ אינגעל, איז געוועהנליך אַ גרויסע שמחה, ווייל דאָס גיט דער פאַמיליע האָפנונג אויף עהרע און גליק, דאָס וואָס זיי קענען ניט ערוואַרטען פון אַ מיידעל. אַז אַ מיידעל ווערט געבאָרען אין כינאַ טרייסט מען זיך מיט די ווערטער: „מען מוז דאָך מיידלאָך אויך האָבען".

דער רעזולטאַט פון דיזער אָרדנונג איז, דאָס אָן דער שפּיץ פון שטאַאַט שטעהען אין כינאַ אימער די בעסטע קרעפטען פון פאָלק. די אייראָפּעאישע פעלקער האָבען געקעמפט טויזענדער יאָהרען אָפּצושאַפען די פּריוויליגיעס

פון געבורט, פון יחוס, און איינפיהרען די רעכטען פון פערזענליכע פער-
דינסטען, אָבער לײדער האָבען זײ עס נאָך עד היום ניט דערגרייכט. די
גרויסע שטעלעס אין די אייראָפּעאישע לענדער געפינען זיך נאָך היינט
אין די הענט פון די גראַפען, פירסטען און באַראָנען, הגם זײ זיינען ניט



א ווינקעל=בריק אין שאנגהאי.

אזוי פעהיג און צוגעפּאַסט צו די עמטער, צו וועלכע א מענש פון פאָלק
ווערט קיינמאָל ניט צוגעלאָזען.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס די כינעזער האָבען אזוי
טיף געהאַסט די מאָנגאָלען, וועלכע האָבען געשטערעבט דיזע אַלטע טראַדי-
ציאָנעלע אָרדנונג מבטל צו זיין, די אָרדנונג, אין וועלכער עס איז געלעגען

די גאַראַנטיע פיר די פאָלקס־פרייהייט. די קלאַס פון געלעהרטע איז אייגענטליך די הערשענדע קלאַס אין כינא, און אַלע פון דיזער קלאַס שטאַמען פון פאָלק, וועלכעס ווייס ניט קיין אונטערשייד פון קלאַסען אין סאָציאַלען לעבען. די הויפּט־בעשעפטיגונג אין כינא איז דער אַקערבוי, און דער באָדען איז אימער געווען גלייך פערטיילט צווישען פאָלק, אַזוי דאָס דאָרט האָבען ניט געקענט פאָרקומען קיין גרויסע גוטס־בעזיצער מיט אָרימע אָהן אַ שום שטיקעל גרונד־אייגענטום, וועלכע האָבען געמוזט ווערען ביי יענע אַרבייטער און מיט דער צייט לייבאייגענע, שקלאַפען, ווי עס האָט פּאַסירט אין די וועסטליכע לענדער. אמת, די מאַנדאַרינען האָבען אויך אָפט מיסבעברויכט זייער מאַכט. עס איז שוין אַן אַלגעמיינער מענשליכער פעהלער, דאָס דער, וואָס האָט מאַכט אין זיינע הענט, זאָל זי אָפט, זאָגאַר זעהר אָפט מיסברויכען, אָבער וואָס פיר אַ גרויסער אונטערשייד עס איז צווישען די מאַנדאַרינען און די אייראָפּעאישע מאַכט־האָבער! אין די וועסטליכע לענדער האָבען די לעדיג־געהער אָהן שום וויסען, אָהן וועלכע עס איז פערדינסטען, נאָר מיט'ן שווערד אין האַנט, געדריקט די אָרימע, אויסגעזויגט זייערע לעצטע טראָפּענס בלוט, האָבען זיי אַזוי לאַנג געדריקט אין פערלויף פון פיעלע יאָהרהונדערטער ביז זיי האָבען געבראַכט די אונגליקליכע צו דער נידריגער שטופע פון לייבאייגענע, פון שקלאַפעריי. דאַגעגען אין כינא קומען די מאַנדאַרינען, די בעאַמטע, גלייך פון פאָלק אַרויס, מוזען דורכמאַכען אַן עקזאַמען פון זייער פעהיגקייט צו טאָן עטוואָס גוטעס פיר דאָס פאָלק. זייערע עמטער בעקומען זיי ניט בירושה. עס קען דעריבער צווישען זיי און דעם פאָלק ניט זיין קיין גרויסער אונטערשייד, אָדער וועלכער עס איז גרויסער האַס. דער ערגסטער מיסברויך פון די מאַנדאַרינען קען ניט ווירקען אַזוי פערדערבליך ווי אפילו די געוועהנליכסטע אַלטעגליכע מעשים פון די הערשענדע קלאַסען פון די וועסטליכע פעלקער.

די מאַכט פון די מאַנדאַרינען אין כינא איז בעשרענקט דורך די פעראַנטוואָרטליכקייט, וועלכע זיי טראָגען אויף זיך פיר אַלע זייערע טאַטען. אַלע שטאַאַטס־בעאַמטע, פון קלענסטען ביז דעם גרעסטען, ביז צום קייזער, זיינען פ ע ר א נ ט ו ו א ר ט ל י ך ניט נאָר פיר האַנדלונגען אין זייער עפענטליכען לעבען, נאָר זאָגאַר פיר פּאַסירונגען אין זייער פערוואַלטונגס־קרייז. צו דיזען צוועק איז איינגעפיהרט אַ צענזור (טו־טשאַ־יוען), וועלכע האָט אַלס אויפגאַבע צו בעשטראָפען יעדעס פערברעכען אָדער מיסגעברויך פון יעדען בעאַמטען, זאָגאַר פון דעם קייזער. די כינעזישע געשיכטע האָט פיעלע ביישפּילען פון אַזעלכע בעשטראָפונגען. דאָס פאָלק האָט דאָס רעכט

צו קריטיקירען עפענטליך די שלעכטע האנדלונג פון וועלכען **עס** איז בעאמטען.

דאס לאנד איז איינגעטיילט אין פראווינצען, קרייזען פון בעצירקען (טשעאו), דיסטריקטען (היען) און אין געמיינדעס. אן דער שפיץ פון יע־דער געמיינדע שטעהט א פריי־געוועהלטער בירגערמייסטער (יאנג־יא). די אדמיניסטראטיווע אפטיילונגען פון דער געמיינדע ביז צו די פראווינצען, ווערען פערטרעטען דורך א בירגער־פערזאמלונג, וועלכע קען צוזאמענ־גערופען ווערען אזוי אפט, ווי די בירגער האלטען עס פיר נעטיג. די כינעזער בעזיצען אלזא א פאלקאמענעם רעכט פון פרייער פערזאמלונג. פון דיזע פערזאמלונגען ווערען געוועהלט ראטס־מענער, וועלכע זיינען אין אמט דריי יאהר און קענען ערוועהלט ווערען נאך אייניגע מאל אויף דער זעלבער שטעלע, אדער קענען פון איהר ארונטערגעזעצט ווערען איידער דער טערמין ענדיגט זיך, ווען די געמיינדע געפינט זיי ניט פאסענד פיר זייער שטעלע. דאס איז אן עכטע פאלקס־רעגירונג, צו וועלכער מיר האבען קיינ־מאל ניט געזעהען עטוואס עהנליכעס אין די וועסטליכע לענדער.

זעהר וויכטיג איז אין כינא די ארט און ווייזע ווי עס ווערען דארט געמאכט געזעצען. אין אייראפא דריקט אוים דאס געזעץ די קלאסען־הער־שאפט. דאס געזעץ אין אייראפא נעהמט אין בעטראכט די געוואוינהייטען און די געברויכען פון פאלק אין זייער לעבען. דאס געזעץ האט אין זין נאר די הערשענדע פריווילעגירטע קלאסען, און גיט זיי רעכטען, וועלכע זיי־נען זאגאר אין ווידערשפרוך מיט'ן וואוילשטאנד פון פאלק, און זיינען מעהרסטענס געמאכט געווארען צו דריקען דאס פאלק פיר די נוצען פון די פריווילעגירטע. אין כינא אבער האט דאס געזעץ צו בעטראכטען נאר די טובה פון פאלק. דאס געזעץ בילדעט זיך דארט אין פאלגענדער ווייזע: א בעאמטער אין א פראווינץ געפינט, דאס די איינפיהרונג פון א געוויסען געזעץ וועט ברייננען דעם פאלק נוצען, שלאגט ער פאר זיין פלאן צו דער רעגירונג אין דער הויפטשטאדט און דארט ווערט דער פראיעקט איבערגע־געבען צו דער אקאדעמיע פון וויסענשאפטען (האן־הין־יוען). ווען די גע־לעהרטע פון דער אקאדעמיע זיינען מסכים צום פארגעשלאגענעם געזעץ, דאן צושיקט מען עס אין אלע פראווינצען צו פראקטיצירען. ווען דאס געזעץ בעווייזט זיך אין אלע פראווינצען ניצליך און גוט, דאן ווערט עס איינגע־שריבען אין געזעץ־בוך. אבער דיזער לעצטער אקט ווערט געמאכט נאר אין דער צייט פון דער טראן־בעשטייגונג פון א קייזער.

אזוי קומט עס אויס, דאס אין גרונד ווערען נייע געזעצען געמאכט **פון**



גאַסען=לעבען אין קאַנטאָן.

פּאָלק. זעהר וויכטיג איז דיזער הינזיכט איז דער איינפלוס פון די גע-לעהרטע, וועלכע זיינען אין דיזע זאכען פאָלשטענדיג אונאָפּהענגיג. אין היינטיגער צייט בעשטעהט די אקאדעמיע פון 232 מיטגלידער, וועלכע בע-קומען געהאלט פון דער רעגירונג און א הויז מיט א גאָרטען צו זייער גע-ברויך. זיי האָבען דאָס רעכט אליין צו ערוועהלען א נייעם געלעהרטען, ווען עס מאכט זיך ביי זיי א וואקאנס, און ברויכען ניט אויף דעם קיין ער-לויבניס פון דער רעגירונג. גאנץ אנדערש איז עס אין אייראָפּא. דאָרט דיקטירט דער הערשער די געזעצען און דאָס פאָלק מוז זיך ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג אונטערוואַרפען אונטער דיזע געזעצען, זאָגאר אין פאל, ווען זיי זיינען פערפאסט געוואָרען איהם, דעם פאָלק, צו שאָדען.

ווען מיר זאָלען נעהמען אין בעטראכט, דאָס די כינעזער זיינען שוין פון טויזענדער יאָהרען געוועהנט צו דיזע איינריכטונגען און אָרדנונגען, איז קיין וואונדער ניט, וואָס דאָס כינעזישע פאָלק האָט אזוי שטארק פער-געטערט זייער קייזער האָנג־וואו, ווייל ער האָט ווירקליך צוריקגעגעבען דעם לאנד זיין אלטען גלאנץ. ער האָט צוריקגערופען אין לעבען די האן־לין־אקא-דעמיע, וועלכע די מאָנגאָלישע קייזאָרים האָבען אונטערדריקט, אום אונ-טערצוגראָבען דעם נאציאָנאלען באָדען פון שטאאטס־לעבען. דער ערסטער מאָנגאָלישער קייזער קובלאי האָט אלס דיפּלאָמאט גוט פערשטאנען צו רעס-פּעקטירען די כינעזישע איינריכטונגען. ער האָט פערשטאנען, דאָס דערמיט וועט ער געווינען וועניגסטענס א געוויסען טייל פון כינעזישען פאָלק אויף זיין זייט, און זיין טראָן וועט ווערען בעפעסטיגט. ער האָט אָבער ניט פער-שטאנען דעם גייסט און די וויכטיגקייט פון דיזע איינריכטונגען, און וועי-ניגער פון אלעם האָט ער פערשטאנען דעם גייסט פון די פאָלקס־פרייהייטען, וועלכע ווערען דורך דיזע איינריכטונגען גאראנטירט, און ער האָט געשאָנקען, מעהר אויפמערקזאמקייט צו די אויסערליכקייטען. קובלאי וועניגסטענס האָט געוואָלט צופרידענשטעלען דאָס פאָלק; זיינע נאָכפאָלגער האָט אויך דער גוטער ווילען געפעהלט. זיי זיינען געוואָרען אָפענע טיראנען און האָ-בען געטאָן אלעם, וואָס איז געווען געגען אלע נאציאָנאלע טראדיציאָנען.

די וויכטיגסטע רעפאָרמעס פון האָנג־וואו און זיין נאָכפאָלגער זיינען געווען איבערדויפּט אויף'ן געביט פון אקערבוי. מיר מוזען עס ווידערהאָ-לען, דאָס אין כינא איז א געזונטע אגראר־פּאָליטיק (ד. ה. א גוטע איינריכ-טונג אין אקערבוי) געווען אימער די וויכטיגסטע זאָרג פון אלע קלוגע און גוטע הערשער. א גרויסער טייל פון די גוטע רעפאָרמעס אויף דיזען געביט, וועלכע די סונג־דינאסטיע האָט איינגעפיהרט, זיינען פערניכטעט געוואָרען

פון די מאָנגאָלען. האַנג=וואו האָט זיי מיט גרויס ענערגיע ווידער איינגעפיהרט אין לעבען. די שפּעטערע קייזאָרים פון דער מינג=דינאַסטיע זיינען אויך געגאַנגען אין דיזען וועג. די מינג=דינאַסטיע האָט געלעגט דעם יסוד צו דער אַגראַר=פערפאַסונג (די קאָנסטיטוציאָן, וואָס בערוהט אויף'ן גרונד=בעזיץ), וועלכע האָט אויפגעהויבען כינאַ אויף אַ שטופע, וואָס קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט, און האָט פערגרעסערט די בעפעלקערונג פון 50 מיליאָן ביז 400 מיליאָן נפשות. דיזע פערפאַסונג עקסיסטירט נאָך עד היום אין כינאַ כמעט אונפערענדערט.

דער גרויסער גרונד=בעזיץ איז געוואָרען אָפּגעשאַפט אויף אימער. קיין בינעזער קען מעהר ניט בעזיצען ווי 100 מאָו גרונד (דאָס איז דריי פינפטעל העקטאַר). האָט איינער געהאַט מעהר פון 100 מאָו האָט עס די רעגירונג צוגענומען און האָט איהם דערפאַר געצאָהלט אַ געוויסע סומע יעהרליך. די גרויסע גרונד=בעזיצער האָבען אָנפאַנגס געמאַכט דעם קיסר האָנג=וואו גרויסע שטערונגען אין דורכפיהרען דיזעם געזעץ, אָבער ענדליך איז עס איהם געלונגען דורכצופיהרען אין פּראַקטיק. די מינג=דינאַסטיע האָט מיט דער צייט ערוואָרבען פיר די רעגירונג אַ זיבעטעל פון דעם גאַנצען אַקערלאַנד. אויף דיזע רעגירונגס=לענדערייען האָט די מינג=דינאַסטיע געבילדעט אַ זעלבשטענדיגען בויערן=שטאַנד.

לויט דיזער פערפאַסונג, וועלכע עקסיסטירט נאָך אין היינטיגע צייטען אין כינאַ, געהערט דאָס גרונד=אייגענטום צו דעם שטאַאַט, וועלכער איז ניט מעהר אַלס רעפּרעזענטאַנט פון פאָלק. יעדער איינצעלנער האָט נאָר דאָס רעכט צו געניסען די פרוכט פון דעם גרונד, וואָס ער בעאַרבייט, און דיזעם רעכט קען ער פערקויפען צו אַן אַנדערער פערזאָן, אָבער ניט דעם גרונד זעלבסט, וועלכער איז דאָס אייגענטום פון גאַנצען פאָלק צוזאַמען. דיזע אָרדנונג גיט דער רעגירונג דאָס רעכט צו האָבען די אויפזיכט איבער דאָס גרונד=אייגענטום אום אַכטונג צו געבען, דאָס די גרונד=פּרינציפּען פון דער אַגראַר=פערפאַסונג זאָלען ניט צושטערט ווערען.

דיזע אויפזיכט פון דער רעגירונג האָט געשאַפען די פעסטע גרונדלאַגע פיר די לאַנד=ווירטשאַפט און האָט געמאַכט אונמעגליך די ענטוויקלונג פון גרויס=אייגענטום. די בעאַמטע פון דער רעגירונג האָבען געדאַרפט אַכטונג געבען, דאָס קיינער זאָל ניט האָבען מעהר גרונד, ווי דאָס געזעץ בעשטימט, און דאָס דיזער טייל גרונד זאָל פיר קיין פאַל ניט פערקויפט ווערען צו אַן אַנדערען. דער זעלבער פּרינציפּ איז געווען אין דער אַלטער אידישער געזעצגעבונג: דאָס לאַנד איז געווען צוטיילט צו פאַמיליען פון פאָלק, אַ קלע-

נערע פאַמיליע האָט בעקומען וועניגער, און אַ גרעסערע האָט בעקומען מעהר. דיזע טיילען האָט קיינער ניט געהאַט דאָס רעכט צו פערקויפען (והארץ לא תמכר לצמיתות). אין דער צייט פון דער מינג־דינאַסטיע האָבען אַזעלכע אונפערקויפליכע גיטער אויסגעמאַכט כמעט די העלפט פון דעם גאַנצען גרונד־בעזיץ. אין היינטיגע צייטען איז עס אַרונטערגעשטיגען ביז אַ פערטעל. דיזעם געזעץ, וועלכעס האָט פערוועהרט פּריוואַט־מענשען צו פערקויפען זייער גרונד־בעזיץ, האָט געמאַכט אונמעגליך די ענטוויקלונג פון גרויס־אייגענטום, און קיין פאַמיליע האָט ניט געקענט אין גאַנצען פעראָרימט ווערען. דיזעם געזעץ צוזאַמען מיט דער פאַמיליע־פערפאַסונג, וועלכע מיר האָבען פריהער געשילדערט, האָט פערשאַפט דעם כינעזישען פאָלק די וואונדערבאַרע לעבענספעהיגקייט צו עקסיסטירען טויזענדער יאָהרען.

אָבער דאָס רעכט צו בענוצען זיך מיט די פרוכט פון באָדען, מיט דער פּראָדוקציאָן, האָט יעדער פּריוואַט־מענש געקענט פערקויפען, לאָזען בירושה און פערדינגען, ווי זיין אייגענטום. דאָס רעכט צו ירש'ענען האָט געהאַט נאָר דער עלטערער זוהן, אָבער די איבריגע ברידער האָבען אויך געקענט בלייבען אויף'ן אָרט צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. די טעכטער און אַדאָפּטירטע זיהן פון פרעמדע פאַמיליעס האָבען קיין ערב־רעכט ניט געהאַט.

די רעגירונג האָט אויך שטאַרק אַכטונג געגעבען אויף די אַרט און ווייזע, ווי דאָס גרונד־אייגענטום איז בעאַרבייט געוואָרען. די בעאַמטע האָבען בעדאַרפט אויפפּאַסען, דאָס דער באָדען זאָל ניט בלייבען אונבעאַרבייט. ווען אַ גרונד־שטיק איז געבליבען 3 יאָהר אונבעאַרבייט האָט עס געקענט קאָנפיסקירט ווערען. די דאָרף־עלטסטע צוזאַמען מיט די דאָרף־בעאַמטע בעשטימען דעם טאָג, ווען די ערנטע (שניט) זאָל זיך אָנהויבען און ענדיגען. דאַן ווערען בעשטימט די אָפּגאַבען, וואָס דער דאָרף זאָל געבען צו דער רעגירונג. דיזע אָפּגאַבען ווערען געוועהנליך געצאָהלט אין נאַטור־פּראָדוקטען. ווען אַן אונגליק בעזוכט אַ געוויסע געגענד, ווי צ. ב. אַ היישעריק, אַן איבערשוועמונג, צו פיעל רעגען אָדער צו פיעל היץ, מוזען די בעאַמטע אָפּשאַצען ווי גרויס עס איז דער היזק און פערלאַנגען פון דער רעגירונג שענקען די אָפּגאַבען אין גאַנצען אָדער נאָר אַ טייל. אויסער דעם האָט די רעגירונג אין יעדער פּראָווינץ אַ געוויסע צאָהל געטריידע־מאַגאַזינען, אין וועלכע עס ווערט געהאַלטען אַ טייל פון די תבואה, וואָס ווערט איינגענומען אַלס אָפּגאַבען. דיזע תבואה ווערט יעדעס יאָהר פערקויפט נאָך דער ערנטע, און די מאַגאַזינען ווערען פערפילט מיט אַנדערע פרישע תבואה. אין צייט פון נויט ווערט פון דיזע מאַגאַזינען אַרויסגעגעבען פיעל געטריידע צום פאָלק.

די שטייער איז פון אייביג אן אין כינא די הויפט=איינקונפט פון דעם
שטאאט. דיזע שטייער ווערט קאלעקטירט פון פאלק אדער אין געלט, אדע־
אין נאטור=פראדוקטען. דיזע אפגאבען זיינען ניט דריקענד פיר דאס פאלק.
אין היינטיגער צייט בעטרעפט די שטייער 3 דייטשע מארק פיר יעדען איינ
וואוינער (אונגעפעהר 75 סענט אין אמעריקאנישען געלט). די בעזיצונגען
פון דעם אדעל און די בעאמטע זיינען פריי פון אפגאבען.

די קרוין=לענדער, וועלכע בעשטעהען היינט פון 3½ מיליאנען העקטאר
(אין גאנצען געפינען זיך אין כינא אונגעפעהר 294 מיליאנען העקטאר בע-
ארבייטעטעם לאנד), געהערען צום קייזער און זיין פאמיליע. אויף דיזע גי-
טער האט זיך פון די גאנץ אלטע צייטען ענטוויקעלט א בעזונדערער בויערן=
שטאנד. אויסער דעם געפינט זיך א היבש ביסעל לאנד, וואס געהערט צו
די טעמפלען, מאנאסטירען, פאגאדעס און אז. וו.; לענדער, וואס זיינען
בעשטימט אויסצוהאלטען מיט זייערע איינקונפטען א געוויסע עפענטליכע
שולע; גרונד=בעזיצונגען, וואס האבען געהערט צו געוויסע געמיינדעס פון
שטעדט און דערפער, וועלכע זיינען געווען בעשטימט פיר הילף צו נויטליי-
דענדע אין געוויסע שלעכטע צייטען. צו די קרוין=לענדער האבען אויך
געהערט די בעזיצונגען פון די מיליטער=קאלאניעס, וועלכע האבען זיך געפו-
נען אויסער דעם שטאאט.

האנג=וואו, וועלכען מען האט נאך'ן טויט צוגעלעגט דעם נאמען „טאי-
טסו", האט בעשטימט אלס זיין טראן=פאלגער זיין עניקעל קי=ען=וועז, ווייל
ער האט אין איהם געפונען פיעלע גרעסערע אייגענשאפטען און פעהיגקייטע?
?יו רעגירען דאס לאנד אלס אין זיינע זיהן. דיזער שריט איז פון איהם געווען
א גרויסער פעהלער, וועלכער האט פעראורזאכט אין לאנד א בירגער=קריג.
האנג=וואו האט בעשטימט זיינע זעקס זיהן אלס גובערנאטארען אין פער-
שיידענע פראווינצען. יעדער פון זיי האט געגלויבט, דאס ער האט מעהר
רעכט אויף'ן טראן איידער זיין פלעמעניק קי=ען=וועז. ווייל זיי זיינען כמעט
אלע געווען ווייט פון דער הויפטשטאדט, האבען זיי זיך געקענט דארט, אין
?ייערע פראווינצען, מאכען אונאפהענגיג און פערשאפען זיך פיעלע אנהענ-
גער, אזוי דאס זיי זיינען געווארען געפעהרליך. די מיניסטארען האבען גע-
ראטען דעם קייזער קי=ען=וועז, אז ער זאל פאדערן פון זיינע אנקעלס רעכענ-
שאפט פיר זייערע מעשים און ער זאל זיי מאכען אונשעדליך. קי=ען=וועז
האט מיט זיי געמאכט א קורצען פראצעס, פיער האט ער ארונטערגעזעצט
פון זייערע עמטער און געמאכט פיר איינפאכע בירגער, דער פינפטער האט

בעגאַנגען זעלבסטמאָרד. אָבער דער זעקסטער, דער פּרינץ פון יען, איז גע-וועזען אַ מענש מיט מוט און ענטשלאָסענהייט. ער האָט געזאַמעלט אַ מעכ-טיגע אַרמעע און איז אַרויס אָפען געגען קי=ען=וועז. דיזער האָט געהאַט אַן אַרמעע פון 600,000 מאַן. אין יאָהר 1401 האָבען זיך די אַרמעען בעגעגענט ביי דער שטאָדט טע=טשאו, אין שאַן=טונג. די שלאַכט האָט געדויערט איי-ניגע טעג, אָבער ענדליך האָט געזיגט דער פּרינץ. די קייזערליכע אַרמעע האָט געלאָזען אויף'ן שלאַכטפעלד 100,000 מאַן און די איבריגע זיינען ענט-לאָפען. אָבער דערמיט האָט זיך דער קריג ניט געענדיגט. קי=ען=וועז האָט געהאַט דאָס גליק צו ערוועהלען אַן אַנדער קאָמאַנדיר אין דער פּערזאָן פון דעם טיכטיגען קריגס=העלד טשין=יאָנג; דיזער האָט ערמונטערט די ענט-לאָפענע סאָלדאַטען צו בענייען דעם קריג. דער רעזולטאַט פון דער צווייטער שלאַכט איז געווען, דאָס דער פּרינץ יען האָט געהאַט אַ שרעקליכע נידער-לאַגע. אָבער דיזער מוטיגער פּרינץ איז ביי זיך ניט געווען געפאַלען און האָט ניט פערלאָרען זיין האָפנונג צו זיגען. ער האָט ערמונטערט זיינע סאָלדאַטען מיט די ווערטער: „איך וויים נאָר ווי צו געהן אין שטרייט, אָבער ניט ווי צו ענטלויפען פון שטרייט". ענדליך איז איהם ווירקליך גע-לונגען צו פערניכטען די קייזערליכע אַרמעע און האָט גענומען געפאַנגען דעם בעסטען קייזערליכען גענעראַל טינג=אַן (1402). באַלד נאָך דעם האָט ער איינגענומען די הויפּטשטאָדט נאַנקינג, אַזוי דאָס דער קייזער איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען נאָך יון=נאַן. דאָ האָט ער געלעבט אונבעקאַנט אַלס פּריסטער 40 יאָהר, און ענדליך האָט מען איהם דערקענט און ער האָט רוהיג געענדיגט זיין לעבען אין פּעקינג.

**יען** האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס קייזער און האָט אָנגענומען דעם נאָמען **יאָנג=לאָ, ד. ה.** „אייביגע פרייד". דאָס לאַנד האָט זיך אָבער נאָך ניט בע-רוהיגט. עס האָבען זיך אין זיין צייט געמאַכט שרעקליכע אונרוהען אין די נאָרדליכע און זידליכע פּראָווינצען. אין דיזע אונרוהען איז געווען פיעל שולדיג דער עהרגייץ פון יאָנג=לאָ זעלבסט. די מאָנגאָלען, וועלכע זיינען אַ צייט לאַנג געווען רוהיג, האָבען ווידער אָנגעפאַנגען זייערע אָנפאַלען. איינער אַ געוויסער שווינדלער קוליטשי האָט איהם פערשפּראָכען, דאָס ער וועט איהם פערשאַפען די אויבערהערשאַפט איבער די מאָנגאָלישע כאַנען. אָבער קוליטשי האָט זיין פּלאַן ניט געקענט דורכפיהרען, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די מאָנגאָלען האָבען ערקלערט קריג געגען יאָנג=לאָ.

אין טאָנקין האָט אַן עהרגייציגער מיניסטער ליקימאַנאָ אַרונטערגעזעצט זיין הערר דעם כאַן און איז אַליין געוואָרען הערשער. יאָנג=לאָ האָט אַהין

געשיקט אַן אַרמעע, וועלכע האָט זעהר ליכט איינגענומען טאַנקין און האָט זי געמאַכט פיר אַ כינעזישע פּראָווינץ.

די מאָנגאָלען האָבען ניט אויפגעהערט צו בעפאַלען די כינעזישע פּראָווינצען, וועלכע האָבען זיך געפונען נאָהענט פון זייערע גרענצען. דאָס האָט געצוואונגען יאָנג־לאָ אַרויסצוגעהן געגען זיי אין איינינע פעלדצוגען.. אין איינעם פון זיינע פעלדצוגען איז ער געשטאָרבען אין אַלטער פון 65 יאָהר. ער האָט אין פיעלע הינזיכטען בעפעסטיגט די מינג־דינאַסטיע און האָט ערווייטערט די גרענצען פון כינא פון איין זייט ביז צום אַמור, און פון דער אַנדערער זייט ביז צום סאַנגקאַי. אין דער צייט פון יאָנג־לאָ'ס רעגירונג איז טאַמערלאַן אומגעגאַנגען מיט דעם געדאַנק ווידער צו עראָבערן כינא. דאָס גליק פיר יאָנג־לאָ איז געווען, דאָס דיזער געפעהרליכער מאָנגאָלישער עראָבערער איז געשטאָרבען אויף'ן וועג צו דער כינעזישער מויער.

נאָך דעם טויט פון יאָנג־לאָ איז אַרויף אויף'ן טראָן זיין זוהן גין־טסאָנג (1425), אָבער דיזער איז געווען רעגירער נאָר איינינע מאָנאַטען און איז געשטאָרבען, און זיין זוהן סוען־טסאָנג איז אַרויף אויף'ן טראָן און האָט געהערשט פון 1426 ביז 1435. דיזער קייזער האָט אָנגעווענדט גרויס ענערגיע צו ברייננען אין לאַנד אָרדנונג. איהם איז אויסגעקומען צו לעזען אַ וויכטיגע שטרייט־פראַגע אין בעצוג אויף ציוויל־דינסט. ביז איהם איז דער עקזאַמען אויף אַ רעגירונגס־שטעלע געווען אָפען און צוגענגליך פיר יעדען. האָט זיך אָבער בעוויזען, דאָס צום מעהרסטען בעקומען שטעלעס מענשען פון די זידליכע פּראָווינצען, ווייל זיי זיינען איינפאַך פעהיגער און אינטעליגענטער פון די נאָרדליכע איינוואוינער. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די נאָרדליכע היימישע בעאַמטע זיינען אימער געוואָרען ווענינער, און זייערע ערטער האָבען פערנומען פעהיגערע לייט פון די זידליכע פּראָווינצען. די נאָרדליכע איינוואוינער זיינען מיט דיזער לאַגע געוואָרען זעהר אונצופרידען. סוען־טסאָנג האָט זיך גענומען צוזאַמען מיט זיינע מיניסטאָרען צו ברייננען די זאַך אין אָרדנונג און צו לעזען זי אין אַ פּראַקטישען וועג. נאָך אַ לאַנגער בעראַטונג האָט דער קייזער אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, דאָס די קאַנדידאַטען אויף ציוויל־שטעלעס אין דער רעגירונג האָבען דאָס רעכט צו דינען יעדער נאָר אין דער פּראָווינץ, אין וועלכער ער איז געבאָרען. פיר די אָפּהאַלטונג פון דעם שטאַאַטס־עקזאַמען איז כינא געוואָרען איינגעטיילט אין דריי גענעראַל־דיסטריקטען: אַ נאָרדליכער דיסטריקט, אַ צענטראַל־דיסטריקט און אַ זידליכער דיסטריקט. דערמיט איז דאָס פאָלק געוואָרען בערוהיגט.

צוליב אינערליכע רייסערייען, און בעזונדערס צוליב די אונרוהען, וואָס סוען־טסאַנג׳ס אַן אָנקעל האָט אַרויסגערופען, איז כינא געווען געצוואונגען אַרויסצורופען איהרע טרופּען פון טאָנקין אום איינצושטילען די אונרוהען, און דאָס האָט געפּיהרט דערצו, דאָס טאָנקין איז געוואָרען אויס כינעזישע פּראָווינץ, און איז געוואָרען צוריק אַ טריבוט־שטאַאט (ד. ה. אַ לאַנד, וואָס האָט נאָר געצאָהלט צו כינא אַ געוויסע סומע יעהרליך).

אין אַלגעמיין איז די רעגירונג פון סוען־טסאַנג געווען פרידליך און לויבענסווערט. זיין טראָן־פאָלגער איז געווען זיין 8־יעהריגער זוהן א י נ ג ־ ט ס אַ נ ג. אויף די צייט ביז זיין פול־יעהריגען אַלטער איז זיין גרויסמוטער די קייזערין טשאַנג־טשי געוואָרען בעשטימט אַלס רעגענטין. אָבער צוליב די אינטריגעס פון אַ געוויסען וואַנג־טשין האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע רייהע פון קריג און רייסערייען וועגען דער ירושה פון טראָן, אין וועלכע עס האָבען זיך אַריינגעמישט די מאָנגאָלען, און עס האָבען זיך אָנגעהויבען שטאַרקע מלחמות צווישען כינא און די מאָנגאָלען. מיר ווילען איבערהיפּען דיזע שלעכטע צייט פון דער כינעזישער געשיכטע, וועלכע איז פול מיט אינטריגעס, די צייט, אין וועלכער עס איז גאַנצע 7 יאָהר (1450—1457) זאָגאר קיין קייזער ניט געווען, און ווילען איבערגעהן צום יאָהר 1465, אין וועלכען יאָנג־טסאַנג איז געשטאָרבען און זיין זוהן ה י ע ן ־ ט ס אָ נ ג איז אַרויף אויף׳ן טראָן (1466—1488). אין זיין צייט האָט די מינג־דינאַסטיע דערגרייכט איהר העכסטען גלאַנץ, וואָס אָנבעטרעפט דאָס גליק פון לאַנד און זיין גרויסקייט. אָבער הגם דאָס פאָלק איז מיט איהם און זיין רעגירונג געווען זעהר צופרידען, האָט עס פּלוצלינג אָנגעהויבען רעבעלירען געגען איהם, ווייל ער האָט זיך ערלויבט צו גרינדען אָהן דער צושטימונג פון פאָלק, נאָר מיט זיין אייגענער מאַכט, אַן אינסטיטוציאָן אונטער דעם נאָמען „דער גרויסער ראַט", וועלכער האָט געהאַט אַליין דאָס רעכט צו ענטשיידען און צו לעזען אַלע פראַגען, וואָס אָנבעטרעפט טויט־שטראָף. דיזער ראַט האָט זיך באַלד גענומען אַ טיראַנישע מאַכט, וואָס האָט זיך באַלד געלאָזט פיהלען איבעראַל. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו רעבעלירען און היען־טסאָנג איז געווען געצוואונגען אָפּצושאַפען דעם ראַט, און זאָגאר בעשטראָפען אייניגע פון זיינע מיטגלידער מיט׳ן טויט פיר זייער טיראַניי.

נאָך אַ פעהלער, וואָס היען־טסאַנג האָט געמאַכט, האָט אויך אַרויסגערופען געגען איהם אַן אויפשטאַנד. די מיטגלידער פון דער קעניגליכער פאַמיליע האָבען פון איהם פערלאַנגט, אַז ער זאָל זיי אָפּגעבען פון דעם קעניגליכען גרונד־בעזיץ גרויסע לענדערייען, אום זיי זאָלען ווערען גרויסע גוטס-

בעזיצער און דערמיט ערווערבען אין לאנד א גרויסע מאכט. היען־טסאנג האט גוט געוואוסט, ווי ווייט שעדליך עס איז פיר דאס לאנד אזא מין אדעל, אויך האט ער גוט געוואוסט, אז דאס כינעזישע פאלק האט יאהרען־לאנג הארט געקעמפט געגען דעם אלטען פעאדאל־סיסטעם, און ער האט דעריבער ארויסגעלאזען אן עדיקט, דאס קיינער האט ניט דאס רעכט אנצואייגנען זיך גרונד מעהר ווי דאס אלטע געזעץ ערלויבט. אבער אין א קורצער צייט האט ער זיך געפיהלט געצוואונגען נאכצוגעבען דעם פערלאנג פון זיינע פערוואנדטע און האט זיי צוגעטיילט גרויסע שטרעקעס לאנד אלס זייער אייגענטום. דיזעס האט ארויסגערופען אין פאלק א שרעקליכען שטורם. די רעבעלען האבען ערקלערט אין זייער מאניפעסט: „עס איז א זינד, עס איז א פערברעכען געגען די געטליכע געזעצען און געגען די אלטע געזעצען פון אונזער פאלק, אז מען זאל אן איינציגען מענשען געבען אזוי פיעל לענדערייען, אויף וועלכע הונדערטער פאמיליעס קענען לעבען". היען־טסאנג איז געווען געצוואונגען צו טאן דעם ווילען פון פאלק.

היען־טסאנג האט געלאזט אויספיהרען וויכטיגע עפענטליכע ארבייטען. זיינטער זיין רעגירונג איז געגראבען געווארען דער קאנאל, וועלכער פעראייניגט פעקינג מיט דעם פעיהא, אזוי דאס די געטריידע־שיפען האבען געקענט קומען פון דעם טייך יאנג־טסע־קיאנג גלייך צו דער נארדליכער הויפטשטאדט פעקינג. ער האט געלאזט ארבייטען 50,000 סאלדאטען אום צו רעפארירען און פערשטארקען די בעוואוסטע כינעזישע מויער, און דערמיט האט ער פערשאפט דעם פאלק פיעל רוה, ווייל עס האט זיך דורך דעם געפיהלט פיעל זיכערער. ער האט געשיקט טרופען אין צענטראל־אזיען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין דער שטאדט האמי, וועלכע ער האט געמאכט פיר א וויכטיגען בעפעסטיגונגס־פונקט פון דער וועסטליכער זייט. היען־טסאנג איז געשטארבען אין יאהר 1487, און האט געלאזען דאס לאנד אין אזא רייכען און גליקליכען צושטאנד, אין וועלכען זי איז נאך קיינמאל פריהער ניט געווען.

זיינע נאכפאלגער: היאא־טסאנג (1488—1506), וואו־טסאנג (1506—1522), טשי־טסאנג (1522—1567), און מו־טסאנג (1567—1573), זיינען אלע געווען אויסגעצייכענטע הערשער, און ווערען אלע צוגערעכענט צו דער גליקליכער בליהענדער צייט פון דער מינג־דינאסטיע. מיר וועלען היר מיטטיילען פון זייער צייט נאר די וויכטיגסטע בעגעבענהייטען.

עס איז בעוואוסט, דאס מארקא פאלא און אנדערע רייזענדע זיינען צוגעקומען דורך די יבשה צום הויף פון מאנגאלישען קייזער. אונטער וואו־

טסאַנג זיינען שוין געקומען אייניגע אייראָפּעאישע זעע־פאַהרער דירעקט מיט'ן וואסער אין כינאַ. אין יאָהר 1517 איז אָנגעקומען דער פּאָרטוגעז דאָן פערנאַנד פּערעץ ד'אַנדראַדע מיט אַ פלאָטע אין דעם קאַנ־טאָן־טייך און די מאַנדארינען האָבען איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך. ד'אַנדראַדע האָט בעזוכט פּעקינג און איז דאָרט פערבליבען אייניגע צייט אַלס געזאַנדטער. מען האָט געקענט רעכנען, דאָס דער מסחר צווישען איי־ראָפּאַ און כינאַ זאָל זיך שטארק פערברייטערן. איז אָבער באַלד אָנגעקומען אין די כינעזישע וואסערן אַ צווייטע פלאָטע, וועלכע האָט דאָרט אָנגעפאַנ־גען צו בעטרייבען פערשיידענע רויבערייען און גוואַלדטאַטען. דער רעזול־טאַט דערפון איז געווען, דאָס דער קייזער וואו־טסאַנג האָט געהייסען ארעס־טירען ד'אַנדראַדע'ן, וועלכער איז אונטער דער רעגירונג פון וואו־טסאַנג'ס נאָכפאָלגער, טשי־טסאַנג, הינגעריכטעט געוואָרען (1523).

אונטער טשי־טסאַנג איז כינאַ ווידער געשטירצט געוואָרען אין שטאַר־קע מלחמות מיט אויסערע פיינד. אַ טאַטארען־הויפטלינג, יענטאַי, האָט פערזאַמעלט אַ מיליטערישע מאַכט ביי די גרענצען פון דער פּראָווינץ שאַן־סי. דיזער הויפּטלינג האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן ארמעע פון 100,000 רייטער און האָט אָנגעפאַנגען זעהר אָפט און זעהר שטארק צו בעאונרוהיגען כינאַ. ער האָט בערויבט איבער 40 דיסטריקטען און האָט מיט זיך אוועק־געפיהרט זעהר פיעלע רייכטימער און 200,000 געפאַנגענע. די נאָרדליכע פּראָווינצען זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי אונזיכער ווי אין דער צייט פון טשי־טסאַנג. אויך מיט יאַפּאַן האָט כינאַ דאַמאָלס געהאַט אַ זעהר ערנסטען שטרייט.

די יאַפּאַנעזער האָבען קיינמאָל ניט געקענט פערצייהען דעם אָנפאַל, וואָס קובלאַי כאַן האָט געמאַכט אין זייער לאַנד. די יאַפּאַנעזער זיינען פון נאַטור אַ זעהר קריגערישעס פאָלק. די כינעזישע געשיכטע־שרייבער שיל־דערן די יאַפּאַנעזער מיט פאָלגענדע ווערטער: „די יאַפּאַנעזער זיינען מענ־שען מיט זעהר שטארקע כאַראַקטערען. זיי האָבען ניט קיין מורא פאַר קיין זאַך, דאָס לעבען האָט ביי זיי אַ קליינעם ווערט, און זיי זיינען גרייט אָהן שרעק צו קוקען דעם טויט גלייך אין די אויגען. זאָגאַר ווען זיי זיינען שוואַך אין צאָהל, וועלען 100 פון זיי זיך שעמען צו ענטלויפען אפילו ווען דער פיינד וועט האָבען געגען זיי 1,000 מאַן, און ווען זיי זאָלען עס טאָן, וועלען זיי ניט וואגען צו קומען צוריק אין זייער פאַטערלאַנד. אַזעלכע געפיהלע־ענטוויקעלט מען אין זיי פון קינדהייט אָן, און דעריבער זיינען זיי אין שלאַכט אַזוי שרעקליך, דאָס אַלע ציטערן פאַר זיי". דער זיג, וואָס זיי

האָבען געהאַט איבער די מאָנגאָלען, האָט זיי צוגעגעבען אזוי פיעל שטאָלץ, דאָס זיי האָבען געקוקט אויף די כינעזער מיט פעראַכטונג און האָבען אָנגעהויבען זעהר אָפט ארויסשיקען שיפען אום צו פּאַראַליזירען דעם כינעזישען האַנדעל און צו בערויבען זייערע האַפען־שטעדט. אָבער ניט אַכטענדיג אויף דעם האָבען צווישען יאַפּאַן און כינא דאָך עקסיסטירט האַנדעלס־אינטערעסען. די כינעזישע רעגירונג האָט אָבער געמאַכט שווער דאָס אריינפיהרען פון יאַפּאַנעזישע וואַארע אין כינא, און צוליב דעם האָט זיך ענטוויקעלט דאָס שמוגעל־געשעפט (דער מסחר מיט קאָנטראַבאַנד), פון וועלכען ביידע פעלקער, די יאַפּאַנעזער און די כינעזער, האָבען געמאַכט גוטע געשעפטען. אָבער דאָס האָט ניט פערקלענערט דעם האַס צווישען דיזע ביידע פעלקער. עס איז געווען גענוג, דאָס איין כינעזער זאָל ניט בעצאָהלען א יאַפּאַנעזער פיר די וואַארע, וואָס ער האָט פון איהם גענומען אויף קרעדיט, אז עס זאָל זיך ענטוויקלען צווישען די ביידע נאַציאָנען א שרעקליכער קריג, א קריג, וועלכער האָט געדויערט גאַנצע פופציג יאָהר, און וועלכער האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די מאַכט פון דער מינג־דינאַסטיע.

## ב. דער אונטערגאַנג פון דער מינג־דינאַסטיע.

די רעגירונג פון וואַנלעי אין כינא האָט געדויערט א לאַנגע צייט, נעמליך פון 1573 ביז 1620. אין דיזער צייט איז דער גלאַנץ פון דער מינג־דינאַסטיע ארונטער. דאַמאָלס האָט זיך דער נאָרדליכער טאַטאַרען־שטאַם פון די מאַנדזשוס געמאַכט פיר זיין אויפגאַבע וויעדער אונטערצוואַרפען כינא אונטער זיין הערשאַפט.

באַלד נאָך דעם, ווי וואַנלעי איז אַרויף אויף'ן טראָן, איז די פיינדשאַפט צווישען כינא און יאַפּאַן געוואָרען זעהר ערנסט. א געוועזענער יאַפּאַנעזישער שקלאַף פ אַ ש י ב אַ, בעקאַנט ביי די יאַפּאַנעזער מיט'ן נאָמען טאַיקאָ סאַמאַ, און צווישען די כינעזער מיט'ן נאָמען פינג־סיו־קי, איז דורך זיינע גרויסע פעהיגקייטען און אונגעוועהנליכער ענערגיע אַרויפגעשטיגען זעהר הויך, און אום צו בעפרידיגען זיין גרויסען עהרגייץ האָט ער פאָרגעשלאָגען צו ערָאבערן כינא. ער האָט געהאָפט, דאָס איהם וועט געלינגען דיזען פּלאַן דורכצופיהרען מיט דער הילף און פערמיטלונג פון קאָרעאַ. ער האָט געשיקט צום קעניג פון קאָרעאַ, ליפּאַן, א בריף מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „איך וועל שאַפען א מעכטיגע אַרמעע און וועל מיט איהר בעפאַלען דאָס לאַנד פון דעם גרויסען מינג, און וועל בעזיגען אַלע 400 פּראָווינצען. איך האָף, דאָס קאָרעאַ וועט געהן אין דעם פראָנט פון מיין אַרמעע אום איך

זאָל קענען דיזען צוועק דערגרייכען. איך גלויב, דאָס מיינע ערוואַרטונגען וועלען ערפילט ווערען; מיין פריינדשאַפט צו אייער ווירדיגען לאַנד הענגט אָפּ פון דעם, ווי איהר וועט האַנדלען, ווען איך וועל פיהרען מיין אַרמעע געגען כינאַ".

הגם פּאַשיבאַ האָט גערעכענט, דאָס קאָרעאַ וועט איהם העלפען שטרייטען מיט כינאַ, האָט ער פון דעסטוועגען פריהער פון אַלעם אָפּגענומען פון קאָרעאַ איהר וויכטיגען האַפען פושאַן. נאָך דעם, ווי די יאַפּאַנעזער האָבען דאָ געהאַט אַ פעסטען פוס, איז פּאַשיבאַ מיט אַלע זיינע טרופּען אריין אין קאָרעאַ, און האָט בעהאַנדעלט דאָס פאָלק אַלס פיינד, ווייל עס האָט איהם ניט געוואָלט העלפען צו עראָבערן כינאַ. די שוואַכע און ניט דיסציפּלינירטע קליינע אַרמעע פון די קאָרעאַנער איז איבעראַל לייכט בעזיגט געוואָרען פון די יאַפּאַנעזער, וועלכע האָבען באַלד בעזיגט אויך די הויפּטשטאָדט און דער קעניג ליפּאַן איז ענטלאָפען אין כינאַ און געבעטען הילף פון קייזער וואַנלעי, וועלכע האָט דיזע הילף באַלד פערשפּראָכען.

עס איז באַלד בעשאַפען געוואָרען אַן אַרמעע, וועלכע איז געגאַנגען נאָך קאָרעאַ צו הינדערן די יאַפּאַנעזער פאָרטצוזעצען זייער מאַרש אויף כינאַ. דערווייל האָבען די יאַפּאַנעזער פאָרטגעזעצט זייער מאַרש אויף כינאַ, און ווען זיי האָבען דערלאַנגט די שטאָדט פינג-יאַנג, 400 מייל ווייט נאָרדליך פון פושאַן, האָט זיי בעגעגענט די כינעזישע אַרמעע. דאָ איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, וועלכע די יאַפּאַנעזער האָבען געוואונען. אָבער די כינעזער זיינען דאָך ניט געווען בעזיגט. מען האָט אָנגעהויבען אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. דערווייל האָבען ביידע שונאים אָנגעזאַמעלט פרישע קרעפטען. עס איז פאָרגעקומען אַ צווייטע גרויסע שלאַכט ביי פינג-יאַנג, און דיזען מאָל האָבען געזיגט די כינעזער און האָבען פערטריבען די יאַפּאַנעזער פון דיזער שטאָדט.

אויף דער צווייטער פעלדצוג איז געווען גליקליך פיר די כינעזער. דער פעלדהערר פון די כינעזער לי-יו-סאָנג האָט צוקלאַפּט די יאַפּאַנעזישע אַרמעע און האָט פערכאַפּט אַלע מאַגאַזינען פון פּראָוויאַנט, וואָס זיי האָבען געהאַט אין דער אומגעגענד פון דער קאָרעאַנישער הויפּטשטאָדט סאָאול, און האָט אַ טייל צוגענומען און אַ טייל פערניכטעט. דיזע נידערלאַגע האָט געצוואונגען די יאַפּאַנעזער צוריקצוקעהרען זיך נאָך פושאַן; זיי האָבען עס אָבער געמאַכט אַזוי געשיקט, דאָס די כינעזער האָבען אויף זיי ניט געקענט מאַכען קיין אָנגריף. מען האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. דיזע אונטערהאַנדלונגען האָט פּאַשיבאַ אונטערבראָכען, ווייל ער

האָט איינגעזעהען, דאָס די כינעזער זיינען דערין געווען פאַלש; ער האָט גענומען פאַרטזעצען דעם קריג מיט מעהר חשק. ער האָט זיך פערשאַפט אַ פלאָטע פון 200 שיפען און האָט אָנגעהויבען אויף דאָס ניי דעם שטרייט מיט די כינעזער. אין פערלויף פון דיזען שטרייט איז דאָס גליק געווען אַמאָל אויף דער זייט פון די יאַפּאַנעזער און אַמאָל אויף דער זייט פון די כינעזער. אָבער אין מיטען דעם קריג איז פּאַשיבאַ געשטאָרבען און די זאַך האָט גענומען אַן אַנדער ווענדונג. די יאַפּאַנעזער האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין זייער היים מיט גרויסע רייכטימער, וואָס זיי האָבען אָנגערויבט אין קאָרעא, און מיט די אויערן, וואָס זיי האָבען אָפּגעשניטען פון 10,000 קאָרעאנער. אויך די כינעזער האָבען זיך צוריקגעקעהרט, איבערלאָזענדיג דעם קאָרעאַנישען קעניג אַליין פעסטצושטעלען זיין צווייפעלהאַפטע מאַכט. די כינעזער האָבען זייער צוועק דערגרייכט, ווייל זיי האָבען דאָך מעהר ניט געוואָלט ווי צו הינדערן דעם אָנפאַל פון די יאַפּאַנעזער אויף כינאַ. אַזוי האָט זיך געענדיגט דער קריג אויף קאָרעא, וועלכער האָט געדויערט גאַנצע זיעבען יאָהר.

אונטער דער רעגירונג פון וואַנלעי איז דער האַנדעל צווישען כינאַ און אייראָפּאַ געוואָרען בעדייטענד און לעבעדיג. די פּאָרטוגעזען זיינען געווען די ערסטע, וואָס האָבען אָנגעפאַנגען צו מאַכען געשעפטען מיט כינאַ. און דאָס איז פיר דיזען מסחר געווען אַן אונגליק, ווייל די כינעזער האָבען אויף זיי געהאַט אַ חשד, דאָס זיי זיינען שפּיאָנען און זיי מיינען ניט קיין מסחר, נאָר צו פערניכטען דאָס לאַנד מיט שווערד און פייער. שוין אין יאָהר 1560 האָבען די פּאָרטוגעזען בעקומען פון די כינעזישע בעאַמטע די ערלויבניס צו גרינדען אַ קאָלאָניע אין מאַקאַאָ און צו בויען מאַגאַזינען פיר זייערע סחורות. אין אַ קורצער צייט איז די קאָלאָניע אויפגעוואַקסען און האָט געצעהלט ביז 600 פּאָרטוגעזישע קויפלייט, וועלכע האָבען בעקומען די מאָנאָפּאָל פון האַנדעל אויף דעם קאַנטאָן־טייך פיר אַ סומע פון 500 טאַעלס, וואָס זיי האָבען געגעבען יעהרליך צו דער כינעזישער רעגירונג. דיזער טייך איז דאַמאָלס געווען דער איינציגער צוגאַנג אין כינאַ פיר דעם אויסלענדישען האַנדעל. אָהן צווייפעל האָבען די פּאָרטוגעזען געמוזט אויסער דער אויבען־גענאַנטער סומע אויך די מאַנדאַרינען עטוואָס געבען פיר דיזע מאָנאָפּאָל.

נאָך די פּאָרטוגעזען זיינען געקומען די שפּאַניער אין כינאַ צו מאַכען געשעפטען. ווי אין אַמעריקאַ, אַזוי האָבען אויך אין אַזיען דיזע צוויי בלוט־דורסטיגע, רויבערישע, באַרבאַרישע און ברוטאַלע פעלקער געזוכט דורכצופיהרען זייערע שענדליכע רויבערישע אַבזיכטען. די שפּאַניער האָבען גע-

גרינדעט זייער הויפט־קווארטיר ניט אויף'ן פעסטלאנד, נאר אויף די פיליפ־פינישע אינזלען, וועלכע געהערען היינט צו אמעריקא. דיזע אינזלען זיינען שוין לאנג געשטאנען אונטער דעם איינפלוס פון כינא, וועלכע האט דורך איהר אינדוסטריע און האנדעל זיי געבראכט אין א בליהענדען צושטאנד. צווישען די קאלאניסטען אויף די פיליפפינען זיינען די כינעזער געווען די מעהרצאהל. אום צו בעפרייען זיך פון דער קאנקורענץ פון די פלייסיגע, ארבייטזאמע כינעזער, האבען די שפאניער בעשלאסען צו מאכען פיר די כינעזער אין דער בארטהאלאמעער־נאכט א בלוט־באד. 20,000 רוהיגע כי־



דאס אבסערוואטאריום אין פעקינג.

נעזישע קאלאניסטען זיינען ווי די שאף אויסגעשלאכטעט געווארען. זיי איז עס ניט שווער אנגעקומען, ווייל די כינעזער זיינען ניט געווען אלע אין איין ארט, נאר זיי זיינען געווען צושפרייט אין פערשיידענע ערטער אויף'ן אינזעל. עס האבען איינגעוואנדערט נייע כינעזער אין א גרעסערער צאהל, און עס האבען זיך אנגעהויבען נייע שחיטות. הונדערטער יאהרען האבען די שפאניער געהערשט אין מאנילא (אין די פיליפפינען) מיט פייער און שווערד, ביז די פיליפפינען אינזלען זיינען אונטערגעפאלען (1898) אונטער די פרייע

און הומאַנע פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא (יונייטעד סטייטס). עס איז קיין וואונדער ניט, דאָס אין דער גאַנצער וועלט ווערט קיין פאָלק ניט אזוי פעראַכטעט ווי דאָס שפּאַנישע.

די רויבערישע פּאָרטוגעזען האָבען ארויסגעטריבען אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע סוחרים פון די כינעזישע וואסערן. די האָללענדער האָבען זיך געמוזט צוריקציהען צו דער אינזעל פאָרמאָזא. די ענגלענדער און די פראַנצויזען פלעגען זעלטען קומען אַהין. מען דאַרף ניט פערגעסען, דאָס דער ענגלישער קאַפּיטאַן ווערדעל איז געווען דער ערסטער, וואָס האָט ענטדעקט דעם קאַנטאָן־טייך און האָט בעזוכט קאַנטאָן.

עס איז לייכט צו פערשטעהן, ווארום די כינעזער האסען פון יענער צייט אָן אַלע אייראָפּעער, ווארום זיי האָבען אימער צוריקגעוויזען אַלע פּלענער פון האַנדעלס־בעדינגונגען מיט זיי. די פּאָרטוגעזען און די שפּאַניער האָבען זיי געגעבען צו פערשטעהן דעם טעם פון דער אייראָפּעאישער קולטור, וועלכע האָט ביי זיי ארויסגערופען אַן עקעל צו אַלעס, וואָס איז אייראָפּעאיש; דערפאַר אָבער האָבען די כינעזער זעהר פריינדליך אויפגענומען די יעזואיטישע מיסיאָנערען, וועלכע די רוימישע קירכע האָט געשיקט אין 16טען און 17טען יאָהרהונדערט אין כינא מיט׳ן צוועק צו בעקעהרען זיי צום קריסטענטום. צווישען די יעזואיטען זיינען דאַמאָלס געווען מיקעל ראָזשער און מאַטטהאָאוס ריטשי. דיזע זיינען געווען וועלט־מענער, געשיקטע מעכאַניקער און אַסטראָנאָמען, מיט אַ גלייכען פּראַקטישען בליק פיר די לעבענס־פראַגען, ווי אויך פיר זייערע רעליגיעזע צוועקען. די כינעזער האָבען באַלד דערזעהען דעם גרויסען אונטערשייד צווישען די רויבערישע פּאָרטוגעזען און דיזע געבילדעטע פּאַכלייט. זיי האָבען באַלד איינגעזעהען, וואָס פיר אַ גרויסע נוצען דאָס לאַנד קען ציהען פון זייער אינטעליגענץ און זייערע קענטניסען. די יעזואיטען האָבען זיך צוערסט געגומען אויסצובעסערן דעם כינעזישען קאַלענדער און צו פערריכטען אייניגע אַסטראָנאָמישע טעות׳ן. דיזע ארבייט האָט זיי איבערגעגעבען דער כינעזישער מיניסטער פון דעם קייזער וואַנלעי, לי־טשי־טסאָא, וועלכער האָט געשטעלט דאָס קייזערליכע אָבסערוואַטאָריום אונטער זייער אויפזיכט. זיי האָבען דערפאַר בעקומען אַ גלענצענדע בעלוינונג. אַלס מיסיאָנערען האָבען זיי געהאַט ווענעיג ערפאָלג, וויל די כינעזער זיינען אין אַלגעמיין זעהר גלייכגילטיג אין רעליגיאָן־זאַכען, און קריסטענטום האָט פיר זיי ניט געקענט האָבען קיין צוציהונג צוליב די אָפּשרעקענדע ביישפּילען פון דער קריסטליכער מאָראַל, וואָס די פּאָרטוגעזען און די שפּאַניער האָבען זיי געצייגט.

וואַנלעי האָט די לעצטע יאָהרען פון זיין רעגירונג זעהר פיעל געליטען פון אַ נייעם פיינד, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג בעוויזען אין די נאָרדליכע גרענצען פון לאַנד. זיי האָבען אָנגעהויבען צו בעפאַלען כינאַ, און דיזעס האָט געפיהרט צו אַ קריג, וועלכער האָט געדויערט גאַנצע 20 יאָהר, און האָט זיך געענדיגט מיט דער עראָבערונג פון כינאַ. מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס די מאַנדזשו זיינען געווען פערוואַנדטע מיט דער קין־דינאַסטיע, וואָס די כינעזער האָבען פערטריבען פון זייער לאַנד. די מעהר ענערגישע און מוטיגע מיטגלידער פון דער אַרויסגעטריבענער קין־דינאַסטיע זיינען אַוועק אין דיווילדע געגענד נאָרדליך פון לעאַו־טאָנג, וועלכע איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען מאַנדזשוריאַ. דאָ האָבען די אַרויסגעטריבענע פון כינאַ ווידער זיך גענומען צו זייער אַלטער אַרט לעבען, נעמליך צו זיין נאָמאַדען (זיך בעשעפטיגען מיט פיהצוכט). דאָ זיינען זיי צוטיילט געוואָרען אויף פערשיידענע שטאַמען, וועלכע האָבען פערלאָרען זייער נאַציאָנאַלען פערבאַנד, און זיינען געוואָרען כמעט אונשעדליך פיר כינאַ. פון איינעם פון דיזע שטאַמען, וועלכער האָט זיך גערופען מיט'ן נאָמען „טסינג", איז אַרויסגעקומען די לעצטע הערשענדע פאַמיליע אין כינאַ, וועלכע איז ניט לאַנג (אין יאָהר 1912) אַרונטערגעזעצט געוואָרען, ווען כינאַ איז געוואָרען אַ רעפובליק. זייער וואוינאָרט איז דאַמאָלס געווען אונגעפעהר 30 מייל אָסטליך פון דער שטאָדט מוקדען. דיזער אָרט איז פיר זיי געווען זעהר גינסטיג, ווייל פון דאַנען איז זיי געווען לייכט אָנצוגרייפען דאָס האַרץ פון כינאַ.

דער ערסטער הויפּטלינג פון דעם מאַנדזשו־שטאַם איז געווען איינער מיט'ן נאָמען אַיזין גיאָראָ. דאָס איז געווען אין דעם מיטען פון 14טען יאָהרהונדערט, אין דער צייט, ווען האָנג־וואו, דער גרינדער פון דער מינג־דינאַסטיע, האָט אַרויסגעטריבען די מאָנגאָלען פון כינאַ. פינף דורות שפּעטער, אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון וואַנלעי, איז דער הויפּטלינג פון די מאַנדזשו געווען איינער פון די נאָכפאָלגער פון אַיזין גיאָראָ מיט'ן נאָמען הוען. דער עניקעל פון דיזען, דער גרויסער נ אָ ר ה אַ ט ש ו, איז געבאָרען געוואָרען אין 1559. שוין אַלס אינגעל האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע אונגעוועהנליכע גייסטיגע פעהיגקייטען. אויך זיין קערפּערליכע קראַפט איז געווען אויסערגעוועהנליך, און זיין מוט און זיין ענטשלאָסענהייט האָבען ניט געהאַט צו זיך קיין ביישפּיל. ער איז געווען בעגאַבט מיט אַלע גרויסע מעלות, מיט וועלכע עס צייכנען זיך אויס אַלע גרויסע ערזאָבערער.

אַ הויפטלינג מיט'ן נאָמען האידאַ האָט אויפגעמונטערט צו קריג די ניוטשע=שטאַמען. אום צו בעפרידיגען זיין עהרגייץ אָדער זיין געפיהל צו בלוטראַכע איז ער מיט דער הילף פון איינעם פון די ערסטע כינעזישע בעאַמטע בעפאַלען דאָס געביט פון זיינע נאַכבאַרען. ער האָט געהאַט גרויס ערפאָלג, און דאָס האָט איהם צוגעגעבען מוט אָנצוגרייפען דעם הויפטלינג פון גאָאָלאָ, וועלכער איז געווען פערהייראַט מיט דער קוזינע פון דעם גרויסען נאָארהאַטשו. דער הויפטלינג האָט גלייך געבעטען הילף פון נאָאָרהאַטשו; דער גאַנצער מאַנדזשו=שטאַם איז געגאַנגען גאָאָלאָ צו הילף. אין דיזען שטרייט האָט נאָאָרהאַטשו געהאַט די מעגליכקייט אַרויסצוצייגען זיין קריגערישע פעהיגקייט. האַידאַ צוזאַמען מיט די כינעזער האָבען זיך באַלד איבערצייגט, דאָס זיי וועלען גאָרניט אויספיהרען, און האָבען דעריבער געפרובט צו געווינען דעם קריג מיט בעטרוג. האַידאַ האָט פערנאַרט דעם אַלטען הוען און זיין זוהן, דעם פאָטער פון נאָאָרהאַטשו, צו אַ צוזאַמענקונפט און האָט זיי ביידע מיט פיעלע פון זייערע בעגלייטער געלאָזט ערמאָרדען. פיר דיזען ברוטאַלען מאָרד פון זיין פאָטער און זיידען האָט נאָאָרהאַטשו בעשלאָסען צו נעהמען פירכטערליכע ראַכע. ער האָט געגעבען אַ שבועה, אַז ער זאָל מקריב זיין צו די נשמות פון זיינע עלטערן 200,000 כינעזער. הגם האַידאַ'ן איז געלונגען מיט דער הילף פון די כינעזער צו ווערען כאַן איבער אַלע ניוטשע=שטאַמען, האָט איהם דאָך נאָאָרהאַטשו בעזיגט, האָט איהם גענומען געפאַנגען און האָט איהם ערמאָרדעט.

נאָכדעם האָט נאָאָרהאַטשו געוואָלט ווערען דער כאַן איבער די ניוטשע=שטאַמען אָנשטאָט האַידאַ'ן. דיזע אָבער האָבען איהם ניט געוואָלט האָבען אַלס כאַן איבער זיי און זיינען אַרויס געגען איהם מיט 30,000 מאַן. נאָאָרהאַטשו האָט נאָר געהאַט 4,000 מאַן. דיזע זיינען אָבער געווען פיעל בעסער דיסציפלינירט און זיי האָבען בעזיגט די 30,000 סאָלדאַטען פון דעם ניוטשע=שטאַם. נאָכדעם האָט ער בעזיגט נאָך איינינגע הויפטלינגען פון זיינע פיינד און האָט זיין מאַכט אַזוי פערגרעסערט, דאָס ער איז געווען אין שטאַנד אַרויסצושטעלען אין שלאַכטפעלד 40,000 גוט דיסציפלינירטע סאָלדאַטען. די אויפשטייגונג פון די מאַנדזשו צו אַ מיליטער=שטאַאַט האָט זעהר פיעל עהנליכקייט מיט דער אויפשטייגונג פון די פרייסען אין אייראָפּאַ. נאָאָרהאַטשו האָט אויפגעהויבען זיין פאָלק צו גרויסקייט נאָר דורך שפּאַרזאַמקייט און דורך זיין וואונדערבאַרע מיליטערישע אָרגאַניזאַציאָן.

דאַן האָט נאָאָרהאַטשו אָנגעפאַנגען זיינע אָנפאַלען אויף כינאַ. די כינעזישע קייזאָרים פון דער מינג=דינאַסטיע האָבען געהאַלטען דיזע אָנפאַ-

לען פיר ניט וויכטיג, ניט געפעהרליך, און האָבען געגען זיי ניט אָנגעווענדט די נעטיגע קראַפט און מיטלען. די כינעזער, ד. ה. די מינג־קיסרים, האָבען געשפּאָט פון די מאַנדזשו. אין יאָהר 1618 איז נאָרהאַטשו בעפאַלען לעאו־טאָנג און האָט מיט זיין זיג אַזוי איבערראַשט די כינעזער, דאָס זיי האָבען פערלאָרען דעם מוט צו שטעלען זיך געגען איהם. ער האָט אַיינגענומען די שטאָדט פו־שאָן און האָט זי בעשטימט פיר אַ הויפּט־קוואַרטיר פיר די מאַנדזשו־פירסטען. פון דיזער שטאָדט האָט ער געשיקט זיינע פאָדערונגען צום גובערנאַטאָר פון לעאו־טאָנג. ער האָט נעמליך געפאָדערט פון גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל איהם צושיקען געוועהר און שפּייז, וועלכע ער האָט געהאַט נעטיג פיר זיינע סאָלדאַטען, און האָט איהם דערפאַר צוגעזאָגט, דאָס ער וועט זיך באַלד צוריקציהען און מעהר ניט פיהרען קיין שטרייט. די כינעזער אָבער האָבען ניט פערשטאַנען ווי גרויס עס איז זיין מאַכט און האָבען איהם בעהאַנדעלט מיט שטאָלץ. זיי האָבען געשיקט געגען איהם אַן אַרמעע אום צו פערטרייבען איהם גיך פון לעאו־טאָנג. זיי האָבען זיך אָבער באַלד איבערצייגט, ווי וויט די מאַנדזשו שטעהען העכער פון זיי אין דער קריגס־קונסט. נאָרהאַטשו האָט געשלאָגען די כינעזער איינִיגע מאָל, און זאָגאַר די בעסטע כינעזישע טרופּען זיינען צולאָפען פון דער מערקווירדיגער קאַוואַלעריע פון די מאַנדזשו.

דאַן האָט זיך נאָרהאַטשו געוואָרפען מיט אַלע זיינע קרעפטען אויף זיינע פיינד. ער האָט געהאַט אַן אַרמעע פון 60,000 מאַן גוט דיסציפּלינירטע, און זיין גלענצענדער טאַלענט אַלס פעלדהערר האָט איהם פערשאַפט אַ לאַנגע רייהע פון זיגען איבער זיינע פיינד. ווי אַלע גרויסע קריגס־העלדען האָט ער ניט געגעבען זיינע פיינד קיין צייט צו שטאַרקען זיך אַ ביסעל נאָך זייערע נידערלאַגעס. ער האָט זיי קיין רוה ניט געגעבען, נאָר ער האָט זיי געשלאָגען כסדר איינעם נאָך׳ן אַנדערען. ווען וואַנלעי איז געשטאָרבען (אין יאָהר 1620) זיינען שוין אין דעם קריג געוועזן געפאַלען 310 הויכע אָפיצערען און 45,000 סאָלדאַטען. אויסער דעם זיינען פון זיי אָפּגעפאַלען 5,000 קאָרעאַנער און זיינען איבערגעגאַנגען צו די מאַנדזשו. דאָס איז געוועזן דער אָנפאַנג פון דעם אונטערגאַנג פון דער מינג־דינאַסטיע. די לעצטע קיסרים פון דיזער דינאַסטיע: קוואַן־טסאָנג (1620—1621), טשי־טי (1621—1624), הי־טסאָנג (1624—1628) און האַי־טסאָנג (1628—1644), האָבען נאָר געקענט אַ ביסעל פערלענגערן די צייט פון זייער דינאַסטיע, אָבער ניט אָפּהאַלטען איהר אונטערגאַנג.

אין יאָהר 1621 האָט נאָרהאַטשו איינגענומען מוקדען, וועלכע ער האָט בעשטימט פיר זיין רעזידענץ פון דעם נאָרדליכען רייך, וואָס ער האָט געגרינדעט. די כינעזער האָבען זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט צו עראָבערן צו-ריק די שטאָדט, אָבער עס האָט זיי קיין זאַך ניט געהאָלפען. די פּאָרטוגעזען פון מאַקאַאָ האָבען זיי געשיקט 200 מאַן מיט פייער-געוועהר און קאַנאָנען, אָבער די כינעזער האָבען ניט פערשטאַנען וויפיעל נוצען דאָס האָט זיי געקענט פערשאַפען און האָבען מיט שפּאָט אָפּגעשיקט דיזע קריגס-מיטלען צוריק אין מאַקאַאָ. נאָר די קאַנאָנען האָבען זיי איבערגעלאָזען און האָבען זיך בענוצט מיט די יעזואיטען צו גיסען נאָך אַנדערע קאַנאָנען. אָבער אויך מיט דער הילף פון דיזער אַרטילעריע האָבען זיי מוקדען ניט געקענט צוריק-נעהמען. נאָרהאַטשו האָט געמאַכט מוקדען פיר דעם גרונד-פּונקט פון זיין פּלאַן, נעמליך: צו עראָבערן די שטאָדט לעאו-טאַנג, וועלכע איז געווען די הויפּטשטאָדט פון דער פּראָווינץ לעאו-טאַנג, ווייל דער גובערנאַטאָר פון דיזער פּראָווינץ האָט איהם פערשאַפט מיט זיין ווידערשטאַנד זעהר פיעלע צרות. איהם איז געלונגען דיזע פעסטונג צו עראָבערן און דאַן האָט ער אַהין איבערגעטראָגען זיין רעזידענץ. אין סעפּטעמבער 1626 איז נאָרהאַטשו געשטאָרבען, און די כינעזער האָבען געהאָפט, דאָס יעצט וועט זיי געלינגען צוריקצושטויסען די מאַנדזשו, אָבער נאָרהאַטשו'ס פערטער זוהן, ט אַ י - ט ס אַ נ ג, האָט פאָרטגעזעצט די עראָבערונגס-פּלענער פון זיין פאָטער מיט דער זעלבער ענערגיע.

דעם ערסטען פעלדצוג האָט טאַי-טסאַנג געמאַכט געגען קאָרעא. ער האָט געצוואונגען דעם קעניג פון קאָרעא, אַז ער זאָל זיך ענטזאַגען פון דער שוץ-הערשאַפט פון די מינג און אַרונטערגעהן אונטער דעם שוץ פון די מאַנ-דזשו. דאָס איז פיר איהם געווען זעהר וויכטיג, ווייל די כינעזער האָבען דורך דעם פערלאָרען איינעם פון זייערע וויכטיגסטע בונדס-חברים. די כי-נעזער האָבען אַרויסגעשטעלט געגען די מאַנדזשו דעם טיכטיגען און מוטיגען קריגס-קאָמאַנדיר ט ש ו נ ג - וו אַ ן, וועלכער האָט מוטיג פערטיידיגט די גרענעץ-פעסטונג נינג-יוען און האָט אויך געהאַט איניגע וויכטיגע זיגען איבער די מאַנדזשו. אָבער טאַי-טסאַנג האָט געפּאַסט אַ ריזיקאַלישען פּלאַן, נעמליך: ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן, מיט וועלכע ער איז אַרומגעגאַנגען די פעסטונג נינג-יוען און האָט גלייך מאַר-שירט נאָך פּעקינג. טשונג-וואַן האָט זיך דערפון באַלד דערוואוסט און ער האָט זיך געאיילט צו קומען בעצייטענס אין פּעקינג צו פערטיידיגען די רע-זידענץ. טאַי-טסאַנג האָט גוט פערשטאַנען די גרויסע פעהיגקייטען און

דעם טאַלענט פון טשונג־וואַן, און האָט מורא געהאַט אָנצופאַנגען געגען פּע-קינג עטוואָס ערנסטעס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט זיינע טרופּען נאָ-הענט פון פּעקינג, און פון דאָרט האָט ער אָנגעפאַנגען צו קניפּען געגען טשונג־וואַן פערשיידענע אינטריגעס אום צו שטירצען איהם. מען האָט איהם בעשולדיגט, דאָס ער האָט געהאַט געהיימע פערבינדונגען מיט די מאַנדזשו.



בעשווערונג פון אַ געץ דורך אַ טאַאָ־פּריסטער.

דער קייזער פון כינאַ האָט געגלויבט דיזע בעשולדיגונגען, ווייל טשונג־וואַן איז ווירקליך געווען זעהר מעכטיג, אַזוי דאָס דער קייזער האָט פאַר איהם זעהר מורא געהאַט. מען האָט איהם אַרונטערגעזעצט פון זיין אַמט און אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס, וואו ער איז געשטאָרבען. פּעקינג איז גע-

בליבען אָהן אַ פעהיגען פערטיידיגער. אָבער צום גליק פון די כינעזער האָט טאַי־טסאָנג אויפגעגעבען די בעלאַגערונג און איז אַוועק צוריק הינטער דער גרויסער מויער. די אורזאַך, וואָס האָט איהם געצוואונגען אויפצוגעבען די בעלאַגערונג, איז ניט בעקאַנט. עס קען אָבער אויך זיין, דאָס ער האָט דערהערט, אַז אין זיין לאַנד, אין נאָרד, האָבען זיך געמאַכט אונרוהען און אויפשטאַנדען, און ער האָט זיך געמוזט אײַלען צוריק אין נאָרד.

טאַי־טסאָנג איז געווען ניט נאָר אַ טיכטיגער פעלדהערר, ער איז אויך געווען אַן אויסגעצייכענטער דיפלאָמאַט. ער האָט געזוכט צו מאַכען זיך בעליבט ביים כינעזישען פאָלק. ער האָט געגרינדעט אין כינאַ שולען, אין וועלכע מען האָט געלערנט די כינעזישע שפראַך, און האָט אָנגענומען דאָס כינעזישע סיסטעם פון די עפענטליכע עקזאַמענס נאָך די פרינציפּען פון קאָנפוציוס. ער האָט געגעבען מיליטערישע עמטער און ציוויל־שטעלעס צו כינעזישע בעאַמטע, און האָט זיי זאָגאַר געגעבען העכערע שטעלעס ווי די, וועלכע זיי האָבען פערטרעטען אין כינאַ. דיזע פּאָליטיק האָט געפיהרט דערצו, דאָס פיעלע אײַנפלוסרייכע כינעזער האָבען פערלאָזען דעם זינקענדען שטערן פון דער מינג־דינאַסטיע און זיך געקעהרט צום אויפגעהענדען שטערן פון די מאַנדזשו. אָבער וויכטיגער איז געווען פיר טאַי־טסאָנג די מיינונג, וועלכע האָט זיך פערשפּרייט אין כינאַ, דאָס ער וויל ווערען אַ פירסט פיר זיין פאָלק נאָך דער אַרט און ווייזע ווי די כינעזישע קיסרים. דאָס איז געווען דער בעסטער מיטעל פאָרצובערייטען דעם באָדען פיר די עראָבערונג פון כינאַ, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, דאָס די גאַנצע מאַכט אין כינאַ געפינט זיך אין די הענט פון פאָלק. פיער יאָהר האָט ער זיך געהאַלטען ביי דיזער פּאָליטיק. אין דער זעלבער צייט האָט ער געלערנט די קריגס־קונסט מיט זיינע סאָלדאַטען, וועלכע ער האָט אימער מעהר און מעהר פערגרעסערט אין צאָהל. ער האָט געשאַפען אַ מעכטיגע אַרטילעריע, ער האָט געלאָזען גיסען די גרעסטע קאַנאָנען, וועלכע האָבען שפּעטער געהאָלפען די מאַנדזשו צו געווינען זעהר וויכטיגע זיגען.

יעצט האָט זיך טאַי־טסאָנג גענומען צו עראָבערן כינאַ. ער האָט לייכט אײַנגענומען די פּראָווינצען שאַן־סי און פּע־טשי־לי, אָבער זיין צוג נאָך פּעקינג האָבען געהינדערט די שטאַרקע פעסטונגען נינג־יוען און שאַן־האַי־קוואַן, וועלכע זיינען געווען אין דער גרויסער מויער. דיזע ביידע פעסטונגען האָבען שטאַרק געשיצט פּעקינג פון דער נאָרד־זייט. זיי זיינען געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון וואו־סאַן־קוויי, אַן אויסערגעוועהנליך טאַלענטפולער קריגס־קאָמאַנדיר, דער גרעסטער פעלדהערר, וואָס די נייערע גע-

שיכטע פון כינא קען אויפווייזען. נאָך אַלע אָנשטרענגונגען איז עס טאַי־מסאַנג'ן ניט געלונגען צו עראָבערן דיזע פעסטונגען. אין יאָהר 1643 איז ער געשטאָרבען פון א שווערער קראַנקהייט אין מוקדען אין עלטער פון 52 יאָהר. זיין טראָן האָט בעשטיגען זיין קליינער זוהן, וועלכער איז נאָך ניט געווען פוליעהריג.

פערצעהן יאָהר האָט געדויערט דער קריג צווישען די מאַנדזשו און די כינעזער, אָהן ערפאָלג פיר די מאַנדזשו. ענדליך איז ענטשטאַנען אין כינא אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט געגעבען דער זאַך א גאַנץ אַנדער ווענדונג. די לעצטע קיסרים פון דער מינג־דינאַסטיע האָבען געפיהרט זייער רעגירונג זעהר שלעכט, אזוי דאָס די כינעזער זיינען געוואָרען מיט זיי זעהר אונצופרידען. עס זיינען ענטשטאַנען זעהר אָפטע אויפשטאַנדען, וועלכע האָבען זיך פערברייטערט מעהר און מעהר. צווישען די רעבעלען האָט זיך אויסגעצייכענט דער זוהן פון א בויער מיט'ן נאָמען לי־טסע־טשינג, וועלכער האָט געהאַט פיעל מיליטערישע קענטניס און טאַלענט. דיזער האָט באַלד געבילדעט א גרויסע אַרמעע און האָט זיך געשטעלט אָן דער שפיץ. דער קייזער האַי־טסאַנג האָט פאַר איהם געהאַט מעהר מורא ווי פאַר די מאַנדזשו. לי־טסע־טשינג האָט איינגענומען איין פעסטונג נאָך דער אַנדערער, האָט בעזיגט אין יעדער שלאַכט די קייזערליכע טרופען, וועלכע מען האָט געשיקט געגען איהם, און האָט געוואוסט צו געווינען פיר זיך די פאָלקס־מאַסען, אַזוי דאָס נאָך דעם, ווי ער האָט איינגענומען א דריטעל פון גאַנצען לאַנד, האָט ער זיך פראָקלאַמירט אַלס קייזער פון כינא אונטער דעם נאָמען יאָנג־טשאַנג, און זיין דינאַסטיע האָט ער אָנגערופען מיט'ן נאָמען „טאַ־טשון".

ווען לי־טסע־טשינג האָט בעלאַגערט פעקינג און דער קייזער האָט זיך געזעהען פערלאָזען פון אַלע זיינע טרייע דינער, האָט ער פון פערצווייפלונג זיך גענומען דאָס לעבען. הגם ער האָט געלאָזען נאָך זיך א טראָן־פאָלגער איז דער קייזער האַי־טסאַנג געווען דער לעצטער פון די מינג־קייזאָרים, און מיט איהם האָט זיך אין יאָהר 1644 געענדיגט די גרויסע און וויכטיגע מינג־דינאַסטיע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען פון האָנג־וואו. לי־טסע־טשינג איז אריין אין פעקינג אַלס זיגער אָהן א שום הינדערניס פון דעם פעקינגער גאַרניזאָן. ער האָט בערויבט די פאַלאַצען פון דער מינג־דינאַסטיע און האָט ערמאָרדעט די אַלע מיטגלידער פון דער קייזערליכער פאַמיליע, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלען אין זיינע הענט.

הגם די מאַכט פון די מינג איז געפאַלען, איז אָבער די גרויסע מינג־אַרמעע געשטאַנען ביי דער גרענעץ פון מאַנדזשוריא אונטער דער קאָמאַנדע

פון דעם בעריהמטען קאָמאַנדיר וואו סאַן־קוויי. נאָך פאַר זיין טויט האָט דער קייזער האַאי־טסאַנג געשיקט צו וואו סאַן־קוויי אַן עסטאַפעט, אַז ער זאָל קומען רעטען פעקינג. דער קאָמאַנדיר האָט באַלד פערלאָזען די פעס־טונג נינג־יוען און איז געגאַנגען נאָך פעקינג. אויף'ן וועג האָט ער דער־הערט וועגען דער קאַטאַסטראָפע פון דער קייזערליכער פאַמיליע אין פעקינג. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. פון איין זייט די מאַנדזשו, פון דער אַנדערער זייט די רעבעלען, האָט ער געמוזט צושטעהן צו איינער אָדער צו דער אַנדערער זייט. דער רעבעל לי־טסע־טשינג האָט איהם אָנגעבאָטען אַ גרויסע בעלוינונג מיט אַ הויכען ראַנג, ווען ער וועט איבערגעהן אויף זיין זייט. אָבער דער פאַטריאָטישער געפיהל פון וואו סאַן־קוויי האָט פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל בעסער איבערגעהן אויף דער זייט פון די מאַנדזשו. לי־טסע־טשינג איז געווען אין זיינע אויגען אַ באַנדע־פיהרער, וועלכען עס האָט אָפּגעגליקט אין זיינע רעבעלישע אונטערנעהמונגען, אָבער אין גרונד גענומען האָבען איהם געפעהלט אַלע אייגענשאַפטען, וועלכע זיינען נעטיג פיר אַ הערשער פון אַ גרויסען לאַנד. די מאַנדזשו־רעגירונג, דאַגעגען, איז העכסט עהרווירדיג, אויסגעצייכענט אָרגאַניזירט, און איז פעהיג נייע צו בעלעבען אין די אויגען פון דעם כינעזישען פאָלק די בעסטע און שענסטע טראַדיציאָנען. וואו סאַן־קוויי האָט בעשלאָסען אָנצונעהמען די זייט פון די מאַנדזשו און האָט זיך באַלד גענומען דורכצופיהרען זיין פּלאַן. ער האָט גלייך געשריבען צו די מאַנדזשו אַ בריף, אין וועלכען ער האָט זיי אויפגעפאָדערט צו פעראייניגען זיך מיט איהם אום אַרויסצוטרייבען פון פּע־קינג דעם רעבעל לי־טסע־טשינג. די מאַנדזשו זיינען באַלד איינפערשטאַנען געוואָרען מיט זיין פאָרשלאַג, און האָבען פעראייניגט זייערע [illegible]פען מיט זיינע, און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי אַרויסגעלאָזען אַן אויפרוף צום גאַנצען פאָלק פון די מאַנדזשו צו נעהמען זיך צו דער עראָבערונג פון כינאַ.

וואו סאַן־קוויי האָט ניט פערלאָרען קיין צייט און האָט גענומען מאַר־שירען אויף פעקינג מיט דער האָפנונג, דאָס די מאַנדזשו וועלען איהם קומען צו הילף. לי־טסע־טשינג האָט גערעכענט, דאָס וואו סאַן־קוויי וועט געווים אָננעהמען זיין פאָרשלאַג. ער האָט זיך אָבער באַלד איבערצייגט אין זיין טעות. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישען וואו סאַן־קוויי און לי־טסע־טשינג, און דער לעצטער האָט אין דער ערסטער שלאַכט פערלאָרען 20,000 מאַן. אָבער לי־טסע־טשינג האָט ניט געוואוסט פון דעם אָפּמאַך צווישען וואו סאַן־קוויי און די מאַנדזשו. ער איז אַרויס געגען וואו סאַן־קוויי מיט אַ צווייטער אַרמעע פון 60,000 מאַן, און האָט גענומען מיט זיך וואו סאַן־

קוויי׳ס אַלטען פאָטער און 2 פּרינצען פון דער מינג־פאַמיליע. וואו סאַן־קוויי האָט פערנומען מיט זיינע טרופּען אַ שטאַרקע פּאָזיציאָן ביי יונג־קינג, אָבער ווייל די מאַנדזשו זיינען איהם נאָך ניט געקומען העלפען, האָט ער געזוכט דערווייל די שלאַכט אויסצומיידען. לי־טסע־טשינג האָט זיך אין געגענטייל געאיילט אָנצופאַלען אויף איהם. אָנפאַנגס איז די לאַגע פון וואו סאַן־קוויי געווען קריטיש און צווייפעלהאַפט. אָבער אין לעצטען קרי־טישען מאָמענט זיינען אָנגעקומען די מאַנדזשו־טרופּען און האָבען געגעבען דער שלאַכט אַן אַנדער ווענדונג. לי־טסע־טשינג האָט געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע, 30,000 סאָלדאַטען זיינען געפאַלען אין שלאַכט, און איהם איז קוים געלונגען צו רעטען זיך מיט איינינע רייטער און ענטלויפען אין פּעקינג. ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס עס איז איהם אונמעגליך צו פערטיי־דיגען זיך אין פּעקינג. ער האָט געזעהען, דאָס די מאַנדזשו קומען אָן מאַ־סענווייז פון זייער לאַנד מעהר און מעהר און שטעלען זיך אונטער די קאָ־מאַנדע פון דעם בעריהמטען פעלדהערר וואו סאַן־קוויי. אָבער איידער לי־טסע־טשינג האָט פערלאָזען פּעקינג האָט ער ערמאָרדעט דעם אַלטען פאָטער פון וואו סאַן־קוויי און האָט אויפגעהאַנגען זיין קאָפּ איבער׳ן טויער פון שטאָדט, דורך וועלכען וואו סאַן־קוויי איז אַריין מיט דער פעראייניגטער אַרמעע פון די כינעזער און די מאַנדזשו. ווען וואו סאַן־קוויי האָט דערזעהען דעם קאָפּ פון זיין אַלטען פאָטער האָט ער געשוואָרען צו נעהמען ראַכע פון דעם באַרבאַרישען רעבעל.

לי־טסע־טשינג האָט זיך צוריקגעצויגען צו דער פּראָווינץ שאַן־סי, האָט געזאַמעלט נייע טרופּען און האָט זיי אַרויסגעשטעלט געגען וואו סאַן־קוויי, וועלכער האָט איהם פערפאָלגט. אָבער וואו סאַן־קוויי האָט דאַמאָלס געהאַט אונטער זיין קאָמאַנדע ניט ווייניגער פון 200,000 מאַן, פון וועלכע אַ העלפט זיינען געווען מאַנדזשו. די צוויי פיינדליכע אַרמעען האָבען זיך בעגעגענט און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בלוטיגע שלאַכט, וועלכע האָט געדויערט אַ גאַנצען טאָג. דער זיג איז אין דעם גאַנצען טאָג ניט געווען ענטשידען, אָבער לי־טסע־טשינג האָט פערלאָרען 40,000 מאַן, און דעריבער האָט ער בעשלאָסען צוריקצוציהען זיך פון שלאַכטפעלד און האָט איבערגעלאָזען דעם פיינד דעם גאַנצען לאַגער מיט זעהר פיעלע רייכטימער. זיין שטערן האָט אָנגעהויבען צו ווערען פינסטערער און פינסטערער; ער האָט אָנגעהויבען פערלירען יעדע שלאַכט און ענדליך איז ער אויף׳ן וועג פון זיין ענטלויפען ערמאָרדעט געוואָרען אין אַ דאָרף. ער איז געווען דער גרעסטער רעבעלען־פיהרער אין דער כינעזישער געשיכטע. ער איז ראש אַרויף אויף דעם

העכסטען שטאפעל פון ערפאָלג, און איז אויך אַזוי ראש צוריקגעזונקען אין אפגרונד פון אונגליק. וואו סאַן־קווײ האָט ריכטיג פערשטאַנען, דאָס זיין מאכט האָט ניט געהאַט קיין פעסטען גרונד. לי־טסע־טשינג איז ניט געוועזען געבילדעט, האָט ניט געהאַט קיין מערקווירדיגען כאראקטער, ביידע איי-גענשאפטען, וועלכע זיינען אזוי נויטווענדיג פיר א גרינדער פון א כינעזישער דינאַסטיע.

נאָך דעם, ווי די גרויסע געפאַהר פון דער רעוואָלוציאָן איז פאָריבער, האָט וואו סאַן־קווײ ערוואַרט, דאָס די מאַנדזשו וועלען פערלאָזען דאָס לאַנד. אָבער די מאַנדזשו האָבען ניט געוואָלט פערלאָזען זייערע עראָבערונגען. פיר זיי האָט עס געהייסען א שרעקליכער אונזין צו פערגיסען זייער בלוט פיר פרעמדע און אליין גאָרניט האָבען דערפון. זיי האָבען געוואוסט מיט וואָס צו בעפרידיגען וואו סאַן־קווײ. זיי האָבען איהם געגעבען דעם גרויסען טי-טעל „ווינג־סי וואַנג", ד. ה. „דער פרידען־מאַכער פון דעם וועסט". און א חוץ דעם האָבען זיי איהם בעשאָטען מיט פיעלע עהרען־בעצייגונגען. וואו סאַן־קווײ האָט ניט געזעהען א מאַן, וואָס זאָל זיין ווערט און זיין אין שטאַנד צו רעגירען אין כינא, האָט ער בעשלאָסען אונטערצוגעבען זיך צו די נייע פערהעלטניסען, און האָט איינגעשטימט, דאָס דער יונגער מאַנדזשו־פירסט ט ש ו ן ־ ט ש ע (1644—1661) זאָל רעגירען אין לאַנד. דיזער יונגער פירסט איז געוועזען דער זוהן פון טאַי־טסאָנג, וועלכער האָט אריבערגעטראָגען זיין הויפטשטאָדט אין פעקינג נאָך דעם שטורץ פון לי־טסע־טשינג, אין האָט דאָרט רעגירט אלס קייזער פון כינא. ווייל דער טראָן־פאָלגער איז דאַן, ווען טאַי־טסאָנג איז געשטאָרבען, געוועזען זעהר יונג, האָט דער ברודער פון טאַי-טסאָנג, פרינץ דאָראַן, געפיהרט די רעגענטשאַפט אונטער דעם נאָמען „אמאַ וואַנג", ד. ה. „פאָטער־פירסט". הגם טשין־טשע איז נאָך געוועזען זעהר יונג ווען ער האָט בעשטיגען דעם טראָן, האָט ער דאַמאָלס געהאַלטען א גייסט-רייכע רעדע, וועלכע האָט איהם פערשאַפט פיעל עהרע.

אָבער דערמיט האָבען זיך די עראָבערונגס־פלענער פון די מאַנדזשו נאָך ניט געענדיגט. דער נאָרד איז געוועזען געזיכערט, אָבער אין זיד האָט דאָס כינעזישע פאָלק ערקלערט פ ו  ו א נ ג, וואַנלעי'ס עניקעל, אלס זייער קייזער, און אלס זיין רעזידענץ איז בעשטימט געוואָרען נאַנקינג. פו וואַנג איז אָבער געוועזען א זעהר אונפעהיגער מענש, און אויסער דעם איז ער געוועזען איבערגעגעבען צו א זינדיגען לעבען; נאָר זיין מיניסטער שו קאָ־פאַ האָט געקענט האַלטען די רעגירונג א געוויסע צייט. אמאַ וואַנג האָט איהם גע-וואָלט אונטערקויפען, אָבער שו קאָ־פאַ איז געבליבען זיין זאַך טריי, און

אַמאָ וואַנג האָט איהם ניט געקענט געווינען פיר קיין געלט. די מאַנדזשו האָבען בעשלאָסען צו צווינגען מיט זייער מאַכט אויף די זידליכע פּראָווינצען אונטערצוואַרפען זיך אונטער זייער הערשאַפט. אין ווינטער פון 1644—5 האָבען זיי געשיקט זייערע טרופּען צום זיד. שו קאָ־פאַ האָט באַלד איינגעזעהן, דאָס אויף'ן קייזער איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעכנען, פון קיין ווידערשטאַנד איז גאָר ניט צו דענקען, דאָס יעדע בלוט־פערגיסונג פון פאָלק וועט זיין נוצלאָז, און מיט דעם שפּרוך לויט זיין געוועהנליכען פּרינציפּ: „צוערסט דאָס פאָלק און דאַן די דינאַסטיע" איז ער אַוועק מיט אַ קליינער טרופּע אין די שטאָדט יאַנג־טשאַו, וואו ער האָט בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, ווען די מאַנדזשו זיינען צוגעקומען נאָהענט צום שטאָדט. דאָס זעלבע האָבען געטאָן זיינע אָפּיצערען. דער קייזער האָט ענטלויפענדיג זיך דערטרונקען אין אַ טייך. די איבריגע כינעזישע בעאַמטע זיינען געבליבען אין זייערע עמטער נאָך דעם, ווי זיי האָבען איינגעשטימט אָפּצושערען זייערע קעפּ אַלס צייכען פון אונטערטעניגקייט. בכלל האָבען די מאַנדזשו אויך אין זיד געהאַלטען זיך ביי זייער פּאָליטיק, צו רעספּעקטירען די אַלע כינעזישע איינריכטונגען און מנהגים, אום צו געווינען דערמיט די ליבע פון פאָלק און קענען איבער זיי לייכטער רעגירען.

עס איז געוועזען קלאָר צו זעהן, דאָס יעדער ווידערשטאַנד פון דער זייט פון די כינעזער וועט זיין אָהן שום ערפאָלג. איין מינג־פּרינץ האָט זיך פּראָקלאַמירט אַלס קייזער אין קאַנטאָן, אַן אַנדערער אין דער פּראָווינץ קוואַנג־סי. דיזע צוויי כינעזישע הערשער האָבען זיך אימער געריסען צווישען זיך. די מאַנדזשו האָבען רוהיג געוואַרט און געקוקט ווי זיי פרעסען זיך אויף איינער דעם אַנדערען, און אַז דער קאַנטאָן־קייזער האָט געזיגט און איז פון זיין זיג אָפּגעשוואַכט געוואָרען, זיינען די מאַנדזשו איהם בעפאַלען און האָבען איהם בעזיגט אָהן שום שוועריגקייט, כמעט אָהן אַ מלחמה. עס האָבען זיך געמאַכט זעהר אָפטע אויפשטאַנדען אין פערשיידענע ערטער פון כינא, אָבער די מאַנדזשו האָבען זיי לייכט דערשטיקט און דאָס לאַנד בערוהיגט. די כינעזער זיינען געוועזען געצוואונגען אָפּצושערען זייערע קעפּ און פערלאָזען אַ צאָפּ, ווי די מאַנדזשו, אַלס צייכען, דאָס זיי האָבען אָנגענומען די נייע הערשאַפט. דער צאָפּ איז איינגעפיהרט געוואָרען אין כינא זינט דער הערשאַפט פון די מאַנדזשו; פריהער האָבען זיי פון קיין צאָפּ ניט געוואוסט.

עס איז אַ גרויסע רעטענים אין דער געשיכטע: ווי אַזוי האָט געקענט אַ קליינער טאַטאַרען־שטאַם אין פערלויף פון אַ 50־יעהריגען קאַמף בעזיגען

דאָס כינעזישע פאָלק, וועלכעס איז בעשטאַנען פון פיעלע, פיעלע מיליאָנען פרייהייטס־ליבענדע מענשען? מען גיט דערויף פערשיידענע ערקלערונגען. איינינע פאַרשער צייגען אָן אויף׳ן פאַקט, דאָס די רעגירענדע קלאַסען האָבען זיך אימער גערעכנט צווישען זיך; די קיסרים זיינען געוועזען זעהר אונפעהיגע מענשען, וועהרענד די טאַטאַרען זיינען געוועזען פּאָליטיש פיעל געשיקטער פון די כינעזער און זייער מיליטער איז געוועזען גוט געלערנט. דאָס כינעזישע פאָלק, וועלכעס האָט געקענט בעשטעהן געגען די מאָנגאָלען און די טערקען, וואָלט געוויס געקענט בייקומען אויך די מאַנדזשו; אָבער דאָס פאָלק איז געוועזען שרעקליך אויפגעבראַכט געגען זיין ניט ווירדיגער רעגירונג, פון וועלכער עס האָט זיך געוואָלט בעפרייען. עס האָט געברויכט זיין גאַנצע קראַפט צו שטירצען דיזע רעגירונג אָנשטאָט צו פערטרייבען דעם אויסערען פיינד. דיזער אויסערער פיינד איז געוועזען גענוג כיטרע צו מאַכען זיך בעליבט ביים פאָלק, און דיזען אומשטאַנד האָט ער צו פערדאַנקען, וואָס ער האָט געזיגט איבער׳ן פאָלק, און אויך ווייטער האָט די אָננעהמונג פון דער כינעזישער קולטור געהאָלטען די מאַנדזשו אויף׳ן טראָן, ביז די רעפּובליק איז איינגעפיהרט געוואָרען אין כינאַ אין אונזער צייט. אז דאָס פאָלק זעלבסט האָט גאָרניט געליטען און איז ניט געהינדערט געוואָרען אין זיין לעבענספעהיגקייט און אין זיין קראַפט צו פּראָדוצירען אין דער גאַנצער צייט פון דער הערשאַפט פון די מאַנדזשו, דאָס בעווייזט קלאָר דער גרויסער פאָרטשריט אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון כינעזישען פאָלק, ווי אויך די אונגעהייערע פערמעהרונג פון דער בעפעלקערונג אונטער דער מאַנדזשו־דינאַסטיע.

די מאַנדזשו האָבען ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף די כינעזישע קולטור. אין די וועסטליכע לענדער איז עס געוועזען אַנדערס: די עראָבערער האָבען געצוואונגען די פעלקער, וועלכע זיי האָבען בעזיגט, אָנצונעהמען זייער קולטור. די מאַנדזשו, נאָך זייער בעזיגען כינאַ, האָבען ניט בעריהרט אויף א האָאָר די פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע און עקאָנאָמישע איינריכטונגען פון לאַנד; און נאָר צוליב דעם, וואָס די מאַנדזשו האָבען רעספּעקטירט די איינריכטונגען פון כינאַ, האָט דאָס פאָלק געקענט מיט זיי ווערען שלום און אָננעהמען זייער הערשאַפט, אזוי דאָס די עראָבערונג האָט אָנגענומען מיט דער צייט דעם כאַראַקטער פון א דינאַסטיע־ענדערונג. דינאַסטיעס ניצען זיך אָפּ ווי איינצעלנע מענשען, און א פאָלק, וועלכעס שטעלט זיינע אינטרעסען העכער פון די אינטערעסען פון דער דינאַסטיע, וועט גרינג פערבייטען אן אָפּגעלעבטע, אָפּגעניצטע דינאַסטיע אויף אן אַנדערע, עס מאַכט ניט אויס, אויב אויף אן איינענע, היימישע, אָדער א פרעמדע.

דער צושטאנד פון דער לאנדווירטשאפט אין כינא, וועלכער האט זיך דארט שנעל אנגעהויבען צו ענטוויקלען זינט די מינג־דינאסטיע האט רעפאר־מירט די אגראר־געזעצען (די געזעצען פון אקערבוי), האט זיך נאך מעהר ענטוויקעלט און פערברייטערט אונטער דער הערשאפט פון די מאנדזשו. אבער אין די צייטען פון די לעצטע האבען זיך אויסער דעם אויך שטארק ענטוויקעלט אין לאנד די אינדוסטריע און דער האנדעל. עס האט זיך אויך



מוזיקאלישע פאמיליען־אונטערהאלטונג.

שטארק פערברייטעט און פערגרעסערט דאס קאנאל־סיסטעם, און דאס לעבען אויף׳ן וואסער איז געווארען מעהר און מעהר לעבעדיג. די בעפעלקערונג, וואס האט אויסשליסליך געלעבט אויף די טייכען, האט זיך אין כינא אזוי שטארק ענטוויקעלט, דאס מיר געפינען ניט דערצו קיין גלייכען אין וועלכען עס איז אנדערען לאנד אויף דער ערד. עס זיינען דא אין כינא שטעדט, אין וועלכע עס לעבען הונדערטער טויזענדער אויף פליטעס. אויסער די

גוטע האנדעלס־וועגען, וועלכע זיינען שטארק פערברייטעט און ערלייכטערט דורך די פיעלע קאנאלען, איז אויך דער האנדעל זעלבסט געוואָרען שטארק ענטוויקעלט. די קויפלייט האָבען געהאט זייערע גילדעס צו פערטרעטען זייערע געשעפטס־אינטערעסען. יעדער איינצעלנער געשעפטס־צווייג האָט געהאט זיין גילדע. די מיטגלידער פון יעדער גילדע האָבען געשטיצט איינער דעם אַנדערען. אַ רייזענדער קויפמאַן האָט אין יעדער גרויסער שטאָדט גע־פונען אַ קלוב פון זיין גילדע, אין וועלכען ער האָט געקראָגען וואוינונג און אַן אויפנאַהמע און האָט געקענט בעקומען די נעטיגע ידיעות וועגען די אַנ־געלעגענהייטען, וואָס האָבען איהם אינטערעסירט, און ער האָט בעקומען יעדע שטיצע, וועלכע ער האָט געהאט נעטיג.

דאָס געזעלשאַפטליכע אָדער סאָציאַלע לעבען אין כינא האָט זיך אויס־געבילדעט פון גאַנץ אַלטע צייטען און האָט בעקומען אַן אייגענטימליכען כאַראַקטער. טהעאַטער און שוישפּילען זיינען דאָרט געווען שטארק ענט־וויקעלט. דאָס טהעאַטער איז געווען פיר דאָס גאַנצע פאָלק אַ פערגניגען אָהן וועלכען עס האָט ניט געקענט אויסקומען. אמת, מיר אייראָפּעער און אַמעריקאַנער וואָלטען ניט געפיהלט קיין געשמאַק אין אזא מין טהעאַטער, פון וועלכען דער כינעזער ווערט ענטציקט. פון די רייכע לייט האָבען יעדער אַ טהעאַטער ביי זיך אין הויז, וואו עס ווערען געשפּילט די בעסטע כינעזישע פּיעסען. עס געפינען זיך אין כינא פיעלע רייזענדע טהעאַטער־טרופּען. דער כינעזער ליבט אויך זעהר שטארק געזאַנג און מוזיק, אָבער אויך נאָך זייער אייגענעם געשמאַק, וועלכער איז גאַנץ פערשיידען פון אונזערען. אָבער אין פיעלע הינזיכטען איז דאָס סאָציאַלע לעבען אין כינא געשטערט דערמיט, וואָס ביי זיי איז ניט ערלויבט צוזאַמענצוקומען פרויען און מענער. די כינעזישע פילאָזאָפען דענקען, דאָס דערמיט קען אויפגעהאַלטען ווערען די זיטליכקייט אויף אַ הויכער שטופע. נאָר אין דער פאַמיליע איז ניט פערוועהרט, אז עס זאָלען צוזאַמענקומען מענער און פרויען; דעריבע־ זיינען מוזיק און ליטעראַטור ענטוויקעלט הויפּטזעכליך אין דער פאַמיליע.

די גרויסקייט פון כינא בעשטעהט ניט אין איהר ליטעראַטור און ווי־סענשאַפט, נאָר אין איהר עקאָנאָמישער זעלבשטענדיגקייט און אין דער לע־בענספיהיגקייט פון איהר פאָלק. געוועהנליך מאַכט מען פיעל שפּאַס פון דעם כינעזישען געזעלשאַפטליכען לעבען, אָבער שפּאַס קען מען מאַכען פון דעם לעבען פון אַלע פעלקער און ראַסען. מען איז אָבער אונגערעכט געגען די כינעזער, ווען מען וויל אויך די גוטע זייטען אין זיי ניט אָנערקענען, אַנ־דערע ווייל זיי קענען זיי ניט און אַנדערע ווייל זיי ווילען זיי ניט קענען.

אין אייראָפּאַ זיינען ליטעראַטור און וויסענשאַפט אין די הענט פון דער הערשענדער קלאַס. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזער קלאַס איז קיינמאָל ניט אַרויפגעקומען, און עס האָט איהר ניט געקענט אַרויפקומען, אויף די געדאַנקען צו בעשעפטיגען זיך מיט דער קאָנסטיטוציאָן פון אַ פאָלק, וואָס האָט געקענט פערטיידיגען זיין פרייהייט און זיין עקאָנאָמישע זעלבשטענדיגקייט געגען אַלע אונטערדריקונגען, און האָט פיר זיך געזיכערט די בעסטע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציאָנען צווישען אַלע פעלקער; עס האָט איהר פּשוט ניט געלוינט בעקאַנט צו מאַכען דערמיט די וועלט. אין אַ געזעלשאַפט, וואו עס הערשען געוויסע קלאַסען איבער אַנדערע, ווי עס איז דער פאַל אין אייראָפּאַ, האָבען זיי גענוג גרונד צו שווייגען וועגען אַזאַ קולטור ווי די כינעזישע. אָבער מיט דעם שפּאָט, וואָס מיר לאַכען אָפּ פון דער כינעזישער קולטור, קענען מיר ניט אָפּשאַפען פון דער וועלט דעם פאַקט, דאָס דיזע קולטור האָט געגעבען דעם כינעזישען פאָלק די מעגליכקייט צו עקסיסטירען טויזענדער יאָהרען, און אויך די מעגליכקייט ווייטער צו עקסיסטירען אין דער ווייטער צוקונפט. אַזוי ווי עס איז זיכער, דאָס די אייראָפּעאישע קלאַסען־הערשאַפט פיהרט די פעלקער צום אונטערגאַנג מיט זייער אונטערגראָבען און דריקען די פאָלקס־קראַפט, אַזוי איז עס אויך זיכער, דאָס די אונגעשוואַכטע קראַפט פון די כינעזער וועט זיי אויך פיהרען דורך די יאָהרהונדערטער פון דער צוקונפט.



# אינדיען.

די געזעלשאַפטליכע אָרדנונג אין אינדיען איז אַ שניידענדער קאָנ-
טראַסט מיט דער כינעזישער. דאָ, אין אינדיען, איז די קלאַ-
סען=געזעלשאַפט איבעראַל הערשענד און אין פולער קראַפט. היר, ווי מיר
טרעטען נאָר אַריין אין די אַרישע ראַסע, בעגעגנען מיר זיך באַלד מיט די
פערדערבליכע אייגענשאַפטען פון הערשזוכט און פון פערגוואַלטיגונג, איי-
גענשאַפטען, מיט וועלכע די גאַנצע ראַסע צייכענט זיך אויס איבעראַל.
וואו נאָר עס ערשיינט דער אַריער, דאָרט ערשיינען באַלד שקלאַפעריי, אונ-
טערדריקונג און בערויבונג פון די שוואַכע דורך די הערשענדע קלאַסען. דער
אַריער איז די „בלאָנדע בעסטיע" פון העכסטען גראַד, זיין געשיכטע טריפט
מיט בלוט, איבעראַל קלינגען אָפּ די זיפצען פון די עלענדע און געקנעכטעטע.
זיין קולטור איז אַ מין פּאַראַזיט=פלאַנצע, וועלכע לעבט נאָר פון דעם מאַרך
פון אַן אונגעהייערער מאַסע פערשקלאַפטע און אונטערדריקטע. ווען דער
אַריער האָט בעזונגען מיט זיין פּאָעזיע די פרייהייט, האָט ער נאָר געמיינט
די קלאַסען=פרייהייט, אַ פרייהייט אויף דער רעכנונג פון אַנדערע. יעדע
קלאַסען=הערשאַפט פיהרט פריהער אָדער שפּעטער צום אונטערגאַנג, דאָס
לערנט אונז די געשיכטע אויף יעדען בלאַט. די געשיכטע פון די אַריער
איז צוזאַמענגעשטעלט פון אויפשטייגענדע און פאַלענדע פעלקער.

דעם טרויעריגסטען בעוויז פיר דיזען שרעקליכען פאַקט גיט אונז
די געשיכטע פון אינדיען, טרויעריג, ווייל גראַדע די אינדיער געהערען אָהן
צווייפעל צו דעם בעגאַבטעסטען, וויכטיגסטען צווייג פון דער אַרישער
פעלקער=פאַמיליע. זיי האָבען בעזעסען אַן אונגעוועהנליכע נייגונג צו
קולטור, אַ העכסט שעפּערישען טאַלענט, און האָבען פערברייטעט זייערע
פרוכטבאַרע זאַמען איבער'ן גאַנצען וועסט. אָבער אין דער זעלבער צייט
האָבען זיי אויך אַרויסגעצייגט אַן אונערהערטע דעספּאָטיע פון קאַסטע=גע-
זעלשאַפט, אַ פּריסטער=הערשאַפט, וואָס האָט אַלעם צומאָהלען און פער-
ניכטעט. דיזעם האָט באַלד אָפּגעשניטען ביי דעם אינדישען פאָלק די פליג-

לען, און האָט אָפּגעהאַלטען זיין ווייטערע ענטוויקלונג. מיר האָבען שוין פריהער ערקלערט, ווי אזוי דער דרוק פון די בראהמאַנער איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער טיראַניי פון די וועלט־הערשער, ווי אין יעדען הויף פון לאַנד, וואָס איז געווען צוברעקעלט אויף קליינע מלוכה׳לאַך, האָט געהערשט אַן אונגעוועהנליכער גלאַנץ, וועלכער האָט געהאַט אַלס זיין קוועלע די אונגעהייערע אָפּגאַבען, מיט וועלכע מען האָט בעלעסטיגט דאָס פאָלק און אויסגעזויגט דעם מאַרך פון זיינע ביינער. אָבער דיזע מאַכט איז געווען פּוסט אינוועניג, זי האָט ניט געהאַט די שטיצע פון פאָלק, וועלכעס איז געווען גלייכגילטיג צו אַלע נאַציאָנאַלע פראַגען און האָט זיך וועגען זיי ניט געקימערט, ווייל עס איז אימער געווען בעשעפטיגט מיט זוכען מיטלען צו זיכערן זיין אָרימע שווערע עקסיסטענץ.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אינדיען האָט ניט געקענט ווידערשטעהן דעם ערסטען אָנפאַל פון אויסען און האָט געמוזט ווערען אונ־טעריאָכט. ווען דער איסלאַם האָט זיך אָנגעהויבען פערברייטען איבער דער וועלט, האָבען די אַראַבער געמאַכט אונזיכער אויף די נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיגקייט פון אינדיען. אין יאָהר 683 האָבען די מאַחמעדאַנער געצוואונגען קאַבול צו צאָהלען זיי טריבוט. פון דאַנען האָבען זיי אָנגע־הויבען צו אונטעריאָכען גאַנץ אינדיען, וועלכעס זיי האָבען דורכגעפיהרט מיט שרעקליכער גרויזאַמקייט און טייכען פון בלוט. אין יאָהר 705 האָבען זיי געגרינדעט אין סינדה זייער ערסטע שטאַטהאַלטערשאַפט. אין יאָהר 712 האָבען זיי געגרינדעט די צווייטע אין מולטאַן, און פון דאַנען האָבען זיי פערברייטעט זייער הערשאַפט איבער אַלע לענדער, וואָס זיינען געלעגען ביי דעם בעריהמטען טייך אינדוס. דיזע שטאַטהאַלטערייען האָבען זיך מיט דער צייט ערהויבען צו זעלבשטענדיגע פירסטענטימער. אין אָנפאַנג פון דעם 11טען יאָהרהונדערט האָט דער סולטאַן מ א ה מ ו ד פון ג ה א ס נ א אין אַפגהאַניסטאַן ערָאבערט דיזע מאַחמעדאַנישע פירסטענ־טימער און האָט זיי פעראייניגט אונטער זיין רעגירונג. ער האָט דאָרט גע־גרינדעט די הערשאַפט פון די ג ה א ס נ א ו י ד ע ן. זיין ערסטען פעלד־צוג האָט ער געמאַכט אין יאָהר 1001 און ביז דעם יאָהר פון זיין טויט (1030) האָט ער אונטעריאָכט אויך אַנדערע אינדישע שטאַאַטען, וועלכע זיינען נאָך געווען ביז דאַן זעלבשטענדיג. ער האָט דערגרייכט מיט זיינע ערָאבערונגען ביז דעהלי. אָבער נאָך זיין טויט איז זיין רייך ווידער צופאַ־לען, ווייל די אינדיער האָבען עס ניט אויפגעהערט צו בעפאַלען. אין 12טען יאָהרהונדערט האָבען זיך אויפגעהויבען אין אַפגהאַניסטאַן די ג ה אָ ר ־

סולטאנען און זיינען געוואָרען די הערשער אין גאַנצען גהאסנאַווידישען רייך, און האָבען פערברייטעט זייערע ערָאָבערונגען טיף אין אינדיען. זיי האָבען איבער־אַ־נייס ערָאָבערט דעהלי, און האָבען דאָרט געגרינדעט זייער רעזידענץ. אין פערלויף פון אייניגע יאָהרהונדערטער האָבען זיך דאָרט געביטען פערשיידענע אַפגהאַניסטאַנישע דינאַסטיעס, ביז ענדליך, אין יאָהר 1526, האָט דער סולטאַן באַבער פון קאַבול, נאָך זיין גלענצענדען זיג ביי פּאַניפּאַט איבער די מעכטיגע טרופּען פון סולטאַן איבראַהים, געגרינדעט אין אינדיען דאָס קייזער־רייך פון די אינדישע גרויס־מאָגולען.

דאָס מאָגול־קייזעררייך בילדעט פערהעלטניסמעסיג איינע פון די גלענצענדסטע פּעריאָדעס פון דער אינדישער געשיכטע. דיזע פּעריאָדע צייכענט זיך ווידער אויס מיט גרויזאַמקייטען, מיט וועלכע די הערשער האָבען פערברייטעט די מאַחמעדאַנישע רעליגיאָן צווישען די אינדוסען. אָבער אין דיזער צייט איז דאָרט געקומען די אַראַבישע קולטור צו איהר העכסטען גלאַנץ. די בויקונסט האָט איבער־אַ־נייס אויפגעבליהט. די איינ־פּאַכע, אָהן שום סטיל געמאַכטע טעמפּלען פון די אינדוסען, וועלכע זיי פּלעגען אויסהאַקען אין גרויסע פעלזען, האָבען געמוזט אָפּטרעטען דעם פּלאַץ צו די גרויסאַרטיגע אַראַבישע פּאַלאַצען און אין אַ קינסטליכען סטיל גע־בויטע מאַשעען (מאַחמעדאַנישע געבעט־הייזער).

אין דער צייט, ווען דאָס מאָגול־קייזעררייך האָט עקסיסטירט, האָבען דאָרט געהערשט 17 פירסטען. פון זיי איז אַקבאַר (1556—1605) געווען דער וויכטיגסטער. ער האָט זעהר פיעל געטאָן פיר די פערברייטונג פון האַנדעל, פיר קונסט און וויסענשאַפט, און האָט אויך פערברייטעט דאָס רייך ביז צו די גרענעס פון אָסט־ און וועסט־אינדיען. ער האָט אויך גע־וואָלט אונטערוואַרפען דעם זיד, אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. נאָך איהם זיינען שוין געווען ווייניג טיכטיגע הערשער, און אין 18טען יאָהרהונ־דערט זיינען די גרויס־מאָגולען ראַש געלאָפען צו זייער אונטערגאַנג.

צו דיזען אונטערגאַנג האָבען פיעל געהאָלפען די מאַראַטהען, אַ קרעפטיגער פּאָלק־שטאַם, וועלכער האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין צענט־ראַל־אינדיען. זיי זיינען געשטאַנען אייניגע יאָהרהונדערטער אונטער דער הערשאַפט פון די מאַחמעדאַנער. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָבען זיי געגרינדעט אַן אייגענעם רייך אונטער דער הערשאַפט פון סיוואַ־דזשי, אַ מאַן פון אַ נידריגער קאַסטע. סיוואַדזשי (1617—1682) האָט ניט געוואָלט ווערען אַ פירסט, ער האָט נאָר געוואָלט בעקעמפען די גרויס־מאָגולען, און ער האָט געשוואָרען צו מאַכען פון זיי אַן ענדע. זיינע

נאָכפאָלגער האָבען פאָרטגעזעצט דורכצופיהרען דיזע אויפגאַבע, און לאַנג-זאַם האָט זיך זייער מאַכט אַזוי געשטאַרקט, דאָס זיי זיינען געקומען מיט זייערע וואַפען ביז לאַהאָר און מולטאַן. מען האָט זיי אַפילו פון דאָרט צו-ריקגעטריבען, אָבער דאָס קייזעררייך איז דורך די קעמפען מיט די מאַראַטהען אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרען, דאָס עס איז געוואָרען לייכט פיר ענגלאַנד צו עראָבערן עס. אין יאָהר 1803 האָבען שוין די ענגלענדער בעזיגט די שטאָדט דעהלי. אָבער עס זיינען נאָך פערבליבען אין אינדיען מאָגול-קייזאָרים ביז אין יאָהר 1857, הגם נאָר אַ שאָטען, נאָר דער נאָמען פון קייזער איז גע-בליבען. אָבער אויך דאָס איז פערשוואונדען אין יאָהר 1857, אין דער צייט, ווען די אינדיער האָבען רעבעלירט געגען ענגלאַנד און דער מאָגול-קייזער האָט זיך אויך בעטייליגט אין דער רעוואָלוציאָן. דער לעצטער מאָגול-קייזער מאַחמעד באַהאדור שאַה איז געפאַנגען געוואָרען פון די ענגלענדער, וועלכע האָבען איהם געבראַכט אין הינטער-אינדיען, וואו ער איז געשטאָרבען אין פערגעסענהייט אין יאָהר 1872. די ענגלענדער האָבען אין די יאָהרען 1803—1805 אויך געמאַכט אַן ענדע צו דער הערשאַפט פון די מאַראַטהען. די נייערע שיקזאַלען פון די אינדיער ביז זיי זיינען אין גאַנצען פּאָליטיש אונטערוואָרפען געוואָרען אונטער ענגלאַנד זיינען אין פיעלע הינזיכטען אָפּהענגיג פון דער אינדאָ-אייראָפּעאישער האַנדעלס-געזעלשאַפט.

אין יאָהר 1599 האָט זיך געבילדעט אין לאָנדאָן אַ האַנדעלס-געזעלשאַפט מיט דעם צוועק צו פערבינדען אין האַנדעל ענגלאַנד מיט אָסט-אינדיען. דעם 31טען דעצעמבער 1600 איז די קאָרפּאָראַציאָן בעשטעטיגט געוואָרען מיט געוויסע מאָנאָפּאָל-רעכטען. דער נאָמען פון דיזער געזעלשאַפט איז גע-ווען „גאָווערנאָר (פערוואַלטער) און געזעלשאַפט פון קויפלייט אין לאָנדאָן פיר דעם האַנדעל מיט אָסט-אינדיען". אין יאָהר 1698 האָט די ענגלישע רעגירונג ערלויבט צו גרינדען נאָך אַ געזעלשאַפט אונטער דעם נאָמען „די ענגלישע האַנדעלס-געזעלשאַפט", אַלס קאָנקורענט צו דער ערסטער געזעל-שאַפט. אין יאָהר 1702 האָבען זיך ביידע געזעלשאַפטען פעראייניגט אונ-טער דעם נאָמען „פעראייניגטע אָסט-אינדישע האַנדעלס-קאָמפּאַניע". די עלטעסטע געזעלשאַפט האָט געגרינדעט איהר ערסטען האַנדעלס-לאַגער אין יאָהר 1608 אין סוראַט, נאָרדליך פון באָמבעי. אין יאָהר 1620 האָט מען געגרינדעט דעם ערסטען האַנדעלס-לאַגער ביים קאָראָמאַנדעל ברעג. אין יאָהר 1640 האָבען ענגלישען שיפען אָנגעהויבען פיהרען זייערע וואַארען איבער דעם טייך הוגלי און האָבען בעקומען פון דעם דעהלי-קייזער שאַה דזשעהאַן די ערלויבנים אָפּצושטעלען זיך מיט זייערע שיפען און זייערע



טאַי-מאַהאַל אין אַגראַ.

סחורות אין דער שטאָדט הוגלי ביים רעכטען ברעג פון דעם טייך הוגלי, 40 קילאָמעטער ווייט פון קאַלקוטטאַ. די שטאָדט הוגלי איז געגרינדעט גע-וואָרען פון די פּאָרטוגעזען אין יאָהר 1537, און אין יאָהר 1632 איז זי ג׳וואָרען אונטערוואָרפען אונטער די הערשאַפט פון מאָגול־קייזער פון דעהלי. דעם 20טען דעצעמבער 1680 האָבען די ענגלענדער פערלאָזען הוגלי און האָבען איבערטראַנספּאָרטירט זייערע געשעפטען אין דעם דאָרף סוטאַנאַטי נעבען קאַלקוטטאַ מיט דער ערלויבנים פון דעם מאָגול־גאָווערנאָר פון בענ-גאַלען.

ביז דעם יאָהר 1757 זיינען די ענגלענדער געווען וואַסאַלען פון די הערשער פון לאַנד, נאָכדעם זיינען זיי געוואָרען זעלבשטענדיג. געהאָלפען דערצו האָט זיי דער קריזיס פון יאָהר 1756. אין דיזען יאָהר איז געוואָרען דער גאָווערנאָר פון בענגאַלען אַ געלט־גייציגער אַזיאַט מיט׳ן נאָמען סו-ראַדזש־אוד־דאַולאַה, ער איז אין גאַנצען אַלט געווען 20 יאָהר ווען ער איז בעשטעטיגט געוואָרען אין זיין אַמט. דעם 17טען יוני איז ער אַוועק מיט אַן אַרמעע פון 50,000 מאַן צו דער פעסטונג פון קאַלקוטטאַ, וועלכע האָט דאַמאָלס ניט געהאַט קיין אַרמעע און איז ניט געווען גענוג בעזעצט. די בע-לאַגערטע האָבען קוים געקענט אַרויסשטעלען געגען דער גרויסער אַרמעע 190 מאַן, צווישען וועלכע עס זיינען געווען 60 אייראָפּעער. מען האָט נאָר גערעטעט אויף שיפען פרויען און קינדער, און דעם 20טען יוני זיינען 146 פערטיידיגער אַריינגעפאַלען אין די הענט פון דעם זיגער. ער האָט זיי געהיי-סען אַריינוואַרפען אין אַן ענגע געפענגניס, וואָס האָט געהייסען „די שוואַרצע לאָך״, וואו 123 זיינען אין איין טאָג צושטאָרבען פון היץ און פון דורסט.

דעם 10טען אָקטאָבער 1756 איז לאָרד קלאַיוו אַרויס מיט אַן אַרמעע פון 2,400 מאַן אום צו נעהמען ראַכע פון דעם גאָווערנאָר פיר זיין מערדע-רישע טאַט און אום צו רעטען די עהרע פון ענגלאַנד. אין דיזער קליינער אַרמעע האָבען זיך געפונען 900 אייראָפּעער. מיט 10 שיפען זיינען זיי אָנגעקומען אין די שטאָדט הוגלי און דעם 2טען יאַנואַר 1757 האָבען זיי די שטאָדט איינגענומען. דער פערטראַג פון 9טען פעברואַר האָט געגעבען דער ענגלישער קאָמפּאַניע דאָס רעכט צו בעפעסטיגען קאַלקוטטאַ און צו שלאָגען און אַרויסגעבען מינצען אין זייער נאָמען.

אין טשאַנדערנאַגאַר, 35 קילאָמעטער ווייט פון קאַלקוטטאַ, האָבען די פראַנצויזען בעקומען אין יאָהר 1688 דאָס רעכט צו גרינדען אַ קאָלאָניע, וועלכע איז נאָך עד היום אין בעזיץ פון די פראַנצויזען. אין יאָהר 1740 האָבען זיך שוין געפונען אין טשאַנדערנאַגאַר 4,000 שטיינערנע פּאַלאַצען,

וועהרענד אין קאַלקוטטאַ איז נאָך דאָס פאָלק געזעסען אין ערד־הייזלאַך. דער סובאַהדאַר (גאָווערנאָר) האָט געהאָפט, דאָס מיט דער הילף פון די פראַנצויזען וועט ער קענען אַרויסטרייבען די ענגלענדער פון בענגאַלען. די אָפיצערען אָבער פון דעם גאָווערנאָר זיינען מיט איהם געווען זעהר ניט צופרידען, און לאָרד קלאַיוו האָט זיך דערמיט בענוצט און האָט זיי אויפגערייצט צו אַ פערשווערונג. דעם 23טען יוני 1757 איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי פּלאַססי צווישען דעם גאָווערנאָר און לאָרד קלאַיוו. הגם קלאַיוו האָט נאָר געהאַט אין זיין קאָמאַנדע 1,270 אייראָפּעער און 1,400 אינדיער און דער גאָווערנאָר האָט געהאַט 20 מאָל מעהר, איז דיזער שטרייט געווען דער אָנפאַנג פון דעם אונטערגאַנג פון די היימישע דינאַסטיעס אין אינדיען.

פון דאַמאָלס אָן האָט די אָסט־אינדישע קאָמפּאַניע אָנגעהויבען איינצונעהמען אַ רייך נאָך אַ רייך, אַ פירסט נאָך אַ פירסט. דער ענגלישער פּאַרלאַמענט איז אפילו מיט איינינע פון איהרע מעשים ניט געווען צופריעדען, אָבער די בעזיגונג פון די אינדישע רייכען איז אָנגעגאַנגען רעגעלמעסיג אין פערלויף פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט דורך די אָסט־אינדישע קאָמפּאַניע. אין בענגאַלען האָט די קאָמפּאַניע געלאָזט טויטען דעם הערשער סוראַדזש־אוד־דאַולאַה, און האָט אַרויפגעזעצט איינעם מיר־דזשאַפפיר אַלס נאַוואַב (הערשער). נאָכדעם האָבען זיי דיזען אַרונטערגעזעצט און אָנשטאָט איהם אַרויפגעזעצט אַ געוויסען קאַזים. פיר דיזעס האָבען זיי בעקומען צוויי גרויסע פּראָווינצען אויף דעם רעכטען ברעג פון דעם טייך הוגלי, און נאָך אַ גרויסע שטיק לאַנד ביי דעם אָסטליכען ברעג פון דעם בענגאַלישען ים־בוזים (צווייג פון ים). אַלעס האָבען זיי בעקומען לויט דעם פערטראַג פון 27טען נאָוועמבער 1760. איינינע יאָהר שפּעטער איז אויך קאַזים בעזייטיגט געוואָרען, און זיי האָבען ווידער אַרויפגעזעצט דזשאַפפיר'ן. פון דער שלאַכט נעבען באָקסאַר ביים מיטעלען טייל פון דעם טייך גאַנגעס איז דער גרויס־מאָגול פון דעהלי אַזוי איינגעשראָקען געוואָרען, דאָס ער האָט געגעבען דער קאָמפּאַניע דאָס רעכט צו האָבען איהרע אייגענע געזעצען און געריכטס־הייזער און אויך דאָס רעכט צו בעשטימען און אַרויפלעגען שטייערן אין בענגאַלען. דער פערטראַג פון דיזע רעכטען איז אונטערגעשריבען געוואָרען דעם 12טען אויגוסט 1765. דערמיט איז כמעט די גאַנצע פּראָווינץ בענגאַלען איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דער בריטיש־אָסט־אינדישער קאָמפּאַניע.

עס איז כמעט ניט אוועק איין יאָהר, אַז די קאָמפּאַניע זאָל ניט ערווער־בען נייע טעריטאָריעס. די אָסט־אינדישע קאָמפּאַניע האָט געפיהרט מיט די אינדיער אַ שטענדיגען שטרייט. דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט גע־פונען פיר נעטיג צו רעווידירען די פּריווילעגיעס פון ד'ער קאָמפּאַניע, ווייל זי האָט אָנגעהויבען צו ווערען צו מעכטיג. דער פּאַרלאַמענט האָט אָנגע־הויבען ביסלאַכווייז אָפּצושניידען איהרע רעכטען. אין יאָהר 1814 האָט איהר דער פּאַרלאַמענט ענטזאָגט ווייטער צו געבען 20,000 סאָלדאַטען אום אויפצוהאַלטען איהר הערשאַפט אין אינדיען. אין 1833 איז די האַנדעלס־מאָנאָפּאָל שטאַרק פערקלענערט געוואָרען. אין יאָהר 1854 האָט שוין די



פּאָסט־רייטער אויף אַ קעמעל אין אָסט־אינדיען.

ענגלישע רעגירונג מעהר ניט געוואָלט ארויסגעבען איהר דעם געוועהנליכען משאַרטער (פּריי־בריף) אויף'ן האַנדעל מיט אינדיען. פון 2טען אויגוסט 1858 איז די פערוואַלטונג איבער אינדיען אין גאַנצען אַריבער אין די הענט פון ענגלישען פּאַרלאַמענט.

אין דער גאַנצער צייט פון די פּאָליטישע איבערקעהרעניסען אין אינ־דיען איז דאָס אינדישע פּאָלק געווען אונטערוואָרפען אונטער שרעקליכע אונטערדריקונגען. עס האָט געבלוטעט אונטער זיינע נאַציאָנאַלע הערשער, עס האָט געבלוטעט אונטער די מאַהמעדאַנער און עס בלוטעט נאָך עד היום אונטער ענגלאַנד. אינדיען בלייבט דאָס לאַנד פון אונגעהייערען רייכטום

און דאָס לאַנד פון אונענדליכען עלענד. דאָס פאָלק האָט נאָך אַפילו ניט אויפגעהערט צו פּראָדוצירען, אָבער די שרעקליכע רויבערייען פון דער הערשענדער קלאַס לאָזט זיי ניט קיין פּלאַץ זיך ווייטער צו ענטוויקלען. עס איז קלאָר צו זעהן פון דעם, וואָס עס איז ביז יעצט פאָרגעקומען אין אינדיען אונטער דער ענגלישער הערשאַפט, דאָס אויך ענגלאַנד וועט ניט לעגען דעם גרונד צו אַ ווייטערער ענטוויקלונג פון לאַנד. מען ריהמט די העלדען-טאַטען פון די ענגלענדער, ווי זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט אין אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד אין יאָהר 1857, אָבער קיינער דערמאָהנט ניט איין וואָרט וועגען די רויבערייען און אונגערעכטיגקייטען, וואָס די ענגלענדער טוען דעם אינדישען פאָלק. מאַקאָלעי האָט געפרעגט, וואו עס זיינען די רייכטימער פון אינדיען, און האָט געענטפערט: ביי די ברעגען פון דער טהעמזע (ד. ה. אין לאָנדאָן). ער האָט אַפילו דערמיט געמיינט צו זאָגען, דאָס דער ענגלישער אונטערנעהמונגס-גייסט און פלייס האָבען בעשאַפען די רייכטימער פון אינדיען, אָבער ער האָט געוויס פערגעסען, דאָס דיזער אונטערנעהמונגס-גייסט און האַנדעלס-פעהיגקייטען וואָלטען גאָרניט געקענט אויפטאָהן דעם שוויים פון דעם אינדישען פאָלק. דיזער אונטערנעהמונגס-גייסט האָט אויך אין אינדיען איינגעפיהרט די לוין-שקלאַפעריי, די אונטערוואַרפונג פון דעם געדריקטען ארבייטער-פאָלק אונטער דער הערשאַפט פון גרויס קאַפּיטאַל. אַלע רעפאָרמעס פון ענגלאַנד, וועלכע ווערען אַזוי שטאַרק געריהמט, האָבען נאָר איין צוועק, און דיזער איז — צו פערגרעסערן די פּראָדוקטיוו-קרעפטען פון דעם אינדישען פאָלק אום מעהר און מעהר אָנצופּילען די זעק פון די ענגלישע האַנדעלס-לייט. דאָס אינדישע פאָלק בלייבט אויך אונטער דער אייראָפּעאישער קולטור אימער געדריקט פון שרעקליכען עלענד.



# די געשיכטע פון דייטשלאַנד פון דעם וועסטפאַלישען פרידען ביז פריעדריך דעם גרויסען.

## א. דאָס זינקען פון דער האבסבורגישער מאָנארכיע.

אדייטשעם רייך האָט שוין אייגענטליך לאנג אויפגעהערט צו עקסיסטירען. עס זיינען נאָר געבליבען זעלבשטענדיגע, אונאָפּהענגיגע פירסטענטימער, וועלכע האָבען זיך זעהר אָפט פערבונדען מיט די פיינד פון דעם געוועזענעם דייטשען רייך, צו קענען טאָן וואָס פיר זיי איז גוט. דעם גרעסטען איינפלוס פון אלע דייטשע פירסטענטימער האָט געהאט עסטרייך, ערסטענס, ווייל זי האָט געהאט אונטער זיך מעהר לענדער פון אלע פירסטענטימער פון דייטשלאַנד, צווייטענס, איז מען שוין געוועהנט געוואָרען צו אָנערקענען דעם הערשער פון עסטרייך אלס דעם דייטשען קייזער. עסטרייך איז אין אויסערער פּאָליטיק נאָך אלץ געוועזן פערבונדען מיט שפּאַניען. דעריבער האָט עס פאָרגעשטעלט אָן אייראָפּעאישע מאַכט, אָבער ניט קיין דייטשע. עס האָט געשיצט דאָס דייטשע רייך נאָר דאַן, ווען דיזעס איז געוועזן ענג פערבונדען מיט זיינע אייגענע אינטערעסען. פיעלע דייטשע פירסטען האָבען געשלאָסען מיט דעם פּרייסישען קעניג דעם רהיינישען בונד, אייניגע האָבען זיך ניט געשעמט נעהמען יאָהר־געלט פון לודוויג דעם 14טען אום צו העלפען דורכצופיהרען זיינע פּלענער אין בעטרעף פון דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק.

ווי מיר זעהען, איז דאָס בילד, וואָס דייטשלאַנד שטעלט פאָר נאָך דעם 30־יעהריגען קריג, אַ זעהר טרויעריגעס. צו קיין צייט איז דייטשלאַנד ניט געוועזן אַזוי ערנידריגט, אַזוי שוואַך, ווי אין דיזער צייט. אין דער צייט, וואָס פראַנקרייך האָט געזעהען אונטער איהרע פיס כמעט אלע פירסטען פון אייראָפּאַ, און ענגלאַנד האָט אויסגעקעמפּט איהר פרייהייט אין צוויי רעוואָלוציאָנען און האָט אָנגענומען איהר מאָדערנע געשטאַלט, איז דייטשלאַנד געלעגען הילפלאָז און וואַפענלאָז צו דער ערד. דייטשלאַנד האָט גע-

מוזט שטיל איבערטראָגען די בעליידיגונגען, וואָס פראַנקרייך האָט איהר פערשאַפט. זי האָט זיך געלאָזט בערויבען אין צייט פון פרידען פון פיעלע פון איהרע בעזיצונגען, און וואָס אָנבעטרעפט דעם האַנדעל זיינען שוין פיעלע פון די בעריהמטע דייטשע האַנדעל־שטעדט לאַנג געלעגען אין שטויב. די אַלע האַנדעלס־פונקטען, וואו די דייטשען פלעגען אויספערקויפען זייערע פראָדוקציאָנען, זיינען איבערגעגאַנגען צו די פראַנצויזען, האָללענדער און ענגלענדער, און די דייטשע וואאַרען האָבען ניט געהאַט קיין אָרט, וואו זיי זאָלען ווערען אָפּגעזעצט, ווייל מען האָט אַרויפגעלעגט אויף זיי גרויסע צאָל־טאַריפען אָדער מען האָט זיי גאָר ניט אַריינגעלאָזען אין די האַנדעל־שטעדט.

און באמת האָט דייטשלאַנד גאָרניט געהאַט וואָס צו עקספּאָרטירען. אַקערבוי און פאַבריקאַציאָנס־פּראָדוקטען האָבעןביידע שטאַרק געליטען פון דיזען אונגליקליכען קריג (דעם 30־יעהריגען). איבעראַל האָט מען בעגעגענט פערלאָזענע ניט־בעאַרבייטע פעלדער, אָפּגעברענטע דערפער און האַלב־צושטערטע שטעדט. צו טרייבען אַקערבוי האָט געפעהלט דאָס נעטיגע פיה, אַזוי דאָס אין פיעלע ערטער האָט דער בויער זעלבסט זיך געמוזט איינשפּאַנען אין פלוג (סאָכע), און ווען עס איז שוין געלונגען מיט גרויס מיה און פלייס אַרויסצוברייגען עפּעס אין פעלד אָדער אין גאָרטען, איז עס אויפגעפרעסען און פערניכטעט געוואָרען פון פיעלע ווילדע חיות. ווי אין פראַנקרייך, אַזוי איז אויך היר געהאַנגען איבער דער עהרליכער אַרבייט די שטענדיגע געפאַהר פון די פירסטליכע פערגניגענס. אין דיזער הינזיכט האָט דייטשלאַנד זאָגאַר מעהר געליטען ווי פראַנקרייך, ווייל דאָרט איז געווען נאָר איין לודוויג דער 14טער, און אין דייטשלאַנד זיינען געווען ניט וועניגער פון 300 פירסטען, גרויסע און קליינע, גייסטליכע און וועלטליכע.

די גאַנצע שוואַכקייט פון דייטשלאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזען אין די גרויסע רויבערייען פון פראַנקרייך. אין מיטען פרידען האָט פראַנקרייך צוגענומען פון דייטשלאַנד סאַארלואיס, סאַארבריקען, מאָמפּעלגאַרד און לוקסעמבורג, און נאָך אַ גאַנצע רייהע פון שטעדט, צווישען זיי די אַלטע הערליכע שטראַססבורג. אין יאָהר 1668 האָט פראַנקרייך פערוויסטעט די פאַלץ און דאָס געביט ביים מיטעל־רהיין. די שטעדט וואָרמס און שפּייער זיינען צוזאַמען מיט זייערע קירכען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַש. אין שפּייער האָבען די סאָלדאַטען געשענדעט די ביינער פון די דייטשע קייזאָרים, וואָס זיי האָבען פערברענט, און מיט גרויס שפּאַט צושפּרייט זייער אַש דורך'ן ווינט. אין דעם פרידען פון ריסוויק האָט דייטשלאַנד געמוזט

אַננעהמען די בעדינגונגען, וואָס פּרעמדע מעכטען האָבען דיקטירט. פראַנק־
רייך האָט צוגענומען עלזאָס ווי זי האָט צוגענומען סאַארלואיס.

א שטיקעל טרויסט איז געווען פיר דייטשלאַנד דער ערפאָלג, וואָס זי
האָט געהאַט אין איהר מלחמה מיט טערקיי. ווי מיר האָבען עס פריהער



קייזער לעאָפּאָלד דער 1טער.

געזעהען, האָט געהערט צו טערקיי נאָך דער שלאַכט ביי מאָהאַטש די הויפּט־
שטאָדט פון לאַנד אָפען־פּעסטה, און זייער געביט האָט זיך געצויגען ביז
ראַאב און קאָמאָרן, אַזוי דאָס פערדינאַנד, דער ברודער פון קייזער קאַרל
דעם 5טען, האָט גע׳ירש׳עט פון זיין שוואָגער א קלייניגקייט מעהר ווי דעם

טיטעל קעניג פון אונגאַרן, ווייל פון לאַנד איז איהם גאַנץ וועניג געבליבען, און ער האָט געמוזט צאָהלען צו טערקיי אַ רעגעלמעסיגען טריבוט. די געפאַהר פון דער זייט פון די טערקען האָט געהערשט אין דער גאַנצער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן און אויך אין 17טען יאָהרהונדערט. אונגאַרן איז געוועזן אַ זעהר ניט זיכערעס בעזיצטום פיר די האַבסבורגער, איבערהויפּט ווייל איניגע טיילען פון לאַנד האָבען געמאַכט אָפטע אויפשטאַנדען, רעכנענדיג אויף די הילף פון טערקיי.

אונטער לעאָפּאָלד דעם 1טען (1657—1705) זיינען פאָרגעקומען שטאַרקע אויפשטאַנדען. די אורזאַכען פון דיזע אויפשטאַנדען זיינען געוועזן. די בעדריקונגען פון די פּראָטעסטאַנטען, די בערויבונג פון די פערשיידענע שטאַנדען פון זייערע רעכטען, די גוואַלדטאַטען געגען איינינע מאַגנאַטען און די שווערע איינקוואַרטירונגען פון סאָלדאַטען ביים פאָלק. דיזע אויפשטאַנדען זיינען געוועזן אין יענער צייט זעהר געפעהרליך, ווייל איינינע גרויס-וויזירען האָבען דאַמאָלס געמאַכט פּלענער אָנצופאַנגען איבער-אַ-נייעם די אַלטע עראָבערונגס-מלחמות פון טערקיי. דער פירסט פון זיעבענבירגען איז געוועזן געצוואונגען צו צאָהלען טערקיי טריבוט. באַלד האָבען די אָסמאַנען (טערקען) בעזעצט גאַנץ נידער-אונגאַרן. אין יאָהר 1663 האָט טערקיי געשיקט אַן אַרמעע געגען עסטרייך און אונגאַרן. דאַמאָלס האָט דאָס דייטשע רייך געשיקט אַ רייכס-אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַרק-גראַף לעאָפּאָלד ווילהעלם פון באַדען, צו העלפען עסטרייך געגען די טערקען. אויך לודוויג דער 14טער און איטאַליענישע פירסטען מיט'ן פּאַפּסט אָן דער שפּיץ זיינען אַרויס געגען טערקיי. דער קריג מיט טערקיי איז דאַמאָלס וויעדער ערשינען אַלס אַ פּליכט פון גאַנצען קריסטענטום.

נייהויזעל, די וויכטיגסטע פעסטונג פון אונגאַרן, איז אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די טערקען, ווייל דער קייזערליכער פעלד-קאָמאַנדיר מאָנטעקוקולי האָט נאָר געהאַט 12,000 מאַן צו פערטיידיגען די פעסטונג, און די 15,000 אונגאַרען, וואָס ניקאָלאַס צריני האָט צוגעבראַכט, זיינען אָנגעקומען צו שפּעט. אָבער ווען דער גרויס-וויזיר אַחמעד קאָפּרילי האָט געוואָלט איב׳רגעהן דעם טייך ראַאַב אין זיד, האָט איהם מאָנטעקוקולי מיט די פערבינדעטע אַרמעען געשטערט. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי דעם שטייער-מאַרקישען גרענעץ נעבען דעם מאָנאַסטיר פון סט. גאָטטהאַרד (1664). די קייזערליכע טרופּען האָבען געוואונען די שלאַכט און דער איבערגאַנג פון די טערקען איז געהינדערט געוואָרען. אין

דיזער שלאכט זיינע געפאלען 6,000 טערקען און די קריסטליכע פעלקער האבען צוגענומען זעהר פיעל רייכטום, וואס די ענטלאפענע טערקען האבען איבערגעלאזען אויף'ן שלאכטפעלד. דאס איז געווען א זעהר וויכטיגער זיג. ער איז אויך געווען דער ערסטער, וואס א קריסטליכע ארמעע האט געהאט איבער די אסמאנען אין פרייען שלאכטפעלד.

אבער די פרוכט פון דעם זיג זיינען געווען זעהר אונבעדייטענד. אין דער שלאכט ביי סט. גאטטהארד האבען אויך די קריסטען געהאט א גרויסען פערלוסט. אין אונגארן האט אלץ געהערשט די אונצופרידענהייט איבער דעם רעליגיעזען דרוק, וואס די האבסבורגער האבען זיי פערשאפט, און דערצו האט אויך שטארק געדריקט דאס פאלק די איינקווארטירונג פון די דייטשע סאלדאטען. דעריבער זיינען זיי מיט דעם זיג ניט געווען זעהר צופרידען, און דאס ערשיינען פון די טערקען אין זייער געביט האט זיי גאר ניט פערשאפט קיין אנגסט. דער רעזולטאט פון דעם זיג אין יאהר 1664 איז געווען, דאס עס איז בעשלאסען געווארען א וואפען־שטילשטאנד אויף 20 יאהר. ביידע צדדים האבען פערלאזען זיעבענבירגען און האבען אנערקענט פיר די איינוואוינער דאס רעכט פון פרייער פירסטען־וואהל. נייהויזעל און גראססווארדיין זיינען געבליבען פיר די טערקען, און אויסער דעם האט עסטרייך זיך פערפליכטעט צו שיקען טערקיי אלע יאהר 200,000 טהאלער. די טערקען האבען לויט דיזען אפמאך בעקומען אין אונגארן אזוי פיעל לאנד, ווי זיי האבען קיינמאל דארט ניט געהאט. זייער הערשאפט דארט האט זיך איינגעטיילט אין 4 פאשאליקס, נעמליך: אפען, טעמעסוואר, קאנישא און ערלאו, און 25 סאנדזשאקס, צו וועלכע עס איז צוגעקומען נאך איינע, א נייע, נעמליך: גראססווארדיין. דיזער גאנצער געביט איז געווען בעדעקט מיט א רייהע שטארקע פעסטונגען, וועלכע האט זיך געצויגען ווי א בויגען פון קאנישא ביז טעמעסוואר.

עסטרייך האט זיך בענוצט מיט דעם וואפען־שטילשטאנד, וואס זי האט אפגעשלאסען מיט טערקיי אויף 20 יאהר, אום צו בערויבען די אונגארען פון אלע פרייהייטען און פערניכטען זיי. די אונגארישע מאגנאטען האבען געשטרעבט צו דערגרייכען די זעלבע אדעלס־הערשאפט ווי דער פוילישער אדעל; עסטרייך אבער האט דאגעגען געשטרעבט איינצופיהרען דא זעלבסט־רעגירונג, און צו דיזען צוועק האט זי געזוכט מיט אלערליי מיטלען אויסצוראטען אין אונגארן דעם פראטעסטאנטיזם. קיין זאך האט ניט געקענט אפהאלטען עסטרייך פון דורכפיהרען איהרע פלענער אין אונגארן. די מאגיארישע (אונגארישע) מאגנאטען האבען אימער געהאפט אויף די

הילף פון טערקיי, און האָבען זעהר אָפט געמאַכט אויפשטאַנדען; אָבער די ראַבסבורגער האָבען אימער געוואוסט מיט גוואַלד דיזע אויפשטאַנדען אין דער צייט צו אונטערדריקען.

דער פרידען, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין אייזענבורג, האָט נאָך בערגרעסערט די אונצופרידענהייט פון די אונגאַרישע מאַגנאַטען. איבער-הויפּט האָט געפיהרט דערצו דער דרוק, וואָס די אונגאַרען האָבען געליטען פון די עסטרייכישע בעאַמטע, פון די יעזואיטען און פון די סאָלדאַטען. אין יאָהר 1665 איז ווידער ענטשטאַנען אַ געהיימע פערבינדונג, וועלכע האָט געהאַט אַלס איהר צוועק צו בעפרייען זיך פון דער הערשאַפט פון די האַבס-בורגער און איינצופיהרען די אַדעלס-הערשאַפט. ווי געוועהנליך זיינען די טערקען געקומען זיי באַלד צו הילף. אָן דער שפּיץ פון דער פערשווערונג זיינען געשטאַנען: דער פּאַלאַטין וועססעלעני, דער באַנוס פּעטער צריני, דער ברודער פון ניקלאַס, וועלכער איז דערווייל געשטאָרבען, דער הויף-ריכטער פראַנץ נאַדאַזדי, וועלכער איז געווען דער ליבלינג פון קייזער, פראַנ-גיפּאַני און אַנדערע. אָבער דער מיניסטער פון וויענער קאַבינעט, לאָב-קאָוויטץ, האָט ערהאַלטען פון קאָנסטאַנטינאָפּעל אַ געהיימע ידיעה וועגען דיזער פערשווערונג. די עסטרייכישע רעגירונג האָט אָבער דערווייל גאָרניט געטאָן: זי האָט געוואַרט ביז זי וועט האָבען וועגען דער פערשווע-רונג פאַקטישע בעווייזען, אום זי זאָל די פערשווערער קענען בעשטראָפען שטאַרקער און גרויזאַמער.

צום אונגליק פון די פערשווערער האָט זיי געפעהלט די נעטיגע אחדות. יעדער איינציגער פון זיי האָט געהאַט זיינע אייגענע צוועקען און אינטע-רעסען. צריני האָט פערלאַנגט, אַז ווען זייער פּלאַן וועט דורכגעפיהרט ווע-רען זאָל מען איהם איבערגעבען זיין ערבליכען בעזיץ פון קראָאַטיען און סלאַוואָניען, און נאַקאָטשי האָט פערלאַנגט די ערבשאַפט פון זיין פאָטער אין זיעבענבירגען. אין יאָהר 1670 האָבען די פערשוואָרענע בעשלאָסען אָנצופאַנגען דעם אויפשטאַנד אין פערשיידענע פּונקטען. אָבער די רעגי-רונג האָט זיך מקדים געווען און זי האָט אָנגענומען שטרענגע מאַסרעגלען. די מאַגנאַטען האָבען זיך פאַר דיזע מאַסרעגלען דערשראָקען און יעדערער האָט געטראַכט נאָר ווי צו רעטען זיך און זיין בעזיץ. זאָגאַר צריני און פראַנגיפּאַני, וואָס זייערע סאָלדאַטען זיינען צולאָפען פאַר שרעק פאַר די עסטרייכישע סאָלדאַטען, זיינען אַליין אַוועק אין וויען צו פערענטפערן זיך פאַר דער רעגירונג. נאַקאָטשי האָט געקויפט זיין בעגנאַדיגונג. ער האָט

איבערגעגעבען דעם קייזער זיינע שלעסער און 350,000 גולדען אַלס פער-
גיטיגונג פיר'ן שאָדען.

די רעגירונג האָט זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט אין גאַנצען
פערטיג צו ווערען מיט די מאַגנאַטען. מען האָט זיי אַרעסטירט און גע-
שטעלט פאַר אַ געריכט וועגען הויך־פעררעט. אויך נאַדאַזדי איז געוואָרען
געפאַנגען און געבראַכט געוואָרען נאָך וויען. לויט דעם אורטייל פון די
ריכטער זיינען צריני, פראַנגיפּאַני און נאַדאַזדי הינגעריכטעט געוואָרען
אויף'ן עשאַפּאָט; טאַטטענבאַך און גראַף טהורן זיינען פעראורטיילט גע-
וואָרען צו לעבענסלענגליכע געפענגניס. זייערע ריזיגע גיטער זיינען קאָנ-
פיסקירט געוואָרען פון דער קרוין.

די זעלבשטענדיגקייט פון מאַגיאַרישען אַדעל איז פערניכטעט געוואָ-
רען. אַ קייזערליכער עדיקט (אוקאַז) האָט ערקלערט, דאָס די מאַכט פון
דעם קייזער איז אונבעשרענקט. קיינעם פון פאָלק ניט פרעגענדיג האָט די
רעגירונג ארויסגעלעגט אַן אַלגעמיינע קאָנטריבוציאָן און אַ שטייער אויף
אַלע געברויכס־מיטלען און געטרענק (1672). די אויבערסטע רעגירונג פון
אונגאַרן, וואָס איז געווען אין פּרעססבורג, האָט געמוזט איבערגעבען איהר
מאַכט צו דער קעניגליכער שטאַטהאַלטערשאַפט, אָן דער שפּיץ פון וועלכער
עס איז געשטאַנען דער האָכמייסטער פון דייטשען אָרדען יאָהאַן קאַס-
פּאַר אַמפּרינגער. אין פיעלע ערטער האָט די רעגירונג בעשטעלט
ריכטער, וואָס זאָלען אונטערזוכען און אויספאָרשען די אָנטיילנעהמער פון
דער פערשווערונג און איבערהויפּט נעהמען זיך צו די פּראָטעסטאַנטען.
אַ גרויסע צאָהל פון פּראָטעסטאַנטישע פּריסטער און לעהרער זיינען גע-
וואָרפען געוואָרען אין געפענגניס און זייערע גיטער זיינען קאָנפיסקירט גע-
וואָרען; פיעלע פון זיי זיינען זאָגאַר פערקויפט געוואָרען אויף די שיפען
אַלס רודער־קנעכט. די יעזואיטען האָבען פערוואַנדעלט די פּראָטעסטאַנ-
טישע קירכען אין קאַטאָלישע. אונטער דיזע קירכען האָט זיך געפונען דער
בעריהמטער דאָם אין קאַשאַו.

דיזע גוואַלדטאַטען האָבען שרעקליך אויפגערייצט דעם פרייהייטס־
גייסט פון די אונגאַרען. עס האָט זיך איבעראַל ענטוויקעלט אַ שרעקליכער
האַס געגען קייזער און געגען קאַטאָליציזם. עס איז געוואָרען אַן אויפ-
שטאַנד, אָן דער שפּיץ פון וועלכען עס האָט זיך געשטעלט זינט דעם יאָהר
1678 דער ענערגישער אַדעלמאַן עממעריך טאָקאָלי, וואָס זיינע
גיטער האָט שוין די עסטרייכישע רעגירונג לאַנג קאָנפיסקירט, און וועלכער
האָט דערפאַר טיף געהאַסט די האַבסבורגער. לודוויג דער 14טער האָט

איהם געהאָלפען מיט געלט. ער האָט זיך פערשאַפט אַן אַרמעע פון 20,000 מאַן, מיט וועלכער ער האָט פערטריבען די קייזערליכע טרופען פון די וועסט-אונגאַרישע בערג-שטעדט און האָט זיי אַליין פערנומען. עסטרייך האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין אַ זעהר געדריקטען צושטאַנד. די פעסט פון דעם יאָהר 1679 האָט צוגענומען זעהר פיעלע מענשען, אין נאָרד-בעהמען האָט זיך געמאַכט אַ שטאַרקער בויערן-אויפשטאַנד, וועלכער איז אַרויסגערופען געוואָרען צוליב דעם דרוק, וואָס די גוטס-בעזיצער האָבען זיי געדריקט, אַזוי דאָס די רעגירונג האָט געמוזט געברויכען אַ שטאַרקע מיליטערישע מאַכט און באַרבאַרישע מיטלען אום דעם אויפשטאַנד צו דערשטיקען. צו דעם אַלעם זיינען געקומען די שרעקליכע רויבערייען פון פראַנקרייך, די ערניי-ערטע פעראייניגונג אין וועסט.

דער קייזער איז געווען געצוואונגען צו ענדערן דעם טאָן. ער האָט איינגערופען אין יאָהר 1681 אַן אונגאַרישען לאַנדטאָג אין אָדענבורג. ער האָט אָפּגעשאַפט די שטאַטהאַלטערשאַפט, און האָט צוריקגעגעבען דער אונגאַרישער הויף-קאַמער איהר פריהערדיגע אונאָפּהענגיגקייט. אויך די קירכליכע פערהעלטניסען זיינען געוואָרען איינגעאָרדענט. מען האָט זיי אָבער אויך דאַן ניט געגעבען קיין פולע רעליגיאָנס-פרייהייט. נאָר די קאַטאָלישע גוטס-בעזיצער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו צווינגען זייערע אונטערטאַנען אָנצונעהמען זייער גלויבען. אָבער דער פרידען צווישען אונגאַרן און עסטרייך איז ניט געווען קיין וואָהרער פרידען, נאָר אַ מין וואַפען-שטילשטאַנד. עממעריך טאָקאָלי האָט געשלאָסען אַ בונד מיט טערקיי. עסטרייך איז געווען געצוואונגען צו געפינען אַ בונד-חבר געגען טערקיי. עס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע. אָבער ענדליך האָט זיך פעראייניגט דער פוילישער קעניג יאָהאַן סאָביעסקי מיט לעאָפּאָלד דעם 1טען געגען די אָסמאַנען.

דעם 31טען מאַי 1683 איז דער סולטאַן מוסטאַפאַ זעלבסט אַרויס פון אַדריאַנאָפּעל אין שטרייט. ער האָט מיט זיך געהאַט אַן אַרמעע פון 230,000 מאַן מיט 300 קאַנאָנען. אין פראָנט פון דער אַרמעע איז געגאַנגען דאָס אונגאַרישע מיליטער. געגען דיזער אַרמעע האָט עסטרייך נאָר געקענט אַרויסשטעלען 60,000 מאַן, וועלכע האָבען בעדאַרפט פערטיידיגען די לאַנגע ליניע פון דעם טייך דראַו ביז צו דעם דונאַי. ווען מוסטאַפאַ איז געקומען צו דעם ראַאַב, האָט דאָס קייזערליכע מיליטער געמוזט געהן צוריק צו וויען, אום צו פערטיידיגען די רעזידענץ. עס איז געווען אַ צווייפעל, אויב די טערקען וועלען געהן אויף וויען. אָבער דאָס פאָלק

אין וויען האָט גוט געוואוסט ווי ווייט שלעכט וויען איז בעפעסטיגט און האָט אָנגעהויבען פון דאָרט צו לויפען. ניט וועניגער פון 60,000 מאַן זיינען ענטלאָפען פון וויען. אויך דער קייזערליכער הויף האָט זיך איבערגעטראָגען נאָך לינץ. די אָסמאַנען זיינען אָבער געגאַנגען אויף וויען זעהר לאַנגזאַם, און דאָס האָט צוגעגעבען דעם פאָלק פיעל מוט. מען האָט זיך שטאַרק גענומען מאַכען פאָרבערייטונגען. דער גראַף רידיגער פון שטאַרהעמבערג האָט איבערגענומען דעם בעפעהל איבער דער אַרמעע; די בירגער האָבען אַרויסגעשטעלט 2,400 מאַן, די אוניווערזיטעט האָט געשיקט 700 מאַן. דערצו זיינען נאָך געקומען זעהר פיעלע פרייוויליגע סאָלדאַטען, אַזוי דאָס צוזאַמען מיט די 13,800 פוס־פאָלק, און 9 סקאַדראָנען קיראַסירען, וואָס לאָטהרינגען האָט אַריינגעשיקט, איז די גאַנצע מיליטערישע מאַכט אין וויען בעשטאַנען פון 22,000 מאַן.

אין יולי 1683 האָט מוסטאַפאַ לאַנגזאַם אָנגעהויבען מאַרשירען אויף וויען. אַלע ערטער, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען, האָט ער פערוואַנדעלט אין אַש. שטאַרהעמבערג האָט אַליין פערברענט די פאָרשטעדט פון וויען אום פאָרצובערייטען דערמיט דאָס פאָלק אויף דעם פאַל פון דער רעזידענץ. דעם 14טען יולי האָבען זיך געצייגט די ערסטע טערקישע רייטער און באַלד נאָכדעם האָט די גאַנצע עבענע (דאָס פלאַכע פעלד), ווי ווייט די אויג האָט געקענט זעהן, זיך בעדעקט מיט טערקישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען באַלד אויפגעשלאָגען זייער לאַגער, אין מיטען פון וועלכען עס איז געשטאַנען דער רייכער געצעלט פון דעם גרויס־וויזיער. זיי האָבען בעלאַגערט וויען פון אַלע זייטען, אויסער די נאָרד־אָסט־זייט, ווייל דאָרט זיינען דער דונאַי און די לאָטהרינגישע אַרמעע געוועזען די בעשיצער פון דער שטאָדט.

הגם די טערקען האָבען ניט געהאַט די געשיקליכקייט צו בעלאַגערן, איבערהויפט ווייל זייער אַרטילעריע איז געוועזען שלעכט אָרגאַניזירט, דאָך איז וויען געקומען פון זייער בעלאַגערונג אין גרויס נויט און עלענד, ווייל די מאַסע בעלאַגערער איז געוועזען אונגעהייער גרויס. דעם 3טען סעפטעמבער האָבען די טערקען גענומען איין ווערק פון דער וואַל־ליניע און 5 טעג שפּעטער האָבען זיי זיך פעסטגעזעצט אויף דעם הויפט־וואַל. צו אַלע שרעקען פון דער בעלאַגערונג האָבען זיך ענטוויקעלט אין שטאָדט אַנשטעקענדע קראַנקהייטען און עס האָבען אָנגעהויבען צו פעהלען לעבענסמיטלען.

אַכט מאָנאַטען האָבען די בעלאַגערטע אין וויען געליטען מאַנגעל אין שפּייז און פון פערשיידענע קראַנקהייטען. ענדליך האָבען זיי דערזעהען ראַקעטען פון דעם קאַהלענבערג, וועלכע האָבען זיי געגעבען צו וויסען, דאָס

עס קומט די הילף, וועלכע זיי האָבען ערוואַרט. דאָס האָט זיי צוגעגעבען נייעם מוט און האָפנונג. די טערקען האָבען זיך גענומען מיט מעהר חשק צו נעהמען די שטאָדט, אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. באַלד האָבען זיי דערזעהען אַ רויטען פלאַג מיט אַ ווייסען קרייץ, וועלכער האָט אָנגעזאָגט, דאָס דער הערצאָג פון לאָטהרינגען קומט אָן מיט זיינע טרופּען. דער הערצאָג האָט פריהער ניט געקנט קומען די וויענער צו הילף, ווייל ער האָט פריהער געהאַט גענוג צו טאָן ביז ער האָט בעזיגט טאָקאָלי מיט זיינע טרופּען ביי פּרעססבורג. נאָכדעם איז ער צוריקגעגאַנגען און האָט זיך פעראייניגט מיט די פּוילישע און די קייזערליכע טרופּען, אַזוי דאָס די גאַנצע אַרמעע איז יעצט בעשטאַנען פון 85,000 מאַן, פון וועלכע מעהר ווי העלפט זיינען געוועזען רייטער.

דעם 12טען סעפּטעמבער האָבען די טרופּען, וואָס זיינען אָנגעקומען צו בעפרייען וויען פון דער בעלאַגערונג, אָנגעפאַנגען די שלאַכט מיט די טערקען. די הילפס-טרופּען האָט געלונגען אָפּצוטרייבען די טערקען פון זייער פּאָזיציאָן אַרום דער שטאָדט צוריק צו זייער לאַגער. אום 6 אוהר אין אָבענד איז דער זיג געוועזען פאָלקאָם אויף דער זייט פון די קריסטען. די טערקען זיינען ענטלאָפען און די קריסטען האָבען עראָבערט דעם טערקישען לאַגער. אויף דעם אַנדערען טאָג איז יאָהאַן סאָביעסקי אויפגענומען געוואָרען אין שטאָדט מיט טריאומף און דעם 14טען סעפּטעמבער איז דער קייזער אָנגעקומען צוריק אין וויען.

דער רויב, וואָס די קריסטען האָבען געפונען אין טערקישען לאַגער, איז געוועזען אונגעהייער גרויס. זיי האָבען געפונען 370 קאַנאָנען, 15,000 געצעלטען, 5,000 קעמלען, 10,000 בופלאָקסען, 10,000 שאָף און די קריגס-קאַסע מיט 15 מיליאָן מארק, אויך אַ ריזיגע מענגע קאַפע. פון דאַמאָלס איז דער קאַפע-געטראַנק פערברייטעט געוואָרען אין דייטשלאַנד.

עסטרייך האָט באַלד גענומען אויסניצען דעם זיג. נאָך אָן אַפּרוה פון בלויז 5 טעג האָט זי געשיקט אָן אַרמעע אויף אונגאַרן און האָט דאָרט איינגעשטילט דעם אויפשטאַנד. אין טערקיי איז דערווייל געוואָרען אַ נייער גרויס-וויזיר, ווייל מוסטאַפאַ איז אויף דעם בעפעהל פון סולטאַן הינגעריכטעט געוואָרען. די קריסטען האָבען געשטריטען מיט דעם נייעם גרויס-וויזיער און דאָס גליק איז געוועזען אויף זייער זייט, זיי האָבען עראָבערט איין שטאָדט נאָך דער אַנדערער. אום דעם קאַמף פאָרטצוזעצען האָט דער קייזער געשלאָסען די „הייליגע ליגע (בונד)” מיט פּוילען, ווענעציאַ און דעם פּאַפּסט. אין יאָהר 1685 איז געפאַלען די שטאַרקסטע פעסטונג פון די

טערקען אין נארד=וועסט אונגארן, נייהויזעל. די טערקישע ארמעע, וואס איז געקומען צו בעפרייען די בעלאגערטע, האט געליטען א שטארקע נידער-לאגע ביי גראן. די רעבעלען אין אסט זיינען געוועזען געצוואונגען צוריקצו-ציהען זיך אין די בערג. זיעבענבירגען האט געשלאסען א פערטראג מיט וויען, און האט זיך געשטעלט אונטער דעם שוץ פון קייזער. דער פירסט מיכאעל אפאפי איז געבליבען ביי זיין הערשאפט (1686).

באלד נאכדעם האט די קייזערליכע ארמעע איינגענומען די שטאדט אפען. די פערטיידיגונג פון גרויס=וועזיער איבראהים האט צו גארניט גע-פיהרט. 146 יאהר האבען דארט די טערקען געהערשט, און ענדליך איז די שטאדט אנגעקומען צוריק צו עסטרייך. פון יענער צייט, ווען די טער-קען האבען געהערשט אין אפען, איז היינט געבליבען נאר איין קבר פון אן אסמאנישען הייליגען. נאכדעם האט עסטרייך ווידער געהאט צוויי וויכ-טיגע זיגען, וועלכע האבען פעסטגעשטעלט די הערשאפט פון קייזער אין די פוסטא=פלאכלענדער.

יעצט האט דער קייזער אנגעהויבען צו נעהמען ראכע. דער גענעראל קאראפפא, א געבארענער אין נעאפעל מיט א דעספאטישער נאטור, האט איינגעריכטעט אין עפעריעס א ספעציעלעס געריכט צו משפט'ן ד' אדעללייט, וואס ווערען בעשולדיגט אין אונטרייהייט צום קייזער. דאס געריכט האט בעהאנדעלט דעם אדעל זעהר ברוטאל. בעווייזען, וואס האבען ניט געהאט קיין גרונד, זיינען געווען גענוג אום אראפצונעהמען דעם קאפ פון אן אדעלמאן אדער צו קאנפיסקירען זיינע גיטער. די אונגערעכטיגקיי-טען פון געריכט זיינען געווארען אזוי אלגעמיין בעוואוסט, דאס די רעגירונג אין וויען איז געווען געצוואונגען איבערצונעהמען דאס געריכט אויף זיך זעלבסט. דער אדעל איז געבראכען געווארען. דער קייזער האט דאמאלס געהאט די מעגליכקייט דורכצופיהרען אין פארלאמענט, וואס האט זיך פער-זאמעלט אין פרעססבורג, א געזעץ, דאס די אונגארישע קרוין זאל אנערקענט ווערען ערבליך פיר די מענליכע אפשטאמונג פון די האבסבורגער. דאס רעכט, וואס די גאלדענע בוללע פון יאהר 1222 האט געגעבען דעם אדעל, צו מאכען אן אויפשטאנד אין פאל ווען דער הערשער פון לאנד וועט טאן וואס עס איז געגען דער קאנסטיטוציאן, איז אפגעשאפט געווארען. אבער אלע איבריגע פעראָרדנונגען, צווישען אנדערע אויך די געזעצען, וועלכע זיי-נען בעשטימט געווארען אויף דעם אדענבורגער רייכסטאג פון יאהר 1681 וועגען די קירכליכע פערהעלטניסען פון אונגארן, זיינען געבליבען אין קראפט, און יעדער נייער הערשער האט געמוזט ביי זיין טראן=בעשטייגונג שווערען,

דאָס ער וועט זיי ריכטיג ערפילען און וועט אין זיי ניט מאַכען קיין ענדע-רונגען.

די יאַניטשאַרען (טערקישע סאָלדאַטען) זיינען ניט געווען צופרידען מיט זייער סולטאַן און האָבען איהם געשטירצט. אָנשטאָט איהם האָבען זיי אַרויפגעזעצט אויף'ן טראָן זיין ברודער סוליימאַן דעם 3טען (1687—1691). דאַמאָלס האָבען זיי ווידער גענומען אָנגרייפען די קרים-טען. זיי האָבען געשווינד געהאַט איינינגע זיגען איבער די קייזערליכע און האָבען עראָבערט וואַלאַכיאַ. דער סולטאַן האָט בעשטימט טאָקאָלי אַלס הערשער איבער זיעבענבירגען.

אָבער אין אונגאַרן זעלבסט האָבען די טערקען זיך ניט געקענט בעפעס-טיגען. אין יאָהר 1691 האָבען זיי געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע ביי סאַלאַנקעמען (צווישען בעלגראַד און פעטער-וואַרדיין). 12,000 טערקען זיינען דאַמאָלס געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד, צווישען זיי איז אויך געווען דער גרויס-וויזיער מוסטאַפאַ-קאָרפּילי. באַלד נאָכדעם האָט זיך גראָסס-וואַרדיין אונטערגעגעבען. די נעכסטע יאָהרען האָט עסטרייך גאָרניט גע-קענט מאַכען מיט די טערקען און האָט זיך געמוזט צופרידען שטעלען מיט דעם, וואָס זי האָט ביז יעצט אָפּגענומען, ווייל זי האָט געמוזט אָנווענדען אַלע קרעפטען צום קריג מיט פראַנקרייך. די טערקען האָבען ווידער אָנ-געהויבען מאַכען אָנפאַלען אויף עסטרייך, און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס דער פרינץ אייגען פון סאַוואָיען איז גערופען געוואָרען צו שטעלען זיך אָן דער שפּיץ פון דער קייזערליכער אַרמעע.

ווען דער פרינץ אייגען האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער דאָס מיליטער איז די אַרמעע געווען אין אַ שרעקליכער אונאָרדנונג. די סאָל-דאַטען זיינען געוואָרען שלעכט בעצאָהלט און האָבען געהאַט שלעכטע שפּייז. דאָס מיליטער איז דעריבער געווען שטאַרק אונצופרידען און איז געווען גרייט יעדען מאָמענט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד. אייגען האָט געמאַכט גרינד-ליכע ענדערונגען. ער האָט געמאַכט, דאָס די סאָלדאַטען זאָלען בעקומען רעגעלמעסיג זייער געהאַלט און גוטע שפּייז. דערמיט האָט ער געוואונען זייער צוטרויען און זיי האָבען זיך איבערגעגעבען צו איהם מיט בעגייסטע-רונג. אין זומער פון יאָהר 1697 איז מוסטאַפאַ דער 2טער, דער טערקי-שער פעלדהערר, אַריבערגעגאַנגען דעם טייך העיסס אום אָנצוגרייפען סעגעדין. אייגען איז באַלד אַרויס געגען איהם מיט 50,000 מאַן. דעם 14טען סעפּטעמבער האָט ער איהם געטראָפען ביים דאָרף צענטאַ און האָט איהם אין אַ קורצער צייט בעזיגט. דער סולטאַן איז געשטאַנען אויף

יענער זייט טייך און האָט צוגעקוקט, ווי זיינע סאָלדאַטען פאַלען ווי פליגען, און ער איז געווען מאַכטלאָז זיי צו העלפען. דאָס איז געווען דער גרעסטער זיג, וואָס די קריסטען האָבען געהאַט איבער די אָסמאַנען אין 17טען יאָהר-הונדערט. 29,000 טערקין זיינען ענפאַלען אויף׳ן שלאַכטפעלד, און 10,000 מאַן זיינען דערטרונקען געוואָרען ביים איבערגאַנג פון דעם טייך טהעיסס.

הגם אייגען האָט געהאַט גרויסע שטערונגען פון רעגענס און פון דער זומפּיגער געגענד, דאָך איז זיין זיג איבער די טערקען געווען אַזוי גרויס, דאָס די טערקען האָבען געמוזט אָננעהמען די בעדינגונגען פון פרידען, וואָס אייגען האָט דיקטירט אין קאַרלאָוויטץ. עסטרייך האָט דאַמאָלס בעקומען זיעבענבירגען און דאָס גאַנצע לאַנד צווישען דעם דונאַי



קייזער יאָזעף דער 1טער.

און דעם טהעיסס. ווענעציאַ האָט צוגענומען מאָרעאַ מיט אייניגע אינזלען. רוסלאַנד, וועלכע האָט אויך אָנטייל גענומען אין דיזען קריג, האָט ערהאַלטען אַזאָוו. גראַף טאָקאָלי איז געשטאָרבען אויף זיין גוט ביי ניקאָמעדיען. דער סולטאַן האָט איהם געשיצט און געעהרט ביז דעם לעצטען מאָמענט פון זיין לעבען. די מאַכט פון די אָסמאַנען איז געבראָכען געוואָרען. מען האָט זיך שוין פאַר זיי ניט אַזוי געשראָקען. דאַמאָלס האָט די טערקישע הערשאַפט אין אייראָפּאַ אָנגעהויבען אָפּצושטאַרבען.

לעאָפּאָלד דער 1טער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1705. אין דער עסטרייכישער רעגירונג איז זיין זוהן יאָזעף דער 1טער (1705—1711) געווען זיין טראָן-פאָלגער. נאָך איהם האָט בעשטיגען דעם עסטרייכישען טראָן קאַרל דער 6טער (1711—1740). מיר האָבען שוין

פריהער דערצעהלט ווי עס האָט אונטער איהם אויסגעבראָכען דער שפּאַני-שער קריג וועגען דער ירושה פון שפּאַנישען טראָן. ער האָט פערלאָרען די שפּאַנישע קרוין, אָבער דערפאַר האָט ער בעקומען די נידערלאַנדען, וואָס האָבען אַמאָל געהערט צו שפּאַניען, דאָס הערצאָגטום מאַילאַנד, דאָס קעניג-רייך נעאַפּעל און די אינזעל סאַרדיניען. דיזע אַלע לענדער זיינען געווען זעהר פערשיידען צווישען זיך מיט זייערע נאַציאָנאַליטעטען, זייערע זיטען, זייער אַרט לעבען און מיט זייערע פערפאַססונגען (קאָנסטיטוציאָנען). קאַרל דער 6טער האָט זיך געגעבען די מיה איינצופיהרען אין דיזע לענדער פון זיין הערשאַפט אַ גרעסערע איינהייטליכקייט און אַ שטרענגערע צענטראַ-ליזאַציאָן. די בעדייטונג פון די בעהמיש-עסטרייכישע שטאַנדען איז פיעל אַרונטערגעדריקט געוואָרען. אין אונגאַרן האָט די העכסטע פערוואַלטונג איבערגענומען אַ קעניגליכע שטאַטהאַלטע

וואָס אָנבעטרעפט האַנדעל און אינדוסטריע האָט קאַרל דער 6טער פיעל נאָכגעטאָן די אַנדערע אייראָפּעאישע רעגירונגען. די רעגירונג האָט געמאַכט שאָסען צו ערלייכטערן דעם פערקעהר מיט די האַפען-שטעדט און צווישען די פּראָווינצען, זי האָט רעגולירט איינינע טייכען זיי זאָלען ניט האָבען קיין שטערונגען אין זייער פליסען, זי האָט איינגעאָרדענט שי-פען-פערקעהר אויף דעם אַדריאַטישען מעער, אויף וועלכען די ווענעציאַנער אַליין האָבען ביז דאַן געהאַט זייערע שיפען. דערמיט האָט עסטרייך צוגע-צויגען אין לאַנד פרעמדע סוחרים און האָט פערברייטערט פאַבריקאַציאָן. אין יאָהר 1725 זיינען די שטעדט טריעסט און פיומע ערקלערט געוואָרען פיר פריישטעדט, און עס איז געגרינדעט געוואָרען אַן אָסט-אינדישע האַנ-דעלס-געזעלשאַפט אין אָסטענדע, אום צו קאָנקורירען מיט דער ענגליש-פראַנצויזישער. דיזעס איז געווען אַ זעהר ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג.

דער פרידען פון קאַרלאָוויטץ האָט נאָך אין גאַנצען ניט בערוהיגט טערקיי. דער סולטאַן **אַחמעד דער 3טער** (1702—1730) האָט אין יאָהר 1714 אונערוואַרטעט ערקלערט קריג אויף ווענעציא. אין יאָהר 1715 האָט ער געשיקט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון גרויס-וויזיער דאַמאַד אַלי פּאַשאַ און אַ פלאָטע פון 160 שיפען געגען מאָ-רעאַ. הגם מאָרעאַ איז געווען בעזעצט כמעט אין גאַנצען מיט גריכען, איז די בעפעלקערונג דאָך געווען אויף דער זייט פון די טערקען און האָט גע-שטריטען אין זייערע רייהען געגען די ווענעציאַנער, און דעריבער איז די טערקען אָנגעקומען ניט שווער צו נעהמען די שטאַרקע פעסטונג נאַופּליא, און באַלד נאָך דעם אויך פיעלע אַנדערע שטעדט. די ווענעציאַנער האָבען

זיך געמוזט צוריקציהען און דער סולטאַן מיט'ן גרויס־וויזיער זיינען אריין מיט גרויס טריאומף אין אַדריאַנאָפּעל.

דער ערפאָלג פון די טערקען האָט אָנגעיאָגט אַ שרעק אויף עסטרייך. זי האָט אָנגעהויבען מורא האָבען פיר איהרע לענדער. מיט די השתדלות פון פּרינץ אייגען איז געשלאָסען געוואָרען אַ בונד צווישען עסטרייך און וועניציאַ. עסטרייך האָט פערלאַנגט פון טערקיי, דאָס די בעדינגונגען פון קארלאָוויטצער פרידען בנוגע צו וועניציאַ זאָלען ריכטיג ערפילט ווערען. די טערקען האָבען אויף דיזע פאָדערונג געענטפערט מיט אַ קריגס־ערקלע־רונג. אין אויגוסט 1716 האָט זיי פּרינץ אייגען שטאַרק צוקלאַפּט ביי פּעטערוואַרדיין און האָט זיי כמעט פערניכטעט. די קריסטען האָבען פון זיי צוגענומען 150 פאָהנען און 144 קאַנאָנען. באַלד נאָכדעם איז געפאַלען



קייזער קאַרל דער 6טער.

די פעסטונג טעמעסוואַר, די לעצטע טערקישע פעסטונג אין דער נאָרד־זייט פון דעם דונאַי. אין פריהלינג פון יאָהר 1717 האָט אייגען געקראָגען פיעלע וואָלונטירען אין דער קייזערליכער אַרמעע און האָט מיט זייער הילף געהאַט ביי בעלגראַד אַ גלענצענדען זיג איבער די טערקען, הגם ער האָט געהאַט אין זיין אַרמעע 80,000 מאַן, ווערענד דער גרויס־וויזיער האָט גע־גען איהם אַרויסגעשטעלט 150,000 מאַן. בעלגראַד, דער שליסעל צו אונ־גאַרן, האָט זיך אונטערגעגעבען, און נאָך איהר האָבען זיך אונטערגעגעבען אויך אַלע אַנדערע פלעצער. דורך די פערמיטלונג פון די זעע־מעכטען איז געשלאָסען געוואָרען פרידען אין פּאַססאַראָוויטץ. לויט דיזען פרידען האָט וועניציאַ פערלאָרען מאָרעאַ; איהר זיינען נאָר געבליבען: קאָרפו, טשעריגאָ, ווי אויך אַלבאַנעזישע און דאַלמאַטישע געביטען. עסט־

רייך דאַגעגען האָט געוואונען באַנאַט, קליין-וואַלאַכיא ביז צו דעם טייך אַלוטאַ, און דערצו אויך אַ טייל פון סערביען.

אין דער צייט פון דעם רוסיש-טערקישען קריג (1735—1739) האָט עסטרייך ניט געשפּילט קיין בעדייטענדע ראָלע. אין געגענטייל, וואָס זי האָט געטאָן אין דיזען קריג איז געווען אונגליקליך. עס האָט געפעהלט אַ גוטער קאָמאַנדיר, ווי פּרינץ אייגען, און אויסער דעם האָט פיעל געשטערט צו טאָן עטוואָס וויכטיגעס דער בויערן-אויפשטאַנד, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם טהעיסס און דעם מאַראָש. דיזער אויפשטאַנד איז אַרויסגעקומען פון דעם, וואָס די גוטס-בעזיצער האָבען אונערבאַרמליך געדריקט די בויערן. צו אַלעם דעם איז די קייזערליכע אַרמעע געווען זעהר שלעכט בעזאָרגט מיט די נעטיגע זאַכען, ווי קליידער און שפּייז. די אורזאַך דערפון איז געווען די שלעכטע, טרויעריגע לאַגע פון די פינאַנצען. דער קריג, וואָס עסטרייך האָט ערקלערט טערקיי אין יאָהר 1737, איז געווען אַ געצוואונגענער; זי האָט עס געמוזט טאָן לויט דעם בונד און דעם אָפּמאַך, וואָס זי האָט נאָך פריהער געשלאָסען מיט רוסלאַנד. אָנפאַנגס האָבען די עסטרייכער געהאַט אַן ערפאָלג און האָבען געהאַט אייניגע זיגען איבער די טערקען, אָבער אין יאָהר 1738 האָבען זיי אָנגעהויבען האָבען מפּלות איינע נאָך די אַנדערע, אַזוי דאָס עסטרייך איז געווען געצוואונגען צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. אין בעלגראַד איז געשלאָסען געוואָרען אַ זעהר ערנידריגענדער פערטראַג פיר עסטרייך. זי האָט געמוזט אָפּטרעטען אַלע איהרע לענדער, וואָס זיינען געלעגען זידליך פון דונאַי און קליין-וואַלאַכיא, די אַלע גלענצענדע עראָבערונגען, וואָס פּרינץ אייגען האָט ערוואָרבען. נאָר באַנאַט איז געבליבען פיר די האַבסבורגער. אויך רוסלאַנד האָט ביים שליסען שלום מיט טערקיי געמוזט איינשטימען צוריקצושטעלען די גרענצען, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אין דעם אָפּמאַך פון יאָהר 1711. נאָר אַזאָוו איז געבליבען פיר רוסלאַנד.

ווען דער קייזער קאַרל דער 6טער איז געשטאָרבען האָט ער ניט איבערגעלאָזען קיין מענליכען טראָן-פאָלגער. ער האָט אין זיין לעבען געהאַט נאָר איין זוהן און דיזער איז געשטאָרבען ווען ער איז אַלט געווען 5 מאָנאַטען. זיין וואונש איז דעריבער געווען, דאָס זיין טאָכטער, מאַריאַ טהערעזיאַ, זאָל זיין די טראָן-פאָלגערין, אום זייערע לענדערייען זאָלען ניט צוריסען ווערען אין פערשיידענע הענט. די לעצטע 20 יאָהר פון קאַרל דעם 6טען'ס הערשאַפט האָט זיין דיפּלאָמאַטיע זיך בעשעפטיגט נאָר אויסצואווירקען, דאָס די אייראָפּעאישע הערשער זאָלען אָנערקענען מאַריאַ

טהערעזיאַ אַלס די ריכטיגע און געזעצליכע טראָן־פאָלגערין נאָך איהם. עס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך דאָס דורכצופיהרען, ווייל אין די מעהרסטע לענדער פון קאַרל דעם 6טען׳ס הערשאַפט האָט עקסיסטירט אַ געזעץ, דאָס אַ פרוי טאָר ניט זיין קיין הערשערין.

עס האָט קאַרל דעם 6טען געקאָסט פיעל מיה דורכצופיהרען זיין פלאַן, אָבער ער האָט ענדליך זיין וואונש דערגרייכט. אַלע אייראָפּעאישע מעכטען האָבען אָנערקענט זיין בעשטימונג איבער די טראָן־ירושה, די אַזוי־גענאַנטע „פראַגמאַטישע סאַנקציאָן" (בעשטימונג לטובת הכלל). אָבער דיזע אָנער-קענונג האָט געקאָסט עסטרייך גרויסע אָפּפער. אין אַ געהיימען אַרטיקעל האָט ער פערשפּראָכען דעם שפּאַנישען הויז, דאָס נאָך דעם, ווי דאָס הויז פּפאַלץ־נייבורג וועט אויסשטאַרבען, זאָל די הערשאַפט אין יוליך־בערג אי-בערגעהן צו דעם הויז פּפאַלץ־זולצבאַך, און האָט בעשטימט קריג־שיפען ווידער צו ערהאַבערן גיבראַלטאַר און מינאָרקאַ. פרייסען האָט בעקומען פיר איהר אָנערקענונג פון מאַריאַ טהערעזיאַ אַלס די טראָן־פאָלגערין פון קאַרל דעם 6טען זיין ערבות, דאָס דער יורש פון טראָן אין בערג וועט זיין דער פרייסישער הערשער, און ענגלאַנד האָט ער געאָפּפערט די נייע אָסט-אינדישע קאָמפּאַניע. פיר די ענגלישע האַנדעלס־פּאָליטיק איז עס געווען אַ גלענצענדער זיג. הגם די גאַראַנטיע פון די אייראָפּעאישע מדינות האָט געקאָסט קאַרל דעם 6טען זעהר טייער, האָט זי אין געוויסע אומשטענדען געקענט זיין ווערטלאָז. פּרינץ אייגען איז געווען גערעכט ווען ער האָט בעמערקט, דאָס די בעסטע גאַראַנטיע פיר די זיכערהייט און גערעכטיגקייט פון מאַריאַ טהערעזיאַ׳ס טראָן־ירושה וואָלט געווען אַן אַרמעע פון 200,000 מאַן.

אין די אַלע לענדער, וואו עס האָבען געהערשט די האַבסבורגער, האָבען די בויערן ניט געהאַט קיין רעכט, אויסער אין טיראָל. דער טיראָלער בויער האָט פיר זיך אויסגעקעמפט ניט נאָר אונאָפּהענגיגקייט, נאָר אויך דאָס רעכט צו זיין פערטרעטען אין לאַנדטאַג. אין בעהמען האָט זינט דעם 15טען יאָהרהונדערט דער אַדעל פערכאַפּט כמעט די גאַנצע מאַכט פון דער רעגירונג אין זיינע הענט און האָט פערוואַנדעלט די בויערן אין לייבאייגענע. אויך אין אונגאַרן איז די לאַגע פון די בויערן געווען זעהר טרויעריג, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט. דאָס האָט פעראורזאַכט דעם גרויסען בויערן־אויפשטאַנד פון יאָהר 1514, וועלכער האָט געהאַט זעהר טרויעריגע רעזולטאַטען, און די לאַגע פון די בויערן איז דאָרט געוואָרען נאָך פיעל ער-גער. די בויערן זיינען דאַמאָלס איבעראַל פערוואַנדעלט געוואָרען אין לייב-

אייגענע, און די אָפּגאַבען, וואָס די בויערן האָבען בעדאַרפט צאָהלען, זיינען שטאַרק פערגרעסערט געוואָרען.

די רעכטען פון די גרונד־בעזיצער זיינען געוועזען פאָלגענדע. דער גוטס־בעזיצער האָט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכען געזעצען פיר זיינע בויערן, האָבען אַן אייגענע פּאָליציי, וועלכע זאָל איהם העלפען דורכפיהרען די געזעצען. ווען דער בויער האָט איבערגעטרעטען וועלכעס עס איז געזעץ, האָט דער הערר געהאַט דאָס רעכט איהם צו בעשטראָפען. דער לייבאייגענער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו הייראַטען אָהן דער ערלויבניס פון דעם גוטס־בעזיצער. ער האָט ניט געטאָרט איבערפיהרען זיינע קינדער אין אַן אַנדערען שטאַנד — זיי האָבען געמוזט פערבלייבען אויף אימער אין בויערן־שטאַנד און אַלס לייבאייגענע. דער לייבאייגענער האָט אויך געמוזט דינען אין דער אַרמעע, ווען דער הערר האָט עס געהאַט נעטיג פיר זיינע אינטערעסען. די גיטער, וואָס דער לייבאייגענער האָט בעאַרבייט, זיינען געוועזען דאָס אייגענטום פון דעם הערר. דער לייבאייגענער בויער האָט זיך נאָר געקענט בענוצען מיט אַ טייל פון זיין פּראָדוקציאָן, מיט אַזוי פיעל, ווי עס איז געוועזען נעטיג פיר זיין אָרימען קאַרגען אונטערהאַלט. די לייבאייגענע האָבען יעדע וואָך געמוזט אַרבייטען אויף די פעלדער פון דעם הערר אַ געוויסע צאָהל טעג, וועלכע איז געוועזען אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון הערר. אָבער װעניגער פון 3 טעג אַרבייט אין דער וואָך פיר דעם הערר איז אין קיין גוט ניט פאָרגעקומען. די גרונד־שטייער, וואָס די גוטס־בעזיצער האָבען בעדאַרפט צאָהלען דער רעגירונג, האָבען זיי איינגענומען פון די בויערן. זייערע אייגענע פעלדער זיינען געוועזען פריי פון יעדער אָפּצאָהלונג.

דערמיט, וואָס די האַבסבורגער האָבען ערוואָרבען בעהמען און אונגאַרן, האָבען זיי געלעגט דעם פונדאַמענט צו דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע. די הערשער פון דיזער מאָנאַרכיע האָבען זיך געמאַכט אַלס זייער אויפגאַבע צו בעפרייען די בויערן פון דער הערשאַפט און דער דעספּאָטישער בעהאַנדלונג פון זייערע הערען. די מאָנאַרכען האָבען עס געטאָן ניט אויס מענשען־ליבע און רחמנות אויף די בויערן, נאָר זיי האָבען דערמיט געהאַט אין זינען אָפּצושוואַכען די צו גרויסע מאַכט פון די גוטס־בעזיצער. די ערסטע שריט צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון די בויערן זיינען געמאַכט געוואָרען אין בעהמען. אונטער פערדינאַנד דעם 3טען איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען אַ נייע שטייער־אָרדנונג, וועלכע האָט אָפּגעטיילט דעם גרונד פון די בויערן פון דעם גרונד פון די הערען, און האָט בעשטימט די אָפּצאָהלונג פון יעדע בעזונדער, וועהרענד פריהער זיינען די שטייערן אויף

די פעלדער פון די בויערן מיט די פעלדער פון די הערן געווען צוזאַמען, און די גוטס־בעזיצער האָבען די גאַנצע לאַסט פון די שטייערן אַרויפגעוואָרפען אויף די בויערן. אָבער דורכצופיהרען דיזע מאַסרעגלען האָט ערסט גע־האַט די מעגליכקייט מאַריאַ טהערעזיאַ.

אין 16טען און 17טען יאָהרהונדערט האָבען די גוטסבעזיצער עקספּלואַ־טירט די בויערן אַזוי געוויסענלאָז, דאָס דיזע זיינען געווען געצוואונגען צו מאַכען אָפטע אויפשטאַנדען. דער שטאַרקסטער און וויכטיגסטער אויפ־שטאַנד איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1680. נאָך דעם, ווי לעאָפּאָלד האָט דעם אויפשטאַנד דערשטיקט, האָט ער געפונען פיר נעטיג צו רעגולירען די פערהעלטניסען צווישען דער רעגירונג און די אונטערטאַנען. די רעגי־רונג האָט זיך צום ערסטען מאָל גענומען רעגולירען די בויערן־אַרבייט אויף אַ פונדאַמענט פון געזעץ און ניט פון דעם ווילען פון דעם הערר. אויף דיזען וועג איז אויך געגאַנגען קאַרל דער 6טער, ווי עס איז קלאָר צו זעהן פון זיין „ראָבאָט־פּאַטענט", וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזען אין די יאָהרען 1717 און 1738. אין דיזען לעצטען ווערט שטרענג פערבאָטען די גוטס־בעזיצער איינצוגרייפען (מסיג גבול זיין) אין דאָס אייגענטום פון די לייב־אייגענע. מאַריאַ טהערעזיאַ האָט אָנגעפאַנגען די גרויסע אַרבייט פון דער בעפרייאונג פון די לייבאייגענע. איהר אַרבייט אין דיזער הינזיכט איז געווען גרינדליך און ציל־בעוואוסט. איהר רעגירונג בילדעט אַ נייע עפּאָכע אין דעם קאַמף צווישען דער מאָדערנער שטאַאַטס־אידעע און דער געזעל־שאַפטס־אָרדנונג פון די פערשיידענע שטאַנדען פון דער פערגאַנגענער צייט.

## ב. בראַנדענבורג זינט דער צייט פון דעם גרויסען קורפירסט.

פון די אַלע שטאַאַטען פון דעם אַמאָליגען שטאַרקען זאַקסישען פאָלק און פון די קאָלאָניעס פון אַלע נאָרד־דייטשע שטאַמען איז אַרויסגעוואַקסען איין שטאַאַט, וועלכער איז ווי פון דער געשיכטע בעשטימט געוואָרען צו זיין דער פיהרער און טאָן־געבער פון דעם צוריסענעם דייטשען רייך. דיזער שטאַאַט איז בראַנדענבורג. ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, האָבען דיזעם לאַנד איבערגענומען די האָהענצאָללערן (1415). דיזע מו־טיגע און ענערגישע פאַמיליע, וועלכע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פיר קיין זאַך אין דער וועלט צו דערגרייכען איהר ציל, האָט געוואוסט וועלכע מיטלען צו געברויכען אום איהר בעזיץ צו בעפעסטיגען און אויסצובויען.

פאָרבעררייטונגען צו די גרויסע ערוועבונגען פון דיזער פאַמיליע זיינען נאָך געמאַכט געוואָרען פון די קורפירסטען פון 16טען יאָהרהונדערט. יאָ־

אַכים דער 1טער (1499—1535) האָט זיך ערוואָרבען דאָס ערב־רעכט פון פּאָממערן לויט דעם פערטראַג פון גרימניטץ אין יאָהר 1529. יאָאַכים דער 2טער (1535—1571) האָט אין יאָהר 1537 געשלאָסען מיט דעם הערצאָג פריעדריך דעם 2טען פון ליעגניטץ־בריעג־וואָהלאו אַן ערב־פערבינדונג, לויט וועלכער דיביידע פאַמיליעס זאָלען זיך געגענזייטיג ירש'ענען.

אין אינערן אָבער איז די מאַכט פון דיזעביידע הערשער געווען ניט זעהר שטאַרק. אין געגענטייל, די מאַכט פון די שטאַנדען איז געוואַקסען מעהר און מעהר. פריהער האָט דער אַדעל צוגענומען פיר זיך אַלע קלויסטער־גיטער. די קורפירסטען האָבען אימער געהאַט נעטיג צו באָרגען געלט, דער אַדעל האָט זיך דערמיט בענוצט און האָט זיי אימער געבאָרגט געלט און האָט דערפאַר אַלע מאָל בעקומען נייע רעכטען. אזוי צ. ב. האָט דער אַדעל אין יאָהר 1540 איבערגענומען אויף זיך די חובות פון 600,000 טהאַלער, וואָס די קורפירסטען זיינען געווען שולדיג, מיט דער בעדינגונג, דאָס דער אַדעל אַליין זאָל האָבען דאָס רעכט איינצוקאַסירען די שטייערן, וועלכע זיינען בעשטימט, אום צו בעצאָהלען פון זיי דיזע סומע מיט די צינזען. יאָאַכים דער 2טער האָט געמוזט איינשטימען צו געבען דעם אַדעל דיזעס רעכט, ווייל זיינע יעהרליכע איינקונפטען האָבען מעהר ניט בעטראָפען ווי 80,000 טהאַלער, און דאָס איז איהם געווען וועניג צו העלפען זיך אין נויט. דער אַדעל האָט ניט נאָר געהאַט אַן איינפלוס אויף די פינאַנצען פון לאַנד, נאָר ער האָט אויסגעאיבט זיין איינפלוס אויך אויף אַלע איבריגע צווייגען פון דער רעגירונג. אין יאָהר 1540 האָט יאָאַכים דער 2טער געמוזט צוזאָגען, דאָס ער וועט ניט טאָן קיין וויכטיגע זאַך אין דער רעגירונג אָהן אַ בעראַטונג מיט'ן אַדעל.

אויף דיזען וועג זיינען געגאַנגען די קורפירסטען פון בראַנדענבורג אויך נאָך יאָאַכים דעם 2טען. שוין דיזער קורפירסט האָט אין יאָהר 1569 ערוואָרבען פון דער פּוילישער קרוין דאָס ערב־רעכט איבער דאָס הערצאָגטום פּרייסען. שפּעטער האָט דער קורפירסט יאָהאַן געאָרג (1571—1598) און יאָאַכים פריעדריך (1598—1608) נאָך פעסטער פערקניפּט די פערוואַנדטשאַפטליכע באַנדען מיט די האָהענצאָללערן אין פּרייסען. דער קורפּרינץ יאָהאַן סיגיזמונד האָט געהייראַט די עלטערע טאָכטער פון הערצאָג אַלברעכט פריעדריך פון פּרייסען (1568—1618), און איינינע יאָהר שפּעטער האָט יאָאַכים פריעדריך געהייראַט די איננערע טאָכטער פון דעם הערצאָג. עס איז אויסגעקומען, דאָס די מוטער

פון קורפירינץ איז געוועזן אינגער פון זיין אייגענער פרוי. די פאָליטיק האָט זיך קיינמאָל ניט געקימערט וועגען אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען געגען מאָראַל, זי האָט נאָר איינס אין זינען — וואָס מעהר ערווערב און בעזיץ פון לענדער.

אין יאָהר 1605 האָט יאָאַכים פריעדריך שוין איבערגענומען די הערשאַפט אין הערצאָגטום פרייסען. נאָך איהם איז דיזע איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן, דעם קורפירסט יאָהאַן סיגיזמונד (1608—1619). ווען אַלברעכט פריעדריך איז געשטאָרבען (1618) איז דאָס הערצאָגטום פרייסען ענדליך איבערגעגאַנגען צו דעם קורהויז בראַנדענבורג.

אין אינערן זיינען די שולדען געוואַקסען מעהר און מעהר. אין יאָהר 1572 האָבען די שטאַנדען (די העכערע קלאַסען) איבערגענומען אויף זיך צו בעצאָהלען 2½ מיליאָנען טהאַלער; עס פערשטעהט זיך, דאָס די רעגירונג האָט זיי דערפאַר געגעבען גרויסע הנחות מיט געוויסע רעכטען. דער קורפירסט איז געוועזן געצוואונגען איבערצוגעבען דעם אדעל אַלס פריווילעגיע אַלע רעגירונגס־עמטער, ווי אויך אַלע קירכען־שטעלעס. די קירכען־גיטער זיינען פערבליבען פיר דעם אדעל און פיר די שטעדט.

ווען געאָרג ווילהעלם (1619—1640) איז נאָך זיין פאָטער'ס טויט געוואָרען קורפירסט פון בראַנדענבורג, איז שוין דער בראַנדענבורגער שטאַאַט געווען זעהר אויסגעברייטעט. אָבער זיין פאָליטיק איז געווען אַ זעהר שוואַנקענדע. די אורזאַך דערפון איז געווען, וואָס דער שטאַאַט איז בעשטאַנען פון פערשיידענע לענדער און וואָס די שטאַנדען האָבען מיט גרויס שוועריגקייט בעוויליגט די נעטיגסטע אויסגאַבען, זאָגאר ווען עס איז פאָרגעשטאַנען דעם לאַנד די גרעסטע געפאַהר. דיזע שוואַכע, שרעקעדיגע פאָליטיק האָט זעהר פיעל געשאַדט זיין לאַנד און זיין הערשאַפט. מאַנספעלד, וואַללענשטיין און די שוועדען האָבען אין דער צייט פון 30־יעהריגען קריג געמאַכט בראַנדענבורג צום שוי־פּלאַץ פון דעם קריג. דאָס קורפירסטענטום האָט דאַמאָלס שטאַרק געליטען, ווייל די איינוואוינער האָבען געמוזט אויסהאַלטען די סאָלדאַטען, און אויסער דעם בייסטייערן גרויסע סומען צו די קריגס־קאָסטען. צום אונגליק איז נאָך אויסגעבראָכען אין לאַנד אַ פעסט, וועלכע האָט אַוועקגעריסען דאָס, וואָס דער קריג האָט איבערגעלאָזען. גאַנצע דערפער זיינען פערשוואונדען געוואָרען און אין די שטעדט זיינען זעהר פיעלע הייזער געבליבען לעער אָהן שום איינוואוינער.

געאָרג ווילהעלם איז געשטאָרבען אין יאָהר 1640 אין אַלטער פון 47 יאָהר אין קעניגסבערג, פרייסען, וואו ער האָט זיך אויפגעהאַלטען אין די

לעצטע יאָהרען פון זיין רעגירונג. נאָך איהם איז ארויף אויף'ן טראָן זיין זוהן פ ר י ע ד ר י ך  ו ו י ל ה ע ל ם, וועלכער איז בעוואוסט אין דער געשיכטע אלס „דער גרויסער קורפירסט". די לענדער, וואָס ער האָט גע'ירש'עט פון זיין פאָטער, האָט ער געפונען אין אַ זעהר טרויעריגען צושטאַנד. אין 1641 האָט ער געשלאָסען מיט די שוועדען אַ וואפען-שטילשטאַנד, וועלכען ער האָט שפּעטער פערלענגערט ביז צו ענדע פון דעם 30-יעהריגען קריג, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס דער קייזער איז דערמיט געוועזן שטאַרק ניט צופרידען. דיזער וואפען-שטילשטאַנד האָט אַרויסגעראַטעוועט דאָס לאַנד פון אַלע צרות פון דעם קריג.

מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, ווי שלעכט בראַנדענבורג איז בע-האַנדעלט געוואָרען אין וועסט-פּאַלישען פרידען. דער קורפירסט האָט זיך געגעבען פיעל מיה, דאָס פּאָממערן, וועלכע האָט לויט רעכט געהערט צו איהם, זאָל בלייבען פיר איהם, אָבער זיין מיה איז געוועזן אומזיסט. ער האָט זיך געמוזט צופרידען שטעלען צו בעהאַלטען הינטער-פּאָממערן און צו ער-האַלטען די בישאָפּטימער קאַמין, האַלבערשטאַדט און מינדען, און דאָס ערץ-בישאָפּטום, וועלכע מען האָט איהם געגעבען אַנשטאָט פאָר-פּאָממערן.

די לאַגע פון פריעדריך ווילהעלם אין פּרייסען איז געוועזן זעהר אַ שווע-רע. די שטאַנדען האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס יעצט, נאָך דעם, ווי זיי האָבען אָנגעוואָרען דעם שוץ פון פּוילישען קעניג, וועט מען ביי זיי אָפּנעהמען זייערע פּריווילעגיעס, וועלכע האָבען זיי געגעבען כמעט אַ רעפּובליקאַנישע קאָנסטיטוציאָן. זיי האָבען צו זייער פערזיכערונג געפּאָ-דערט אַזעלכע בעדינגונגען, דאָס דער קורפירסט האָט גאָרניט געזעהען וועלכ'ע עס איז מעגליכקייט דאָרט צו רעגירען. דאָס לאַנד איז דערצו געוואָרען אויפגערעגט פון די נייע גרויסע שטייערן, מיט וועלכע מען האָט בעלעסטיגט דאָס פאָלק און וועלכע מען האָט איינגעקאַסירט מיט אונגעוועהנליכער שטרענגקייט. די אַלגעמיינע מיינונג אין לאַנד איז געוועזן, דאָס דער פער-טראַג, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען פּוילען און בראַנדענבורג, האָט ניט קיין ווערט, ווייל מען האָט זיך פריהער ניט בעראַטען מיט די שטאַנדען און מען האָט דערצו ניט געפרעגט זייער מיינונג און זייער הסכמה. דאָס פאָלק איז געוועזן שרעקליך אויפגערעגט, אַזוי דאָס דער קורפירסט האָט געפונען פיר נעטיג דעם לאַנדטאַג, וועלכער האָט בעדאַרפט באַלד בערופען ווערען, אָפּצולעגען ביז דאָס פאָלק וועט זיך בערוהיגען. ער האָט גערעכענט, דאָס אין יאָהר 1661 וועט ער קענען צוזאַמענרופען אַ לאַנדטאַג. ניט אַכ-טענדיג אויף דעם, דאָס פריעדריך ווילהעלם האָט דורך דראָהונגען געצוואונ-

גען די בעאַמטע אין לאַנד צו שווערען איהם טרייהייט, איז דער לאַנדטאַג געווען אַזוי שטירמיש, דאָס פריעדריך ווילהעלם איז זעלבסט געקומען נאָך קעניגסבערג אום מיט זיין אַנוועזענהייט איינצואָרדנען לייכטער די אַנגע-לעגענהייטען. דער הויפּט־פיהרער פון די אונצופרידענע, היעראָני-מוס רהאָדע, איז גענומען געוואָרען געפאַנגען.

ענדליך איז דעם 18טען אָקטאָבער 1663 פאָרגעקומען אין קעניגסבערג די שבועה פון טרייהייט צו פריעדריך ווילהעלם נאָך דעם, ווי ער האָט גע-געבען איינגיגע פּריווילעגיעס. איינגיגע האָבען געזוכט ווידער איינצופיהרען די אָפּהענגיגקייט פון פּוילען, זיי האָבען אָבער ניט געהאַט קיין ערפאָלג. דער אָבערסט (פּאָלקאָווניק) פאָן קאַלקשטיין איז הינגעריכטעט געוואָרען אין מעמעל.

אין דעם האָללענדישען קריג האָט דער גרויסער קורפירסט אונטערשטיצט די רעפּובליק מיט 20,000 מאַן. אין אָקטאָבער 1674 האָט ער זיך פער-איינינגט מיט די אַרמעען פון די איבריגע פערבינדעטע ביי שטראַססבורג. ער האָט אָבער באַלד בעקומען אַ ידיעה, דאָס די שוועדען האָבען אונטער גוסטאַוו וראַנגעל געשיקט 16,000 מאַן אין די בראַנדענבור-גישע שטאַאַטען, אום אָפּצוציהען דעם פירסט פון דעם בונד געגען פראַנק-רייך. די 16,000 מאַן האָבען פערוויסטעט הינטער־פּאָממערן און אַנדערע פון זיינע לענדער, ווייל דאָרט איז דאַמאָלס ניט געווען ווער עס זאָל זיך שטעלען געגען דער פרעמדער מיליטער־מאַכט. די בויערן פון אַלטמאַרק האָבען געהינדערט דעם פיינד אַריבערצוגעהן די עלבע. צו זייער גליק איז דער שוועדישער קאָמאַנדיר געוואָרען קראַנק און ער האָט זיי ניט געקענט אָנגרייפען.

אין מאַי 1675 האָט זיך דער קורפירסט גענומען צו פערטרייבען די שוועדען פון זיין לאַנד. זיין ערשיינען אין דער מאַרק (דאָס איז געווען אַ טייל פון זיינע לענדער) איז געווען אַזוי פּלוצלינג און אַזוי אונערוואַרטעט, דאָס די שוועדען האָבען זיך געאיילט צוריקצוציהען פון לאַנד. אָבער ביי דעם שטעדטעל פעהרבעללין האָט זיי פריעדריך ווילהעלם דעריאָגט און האָט זיי געוואָלט אָנגרייפען, אָבער זיין פעלדמאַרשאַל דערפּפלינגער האָט איהם געראַטען בעסער אַרומרינגלען דעם פיינד און צווינגען איהם זיך אונטערצוגעבען. אונטער דעם שוץ פון אַ געדיכטען טומאַן האָט דער קור-פירסט אַרויפגעבראַכט אויף אַ בערגעל איינגיגע האַרמאַטען, וועלכע האָבען אָנגעטאָן די שוועדען גרויס שאָדען. דער שוועדישער פעלדמאַרשאַל וראַנ-געל האָט געזוכט אָפּצונעהמען דיזע פּאָזיציע פון די בראַנדענבורגער, אָבער

ער האָט גאָרניט אויסגעפיהרט. אָן דער שפּיץ פון די בראַנדענבורגער איז געשטאַנען דער קורפירסט זעלבסט, וועלכער האָט אַליין געפיהרט זיינע טרופּען אין פייער און איז זעלבסט מיט זיי געגאַנגען אין רעגען פון קוגלען. זיין שטאַל־מייסטער איז ביי זיין זייט דער'הרג'עט געוואָרען פון אַ קאַנאָן.

נאָך אַ לאַנגען פערביסענעם קאַמף האָבען די בראַנדענבורגער פערטרי-בען די שוועדישע רייטעריי, אַזוי דאָס די פוס־סאָלדאַטען זיינען געבליבען אָהן אַ שום שוץ. פון אַ גאַנצען שוועדישען רעגימענט זיינען איבערגעבלי-בען נאָר 20 מאַן. צום גליק פון די שוועדישע טרופּען זיינען שוין די בראַנ-דענבורגער געוואָרען זעהר מיד פון שטרייט און האָבען זיי מעהר ניט גע-קענט פערפאָלגען. זיי האָבען זיך גערעטעט פון פאָלשטענדיגער פערניכ-טונג און האָבען זיך געקענט צוריקציהען נאָך פעהרבעללין. דריטהאַלבען טויזענד שוועדען זיינען געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד. פון די בראַנדען-בורגער זיינען געוועזען נאָר 500 טויטע און פערוואונדעטע. אין איניגע טעג איז די מאַרק (קורפירסטענטום בראַנדענבורג) אין גאַנצען ריין געוואָרען פון די שוועדען. גאַנץ איירּאָפּאַ האָט בעוואונדערט די העלדישקייט פון דעם הערצאָג, וועלכער האָט אַזוי העלדיש בעזיגט די מעכטיגע שוועדען. די שלאַכט ביי פעהרבעללין האָט געשטעלט בראַנדענבורג אין דער רייהע פון די מעכטיגע שטאַאַטען פון אייראָפּאַ.

דער ערסטער רעזולטאַט פון דעם זיג פון די בראַנדענבורגער איז גע-וועזען, דאָס עס איז באַלד ערקלערט געוואָרען קריג געגען די שוועדען פון דייטשען רייך. אויך דענעמאַרק, וועלכע האָט שטאַרק געוואָלט בעקומען די שוועדישע געביטען אין דייטשלאַנד, ווי אויך צונעהמען ברעמען און ווער-דען, איז אַריין אין אַ בונד מיט פריעדריך ווילהעלם. מיט דיזער שטיצע איז פריעדריך ווילהעלם אַרויס אָנצוגרייפען די שוועדיש־דייטשע לענדער. אין יאָהר 1676 איז כמעט גאַנץ פאָר־פּאָממערן עראָבערט געוואָרען. דעם גרעסטען טייל פון יאָהר 1677 האָט זיך די בראַנדענבורגישע אַרמעע בעשעפ-טיגט מיט דער בעלאַגערונג פון שטעטטין, וועלכע האָט זיך זעהר מוטיג פערטיידיגט, אָבער ענדליך איז זי דאָך געוועזען געצוואונגען זיך אונטערצו-געבען. באַלד נאָכדעם איז אויך גרייפסוואַלד געפאַלען, און דערמיט האָט שוועדען פערלאָרען דעם לעצטען פוס לאַנד, וואָס זי האָט געהאַט אין דייטשלאַנד.

דאַן איז אָנגעקומען אַ ידיעה, דאָס די שוועדען האָבען זיך אַריינגערי-סען פון ליפלאַנד אין פּרייסען. די קורפירסטליכע הויפּט־אַרמעע איז באַלד אַוועק פון פּאָממערן נאָך פּרייסען, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס דאַן איז גע-

ווען ווינטער־צייט. די צרמעע איז בעשטאַנען פון דער גאַנצער רייטעריי, דראַגונער, בעסטע פוס־סאָלדאַטען פון אַלע רעגימענטען און 34 האַרמאַטען. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס עס איז דאַמאָלס געווען אַ טיפער שנעע און אַ שטאַרקע קעלט, איז דאָס מיליטער ניט געווען אונצופרידען, אין געגענטייל, עס האָט שטאַרק חשק געהאַט צו שטרייטען מיט'ן פיינד. די שוועדען האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען צוריקציהען. אָבער דער קורפירסט האָט פון דער גאַנצער געגענד פערשאַפט זעהר פיעלע שליטענס אום צו ברייגנען די פוס־סאָלדאַטען געשווינדער אהין, וואו ער האָט זיי געהאַט נעטיג, און האָט זיי דעם ריקצוג אָפּגעשניטען מיט דעם, וואָס ער האָט זיך געוואַגט פאָהרען איבער'ן אייז פון דעם פרישען קורישען האַף (ים־בוזים). ער האָט אָבער נאָר געקענט דעריאָגען דעם רעסט פון די ענטלאָפענע שוועדען; פון 16,000 שוועדען זיינען אָנגעקומען צום ליפלאַנדישען גרענעץ נאָר 1,000 רייטער און 500 פוס־פאָלק. זייערע האַרמאַטען און געפעק האָבען זיי איבערגעלאָזען פיר'ן פיינד.

הגם די זיגען פון דעם קורפירסט זיינען געווען גלענצענד, איז דאָך דער ערפאָלג פון אַזא אָנשטרענגונג געווען זעהר אַ שוואַכער. לויט די פונקטען פון דעם פרידען, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין סט. זשערמען (פראַנקרייך) אין יוני 1679, האָט דער קורפירסט געמוזט צוריקגעבען צו די שוועדען אַלע זיינע עראָבערונגען אין פאָממערן. נאָר איין איינציגער לאַנדשטריך אויף דעם רעכטען ברעג פון דער אָדער (טייך) איז געבליבען פיר איהם. אויך די אָנשטרענגונגען אין רייכסקריג האָבען ניט געהאַט קיין בעסערען ערפאָלג. דער קורפירסט האָט אונטערהאַנדעלט מיט'ן קייזער און מיט'ן רייך, אַז מען זאָל איהם איבערגעבען פיר זיינע נצחונות אייניגע לענדער, אָבער מען האָט איהם אין אַלעם ענטזאַגט. אויסער דעם האָט מען איהם געטאָן נאָך אַן אומרעכט. דאָס הערצאָג־הויז פון ליעגניטץ, בריעג און וואָהלאַו איז אויסגעשטאָרבען, און לויט אַן אַלטען פערטראַג האָבען דיזע לענדער געמוזט איבערגעהן בירושה צו בראַנדענבורג. אָבער דער קייזער האָט זיי בעסער איבערגענומען פיר זיך אַלס בעהמישעס לעהן, און האָט דערביי ערקלערט, דאָס דער קייזערליכער מאַיעסטעט געפעלט ניט, אַז עס זאָל זיך בילדען אין דער אָסט־זעע אַ נייע וואַנדאַלען־מלוכה.

ווען דער קייזער לעאָפּאָלד דער 1טער האָט געבעטען דעם קורפירסט פון בראַנדענבורג, אַז ער זאָל איהם העלפען געגען טערקיי, האָט דער קורפירסט ווידער ערקלערט זיינע פּרעטענזיעס אויף די שלעזישע הערצאָגטימער, אָבער אויך דיזען מאָל אָהן אַ גרויסען ערפאָלג. אין יאָהר 1686 האָט




אנזיכט פון דער פעסטונג קיסטרין אין 17טען יאהרהונדערט.

דער קייזער געפונען פיר נעטיג צופרידען שטעלען דעם קורפירסט מיט עטוואס אנדערס פיר זיינע פרעטענזיעס אויף די שלעזישע לענדער, און ער האט איהם אפגעגעבען דעם קרייז שוויעבוס און אויסער דעם האט ער איהם מוחל געווען א חוב, און דורך דעם איז ער געווארען דער הערשער פון די פער'משכון'טע לענדער עמדען און גרעטזיל.

דער פרידען פון אליוואַ האט פערשאפט דעם קורפירסט גרויס אנזעהן און פיעל כבוד. פון אלע זייטען האט מען געשיקט צו זיין הויף געזאנדטשאפטען; ער האט פון זיין זייט אויפגעהאלטען פערבינדונגען מיט פערשיידענע הויפען דורך גלענצענדע געזאנדטשאפטען, וועלכע ער האט מיט אבזיכט אויסגעשטאטעט זעהר רייך, אום זיי זאלען מאכען דעם איינדרוק פון גרויסע פערמעגליכקייט און וויכטיגקייט, הגם ער האט גוט געוואוסט, ווי שוואך זיינע מיטלען זיינען. עס האט אפט געפעהלט דאס נעטיגע געלט צו אונטערהאלטען דיזע גלענצענדע געזאנדטשאפטען, דאך האט ער עס געפונען פיר נעטיג צו קריגען אום צו פערשאפען זיין שטאאט די לאגע, וועלכע עס פאסט פיר דעם ערסטען און מעכטיגסטען פירסט אין דייטשען רייך. דיזעם אנזעהן האט ער געזוכט צו אונטערהאלטען מיט פערשיידענע מעכטען, אבער ער איז אין דיזער הינזיכט געווען זעהר פארזיכטיג. ער האט זיך פערבונדען נאר מיט אזעלכע, פון וועלכע ער האט ערווארט פיר זיך געוויסע נוצען, אדער וועלכע ער האט געהאלטען פיר וויכטיג לויט די פאדערונגען פון די אייראפעאישע פערהעלטניסען.

פריעדריך ווילהעלם, דער קורפירסט פון בראנדענבורג, האט אויך געשלאסען איינינגע מאל פערטראגען מיט דעם ביטערסטען פיינד פון דייטשלאנד, נעמליך מיט פראנקרייך. אבער דיזע פערבינדנים האט נימ לאנג אנגעהאלטען. די פיינדשאפט צווישען דיזע פערבינדעטע איז ארויסגעקומען דערפון, וואס פריעדריך ווילהעלם האט אויפגענומען אין זיין לאנד די 20,000 פעריאגטע פראטעסטאנטען, לויט דעם עדיקט פון נאנטעס. לודוויג דער 14טער איז דערפאר געווארען אויף איהם שטארק אויפגעבראכט, און האט איינגעשטעלט די פעסטגעזעצטע געלט=צאהלונגען, וואס ער איז איהם געווען פערפליכטעט צו צאהלען יעהרליך.

וואס אנבעטרעפט זיין אינערליכע פאליטיק איז זי געווען זעהר עהנליך צו דער פראנצויזישער פאליטיק פון יענער צייט. ווי אין פראנקרייך, אזוי איז אויך געווען אין בראנדענבורג דער הויפט=ציל די אבסאלוטע אליין=הערשאפט. אום צו דערגרייכען דיזען צוועק האט ער אויך אויפגעהאלטען א שטענדיגע, טיכטיגע ארמעע, וואס איז געווען גוט געאיבט אין דער קריגס-

קונסט. שוין אין יאָהר 1665 האָט ער געהאַט אַ שטענדיגע אַרמעע פון 27,000 מאַן. דיזע אַרמעע איז געווען זעהר גוט דיסציפּלינירט און געאיבט אונטער דער לייטונג פון דעם בעריהמטען פעלדמאַרשאַל פאָן דערפפלינגער, וועלכער איז איבערגעגאַנגען פון שוועדישען דינסט צו פריעדריך ווילהעלם, און האָט זיך דערדינט צו זעהר גרויסע עהרען און עמטער. ער איז אויך געווען דער שעפער פון דער בראַנדענבורגישער רייטעריי. ווען פריעדריך ווילהעלם איז געשטאָרבען האָט ער געלאָזען אַן אַרמעע פון 25,000 מאַן, וועלכע האָט געפאָדערט פיר איהר אונטערהאַלט יעדען יאָהר אַ סומע פון אַ מיליאָן טהאַלער.

די מיטלען פיר דאָס מיליטער און אַנדערע שטאַאַטליכע איינריכטונגען האָט פריעדריך ווילהעלם געשאַפען מיט גרויס שטרענגקייט פון די שטייערן. מיט בעזונדערער שטרענגקייט האָט ער קאָלעקטירט די אָפּגאַבען פון וואוינונגען און הייזער. דיזעס איז איהם אָנגעקומען בעזונדערס שווער, ווייל דאָס פאָלק איז ניט געווען געוועהנט צו אַזאַ אַרט אָפּצאָהלונגען. אין פערלויף פון דער צייט, וואָס פריעדריך ווילהעלם האָט רעגירט, זיינען די אָפּגאַבען פערגרעסערט געוואָרען אויף אַ זעהר גרויסער סומע. ווען ער איז אריינעטגרעטען אין זיין רעגירונג האָבען די איינקונפטען פון די שטייערן בעטראָפען נאָר 400,000 רייכסטהאַלער, און ביי זיין טויט האָבען זיי דערגרייכט ביז 1½ מיליאָן אין באַארעס געלט. אום צו פערגרעסערן די שטייער־קראַפט פון לאַנד, האָט פריעדריך ווילהעלם בענוצט די מיטלען פון זיין צייט: ער האָט געזוכט צו הייבען האַנדעל און אינדוסטריע.

די פראַנצויזישע קאָלאָניסטען האָבען געבראַכט דעם לאַנד פיעלע נוצען. איינעגע פון די פראַנצויזען זיינען געווען אַדעללייט, וועלכע זיינען אריינגעטרעטען אין דינסט פון פריעדריך ווילהעלם, און האָבען זיך מיט זייער אויסצייכנונג ערוואָרבען אַ גרויסען נאָמען, איבערהויפּט דורך זייערע מיליטער־פעהיגקייטען; און אַנדערע זיינען געווען קויפלייט, פאַבריקאַנטען און גערטנער. זיי האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די אינדוסטריע פון לאַנד, אַזוי דאָס די ענגע שראַנקען פון די צעכען זיינען געוואָרען פיעל בּרייטער און פרייער. די נייע פראַנצויזישע קאָלאָניסטען האָבען בעקומען געוויסע קאָנצעסיאָנען און פרייהייט פון אָפּגאַבען, און דערמיט האָט מען געבראָכען די פּריווילעגיעס פון די צעכען. אין דער זעלבער צייט, ווען די הוגענאָטען (די פראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטען) האָבען איינגעוואַנדערט אין בראַנדענבורג, האָבען אַהין אויך איינגעוואַנדערט פיעלע פּראָטעסטאַנטען פון דער שווייץ, וועלכע האָבען געמוזט פערלאָזען זייער לאַנד צוליב רע-

ליגיאָנס־פערפאָלגונגען, און האָבען פערברייטערט אין זייער נייער היימאַט אַקערבוי און פיה־צוכט.

דער האַנדעל איז ענטוויקעלט געוואָרען אין בראַנדענבורג דורך קאָנצעסיאָנען און דורך די פערבעסערונג פון די קאָמוניקאַציאָנס־וועגען און שאַפען צווישען פערשיידענע האַנדעל־שטעדט. די רעגירונג פון דעם קורפירסט האָט איינגעאָרדענט אַ פּאָסט, וועלכע האָט געבראַכט דעם האַנדעל זעהר פיעלע נוצען. שוין אין יאָהר 1650 איז געווען איינגעריכטעט אַ פּאָסט אין גאַנצען בראַנדענבורגישען שטאַאַט. אום צו פערגרעסערן דעם פערקעהר פון שיפען איז געמאַכט געוואָרען דער מיללראָזער אָדער פריעדריך־ווילהעלמס־קאַנאַל.

אין מיטעלאַלטער זיינען אויף דעם טייך אָדער געגאַנגען שיפען, אָבער נאָר פון פראַנקפורט ביז שטעטטין. פון פראַנקפורט ביז ברעסלאַו האָבען פיעלע אָפּשפּאַרונגען געהינדערט די שיפען־פאַהרט. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1662 האָט פריעדריך ווילהעלם אָנגעפאַנגען צו בויען אַ קאַנאַל ביי דער שטאָדט מיללראָזע, און האָט דיזען קאַנאַל געענדיגט אין 6 יאָהר. די שיפען, וועלכע האָבען בעדאַרפט דורכגעהן דיזען קאַנאַל, זיינען געווען בעפרייט פון אַלע אָפּצאָהלונגען. דיזער קאַנאַל האָט געעפענט אַ וואַסער־וועג צווישען ברעסלאַו און האַמבורג. דיזער נייער וואַסער־וועג האָט פיעל געשאַדט דעם האַנדעל פון פראַנקפורט, אָבער דער אַלגעמיינער האַנדעל פון לאַנד האָט פון איהם זעהר פּראָפיטירט.

דער קורפירסט האָט אויך געפּרובּט גרינדען אַ קאָלאָניע אין אַפריקאַ ביים ברעג פון גווינעאַ. ער האָט געשלאָסען אייניגע האַנדעלס־טראַקטאַטען מיט די נעגערן און האָט דאָרט געגרינדעט דעם פאָרט גראָסס־פריעדריכסבורג. אָבער די קאָלאָניע האָט זעהר ווייניג אַריינגעבראַכט, אַזוי דאָס שוין דער קעניג פריעדריך ווילהעלם דער 1טער האָט זי פערקויפט צו די האָללענדער פיר די קליינע סומע פון 7,200 דוקאַטען. די דייטשען האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין בעדייטענדע רעזולטאַטען אין קאָלאָניזאַציאָן.

## ג. די אינערע לאַגע פון דער מארק נאָך דער רעפאָרמאַציאָן.

מיר האָבען שוין דערצעהלט, דאָס נאָך דער רעפאָרמאַציאָן האָבען די שטאַנדען אין דער בראַנדענבורגער מאַרק בעקומען פיעל מעהר מאַכט, ווי זיי האָבען געהאַט פריהער. די הויפּט־אורזאַך דערפון איז געווען, וואָס די קורפירסטען האָבען זיך שטענדיג גענעטיגט אין געלט, וועלכעס זיי האָבען געקענט בעקומען נאָר פון די שטאַנדען, און דיזע האָבען דערפאַר אימער בע-

קומען פיר זיך מעהר רעכטען און מאַכט. זיי זיינען מיט דער צייט געוואָרען אַזוי מעכטיג, דאָס דער קורפירסט האָט ניט געקענט טאָן קיין זאַך אָהן זייער צושטימונג; ער האָט געמוזט אונטערשרייבען אַלעס, וואָס זיי האָבען איהם געהייסען, אויב ער האָט ניט געוואָלט האָבען געגען זיך אַ רעוואָלוציאָן. אַזוי איז עס געווען ביז דעם גרויסען קורפירסט ווילהעלם. דיזער האָט מיט די שטאַנדען געפיהרט אַנדערש. ער האָט גאַרניט צוזאַמענגערופען קיין לאַנדטאַג זינט דעם יאָהר 1653. און ווייל די שטאַנדען האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו פערזאַמלען זיך אָהן דער ערלויבניס פון דעם קורפירסט, איז דערמיט זייער מאַכט שטאַרק געזונקען, אָבער זי האָט ניט אין גאַנצען אויפגעהערט, ווי אַנדערע בעהויפּטען געוועהנליך.

אָנפאַנגס זיינען געווען פיער שטאַנדען: די פּרעלאַטען (העכערע גייסטליכע), די גראַפען און העררען (גרויסע גוטס=בעזיצער), די ריטער און די שטעדט. דאָס וויכטיגסטע רעכט רעכט פון די שטאַנדען איז געווען צו געבען זייער בייפאַל (הסכמה) אויף געוויסע שטייערן, נעמליך, אויף אויסערגעוועהנליכע אָפּגאַבען. וואָס אָנבעטרעפט אָבער די רעגעלמעסיגע אָפּגאַבען איז עס שוין פון אַלטע צייטען געווען בעשטימט פיר דעם קורפירסט, און ער האָט דערצו ניט געברויכט זייער הסכמה. אָבער מיט דער צייט זיינען די אויסגאַבען פון קורפירסטליכען הויף געוואָרען גרעסער און די איינגאַהמען זיינען געוואָרען וועניגער, אַזוי דאָס די האָהענצאָללערן האָבען געמוזט אָנקומען צו נייע שטייערן. דערצו האָבען זיי שוין געמוזט האָבען די הסכמה פון די שטאַנדען.

אויסער דעם האָט דער לאַנדטאַג געהאַט דאָס רעכט צו זאָגען זיין דעה וועגען פערקויפען לאַנד=גיטער, וועגען מאַכען מינצען, וועגען אַנגעלעגענהייטען פון האַנדעל, וועגען שיפען=פאַהרט, וועגען פאַבריקאַציאָן, וועגען מיליטער=זאַכען, וועגען ערקלערען קריג און וועגען שליסען פרידען. אויך וועגען צאָל=טאַריף האָט דער לאַנדטאַג געהאַט צו זאָגען זיין דעה.

די רעפאָרמאַציאָן האָט געהאַט אויף דעם אַדעל אַזאַ גרויסע ווירקונג, דאָס ער האָט געענדערט זיין גאַנצען צושטאַנד. פריהער זיינען די גייסטליכע אַנשטאַלטען און די פערשיידענע אָרדענס נאָר געווען מיטלען צום אונטערהאַלטען די אינגערע זיהן פון דעם אַדעל. די קירכען=רעפאָרמע אָבער האָט עס געמאַכט אונמעגליך. אויסער דעם האָט דער דייטשער אָרדען פערלאָרען דאָס הערצאָגטום פרייסען. דאַמאַלס האָט דער אַדעל געפונען פיר נעטיג צו פערגרעסערן זיין בעזיצטום. די אַדעליגע האָבען אָנגעהויבען צו גנב'ענען שטיקער לאַנד, וואָס האָבען געהערט צום דאָרף. זיי האָבען אויך

געצוואונגען מאנכע בויערן צו פערקויפען זיי זייערע שטיקלאך גרונד, און האבען אויף זיי בעזעצט אנדערע בויערן מיט פיעלע בעסערע בעדינגונגען פיר זיך.

אין 14טען און 15טען יאהרהונדערט האבען די גילדעס אין די שטעדט פון דער מארק געוואלט איינפיהרען א דעמאקראטישע רעגירונג. דאן האבען



דער קורפירסטען־זאל אין בערלין.

די קורפירסטען געהאט א געלעגענהייט אריינצומישען זיך און זיי האבען זיך בענוצט מיט דעם צושטאנד צו פערניכטען אין גאנצען די פערהאסטע זעלבשטענדיגקייט פון די שטעדט. די בירגער האבען פערלארען זייערע וויכטיגע פריווילעגיעס, זיי האבען פערלארען דאס רעכט צו מאכען צווישען

זיך פערבינדונגען, איבערהויפט מיט די שטעדט פון דער האַנזאַ. די 12 מיטגלידער פון שטאָדט־ראַט האָבען געמוזט בעשטעטיגט ווערען אין זייער אַמט פון קורפירסט. זינט דער קורפירסט האָט זיך אַריינגעמישט אין די רעגירונג פון די שטעדט האָבען די צעכען פערלאָרען זייער מאַכט.

אָבער מיט דעם אונטערגאַנג פון דער שטאָדטישער פרייהייט איז אויך אונטערגעגאַנגען זייער פריהערדיגער וואוילשטאַנד. ווי מיר האָבען פריהער בעמערקט האָבען אויך די צעכען פיעל אָנגעוואָרען פון זייער מאַכט. די שטעדט האָבען שוין ניט געהאַט די מאַכט צו האַלטען אין זייערע הענט אויסשליסליך די אַרבייט און די אַרבייטער. שוין אין 16טען יאָהרהונדערט געפינען מיר שמידען אַרבייטענדיג אויף'ן לאַנד, וואָס זיינען ניט געווען פערבונדען און אונטערוואָרפען צום שטאָדט־צעך. אין יאָהר 1659 איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ בעפעהל, דאָס מען זאָל צולאָזען אַלס לעהרלינגען אין יעדער אַרבייט אויך קינדער פון שטאָדט־קנעכט אָדער פון פאַסטוכער, וועלכע מען האָט פריהער ניט צוגעלאָזען צו ווערען אַרבייטער, ווייל זיי זיינען ניט גענוג עהרליך אום מען זאָל זיי קענען צולאָזען צו ווערען בעלי מלאכות.

אין פראָדוקציאָן פון וואַארען האָט בראַנדענבורג געזוכט צו מאַכען זיך אונאָפּהעננגיג פון אויסלאַנד. אין אָנפאַנג פון 17טען יאָהרהונדערט האָט מען ענטוויקעלט די צוקער־פאַבריקאַציאָן, און די ערסטע גלאָז־פאַבריק אין גרימניטץ האָט אין יאָהר 1658 אַרויסגעגעבען אַזוי פיעל גלאָזוואַרג, דאָס מען האָט אויפגעהערט צו קויפען גלאָז פון אויסלאַנד. די רעגירונג האָט אויך געוואָלט אָפּשאַפען דעם אַריינפיהר פון אויסלענדישע זאַלץ. אָבער דאָס האָט זי ניט געקענט דורכפיהרען, ווייל די היימישע זאַלץ איז ניט געווען גענוג פיר דעם פאָלקס־געברויך, און זי איז געווען געצוואונגען דעם פערבאָט צוריקצורופען.

צווישען די האַנדעלס־פּראָדוקטען האָט אין 17טען יאָהרהונדערט געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע דער מסחר מיט הערינג. אין יענער צייט אָבער זיינען די הערינג ביי די ברעגען פון פּאָממערן געוואָרען ווייניגער און זיינען געוואָרען גרויס אין צאָהל ביי די ברעגען פון דער נאָרד־זעע. דאָס האָט גע־פיהרט דערצו, דאָס דער האַנדעל מיט דיזען אַרטיקעל האָט געשטיגען אויף דער עלבע פון האַמבורג. אויך דער געברויך און האַנדעל פון ביר און בראַנ־פען איז געוואָרען שטאַרק ענטוויקעלט אין בראַנדענבורג. ביז צו ענדע פון 16טען יאָהרהונדערט איז בראַנפען געווען צו בעקומען נאָר אין די אַפּטייקען אַלס רפואה; שפּעטער אָבער איז עס געוואָרען אַ זעהר בעליבטעס געטרענק

צווישען פאָלק. צו די געוועהנליכע שטייערן און אָפּצאָהלונגען איז צוגעקומען אין דער צייט פון דעם 30-יעהריגען קריג אַ קאָנטריבוציאָן, פון וועלכער קיינער איז ניט געווען פריי. די איינקאַסירונג פון דיזער קאָנטריבוציאָן איז געווען זעהר שטרענג; ווען איינער האָט זי ניט געצאָהלט, האָט מען ביי איהם אַרויסגענומען די טירען פון זיין הויז, און אָפט זאָגאַר בעשטראָפט מיט אַרעסט. די לאַגע איז געווען אַ זעהר טרויעריגע. פיעלע שטעדט זיינען האַלב פערוויסטעט געוואָרען. אין בערלין זיינען איבער 200 הייזער געשטאַנען לעער אָהן בעוואוינער; אין פרענצלאַו, וואו פאַר דעם 30-יעהריגען קריג זיינען געווען 787 הייזער גוט בעוואוינט, זיינען נאָך דעם קריג געבליבען נאָר 321 הייזער, און פון דיזע זיינען געווען בעוואוינט נאָר 107. אין ניישטאַדט-עבערסוואַלד זיינען פון 223 הייזער איבערגעבליבען נאָך דעם קריג נאָר 158 און צווישען זיי זיינען 14 געווען אַזעלכע חורבות, דאָס עס איז אין זיי געווען אונמעגליך צו וואוינען. געלט האָט כמעט קיינער ניט געהאַט, און די רעגירונג האָט געמוזט נעהמען חפצים פון הויז: מעבעל, צין, מעש, בעטען או. ד. גל. און דאָס פערקויפען אום איינצונעהמען איהר קאָנטריבוציאָן. פון פיעלע האָט מען פיר שטייער צוגענומען זאָגאַר די הייזער.

דער קריג מיט שוועדען האָט געצוואונגען די רעגירונג צו בעלאַסטען דאָס פאָלק מיט אַ קאָפּ-שטייער, פון וועלכער קיינער איז ניט געווען פריי, זאָגאַר די מיטגלידער פון דער קורפירסטליכער פאַמיליע. פריעדריך ווילהעלם זעלבסט האָט געצאָהלט פיר זיין פערזאָן 1,000 טהאַלער, פיר זיין פרוי — די העלפט דערפון. דיזע קאָפּ-שטייער האָבען געמוזט צאָהלען טאָג-לעהנער, שילער, פרויען, אויך קינדער איבער 12 יאָהר. אָנפאַנגס האָט דער קורפירסט פערזיכערט, דאָס דיזע קאָפּ-שטייער איז בעשטימט נאָר פיר איין מאָל, אָבער ווען ער האָט איינגעקאַסירט צום ערסטען מאָל האָט ער בעלאַסטעט דאָס פאָלק מיט דיזער קאָפּ-שטייער אויף נאָך אַ מאָל. דיזע שטייער איז פיר דאָס פאָלק געווען שווער צו ערטראָגען בעזונדערס דערפאַר, ווייל מען האָט געמוזט אויסהאַלטען די סאָלדאַטען מיט זייערע ווייבער און קינדער, וועלכע מען האָט צושטעלט אין די הייזער פון די בירגער און די בויערן. אין יאָהר 1669 האָבען 600 הייזער אין בערלין און אין קאָלן געמוזט אויסהאַלטען מיט עסען און קוואַרטיר 1,580 סאָלדאַטען מיט מעהר פון 1,900 זייערע פרויען און קינדער. דיזע דריקענדע לאַגע האָט געפיהרט דאָס פרייסישע פאָלק צו פערצווייפלונג, הונגער און עלענד. און דאָס איז געווען דער רעזולטאַט בון דער גלענצענדער רעגירונג פון דעם גרויסען קורפירסט.

## ד. פרייסען אלס קעניגרייך ביז פריעדריך דעם גרויסען.

פריעדריך דער 3טער (1688—1713) איז געווען דער זוהן און נאָכפאָלגער פון גרויסען קורפירסט, הגם לויט דער צוואה פון גרויסען קורפירסט האָט ער די בראַנדענבורגישע לענדער בעדאַרפט טיילען מיט זיינע פיער ברידער. מיט דער הילף פון קייזער און מיט דער צושטימונג פון שטאַאטסראַט זיינען די אַלע ברידער בעזייטיגט געוואָרען און דער הערשער איז געבליבען פריעדריך אַליין. די ברידער האָבען בעקומען אַ געוויסע בעלוינונג פיר זייער רעכט אויף הערשען לויט זייער פאָטער'ס צוואה. פיר דיזע אונטערשטיצונג פון דער זייט פון עסטרייך האָט זיך פריעדריך דער 3טער פערפליכטעט איבערצוגעבען צו עסטרייך דעם שוויעבוסער קרייז.

אין יאָהר 1688, ווען לודוויג דער 14טער האָט אָנגעפאַנגען זיין 3טען רויב־קריג, האָט פריעדריך דער 3טער געמאַכט אַ בונד מיט איינינע דייטשע שטאַאטען און האָט ארויסגעשיקט געגען איהם אין די פּראָווינצען פון נידערען רהיין 25,000 מאַן. אין יענער צייט איז דער קייזער געווען בעשעפטיגט מיט זיין קריג מיט די טערקען. אָנפאַנגס האָט דער קורפירסט אַליין קאָממאַנדירט די אַרמעע און האָט איינגענומען די בעפעסטיגטע שטעדט: רהיינסבערג, קייזערסווערטה און באָנן. אין יאָהר 1690 איז ער ווידער געקומען אויף'ן קאַמף־פּלאַץ מיט 20,000 מאַן און האָט פערשפּראָכען צו האַלטען דאָרט די טרופּען די גאַנצע צייט פון קריג, און ער האָט נאָר פערלאַנגט, אַז מען זאָל איהם געבען צושטייער אויף די הוצאות 100,000 האָללענדישע גולדען אַ מאָנאַט.

מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס די בראַנדענבורגער האָבען געפיהרט קריג אויך אין איטאַליען און האָבען זאָגאַר אריינגעדרונגען אין פראַנקרייך. נאָר בעזונדערס איז געווען וויכטיג זייער הילף ביים אונטערען רהיין. אָבער נאָך אַלע זייערע נצחונות האָבען זיי לויט די בעדינגונגען פון דעם פרידען, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין ריסוויק, קיין בעלוינונג ניט בעקומען. די הויפּט־אורזאַך דערפון איז געווען וואָס צווישען די פערבינדעטע דייטשע פירסטען איז ניט געווען קיין אחדות. איינער האָט ניט פערגונען דעם אַנדערען עטוואָס צו ערווערבען.

די בראַנדענבורגער האָבען אויך געקעמפט געגען אונגאַרן און געגען טערקיי. צו דיזען צוועק האָבען זיך פעראייניגט 6,000 בראַנדענבורגער מיט דער קייזערליכער אַרמעע. זיי האָבען גענומען אַן אַנטייל אין די גרעסטע נצחונות ביי סאַלאַקעמען און ביי צענטהאַ. נאָך דער לעצטער שלאַכט האָט

דער פרינץ אייגען פון סאַוואָיען אַרומגעאַרמט דעם בראַנדענבורגער גענע-ראַל פון שלאַבערנדאָרף און האָט מיט גרויס ענטהוזיאַזם געזאָגט, דאָס ער האָט צו פערדאַנקען זיין זיג נאָר גאָט און דער העלדישקייט פון די בראַנ-דענבורגער.

די וויכטיגסטע שטעלונג, וואָס בראַנדענבורג האָט דאַמאָלס פערנומען צווישען די אייראָפּעאישע פעלקער, און דער גרויסער שטח, וואָס זיינע לענ-דער האָבען פערנומען (איבער 2,000 קוואַדראַט-מיילען), האָט ערוועקט אין פריעדריך דעם 3טען דעם וואונש און די שטרעבונג צו אַ קעניגליכער קרוין. איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט איינריכטען ביי זיך אַ קעניגליכען הויף



קעניגליכער שלאָס אין בערלין און דענקמאָל פון גרויסען קורפירסט.

נאָך דער אַרט פון לודוויג דעם 14טען, וואָס זיין הויף איז געוועזען דער מוס-טער פיר אַלע אייראָפּעאישע הערשער פון יענער צייט. ווי עס שיינט האָט פריעדריך דער 3טער וועגען דעם שוין אונטערהאַנדעלט אין יאָהר 1693. ענדליך איז עס איהם געלונגען זיין צוועק צו דערגרייכען. אין נאָוועמבער פון יאָהר 1700 האָט דער קייזער לעאָפּאָלד דער 1טער געגעבען זיין צושטי-מונג, דאָס פריעדריך דער 3טער זאָל ווערען בעטיטעלט אַלס קעניג פון פרויי-סען. דערפאַר האָט פריעדריך צוגעזאָגט דעם קייזער צו שיקען איהם 10,000

מאַן אויף זיינע אייגענע קאָסטען צו העלפען איהם אין דעם קריג פיר די שפּאַנישע טראָן-ערבשאַפט. אויך האָט ער זיך פערפּליכטעט, ווען עס וועט קומען די צייט צו ערוועהלען אַ נייעם קייזער, צו געבען זיין שטימע פיר אַן עסטרייכישען פּרינץ.

דעם 16טען דעצעמבער 1700 האָט פריעדריך דער 3טער ארויסגעשיקט צו אַלע אייראָפּעאישע מעכטען אַ מאַניפעסט, דאָס ער וועט זיך בעצייכנען מיט דעם קעניג-טיטעל, און דעם נעכסטען טאָג איז ער אַרויסגעפאָהרען מיט אַ סוויטע, ווי עס פּאַסט פיר אַ קעניג, און איז אַוועק נאָך קעניגסבערג. די קרוינונג איז צוגעגאַנגען זעהר שנעל. דעם 15טען יאַנואר 1701 זיינען שוין אַרויס פּרעכטיג-געקליידטע העראָלדען (שלוחים) אָנזאָגען דער וועלט, דאָס פּרייסען איז געוואָרען אַ קעניגרייך. צוויי טאָג נאָכדעם איז געגרינדעט געוואָרען דער אָרדען פון שוואַרצען אָדלער און דעם 18טען יאַנואר האָט ער אַליין אָנגעטאָן אַ קרוין און האָט אויך געקרוינט זיין פרוי. נאָכדעם האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גאַנצע רייהע פון בעלער און פעסט-טעג, וועלכע האָבען אָפּגעקאָסט שווערע מיליאָנען. אין מערץ איז געפייערט געוואָרען אין בערלין די שמחה פון דער קרוינונג און ערסט אין יוני האָט זיך די שמחה געענדיגט.

פריעדריך האָט זיך גערופען קעניג אין פּרייסען און ניט קעניג פון פּרייסען, ווייל וועסט-פּרייסען איז נאָך דאַמאָלס געווען אונטער'ן שוץ פון פּוילען. ערסט אין יאָהר 1772, ווען עס איז פאָרגעקומען די ערסטע טיילונג פון פּוילען און די פּראָווינץ וועסט-פּרייסען איז אָנגעקומען צו פריעדריך דעם גרויסען, האָט ער זיך געקענט רופען „קעניג פון פּרייסען".

דער קייזער האָט געגעבען זיין צושטימונג צו בראַנדענבורג'ס קעניגליכער ווירדע, ווייל עס איז פאָרגעשטאַנען דער שפּאַנישער קריג וועגען דער ערבשאַפט פון שפּאַנישען טראָן. ווען דער קריג האָט אויסגעבראָכען איז פריעדריך, וועלכער הייסט אַלס קעניג פריעדריך דער 1טער, צוגעשטאַנען צו די פערבינדעטע געגען פראַנקרייך און האָט שטענדיג געהאַלטען 30,000 מאַן אונטער וואָפען. ער האָט זאָגאַר אַריינגענומען אין זיין דינסט 6,000 סאָלדאַטען פון גאָטהאַ, און האָט מיט זיי בעזועצט פּרייסען, ווייל דאַמאָלס האָט איהם שוין געשראָקען דער נאָרדישער קריג. אָבער פריעדריך האָט ניט דערלעבט צו זעהן דעם סוף פון דעם קריג, ווי אויך דעם סוף פון דעם נאָרדישען קריג, אין וועלכען ער האָט ניט געוואַגט אַריינצומישען זיך, ווייל ער האָט זיך געפיהלט צו שוואַך צו שטרייטען אין דער זעלבער צייט מיט פראַנקרייך און מיט שוועדען.

עס פערשטעהט זיך, דאָס דער גלאַנץ פון הויף און די אויפהאַלטונג פון אַ שטענדיגער אַרמעע פון 30,000 מאַן האָבען געפאָדערט פון פאָלק גרויסע שטייערן. דער בויער און דער אַרבייטער האָבען שטענדיג פערשאַפט מיט זייער שווייס דעם כבוד פון די גרויסע לייט. די קאַמער־איינקונפטען פון שטאַאט האָבען בעטראָפען אין יאָהר 1706 אונגעפעהר 1¼ מיליאָן רייכסטהאַלער. פון דיזער סומע האָבען געדאַרפט אַרונטערגענומען ווערען די צינזען, וועלכע די רעגירונג האָט יעהרליך געהאַט צו צאָהלען פיר די שולדען, וואָס זי האָט פריהער אָנגעמאַכט. דיזע צינזען האָבען בעטראָפען 114,346 רייכסטהאַלער יעהרליך.

אַלס ענטשולדיגונג פיר די פערשווענדונג פון פריעדריך דעם גרויסען ווערט בעהויפטעט, דאָס ער האָט פערברויכט פיעל געלט אום צו שטיצען קונסט און קינסטלער פון אַלע סאָרטען: מאַלער, סקולפּטאָרען, קופּער־שטע-



פריעדריך דער 1טער, קעניג פון פרייסען.

כער, שטעמפּעל־שניידער, בוי־מייסטערס, מוזיקער או. אז. וו. און פיעלע ערטער, בעזונדערס בערלין, האָט ער בעפּוצט מיט גרויס פּראַכט. פון די פּראַכטפולע געביידעס, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין בערלין, זיינען די מערקווירדיגסטע דער קעניגליכער שלאָס, דער אַרסענאַל, די לאַנגע בריק מיט דעם מאָנומענט פון דעם גרויסען קורפירסט און דער שלאָס אין ליעטצען, וועלכער איז בעקאַנט אונטער'ן נאָמען שאַרלאָטטענבורג, צום אָנדענקען פון זיין צווייטער פרוי. די וויכטיגע געביידעס, וואָס האָבען געהאַט אַ פּראַקטישען צוועק און האָבען געבראַכט דעם לאַנד פיעלע נוצען, זיינען: די שלויזען (וואַסער־טויערן) ביי האַללע, וועלכע האָבען געמאַכט דעם טייך זאַאַלע שיפבאַר, און דער פריעדריכס־קאַנאַל אין פרייסען.

ווי פריעדריך דער 1טער האָט אין אַלעס נאָכגעטאָן לודוויג דעם 14טען, אַזוי האָט ער אויך דערין איהם נאָכגעאַהמט וואָס ער האָט געשטיצט די ווי-סענשאַפטען. אין יאָהר 1694 האָט ער ערעפענט די אוניווערזיטעט פון האַללע, אין יאָהר 1699 די אַקאַדעמיע פון קונסטען, און אין יאָהר 1700 די אַקאַדעמיע פון די וויסענשאַפטען אין בערלין. מענער ווי: לייבניטץ, טהאָ-מאַזיוס, לאַנגע, פאָן פּופענדאָרף או. אַנד. האָבען פערברייטעט דעם גע-טיגען גלאַנץ ארום דעם קעניגליכען טראָן. אויסער דעם האָט צוגעגעבען דעם טראָן פיעל גלאַנץ פריעדריך'ס צווייטע פרוי סאָפיע שאַרלאָטטע, וועלכע איז געוועזן אַ הויך געבילדעטע דאַמע און אַן אייפריגע שילערין פון די ווי-סענשאַפטען.

פריעדריך ווילהעלם דער 1טער (1713—1740) האָט גע'ירש'עט פון זיין פאָטער די צוויי גרויסע, נאָך ניט געענדיגטע מלחמות. דער פראַנצויזישער קריג איז שוין באַלד געוועזן צו ענדע. דיזען מאָל איז עס געלונגען פרייסען צו קריגען איהרע פאָדערונגען. פריעדריך ווילהעלם האָט ערהאַלטען די אַנערקענונג פון זיין קעניג־טיטעל, ער האָט אויך בעקומען די לענדער נאָפשאַטעל און וואַלענזשין, ווי אויך די שפּאַנישע אָבער־געלדערן מיט אַלעס, וואָס געהערט דערצו. נאָך דעם, ווען דער פרידען מיט פראַנק-רייך איז געשלאָסען געוואָרען, האָט פריעדריך ווילהעלם געהאַט די מעגליכ-קייט צו נעהמען זיך ערנסט צו דעם נאָרדישען קריג. ער האָט אין יאָהר 1713 געשלאָסען אַ פערטראַג מיט רוסלאַנד און פוילען, לויט וועלכען ער האָט זיך פערפליכטעט צו זיין נייטראַל, און האָט איבערגענומען די פער-וואַלטונג פון פּאָממערן, וועלכע איז אָפּגעריסען געוואָרען פון די שוועדען. ער האָט בעזעצט פּאָממערן ביז דער פּעענע צוזאַמען מיט וואָלגאַסט, אוזע-דאָם און וואָללין.

ווען קאַרל דער 12טער איז אין יאָהר 1714 אונערוואַרטעט צוריקגע-קומען פון טערקיי אין שטראַלזונד און איז בעפאַלען די פרייסען אין אוזע-דאָם און וואָללין, האָט פריעדריך ווילהעלם ערקלערט קריג געגען די שווע-דען (אַפּריל 1715). די פרייסען האָבען איינגענומען ריגען, און שטראַל-זונד איז עראָבערט געוואָרען. נאָך דעם, ווי די פרייסען האָבען איינגענומען וויסמאַר, איז דער קריג געענדיגט געוואָרען. דערווייל איז קאַרל דער 12טער געשטאָרבען. דורך די פערמיטלונג פון ענגלאַנד איז אין יאָהר 1719 גע-שלאָסען געוואָרען אַ פרידען אין שטאָקהאָלם צווישען פרייסען און שוועדען. לויט דיזען פרידען האָט שוועדען איבערגעגעבען צו פרייסען שטעטטין צו-זאַמען מיט די אינזלען אוזעדאָם און וואָללין און דאָס לאַנד צווישען די

טייכען אָדער און פּעענע, און אויסער דעם נאָך 2,000,000 טהאַלער קריגס־קאָסטען, און די פּרייסען האָבען אָפּגעגעבען צוריק צו די שוועדען זייער וויכטיגע פעסטונג וויסמאַר.

פריעדריך ווילהעלם דער 1טער ווערט גערעכענט אַלס דער שעפער פון דער פּרייסישער מלוכה. ער האָט ווירקליך געגעבען דעם לאַנד דעם כאַראַקטער פון אַבסאָלוטיזם און ביוראָקראַטיע, וועלכע הערשען נאָך דאָרט אין געוויסע הינזיכטען אויך אין היינטיגער צייט, און האָבען אין אָנפאַנג שפּראָצונג דערשטיקט אין פּרייסישען פאָלק יעדע פרייע שעפערישע ענטוויקלונג. מיט אַן אייזערנעם ווילען האָט דער קעניג אונטערדריקט יעדע שטרעבונג צו זעלבשטענדיגקייט. אין אָנפאַנג פון זיין רעגירונג האָבען אייניגע אַדעל־לייט פּראָטעסטירט געגען זיינע דעספּאָטישע אָרדנונגען און האָבען איהם אָנגעצייגט, דאָס דיזעס קען רואינירען דאָס לאַנד. דערויף האָט ער זיי גע־ענטפערט: „יע, די אויטאָריטעט פון די יונקערס וועט רואינירט ווערען, אָבער דערפאַר וועט די אויבערמאַכט פון דער רעגירונג שטעהן ווי אַ בראָנזענער פעלז". עס האָט נאָר אַזוי געשיינט. אין גרונד אָבער האָבען די אַריסטאָקראַטען געהערשט ווי פריהער, און זיי הערשען נאָך אויך היינט, הגם עס ווייזט אויס, אַז דאָס בירגערטום האָט געמאַכט פאָרטשריט.

אויך פריעדריך ווילהעלם דער 1טער האָט געלעגט פיעל זאָרג צו מאַכען די אַרמעע גרויס און שטאַרק. ער האָט יעדען יאָהר פערגרעסערט די צאָהל פון זיינע סאָלדאַטען. זיין פאָטער האָט איהם איבערגעלאָזען 38,000 סאָלדאַטען, און ער האָט פערמעהרט זייער צאָהל ביז 80,000 מאַן. ער האָט געמאַכט אייניגע רעפאָרמען אין דער אויסשטאַטונג פון די סאָלדאַטען, אין זייער קליידונג און זאָגאַר אין די וואַפען. אָנשטאָט דער פּיקע איז איינגעפיהרט געוואָרען דער באַיאָנעט. די דיסציפּלין איז געווען זעהר שטרענג, דער שטאָק (פּאַלקע) האָט געהערשט אונבעשרענקט. אָפיצערען אין דער אַרמעע האָבען נאָר געקענט ווערען אַדעלליים אָדער פראַנצויזישע פליכטלינגען. ער האָט דערמיט געוואָלט פערשאַפען דער אַרמעע מעהר רעספּעקט.

פריעדריך ווילהעלם האָט זעהר ליב געהאַט גרויסע, הויכע סאָלדאַטען. ער איז געווען זעהר קאַרג, נאָר ניט אויף ערווערבען אַ הויכען סאָלדאַט. פון יאָהר 1713 ביז 1735 האָט ער אויסגעגעבען 12 מיליאָנען טהאַלער צו ערווערבען גרויסע, הויכע סאָלדאַטען אין אויסלאַנד. ער פלעגט מאַנכמאָל צאָהלען פאַר אַ גרויסען סאָלדאַט פון 5 ביז 8 טויזענד רייכסטהאַלער. ער האָט אָפטמאָל געברויכט געוואַלט און פאַלשקייט אין די נאַכבאַר־שטאַאַטען אום צו בעקומען אַזעלכע גרויסע, הויכע סאָלדאַטען, און האָט דערפון אייניגע

מאָל אויך געהאַט אונאַנגענעהמליכקייט. פון דעם, וואָס פיעלע קרעפטיגע דענט זיינען דורך דעם מיליטער־דינסט אָפּגעצויגען געוואָרען פון אַקערבוי און פאַבריקאַציאָן, האָט דאָס לאַנד פיעל געליטען. און דעריבער האָט דער קעניג געגעבען אַ בעפעהל, דאָס מען זאָל שוין מעהר ניט זוכען נאָך סאָל־דאַטען, מען זאָל אָננעהמען נאָר די, וואָס וועלען זיך מעלדען אַליין, פריי־וויליג.

די פינאַנץ־פערוואַלטונג פון פרייסישען שטאַאַט אין דער צייט פון פריעדריך ווילהעלם דעם 1טען איז געווען אין מוסטערהאַפטער אָרדנונג. דיזעס האָט פיעל געהאָלפען צום ערפאָלג פון דיזען הערשער און צו דעם גרויסען רוהם, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען.

צו ענדע פון זיין רעגירונג האָט דער שטאַאַט געהאַט איינגאַהמע נאָ־הענט צו 7,000,000 טהאַלער יעהרליך; פון דיזער סומע זיינען 5 מיליאָנען געווען בעשטימט פיר מיליטער־צוועקען, 1 מיליאָן פיר די שטאַאַטס־קאַסע און דער רעסט פיר די אויפהאַלטונג פון הויף און בירגערליכע צוועקען. ער האָט בעצאָהלט אַלע שולדען. ער האָט אויסגעגעבען 12 מיליאָנען טהאַלער צו בעזעצען פיעלע קאָלאָניסטען. 5 מיליאָנען האָט ער אויסגעגעבען איינ־צוקויפען נייע גיטער פיר דעם שטאַאַט, און האָט אויסגעגעבען זעהר גרויסע סומען צו פערבעסערן דעם אַקערבוי און צו גרינדען נייע שטעדט און דער־פער. נאָך אַלעם דעם האָט ער איבערגעלאָזען זיין זוהן באַארעם געלט אין דער קעניגליכער קאַסע 9,000,000 טהאַלער, ניט רעכנענדיג די פיעלע ווערט־זאַכען, וועלכע האָבען געקענט לייכט פערוואַנדעלט ווערען אין באַארעם געלט, און האָבען אויך בעטראָפען ניט וועניגער פון 2 מיליאָנען.

אַלס אַ פראַקטישער מאַן האָט דער קעניג גוט פערשטאַנען, דאָס דער גלאַנץ פון זיין רעגירונג איז גאַראַנטירט נאָר דורך דעם וואוילשטאַנד פון לאַנד, און דעריבער האָט ער געזוכט צו הייבען די בעפעלקערונג און דעם אַקערבוי. די פערוויסטונגען, וואָס דער 30־יעהריגער קריג האָט אָנגעמאַכט אין לאַנד, האָט מען נאָך אין זיין צייט שטאַרק געפיהלט. אין יאָהר 1721 זיינען נאָך געווען אין דער מאַרק זעהר פיעלע וויסטע ערטער, און אין פריי־סען האָבען זיך דאַמאָלס געפונען ניט וועניגער פון 60,000 הופען *) לאַנד וויסט. דער קעניג האָט געלאָזט וויסען דעם פאָלק, דאָס ער גיט אָפּ אומ־זיסט שטיקער לאַנד צו לייט, וועלכע וועלען עס בעאַרבייטען. ער האָט זאָ־גאַר פערשפּראָכען צו געבען צושטייער אַ פערטעל פון די קאָסטען אויף די

---

*) אַ הופע איז 30 מאָרגען.

נעטיגע זאַכען אין דער ווירטשאַפט פון א פּאַרם, ווי פיה, פערד או. אז. וו. אום נאָך מעהר צו ערמונטערן דאָס פּאָלק צו בעאַרבייטען די וויסטע פעלדער האָט ער די נייע אַקערבויער בעפרייט איינינע יאָהר פון יעדער אָפּצאָהלונג. דיזע אַלע פערשפּרעכונגען האָבען צוגעצויגען פיעלע פון פּאָלק צו בעזעצען זיך אין די וויסטע ערטער. דער קעניג האָט אין פּרייסען אַליין אויפגעבויט 12 נייע שטעדט און 332 נייע דערפער. ער האָט אויך ערוואָרבען 49 נייע קעניגליכע גיטער, וועלכע ער האָט אַליין פערוואַלטעט. עס איז אמת, דאָס דיזע אַלע אויפטואונגען זיינע זיינען ניט געווען אוים מענשען־ליבע, ער האָט נאָר געזוכט צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון פּאָלק אום ער זאָל קענען זאַמלען וואָס מעהר שטייערן און אָפּגאַבען. אָבער עס איז דאָך אַלץ בע־סער געהאַנדעלט ווי א הערשער, וועלכער זוכט נאָר אויסצוזויגען דאָס בלוט און דעם מאַרך פון פּאָלק און בעקימערט זיך גאָרניט וועגען זיין וואויל־שטאַנד.

דער קעניג האָט אויפגענומען זעהר פיעלע פריינד, וועלכע זיינען גע־קומען אין פּרייסען צו זוכען שוץ געגען רעליגיאָנס־פערפאָלגונג, וואָס זיי האָבען געליטען אין זייער פאָטערלאַנד, ווי צ. ב. פון בעהמען. איבערהויפּט זיינען געקומען פיעלע זאַלצבורגער. אין יאָהר 1731 זיינען אָנגעקומען אין פּרייסען ניט ווייניגער ווי 17,000 זאַלצבורגער, וועלכע האָבען דאָרט געפו־נען א נייע היים. אין בערלין האָט דער קעניג זעלבסט זעהר פריינדליך עמפּפאַנגען די דורכגעהענדע צוגען און די קעניגין זעלבסט האָט אַליין פיעלע פון זיי בעדינט און געגעבען מתנות. די רעגירונג האָט זיי איבערגעגעבען גאַנצע דערפער מיט אַלע זאַכען, וואָס זיינען נעטיג אין דאָרפישען לעבען, ווי כלים, פיה און די נעטיגע תבואה צום זעען. דיזעס אַלעס האָט מען זיי געגעבען אומזיסט. דערצו האָט מען זיי בעפרייט אויף איינינע יאָהר פון אַלע שטייערן און אָפּגאַבען, וואָס אַנדערע אַקערבויער האָבען געצאָהלט.

לויט דעם שטייגער פון יענער צייט האָט פריעדריך ווילהעלם דער 1טער געזוכט צו הייבען די אינדוסטריע און פּראָדוקציאָן פון זיין לאַנד דורך גרויסע אָפּצאָהלונגען אויף סחורות און פּראָדוקציאָנען פון אויסלאַנד. עס איז אין גאַנצען פערבאָטען געוואָרען אריינצופיהרען אין פּרייסען וואָ־לענע וואַרע און טיכער פון אויסלאַנד. אין יאָהר 1720 איז ארויסגעגעבען געוואָרען א בעפעהל, לויט וועלכען עס איז זאָגאַר פערוועהרט געוואָרען צו טראָגען קליידער, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון אויסלענדישע וואָלענע שטאָפען. צו ענדע פון יאָהר 1721 איז אין גאַנצען פערבאָטען געוואָרען צו טראָגען קליידער פון באַוועל און האַלב־זיידענס, ווייל דאָס לאַנד האָט אַזעלכע

שטאָפּען ניט פּראָדוצירט, און אָנשטאָט דיזע איז בעפוילען געוואָרען צו טראָגען לינען־קליידער. דער צוואַנג פון די צעכען איז פיעל אָפּגעשוואַכט געוואָרען און בעלי מלאכות האָבען בעקומען פיעל מעהר פרייהייט.

ווי וויט די צאָהל פון די איינוואוינער פון לאַנד איז אין זיין צייט פערגרעסערט געוואָרען, קען אונז געבען אַ ביישפּיל די שטאָדט בערלין. ווען דער גרויסער קורפירסט איז געשטאָרבען זיינען געווען אין בערלין נאָר 20,000 איינוואוינער. נאָך דעם טויט פון פריעדריך דעם 1טען זיינען שוין געווען אין בערלין 60,000 מענשען. אין יאָהר 1740 געפינען מיר שוין דאָרט 90,000 זעעלען. דער קעניג האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען אום צו פערמעהרען די צאָהל פון געביידעס אין בערלין און אין פּאָסטדאַם. ער האָט זאָגאַר געצוואונגען רייכע מענשען צו בויען הייזער, ריכטיג ווי פּעטער דער גרויסער האָט געהאַנדעלט ביים גרינדען די שטאָדט פּעטערבורג.

די לאַגע פון די בויערן איז געווען זעהר טרויעריג. מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס די אַדעלליט האָבען געברויכט אַלע מיטלען אום ארויסצוזעצען די בויערן פון זייער גרונד, און האָבען זיי נאָכדעם געצוואונגען צו פערבינדען זיך מיט זיי אויף אַנדערע בעדינגונגען, וועלכע האָבען גע־פיהרט צו לייבאייגענשאַפט, וועלכע איז געווען כמעט ווי שקלאַפעריי. דער אונטערשייד פון אַ לייבאייגענעם און אַ שקלאַף איז נאָר בעשטאַנען דערין, דאָס דעם לייבאייגענעם האָט מען ניט געטאָרט פערקויפען ווי אַ שקלאַף, אָבער ער איז געווען צוגעבונדען צום גרונד, וועלכען ער האָט בעאַרבייט, און ווען דער העדר פון גוט האָט זיך געביטען, האָט דער בויער געמוזט פאַר דעם נייעם פּאָריץ אַרבייטען אויף דעם זעלבען גרונד. נאָך אַן אונ־טערשייד צווישען אַ שקלאַף און אַ לייבאייגענעם איז געווען, נעמליך, דאָס דער לייבאייגענער האָט געהאַט דאָס רעכט (ד. ה. אויף'ן פּאַפּיר, אָבער ניט אין דער ווירקליכקייט) צו האָבען אייגענטום, וועהרענד דער שקלאַף האָט עס ניט געהאַט. די לייבאייגענע האָבען געמעגט האָבען אייגענטום, אָבער זיי האָבען עס ניט געקענט האָבען, ווייל זייערע הערן האָבען זיי געגעבען פיר זייער אַרבייט נאָר אַזוי פיעל, ווי עס איז זיי געווען נעטיג צו ערהאַלטען זייער לעבען.

פריעדריך ווילהעלם דער 1טער פערדינט גרויסע אָנערקענונג דערפאַר, וואָס ער האָט געוואָלט און געפּרובּט מאַכען רעפאָרמעס אין דעם צושטאַנד פון די בויערן. לויט דער קאָנסטיטוציאָן האָט דער קעניג געהאַט דאָס רעכט און אַ פרייע האַנט נאָר איבער די בויערן, וואָס זיינען געזעסען אויף לאַנד, וואָס געהערט צום שטאַאַט. איבער די פּריוואַט־בויערן אָבער האָבען נאָר

זייערע הערען געהאַט צו זאָגען, ווייל זיי האָבען זיך גערעכענט דאָס איי-גענטום פון זייערע הערען.

עס איז בעקאַנט, דאָס דער קעניג האָט אין יאָהר 1718 געוואָלט בע-פרייען די קעניגליכע בויערן פון אָסט-פרייסען און אין יאָהר 1719 די בוי-ערן פון פאָממערן. ער האָט ערסטענס געוואָלט מאַכען, דאָס די פעלדער וואָס זיי בעאַרבייטען, זאָלען זיין זייער אייגענטום און זאָלען דיזע קענען איבערגעבען צו זייערע קינדער בירושה. אָבער אַנדערע בעהויפּטען, דאָס ער האָט דערמיט ניט געמיינט אַרונטערצונעהמען אין גאַנצען די לייבאיי-גענשאַפט. דער בויער האָט נאָך אויך דאַן געמוזט אַרבייטען פיר זיין הערר אַ געוויסע צייט אומזיסט; צו דער ערד איז ער ניט געווען צוגעבונדען בירושה, נאָר ער האָט געמוזט געבען אַ שבועה, דאָס ער וועט זי ניט פער-לאָזען. אָבער יעדענפאַלס האָט דער קעניג רעגולירט דעם דינסט און די אָפּגאַבען פון די בויערן אַזוי, דאָס זיי זאָלען ניט זיין הפקר ביי זייערע הערען, וועלכע האָבען זיי בעלאַסטעט מיט דינסט און מיט אָפּגאַבען, ווי-פיעל זיי האָבען געוואָלט. דאָס האָט ער באַלד איינגעפיהרט ביי די קעניג-ליכע בויערן, אָבער איינפיהרען עס ביי די פּריוואַט-בויערן האָט געדויערט אַ צייט. ערסט אין יאָהר 1749 איז עס געלונגען דורכצופיהרען. אין יע-נעם יאָהר איז אָנגענומען געוואָרען דאָס געזעץ, אַז דער הערר האָט ניט קיין רעכט אָפּצונעהמען די ערד פון דעם בויער, וואָס בעאַרבייט זי, און פעראייניגען זי צום גוט. די ערד, וואָס דער בויער זיצט אויף איהר און בעאַרבייט זי, איז זיין אייגענטום.

צו ענדע פון זיין רעגירונג האָט זיך פריעדריך ווילהעלם דער 1טער ווידער בעטייליגט אין אַ קריג. דאָס איז געווען דער קריג וועגען דער פוילישער טראָן-ירושה (1733—1735), וועגען וועלכען מיר האָבען שוין פרי-הער דערצעהלט. אויך אין דיזען קריג איז דער פּרייסישער קעניג געווען אויף דער זייט פון קייזער און האָט איהם געשיקט 10,000 מאַן צו העלפען אין דעם שטרייט. אָבער צו ענדע פון דעם קריג האָט ער זיך אַרומגעזעהען, דאָס זיין האָפנונג איז ווייט פון ערפילט צו ווערען. דער קייזער קאַרל דער 6טער איז זאָגאַר אַרויס געגען איהם. דיזער אומשטאַנד האָט איהם אַזוי שטאַרק געקרענקט, דאָס ער האָט מיט טרערען אין די אויגען אָנגע-וויזען אויף זיין קרוינפּרינץ און האָט געזאָגט: „היר שטעהט איינער, וועל-כער וועט זיך אַמאָל נוקם זיין פיר מיך".

פון דיזער צייט אָן האָט פריעדריך ווילהעלם אויפגעהערט צו מישען זיך אין די אייראָפּעאישע אַנגעלעגענהייטען. דערצו האָט איהם אויסער דעם

געהינדערט א קראַנקהייט, פון וועלכער ער האָט שטאַרק געליטען. דער גרויזאַמער ווינטער פון יאָהר 1740 האָט זעהר שעדליך געווירקט אויף זיין שטאַרקען קערפער. אין מאַי פון דעם זעלבען יאָהר איז ער געשטאָרבען. פאַר זיין טויט האָט ער זיין זוהן, דעם קרוינפּרינץ, אָנגעזאָגט, אז ער זאָל אימער שטאַרק אין זינען האָבען צוויי זאַכען: דעם פאָרטשריט פון דער קעניגליכער דינאַסטיע און דעם וואוילשטאַנד פון זיינע אונטערטאַנען.

פריעדריך ווילהעלם דער 1טער איז געווען אין אַלע הינזיכטען זעהר איינפאַך און האָט פיינד געהאַט צו פיעל גלאַנץ. באַלד אין אָנפאַנג פון זיין רעגירונג האָט ער אָפּגעשאַפט דעם צו גרויסען גלאַנץ פון הויף און האָט פערקלענערט דעם געהאַלט פון פיעלע עמטער. גרויסע בעלער און ימים טובים זיינען אין זיין צייט זעלטען פאָרגעקומען. ער האָט שרעקליך פיינד געהאַט אַלעס, וואָס האָט געטראָגען אויף זיך א ספּעציעל פראַנצויזישען כאַראַקטער. ער פלעגט געוועהנליך אויסשפּייען, ווען ער האָט בעגעגענט א פראַנצויז. זיין ליבסטע געזעלשאַפט איז געווען דאָס „טאַבאַק-קאָללעגיום”. צו דיזער געזעלשאַפט פלעגען אימער איינגעלאַדען ווערען זיינע פערטרויטעסטע גענעראַלען. אין דיזער געזעלשאַפט האָט ער אימער אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די קעניגליכע ווירדע און איז געווען ניט מעהר ווי א גענעראַל פון זיין לייב-גוואַרדיע. קיינער פון דער געזעלשאַפט האָט ניט בעדאַרפט אויפשטעהן ווען ער איז ערשינען, אָדער ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן. יעדער פון דער געזעלשאַפט האָט זיך געקענט אָון זאָגאַר געמוזט אויסשפּרעכען פריי וועגען דעם געגענשטאַנד, וועלכער איז בעשפּראָכען געוואָרען. צו די טעגליכע געסט פון דעם „טאַבאַק-קאָללעגיום” האָבען געהערט: דער פירסט לעאָפּאָלד פון דעססאַו, דער גענעראַל און פערטרויטער מיניסטער פאָן גרומבקאָוו, דער צערעמאָניאַל-מייסטער יאַקאָב פּאַול גונדלינג, וועלכער איז געווען אפילו שטאַרק געלערנט, אָבער האַלב-משוגע, אזוי דאָס ער איז אימער בעטראַכט געוואָרען אַלס הויף-בדחן, און נאָך איניגע אַנדערע. דער קעניג, וועלכער פלעגט אין געוועהנליכען לעבען ניט מאַכען זעהר פיעל ווערטער, און פלעגט זיי ניט אזוי שטאַרק איבערוועגען און איבערטראַכטען, איז געווען בעזונדערס פריי אין זיין טאַבאַק-געזעלשאַפט, און פלעגט דאָרט רעדען פון די וויכטיגסטע זאַכען זעהר פריי, אָהן שום צוואַנג.

געוועהנליך פלעגט גונדלינג פאָרלעזען פאַר'ן קעניג די וויכטיגסטע בעגעבענהייטען פון די צייטונגען און פלעגט זעהר אָפט געבען דערצו זיינע קריטישע בעמערקונגען, וועלכע די גאַנצע פערזאַמלונג האָט אימער געהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, ווייל זיי זיינען טראָץ זיין משוגע'נעם

כאַראַקטער געווען זעהר אינטערעסאַנט. דער קעניג האָט זיך קיינמאָל ניט בעליידיגט און ניט געקרענקט ווען מען האָט איהם אין וועלכער עס איז ציימונג בעליידיגט אָדער אָנגעגריפען. זעהר אָפט פלעגט ער מיט בייסענ־דער איראָניע אַליין ענטפערן אויף דיזע בעליידיגונגען און האָט געצויגען די, וואָס האָבען פון איהם געלאַכט, אויף זיין זייט. אַזוי צ. ב. האָט זיך אַמאָל אין אַ האָללענדישער ציימונג געפונען אַ נייעס, דאָס מען האָט אין בערלין געפּאַלמעסט אַ גרענאַדיר און מען האָט ביי איהם געפונען צוויי מאָ־גענס און קיין איין האַרץ ניט: דער קעניג האָט דערפון הערצליך געלאַכט, און אויף׳ן אַנדערען טאָג האָט ער געלאָזט דרוקען, דאָס די נאַכריכט איז ווירק־ליך וואַהר, אָבער דער שרייבער האָט פערגעסען צו דערצעהלען, דאָס דער פערשטאָרבענער איז געווען אַ האָללענדער.

די פאַלשטענדיגע פרייהייטען, וואָס דער קעניג האָט זיך ערלויבט ביי דיזע אַבענד־געזעלשאַפטען, און וועלכע ער האָט אויך געפאָדערט פון אַלע אַנדערע אָנוועזענדע, האָבען אָפט אַרויסגערופען זעהר אונאַנגענעהמע סצע־נעס. איבערהויפּט זיינען געווען אָפט אונערטרעגליך און זעהר גראָב די שפּאַסען פון דער געזעלשאַפט געגען דעם ניט זעהר קלוגען, אָבער זעהר געבילדעטען צערעמאָניאַל־מייסטער גונדלינג. די פערזאַמעלטע זיינען גע־ווען מעהרסטענס זעהר אונגעבילדעט און גראָב צו פערשטעהן, ווי טיף זיי בעליידיגען דיזען ניט איבערשפּיצטען מייסטער. דער קעניג זעלבסט האָט איהם בעשאָטען מיט אַלע מעגליכע עהרען־בעצייכניסען, אָבער דאָס איז ניט געווען אין ערנסט, נאָר צום שפּאַס. דיזעס האָבען אַלע פון דער פער־זאַמלונג געזעהען און פערשטאַנען, אויסער דעם נאַרישעוואַטען מייסטער זעלבסט. דער קעניג צום ביישפּיל האָט איהם געמאַכט פיר אַ געהיים־ראַט, פיר אַן אויבער־צערעמאָניאַל־מייסטער, און האָט פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל אימער ערשיינען אין „טאַבאַק־קאָללעגיום" אין דער זעלבער קליי־דונג, ווי עס איז געווען די מאָדע אין דער צייט פון פריעדריך דעם 1טען, וועלכע איז שוין אָבער געווען אויס פון מאָדע און האָט נאָר אַרויס־גערופען שפּאַס און געלעכטער. ער האָט איהם געמאַכט צום שפּאַס פיר פּרעזידענט פון דער אַקאַדעמיע פון די וויסענשאַפטען, וועלכע ער, דער קעניג, האָט ניט זעהר שטאַרק געאַכטעט. גונדלינג האָט ליב געהאַט צו נעהמען זעהר אָפט אַ ביסעל משקה. און אַזוי ווי יעדער פון דעם „טאַבאַק־קאָללעגיום" האָט זיך געקענט אויפפיהרען פריי אָהן אַ שום צוואַנג, פלעגט ער אַמאָל אָדער זעהר אָפט איבערכאַפּען די מאָס און איז דאַמאָלס געוואָרען אַ געגענשטאַנד פון שפּאַס און געלעכטער. ווען ער איז געשטאָרבען האָט

דער קעניג געהייסען בעגראָבען איהם מיט גרויס צערעמאָניע אין א וויין־פאַס. וועגען זיין טויט האָט דער קעניג פריעדריך ווילהעלם דער 1טער גע־געבען צו וויסען אַלע אויסלענדישע הויפען, און דער קעניג אויגוסט פון פוילען האָט געאָרדענט, דאַס זיינע הויף־בדחנים זאָלען זיך אָנטאָן אין טי־פען טרויער מיט טהויער־פלאָרען 20 איילען לאַנג, אַלס טרויער איבער דעם גרויסען פערלוסט, וואַס די וועלט האָט געהאַט אין דעם טויט פון גונדלינג.

## ה. די צייט פון פריעדריך דעם גרויסען.

פריעדריך ווילהעלם דער 1טער האָט געהאַט פיעלע קינדער. ער האָט געהאַט 7 זיהן, אָבער די ערסטע צוויי זיינען געשטאָרבען זעהר יונג, אַזוי דאָס דער דריטער, פ ר י ע ד ר י ך , אָדער ווי זיין פאָטער האָט איהם גערו־פען, פריטץ, איז געבליבען דער עלטעסטער און דער טראָן־פאָלגער. פריעד־ריך איז געבאָרען געוואָרען דעם 24טען יאַנואַר 1712. ביז זיין 7טען יאָהר איז ער געוועזען אונטער דער לייטונג פון א פרוי, פון 7טען יאָהר אָן איז ער געשטאַנען אונטער דער לייטונג פון מענער. זיינע גובערנערען זיינען גע־ווען: דער גענעראַל פון פינקענשטיין און דער אָבערסט פון קאַלקשטיין, און דוהאַן דע זשאַנדען איז געוועזען זיין לעהרער. מיט דער ערציהונג האָט זיין פאָטער געוואָלט פון איהם מאַכען א טיכטיגען סאָלדאַט, א שפּאַרזאַמעןווירט און א גוטען קריסט. אין דער ערסטער צייט איז אַלעס געגאַנגען ווי דער פאָטער האָט געוואונשען. צו 11 יאָהר האָט ער אַרויסגעוויזען גרויס לוסט צום סאָלדאַטען־שטאַנד, און האָט פּינקטליך ערפילט אַלע רעליגיעזע פאָדערונגען.

אָבער ווען ער איז געוואָרען עלטער, האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט א זעלבשטענדיגער כאַראַקטער און ער האָט אימער געטאָן פערקעהרט פון זיין פאָטער׳ס וואונש. דער קרוינפרינץ האָט פערלאָרען דעם געשמאַק צו אַלעם, וואָס זיין פאָטער דער קעניג האָט געשטרעבט, און האָט זיך גענומען צו ביכער, צו מוזיק, שענע קליידער — זאַכען, וועלכע זיינען שטאַרק ניט געווען געפעלען זיין פאָטער. דאָס האָט אָנגעמאַכט א שטאַרקע דערווייטע־רונג צווישען דעם פאָטער און דעם זוהן. דער קעניג האָט זיך געפיהלט שטאַרק געקרענקט פון דער אויפפיהרונג פון זיין זוהן, און האָט אָנגעהויבען אַנוועגדען פערשיידענע מיטלען צו ברייננגען איהם אויף׳ן ריכטיגען וועג לויט זיין וואונש.

דער קעניג האָט בעמערקט, דאָס פריטץ ווערט אונטערשטיצט אין זיין אויפפיהרונג פון זיין מוטער און זיין עלטערער שוועסטער, און דאַרום האָט

ער אַנגעזאָגט, דאָס זיי זאָלען זיך מעהר ניט אונטערהאַלטען צוזאַמען. איין מאָל איז דער קעניג געקומען פון זיין יאַגד פריהער ווי געוועהנליך און האָט געטראָפען די פאַמיליע צוזאַמען. ווי זיי האָבען דערהערט די רויהע שטימע פון קעניג, האָט זיך פריטץ בעהאַלטען אין אַ שאַפע און זיין שוועסטער ווילהעלמינע האָט זיך בעהאַלטען אונטער'ן בעט. דער קעניג האָט געהייסען זיין פרוי די קעניגין אַרויסגעהן, און ער האָט זיך צוגעלעגט שלאָפען אויף אַ פּאָאָר שטונדען. לאַנג זיינען די קינדער געלעגען פערשטעקט ביז זיי איז געלונגען אַרויסצוגנב'ענען זיך פון די ערטער, וואו זיי האָבען זיך בעהאַלטען. אום אָפּצוגעוועהנען איהם פון זיינע שטרעבונגען צו וויסענשאַפט און קונסט, האָט דער קעניג געפאָדערט פון קרוינפּרינץ, אַז ער זאָל זיך אַלע פאָרמיטטאָג געפינען אויף'ן מיליטער־פּלאַץ פון די סאָלדאַטען, פריהער אַלס הויפּטמאַן פון די קאַדעטען, און נאָכדעם אַלס אָבערסט־לייטענאַנט ביי דעם לייב־רעגימענט. אָבער דערפאַר האָט ער זיך נאָך מיט מעהר ליידענשאַפט איבערגעגעבען צו שטודירען קונסט און וויסענשאַפט אין דער נאָכמיטטאָגצייט. ער האָט גענומען מוזיק־לעקציאָנען ביים בעריהמטען מוזיקער פון יענער צייט, קוואַנטץ. אָבער דער רויהער קעניג האָט איהם איינמאָל דערטאַפּט ווי ער נעהמט לעקציאָנען אין מוזיק. ער איז געוואָרען בייז ווי אַ טיגער. פון כעס האָט ער אַריינגעוואָרפען אין פייער אַ גאָלד־געשטיקטען שלאָפראָק, די ביכער, וועלכע ער האָט געפונען אין צימער, האָט ער פערשלאָסען אין די שאַפעס פון ביכער, און האָט איבער אַ שטונדע געדונערט און געזאָגט דעם קרוינפּרינץ מוסר. אַן אַנדערען מאָל האָט דער קעניג געגעבען אַ בעפעהל, דאָס דער הויף־כירורג זאָל אָפּשערען דעם קרוינפּרינץ זיינע שענע זיידענע האָאָר, און ער, דער קעניג זעלבסט, איז דערביי געשטאַנען.

וואָס עלטער פריעדריך איז געוואָרען, אַלץ מעהר אונערטרעגליך איז איהם געוואָרען זיין פאָטער'ס טיראַניי. דער קעניג האָט געוואָלט אָפּנעהמען פון פריטץ'ן דאָס רעכט אויף'ן טראָן און עס איבערגעבען צו זיין איינגערען ברודער ווילהעלם אוגוסט. דער קעניג אָבער האָט עס געוואָלט טאָן מיט פריטץ'עס איינשטימונג. דיזער אָבער האָט געענטפערט, דאָס ער איז בערייט צו פערלירען דעם קאָפּ און ניט אויפגעבען פרייוויליג זיינע רעכטען אויף'ן טראָן.

אַ זעהר גרויסען איינפלוס האָט געמאַכט אויף דעם קרוינפּרינץ דער בעזוך, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט זיין פאָטער דעם קעניג אָפּגעשטאַט דעם רייכען און גלענצענדען הויף פון לודוויג דעם 3טען אין דרעזדען (1728).

איהם איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דאָס שווענדערישע לעבען פון די הויפ־לייט, און ער האָט אויך אָנגעהויבען צו פיהרען אזא סאָרט לעבען און האָט געמאַכט שולדען אויף שולדען. דער קעניג האָט איהם אָנגעפאַנגען צו בע־האַנדלען זעהר שטרענג, אָפט שלאָגען איהם מיט א שטעקען, אַזוי דאָס עס איז איהם געוואָרען אונערטרעגליך צו בלייבען צוזאַמען מיט זיין פאָטער.

ענדליך האָט אויסגעבראָכען צווישען קעניג און דעם קרוינפּרינץ אַן אָפענער קריג. די אורזאַך פון דעם אויסברוך איז געווען פאָלגענדע. ווען דער קרוינפּרינץ איז אַלט געוואָרען 18 יאָהר האָט ער געוואָלט הייראַטען זיין ניכטע (פּלעמעניצע), די שענע ענגלישע פּרינצעסין אמאַליא. די מו־טער פון קרוינפּרינץ האָט באַלד געגעבען אויף'ן שידוך איהר הסכמה, דער קעניג אָבער איז געווען געגען דיזער הייראַט, ווייל ער האָט זעהר ניט ליב געהאַט זיין שוואָגער געאָרג דעם 2טען, דעם קעניג פון ענגלאַנד. פריעד־ריך, דער קרוינפּרינץ, האָט בעשלאָסען צו ענטלויפען שטילערהייט נאָך ענגלאַנד און דאָרט, אונטער דעם שוץ פון זיין אָנקעל, וואַרטען אויף זיין צוקונפט. פון דעם סוד האָט געוואוסט זיין שוועסטער ווילהעלמינע און צוויי לייטענאַנטען, קאַטטע און קעיטה, וועלכע האָבען איהם געשטיצט אין זיין אונטערנעהמונג. באַלד האָט זיך געמאַכט א געלעגענהייט זיין פּלאַן דורכצופיהרען, נעמליך: דער קעניג האָט אונטערגענומען א רייזע נאָך דעם רהיין, אויף וועלכער דער קרוינפּרינץ האָט איהם בעגלייט. אויף דיזער רייזע האָט ער געהאַט די געלעגענהייט צו ענטלויפען נאָך ענגלאַנד. האָט זיך אָבער געמאַכט, דאָס א בריף, וואָס דער קרוינפּרינץ האָט געשריבען צום לייטענאַנט קאַטטע, איז אריינגעפאַלען צום קעניג אין האַנט און ער האָט ענטדעקט דעם פּלאַן פון ענטלויפען נאָך ענגלאַנד. ביידע זיינען באַלד אַרעסטירט געוואָרען. פריטץ איז באַלד אָפּגעשיקט געוואָרען נאָך בערלין. קיין געריכטס־הויז האָט ניט געוואָלט אָננעהמען דיזען פּראָצעס. דער קעניג האָט זיך געווענדעט צו א קריגס־געריכט מיט דער בעשולדיגונג געגען דעם קרוינפּרינץ און דעם לייטענאַנט קאַטטע, דאָס זיי האָבען גע־וואָלט ענטלויפען פון לאַנד.

די קריגס־קאָמיסיאָן איז בעשטאַנען פון 24 ריכטער. פון דיזע אַלע ריכטער איז געווען נאָר איינער, וועלכער האָט איינגעשטימט מיט דעם קע־ניג'ס פערלאַנג, אז מען זאָל די בעשולדיגטע פעראורטיילען צום טויט. די איבריגע 23 ריכטער זיינען געווען זעלבשטענדיג גענוג און האָבען ניט גע־וואָלט אַרויסגעבען אזא גרויזאַמען אורטייל. דער קעניג איז געוואָרען אוי־סער זיך פון צאָרן, האָט געכאַפּט די פעדער און האָט אַליין פעראורטיילט

קאטטע'ן צום טויט. אין דער זעלבער צייט האט ער אויך דעם קרוינפרינץ געוואלט פעראורטיילען צום טויט. דא האט זיך שטארק געשטעלט געגען דעם דער געזאנדטער פון קייזער, דער פעלדמארשאל פון זעקענדארף, און האט איהם ערקלערט פעסט, דאס ער האט ניט קיין רעכט צו טאן אזא זאך, דאס זיין זוהן, דער פרינץ, אלס קורפירסט פון בראנדענבורג, קען נאר גע־משפט ווערען פון א רייכסגעריכט. אויך די קעניגין האט אין טרערען גע־בעטען פיר איהם און איהר האבען געהאלפען דער אלטער דעססאוער, דער גענעראל־מאיאר פון בודדענבראק און נאך איינינע אנגעזעהענע גענעראלען, און האבען קוים געווירקט אויף'ן אנגעצארנטען קעניג אפצוהאלטען זיך פון פעראורטיילען דעם קרוינפרינץ צום טויט. אבער מיט וואס פיר א גרוי־זאמער בעדינגונג! דער קרוינפרינץ זאל פערשיקט ווערען נאך קיסטרין, אהין זאל געבראכט ווערען זיין פריינד קאטטע, וועלכער איז פעראורטיילט געווארען פון קעניג זעלבסט צום טויט, און דארט, פאר דעם פענסטער פון קרוינפרינץ, זאל קאטטע פאר די אויגען פון פרינץ פערלירען זיין קאפ דורך'ן שווערד. דער פרינץ האט אנגעווענדט אלע מעגליכקייטען צו רעטען זיין פריינד פון טויט. ער האט זאגאר געוואלט ענטזאגען זיך פון טראן, אבער קיין זאך האט ניט געהאלפען. ווען מען האט געבראכט קאטטע'ן צום פענס־טער פון פרינץ אום ארונטערצונעהמען איהם דעם קאפ, האט זיך דער פרינץ ביטער צואווינט און האט אויסגעשריען: „איך בעט טויזענד מאל אום פערצייהונג, אין גאט'ס נאמען פערצייהונג, פערצייהונג!” דערויף האט איהם קאטטע געענטפערט: „איהר דארפט קיין פערצייהונג, פרינץ, איך שטארב פיר אייך מיט טויזענד פריידען”. שטעלענדיג זיך אויף די קני און צוואווארפענדיג מיט זיין האנט א קוש צום פענסטער פון פרינץ האט ער עמפפאנגען דעם טויט (5טען נאוועמבער 1730).

דיזע שרעקליכע סצענע האט געמאכט אין דעם פרינץ א גאנצע ענדע־רונג. ער איז געוועזען פון דיזער בעגעבענהייט שרעקליך געבראכען, און דאך האט ער בעשלאסען צו שרייבען אן אונטערטעניגען בריף צום קעניג. דערצו האט אויך דער מיליטער־פרעדיגער פערזיכערט דעם קעניג, דאס דער קרוינ־פרינץ האט באמת חרטה אויף זיין פריהערדיגע האנדלונג געגען קעניג. די־זער האט איהם דאן ערלויבט צו ארבייטען אין קיסטרין אלס אונטערסטער רעגירונגס־ראט. ערסט נאך א יאהר, אין וועלכען דער קרוינפרינץ האט גע־דולדיג איבערגעטראגען אלערליי בעשרענקונגען, האט איהם דער קעניג ער־לויבט צו קומען אין הויף צו דער פערמעלונג פון זיין ליבער שוועסטער וויל־העלמינע מיט דעם טראן־פרינץ פריעדריך פון באירויטה. ביי דיזען צופאל

האָבען די וויכטיגסטע גענעראַלען פון דער אַרמעע געבעטען דעם קעניג, אַז ער זאָל אַריינגעהמען דעם קרוינפּרינץ צוריק אין דער אַרמעע. אום אין גאַנצען איבערצובעטען זיך מיט'ן קעניג האָט ער איהם צוליב געטאָן און האָט געהייראַט די יונגע ליבליכע פּרינצעסין עליזאַבעטה כריסטינע פון ברוינשווייג, אָבער ער האָט ניט געהאַט צו איהר קיין נייגונג און ער האָט זעלטען געלעבט מיט איהר צוזאַמען. דער פאָטער, דער קעניג, איז געווען זעהר ענטציקט פון דער ענדערונג אין זיין זוהן, דעם קרוינפּרינץ, און האָט איהם באַלד געגעבען די הערשאַפט רופּפּין און האָט פיר איהם געקויפט דעם לוסט־שלאָס רהיינסבערג.

אין דיזען שלאָס האָט פריעדריך פערלעבט די אַנגענעהמסטע יאָהרען פון זיין לעבען. דאָ האָט ער פערזאַמעלט אַרום זיך אַ קליינעם קרייז פון גייסטרייכע מענער, ווי אויך ליבליכע פרויען, און האָט זיך איבערגעגעבען צום שטודיום פון די וויסענשאַפטען. ער האָט געהאַט אַ שטענדיגען בריף־וועקסעל מיט וויכטיגע דיכטער און שריפטשטעלער, און אויסער דעם האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט קונסט און מיט דער אַלטער ליטעראַטור. היר האָט ער געלעגט דעם גרונד צו זיין פיעלזייטיגער בילדונג און זיין בעזונדערער נייגונג צו פילאָזאָפיע, געשיכטע און דיכטקונסט, מיט וועלכע ער האָט זיך בעשעפטיגט זיין גאַנצען לעבען. היר האָט ער אויך געשריבען זיין בעריהמטעס ווערק געגען מאַקיאַוועלליזם, אין וועלכען ער בעווייזט ווי ווייט פערדערבליך פיר פירסטען און פעלקער עס איז די לעהרע פון דיזען איטאַליענער (מאַקיאַוועללי). דאָס ווערק האָט ער בעטיטעלט „דער פירסט".

אין דער פאָררעדע צו דיזען ווערק שרייבט ער: „איך האָב דעם מוט אַרויסצוטרעטען געגען אַן אונגעהייער ווילדעס טהיר, וועלכעס וויל אויסראָטען די גאַנצע מענשהייט. איך וואַג ענטקעגען צו שטעלען וואָהרען פערשטאַנד און גערעכטיגקייט געגען סאָפיזם (פאַלשע פילאָזאָפיע) און שלעכטס. דיזעס ווערק מוז קומען אין די הענט פון פירסטען און שטאַאַטסמענער. עס איז זעהר לייכט פיר אַ יונגען מענשען, וועלכער האָט נאָך ניט גענוג בילדונג און פּראַקטיק, און זיין אורטיילס־קראַפט איז דעריבער נאָך ניט שטאַרק גענוג צו אונטערשיידען גוטעס פון שלעכטס, אַז ער זאָל פערדאָרבען ווערען און אַראָפּגעהן פון וועג דורך אַ פאַלשע פילאָזאָפיע, וועלכע שמייכעלט צו זיינע ליידענשאַפטען און גרונדזאַצען. עס איז דאָך אויך אַן אונרעכט צו פערדאַרבען די אונשולד פון אַ פּריוואַט־פּערזאָן, וואָס זיין לעבען און טאָן האָט ניט קיין גרויסע ווירקונג, אָדער האָט גאָרניט קיין ווירקונג אויף דעם גאַנג פון דעם לעבען פון אַ גאַנצען פאָלק; ווי פיעל מעהר אונגערעכט און

שעדליך איז עס צו פערדאַרבען די אונשולד פון אַ פירסט, וואָס זיין פליכט איז צו פערברייטען רעכט און גערעכטיגקייט און צו דינען מיט זיין לעבען און שאַפען אַלסביישפּיל פיר טויזענדער פון זיינע אונטערטאַנען, וואָס זיין פליכט איז דורך זיין גוטקייט, מילדקייט און גייסטיגע גרויסקייט צו ער־שיינען אַלס וואָהרעס עבענבילד פון דער גאָטהייט. די פלאַגען פון הימעל דויערן געוועהנליך נאַר אַ קורצע צייט, פערוויסטען נאַר איינצעלנע געגענדען, און נאָכדעם ווערען די פערוויסטעטע ערטער צוריק גוט, אָבער די פערדאָר־בענהייט פון אַ פירסט ברייננט גרויסע אונגליקען אויף אַ לאַנגע צייט און צו גאַנצע פעלקער".

אויך זיין ווערק „איבער דעם געגענווערטיגען צושטאַנד פון דעם איי־ראָפּעאישען שטאַאַטס־סיסטעם" איז געשריבען געוואָרען אין דער צייט, וואָס ער איז געזעסען אין זיין שלאָס רהיינסבערג.

נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, וועלכער איז די לעצטע יאָהרען געוועזען צו איהם זעהר גוט, איז פריעדריך ארויף אויף'ן טראָן אַלס פ ר י ע ד ר י ך ד ע ר 2 ט ע ר (1740—1786). דעם 2טען יוני 1740 האָבען זיך די מי־ניסטאָרען פערזאַמעלט אין שאַרלאָטטענבורג און האָבען איהם געשוואָרען טרייהייט. מיט איניגע וואָכען שפּעטער האָט דאָס גאַנצע פאָלק און דאָס מיליטער איהם געקרוינט אין קעניגסבערג. די וועלט האָט געגלויבט, דאָס יעצט וועט ווערען אַ גאַנץ נייע אָרדנונג אין דעם רעגירונגס־סיסטעם פון פּרייסען. אָבער ווי ערשטוינט זיינען אַלע געוואָרען זעהענדיג, דאָס דער נייער הערשער געהט אין דעם זעלבען וועג ווי זיין פאָטער. דער פריהערדי־גער פילאָזאָף האָט באַלד, אין די ערסטע טעג פון זיין רעגירונג, אָנגענומען אַ מיליטערישע ריכטונג, האָט פאָרטגעזעצט די איינפאַכע און שטרענגע לע־בענס־אַרט פון זיין פאָטער, האָט באַלד פערמעהרט די אַרמעע מיט 20,000 מאַן, וועלכע זיינען אימער געוועזען גרייט צום קריג. ער איז גיך געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס די עקסיסטענץ פון פּרייסען איז אין גאַנצען אָפּ־העננגיג פון איהר מיליטערישער מאַכט.

איניגע מאָנאַטען שפּעטער נאָך דעם, ווי פריעדריך דער 2טער איז אַרויף אויף'ן טראָן, איז דער קייזער קאַרל דער 6טער געשטאָרבען. דעם קיי־זערליכען טראָן האָט בעשטיגען זיין עלטעסטע טאָכטער מ אַ ר י אַ ט ה ע־ר ע ז י אַ, אויף וועמען עס האָבען איינגעשטימט אַלע אייראָפּעאישע מעכ־טען, ווי מיר האָבען עס פריהער געזעהען. אָבער באַלד האָט עס זיך בעווי־זען, דאָס דער פּרינץ אייגען איז געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, דאָס אַן אַרמעע פון 200,000 מאַן וואָלט זיין אַ פיעל זיכערע גאַראַנטיע פיר די

הערשאַפט פון מאַריאַ טהערעזיאַ ווי די גאַראַנטיען און פערשפּרעכונגען פון אַלע הערשער צוזאַמענגענומען. אַלע מעכטען זיינען געווען גרייט צו בע-פאַלען די עסטרייכישע לענדער און צורייסען זיי אויף שטיקער. דער בי-טערסטער פיינד פון עסטרייך און אויך דער געפעהרליכסטער איז געווען דער יונגער קעניג פון פּרייסען. ער האָט אויפגעוועקט די אַלטע טענות און פּרעטענזיעס פון פּרייסען אויף שלעזיען, הגם די זאַך איז שוין לאַנג אויס-געגליכען געוואָרען צווישען דעם קייזער און דעם גרויסען קורפירסט, און ער האָט אין מיטען ווינטער אַריינגעשיקט אין שלעזיען אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן.

דערמיט האָט זיך אָנגעפאַנגען דער ערסטער שלעזישער קריג, וועלכער האָט געדויערט 2 יאָהר, פון 1740 ביז 1742. דאָס פּרייסישע מיליטער האָט באַלד בעזעצט גאַנץ שלעזיען. ערסט אין אַפּריל 1741 האָט עסטרייך אַרויס-געשיקט אַן אַרמעע אונטער דעם פעלדהערר נייפּערג. ביי מאָלל-וויטץ איז פאָרגעקומען צווישען די פיינד אַ בלוטיגע שלאַכט. פריעדריך האָט דאַמאָלס צום ערסטען מאָל אין זיין לעבען געזעהען אַ שלאַכט, און זי האָט אויף איהם געמאַכט אַ זעהר טיפען און טרויעריגען איינדרוק. ער האָט כמעט פערלאָרען דעם מוט. אָנפאַנגס האָט די פּרייסישע קאַוואַלעריע גע-קראָגען פון דער קייזערליכער אַרמעע אַ שרעקליכען שטויס, נאָכדעם איז אויך דער קעניג מיט זיינע טרופּען צוריקגעשטויסען געוואָרען, אָבער ענדליך האָט דער פעלדמאַרשאַל שווערין מיט זיין אינפאַנטעריע אַזוי צו-קלאַפּט די עסטרייכער, דאָס ער איז אַרויס פון דער שלאַכט מיט אַ פאָלקאָ-מענעם זיג.

די נידערלאַגע ביי מאָללוויטץ איז געווען פיר מאַריאַ טהערעזיאַ זעהר געפעהרליך, ווייל יעצט האָבען זיך אָנגעשלאָסען אַן פּרייסען די אָפענע און די געהיימע שונאים פון עסטרייך. פראַנקרייך, באַיערן, פּוילען און סאַר-דיניען האָבען זיך גענומען צו די וואַפען און האָבען אָנגעצונדען דעם עסטרייכישען קריג פיר די ירושה פון טראָן. די באַיערן האָבען איינגענומען פּאַססאַו, וועלכע איז געווען דער שליסעל צו אויבער-עסטרייך. איינינע וואָכען שפּעטער האָבען זיי זיך פעראייניגט מיט די פראַנצויזען, האָבען בעזעצט לינץ און האָבען גערעכענט צו נעהמען זיך צו וויען. מאַריאַ טהערעזיאַ האָט זיך געווענדט צו די אונגאַרען אום הילף. איהר ערשיינען אין דער פערזאַמלונג פון די מאַגנאַטען האָט גע-מאַכט אַ טיפען איינדרוק, און די מאַגנאַטען האָבען אויפגעהויבען זייערע

שווערדען און האבען אויסגעשריען: „לאמיר שטארבען פיר אונזער קעניגין מאריא טהערעזיא!"

דערווייל האבען די פראנצויזען און די באיערן בעלאגערט פראג און האבען זי איינגענומען. דער קורפירסט קארל אלברעכט האט זיך היר געלאזט קרוינען אלס קעניג פון בעהמען, און מיט דעם איינפלוס פון די פראנצויזען איז ער זאגאר ערוועהלט געווארען אלס קייזער. אבער אין דער



פריעדריך דער 2טער.

צייט, וואס קארל אלברעכט האט געפייערט זיינע גלענצענדע שמחות אין פראנקפורט, זיינען די עסטרייכישע טרופען אריין אין באיערן און זאגאר אין די הויפטשטאדט, אין מינכען. דאגעגען זיינען די פרייסען אריין אין מעהרען און זיינען געקומען ביז גענען וויען (1742). ביי טשעסלאו זיינען די עסטרייכער אונערווארטעט בעפאלען די פרייסען (מאי 1742), אבער

דיזע האָבען ערהאַלטען איבער די עסטרייכער אַ גלענצענדען זיג. פריעדריך האָט זיך שוין צוגעוועהנט צו די שלאַכט־סצענעס, האָט שוין אויפגעהערט מורא האָבען און פלעגט אימער זיין אָן דער שפּיץ פון דער אַרמעע אום צו ערמונטערן זיי מיט זיין ביישפּיל און וואָרט. באַלד נאָכדעם האָט מאַריאַ טהערעזיאַ אָנגעהויבען בעטען דעם פּרייסישען קעניג צו שליסען פרידען. זי האָט פריהער פון אַלעס געוואָלט פּטור ווערען פון איהר געפעהרליכען פיינד. עס איז געשלאָסען געוואָרען אין ברעסלאַו אַ פרידענס־טראַקטאַט, לויט וועלכען עסטרייך האָט איבערגעגעבען צו פּרייסען אויבער־שלעזיען און נידער־שלעזיען, ווי אויך די גראַפשאַפט גלאַטץ.

הגם פריעדריך האָט געגעבען די אַנדערע בונד־חברים זיין וואָרט ניט צו שליסען קיין פרידען מיט מאַריאַ טהערעזיאַ, האָט ער זיין וואָרט ניט געהאַלטען און האָט יע געשלאָסען. ער האָט געגלויבט, דאָס ער האַנדעלט קלוג. אָבער דער סוף האָט בעוויזען, וואָס פיר אַ גרויסען אירטום ער האָט געמאַכט. מאַריאַ טהערעזיאַ האָט יעצט געקענט אָנווענדען אַלע איהרע קרעפטען געגען פראַנקרייך און באַיערן. די קייזערליכע אַרמעע האָט בעלאַגערט די פראַנצויזען אין פּראַג, וועלכע האָבען געמוזט צוליב הונגער פערלאָזען די שטאָדט ביי נאַכט אין דער פינסטער און אין טומאַן, אום מען זאָל זיי ניט בעמערקען און נאָכיאַגען. קאַרל אַלברעכט איז געקומען צו אַ זעהר אונגליקליכער לאַגע און האָט געמוזט אין פראַנקפורט לעבען פון שטיצע, וואָס די פראַנצויזען האָבען איהם געגעבען. באַלד האָבען ענגלאַנד און סאַר־דיניען געשלאָסען אַ בונד מיט עסטרייך, און האָבען בעשלאָסען, דאָס עסט־רייך זאָל בעזיצען די לענדער, וואָס האָבען געהערט צו איהר אין יאָהר 1706. אויך זאַקסען איז צוגעשטאַנען צו דיזען בונד.

פריעדריך האָט זיך אָנגעהויבען צו בעאונרוהיגען וועגען שלעזיען, וואָס ער האָט ניט לאַנג ערואָבערט. ער האָט בעשלאָסען ניט צו דערלאָזען די גע־פאַהר, און ניט לאָזען די פראַנצויזען און די באַיערן אַליין. מיט אַן אַרמעע פון 80,000 מאַן איז ער אַריין אין בעהמען (1744), האָט געגומען פּראַג מיט 12,000 געפאַנגענע און האָט זיך געלאָזען געהן אויף וויען. דאָס איז געווען דער צווייטער שלעזישער קריג, וועלכער האָט געדויערט אַ יאָהר, פון 1744 ביז 1745.

דערווייל איז קאַרל אַלברעכט געשטאָרבען. זיין זוהן האָט געשלאָסען מיט האַבסבורג (מאַריאַ טהערעזיאַ) אַ בעזונדערען פרידען, און האָט זיך זאָ־גאַר פערבונדען מיט דיזען הויז. די פעראייניגטע כּרופען פון עסטרייך, ענגלאַנד, סאַרדיניען און זאַקסען האָבען געצוואונגען פריעדריך׳ן אַרויסצו־

געהן פון בעהמען און צוריקציהען זיך אין שלעזיען. פריעדריך'ס לאגע איז דאן געווען א פערצווייפעלטע. די פערבינדעטע זיינען געווען פיעל שטארקער פון איהם און דערצו האט איהם נאך אויך געפעהלט געלט. צום גליק האט ער ביי האהענפריעדבערג געהאט א גלענצענדען זיג (1745), און דיזער זיג האט איהם ארויסגעפיהרט פון זיין פערצווייפעלטער לאגע. אין דיזער שלאכט האט פריעדריך בעוויזען א מערקווירדיגען טאלענט אלס פעלד-קאמאנדיר. 5,000 פיינד זיינען געפאלען אויף'ן שלאכטפעלד און 7,000 זיינען גענומען געווארען געפאנגען. אבער ניט אכטענדיג אויף דיזען גרויסען זיג האט עס נאך אלץ ניט גענומען קיין ענדע צו דער מלחמה. דעם סוף האט ערסט געמאכט דער זיג ביי זאהר און דער בלוטיגער טריאומף פון דעם אלטען דעססאוער ביי קעססעלדארף. דיזער איז באלד נאך דעם געשטארבען. דיזער זיג האט אונטערווארפען אונטער די פרייסען גאנץ זאקסען, און האט זיי געעפענט די טויערן פון דרעזדען. אין דרעזדען איז געשלאסען געווארען א פרידענס-טראקטאט, וועלכער האט בעשטעטיגט דעם ברעסלאוער, און זאקסען האט געמוזט צאהלען צו פרייסען א מיליאן טהאלער קריגס-קאסטען.

דער קריג צווישען עסטרייך און פראנקרייך האט נאך אנגעהאלטען אין די נידערלאנדען, און די עסטרייכער זיינען דארט זעהר אפט געשלאגען געווארען. אבער די געלט-מיטלען אין פראנקרייך זיינען אין גאנצען אויסגעשעפט געווארען, און די שוואכע און שלעכטע רעגירונג פון לודוויג דעם 15טען האט באלד בעוויזען זעהר שלעכטע רעזולטאטען. צו פערדאנקען דיזען צושטאנד איז אין יאהר 1748 געשלאסען געווארען א פרידען, וועלכער איז געווען זעהר גינסטיג פיר מאריא טהערעזיא. פראנקרייך האט אפגעגעבען אלע ערא בערונגען אין די נידערלאנדען, און אין איטאליען האט זי אפגעטרעטען די הערצאגטימער פארמא און פיאטשענצא. מאריא טהערעזיא איז ארוים פון דיזער מלחמה מיט עהרע; נאר שלעזיען האט זי פערלארען.

פריעדריך דער 2טער האט ניט געהאט קיין טעות, ווען ער האט גערעכענט, דאס זיינע פיינד וועלען ניט דערלאזען, אז שלעזיען זאל בלייבען אונטער איהם, און זיי וועלען געוויס זוכען א געלעגענהייט אפצונעהמען פון איהם דיזע פראווינץ צוריק און בריינגען איהם צוריק צו זיין פריהערדיגען אונבעדייטענדען צושטאנד. איבערהויפט האט מאריא טהערעזיא ניט געקענט צוגעוועהנען זיך צום געדאנק, דאס שלעזיען זאל בלייבען אונטער פרייסען. דערצו האט זי זעהר מקנא געווען, וואס אונטער דער רעגירונג פון

פריעדריך דעם 2טען איז דער צושטאַנד פון די קעניגליכע גיטער פון שלעזיען געוואָרען אזוי גלענצענד, דאָס זיי האָבען אַריינגעטראָגען דער פּרייסישער רעגירונג 10 מאָל מעהר ווי אין דער צייט, וואָס עסטרייך האָט דאָרט גע-הערשט, אַזוי דאָס די איננאַהמע פון דער קרוין איז געווען מעהר פון פרי-הער מיט 2 מיליאָנען טהאַלער יעדען יאָהר. אָבער די ערפאַהרונגען פון דעם קריג מיט פרייסען האָט מאַריאַ טהערעזיאַ'ן קלאָר געוויזען, דאָס זי איז ניט אין שטאַנד צו פיהרען קריג מיט פריעדריך דעם 2טען אָהן דער הילף פון אַן אַנדער גרויסער מאַכט, און דריבער האָט זי אָנגעהויבען שטרע-בען צו פערבינדען זיך מיט די אייראָפּעאישע מעכטען.

אין יאָהר 1746 האָט מאַריאַ טהערעזיאַ געשלאָסען אַ בונד מיט דער רוסישער קייזערין עליזאַבעטה די 2טע. לויט דיזען בונד האָט זיך די רוסישע קייזערין פערפליכטעט צו העלפען מאַריאַ טהערעזיאַ צו ער-ווערבען צוריק שלעזיען. ווי מען דערצעהלט האָט פריעדריך זעלבסט גע-מאַכט די רוסישע קייזערין פיר זיין ביטערסטען פיינד דערמיט, וואָס ער האָט זי שטאַרק בעליידיגט. דער זאַקסישער געזאַנדטער ביים רוסישען הויף האָט איהר דערצעהלט, דאָס דער פּרייסישער קעניג האַלט זי פיר אַ זעהר נידריגע אויסגעלאַסענע פרוי, דאָס זי האָט אזוי ווייט קיין בושה ניט, דאָס זי זוכט ליבהאָבער זאָגאַר צווישען איהרע שטאַל-קנעכט, בעדינטע און איינ-פאַכע סאָלדאַטען. אויך זאַקסען איז צוגעשטאַנען צו עסטרייך געגען פּריי-סען. ענדליך איז אויך פראַנקרייך אַריינגעטרעטען אין בונד מיט עסטרייך. דער צוועק פון דיזען בונד איז געווען, אָפּצונעהמען פון פריעדריך דעם 2טען אַלע זיינע ערָאָבערונגען און ברייגגען איהם צוריק צו דער שטופע פון אַ קורפירסט און מאַרקגראַף פון בראַנדענבורג. דער בונד מיט פראַנקרייך איז געווען די אַרבייט פון דער מאַרקיזין פּאָמפּאַדור און איהרע אי-בערגעגעבענע גינסטלינגען. די פרומע קייזערין מאַריאַ טהערעזיאַ האָט זיך אַראָפּגעלאָזען און האָט געשריבען אַן אייגענהענטיגען בריף צו דער מעכ-טיגער מעטרעסע פּאָמפּאַדור מיט זעהר פיעלע שמייכלערייען אום דורכ-צופיהרען דורך איהר דעם בונד מיט פראַנקרייך.

נאָר ענגלאַנד איז ניט צוגעשטאַנען צום בונד מיט דעם הויז האַבסבורג. עם זיינען נעמליך דאַמאָלס געווען שטרייטיגקייטען צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך צוליב איניגע לענדערייען אין אַמעריקאַ, און אום צו שיצען איהר קורפירסטענטום האַננאָווער, וועלכעם פראַנקרייך האָט געדראָהעט צו בעפאַלען, האָט ענגלאַנד געשלאָסען מיט דעם קעניג פון פּרייסען אַ בונד, לויט וועלכעןביידע צדדים האָבען זיך פערפליכטעט צו פערהינדערן דעם

דורכגאנג פון אויסלענדישע טרופען אין דער צייט פון דעם זעע־קריג צווישען ענגלאנד און פראנקרייך.

פריעדריך דער 2טער האט זיך דורך א שפיאן (א זאקסישען שרייבער) דערוואוסט פון די געהיימע פלענער, וואס דער פיינד דענקט צו טאן, און האט בעשלאסען צו מאכען אויף איהם אן אונערווארטעטע אטאקע. 60,000 פרייסען זיינען אונערווארטעט אריין אין זאקסען (29טען אויגוסט 1756). דאס איז געווען דער אנפאנג פון דעם 7־יעהריגען קריג, וועלכער האט געדויערט ביז דעם יאהר 1763. די שטעדט וויטטענבערג, לייפציג, טארגאו און פיעלע אנדערע זיינען פערנומען געווארען מיט פרייסישע סאלדאטען, און די הויפטשטאדט זעלבסט איז איינגענומען געווארען (9טען סעפטעמבער). דער זאקסישער הויף איז ענטלאפען. אום צו פערענטפערן זיך פאר דער וועלט, פארוואס ער האט געבראכען דעם שלום, האט פריעדריך ארויסגעלאזען א מאניפעסט, אין וועלכען ער האט בעקאנט געמאכט דעם געהיימען אפמאך צווישען רוסלאנד, עסטרייך און זאקסען, און האט דערמיט געזוכט צו בעווייזען זיין רעכט זיך מקדים צו זיין און שטערען זייערע פלענער.

דיזער מאניפעסט אבער האט איהם ווייניג געהאלפען. דער קייזער האט איהם בעטראכט אלס א שטערער פון לאנד־פרידען, און האט איהם בערויבט פון זיינע רעכטען. אבער דאס האט ניט אפגעשראקען פריעדריך'ן פארטצוזעצען זיין ארבייט, צו בעהערשען זאקסען און צוצונעהמען די איינקונפטען פון לאנד. די זאקסישע טרופען זיינען דאמאלס געווען בעפעסטיגט אין פירנא און קעניגשטיין. פיער וואכען האט זיי פריעדריך בעלאגערט, אבער ער האט זיך איבערצייגט, דאס עס איז א זעהר שווערע אויפגאבע צו צווינגען די בעלאגערטע אונטערצוגעבען זיך, און דעריבער האט ער בעשלאסען איבערצולאזען ביי דער בעלאגערונג נאר א טייל פון זיינע טרופען, און די איבריגע האט ער גענומען צו בעגעגנען דעם עסטרייכישען קריגס־קאמאנדיר ב ר א ו ן. ביי ל א וו א ז י ט ץ האבען זיך די ביידע ארמעען בעגעגענט. די פרייסען האבען געזיגט, און באלד נאכדעם האבען זיך אויך געמוזט אונטערגעבען די 14,000 מאן, וואס זיינען געווען בעלאגערט אין פירנא. די אפיצערען פון דיזער בעלאגערטער ארמעע האבען בעקומען פרייהייט נאך דעם, ווי זיי האבען געגעבען זייער עהרען־ווארט מעהר ניט צו שטרייטען געגען פרייסען, און די סאלדאטען האבען געמוזט שווערען צו דינען די פאהנען פון פריעדריך דעם 2טען. זיי האבען עס געטאן געגען זייער ווילען, און גאנצע רעגימענטען זיינען צולאפען צוריק צו זייערע הערשער, וואו נאר זיי האבען בעקומען דערצו א געלעגענהייט.

פריעדריך'ס ענערגישע אויפטרעטונג געגען זאַקסען האָט געבראַכט זיינע פיינד אין בעוועגונג. פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעהויבען שיקען געגען איהם צאָהלרייכע טרופּען. פראַנקרייך האָט בעשלאָסען צו שיקען געגען פריעדריך'ן 100,000 מאַן אָנשטאָט דעם, וואָס זי האָט זיך פריהער פערפּליכטעט צו שיקען נאָר 24,000 מאַן; אויסער דעם האָט זיך פראַנקרייך פערפּליכטעט צו שיקען מאַריא טהערעזיא'ן יעהרליך אַ מיליאָן גולדען די גאַנצע צייט, וואָס דער קריג וועט דויערן. פריעדריך'ס בונד־חברים זיינען געווען, אויסער ענגלאַנד, דער לאַנדגראַף פון העססען־קאַססעל און די הער־צאָגין פון גאָטהא און ברוינשווייג. זייער פּליכט איז געווען צו פערטיי־דיגען פּרייסען געגען פראַנקרייך. דער שוץ פון פּרייסען געגען רוסלאַנד איז איבערגעגעבען געוואָרען צו 14,000 מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון פעלדמאַרשאַל לעהוואַלד, און געגען די שוועדען זיינען נאָר געבליבען 4,000 מאַן. מיט דער הויפּט־מאַכט האָט פריעדריך דער 2טער געוואָלט וואַרפען זיך אויף דעם הויפּט־פיינד, אויף עסטרייך.

אין פריהלינג פון יאָהר 1757 איז פריעדריך אַריין אין בעהמען און האָט געהאַט אַ זעהר בלוטיגען שטרייט ביי פּראַג. ער האָט געזיגט, אָבער דער זיג האָט איהם געקאָסט זעהר טייער. זיינע בעסטע פוס־סאָלדאַטען זיינען דאָ פערניכטעט געוואָרען, אונטער זיי אויך אַ גרויסע צאָהל טיכטיגע אָפיצערען, און אויך דער אַלטער טיכטיגער גענעראַל שווערין. אויך דער פיינדליכער אַרמעע־קאָמאַנדיר איז טויטליך פערוואונדעט געוואָרען. דער גרעסטער טייל פון עסטרייכישען מיליטער איז ענטלאָפען נאָך פּראַג. די פּרייסען האָבען שטאַרק באָמבאַרדירט די שטאָדט, אָבער זיי האָבען זי ניט געקענט נעהמען, הגם זי האָט שרעקליך געליטען. די שטאָדט פּראַג האָט געהאַט די מעגליכקייט צו האַלטען זיך, ווייל עס איז צוגעקומען פון דער אויבערער עלבע פרישעס מיליטער אונטער דער לייטונג פון גענעראַל גראַף פון דאַון. פריעדריך דער 2טער, דער קעניג פון פּרייסען, איז איהם גיך געקומען ענטקעגען און האָט איהם אַרויסגערופען אויף אַ שלאַכט ביי קאָללין. דאָס איז געווען געגען דעם ראַט פון אַלע זיינע גענע־ראַלען. די פּרייסען האָבען דאָרט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע.

די נידערלאַגע ביי קאָללין איז געווען זעהר גרויס. פריעדריך האָט גע־מוזט אויפגעבען די בעלאַגערונג פון פּראַג און נעהמען זיך צו פערטיידיגען זיין אייגענעס לאַנד געגען די אָנגריפען פון רוסלאַנד, ווייל דאָס רוסישע מיליטער האָט דערווייל אַריינגעדרונגען אין לאַנד און האָט געשלאָגען די פּרייסען ביי גראָסס־יעֶגערנדאָרף. דאָך איז דער רוסישער גענעראַל אַפּ־

ר אַ ק ס י ן ניט געגאַנגען ווייטער, נאָר ער איז אין גרוים איילענים געלאָ־פען צוריק אין רוסלאַנד, ווייל מען האָט דאָרט ערוואַרט דעם טויט פון דער קייזערין עליזאַבעטה. דיזער אומשטאַנד האָט געמאַכט מעגליך פיר גענע־ראל לעהוואַלד צו ווענדען זיך געגען די שוועדען. עס איז איהם אָנגעקומען ניט שווער צו פערטרייבען זיי פון פּאָממערן צוריק נאָך שוועדען.

אין דער וועסטליכער זייט פון פּרייסען זיינען צוויי פראַנצויזישע אַר־מעען אַריבערגעגאַנגען דעם רהיין אום צו בעפאַלען פּרייסען. ביי ה אַ ס־ט ע נ ב ע ק איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישען דער ערסטער פראַנצויזי־שער אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון גענעראַל ד'עסטרעע און די ענגלישע טרופּען אונטער דעם אונפעהיגען הערצאָג פון ק ו מ ב ע ר ל אַ נ ד. אין דיזער שלאַכט זיינען די פראַנצויזען געווען די זיגער און זיי האָבען געמאַכט אין האַננאָווער זייערע ווינטער־קוואַרטירען. די פראַנצויזען האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו פּלינדערן די פּרייסישע פּראָווינצען ביז דער עלבע. די לאַגע פון פּרייסען איז געווען אַ פערצווייפעלטע. דער קעניג האָט זיך גע־טראָגען מיט געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד.

אָבער זיין גליק־שטערן האָט ווידער אָנגעהויבען צו שיינען. די צווייטע פראַנצויזישע אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון פּרינץ ס ו ב י ז האָט זיך ביי ערפורט פעראייניגט מיט דער עסטרייכישער אַרמעע און איז שוין אַרי־בער דעם טייך זאַאלע. פריעדריך דער 2טער איז זיי אַרויס ענטקעגען. דער העלדישער גענעראַל פון ס י י ד ל י ט ץ האָט איינגענומען די שטאָדט גאָטהאַ. איניגע וואָכען שפּעטער איז צווישען די געגנער פאָרגע־קומען אַ שלאַכט ביי ר אָ ס ס ב אַ ך. די שלאַכט האָט געדויערט ניט מעהר ווי אַ שטונדע און אַ האַלב, און די פּרייסען האָבען געזיגט. עס איז געווען אַ זעהר פרעהליכער זיג. ביי דער ערסטער שיסונג פון די פּרייסישע קאַנאָנען זיינען די עסטרייכישע סאָלדאַטען צולאָפען, אויך די פראַנצויזען זיינען געוואָרען זעהר צושראָקען און זיינען ענטלאָפען צום רהיין. די פּריי־סען האָבען פערלאָרען נאָר 91 טויטע און די פראַנצויזען האָבען געהאַט 3,000 טויטע, און 7,000 זייערע זיינען געפאַנגען געוואָרען.

באַלד נאָך דער שלאַכט ביי ראָססבאַך איז פריעדריך געגאַנגען העלפען שלעזיען, ווייל דאָרט האָבען די פּרייסען געליטען זעהר פיעלע מפּלות. ביי גאָרליטץ איז געפאַלען ווינטערפעלד מיט 1,200 מאַן; נאָכדעם האָט זיך שווייידניטץ אונטערגעגעבען; ביי ברעסלאַו איז דער הערצאָג פון בעפערן בע־זיגט געוואָרען פון די עסטרייכישע טרופּען, וועלכע זיינען געווען דריי מאָל שטאַרקער אין צאָהל פון דעם הערצאָג'ס. דער קעניג פריעדריך דער 2טער

האָט זיך פעראייניגט מיט די איבערגעבליבענע פון דער שלעזישער אַרמעע, וועלכע זיינען געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ציעטהען, און איז ראַש געגאַנגען געגען דעם עסטרייכישען פעלדמאַרשאַל דאַון.

ווען דער קעניג איז אָנגעקומען אין ליססאַ האָט ער צוזאַמענגערופען זיינע גענעראַלען און שטאַב-אָפיצערען און האָט זיי אין קורצע אָבער שאַרפע ווערטער קלאָר געמאַכט זיין פערצווייפעלטע לאַגע. דערביי האָט ער גע-האַלטען אַ קורצע רעדע, וועלכע איז בעריהמט אין דער געשיכטע: „איך האָב בעשלאָסען אָנצוגרייפען די אַרמעע פון פרינץ קאַרל, הגם זי איז דריי מאָל שטאַרקער פון מיינער. איך וויים, דאָס דיזעס איז געגען אַלע רעגלען פון דער קריגס-קונסט. היר אָבער איז ניט די פראַגע פון דער צאָהל פון פיינד, נאָר פון דער וויכטיגקייט פון דער פּאָזיציאָן. איך האָף אויף די איבערגעבענהייט פון מיינע טרופּען, דאָס זיי וועלען פאָלגען אַלע מיינע בעפעהלען, און דאַן האָף איך צו זיגען. איך מוז מאַכען דיזען שריט, אָדער אַלעס איז פערלאָרען. אַזוי בין איך ענטשלאָסען צו האַנדלען. מאַכט בעקאַנט דיזען בעשלוס צו אַלע אָפיצערען פון דער אַרמעע און צו אַלע סאָל-דאַטען. ערקלערט אויך די סאָלדאַטען, דאָס ווען זיי זיינען ריכטיגע פּריי-סען דאַרפען זיי עס מוטיג אָננעהמען. ווען אָבער איינינע וועלען אוים מורא ניט וועלען טיילען מיט מיר אַלע געפאַהרען, קענען זיי היינט נעהמען זייער אָפּשייד, און זיי וועלען פון מיר ניט הערען קיין פּאָרוואורף". דער קעניג האָט איינינע סעקונדען געשוויגען. אין דיזער צייט האָט ער געלעזען אויף די געזיכטען פון זיינע צוהערער אַ שטאַרקע ענטשלאָסענהייט צו טאָן אַלעס, וואָס דער קעניג פערלאַנגט פון זיי. דאַן האָט ער געשלאָסען די רעדע מיט פאָלגענדע ווערטער: „נו, מיינע העררען, זייט געזונד, אין קורצען וועלען מיר האָבען דעם פיינד געשלאָגען, אָדער מיר וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן".

דער קעניג האָט מיט דיזע פייערדיגע ווערטער בעגייסטערט די גענע-ראַלען. אין דער זעלבער צייט האָבען די עסטרייכער אין ברעסלאַו געהאַל-טען די זאַך פון פריעדריך'ן פיר פערלאָרען. זיי האָבען גערעכענט, דאָס ער טוט דיזען געפעהרליכען שריט נאָר פון פערצווייפלונג. מיט אַזאַ קליינער און ענטמוטיגטער אַרמעע, וועלכע איז שוין אַזוי פיעל מאָל געשלאָגען גע-וואָרען, קען ער גאָרניט ערוואַרטען. „ער זוכט נאָר אַ ראַשע זיכערע ענדע צו זיין פערצווייפעלטער לאַגע", האָבען זיי געזאָגט.

דעם 5טען דעצעמבער 1757 האָט זיך אָנגעהויבען די בעריהמטע שלאַכט ביי לייטהען. די בעפעהלען, וואָס דער קעניג האָט געגעבען

וועגען דיזען שטרייט, זיינען געווען אויסגעצייכענט. דיזע בעפעהלען זיינען ערפילט געוואָרען מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט. דער קעניג איז גראַדע פון פריהערדיגע צייטען געווען זעהר גוט בעקאַנט מיט די פּאָזיציאָנען פון דעם אָרט, וואו די שלאַכט איז פּאָרגעקומען, און דאָס האָט איהם זעהר פיעל געהאָלפען. די שלאַכט איז געווען פוןביידע זייטען אַ בלוטיגע, אָבער דער קעניג האָט געפיהרט דעם שטרייט אַזוי קונציג, דאָס ער איז צום גרויסען ערשטוינען פון פיעלע גרויסע סטראַטעגיקער אַרויס דער זיגער.

אין דיזען שטרייט האָבען די פּרייסען פערלאָרען 6,000 מאַן טויטע און פערוואונדעטע, און די עסטרייכער 7,000 מאַן טויטע און פערוואונדעטע, 21,000 געפאַנגענע און 51 פאָהנען. איין גרענאַדיר האָט פון גרויס שמחה אָנגעהויבען צו זינגען דאָס ליד „נון דאַנקען אַלע גאָט“, און באַלד האָבען מיט איהם אָנגעהויבען זינגען טויזענדער אַנדערע סאָלדאַטען. די רעזולטאַטען פון דיזען זיג זיינען געווען אויסערגעוועהנליך. ברעסלאַו האָט זיך באַלד אונטערגעגעבען מיט'ן גאַנצען גאַרניזאָן פון 15,000 סאָלדאַטען, און אין אייניגע טעג האָט זיך דער קעניג געפונען אין אַ זיכערער בעהערשונג פון שלעזיען. נאָר שווידניטץ איז נאָך געווען אין די הענט פון די עסטרייכער. פון די 90,000 סאָלדאַטען, וואָס עסטרייך האָט געהאַט אויף'ן שלאַכטפעלד, זיינען קוים 37,000 געקומען ענטמוטיגע צום בעהמישען גרענעץ.

אָבער אויך דיזער זיג האָט נאָך די לאַגע פון פריעדריך דעם 2טען ניט אין גאַנצען פערבעסערט. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1758 איז זיין לאַגע נאָך אַלץ ניט געווען גלענצענד. די בעסטע סאָלדאַטען זיינען אָדער געפאַלען אויף די שלאַכטפעלדער אָדער צושטאָרבען פון פערשיידענע קראַנקהייטען. די קאַסע פון דער מדינה איז געווען לעער. איבערהויפּט איז איהם געווען שווער צו געפינען פּאַסענדע פּערזאָנען אויסצופילען די שטעלעס פון די געפאַלענע טיכטיגע אָפיצערען. אום צו צאָהלען די טרופּען רעגעלמעסיג זייער געהאַלט, איז דער קעניג געווען געצוואונגען צו מאַכען ערגערע מינצען. פון 4 מיליאָנען טהאַלער האָט ער געמאַכט 12 מיליאָנען. אָבער דער טהאַלער האָט אָנגעוואָרען זיין ווערט, אַזוי דאָס פיר אַ דוקאַט האָט מען געגעבען 9 פון די נייע טהאַלערס, אַנשטאַט וואָס פון די אַלטע טהאַלערס האָט מען פיר איין דוקאַט געגעבען נאָר 3. דורך דיזען מיטעל און מיט דער הילף פון דער סובסידיע (הילפסגעלט) פון 4 מיליאָנען טהאַלער יעהרליך, וואָס די ענגלישע רעגירונג פלעגט צושיקען, האָט זיך די קאַסע פון דעם שטאַאַט עטוואָס אָנגעפילט. אויך איז צוגעקומען אַ נייע הילפס־אַרמעע פון ענגלענדער פון האַננאָווער, אָבער דיזען מאָל אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם

זעהר געשיקטען און פעהיגען קאָמאַנדיר פ ע ר ד י נ א נ ד פ ו ן ב ר ו י נ-ש ו ו י י ג.

דיזער טיכטיגער קאָמאַנדיר האָט אין אָנפאַנג פון יאָהר 1758 געהאַט אַ גלענצענדען זיג איבער די פראַנצויזען, וועלכע ער האָט שטאַרק צוקלאַפּט ביי ק ר ע פ ע ל ד. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט פריעדריך שטאַרק געליטען פון דער רוסישער אַרמעע, וועלכע האָט אונטער דעם גענעראַל פ ע ר מ אָ ר איינגענומען דאָס גאַנצע קעניגרייך פּרייסען, און האָט זאָגאַר געצוואונגען אַלע בעאַמטע צו שווערען טרייהייט און געהאָרזאַמקייט צו דער קייזערין עליזאַבעטה.

פריעדריך האָט אין פריהלינג פון יאָהר 1758 עראָבערט שווייַדניטץ און האָט דאַן בעלאַגערט אָלמיטץ. ער האָט אָבער אין זומער געמוזט אויפ-געבען די בעלאַגערונג פון אָלמיטץ און מאַרשירען צוריק נאָך שלעזיען. די-זער צוריק-מאַרש איז בעריהמט אין דער געשיכטע פון קריגס-קונסט אַלס אַ מייסטער-שטיק פון סטראַטעגיק. היר אין שלעזיען האָט ער בעקומען זעהר שלעכטע ידיעות פון דער אַטאַקע פון די רוסען אויף קיסטרין, וועלכע זיי האָבען פערוואַנדעלט אין אַש. דער קעניג האָט זיך געאיילט צו קומען די ליידענדע צו הילף. ביי צ אָ ר נ ד אָ ר ף האָבען זיך די פיינד בעגעגענט. די פּרייסען האָבען אפילו געזיגט, אָבער דער זיג האָט זיי געקאָסט גרויסע אָפּפער; זיי האָבען פערלאָרען איבער 12,000 מאַן, און זיי זיינען אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרען, דאָס זיי האָבען זיך ניט געקענט בענוצען מיט זייער זיג.

באַלד נאָכדעם האָט דער קעניג געמוזט איילען נאָך זאַקסען, וואו זיין ברודער היינריך האָט געפאָדערט הילף געגען דאון און די עסטרייכישע אַרמעע. דאון האָט דעם קעניג פערשטעלט דעם וועג נאָך זאַקסען. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי ה אָ כ ק י ר ך, אין וועלכער דער קעניג האָט פערלאָרען, ווי אַלע זיינע גענעראַלען האָבען איהם פאָרויסגעזאָגט און האָבען איהם געוואָרנט. 9,000 מאַן זיינען דאַמאָלס געפאַלען אַלס אָפּפער פון דעם קעניג'ס עקשנות. אויך איינינע טיכטיגע אָפיצערען האָבען אין דיזער שלאַכט פערלאָרען זייער לעבען.

די קלעפּ, וואָס פריעדריך דער 2טער האָט זעהר אָפט געליטען, האָבען אָפּגעשוואַכט זיין צוטרויען אין זיין קראַפט, און ער האָט אָנגעהויבען זוכען אַנצופאַנגען פריעדענס-פערהאַנדלונגען. אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען, און ער האָט זיך געפונען געצוואונגען אונטערצונעהמען אַ פערטען פעלדצוג. די אומשטענדען זיינען אָבער געווען זעהר ניט גינסטיג, און דערצו האָבען גע-

פעהלט די געלט־מיטלען. דער קעניג האָט געמוזט אָנפילען די אַרמעע מיט אונגעאיבטע רעקרוטען אָנשטאָט די געפאַלענע געאיבטע קריגער, און די מיטלען צו אונטערהאַלטען די אַרמעע זיינען געווען זעהר בעשרענקט, און אויך דיזע האָט ער געמוזט אויספרעסען פון פאָלק דורך שווערע אָפּגאַבען. דאַגעגען מאַריאַ טהערעזיאַ האָט געהאַט שטיצע פון אַלע זייטען אין געלט און אין קריגער. אויך די רוסישע קייזערין האָט צוגעשיקט אַ פרישע אַרמעע אונטער גענעראַל סאַלטיקאָוו צו בענייען דעם שטרייט געגען פּריי- סען און געווינען צוריק וואָס די רוסען האָבען פערלאָרען אין דעם שטרייט ביי צאָרנדאָרף.

דער פּלאַן פון דער מלחמה פיר דאָס יאָהר 1759 צווישען די פעראיי- ניגטע מלוכות געגען פּרייסען איז געווען, דאָס עסטרייך און רוסלאַנד זאָלען צוזאַמען אָפּנעהמען שלעזיען פון פּרייסען. עס זיינען צווישען די ביידע געגנער פאָרגעקומען קליינע שלאַכטען, און אין אַלע האָבען די פּרייסען גע- האַט די מפּלה. דעם 12טען אויגוסט איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועל- כער דער קעניג האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע ביי קונערס- דאָרף. געגען 70,000 מאַן פון די פערבינדעטע האָט דער קעניג געקענט ארויסשטעלען ניט מעהר ווי 48,000 קריגער. דער רעזולטאַט פון דיזען שטרייט פיר פּרייסען איז געווען, דאָס די גאַנצע אַרמעע איז צופאַלען גע- וואָרען און די קאַנאָנען זיינען פערלאָרען געגאַנגען און עס האָט אויסגע- וויזען, דאָס עס איז שוין אונמעגליך צו רעטען די הויפּטשטאָדט און דאָס קעניגרייך. דער קעניג זעלבסט האָט געשריבען צו זיינען אַ פריינד פאָל- גענדע ווערטער: „פון אַן אַרמעע פון 48,000 מאַן האָבען איך אין דיזען אויגענבליק קוים 3,000. אַלעס לויפט, און איך בין ניט הערר איבער מיינע לייט. בערלין וואָלט זעהר גוט געטאָן, ווען זי וואָלט זיך יעצט גענומען טראַכטען וועגען איהר זיכערקייט. דאָס איז אַ שרעקליכע ענדערונג פון גליק צו אונגליק. איך קען עס ניט איבערלעבען. די רעזולטאַטען פון דער שלאַכט וועלען זיין פיעל ערגער ווי די שלאַכט זעלבסט. איך האָב ניט יעצט מעהר קיין הילפס־קוועלע. אום ניט צו זאָגען אַ ליגען מוז איך צוגעבען, דאָס אַלעס איז פערלאָרען. איך וועל ניט איבערלעבען דעם חורבן פון מיין פאָטערלאַנד".

און ווירקליך, די פאָלגען פון דער שלאַכט זיינען געווען שרעקליך. דרעזדען האָט זיך אונטערגעגעבען; 10,000 פּרייסען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פינק האָבען געמוזט ביי מאַקסען איבערגעבען דעם פיינד די וואַפען, און 3,000 האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען ביי מייססען.

צום גליק פון קעניג האָבען די רוסען ניט פערגונען עסטרייך דעם זיג, און האָבען ניט געוואָלט פערכאַפּען די מאַרק, וועלכעס איז זיי געווען זעהר לייכט צו טאָן, און האָבען דערמיט געגעבען דעם קעניג די מעגליכקייט צו געווינען צייט און צו ערהאַלטען זיך פון די אונגליקען, וואָס האָבען איהם גע-טראָפען. דער קעניג האָט זיך אין דער צייט פעראייניגט מיט זיין ברודער היינריך, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איניגע זיגען אין שלעזיען; אויך דער הערצאָג פערדינאַנד פון ברוינשווייג האָט ערהאַלטען אַ גלענצענדען זיג ביי מינדען, און האָט צוגעבראַכט צום קעניג פריעדריך דעם 2טען אַן אַרמעע פון 12,000 מאַן.

דאָס יאָהר 1760 האָט זיך אָנגעהויבען פיר פּרייסען מיט נייע מפּלות. די שלעזישע אַרמעע אונטער פוקע איז ביי לאַנדעסהוט שרעק-ליך צושלאָגען געוואָרען פון אַ פיעל גרעסערער אַרמעע אונטער דער פיהרונג פון לודאָן. די עסטרייכער האָבען נאָכדעם בעלאַגערט די פעסטונג גלאַטץ. אום צו רעטען דיזען וויכטיגען פּלאַץ, וועלכער איז דער שליסעל צו גאַנץ שלעזיען, האָט פריעדריך אַליין געמוזט קומען מיט זיין אַרמעע נאָך שלעזיען, און מיט זעהר קלוגע איינפאַלען האָט דער קעניג געוואונען די שלאַכט ביי ליעגניטץ געגען דריי עסטרייכישע אַרמעען און איין רוסישער. דיזער זיג איז געווען איינער פון די שענסטע אין דעם גאַנצען קריג. דער-ווייל האָבען די רוסען בעלאַגערט בערלין און האָבען זי איינגענומען. מיט גרויס שוועריגקייט איז עס געלונגען די איינוואוינער ניט צו דערלאָזען די זיגער צו בערויבען די שטאָדט. אונערוואַרטעט איז אָנגעקומען פריעדריך. דער פּלוצלינגער אויסגעשריי „פריעדריך קומט!“ האָט אָנגעוואָרפען אויף דעם שונא אַ שרעק. און די רוסען, וועלכע האָבען שוין געהאַט איינגענומען פון איניגע פון די איינוואוינער אַ קריג־שטייער פון 1½ מיליאָן טהאַלער, זיינען גלייך אַוועק פון בערלין.

אַ זעהר שווערע אויפגאַבע איז געווען פיר פריעדריך'ן צו עראָבערן צו-ריק זאַקסען, ווייל דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפונען אין די הענט פון דעם פיינד, און דאָרט איז געשטאַנען זעהר פעסט ביי טאָרגאַו. הגם עס איז יעצט געווען פיר פריעדריך'ן אַ גרויסע ריזיקע צו שטרייטען, האָט ער דאָך בעשלאָסען דאָס צו טאָן, ווייל קיין אַנדערען וועג האָט ער ניט געהאַט צו רעטען דיזע פּראָווינץ. עס איז פאָרגעקומען ביי זיפּטיטץ אַ שרעק-ליכע שלאַכט, איינע פון די שרעקליכסטע, מיט וועלכע דער 7־יעהריגער קריג איז בעריהמט, און דער בעריהמטער גענעראַל ציעטהען האָט דעם פיינד בעזיגט, און די פּרייסען האָבען ווידער געקענט מאַכען זאַקסען פיר זייער

ווינטער־קוואַרטיר. אָבער די אַלגעמיינע לאַגע האָט זיך דערמיט ניט פיעל געבעסערט.

דאָס יאָהר 1761 האָט זיך אָנגעהויבען פיר דעם קעניג פריעדריך דעם 2טען מיט זעהר טרויעריגע אויסזיכטען. ערסטענס, האָט ענגלאַנד אויפ־געהערט צו געבען צו שטייער אויף די קריגס־קאָסטען (4,000,000 טהאַלער א יאָהר). ער האָט געמוזט טאָן אַזעלכע זאַכען, וועלכע האָבען איהם צו דעם קריג געבראַכט זעהר וועניג נוצען: ער האָט מאָביליזירט זיין אַרמעע אַהין און אַהער, האָט געמאַכט געשיקטע מאַנעווערעס און האָט זיך בעפעס־טיגט אין געוויסע פּונקטען. אָבער דאָס איז אַלעס געווען נאָר אום צו פער־בלענדען דעם פיינד די אויגען, צו מאַכען איהם גלויבען, דאָס ער גרייט זיך צו צו עטוואָס, אום ער זאָל זיך שרעקען און שטעהן אויף דער וואַך. דער פיינד אָבער האָט פערשטאַנען, דאָס פריעדריך איז שוואַך און געדריקט, און האָט געהאָפט איהם אין גאַנצען צו אונטערדריקען. אָבער דער שונא האָט געהאַט א גרויסען טעות. אַזוי האָט זיך פריעדריך געהאַלטען גאַנצע צוויי מאָנאַטען אין זיין פעסטען לאַגער ביי בונצעלוויטץ, ניט ווייט פון שווידניטץ, און די פעראייניגטע אַרמעע פון די רוסען און די עסטרייכער האָבען איהם ניט געוואַגט אָנצוגרייפען, הגם זיי האָבען געוואוסט, דאָס זיין מאַכט איז ניט גרויס.

אָבער נאָך אַלע אָנשטרענגונגען איז געווען אָפּענבאַר, וואָס פריעד־ריך'ן שטעהט פאָר א טרויעריגען סוף. צום גליק האָט זיך געמאַכט א נייער אומשטאַנד, וועלכער האָט פּלוצלינג געענדערט זיין לאַגע פיעל צום גוטען און האָט איהם געפיהרט צו ערפאָלג. עס איז געשטאָרבען די רוסישע קייזערין עליזאַבעטה, וועלכע איז געווען פריעדריך'ס א גרויסער שונא, און אויף'ן רוסישען טראָן איז אַרויף פעטער דער 3טער, א פריינד און גרויסער פערעהרער פון פריעדריך'ן. פעטער האָט באַלד גע־שלאָסען פרידען מיט פריעדריך'ן (1762), האָט איהם צוריקגעגעבען אַלע פּראָווינצען, וואָס די רוסען האָבען פריהער פון איהם אָפּגענומען, און די 20,000 רוסען, וואָס זיינען געשטאַנען געגען איהם, האָט ער איבערגעגעבען צו איהם, זיי זאָלען איהם העלפען געגען זיינע פיינד. נאָכדעם האָט אויך שוועדען געשלאָסען פרידען מיט פריעדריך'ן. יעצט, אַז ער איז פון צוויי שונאים פּטור געוואָרען און האָט בעקומען רוסלאַנד'ס שטיצע, האָט פריעד־ריך אָנגעהויבען צו דענקען ווידער צו בעגייען דעם אָנגריפס־קריג. ער האָט געוואָלט נעהמען זיך ווידער צו ערָאבערן שווידניטץ. אָבער פּלוצ־לינג האָט ער ערהאַלטען די טרויעריגע נאַכריכט, דאָס פעטער דער 3טער

איז ערמאָרדעט געוואָרען פון זיין פרוי יעקאַטערינאַ דער 2טער. פריעדריך האָט גע'פועל'ט ביים רוסישען גענעראַל טשערנישעוו, אַז ער זאָל פערלייקענען די ידיעה דריי טעג, און אין דער צייט זאָלען איהם די רוסען העלפען אין זיין שטרייט מיט די עסטרייכער ביי בורקערסדאָרף, און מיט דער הילף פון די רוסען האָט ער דעם שטרייט געוואונען.

דיזעס איז געווען דער לעצטער זיג אין דיזען לאַנגען 7־יעהריגען קריג. אַלע מעכטען האָבען אָנגעהויבען צו פערלאַנגען פרידען. דעם 10טען פעברואַר איז אין פּאַריז געשלאָסען געוואָרען פרידען צווישען פראַנקרייך, ענגלאַנד, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. דיזעס האָט פעראורזאַכט, דאָס אויך מאַריאַ טהערעזיאַ האָט אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען וועגען פרידען. דעם 15טען פעברואַר 1767 איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען פרידען צווישען עסטרייך, פּרייסען און זאַקסען. מאַריאַ טהערעזיאַ האָט זיך ענטזאַגט פון שלעזיען, פון דער גראַפשאַפט גלאַטץ און פון די פעסטונגען וועזעל און געלדערן, און דער קורפירסט פון זאַקסען, קעניג אוגוסט דער 3טער, האָט זיך צוריקגעקעהרט פון פּוילען אין זיין לאַנד.

דער לאַנג־יעהריגער קריג האָט זיך ווי עס איז געענדיגט. דער פּאָליטישער ערפאָלג פון פּרייסען איז געווען אויסערגעוועהנליך. דער גרויסער קורפירסט האָט געמאַכט פון בראַנדענבורג, פון אַ דייטשער טעריטאָריע, אַן אייראָפּעאישע מאַכט. די ליידען פון דיזען קריג זיינען געווען די געבורטס־וועהען, וועלכע האָבען אַרויסגעבראַכט די פּרייסישע גרויסקייט. די פעלקער, פערשטעהט זיך, האָבען געמוזט טראָגען אויף זייערע פּלייצעס די אונגעהייערע קאָסטען פון דיזען קריג. הונדערטער טויזענדע נפשות האָבען פערלאָרען זייער לעבען אין דיזען קריג; פראַנקרייך אַליין האָט דער קריג געקאָסט 677 מיליאָנען פראַנקס. דיזע סומע איז פיר יענע צייט געווען אונגעהייער גרויס. וואָלטעיר בעהויפּטעט, דאָס דיזער בונד, וואָס פראַנקרייך האָט געשלאָסען מיט עסטרייך, האָט איהר אין די 6 יאָהר געקאָסט מעהר געלט און מענשען, ווי עס האָבען איהר געקאָסט אַלע קריגען מיט עסטרייך אין פערלויף פון 200 יאָהר.

ניט וועניגער טרויעריג איז עס געווען אין די דייטשע לענדער, איבערהויפּט אין די, וועלכע האָבען געמוזט נעהמען אָנטייל אין קריג. גאַנצע פּראָווינצען זיינען פערוויסטעט געוואָרען, אין פיעלע געגענדען איז אויף די פעלדער ניט געבליבען קיין שפּור, וואָס זאָל ווייזען, דאָס זיי זיינען ווען עס איז געווען בעאַרבייט. איבעראַל האָבען געפעהלט מענשען צו בעלעבען דעם אַקערבוי און פיה־צוכט. שרעקליכער פון אַלע אַנדערע דייטשע לענדער

האָט געליטען זאַקסען, ווייל די גאַנצע צייט פון קריג איז זי געווען דער שוי-פּלאַץ פון קאַמף און איז אימער געווען בעזעצט מיט סאָלדאַטען, וועלכע די איינוואוינער האָבען געמוזט ערנעהרען. דערצו האָט זי געמוזט ליפערן זעהר פיעלע סאָלדאַטען צום קריג. דיזעס האָט ערשעפּט די קרעפטען פון לאַנד. אויך דער פּרייסישער שטאַאט האָט זעהר פיעל געליטען פון קריג. עס איז ניט געווען קיין איינציגע פּרייסישע פּראָווינץ, וועלכע דער פיינד האָט ניט בעזוכט און ניט פערוויסטעט, וועלכע איז ניט געווען דער שויפּלאַץ פון בלוטיגע שלאַכטען.

## ז. די ערסטע צוטיילונג פון פוילען.

איידער מיר ווילען איבערגעהן צו דער אינערער געשיכטע פון דער רע-גירונג פון פריעדריך דעם 2טען, מוזען מיר נאָך בעריהרען די צוטיילונג פון פוילען, א בעגעבענהייט, וועלכע ריהרט אָן די וועלט נאָך יעצט, הונדערט יאָהר נאָך דעם, ווי זי האָט פּאַסירט.

אין יענער צייט איז נאָך געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער פּוילישער רעגירונג אַן ערוועהלטער קעניג, אָבער פון דער קעניגליכער מאַכט איז שוין דאָן געבליבען ניט מעהר ווי א שאָטען. די רעגירונגס־מאַכט האָט זיך באמת געפונען אין די הענט פון דעם אדעל און די גייסטליכע. יעדער נייער הער-שער אין פּוילען האָט ביי זיין טראָן־בעשטייגונג געמוזט שליסען א פער-טראַג מיט דעם גרויסען אדעל וועגען די רעכטען, וואָס דער אדעל מוז האָ-בען אין דער רעגירונג, און וועגען זיינע פליכטען צום קעניג. דיזע פליכטען אָבער פלעגען פון דער זייט פון אדעל זעהר אָפט ניט ערפילט ווערען.

דער קעניג אַליין האָט ניט געהאַט קיין רעכט אריינצומישען זיך אין די שטאַאטס־געשעפטען אָהן דער ערלויבנים פון אדעל. אַלעס איז פער-האַנדעלט געוואָרען אויף'ן יעהרליכען רייכסטאַג, אין וועלכען נאָר דער אדעל און די גייסטליכע האָבען געקענט נעהמען אַן אָנטייל. יעדער איינציגער אַדעלמאַן האָט געהאַט דאָס רעכט צו פּראָטעסטירען געגען וועלכען עס איז בעשלוס פון גאַנצען רייכסטאַג, און זיין פּראָטעסט איז געווען גענוג צו פער-וואַרפען דעם בעשלוס פון אַלע מיטגלידער פון רייכסטאַג. (דיזעס רעכט האָט געהייסען **liberum veto**, ד. ה. פרייער פּראָטעסט.) עס פערשטעהט זיך, דאָס דער פּוילישער רייכסטאַג האָט זעהר זעלטען געקענט דורכפיהרען זיינע בעשלוסען. דער אויסדרוק „פּוילישער רייכסטאַג" איז געוואָרען א שפּריכוואָרט, וועלכעס בעדייט א פערזאַמלונג, אין וועלכער עס הערשען די גרעסטע אונאָרדנונג און צאַנקערייען.

די מאַכט פון אַדעל איז מיט אַזאַ אופן געווען אונבעשרענקט, ווייל קיין מיטעלע קלאַס, אַ בירגערטום, איז אין פוילען ניט געווען. עס זיינען דאָ נאָר געווען צוויי שטאַנדען: די אַדעליגע און זייערע לייבאייגענע, וועלכע אַלס שקלאַפען האָבען ניט געהאַט אין דער רעגירונג קיין דעה. נאָר אין די לענדער, וואו עס האָבען זיך אויסגעבילדעט מעכטיגע שטעדט מיט אַ בירגער־שטאַנד, נאָר דאָרט איז די קעניגליכע מאַכט ניט אַזוי נידריג און טיף געזונקען. נאָר דאָס אַבסאָלוטע קעניגטום האָט געהאָלפען דעם בירגער־שטאַנד צו ענטוויקלען זיך און ווערען אַ מאַכט, עס איז געווען דער אויסדרוק פון אַ גלייכגעוויכט צווישען דעם אַדעל און דעם בירגערטום. דער אַלגעמיינער גאַנג פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג פון די אייראָפּעאישע פעלקער איז: דאָס פעאָדאַל־סיסטעם מיט אַ קעניג לפנים און די הערשאַפט פון דער אַריסטאָקראַטיע, דערנאָך די אַבסאָלוטע הערשאַפט פון קעניג מיט אַ בירגער־שטאַנד, און דאַן אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע. דאָס שיינקעניגטום (אַ קעניג נאָר לפנים) איז דאָס איבערגעוויכט פון די פעאָדאַל־הערען, פון דער אַריסטאָקראַטיע; דער אַבסאָלוטיזם בילדעט דאָס גלייכגעוויכט צווישען בירגערטום און אַדעל; און די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע איז די הערשאַפט פון בירגערטום.

הגם פוילען, נאָך אַלע איהרע פערלוסטען פון לענדער צו רוסלאַנד, שוועדען און בראַנדענבורג, האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ שטח פון 13,500 קוואַדראַט־מיילען, און האָט נאָך געהאַט אַ דעה אין דער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַטיע, איז איהר לאַגע דאָך שוין געווען אַ קלאָגעדיגע. אין דער צייט פון דעם 7־יעהריגען קריג זיינען דורכגעגאַנגען דורך פוילען טרופּען פון ביידע קריגערישע פיינד און האָבען דאָרט געבושעוועט און געמאַכט שרפות, און די פוילישע רעגירונג איז ניט געווען אין שטאַנד צו פּראָטעסטירען. ניט דער אַדעל און ניט דער קעניג האָבען זיך וועגען דעם געקימערט. דער קעניג אוגוסט דער 3טער האָט זיך אין ווארשא איבערגעגעבען צו אַלע פערגניגענס פון לעבען, ווערענד זיין אייגענעם לאַנד, זאַקסען, האָט געבלוטעט פון טויזענדער וואונדען.

מיט דיזען צושטאַנד אין פוילען האָבען זיך די פרעמדע מעכטען בענוצט און האָבען אָנגעהויבען אריינצומישען זיך אין איהרע אַנגעלעגענהייטען. נאָך דעם טויט פון אוגוסט דעם 3טען האָבען זיך אָנגעהויבען אין פוילען נייע שטורמס וועגען די וואַהלען פון אַ נייעם קעניג, און דיזע שטורמס האָבען געעפענט טיר און טויער פיר אויסלענדישע אינטריגעס. רוסלאַנד און פּרייסען האָבען זיך ביידע פעראייניגט מיט׳ן צוועק אָפּצורייסען פון פוי־

לען שטיקער לאַנד. זיי האָבען ביידע איינגעשטימט, דאָס דער ניי=ערוועהל-
טער קעניג זאָל זיין סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, וועל-
כער איז געוועזן דער געליבטער פון דער רוסישער קייזערין; דורך דעם איינ-
פלוס פון דיזע צוויי מעכטען — רוסלאַנד און פּרייסען — איז ער ערוועהלט
געוואָרען אַלס קעניג פון פּוילען (4טען סעפּטעמבער 1763).

מען האָט קלאָר אַרויסגעזעהען, וואָס די פרעמדע מעכטען ווילען מיט
זייער אַריינמישען זיך אין די פּוילישע אַנגעלעגענהייטען. די פּאָליאַקען האָ-
בען דאַמאָלס געוואָלט אונטערנעהמען אַ רעפאָרמע אין זייער קאָנסטיטוציאָן.
דאָס האָט ניט געלוינט פיר רוסלאַנד, האָט זי געהייסען איהר געזאַנדטען אין
וואַרשא רעפּנין פּראָטעסטירען געגען דעם. דער רוסישער געזאַנדטער איז
געוואָרען, לויט דעם וואונש פון זיין רעגירונג, דיקטאַטאָר אין פּוילען, און
אין נאָמען פון זיין קייזערין האָט ער זיך גענומען בעשיצען פּוילען. שוין
דאַמאָלס האָט פּוילען געמוזט אָפּגעבען אַ שטיק לאַנד צו רוסלאַנד, אום
אויסצוגלייכען איהרע גרענצען.

אויך פּרייסען האָט געזוכט מיטלען אַרויסצורופען אין פּוילען אונאָרד-
נונגען. צוליב די רייסערייען צווישען די פערשיידענע פּאַרטייען אין פּוילען
און צוליב דער פּעסט, וואָס האָט דאַמאָלס געבושעוועט, האָבען די פּרייסען
געהאַט אַן אורזאַך צו שיקען פיעל מיליטער צו די פּוילישע גרענצען. עס
פערשטעהט זיך פון זיך זעלבסט, דאָס דיזעס איז נאָר געווען אַ מאַסקע צו
פערדעקען דעם וואונש אָפּצורייסען פון פּוילען אַ שטיק לאַנד. דער פּרינץ
היינריך פון פּרייסען איז פּערזענליך געפאָהרען נאָך פּעטערבורג, און פון
דיזער צייט אָן האָבען די אונטערהאַנדלונגען צווישען פּרייסען און רוסלאַנד
אָנגענומען אַ בעשטימטען כאַראַקטער. רוסלאַנד האָט דאַמאָלס געפיהרט
קריג מיט טערקיי, און עסטרייך איז געווען ענטשלאָסען צו זיין אויף דער
זייט פון טערקיי. דיזעס האָט פעראורזאַכט, דאָס פּרייסען זאָל זיך ערקלע-
רען פיר פּעטערבורג. אום אָבער אויסצומיידען אַ קריג האָט פּרייסען דורכ-
געפיהרט דעם פּלאַן, דאָס רוסלאַנד זאָל אָפּגעבען צוריק צו עסטרייך די פּראָ-
ווינצען מאָלדאַוויאַ און וואַלאַכיאַ, וועלכע זי האָט אַ ביסעל פריהער ער-
אָבערט פון עסטרייך, און דערפאַר זאָל זי בעקומען אייניגע פּוילישע פּראָ-
ווינצען. דעם 17טען יאַנואַר 1772 איז בעשלאָסען געוואָרען צווישען רוס-
לאַנד און פּרייסען, וועלכע ענדערונג עס זאָל געמאַכט ווערען אין די גרענצען
צווישען רוסלאַנד און פּוילען און צווישען פּרייסען און פּוילען, דאָס הייסט,
ביידע מדינות האָבען אָפּגעריסען פיר זיך שטיקער פון פּוילען. עסטרייך
האָט ניט געוואָלט נעהמען אַ טייל אין דער חלוקה, אָבער רוסלאַנד און פּריי-

סען האָבען איהר געגעבען אַ ברירה: אָדער צושטעהן צו זיי, אָדער קריג. עסטרייך האָט געמוזט צושטעהן צו דער חלוקה.

אין אויגוסט 1772 האָבען די מיניסטאָרען פון די דריי מעכטען: עסט-רייך, פּרייסען און רוסלאַנד, פּראָקלאַמירט, וועלכע לענדער פון פּוילען עס געהען איבער צו רוסלאַנד, וועלכע צו פּרייסען, און וועלכע צו עסטרייך. נעמליך: רוסלאַנד האָט בעקומען ליטא, עסטרייך — גאַליציען און לאָדאָ-מיריען, און פריעדריך דער 2טער — וועסט-פּרייסען, אָדער פּויליש-פּרייסען. דאָס אורשפּרינגליכע, ריכטיגע לאַנד פּרייסען האָט בעקומען דעם נאָמען „אָסט-פּרייסען".

אין דיזער חלוקה האָט פּוילען פערלאָרען 7,000 קוואדראַט-מיילען. דער פּוילישער קעניג סטאַניסלאַוו און דאָס לאַנד, וואָס מען האָט איהם אי-בערגעלאָזען, זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען אָהן קיין שום אכטונג. מען האָט דעם קעניג נאָר געגעבען צו וויסען פון דיזער חלוקה, און מען האָט פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל אויסווירקען פון פּוילישען רייכסטאַג אַ צושטימונג. סטאַניסלאַוו האָט אפילו פּראָטעסטירט געגען דיזען אונרעכט, אָבער קיינער האָט איהם ניט געהערט. אויך דער רייכסטאַג האָט פּראָטעסטירט געגען דעם, אָבער עס האָט איהם גאָרניט געהאָלפען. די חלוקה איז געמאַכט גע-וואָרען. אייניגע פון די מיטגלידער פון רייכסטאַג זיינען אונטערגעקויפט געוואָרען און אַנדערע האָט מען אָנגעזאָגט מיט'ן הארבען וואָרט זיי זאָלען שווייגען, ווען ניט וועלען זיי מאַכען ערגער. און דער פּוילישער רייכסטאַג האָט געגעבען זיין הסכמה אויף דיזע גוואַלדטאַט.

פון קיין איירָאָפּעאישער מאַכט איז ניט געהערט געוואָרען קיין שום פּראָטעסט געגען דעם גרויסען אונרעכט, וואָס מען האָט געטאָן צו פּוילען, אַן אונרעכט, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכען אין דער געשיכטע. קיין פערטיידיגונג קען ניט אָפּווישען דעם שאַנד-פלעק פון די פעלקער, וועלכע האָבען צוגעזעהען אַזאַ אונרעכט געגען פעלקער-רעכט און האָבען געשוויגען. פיר פריעדריך דעם 2טען האָבען די היסטאָריקער געפונען אַ פערטיידיגונג, דאָס די איינוואוינער פון די פּראָווינצען, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען אונטער זיין שוץ, זיינען געקומען אונטער איהם צו אַ פיעל בעסערען צושטאַנד, ווי אונטער דער פּוילישער רעגירונג. אַ בילד פון דעם היסטאָריקער גוסטאַוו פרייטאַג וועגען דעם צושטאַנד פון די פּוילישע איינוואוינער, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען צו פּרייסען, בעשטעטיגט דיזע בעהויפּטונג.

„די מעהרצאָהל פון די דאָרף-בעוואוינער — זאָגט פרייטאַג — האָבען זיך געפונען אין אַ זעהר טרויעריגער לאַגע. זיי זיינען געזעסען אין אַלטע

האלב־פערוויסטע הייזלאַך מיט צוריסענע שטרויענע דעכער. די פעלדער זיינען געווען ווייניג בעארבייטו, זעלטען ווען מען האָט געזעהען ערגעץ־וואו א גאָרטען אָדער א בוים. די הייזלאַך זיינען געווען זעהר איינפאַך פון קלע־צער בעשמירט מיט לעהם. אין שטוב איז מען גלייך אריין פון דער גאַס־טיר. אין שטוב איז געשטאַנען א גרויסער אויווען אָהן א קוימען. פון אזעלכע אויוועגס ווי די, וואָס ווערען געברויכט איבעראל, האָבען זיי ניט געוואוסט. קיין ליכט האָבען זיי ניט געברויכט, נאָר שפּענדלאך פלעגען א ביסעל בעלייכטען זייער פינסטערנים אין די לאַנגע ווינטער־נעכט. דאָס פּאָלק האָט געלעבט זעהר שמוציג, האָט זיך געשפּייזט מיט א זופּ פון קאָרן־מעהל מיט וואסער, זעהר אָפט פון פערשיידענע גראָזען, אויסער דעם איז



דער פוילישער רייכסטאַג אין זיין גליקליכסטער צייט.

הערינג געווען ביי זיי די בעסטע שפּייז. אלע, מענער און פרויען, האָבען געטרונקען בראַנפען. פון ברויט האָבען זיי כמעט ניט געוואוסט; פיעלע האָבען כמעט זייער גאַנצען לעבען ניט געזעהען אזא מין נאַשעריי ווי ברויט. זעלטען ווען מען האָט געזעהען אין א דאָרף א באַק־אויווען. ווען א דאָרפס־מאַן, א בויער, האָט געהאַט אַן אייגענעם בינשטאָק, האָט ער אליין קיינמאָל ניט געגעסען פון דעם האָניג, נאָר ער האָט דאָס פערקויפט אין שטאָדט. איי־ניגע פלעגען מאַכען הילצערנע לעפעל און ברייגגען זיי אין שטאָדט פער־קויפען, און קויפען דערפאַר רויטע קאָפּ־טיכלאַך פיר די פּויערטעס. מען האָט פון זיי זעלטען געהערט א ליד, עטוואָס מוזיק, מען האָט זיי זעלטען

געזעהען טאַנצען. דאָס פאָלק האָט פון צרות געטרונקען שלעכטע בראַנפען און האָט זיך געוואַלגערט אין שמוץ פון שכרות".

„אויך א גרויסער טייל פון דעם פוילישען אדעל, וואָס האָט געוואוינט אויף'ן לאַנד, האָט געפיהרט א זעהר מיזעראַבעלעס לעבען. ער האָט אליין געפיהרט דעם פלוג (די סאָכע), אין הויז איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן אין היל-צערנע פאַנטאָפעל, קיין דילען (פאָדלאָגע) זיינען אין הויז ניט געווען. פריעד-ריך דער 2טער האָט געוואָלט בריינגען דעם פאָלק עטוואָס נוצען און פער-שאפען איהם א בעסערעס לעבען, אָבער עס איז איהם אָנגעקומען זעהר שווער. נאָר די קאַרטאָפעל האָט ער גיך אייגעפיהרט אין די דערפער. פון פרוכט־בוימער האָט דאָס פאָלק ניט געוואָלט וויסען און האָט זיי צו-שטערט. דער קעניג האָט געוואָלט איינפיהרען אַנדערע קולטור־זאַכען, אָבער דאָס פאָלק האָט קיין נייערונג ניט געוואָלט אָננעהמען. דאָס זעלביגע איז געווען צו בעמערקען אין די גרענעץ־שטריכען מיט פוילישער בעפעלקערונג, אָבער די עכט־פוילישע בויערן האָבען אין זייער אָרימקייט און אונאָרדנונג וועניגסטענס בעהאַלטען דעם ריהרעוודיגען כאַראַקטער פון זייער שטאַם".

„אויך די גיטער און די געביידעס פון די גרעסערע אדעללייט זיינען גע-ווען אין א זעהר שלעכטען צושטאַנד. אין די דערפער איז ניט געווען קיין פאָסט; ווער עס האָט געהאַט נעטיג צו שיקען א בריף האָט געמוזט דינגען א שליח מיוחד צו דיזען צוועק. אמת, עס האָט זעהר זעלטען געטראָפען, דאָס זאָגאַר אַן אדעלמאַן זאָל ברויכען שיקען צו אימיצען א בריף, ווייל די אדעללייט האָבען זעלטען געקענט שרייבען. איז אימיצער געוואָרען קראַנק, האָט ער געמוזט אָנקומען צו די רפואות פון אַן אַלטער דאָרפס־פרוי. אַן אַפטייק איז ניט געווען אין גאַנצען לאַנד".

„האָט אימיצער געברויכט א ראָק האָט ער זיך אליין געמוזט נעהמען צו דער נאָדעל, ווייל פיעלע מיילען אַרום איז ניט געווען צו געפינען קיין שניידער. האָט איינער געוואָלט בויען א הויז, האָט ער געמוזט זוכען אַר-בייטער אין פרייסען. צו אַלעם דעם זיינען אין יענער צייט געווען אין יענע ערטער זעהר פיעלע וועלף, וועלכע האָבען אָנגעטאָן די דאָרפס־לייט גרויסע שאָדענס, און האָבען אויך צופרעסען פיעלע מענשען. דאָס פאָלק האָט מיט זיי געהאַט א שווערען קאַמף".

„האָבען זיך געמאַכט אין לאַנד פאָקען אָדער אַן אַנדער אָנשטעקענדע קראַנקהייט, דאַן זיינען גאַנצע געמיינדעס, גאַנצע דערפער אונטערגעגאַנגען און פערוויסט געוואָרען. דאָס פאָלק האָט געגען דעם גאָרניט געטאָן, עס האָט געדולדיג ערוואַרט דעם טויט. עס זיינען ניט געווען אין לאַנד קיין

געריכטס־הייזער, נאָר אין די גרויסע שטעדט האָבען זיך געפונען אַלט־מאָ־דישע געריכטס־הייזער. דער אַדעלמאַן, דער סטאַראָסטאַ זיינען געווען די איינציגע ריכטער, זיי האָבען בעשטראָפט וועמען זיי האָבען געוואָלט, פאַר־וואָס זיי האָבען געוואָלט און וויפיעל זיי האָבען געוואָלט. אַזוי האָבען זיי געהאַנדעלט ניט נאָר מיט'ן בויער, נאָר אויך מיט אַ בירגער, וואָס איז געווען אונטער זייער שוץ, אָדער וואָס איז אַריינגעפאַלען אין זייערע הענט. ווען עס איז איינעם אויסגעקומען צו האָבען אַ געשעפט אין געריכט, איז דאָס ערסטע און בעסטע מיטעל צו געווינען דעם פּראָצעס געווען בעשטעכונג, אונטערצוקויפען דעם ריכטער. שפּעטער האָט דאָס אויך אויפגעהערט, און זיי האָבען געזוכט זייער ראַכע מיט'ן אייגענעם פויסט, דורך איבערפאַל און בלוטיגע קלעפּ. דיזער טייל פון פּוילען איז דאַמאָלס געווען אַ פערלאָזענעם לאַנד, אָהן אַ געזעץ, אָהן אַ הערר, עס איז געווען אַ ווייסטע".

אין דיזען יאָמערליכען צושטאַנד איז עס ווירקליך געווען אַן ערלעזונג פיר דיזען טייל פון פּוילען צו קומען אונטער דער הערשאַפט פון די האָהענ־צאָללערן, וועלכע האָבען דאָרט באַלד אָנגעהויבען איינצופיהרען נייע אָרד־נונגען אום אויפצוהייבען דעם מאַטעריעלען און גייסטיגען צושטאַנד פון דער בעפעלקערונג. די פּרייסישע רעגירונג האָט דאָרט איינגעפיהרט גע־רעגעלטע שולען, לעהר־אַנשטאַלטען, האָט פערבעסערט די קאָמוניקאַציאָן (פערקעהר) צווישען דער בעפעלקערונג דורך די איינריכטונג פון גוטע וועגען און רעגעלמעסיגע פּאָסט־סטאַציאָנען. איבערהויפּט האָט די רעגירונג פיעל געטאָן צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון די בויערן, וועלכע זיינען דאָרט געווען לייבאייגענע. וועגען דעם וועלען מיר שפּעטער רעדען אַ בי־סעל מעהר אויספיהרליך.

אַזוי האָט פריעדריך דער 2טער ערוואָרבען אַ גרויסע פּראָווינץ אָהן שום בלוט־פערגיסונג, נאָר דורך זיין דיפּלאָמאַטיע. מיט דיזען וועג האָט ער שפּעטער ערוואָרבען נאָך אַ גרויסען טייל פון פּוילען, אַזוי דאָס פּרייסען איז געוואָרען אַ טעריטאָריע פון 3,588 קוואַדראַט־מיילען מיט אַ בעפעלקע־רונג פון 6,000,000 מענשען אַנשטאָט דעם, וואָס פריהער האָט זי געהאַט נאָר 2,000,000 מענשען.

אין די לעצטע יאָהרען פון זיין רעגירונג איז פריעדריך'ן אויסגעקומען צו פיהרען נאָך איין שטרייט, וועלכען ער האָט גיך געענדיגט. דיזער שטרייט איז געווען וועגען דעם באַיערישען טראָן. אין יענער צייט איז געשטאָרבען דער קורפירסט מאַקסימיליאַן יאָזעף, און דער קייזער האָט געוואָלט פער־איינינגען דעם באַיערישען טראָן מיט עסטרייך אום צו פערגרעסערן די מאַכט

פון די האבסבורגער. לויט די אַלטע אָפּמאַכונגען האָט דער טראָן בעדאַרפט איבערגעהן צום קורפירסט קאַרל טהעאָדאָר פון דער פפאַלץ. אָבער דער קייזער יאָזעף דער 2טער האָט געווירקט אויף'ן שוואַכען כאַראַקטער פון דיזען קורפירסט, אז ער זאָל אָנערקענען דאָס רעכט פון די האבסבורגער אויף באַיערן.

דיזע פערגרעסערונג פון דער טעריטאָריע פון די האבסבורגער האָט פריעדריך ניט געוואָלט דערלאָזען. ער האָט צוגעזאָגט זיין הילף צום הערצאָג קאַרל פון צווייבריקען, און האָט איהם ערמונטערט אַרויסצוטרעטען אַלס פּרעטענדענט אויף דעם באַיערישען טראָן; אָבער ווען דער עסטרייכישער קייזער האָט אויף דיזע פּרעטענזיע ניט געלעגט קיין געוויכט, האָט פריעדריך דער 2טער אַריינגעשיקט אַן אַרמעע אין בעהמען. אָבער די מעכטען האָבען ניט דערלאָזען צו אַ שטרייט און די זאַך איז געענדיגט געוואָרען פרידליך אין טעשען אין יאָהר 1779. לויט דיזען פרידען האָט דאָס פפאַלצישע הויז בעקומען באַיערן, עסטרייך האָט ערהאַלטען דאָס אינגפיערטעל מיט בראַונאַו, און פרייסען — די טראָן=ירושה פון די מאַרק=גראַפשאַפטען אַנסבאַך און באַירויטה.

יאָזעף דער 2טער האָט נאָך אַ מאָל געוואָלט ערווערבען באַיערן און האָט דערפאַר געוואָלט אָפּגעבען די עסטרייכער נידערלאַנדען, אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. אויף דיזען פּלאַן האָט דער פרייסישער קעניג פריעדריך דער 2טער צושטערט. ער האָט געמאַכט אַ בונד צווישען די פירסטען פון האננאָווער, קורזאַקסען, קורמאַינץ, העססען=קאַססעל, ברוינשוויינ, באַדען, או. אז. וו., וועלכע האָבען געהאַט דעם צוועק אויפצוהאַלטען דאָס דייטשע רייך אין דעם זעלבען צושטאַנד, אין וועלכען עס איז געשטאַנען ביז דאַן, און ניט צו דערלאָזען קיין ענדערונגען אין די טעריטאָריעס און גרענצען. דיזער בונד איז געשלאָסען געוואָרען אין יאָהר 1785. און אַזוי איז פערניכטעט געוואָרען דער לעצטער רעסט פון דייטשען רייך. דער קייזער האָט געוואָלט פערמעהרען און פערגרעסערן זיין הויז=מאַכט, אָבער די פירסטען האָבען איהם ניט דערלאָזען, און האָבען געזוכט אונטערצוהאַלטען זייער אונאָפּהענגיגקייט.

## ז. די אינערע רעגירונג פון פריעדריך דעם 2טען.

אין דער צייט, ווען פריעדריך דער 2טער איז אַרויף אויף'ן טראָן, האָט די פרייסישע רעגירונג געהאַט אַ יעהרליכע איינקונפט פון עטוואָס מעהר ווי 7 מיליאָנען טהאַלער, און פון דיזער סומע זיינען 5½ מיליאָנען גע-

ווען בעשטימט פיר מיליטערישע צוועקען. דאגעגען צו ענדע פון זיין רעגי-
רונג האָט די איינאהמע בעטראָפען נאָהענט צו 20 מיליאָנען. פון דיזער
סומע פלעגט מען יעהרליך 3 מיליאָנען אנידערלעגען אין דער שטאאטס־קאסע,
13 מיליאָנען פיר מיליטערישע צוועקען, אזוי דאָס פיר דעם הויף און ציוויל־-
אויסגאבען זיינען נאָר געבליבען 4 מיליאָנען. דער קעניג האָט פערברויכט
זעהר גרויסע סומעס אויף די פערבעסערונג פון דער לאנד־קולטור (אקערבוי).

דער קעניג האָט געלאָזען אויסטריקענען די זומפּען צווישען פראנק-
פורט און פרייענוואלד און האָט געמאכט די גאנצע געגענד זעהר בליהענד
און פרוכטבאר. אין דעם ניי־עראָבערטען אָסט־פריעזלאנד האָט ער גע-
מאכט פערשיידענע דאמען (וואסער־אָפּשפּארונגען) און האָט דערמיט פער-
וואנדעלט 4 קוואדראט־מיילען פון ים א ן פרוכטבארעס לאנד. ער האָט אויס-
געטריקענט די בלאָטעס ארום די טייכעןווארטהע און נעטצע און האָט דורך
דעם געוואונען א שטיק קולטור־לאנד פון 8 מיילען לאנג און קרוב צו 2
מיילען ברייט. אויסער דעם האָט ער נאָך פיעלע קלענערע זומפּיגע ערטער
פערוואנדעלט אין גוטעס אקער־לאנד און האָט דערמיט פערשאפט לאנד
פיר איבער א פערטעל מיליאָן מענשען.

ער האָט אויך פערברויכט גרויסע סומעס געלט צו פערבעסערן די לאנד־-
בעארבייטונג זעלבסט. ער האָט דערין געמאכט גרויסע רעפאָרמעס, געגען
וועלכע די קאָנסערוואטיווע בויערן האָבען שטארק פּראָטעסטירט. אזוי
צ. ב. איז איהם געווען שווער אויסצופיהרען, דאָס די בויערן זאָלען זיך בע-
שעפטיגען מיט פערזעען קארטאָפעל. ער האָט דערצו געמוזט אָנווענדען
שטראָפען.

פריעדריך דער 2טער האָט אויך אָנגעווענדט פיעלע מיטלען צו בעזיי-
טיגען די לייבאייגענשאפט, הגם ניט אויס מענשען־פריינדליכקייט, נאָר אויס
פינאנציעלע גרינדען, אָבער יעדענפאלס האָט ער אין דיזער בעציהונג געטאָן
פיעל גוטעס, און האָט דערין געהאט פיעל מעהר ערפאָלג אלס זיין פאָטער,
וועלכער האָט אויך דערצו געשטרעבט.

אין יאָהר 1777 האָט פריעדריך דער 2טער דורכגעפיהרט א געזעץ,
לויט וועלכען די בויערן, וואָס זיינען געזעסען אויף רייכס־גיטער (קאזיאָנע
ערד), זיינען געוואָרען אייגענטימער פון דעם גרונד, וואָס זיי האָבען בעאר-
בייט, און דער גרונד איז געוואָרען די ערבשאפט פיר זייערע נאָכפאָלגער.
אָבער דערמיט איז נאָך די לייבאייגענשאפט אין גאנצען ניט אָפּגעשאפט
געוואָרען; די בויערן האָבען נאָך געהאט אויף זיך די פליכטען צו טאָן גע-
וויסע ארבייט פיר די רעגירונג, ווי די לייבאייגענע האָבען געטאָן פיר זיי-

ערע גוטס־בעזיצער. אויך איז פאַרבערייטעט געוואָרען די אָרדנונג פון די רעכטען פון בירגערליכען בעזיץ, וועלכע איז פובליצירט געוואָרען אַלס גע-זעץ ערסט אין יאָהר 1790 (25טען מערץ).

אין יאָהר 1763 האָט פריעדריך דער 2טער געוואָלט אין גאַנצען אָפּ-שאַפען אין פאָממערן די לייבאייגענשאַפט, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. דער פינאַנץ־ראַט פון ברענקענהאָף האָט איהם דערין געשטערט. אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער געוואָלט אין אָבער־שלעזיען פערוואַנדלען דעם גרונד, וואָס די בויערן בעאַרבייטען, אין זייער אייגענטום. אָבער אין פיעלע ער-טער האָבען עס די בויערן זעלבסט ניט געוואָלט, ווייל דאַן וואָלטען זיי אַליין מוזען צאָהלען די שטייערן. און אין די ערטער, וואו די בויערן האָבען עס אָנגענומען, האָבען עס די גוטס־בעזיצער נאָך דעם קעניג'ס טויט ווידער אָפּגענומען פון די בויערן.

די געווערב־פּאָליטיק האָט אונטער דער רעגירונג פון פריעדריך דעם 2טען אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון דער צייט. מען האָט געהאָלפען די היימישע פאַבריקאַנטען, און די פרעמדע האָט מען געשטערט. מען האָט נאָך דאַמאָלס ניט פערשטאַנען, דאָס אום דעם האַנדעל צו ענטוויקלען מוז ער זיין פאָלקאָם פריי, אָהן אַ שום שטערונג פון וועלכער עס איז זייט. דעם גרויס־האַנדעל פון דער נייער צייט האָבען ערוואָרבען און געשאַפען ניט די לענדער, וואָס זאָרגען נאָר פיר זייערע אייגענע פאַבריקאַנטען דורך פערשיי-דענע סובסידיעס. נאָר די ענגלענדער האָבען ערוואָרבען דעם וועלט־מאַרק. די פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען געמוזט האָבען שטיצע פון זייערע רעגירונגען, זיינען באַלד אונטערגעגאַנגען, ווי באַלד די שטיצע האָט אויפגעהערט. די ענגלענדער מיט זייער פערזענליכער ענערגיע און פראַקטישען גייסט האָבען בעשאַפען דאָס דאָזיגע פּראָדוקציאָן־סיסטעם און דעם האַנדעל, וועלכע טראָ-גען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דער נייער צייט.

ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, איז די געווערב־פּאָליטיק פון פריעדריך דעם 2טען געווען די זעלבע ווי פון אַלע אַנדערע הערשער פון יענער צייט. די פרעמדע סחורות זיינען געווען בעשווערט מיט אַ זעהר הויכען טאַריף און עס איז געווען פערוועהרט ארויסצופיהרען פון לאַנד רויהע מאַטעריאַלען. איבער 400 אַרטיקלען זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער אַזאַ הויכער אָפּצאָהלונג, דאָס עס איז געווען אונמעגליך אריינצופיהרען זיי אין פרייסען פון אויסלאַנד.

פריעדריך דער 2טער האָט אויסגעגעבען זעהר גרויסע סומעס אויף צו אונטערהאַלטען און צו העלפען פאַבריקאַנטען, זיי זאָלען קענען עקסיסטירען

און טרייבען זייערע פאַבריקען. ער האָט אָבער אין דעם געהאַט ווענינ ערפאָלג. ער האָט איינגעפיהרט אין לאַנד קאַטון־דרוקעריי, באַוועל־שפי־ נעריי און וועבעריי. ער האָט אויך אָנגעפאַנגען צו מאַכען אין לאַנד סאַמעט און זיידענוואַרג, אָבער, ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, אָהן ערפאָלג.

דערפאַר אָבער זיינען די פערדינסטען פון פריעדריך דעם 2טען זעהר גרויס אויף דעם געביט פון רעכט און גערעכטיגקייט פיר דאָס פאָלק. באַלד אין אָנפאַנג פון זיין רעגירונג האָט ער אָפּגעשאַפט די פאָלטער (פייניגונג פון א בעשולדיגטען ער זאָל זיך מודה זיין). ער האָט מבטל געוועזען די מאָדע צו פערקויפען עמטער. ער האָט איינגעפיהרט, דאָס א פּראָצעס זאָל צוגעהן



דער בראַנדענבורגער טויער אין בערלין.

שנעל, און זאָל זיך ניט פערשלעפּען ימים ושנים. מעהר פון א יאָהר האָט קיין פּראָצעס ניט געטאָרט דויערן.

אָבער אין פיעלע יוריסטישע רעפאָרמעס האָט געשפּילט א גרויסע ראָלע זיין פינאַנץ־פּאָליטיק אין מיליטערישע צוועקען. אום צו פערגרעסערן די בעפעלקערונג איז ער געוועזען מילד געגענאיבער געשלעכטליכע פערברע־ כענס. ער האָט פערבאָטען די קירכען־תשובה פיר געפאַלענע מיידלאַך, און האָט פערוועהרט פּאָרצואוואַרפען זיי פיר זייער אויפפיהרונג. אין א פאַל פון בלוט־שאַנדע (ניאוף מיט אן אשת איש) האָט ער אין גאַנצען פערציי־

העט, אָבער פּאָליטישע און מיליטערישע פערברעכענס פלעגט ער זעהר שטרענג, זאָגאר בארבאריש, בעשטראָפען. ער האָט צו א מיליטער־בעאַמטען געהאַט מעהר צוטרויען ווי צו די גרעסטע יוריסטען און אדוואָקאַטען. עס איז פּאָרגעקומען א פּראָצעס צווישען א מילנער ארנאָלד און אן אדעלמאַן. דאָס שטאָדט־געריכט אין ניימארק און דאָס קאמער־געריכט אין בערלין האָבען ענטשידען דעם פּראָצעס געגען דעם מילנער. דיזער האָט דורך גרויסע מיליטער־בעאַמטע בעקאַנט געמאַכט דעם קעניג מיט זיין פּראָצעס און האָט געבעטען גערעכטיגקייט. דער קעניג האָט איבערגעגעבען די אונטערזוכונג צו אן אונוויסענדען אָבערסט (פּאָלקאָווניק), און לויט זיין בעריכט האָט דער קעניג געגעבען דעם מילנער גערעכט. ווען דער מיניסטער צעדליטץ האָט געגען דעם פּראָטעסטירט, האָט איהם דער קעניג געענטפערט: „איך גלויב אן עהרליכען אָפיצער פיעל מעהר איידער אַלע אייערע אדוואָקאַטען און ריכטער".

דער וויכטיגסטער רעזולטאַט פון די בעמיהונגען פון קעניג פריעדריך דעם 2טען איז „דאָס אַלגעמיינע לאַנדרעכט פיר די פּרייסישע שטאַאַטען". דיזעס געזעץ איז אויסגעארבייט געוואָרען פון דעם גרויס־קאַנצלער קאר-מער צוזאַמען מיט סוארעץ און קליין. אין יאָהר 1784 (אין מערץ) האָבען זיי איבערגעגעבען אין דער עפענטליכקייט די ערסטע אָפּטיי-לונג פון דיזען געזעץ, און האָבען אויפגעפאָדערט פּאַבליקום, גוטע יוריסטען, צו בעטראַכטען עס און צו קריטיקירען, און מען האָט זאָגאר פערשפּראָכען פּרייזען פיר די, וועלכע וועלען פּאָרשלאָגען גוטע פערבעסערונגען. אין יאָהר 1794 איז דיזער פּראָיעקט געוואָרען א געזעץ. הגם דיזעס „אַלגעמיינע לאַנדרעכט" איז געווען איבערהויפּט א קלאַסען־געזעץ פון די יונקערם (פּריי-סישער לאַנד־אדעל), האָט עס דאָך אויך בעריהרט די מענשען, וואָס האָבען קיין בעזיץ ניט געהאַט, און איז געווען פיעל ליבעראַלער פון היינטיגען גע-זעץ־בוך. אַלס איין ביישפּיל פון פיעלע וועלען מיר אָנצייגען אויף דאָס גע-זעץ, לויט וועלכען די קינדער, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען פון ניט געזעצ-ליכע הייראַטען, געהערען צו דעם זעלבען שטאַנד ווי זייער פאָטער און זיינען געזעצליכע יורשים פון זייער פאָטער'ס פערמעגען. דאָס געפינען מיר ניט אין היינטיגען געזעץ־בוך פון דייטשלאַנד.

ליידער האָט זיך פריעדריך דער 2טער זעהר וועניג, כמעט גאָרניט, אינ-טערעסירט מיט פאָלקס־בילדונג, א זאַך, וואָס מיר האָבען געהאַט פולעס רעכט פון איהם צו ערוואַרטען, אַלס פון א פילאָזאָף און א געבילדעטען מאַן. מערקווירדיג איז, דאָס זיין פאָטער, וועלכער איז געווען ווייט ניט קיין גע-

בילדעטער, האָט יע פערשטאַנען ווי וויכטיג בילדונג איז וויכטיג פיר דאָס פאָלק אום אויפצוהייבען זיין וואוילשטאַנד. ער האָט געמאַכט פאָלק-שולען און האָט איינגעפיהרט די אַלגעמיינע שול-פליכט, ד. ה., דאָס יעדער פאָטער מוז שיקען זיין קינד אין די עפענטליכע שולע, הגם דיזעס געזעץ איז גע-בליבען אַ טויטער בוכשטאַב און איז אין דער פראַקטיק ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. אָבער דער זוהן, דער פילאָזאָף און געבילדעטער, האָט זיך וועגען פאָלקס-בילדונג זעהר ווייניג געקימערט. אַלעס, וואָס ער האָט געטאָן וועגען דעם, איז געווען, דאָס ער האָט אָנגעשטעלט אינוואַלידען (אויסגעדינטע סאָלדאַטען) אַלס לעהרער אין די שולען. ניט בעסער איז עס געשטאַנען מיט די הויך-שולען. די פיער אוניווערזיטעטען פון לאַנד האָבען בעקומען פון דער קעניגליכער קאַסע זעהר ווייניג פיר זייער אונטערהאַלט, נעמליך: דויסבורג האָט ערהאַלטען נאָר 5,678 טהאַלער, קעניגסבערג 6,920, פראַנקפורט (אַן דער אָדער) 12,648 און האַללע 18,116 טהאַלער. עס פערשטעהט זיך, דאָס די פראָפעסאָרען האָבען ערהאַלטען אַ זעהר יאַמערליכען געהאַלט, און דאָס האָט שטאַרק געווירקט צום ערנידריגען די וויסענשאַפטליכע אינסטיטוטען.

אַלע געשיכטע-שרייבער ריהמען זעהר פריעדריך'ס רעליגיאָנס-פּאָליטיק. זיין זאַץ: „אַלע רעליגיאָנען דאַרפען געדולדעט ווערען און יעדער קען זעליג ווערען (זוכה זיין לחיי העולם הבא) נאָך זיין פאַסאָן" איז געווען אָנערקענט פון אַלעמען אַלס דער בעסטער מוסטער פון הומאַניטעט. אָבער דאָס איז פון זיין זייט ניט געווען ערנסט געמיינט. ער האָט דערמיט נאָר געוואָלט צוציהען מענשען פון אַנדערע לענדער צו בעזעצען זיך אין פרייסען אום צו האָבען מעהר רעקרוטען פיר די אַרמעע און מעהר געלט צו אונטערהאַלטען זי.

פריעדריך האָט גוט פערשטאַנען, וואָס פיר אַ וויכטיגע שטיצע די רע-ליגיאָן איז פיר דעם טראָן אין אַלגעמיין, און דעריבער האָט ער ניט דערלאָ-זען אויף איהר קיין פרייע קריטיק. ער האָט פערשיקט אויף 6 מאָנאַטען אין אַ פעסטונגס-געפענגניס אַ בעוואוסטען בוכהענדלער ריעדיגער דערפאַר, וואָס ער האָט פּובליצירט אַ בוך, אין וועלכען עס איז געוואָרען אָנגעגריפען די קריסטליכע רעליגיאָן. אין יאָהר 1748 האָט ער ערקלערט, דאָס די אָנ-גרייפער פון רעליגיאָן קענען ניט פון איהם ערוואַרטען קיין גנאַדע. מיט אַ יאָהר שפּעטער האָט ער איינגעפיהרט אַ צענזור אויך אויף טהעאָלאָגישע ביכער.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, דאָס די הויפּט-זאָרג פון פריעדריך דעם 2טען איז געווען פיר דעם מיליטאַריזם. באַלד ווי ער איז געוואָרען קעניג האָט ער זיך גענומען פערבעסערן און פערשטאַרקען די אַרמעע, די

גרונדלאַגע פון פּרייסען'ס גרויסקייט. נאָך דעם, ווי ער האָט עראָבערט שלעזיען, האָט ער זיך גענומען צום פערגרעסערן די אַרמעע אין נאָך אַ גרע-סערען מאָסשטאַב. פאַר זיין טויט איז די פּרייסישע אַרמעע בעשטאַנען פון 200,000 מאַן, צווישען וועלכע עס זיינען געווען 40,000 רייטער און 12,000 אַרטילעריע-סאָלדאַטען. די שטאַאַטס-איינגאַהמען האָבען בעטראָפען די סומע פון 20,000,000 טהאַלער אַ יאָהר, און דערפון האָט ער אויסגעגעבען אויף די אַרמעע 13,000,000 טהאַלער אַ יאָהר. פון דיזער גרויסער צאָהל סאָלדאַטען איז אַ העלפט געווען פון אויסלענדישע רעקרוטען, און אַ גרויסער טייל פון קאַנטאָניסטען (ד. ה. סאָלדאַטסקע קינדער), וועלכע זיינען פער-שריבען געוואָרען פיר סאָלדאַטען באַלד ווי זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. מיט דער צייט איז די ערווערבונג פון סאָלדאַטען אין אויסלאַנד געוואָרען אונמעגליך, און דעריבער איז צו ענדע פון דעם 7-יעהריגען קריג די אַרמעע בעשטאַנען מעהרסטענס פון אינלענדער.

די גאַנצע לאַסט פון אויסהאַלטען די אַרמעע איז געפאַלען אויף די אַרבייטער-קלאַס, איבערהויפּט אויף די בויערן, און ניט נאָר די געלט-שטייער פיר די אַרמעע, נאָר אויך די בלוט-שטייער. פון דער קאַנטאָניסטען-פליכט זיינען פיעלע געמיינדעס און שטעדט, זיהן פון געבילדעטע און בע-מיטעלטע שטאַנדען געווען בעפרייט.

די שטאַרקקייט פון דער פּרייסישער אַרמעע איז בעשטאַנען אין דער מערקווירדיגער דיסציפּלין, וואָס איז געווען אין איהר איינגעפיהרט. אין דיזער הינזיכט איז די פּרייסישע אַרמעע געווען אַ מוסטער פיר אַלע איי-ראָפּעאישע אַרמעען. פון דעם 7-יעהריגען קריג ווערען אונז דערצעהלט וואַהרע וואונדער פון מיליטערישער דיסציפּלין. דעם פונדאַמענט פון דיזער בעריהמטער דיסציפּלין האָט געלעגט פריעדריך ווילהעלם דער 1טער.

וואָס אָנבעטרעפט די אינערע פערפאַסונג פון פּרייסען, איז איבעראַל אָנערקענט, דאָס דאָרט האָט געהערשט דער אויפגעקלערטער דעספּאָטיזם פון פריעדריך דעם 2טען. אָבער דיזע מיינונג איז ניט אין גאַנצען ריכטיג. עס איז אמת, דאָס פריעדריך דער 2טער האָט רעגירט אַליין אָהן העכערע בעאַמטע, און אַלע בעפעהלען און אָרדנונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען גלייך פון זיין קאַבינעט. זיינע 3 קאַבינעט-סעקרעטערען זיינען געווען ניט מעהר ווי אונטערגעאָרדענטע שרייבער, וועלכע האָבען געטאָן נאָר די מעכאַנישע אַרבייט. אָבער דאָס האָט זיך נאָר אויסגעוויזען אַזוי. אין גרונד האָט אויך איבער איהם געהערשט דער ווילען פון דער אַריסטאָקראַטיע און איהר גייסט, וועלכער איז געווען דערשטיקט פון פריעדריך ווילהעלם דעם 1טען.

דעם גרונד צו דיזע ערשיינונגען, וועלכע שיינען צו ווידערשפרעכען איינע דער אנדערער, איז לייכט צו געפינען. פריעדריך ווילהעלם דער 1טער, וועלכער האט געהערשט נאר איבער 2 מיליאנען מענשען, האט אפגעגעבען צו די געשעפטען פון דער רעגירונג 6 שטונדען טעגליך. אבער פריעדריך דער 2טער, וועלכער האט שוין געהאט איבער 6 מיליאנען אונטערטאנען, פלעגט זיך בעשעפטיגען מיט שטאאטס־אנגעלעגענהייטען נאר 1½ שטונדען טעגליך. ער האט ניט געפרעגט ביי קיין מיניסטער און האט אליין אלע ארדנונגען געמאכט און געשריבען. עס איז זעהר נאטירליך, דאס ער האט געמוזט פיעלע זאכען פערזעהען און דורכלאזען. מיט דיזען אופן איז די ווירקליכע רעגירונג געבליבען אין די הענט פון די בעאמטע, וועלכע זיינען געווען אי־בערהויפט פון דעם אדעל. און פריעדריך האט אויסער דעם בעוויזען דעם אדעל פיעל גונסט, ניט קוקענדיג דערויף, וואס ער איז געווען אן אבסאלוטער הערשער. ער האט געגעבען די יונקערס זעהר פיעלע פאררעכטען; ער האט זיי איבערגעגעבען אלע שטעלעס אין דער ארמעע און אין אלע אנדערע צוויי־גען פון דער רעגירונג. מיט איין ווארט, די הערשאפט פון די יונקערס איז געווען אין פריעדריך דעם 2טען׳ס צייט פיעל גרעסער און שטארקער אלס אין דער צייט פון פריעדריך ווילהעלם דעם 1טען.

די הערשאפט פון דעם אדעל אין דעם מיליטער האט געפיהרט דערצו, דאס די אדעליגע האבען אנגעהויבען צו בערייכערן זיך אויף דער רעכנונג פון די ארימע סאלדאטען, און דערפון איז ארויסגעקומען פיעל שלעכטס. די ארמעע איז דערפון געווארען פיעל ערגער, און דער קעניג האט עס גוט פערשטאנען. דאך האט עס ניט געענדערט די יונקער־הערשאפט. דער קע־ניג האט נאך דעם קריג ענטלאסען די אפיצערען, וועלכע ער האט אין דער צייט פון נויט גענומען פון די בירגער, הגם זיי האבען געהאט הינטער זיך גרויסע פערדינסטען, און האט איבערגעלאזען די אפיצערען פון די אדעליגע. פיר איהם זיינען די אפיצערען פון די בירגער געווען מעהר געפעהרליך ווי די פון די אדעליגע. עס איז איהם געווען ליבער צו זעהן, ווי די אדעליגע רויבען די ארימע סאלדאטען, איידער צו זעהן, ווי דער בירגערשטאנד קריגט מעהר מאכט. אין דעריין האט ער געזעהען דעם אונטערגאנג פון דעם שטאאט.

מיר וועלען פארבייגעהענד נאך בעמערקען, דאס פריעדריך דעם 2טען׳ס אויסשפרוך: „איך בין דער ערסטער דינער אין שטאאט", וועלכער ווערט אזוי פיעל געלויבט פון דער ליבעראלער בורזשואזיע, דריקט ניט אויס קיין שום ליבעראליזם. אין געגענטייל, ווי מעהרינג בעמערקט, עס דריקט אויס

ניט א בעשרענקונג, נאָר א פערגרעסערונג פון דעם אַבסאָלוטיזם (אַליין־הערשאַפט). דאָס האָבען שוין בעמערקט די צייטגענאָסען פון דעם בע־ריהמטען קעניג. היינזע צ. ב. שרייבט: „ווי געפעלט אייך א בעדינטער, וואָס קיינער שאַפט זיך ניט מיט איהם, וועלכער האָט ניט איבער זיך קיין הערר, וועלכער מאַכט געזעצען ווי ער וויל, און גיט אַרויס געזעצען, דאָס אַנדערע זאָלען זיי ערפילען, ער אָבער נעהמט ניט אָן קיין שום געזעץ פון קיין אַנדערען, און וועלכער בעשטראָפט ווי ער וויל אָהן געזעץ?״

מען פערגלייכט פריעדריך דעם 2טען, וועלכען די וועלט האָט בעטי־טעלט מיט'ן נאָמען „פריעדריך דער גרויסער״, מיט די בעריהמטע געשיכט־ליכע רעאַל־פּאָליטיקער, ווי יוליוס צעזאַר, קראָמוועלל, נאַפּאָלעאָן און אַנ־דערע. דיזער פערגלייך איז אין איינציגע הינזיכטען א ווירקליכער, איבער־הויפּט אין דער הינזיכט, דאָס דיזע אַלע גרויסע מענער האָבען אויסער דער רעאַלער, פּראַקטישער וועלט, אין וועלכער זיי האָבען געהאַנדעלט, אויך אָנ־ערקענט אָן אידעאַלע וועלט. דיזע אַלע גרויסע מענשען זיינען ניט געווען גלייך מיט די דאָזיגע רעאַליסטען, וועלכע לאָזען זיך שווימען מיט'ן שטראָם פון די פערהעלטניסען פון דער פּראַקטישער ווירקליכקייט; זיי זיינען אַלע געווען בעזעעלט מיט אידעאַלע שטרעבונגען. זיי זיינען אימער געווען אין צוויי וועלטען, זיי זיינען געווען ווי צושפּאַלטען אויף צווייען, זייער ווירק־ליכע פּראַקטישע טעטיגקייט האָט זיי ניט געקענט אָפּרייסען אין גאַנצען פון זייערע אידעאַלע שטרעבונגען.

פריעדריך דער 2טער איז אויסער זיין פּראַקטישער טעטיגקייט געווען איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע אויך צו ליטעראַטור און פילאָזאָפיע. ער האָט ניט אויפגעהערט צו דענקען וועגען ערווערבען זיך א נאָמען אַלס שריפטשטעלער. זיין פאָטער האָט איהם גערופען „דער פייף־שפּילער און פּאָעט״. דער טאָג פון זיין טראָן־בעשטייגונג איז פיר דיזען פּאָעט־פייף־שפּילער ווירקליך געווען א טאָג פון ענטטוישונג, וואָס האָט איהם בערויבט פון זיינע אידעאַלען. פון יענעם טאָג אָן האָט ער געמוזט צושפּאַלטען זיך אויף צווייען, צו פיהרען א דאָפּעלטעס לעבען, וועלכעס ווייזט אַרויס א ווי־דערשפּרוך צווישען זיינע ווערטער און זיינע טאַטען. לעססינג האָט זעהר ריכטיג פערשטאַנען זיין גייסט, ווען ער האָט זיך וועגען איהם אויסגעדריקט מיט פאָלגענדע ווערטער: „ווען איך בעטראַכט גוט זיך זעלבסט בין איך מקנא אַלע אייראָפּעאישע קעניגען, אויסער דעם פּרייסישען קעניג, וועלכער ווייזט, דאָס קעניגס־ווירדע איז ניט מעהר ווי הערליכע שקלאַפעריי״.

זיין טעגליכעס לעבען איז געווען איינגעטיילט אויף פאָלגענדער אַרט: באַלד ווי די זון איז אויפגעגאַנגען איז ער שוין געזעסען ביי זיין שרייב־טיש און האָט געלעזען די וויכטיגסטע בעריכטען פון דעם, וואָס האָט זיך געטראָפען אין דער צייט פון דער נאַכט, און האָט אָנגעשריבען וועגען דעם זיינע בעמערקונגען. נאָכדעם האָט מען איהם געבראַכט זיין קאַפע און אין דער צייט פון דעם קאַפע האָט ער געהערט פון זיין אַדיוטאַנט בעריכטען. נאָכדעם האָט ער געמוזט יעדען טאָג אַ ביסעל פאַנטאַזירען אויף זיין פלויט, האָט געלעזען און געשריבען בריף. פונקט 12 אוהר איז ער געגאַנגען צום מיטטאָג־עסען. דער מיטטאָג איז געווען פאַרבערייטעט מיט שפייזען נאָך זיין געשמאַק. ביים מיטטאָג־עסען פלעגט ער זיך אימער אַמוזירען מיט גייסטרייכע געשפּרעכען. נאָך דעם טיש האָט ער ווידער געשפּילט אַ האַלבע שטונדע אויף זיין פלויט. נאָכדעם איז ער ווידער אַריין אין זיין קאַבינעט, האָט אונטערגעצייכענט די בריף און די פּאַפּירען, וואָס זיינען געוואָרען צוגעפּערטיגט. פון 4 ביז 6 נאָך מיטטאָג איז ער אימער געווען בעשעפטיגט מיט שריפטשטעלערישער אַרבייט. פון 6 ביז 7 ביי קאָנצערט. דערנאָך איז געקומען די אַבענד־מאָהלצייט, צו וועלכער עס פלעגען זיין איינגעלאַדען פערשיידענע געסט, מיט וועלכע ער האָט פערבראַכט אָפט ביז שפּעט אין דער נאַכט; דאָס האָט אָבער שפּעטער אויפגעהערט, וויil עס האָט שלעכט געווירקט אויף זיין געזונדהייט און איבערהויפּט אויף זיין גייסטיגען צושטאַנד.

ווי בעוואוסט האָט ער ניט געלעבט צוזאַמען מיט זיין פרוי. ער האָט ניט גערן געהאַט קיין רוישענדע פערגניגענס, נאָר ער האָט ליב געהאַט אַ רוהיגעס לעבען אין זיין שלאָס „סאַן סוסי" (אָהן זאָרג). דאָ פלעגען צוזאַמענקומען ליטעראַרישע און געלעהרטע מענער. אין דיזער געזעלשאַפט האָט ער געלעבט פריי, אָהן קיין שום צוואַנג. ער פלעגט זיך אָפט וויצלען זעהר שאַרפזיניג מיט דער בייסענדסטער סאַטירע און האָט זיך ניט געפיהלט בעליידיגט, ווען אימעצער פון די אַנוועזענדע האָט איהם בעצאָהלט צוריק מיט אַ בייסענדען וויץ. אין דיזען שלאָס האָט זיין פריינד, דער פראַנצויזישער געלעהרטער וואָלטעיר, געלעבט גאַנצע 3 יאָהר (1750—1753). ער האָט איהם געגעבען צום לעבען יעהרליך 3,000 טהאַלער פיר זיך און 2,000 פיר זיין ניכטע (פלעמעניצע), אויסער פרייען טיש און אויסשטאַטונג, און ער האָט איהם אויך געמאַכט פיר זיין קאַמערהערר. אָבער וואָלטעיר האָט אַרויסגעצייגט אַ זעהר נידריגען כאַראַקטער און ער האָט געמוזט פערלאָזען דעם קעניג (1753). אָבער דער בריף־וועקסעל צווישען דעם פראַנ-

צוויזישען ליטעראַט און דעם קעניג האָט אויך שפּעטער ניט אויפגעהערט.

ווען פריעדריך דער 2טער איז געוואָרען עלטער האָט ער זיך מעהר און מעהר צוריקגעצויגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען. די אורזאַך דערפון איז, וואָס פיעלע פון זיינע פריינד זיינען צושטאָרבען און דערצו האָט ער שטאַרק געליטען פון גיכט (אַ ברעכען אין די גלידער), און דעריבער איז ער זעהר אָפט געווען אין אַ שלעכטען הומאָר. פון דעם האָבען די אומגעבענדע זעהר פיעל געליטען. ער פלעגט אָפט געבען מיט זיין קוליע קלעפּ זאָגאַר גרויסע בעאַמטע. איבערהויפּט איז ער געווען זעהר שטרענג צו די הויז־דינערשאַפט, און פלעגט זיי שטאַרק בעשטראָפען פיר יעדע קלייניגקייט. דער קעניג האָט זעהר ליב געהאַט הינט, און די דינער האָבען פון זיי געהאַט גרויסע צרות. די הינט האָבען געמוזט בעהאַנדעלט ווערען מיט גרויס רעספּעקט. דער דינער האָט צו זיי גערעדט ווי צו פּערזאָנען: „ביכע, זייען זי דאָך אַרטיג! אַלקמענע, בילען זי ניט אַזוי!״ די הינטלאַך פלעגען אָפט שלאָפען אין קעניג׳ס בעט צוזאַמען מיט איהם. ווען איינער פון זיי איז גע׳פּגר׳ט האָט מען איהם בעערדיגט מיט גרויס פּאַראַד.

די דייטשע פּאַטריאָטען זיינען געווען זעהר אונצופרידען מיט פריעדריך׳ן דערפאַר, וואָס ער האָט געשעצט די פראַנצויזען מיט זייער ליטעראַטור מעהר און העכער פון די דייטשען און זייער ליטעראַטור. אין זיינעם אַ בריף צו דעם פראַנצויזישען געלעהרטען ד׳אַלעמבערט שרייבט ער, דאָס זיין דייטשעם פאָלק האָט ביז דאַן מעהר ניט געוואוסט ווי עסען, טרינקען און שלאָגען זיך, און זיינע בעמיהונגען צו ענטוויקלען אין איהם אַ געשמאַק צו עטוואָס העכערעס זיינען איהם ניט געלונגען. ער זעלבסט האָט געשריבען אַלע זיינע ווערק, פּאָעטישע, פילאָזאָפישע און היסטאָרישע, צוזאַמען 38 בענדער, נאָר אין דער פראַנצויזישער שפּראַך. אין הויף האָט געהערשט נאָר די פראַנצויזישע שפּראַך. וואָלטעיר האָט געשריבען צו אַ מאַרקיז אין פראַנקרייך: „איך געפין מיך היר (אין פריעדריך׳ס שלאָס) ווי אין פראַנקרייך. מען רעדט נאָר אונזער שפּראַך, די דייטשע שפּראַך איז נאָר פיר סאָלדאַטען און פערד״.

אין יאָהר 1785 האָט פריעדריך דער 2טער געפיהלט, דאָס עס קומט פיר איהם אָן דער טויט. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1786 איז געשטאָרבען דער אַלטער גענעראַל ציעטהען. דאַמאַלס האָט פריעדריך געזאָגט: „ציעטהען איז אימער געווען אין דער פראָנט פון דער אַרמעע, יעצט וועל איך מיט דער אַרמעע איהם נאָכגעהן״. און אַזוי איז ווירקליך געשעהען. דעם 17טען אויגוסט 1786 איז דער שוואַכער קראַנקער קעניג געשטאָרבען.

דאָס אויפוואַקסען פון פרייסען צו אַן אייראָפּעאישער גרויסמאַכט איז איינער פון די וויכטיגסטע פאַקטען פון דער נייער געשיכטע. פרייסען איז פריהער געווען אָרים און קליין, איז אימער געווען אין געפאַהר צוריבען צו ווערען פון די בענאַכבאַרטע לענדער, און איז אויסער דעם געווען אין פולער אָפּהענגיגקייט פון דייטשען רייך. ווי אַזוי איז עס פאָרגעקומען? די גע-וועהנליכע אַנטוואָרט איז, דאָס פרייסען האָט צו פערדאַנקען די האָהענ-צאָללערן; זיי זיינען געווען געבאָרענע הערשער-זשעניען, וועהרענד די האַבסבורגער זיינען אימער געווען אונגעוועהנליכע טויגעניכטסען.

אָבער מיר פון אונזער שטאַנדפּונקט קענען ניט אָנערקענען דיזע אַנט-וואָרט פיר ריכטיג. דאָס איז ניט נאָר אַ צו גרויסע איבערשאַצונג פון אַן איינצעלנער פּערזאָן, עס איז אויך געגען דער ווירקליכקייט. דער גרעסטער זשעניע איז ניט אין שטאַנד צו פיהרען אַ גאַנצעס פאָלק צו אַ הויכען ציל, ווען עס פעהלען דערצו די נעטיגע בעדינגונגען און מיטלען. די גרויסקייט פון די רעאַל-פּאָליטיקער, וועלכע מיר האָבען פריהער דערמאָהנט, איז בע-שטאַנען דערין, וואָס זיי האָבען גוט פערשטאַנען ווי צו בענוצען זיך מיט די גינסטיגע אומשטענדען פון דער צייט און מיט די אייגענשאַפטען פון די נאַציאָנען, אָן דער שפּיץ פון וועלכע זיי זיינען געשטאַנען, אום צו פיהרען די פעלקער צום צוועק, צו וועלכען זיי זיינען געווען פעהיג.

דער ערפאָלג פון פרייסען נעהמט זיך דערפון, וואָס עס איז געווען אַ מיליטער-שטאַאַט. און דיזעם האָבען זיי צו פערדאַנקען די עקאָנאָמישע צו-שטענדען פון לאַנד. די מאַרק בראַנדענבורג, דאָס שטאַמלאַנד פון פרייסי-שען רייך, איז אורשפּרינגליך געווען אַ מיליטער-קאָלאָניע. דער קריג איז דאַמאָלס געווען די גרונדלאַגע פון בעזיץ. יעדעס גרונד-אייגענטום איז צו דיזען צוועק געווען בעשטייערט. די פליכט פון דער בעפעלקערונג איז ניט געווען דער אַקערבוי נאָר דער מיליטער-דינסט. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס פרייסען איז געוואָרען, ווי לעססינג דריקט זיך אויס, דאָס „שקלאַ-פישסטע לאַנד אין אייראָפּא".

עס איז ניט מעהר ווי אַ פּאַטריאָטישע פאַבעל, וואָס די געשיכטע-שריי-בער בעהויפּטען, דאָס דעם פונדאַמענט פון פרייסישער מאַכט און גרויסקייט האָט געלעגט דער קורפירסט פריעדריך ווילהעלם, וועלכער האָט מיט זיין זשעניע געגרינדעט אַ שטאַרקע מיליטערישע מאַכט, האָט געבראָכען דאָס יונקערטום, אָדער די מאַכט פון די פעאָדאַל-הערערן, די הערשזיכטיגע אַריס-טאָקראַטיע, און נאָכדעם האָט זיך שוין אַלעס אַליין געבויט און ענטוויקעלט. דיזע בעהויפּטונג איז פאַלש. פריעדריך ווילהעלם האָט געברויכט אַ מיליטע-

רישע מאַכט אום צו קענען זיך אויפהאַלטען אַלס פירסט, אָבער עס איז ניט וואהר, דאָס מיט דער מאַכט פון זיין אַרמעע האָט ער געבראָכען די יונקער־מאַכט. אָהן די יונקערס וואָלט ער קיין אַרמעע ניט געקענט אויפשטעלען. און די יונקערס האָבען איהם געהאָלפען אויפשטעלען אַ מיליטער־מאַכט אויף בעדינגונגען, וועלכע האָבען פערזיכערט זייער הערשאַפט ביז די היינטיגע צייטען. זייערע גיטער זיינען געווען פריי פון יעדער שטייער און זיי האָבען מאָנאָפּאָליזירט אַלע מיליטער־עמטער. אויף דיזע און פיעלע אַנדערע בעדינגונגען האָבען די אַדעלליים אָדער די יונקערס ערלויבט דעם קורפירסט צו האַלטען אַ שטענדיגע אַרמעע, ניט אויף זייערע קאָסטען, פערשטעהט זיך, נאָר אויף די קאָסטען פון אַנדערע — טיילס אויף די קאָסטען פון בויערן־שטאַנד און טיילס אויף די קאָסטען פון דער שטעדטישער בעפעלקערונג. מיט איין וואָרט, דער פּרייסישער שטאַאט איז נאָר מעגליך געווען אַלס פּרייסישע אַרמעע. די אַרמעע איז געווען דער שטאַאט. פון דער צייט פון דעם גרויסען קורפירסט ביז צום טויט פון פריעדריך דעם גרויסען איז יעדע פערמעהרונג פון די איינקונפטען פון דעם שטאַאט פערברויכט געוואָרען אויף די פערבעסערונג פון דער אַרמעע. די עקאָנאָמישע גרונדלאַגעם פון דער אַרמעע זיינען געווען די פּרייסישע פערפאַסונג. קיין קעניג אין פּרייסען, מעג ער זיין העכסט אבסאָלוט און העכסט זשעניאַל, וועט ניט וואַגען מאַכען דעם קלענסטען שריט אַרויסצוטרעטען פון די שראַנקען פון דיזער פערפאַסונג.

דיזער פּרייסישער מיליטער־שטאַאט איז געווען און איז אויך יעצט אַ קולטור־פיינדליכע מאַכט, נאָך דער אַרט און ווייזע ווי עס זיינען געווען די אַלטע גוואַלד־מעכטען, וועלכע מיר האָבען איבערגעלעבט. אַ מיליטער־שטאַאט קען קיינמאָל ניט זיין אַ קולטור־שטאַאט; פּרייסען און דייטשלאַנד הינקען נאָך אַנדערע קולטור־לענדער, און אויך דאָס נאָכהינקען קומט זיי אָן מיט גרויס שוועריגקייט. דער פּרייסישער מיליטאַריזם לאָזט פּאַרביי־געהן דעם בעלעבענדען פלאַמענדען גייסט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אָהן אַ שום שפּור, אָהן אַ שום ווירקונג אויף דאָס לאַנד. אין דער גרעסטער נויט נעהמט זיך דאָס געדריקטע פאָלק צוזאַמען מיט אַלע זיינע קרעפטען און העלפט דעם שטאַאט פון אונטערגאַנג, אָבער דער מיליטער־שטאַאט לעבט ווידער אויף און געהט זיך מיט זיין אַלטען וועג און הערשט ווידער איבער'ן פאָלק מיט אַן אייזערנער האַנט. די זעלבע קללה ווידערהאָלט זיך אין דייטשלאַנד אויך אין אונזערע צייטען. אין היינטיגער צייט, ווען אַלע אַנדערע פעלקער זוכען מיט אַלע כוחות צו פערברייטערן און צו ענטוויקלען

די טעכניק, צו פערגרעסערן די פּראָדוקציאָנס־קראַפט און דעם וועלט־האַנדעל אום צו קענען אויסהאַלטען דעם קאָנקורענץ־קאַמף, בענוצט דייטשלאַנד זיינע בעסטע קרעפטען, זיינע איינקונפטען, זיינע קאַפּיטאַלען נאָר צו אונטערהאַל־טען זיינע סאָלדאַטען. ווערהענד אַלע אַנדערע פעלקער קאָנצענטרירען זייער גאַנצע אינטעליגענץ אויף פּראָדוקציאָן, זוכט דייטשלאַנד איהר רוהם אין מאַנעווערעס און מיליטערישע פּאַראַדען. זיי, די דייטשען, זעהען גאָר ניט ווי ווייט זיי געהען צוריק אין עקאָנאָמישער הינזיכט, ווי ווייט דער מילי־טאַריזם רואינירט דאָס לאַנד. זיי זעהען ניט וואָס דערפון וועט זיין דער סוף. זיי זעהען ניט, דאָס דער יעצטיגער צושטאַנד מוז ברייגען אַ ריק־שלאַג, אַזוי ווי עס איז געווען נאָך דער צייט פון פריעדריך דעם 2טען. די איבערנאַטירליכע אָנשטרענגונג פון די פאָלקס־קרעפטען צו ענטוויקלען דעם מיליטאַריזם מוז זיי אָפּשוואַכען פיר די קולטור.

מיר מוזען צוגעבען, דאָס דער פּרייסישער מיליטער־שטאַאַט האָט אַ גרויסען פערדינסט דערמיט, וואָס ער האָט בעשאַפען אין אונזערע צייטען די צענטראַליזאַציאָן פון גאַנץ דייטשלאַנד. דערמיט איז געשאַפען געוואָ־רען די גרונדלאַגע פיר די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, וועלכע איז אין אַלע אַנדערע קולטור־לענדער שוין לאַנג דורכגעפיהרט געוואָרען. אָבער דערמיט ענדיגט זיך דער פערדינסט פון מיליטער־שטאַאַט, ווייל דאָס איז דאָס איינ־ציגע גוטע, וואָס ער האָט געטאָן פיר דייטשלאַנד. נאָך דעם, ווי די צענט־ראַליזאַציאָן איז געשעהען, האָט דער שטאַאַט בעדאַרפט לאָזען דאָס פאָלק פריי צו ענטוויקלען און צו פערבעסערן דעם קולטור־שטאַנד, ווייל נאָר אַ פרייעס פאָלק קען שאַפען אין דער קולטור עטוואָס זעלבשטענדיגעס. אָבער דער מיליטער־שטאַאַט, אויך נאָך דער צענטראַליזאַציאָן, געברויכט די פאָלקס־קרעפטען פיר זיינע צוועקען, און די וואַהרע קולטור־צוועקען ווערען פערשטויסען צום הינטער־גרונד. דער דייטשער מיליטער־שטאַאַט שענקט ניט קיין אויפמערקזאַמקייט דעם פאַקט, דאָס אין היינטיגער צייט ליגט די מאַכט פון די פעלקער נאָר אין דער פּראָדוקציאָן. די צייט, אין וועלכער אַלע האָבען געשטרעבט צו ערווערבען בעזיץ און אייגענטום מיט דער הילף פון שווערד, געהט אוועק פיר אימער. דער שווערד האָט שוין זיין ראָלע אָפּגעשפּילט. דער שיקזאַל פון פעלקער וועט באַלד זיין אין גאַנצען אָפּ־הענגיג נאָר פון זייער עקאָנאָמישער מאַכט, פון זייער פּראָדוקציאָן. ניט דער שווערד וועט געבען מאַכט, נאָר דאָס ווערקצייג. ווער עס שפּילט היינ־טיגע צייט אין סאָלדאַטען, דער געהט ניט פאָרווערטס, נאָר ער געהט מיט ריזען־שריט ריקווערטס.

יעצט גלויבט שוין קיינער ניט, דאָס אַ קריג ברייננגט פעלקער אין בע-וועגונג און מאַכט זי נעהענטער איינס צום אַנדערען. יעצט ווייס יעדער, דאָס אַ נייע אײַזענבאַהן-ליניע בריינגט די פעלקער איינס צום אַנדערען פיעל מעהר און נעהענטער אַלס אַ קריג פון אַ גאַנצען יאָהרהונדערט. דער מיליטאַריזם, וועלכען פרייסען האָט געגרינדעט ניט נאָר אין דייטשלאַנד, זאָנדערן אויך פיר אַלע איבריגע לענדער פון אייראָפּאַ, איז אַן אמת'ע קללה פיר אַלע אייראָפּעאישע פעלקער, ווייל עס שטערט יעדער פרייער ענטוויק-לונג פון קולטור. מאָנטעסקיע'ס פּראָפעטישע ווערטער: „אונזערע קריגס-מענער וועלען רואינירען אייראָפּאַ", האַלטען ביי מקוים ווערען. נאָך דעם 7-יעהריגען קריג איז גאַנץ אייראָפּאַ געווען זעהר אויסגעמאַטערט, איהר פּראָדוקציאָן איז כמעט געווען נול. דאָס האָט געגעבען ענגלאַנד די מעג-ליכקייט צו מאָנאָפּאָליזירען די גרויס-אינדוסטריע. זי איז געוואָרען די איינציגע הערשערין איבער'ן וועלט-האַנדעל. ענגלאַנד האָט געברויכט איהר גאַנצע אינטעליגענץ אויף גרויסאַרטיגע ערפינדונגען און וויסענשאַפטליכען פּאָרטשריט; זי האָט בעשאַפען די גרעסטע שעפערישע קראַפט פון היינטי-גער צייט, די גרויס-פּראָדוקציאָן. דאָס זעלבע האָט זיך ווידערהאָלט מיט דעם נאַפּאָלעאָנישען קריג. די אַלע אייראָפּעאישע פעלקער האָבען פער-צעהרט זייערע קרעפטען אויף די שלאַכטפעלדער און ענגלאַנד האָט דערפון געצווינגען פיר זיך נוצען, און האָט ווידער בעפעסטיגט איהר עקאָנאָמישע מאַכט. נאַפּאָלעאָן האָט געזוכט ניט צו דערלאָזען אָפּצוזעצען ענגלישע פּראָדוקציאָן אויף'ן אייראָפּעאישען קאָנטינענט, און ער אַליין האָט געמוזט קויפען ענגלישעס טוך אום צו בעקליידען זיינע סאָלדאַטען.

אין היינטיגער צייט זיינען די פערהעלטניסען פון אייראָפּאַ נאָך פיעל ערגער. אין די צייטען, וועגען וועלכע מיר האָבען פריהער געשפּראָכען, איז אייראָפּאַ געוואָרען אָפּגעשוואַכט פון קריג. מען האָט געזאַמעלט סאָל-דאַטען נאָר פיר דאָס שלאַכטפעלד. נאָך דעם קריג האָט מען זיי געשיקט צוריק אַהיים צו זייער אַרבייט. די אָפּשוואַכונג איז געווען נאָר אַ צייט-ליכע, פאָריבערגעהענדע, מען האָט געזעהען צו איהר אַן ענדע. אין היינטיגע צייטען אָבער האַלטען אויף די אייראָפּעאישע פעלקער אַרמעען אין דער צייט פון פרידען, אַזוי דאָס די עקאָנאָמישע קרעפטען ווערען ערשעפּט אָהן אַן אויפהער, און עס איז ניט פאָרויסצוזעהן, ווען עס וועט צו דיזען צו-שטאַנד נעהמען אַן ענדע. יעצט ציהט נוצען פון דיזען צושטאַנד ניט ענג-לאַנד, נאָר אַמעריקאַ. דאָס איז אַ לאַנד מיט הילפס-קוועלען, וועלכע שעפּען זיך ניט אויס; דאָס פאָלק איז פּאָליטיש פאָלשטענדיג פריי, די בעסטע און

אינטעליגענטעסטע קרעפטען פון איירָאָפּאַ זאַמלען זיך דאָרט איין — מיט איין וואָרט: אַמעריקאַ איז אַ לאַנד, אין וועלכען עס געפינען זיך אַלע בע- דינגונגען צום שאַפען און צו ענטוויקלען די קולטור, און וועלכעס דערלאָזט ניט, אַז עס זאָל זיך אין איהם איינוואָרצלען די צושטערונגס־קראַפט פון פערפלוכטען מיליטאַריזם.

מיר מעגען זיך בעגייסטערן מיט די העלדענטאַטען פון אַ פריעדריך דעם גרויסען. ער געהערט שוין אָבער צו אַן אָפּגעשטאָרבענער צייט, און ווען דאָס, וואָס ער האָט לאַנג פערזעעט, געהט נאָך היינט אויף אין דייטש- לאַנד, ברייננט עס ניט דעם לאַנד זעגען און גליק, נאָר פלוך און אונגליק. דער דונער פון קאַנאָנען מוז שטום ווערען, ווייל נאָר דער לאַרם פון די פאַב- ריקען, דער גערויש פון די רעדער פון די מאַשינען מאַכען דעם שיקזאַל פון די פעלקער. יעדע נייע ערפינדונג אין היינטיגער צייט ברייננט אַ פאָלק ווייטער אויף דעם וועג פון קולטור ווי אַ גאַנצע טוץ געוואונענע שלאַכטען. ניט די צושטערונג, נאָר די פּראָדוקציאָן, דאָס בויען און שאַפען בילדען יעצט די צוקונפט פון נאַציאָנען, און דיזע פּראָדוקציאָן פאָדערט אַ גאַנץ אַנדערע קלאַס מענשען. צו פערגיסען בלוט פיר דאָס פאָטערלאַנד ברויכט מען ניט קיין בעזונדערע פעהיגקייטען, דאָס קען טאָן יעדער באַרבאַר, אָבער אום איינצוגרייפען אין קולטור־לעבען און פאָרטשריט, דערצו ברויכט מען ביל- דונג. אַ גוטער עקאָנאָמישער צושטאַנד אין אַ לאַנד שאַפט די ריכטיגע מיטלען פיר קולטור־בילדונג, ניט די גוט געאיבטע סאָלדאַטען. נאָר אַ לאַנד, וואָס קען אַרויסשטעלען אין פעלד אַ העכסט געבילדעטעס פאָלק, קען פערנעהמען דעם קאַמף־פּלאַץ אין דער צוקונפט. אין היינטיגע צייטען שטעהט אַמעריקאַ העכער פון אַלע פעלקער אין פאָלקס־בילדונג, וועהרענד דייטשלאַנד שטעהט אין דיזער הינזיכט נידריגער פון אַלע פעלקער. דייטש- לאַנד האָט אפילו גרויסע אוניווערזיטעטען מיט הויך־געלעהרטע פּראָפעסאָ- רען, אָבער דאָס נידריגע פאָלק געפינט זיך אין אַ זעהר פערנאַכלעסיגטען גייסטיגען צושטאַנד. די רעגירונג האָט ניט דעם ווילען צו בילדען דאָס פאָלק, אויך ניט דאָס נעטיגע געלט דערצו; די רעגירונג וואָלט זעהר גע- וואונשען צו געבען איהם אַלס לעהרער אויסגעדינטע סאָלדאַטען, ווי אין פריעדריך׳ס צייטען. דער אַלטער גייסט פון פריעדריך דעם גרויסען הערשט אין היינטיגער צייט מעהר ווי פריהער. ווי אין יענער צייט זוכט מען יעצט פעסטצושטעלען די גרויסקייט פון דייטשלאַנד אויף׳ן גרונד פון מיליטאַריזם מיט אַלע זיינע ברוטאַלע צוגאָבען, און אַזוי שטופּט מען אַראָפּ אין הינטער-

גרונד אַלע קולטור־אויפגאַבען. ווען, ווען וועלען די דייטשען לערנען פון דער געשיכטע ? !

## ח. עסטרייך אונטער מאַריא טהערעזיא און יאָזעף דעם 2טען.

אין דער 2טער העלפט פון דעם 18טען יאָהרהונדערט איז די אויפגאַבע פון עסטרייך געווען די זעלבע ווי פון פּרייסען ; נעמליך : די בעפעסטיגונג פון דער רעגירונגס־מאַכט און די אָפּשוואַכונג פון דער מאַכט פון די שטאַנדען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען ענטוויקלען די מאַכט פון דעם בירגערטום. די מאַכט פון די בירגער און זייערע אינטערעסען זיינען געווען אין פיינדליכע בעציהונגען צו דער מאַכט פון דעם אדעל און גרונד־בעזיצער און צו זייערע אינטערעסען. געשטיצט אויף'ן בירגערטום האָט די רעגירונג געקענט אונטערדריקען די מאַכט פון די פעאָדאַלען און פעסטשטעלען דעם אַבסאָלוטיזם (אונבעשרענקטע אַליין־הערשאַפט). די ערסטע טאַט פון בירגערטום איז געווען אָפּצושוואַכען די מאַכט פון אדעל און גייסטליכע, און העלפען דער רעגירונג צו דערגרייכען אַבסאָלוטע מאַכט, נאָכדעם האָט דאָס בירגערטום זיך געזיכערט אַן אָנטייל אין דער הערשאַפט.

אין עסטרייך־אונגאַרן האָט די רעגירונג דערגרייכט איהר אַבסאָלוטע מאַכט נאָר אין דעם וועסטליכען טייל פון לאַנד, אין אָסטליכען טייל אָבער האָט נאָך דער אדעל געהאַט זיין דריקענדעס אויבערגעוויכט. פריהער האָט דער אדעל, אָדער די בעאַמטע, וואָס דער אדעל האָט פון זיך ערוועהלט, געהאַט צו זאָרגען וועגען איינגעהמען די גרונד־שטייער, וועגען דער ערהאַלטונג פון דער אַרמעע און וועגען אַלע נעטיגע אויסגאַבען פיר איהר אויסהאַלטונג. שפּעטער אָבער האָט די רעגירונג אַליין בעשטימט די בעאַמטע פיר דיזע צוועקען, זי האָט זאָגאַר וועגען דעם ניט געפרעגט די פערזאַמעלטע אדעללייט אין לאַנדטאַג. און דיזע בעאַמטע פון דער רעגירונג האָבען אויך געהאַט די פולמאַכט אַכטונג צו געבען איבער די פּינקטליכע ערפילונג פון די געזעצען. דיזע רעגירונגס־בעאַמטע האָבען אויך ערהאַלטען דאָס רעכט אריינצומישען זיך אין שטרייטיגקייטען צווישען בויערן און גרונד־בעזיצער און צו ענטשיידען דיזע שטרייטיגקייטען. מיט איין וואָרט, די רעגירונג האָט אונטערגעוואָרפען אונטער איהר קאָנטראָל אַלע געשעפטען פון דעם אדעל. זינט 1770 האָבען די קאַסען פון דעם אדעל געמוזט אונטערוואַרפען זיך אונטער דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג, און אויסער דעם האָבען דיזע פּערלאָרען אַ רייהע פון איינקונפטען. דאָס איז פיר די שטאַנדען געווען דער גרעסטער קלאַפּ, ווייל נאָר געלט איז מאַכט, און ווען אַן אָרגאַניזאַציאָן האָט

ניט קיין געלט, איז זי מאַכטלאָז, און קען קיין זאַך ניט אונטערנעהמען.

אויך די בויערן־בעפרייאונג האָט געהאַט דעם זעלבען צוועק: צו פער־שטאַרקען דעם אַבסאָלוטיזם און אָפּשוואַכען די הערשאַפט פון דער אַריס־טאָקראַטיע.

מיר האָבען שוין פריהער אָנגעדייטעט, דאָס מאַריא טהערעזיא האָט אָנגעפאַנגען דורכצופיהרען אין עסטרייך־אונגאַרן דעם פּראָיעקט פון דער בויערן־בעפרייאונג. זי האָט געהאַט אין אויסזיכט ניט מענשען־פריינד־ליכע פּרינציפּען, נאָר די פערבעסערונג פון די פינאַנצען אין רייך, ווי אויך אַנדערע פּאָליטישע גרינדען. די שטייערן פון גרונד־בעזיץ האָבען נאָר דאַן געקענט זיין געזיכערט און ברייגנען די געווינשטע פּרוכט, ווען דער בויער וועט זיין פריי און וועט זעלבסט מוזען צאָהלען די אָפּגאַבען פיר זיין גרונד. די מאַכט פון דער אַרמעע קען שטייגען נאָר דאַן, ווען דער גרונד־הערר וועט ניט האָבען מעהר דאָס רעכט צו פערבאָטען דעם בויער הייראַטען ווען ער וויל, און ווען דער בויער וועט ניט זיין געצוואונגען אויסצואוואַנדערן פון זיין דאָרף אין אַן אַנדער לאַנד. אויסער דעם איז דער פרייער בויער אַ גרויסע געגען־מאַכט געגען דער אַריסטאָקראַטיע. אָהן לייבאייגענע זיינען זיי, די הערען, מאַכטלאָז. דאָס זיינען געווען די הויפּט־מאָטיווען, וואָס מאַריא טהערעזיא האָט זיך גענומען צו בעפרייען די בויערן.

פריהער פון אַלעס האָט עסטרייך איינגעפיהרט אַ בוך, אין וועלכען עס איז געוואָרען פערצייכענט דער גרונד־בעזיץ פון יעדען גוטס־בעזיצער און ווי פיעל און וואו יעדער בויער פערנעהמט גרונד־בעזיץ. דיזעס בוך האָט געהייסען „דער קאַטאַסטער". דערביי האָט די רעגירונג פערוועהרט אָפּצונעהמען פון דעם בויער זיין בעזיץ און האָט בעשטימט אַ גרויסע שטראָף אויף דעם יעניגען גוטס־בעזיייער, וועלכער וועט דיזעס געזעץ ניט אָפּהיטען. אין יאָהר 1751 האָט די רעגירונג בעלאַסטעט מיט אָפּגאַבען די אַלע הערשאַפטליכע גיטער, וואָס זיינען ביז דאַן געווען פריי פון אַלע שטייערן. פון דעם יאָהר 1754 האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבען אייניגע געזעצען, וועלכע האָבען געהאַט דעם צוועק צו ערלייכטערן דעם צושטאַנד פון די בויערן. זעהר וויכטיג איז געווען דאָס געזעץ, וועלכעס האָט אָפּגע־נומען פון גוטס־בעזיצער דאָס רעכט צו בעשטראָפען אַ בויער אָהן דער צו־שטימונג פון דעם קרייז־בעאַמטען.

נאָך דעם הונגער־יאָהר 1770—1771 האָט די רעגירונג בעשטימט אַ הויף־קאָמיסיאָן, וועלכע האָט געהאַט איהר פליכט אויסצוגלייכען די שטריי־טיגקייטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען די בויערן און זייערע הערען

וועגען דער אַרבייט, וואָס די הערען האָבען פון זיי געפאָדערט צו טאָן פיר זיי אומזיסט געוויסע טעג אין דער וואָך. דיזע קאָמיסיאָן האָט געמאַכט אַ פערצייכניס פון אַרבייטען, וואָס די בויערן האָבען געמוזט טאָן פיר זייערע הערען אומזיסט.

אין יאָהר 1770 האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, דאָס יעדער בויער האָט דאָס רעכט אָפּצוקויפען דאָס שטיק גרונד, וואָס ער בעאַרבייט, אויף לייכטע אָפּצאָהלונגען, צו וועלכע די רעגירונג האָט איהם געהאָלפען. מיט דיזען געזעץ האָט מען לאַנגזאַם פאָרבערייט דעם וועג צו דער פאָל-שטענדיגער בעפרייאונג פון די לייבאייגענע.

דער קייזער יאָזעף דער 2טער איז געווען אין דיזער אויפגאַבע נאָך מעהר ראַדיקאַל, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג, ווייל ער איז צו ראַש געגאַנגען אויף דיזען וועג. די רעגירונג פון מאַריאַ טהערעזיאַ איז געווען פאָרזיכטיגער, דעריבער איז זי געווען ערפאָלגרייכער און איהר איז געלונגען צו פערבעסערן די פינאַנצען פון לאַנד, ניט אַכטענדיג, וואָס דער שווערער קריג האָט פערשאַפט דעם לאַנד פיעל שאָדען.

די איינקונפטען פון קעניגליכע גיטער זיינען געווען אין עסטרייך-אונ-גאַרן זעהר קליין, אָבער דערפאַר האָט דאָ די רעגירונג געהאַט אַנדערע איינ-קונפטען: פון בערג-ווערק, לאָטעריע און טאַבאַק-מאָנאָפּאָל. דערצו האָט דער לאַנדטאַג בעשלאָסען, דאָס די גוטס-בעזיצער, די וועלטליכע און די גייסטליכע, זאָלען צאָהלען 15 פּראָצענט פון זייערע איינקונפטען, וועהרענד די בויערן האָבען געמוזט צאָהלען 30 פּראָצענט. פון דיזע אַלע איינקונפטען האָט די רעגירונג אַריינגענומען אין יאָהר 1748 איבער 36 מיליאָנען גולדען, אין יאָהר 1754 ביז 40 מיליאָנען גולדען, און אין יאָהר 1763 ביז 54 מי-ליאָנען גולדען.

די אויסגאַבען אין דיזען יאָהר האָבען בעטראָפען: 17 מיליאָנען פיר דאָס מיליטער, 15 מיליאָנען אויף צינזען פיר שולדען און צו בעצאָהלען אַ טייל פון די שולדען, 8 מיליאָנען אויף פערשיידענע געהאַלטען פיר בע-דינטע אין שטאַאַט, און 3 מיליאָנען פיר דעם הויף.

דער צואוואוקס פון דער בעפעלקערונג איז געווען זעהר אַ קליינער און אַ לאַנגזאַמער. פון יאָהר 1754 ביז צום יאָהר 1784, ד. ה. אין פערלויף פון פולע 30 יאָהר, זיינען צוגעקומען אין עסטרייך-אונגאַרן ניט מעהר ווי 1½ מיליאָנען נפשות; אין יאָהר 1754 האָבען דאָרט די איינוואוינער גע-צעהלט 6,134,558, און אין יאָהר 1784 האָט די צאָהל איינוואוינער בע-טראָפען 7,973,404.

וועגען דער טעטיגקייט פון מאַריאַ טהערעזיאַ און איהר זאָרג צו פער-ברייטען אין לאַנד אינדוסטריע און האַנדעל האָבען מיר ניט צו זאָגען עט-וואָס בעזונדערעס. דיזע זאַכען זיינען אין עסטרייך געווען אין דעם זעלבען צושטאַנד, אין וועלכען זיי האָבען זיך געפונען אין אַלע איבריגע לענדער פון אייראָפּאַ, אויסער ענגלאַנד. דער האַרטער דרוק, וואָס האָט געדריקט די בויערן, די שלעכטע ווירטשאַפט אין דער פערוואַלטונג פון די גרויסע גיטער, דער האַס און ווידערשטאַנד געגען יעדער רעפאָרמע, די אָפּזונדערונג פון די פעלקער איינס פון דעם אַנדערען — דאָס אַלעס האָט פיעל געהינדערט צו דער ענטוויקלונג פון אַ זעלבשטענדיגען פאָלקס-גייסט, און דאָס אַלעס האָט געבראַכט די עסטרייכישע שטאַאַטס-עקאָנאָמיע אין אַ זעהר שלעכטען צו-שטאַנד.



מאַריאַ טהערעזיאַ.

אין רעליגיעזער הינזיכט האָט מאַריאַ טהערעזיאַ געהאַט אַלס הערשע-רין אַנדערע אַנזיכטען, פערשיידענע פון די, וועלכע זי האָט געהאַט אַלס אַ פּריוואַט-פּערזאָן. זי זעלבסט איז געווען זעהר רעליגיעז, זי פלעגט יעדען טאָג געהן אין קירכע צו זיין אַנוועזענד ביים געטליכען דינסט, פלעגט זעהר אָפט בעזוכען מאָנאַסטירען, אָבער ביי אַלעם דעם האָט זי ניט ערלויבט דער גייסטליכקייט צו נעהמען זיך צו פיעל רעכטען געגען דעם פאָלק. אין יאָהר 1754 האָט די רעגירונג פערקלענערט די צאָהל פון די קאַטאָלישע פייערטעג, און האָט פערבאָטען צו גרינדען נייע מאָנאַסטירען. זי האָט פערבאָטען די עקסיסטירענדע מאָנאַסטירען צו שיקען געלט דעם פּאַפּסט, און האָט זיי אויך ניט ערלויבט צו האָבען מיט'ן פּאַפּסט פערבינדונגען, סיידען דורך די

עסטרייכישע רעגירונג. די רעגירונג האָט אויך פערבאָטען די פילגער=רייזען נאָך היילינע ערטער, וואָס האָבען זיך געפונען אין אויסלאַנד, ווייל דערמיט ווערט אַרויסגעפיהרט פון לאַנד פיעל געלט. די שולען, וועלכע זיינען ביז דאַן געווען אין די הענט פון די גייסטליכע, האָט זי איבערגעגעבען צו וועלט-ליכע לעהרער און בעאַמטע, און האָט רעפאָרמירט די גאַנצע שול=איינריכ-טונג. מאַריאַ טהערעזיאַ האָט ווירקליך פערדינט צו ווערען אָנערקענט אַלס גרינדערין פון דער עסטרייכישער פאָלקס=שולע.

פערזענליך איז מאַריאַ טהערעזיאַ געווען אַן אויסגעצייכענטע מוטער און אַ טרייע פרוי. זי איז געווען אַ זעהר טרייע ווייב צו איהר מאַן פראַנץ סטעפאַן, ניט ווי די קעניגינס אין פראַנקרייך און די קייזערינס אין רוסלאַנד, הגם איהר מאַן איז איהר ניט ווערט געווען, ווייל ער האָט איהר פערשאַפט פיעל צער מיט זיין זינדיגער ליבע צו דער פירסטין ווילהעלמינע פון אוערס-בערג, די טאָכטער פון פעלדמאַרשאַל נייפפערג. ביז דעם 7=יעהריגען קריג האָט זי געלעבט גליקליך אין דעם קרייז פון איהרע קינדער. זי האָט געהאַט פינף זיהן און עלף טעכטער, נאָכדעם האָט זי פערלאָרען די קינדער איינס נאָך דעם אַנדערען, און זי איז געבליבען כמעט איינזאַם. זי האָט זיך דאַן געפיהלט זעהר פרעמד. אין דער אויסלענדישער פאָליטיק האָט זי מעהר ניט גענומען קיין אָנטייל. צו מאַכען זעלבסט רעפאָרמעס אין לאַנד האָט זי ניט געהאַט קיין בעזונדערע נייגונג. דיזע ביידע זאַכען האָט זי איבערגע-לאָזען פיר איהר זוהן יאָזעף דעם 2טען, וועלכער איז געווען איהר טראָן=-פאָלגער.

מאַריאַ טהערעזיאַ איז געשטאָרבען אין יאָהר 1780. איהר זוהן, י אָ-ז ע ף ד ע ר 2 ט ע ר, איז נאָך אין יאָהר 1765 געקרוינט געוואָרען אין פראַנקפורט אַלס קייזער פון עסטרייך=אונגאַרן. די מוטער האָט איהם שוין דאַמאָלס צוגענומען אַלס מיט=רעגירער, אויך זיין פאָטער איז געווען אַ מיט=רעגענט. יאָזעף דער 2טער איז געווען אַ זעהר ענערגישער מענש און האָט געשטרעבט צו געהן פאָרווערטס. זיין כאַראַקטער איז געווען פון אַן אַבסאָלוטען הערשער און צו אַבסאָלוטער הערשאַפט האָט ער געשטרעבט זיין גאַנצעס לעבען. ער האָט געוואָלט איינפיהרען אין עסטרייך, וועלכע איז בעשטאַנען פון פערשיידענע לענדער און נאַציאָנאַליטעטען, אַן איינ-הייטליכע רעגירונג און אָרדנונג פיר אַלע נאַציאָנאַליטעטען פון זיין לאַנד, און דורך די צענטראַליזאַציאָן פון דער רעגירונג האָט ער געזוכט צו מאַכען עסטרייך פיר אַ בעהערשענדע מאַכט אין אייראָפּאַ.

מיט אונגעדולד האָט זיך יאָזעף דער 2טער גענומען דורכצופיהרען דיזען פלאַן. ער האָט גענומען איינפיהרען אין גאַנצען לאַנד איין פאָרמע פון רעגירונג. דאָס לאַנד איז געוואָרען צוטיילט אויף גובערניעס (פּראָ-ווינצען), אין יעדער גובערניע איז געווען בעשטימט אַ גובערנאַטאָר. דאָס שטייער־רעכט פון די שטאַנדען איז דורך אַ פאַטענט פון יאָהר 1785 אָפּ-געשאַפט געוואָרען.

דעם אונגאַרישען רייכסטאַג האָט ער מעהר ניט צוזאַמענגערופען. די אַלע קאָמיטאַטס־בעאַמטע און די מאַגיסטראַטען פון די שטעדט האָט די רעגירונג אַליין בעשטימט. אַלס אָפיציעלע שפּראַך פיר אַלע פּראָווינצען איז געוואָרען בעשטימט דייטש. זאָגאַר אין אונגאַרן, וואו די שפּראַך פיר די רעגירונגס־אַנשטאַלטען איז געווען די לאַטיינישע, איז איינגעפיהרט גע-


קייזער יאָזעף דער 2טער.

וואָרען די דייטשע שפּראַך. אויך די געריכטליכע אַנשטאַלטען האָבען בע-קומען די זעלבע איינהייטליכע פאָרמע. די אַלגעמיינע געריכטס־אָרדנונג, וואָס איז אין יאָהר 1782 איינגעפיהרט געוואָרען אין די בעהמיש־עסטריי-כישע לענדער, איז געוואָרען איינגעפיהרט אין יאָהר 1785 אויך אין אונ-גאַרן. אין יאָהר 1786 איז פערפאַסט געוואָרען אַ נייעס שטראָף־געזעצבוך, וועלכעס האָט פיעל בעשרענקט די טויט־שטראָף, אָבער האָט פערגרעסערט אַנדערע שטראָפען. מיט אַ יאָהר שפּעטער איז אויך בעאַרבייט געוואָרען אַ נייעס בירגערליכעס געזעצבוך. איבערהויפּט זיינען פיעל געענדערט און רעפאָרמירט געוואָרען די געזעצען פיר דעם בויערן־שטאַנד.

מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, דאָס יאָזעף דער 2טער האָט גע-שטרעבט צו ענדערן ראַדיקאַל די פערהעלטניסען פון די בויערן. דיזע ענ-ד'ערונג האָט ער געשטרעבט צו מאַכען ניט פון פרינציפּ פון יושר, פון מענ-שען=רעכט, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט פערשטאַרקען זיין אבסאָלוטע הער-שאַפט און אָפּשוואַכען די מאַכט פון דעם אדעל. דיזע שטרעבונגען זיינע זיינען געווען שטאַרק אונטערשטיצט פון די אידעען פון די פיזיאָקראַ-טען, וועלכע האָבען געהערשט אין יענער צייט.

לויט די אידעען פון די פיזיאָקראַטען איז דער הויפּט=פונדאַמענט פון א גוטען עקאָנאָמישען צושטאַנד דער אַקערבוי. נאָך זייער מיינונג איז דער האַנדעל און די אינדוסטריע נאָר א צווייג פון אַקערבוי, און דעריבער מוזען געבומען ווערען אין אַכט און געשטיצט ווערען נאָר אַזאַ האַנדעל און אַזאַ אינדוסטריע, וועלכע ברייננגען אין פערקעהר אָדער בעאַרבייטען היי-מישע רויהע מאַטעריאַלען. ווען דער האַנדעל ברייננגט אויסלענדישע רויהע שטאָפען אָדער לעבענסמיטלען איז דאָס זעהר געפעהרליך פיר דעם היימי-שען אַקערבוי. די געזעצגעבונג מוז מיט אַלע קרעפטען און מיטלען ניט דערלאָזען אַזאַ מין האַנדעל און אַזאַ מין אינדוסטריע. זייער שפּרוך איז געווען: „אַן אָרימער בויער, אַן אָרימעס לאַנד, אַן אָרימער קעניג". האַנ-דעל און אינדוסטריע פערדינען ניט געשיצט צו ווערען. זיי שאַפען ניט קיין נייעם רייכטום, זיי בעאַרבייטען נאָר דאָס, וואָס איז שוין פאַראַן, אָדער זיי ברייננגען עס פון איין אָרט אויף אַן אַנדערען.

אונטער דער הערשאַפט פון אַזעלכע אידעען האָט יאָזעף דער 2טער באַלד אין ערסטען יאָהר פון זיין רעגירונג אָנגעהויבען אָפּצושאַפען די לייב-אייגענשאַפט אין די לענדער פון זיין ממשלה, וואו זיי האָבען נאָך עקסיס-טירט, ווי בעהמען, מעהרען, קראַין און גאַליציען. צו גרויס איז די נייע פרייהייט, וואָס די לייבאייגענע האָבען בעקומען, ניט געווען. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט אַן אונטערטאַן ניט געהאַט קיין רעכט צו הייראַטען אָהן דער ערלויבניס פון דער רעגירונג.

דער פרייער בויער, וועלכער האָט געוואָלט פאַרטזעצען צו בעאַרביי-טען די ערד, וואו ער איז געזעסען, האָט זי געקענט אָפּקויפען אויף גרינגע אָפּצאָהלונגען. דער בויער איז דורך דעם געוואָרען אַן אונאָפּהענגיגער גרונד=בעזיצער. דיזעם אייגענטום האָט דער בויער געהאַט דאָס רעכט צו פערקויפען און צו פער'משכון'ען. הגם די פרייע בויערן זיינען נאָך געבלי-בען אונטערוואָרפען אונטער די געריכטס=אַנשטאַלטען פון די גוטס=בעזיצער, האָט יאָזעף דער 2טער געזוכט ווי ווייט מעגליך די גערעכטיגקייט צו פער-

שטאאטליכען. אויך אין אונגארן האָט יאָזעף דער 2טער געוואָלט דורכ-פיהרען זיינע פּלענער, אָבער דער מאַגיארישער (אונגארישער) אדעל האָט איהם דערין פיעל געשטערט. איינינע טעג פאר זיין טויט האָט ער צוריק-גערופען אַלע רעפאָרמעס, וואָס ער האָט געמאַכט וועגען די בויערן זינט דעם טויט פון זיין מוטער מאַריאַ טהערעזיאַ, אויסער דער אָפּשאַפונג פון לייבאייגענשאַפט, וועלכע איז געבליבען אין קראַפט. דער צייט־גייסט האָט ניט ערלויבט צו מאַכען וועגען דעם אַ ריקשריט.

אום צו הייבען די אינדוסטריע האָט יאָזעף דער 2טער פערבאָטען אריינצופיהרען אויסלענדישע וואַארע, און דערפאַר האָט ער אין לאַנד זעלבסט געגעבען דעם האַנדעל און דער פאַבריקאַציאָן גרויסע פרייהייט. דיזע אָרד-נונג האָט געהאַט אַ זעהר גוטען איינפלוס אויף דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון בעהמען און מעהרען. אין בעהמען איז די צאָהל פון פאַבריקען צוגע-וואַקסען אין 6 יאָהר, פון 1780 ביז 1786, אויף 122 מעהר, אזוי דאָס אָנ-שטאָט וואָס אין יאָהר 1780 זיינען געוועזן אין בעהמען נאָר 50 פאַבריקען, זיינען אין יאָהר 1786 דאָרט געוועזן 172 פאַבריקען, אין וועלכע עס האָבען געאַרבייט קרוב צו 400,000 מענליכע אַרבייטער. וויען האָט בעשעפטיגט אין יאָהר 1784 אין 117 פאַבריקען איבער 50,000 אַרבייטער.

אַ זעהר שטאַרקען שטרייט האָט יאָזעף דער 2טער געהאַט דורך זיין קירכען־פּאָליטיק. ער האָט בעשלאָסען צו צוברעכען די מאַכט פון די גייסט-ליכע אום ער זאָל קענען פערברייטערן זיין הערשאַפט אויך אויף דעם רע-ליגיעזען געביט, אזוי ווי עס איז געוועזן איינגעאָרדענט אין די פּראָטעסטאַנ-טישע לענדער. ער האָט דעריבער אָנגעהויבען אריינצומישען זיך אין קיר-כען־אַנגעלעגענהייטען און הערשעווען דאָרט. צו דיזען צוועק האָט ער אין יאָהר 1781 אַרויסגעגעבען זיין טאָלעראַנץ־עדיקט, לויט וועלכען אַלע קריסט-ליכע סעקטען, די פּראָטעסטאַנטען און די גריכישע קריסטען, האָבען די זעלבע פּאָליטישע רעכטען ווי די קאַטאָליקען. פון דעם יאָהר 1782 האָט ער אָנגעהויבען צו פערקלענערן אין לאַנד די צאָהל פון די מאָנאַסטירען. ביז דעם יאָהר 1770 זיינען אין לאַנד געוועזן 2,162 מאָנאַסטירען, און ביז אין יאָהר 1786 האָט יאָזעף דער 2טער פערקלענערט זייער צאָהל אויף 1,425. איבער 46,000 מאָנאַכען זיינען געבליבען אָהן אַ היים און האָבען געמוזט אויפגעבען זייער לעבען פון לעדיג־געהן און נעהמען זיך צו וועלכער עס איז פּראָפעסיאָן. דאָס פערמעגען פון די פערמאַכטע מאָנאַסטירען איז קאָנפיסקירט געוואָרען, און אין יאָהר 1788 האָט עס אַריינגעטראָגען איבער 2,000,000 גולדען. די איינקונפט פון די קאָנפיסקירטע מאָנאַסטירען האָט

ער פערברויכט אויף גרינדען פאָלקס־שולען, וועלכע זיינען געווען פיר דאָס פאָלק פיעל וויכטיגער און נעטיגער. די מאָנאַסטירען, וועלכע זיינען ניט געשלאָסען געוואָרען, האָט ער געשטעלט אונטער דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג. ער האָט פערבאָטען די גייסטליכע צו האָבען געשעפטען מיט דער פּאַפּסטליכער רעגירונג אין רוים, און האָט זיי געשטעלט אונטער דער ליטונג פון די בישאָפען פון לאַנד. עס איז אויך פערבאָטען געוואָרען די מאָנאַסטירען צו שיקען געלט צום פּאַפּסט אין רוים, ווי זיי זיינען געווען געוועהנט צו טאָן פריהער.

דער פּאַפּסט פּיאוס דער 6טער איז אַליין געקומען נאָך ווין, אום צו פערהאַנדלען פּערזענליך מיט'ן קייזער יאָזעף דעם 2טען. אזא זאַך האָט נאָך קיין פּאַפּסט פריהער ניט געטאָן. דער פּאַפּסט האָט אָנגעווענדט אַלער־ליי מיטלען אום צוריקצורופען די גזירות וועגען די מאָנאַסטירען, וואָס דער קייזער האָט אַרויסגעגעבען. ער האָט געבעטען, ער האָט זיך געבייזערט און געפּרובּט דעם קייזער אָנשרעקען — עס האָט אָבער קיין זאַך ניט גע־האָלפען צו בעוועגען דעם קייזער צו ענדערן זיין האַנדלונג געגען די מאָ־נאַסטירען און זיינע בעציהונגען צו די קלעריקאַלען, הגם דער קייזער און דער גאַנצער הויף האָבען אַרויסגעצייגט צום פּאַפּסט גרויס רעספּעקט און עהרע (אפּריל 1782).

דעם קייזער יאָזעף דעם 2טען איז געווען ווייניג צו מאַכען דיזע רעפאָר־מען אין עסטרייך, ער האָט זיך גענומען צו מאַכען די זעלבע רעפאָרמען אויך אין בעלגיען און אין די איטאַליענישע פּראָווינצען, וועלכע זיינען גע־ווען אונטער זיין הערשאַפט. אָבער אין בעלגיען האָט ער אין דיזער אונ־טערנעהמונג גאָרניט געקענט אויספיהרען. עס האָט דאָרט זאָגאַר אַרויסגע־רופען אַ רעוואָלוציאָן, אין וועלכער עס האָבען גענומען אָנטייל ניט די מאָ־נאַכען, נאָר די שטאַנדען, וועלכע האָבען ניט געוואָלט דערלאָזען, דאָס די רע־גירונג זאָל פון זיי צונעהמען זייערע רעכטען און פּריווילעגיעס. אָנגעהויבען האָט זיך דער אויפשטאַנד פון די סטודענטען. ווען דעם קייזער איז געלונ־גען דיזען אויפשטאַנד צו דערשטיקען, האָבען זיך אויפגעהויבען געגען איהם די קלעריקאַלען און דער אַדעל. די שטאַנדען פון בראַבאַנט האָבען זיך ענטזאַגט צו צאָהלען די שטייער ביז דער קייזער וועט צוריקרופען זיינע רע־פאָרמעס. זיי האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ מיליטערישע מאַכט פון בירגער, וועלכע האָט געהאָלפען אָפּשאַפען די רעפאָרמעס און ברייינגען די זאַכען צו זייער פריהערדיגען צושטאַנד. דער קייזער האָט געפּרובּט מיט מיליטערי־שער מאַכט דעם אויפשטאַנד צו אונטערדריקען, אָבער עס איז איהם ניט

געלונגען. דאָס פאָלק האָט זיין מיליטער צוריקגעטריבען. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די נידערלענדישע פראָווינצען האָבען זיך ערקלערט אונאָפּהענגיג און האָבען געזעצט אין בריססעל אַ קאָנגרעס (יוני 1790).

דערווייל איז קייזער יאָזעף דער 2טער געשטאָרבען. ער האָט אין דער צייט פון דעם קריג מיט טערקיי בעקומען אַ קראַנקהייט ווען ער איז געווען אין די לענדער פון דעם דונאַי. דיזע קראַנקהייט איז געוואָרען פיעל שטאַרקער פון עגמת נפש פון דעם, וואָס זיינע פּלענער זיינען ניט דורכגעפיהרט געוואָרען. ניט לאַנג פאַר זיין טויט האָט ער אָפען ערקלערט, דאָס ער האָט געוואָלט פיר דאָס פאָלק נאָר דאָס בעסטע; אויב אָבער ער האָט געמאַכט אַ טעות, האָפט ער, דאָס גאָט וועט איהם פערצייהען. נאָך זיין טויט איז עסטרייך צוריק אַוועק אויף איהרע אַלטע וועגען. אייניגע רעפאָרמעס זיינע זיינען פערבליבען, ווייל דער צייט־גייסט האָט ניט ערלויבט צוריקצוציהען זיי.

איבער די אַנדערע דייטשע שטאַאטען, די גרעסערע ווי די קלענערע, איז ניטאָ פיעל צו זאָגען. איבעראַל אין די קעניגליכע הויפען האָט מען נאָכגעאַהמט לודוויג דעם 14טען, און דיזע נאָכאַהמונג האָט אַלעמען געקאָסט זעהר טייער. אין קיין צייט האָט מען ניט אַזוי פיעל בערויבט דאָס דייטשע פאָלק, ווי אין דיזער צייט פון ליבעראַלע פּראַזען, ווי אין דיזער צייט, וועלכע איז אַזוי בעריהמט מיט איהר אויפקלערונג. דיזע אויפקלערונג האָט נאָר געהאָלפען די פירסטען און די בירגער צו פערניכטען די פּריווילעגיעס און די בעזונדערע רעכטען פון די שטאַנדען (פון אדעל און קלעריקאַלען). די זאַקסען האָבען געליטען פון די פערשווענדונגען פון די פירסטען פיעל מעהר ווי פון די אונגעהייערע קאָסטען פון דעם קריג. אין יאַלצבורג און אין קאַססעל האָט מען אויסגעגעבען אויף טייערע געביידעס אַזוי פיעל געלט, דאָס די געוועהנליכע שטייערן האָבען ניט געקענט דעקען די אַלע אויסגאַבען און מען האָט געמוזט רייסען פון פאָלק ספּעציעלע אָפּגאַבען. קאַססעל, ווירטעמבערג און אַנדערע דייטשע שטאַאטען האָבען פערקויפט צו ענגלאַנד גאַנצע רעגימענטען פון דייטשען פאָלק צו שטרייטען פיר ענגלאַנד געגען די אַמעריקאַנער, וועלכע האָבען זיך געוואָלט בעפרייען פון ענגלאַנד.

זעהר כאַראַקטעריסטיש זיינען די געזעצען וועגען יאַגד, וואָס זיינען דאַמאָלס, אין דער צייט פון „אייפקלערונג״, אַרויסגעגעבען געוואָרען אום צו זיכערן דאָס פערגניגען פון די פירסטען און דעם אַדעל. זיי זיינען כאַראַקטעריסטיש מיט זייער גרויזאַמקייט. אַזוי צ. ב. האָט מען אין ווירט-

**טעמבערג** ארויסגעפאָדערט טויזענדער בויערן אין דער צייט פון זעען אָדער שניידען צו מאַכען קינסטליכע זעען (אָזערעס) אום צו פערשאַפען דעם פירסט פערגניגען ביים וואסער־יאגד. עס האָט דאַמאָלס **געהערשט** די טיפסטע ערנידריגונג פון דער אַרבייטער־קלאַס און די העכסטע דעספּאָטישע הערשאַפט פון די פירסטען.

עס פערשטעהט זיך, דאָס אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָבען דער האַנדעל און די אינדוסטריע געליטען זעהר שטאַרק. דער ארויספיהר־האַנדעל פון דייטשלאַנד איז נאָר בעשטאַנען אין לייווענט און מעטאַל־וואַארען, **וועלכע** פלעגען געהן נאָך ענגלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און אין די שווייץ. אייניגע דייטשע שטאַאַטען האָבען אויך געשיקט נאָך אויסלאַנד בוטער, קעז, וויין און וואָל.

**גאַנץ** אַנדערס איז עס געוועזען מיט דעם אַריינפיהר פון **אויסלענדישע וואַארען**. אין דייטשלאַנד איז געוועזען זעהר שטאַרק ענטוויקעלט דער געטהעע, צוקער, רייז, געווירצען, טאַבאַק און פראַנצויזישע ווײַנען. צו ענדע **ברויך** פון אויסלענדישע מאָדע־וואַארען און לוקסוס־אַרטיקלען, ווי קאַפּע, פון 18טען יאָהרהונדערט איז דער אַרויספיהר אין די האַנזאַ־שטעדט געוועזען 32 מיליאָנען, און דער אַריינפיהר פון פראַנקרייך 80 מיליאָנען. דאָס זעלבע איז געוועזען אין דעם האַנדעל מיט ענגלאַנד.

און מיט וואָס האָט מען אויסגעפילט דעם אונטערשייד צווישען אַרויספיהר און אַריינפיהר? מיט סובסידיעס פון אַנדערע לענדער. ענגלאַנד האָט געגעבען דייטשלאַנד פיר די טרופּען, וואָס די דייטשען האָבען געשיקט אין דער צייט פון דעם 7־יעהריגען קריג, 21 מיליאָנען פונט סטערלינג. נאָך מעהר שענדליך זיינען געוועזען די אייננקונפטען, וואָס דייטשלאַנד האָט געהאַט פון בעשטעכונג (כאַבאַר), וואָס פראַנקרייך האָט איהר געגעבען צו דערגרייכען מיט איהר הילף געוויסע פּאָליטישע צוועקען. פון יאָהר 1750 ביז דעם יאָהר 1772 האָט דייטשלאַנד געקראָגען כאַבאַר פון פראַנקרייך 137 מיליאָנען ליוורעס. פיר דיזע זינדיגע סומעס האָבען דייטשלאַנד'ס רעגירער פערקויפט **צו פראַנקרייך דאָס גליק פון פאָטערלאַנד און זייער אייגענע עהרע.**



# רוסלאַנד.

## א. פון פעטער דעם גרויסען׳ס טויט ביז יעקאַטערינאַ דער 2טער.

**י**עקאַטערינאַ די 1טע. נאָך פעטער׳ס טויט איז אַרויף אויף דעם רוסישען טראָן זיין פרוי יעקאַטערינאַ אונטער דעם נאָמען י ע ק אַ ט ע ר י נ אַ   ד י   1 ט ע. זי איז געווען די אונגעזעצליכע טאָכטער פון אַ ליפלאַנדער בויער. נאָך דעם, ווי זי האָט איינינע יאָהר געדינט ביי אַ גלח, האָט זי געהייראַט אַ שוועדישען דראַגונער, וועלכער איז קורץ נאָך דעם אַוועק אויף אַן עקספּעדיציאָן און איז מעהר ניט געקומען צוריק. זי האָט דאַן געלעבט ביי דעם רוסישען גענעראַל באַוער אַלס דינסט אָדער געליבטע, מען ווייס ניט בעשטימט. דאָ האָט זיך קניאַז מענשיקאָוו אין איהר פערליבט און האָט זי געמאַכט פיר זיין מעטרעסע. ענדליך איז פּעטער דער גרויסער געוואָרען אויפמערקזאַם אויף איהר און ער האָט זי געמאַכט פריהער אַלס זיין מעטרעסע און דאַן אַלס זיין קייזערין.

ווען פעטער דער גרויסער האָט אונטערגענומען זיין צווייטע רייזע נאָך פּאַריז צוזאַמען מיט זיין פרוי, די קייזערין יעקאַטערינאַ, איז דאַמאָלס אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען איהם און זיין טראָן־פאָלגער אַלעקסיי. שוין פריהער איז אַרויס אַ שנאה צווישען פעטער׳ן און זיין זוהן אַלעקסיי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער געגנער פון אַלע פעטער׳ס רעפאָרמעס, ווי פיעלע אַנדערע רוסען פון זיין צייט. דערצו האָט ער מורא געהאַט, דאָס ער וועט אָפּגעשטויסען ווערען פון טראָן צוליב זיין אינגערען ברודער, פעטער׳ס זוהן פון דער צווייטער פרוי, יעקאַטערינאַ. ער איז ענטלאָפען פון זיין פאָטער צו זיין שוואָגער, קייזער קאַרל דעם 6טען, וועלכער האָט איהם בעהאַלטען אין נעאַפּעל. אָבער פעטער האָט געצוואונגען קאַרל׳ען, אַז ער זאָל זיין זוהן אַלעקסיי אָפּשיקען צוריק נאָך רוסלאַנד, און דאָ האָט ער איהם געצוואונגען אָפּצוזאָגען זיך פון טראָן, און אין יאָהר 1718 האָט אַלעקסיי פאַר אַ פייערליכער פערזאַמלונג זיך ענטזאַגט פון טראָן. אין דער זעלבער צייט

האָט פּעטער געפונען אַ פערשווערונג צווישען פיעלע פון זיינע גרויסע בע-אַמטע, וועלכע האָבען געהאַלטען די זייט פון זיין זוהן אַלעקסיי. דיזע בע-אַמטע האָט ער געשטעלט צום געריכט, און די, וואָס זיינען געפונען גע-וואָרען שולדיג, האָט ער געהייסען הינריכטען. פּעטער האָט געוואָלט זיך דערוויסען אויף ריכטיג, ווער עס זיינען געווען די איבריגע לייט, וואָס האָ-בען זיך בעטייליגט אין דער פערשווערונג, אָבער ער האָט פון איהם גאָרניט געקענט אַרויסקריגען. ער האָט איהם דערפאַר געלאָזט צוויי מאָל קנוטע-ווען, אָבער ער האָט פון איהם וועניג ערפאַהרען. פּעטער האָט בעשטימט אַ געריכט איבער זיין זוהן אַלעקסיי, און די ריכטער האָבען איהם פער'-משפּט צו טויט-שטראָף. ער איז אָבער געשטאָרבען אין פעסטונג איידער עס איז געקומען די צייט פון זיין הינריכטונג.

קיין טראָן-פאָלגער נאָך אַלעקסיי'ס טויט איז ניט געווען בעשטימט. אין יאָהר 1719 איז געשטאָרבען יעקאַטערינאַ'ס זוהן פון פּעטער'ן. דער נעכסטער טראָן-פאָלגער פון רוסלאַנד איז געווען אַלעקסיי'ס זוהן. אָבער פּעטער האָט אַרויסגעגעבען אַן אוקאַז, דאָס ער זעלבסט וועט בעשטימען ווער עס זאָל זיין דער טראָן-פאָלגער נאָך איהם. נאָר ער איז געשטאָרבען פון אַ פערקיהלונג (1725) און האָט קיין טראָן-פאָלגער ניט בעשטימט.

דאַן האָבען זיך געבילדעט אין רוסלאַנד צוויי פּאַרטייען: איינע איז געווען פיר פּעטער'ס אלמנה יעקאַטערינאַ און די אַנדערע פיר זיין עניקעל פּעטער אַלעקסייעוויטש. די אָפיצערען און די גווארדיע האָבען געהאַלטען פיר יעקאַטערינאַ'ן. מיט זייער הילף איז יעקאַטערינאַ בעשטימט געוואָרען אַלס זעלבסט-הערשערין אונטער דעם זעלבען טיטעל ווי פּעטער. זי האָט געהערשט אין דעם זעלבען גייסט ווי איהר מאַן פּעטער, אַזוי דאָס איהר רעגירונג איז געווען אַ פאָרטזעצונג פון דער רעגירונג פון פּעטער'ן.

יעקאַטערינאַ די 1טע האָט געפיהרט די רעגירונג זעהר מילד און קלוג. זי האָט פערקלענערט די יעהרליכע קאָפּ-שטייער; זי האָט צוריקגערופען די מעהרסטע פון די, וועלכע פּעטער האָט פערשיקט נאָך סיביר; זי האָט געהייסען צואוואַרפען אַלע תליות און צושטערען אַלע טאָרטור-אינסטרו-מענטען; זי האָט בעצאָהלט די סאָלדאַטען די הינטערשטעליגע געהאַלטען און האָט צוריקגעגעבען די קאָזאַקען זייערע פּריווילעגיעס און פרייהייטען, וועלכע מען האָט ביי זיי צוגענומען אונטער דער לעצטער רעגירונג. זי האָט געשלאָסען אַ בונד מיט דעם דייטשען קייזער מיט דעם אָפּמאַך, דאָס אין דעם פאַל פון אַן אָנגריף פון אַ שונא, זאָל יעדער צד שיקען דעם אַנדערען צו הילף אַ מאַכט פון דרייסיג טויזענד מאַן, און יעדערער זאָל גאַראַנטירען

די גאַנצקייט פון די בעזיצונגען פון דעם אַנדערען. אין דער קורצער צייט פון איהר רעגירונג זיינען די גרענצען פון איהר לאַנד געוואָרען דערווייטערט ביז אין זאַ־קאַווקאַז. יעקאַטערינאַ האָט אויף געגרינדעט די אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפטען. זי איז געשטאָרבען דעם 17טען מאַי 1727 אין דעם אַלטער פון 41 יאָהר נאָך דעם, ווי זי האָט רעגירט אונגעפעהר צוויי יאָהר. די אורזאַך פון איהר פריהען טויט איז געווען אַ קראַנקהייט, וועלכע זי האָט געקראָגען פון צופיעל טרינקען.




יעקאַטערינאַ די 1טע.

פעטער דער 2טער. יעקאַטערינאַ האָט בעשטימט די קרוין פיר פעטער, דעם זוהן פון אַלעקסיי און עניקעל פון פעטער דעם גרויסען, פון זיין ערסטער פרוי יעוודאָקיאַ, און ער איז געוואָרען צאַר אונטער דעם טיטעל פ ע ט ע ר ד ע ר 2 ט ע ר. דיזער פרינץ איז אַלט געווען בלויז צוועלף יאָהר ווען ער איז אַרויף אויף'ן קייזערליכען טראָן, און זיין רעגירונג איז געווען קורץ און ניט אינטערעסאַנט. ער איז געווען אונטער דעם איינפלוס

פון קניאַז מענשיקאָוו, וועמעס טאָכטער יעקאַטערינאַ האָט איהם בעשטימט פיר א פרוי. דיזער עהרגייציגער מענש, וועלכער איז פון א זעהר נידריגען שטאַנד געשטיגען צו די העכסטע עמטער פון לאַנד אונטער פעטער דעם גרויסען, און האָט אונטער יעקאַטערינאַ'ן געפיהרט די רעגירונג, איז שוין יעצט געווען ביים ענדע פון זיין קאַריערע. די צאָהל פון זיינע שונאים איז געוואָרען זעהר גרויס און זייערע אינטריגעס זיינען געווען אַזוי געלונגען, דאָס מענשיקאָוו און זיין גאַנצע פאַמיליע זיינען פערשיקט געוואָרען אין סיביר.

די כיטרע ראַטגעבער פון דעם יונגען צאַר האָבען אָנשטאָט צו ענט-וויקלען זיינע נאַטירליכע גוטע פעהיגקייטען איהם ערמונטערט צו פער-בריינגען זיין צייט אין גאָרנישט און צו ערשעפּען זיינע קרעפטען אין יאַגד און אַנדערע אַטלעטישע צייט-פערטרייבען. מען דענקט, דאָס זיין קערפּערליכע שוואַכקייט פון אַזאַ ארט לעבען האָט פערגרעסערט די גע-פאַהר פון די פּאָקען, וועלכע ער האָט געקראָגען אין יאַנואַר 1730 און פון וועלכע ער איז געשטאָרבען אין דעם אַלטער פון פופצעהן יאָהר.

קייזערין אַננאַ. ניט אַכטענדיג דערויף, דאָס פעטער דער גרויסער און יעקאַטערינאַ די 1טע האָבען בעשטימט דורך זייערע צוואות די אָרדנונג פון דער ירושה פון טראָן, האָבען דער סענאַט און דער אַדעל נאָך דעם טויט פון פעטער דעם 2טען געוואַגט צו ענדערן די אָרדנונג פון דער טראָן-ירושה, וועלכע דיזע הערשער האָבען פעסטגעשטעלט. די מענליכע ליניע פון פע-טער'ן איז געווען אויסגעלאָשען, און דער הערצאָג פון האָלשטיין (פון דענ-מאַרק), דער זוהן פון פעטער'ס עלטעסטער טאָכטער, איז לויט דער בעשטי-מונג פון דער לעצטער קייזערין געווען בערעכטיגט צום טראָן; אָבער צוליב פּאָליטישע גרינדען האָבען די רוסען ערוועהלט **אַננאַ איוואַנאָוו-נאַ**, די פירסטין פון קורלאַנד, די צווייטע טאָכטער פון איוואַן, פעטער'ס האַלבען ברודער, און האָבען אויסגעשלאָסען איהר עלטעסטע שוועסטער, וועלכע האָט נאָך געלעבט, וויל אַלס פירסטין פון מעקלענבורג איז זי גע-ווען פערבונדען מיט איינער פון די קעניגליכע פאַמיליעס פון דייטשלאַנד.

די דאָלגאָרוקים און אַנדערע רוסישע אַדעלייט האָבען דאַן געוואָלט איינפיהרען אַן אַריסטאָקראַטיע נאָך דעם ביישפּיל פון די נאָרדישע מדינות און זיי האָבען געצוואונגען די נייע קייזערין צו אונטערשרייבען און שווע-רען, דאָס זי וועט רעגירען לויט די פאָלגענדע פּונקטען:

1) עס זאָל ווערען איינגעריכטעט א הויכער ראַט פון 8 מיטגלידער. יעדער נייער מיטגליד פון דיזען ראַט זאָל ערוועהלט ווערען פון דעם ראַט

זעלבסט. די קייזערין האָט ניט קיין רעכט צו טאָן עטוואָס אין רעגירונגס־זאַכען אָהן דער ערלויבנים פון דיזען ראַט.

2) אָהן דער צושטימונג פון דיזען ראַט האָט ניט די קייזערין קיין רעכט צו ערקלערען קריג, צו שליסען פרידען, ארויפצולעגען אויף'ן פאָלק נייע שטייערן, קאָנפיסקירען אימעצען'ס בעזיץ פיר די קרוין, בעשטימען אימעצען אויף אַן אַמט, בעעהרען אימעצען מיט אַ ראַנג, וואָס איז העכער פון טשין (ראַנג) פּאָלקאָווניק.

3) די קייזערין האָט ניט קיין רעכט צו פעראורטיילען אָדער בעשטראָפען וועלכען עס איז אַדעלמאַן אָדער קאָנפיסקירען זיינע גיטער, סיידען ער איז בעשולדיגט געוואָרען פון אַ געריכט און איז געוואָרען אונטערוואָרפען אונטער אַ געזעצליכער שטראָף.



קייזערין אננאַ.

4) זי טאָר ניט הייראַטען איינעם, וועלכען דער ראַט געפינט ניט פּאַסענד פיר זי און פיר דאָס לאַנד. אויך קען זי ניט בעשטימען קיין נאָכפאָלגער צום טראָן אָהן דער צושטימונג פון ראַט.

דער קייזערין איז אָבער ניט געווען שווער צו בעקומען צוריק די אַבּסאָלוטע אַליין־הערשאַפט, ווייל די גאַנצע זאַך איז געמאַכט געוואָרען נאָר פון די דאָלגאָרוקים און פיר זייערע אייגענע נוצען. די דאָלגאָרוקים און זייערע אָנהענגער זיינען באַלד שרעקליך בעשטראָפט געוואָרען. אננאַ האָט גוט פערשטאַנען און אויסגערעכענט, דאָס געשיקטערע און קליגערע בעשטימונגען קענען אַרויסרופען דעם בייפאַל פון גאַנצען רוסישען פאָלק.

ווייל זי האָט אָבער ניט געהאַט קיין צוטרויען צו דעם רוסישען אדעל, וועל-כער האָט נאָר אין זינען זיינע אייגענע אינטערעסען, האָט זי זיך אַרומגע-רינגעלט מיט דייטשע פּאָליטיקער און שטאַאַטסמענער. אין הויף האָבען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע צוויי דייטשע מענער, אָ ס ט ע ר מ אַ נ ן און מ י נ י ך. דיזע דייטשע בעאַמטע אין רוסישען הויף האָבען געוואוסט צו שעצען און אויפצוהאַלטען די רעפאָרמעס, וואָס פּעטער דער גרויסער האָט איינגעפיהרט אין רוסלאַנד.

אין 1735 איז אויסגעבראָכען אַ סכסוך צווישען רוסלאַנד און טערקיי טיילס צוליב קנאה פון איינער צו דער אַנדערער זינט דעם טראַקטאַט פון דעם פּרוט, און טיילס צוליב די רויבערייען און פערוויסטונגען פון די טאַ-טאַרען פון דער קרים, וועלכע איז דאַמאָלס געווען אונטער דער הערשאַפט פון דער פּאָרטע (טערקיי). אַ רוסישע אַרמעע איז געקומען אין קרים, האָט פערוויסטעט אַ טייל פון דעם לאַנד און האָט אויסגע׳הרג׳עט פּיעלע טאַטאַרען; אָבער אַזוי ווי די אַרמעע איז אריין צו וויט ניט האָבענדיג גענוג פּראָוויזיאָן, איז זי געווען געצוואונגען צוריקציהען זיך נאָך אַ פער-לוסט פון קרוב צעהן טויזענד מאַן. דיזער אונגליק האָט ניט ענטמוטיגט דעם פּעטערבורגער הויף, און דעם פאָלגענדען יאָהר איז אַן אַנדער בעוואַ-פּענטע מאַכט געשיקט געוואָרען נאָך אוקראַינאַ, אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַרשאַל מ י נ י ך, און אַ צווייטע אַרמעע, אונטער ל אַ ס י, איז געשיקט געוואָרען געגען אַזאָוו. דיזעביידע גענעראַלען האָבען געהאַט אַ נישקאָשעדיגען ערפאָלג: די טאַטאַרען האָבען געהאַט אַ נידערלאַגע און די פעסטונג פון אַזאָוו האָט זיך נאָך אַמאָל אונטערגעגעבען צו די רוסישע וואָ-פען. אַ דריטע שלאַכט איז פאָרגעקומען אין יאָהר 1737, ווען די רוסען זיינען אונטערשטיצט געוואָרען פון עסטרייכישע טרופּען. מיניך האָט בע-לאַגערט אָטשאַקאָוו, וועלכע האָט זיך אונטערגעגעבען, און לאַסי האָט פער-וויסטעט קרים. אָבער קיין זייט האָט ניט געוואונען קיין ענטשיידענדען זיג און עס זיינען אַרויסגעקומען שטרייטיגקייטען צווישען די עסטרייכישע און די רוסישע גענעראַלען. ענדליך, אין 1739, איז מאַרשאַל מיניך אַרי-בער דעם בוג אָן דער שפּיץ פון אַ גרויסער אַרמעע און האָט בעזיגט די טערקען אין אַ שלאַכט נעבען סטאַוואוטשאַם, האָט גענומען יאַססי, די הויפּטשטאָדט פון מאָלדאַוויאַ, און איידער די שלאַכט האָט זיך געענדיגט, האָט ער בעזיגט דיזע גאַנצע פּראָווינץ. דיזער ערפאָלג פון די רוסישע וואָ-פען האָט געצוואונגען טערקיי פּאָרצולעגען בעדינגונגען פון אַ פערגלייך; אָבער ווען עס איז צו ענדע פון 1739 געשלאָסען געוואָרען אַ טראַקטאַט,

האָט רוסלאַנד (פּיעליכט דורך עסטרייכישע אינטריגעס) וויעדער פערלאָזען אזאָוו און מאָלדאַוויא, און האָט נאָר געקראָגען ערלויבניס צו בויען א פעסטונג אויף דעם דאָן.

קייזערין אננא האָט זיך געמאַכט מערקווירדיג דורך די ענטשיידענדע ווענדונג, וועלכע זי האָט געגעבען די שטרייטיגקייטען, וואָס זיינען ענטשטאַנען אין צענטראַל-אייראָפּא. זי האָט געשטיצט דעם קייזער קאַרל דעם 6טען פון דייטשלאַנד, האָט צושטערט די פּלענער פון דעם פראַנצויזישען מיניסטעריום ארויפצוזעצען סטאַניסלאַוו'ן אויף'ן פּוילישען טראָן, און האָט פערשאַפט די קרוין צו זיין קאָנקורענט אויגוסט, דעם קורפירסט פון זאַקסען. אָבער איהר הויפּט פערדינסט איז געווען, דאָס זי האָט געהויבען דעם האנדעל פון לאַנד און האָט געגרינדעט די מאַנופאַקטורען פון וואָל און זייד. און ווי פערנינפטיג זי איז געווען, אזוי איז זי אויך געווען א שטיפערקע. עס ווערט דערצעהלט פון איהר א גוואַלדיגע שטיפעריי, וועלכע זי האָט אויפגעשפּילט איינעם פון איהרע האָפנאַרען, א פּרינץ גאַליצין, צו זיין חתונה. זי האָט געלאָזען אויפבויען אַן אייז-פּאַלאַץ, וואוהין זי האָט אַוועקגעשיקט פּרינץ גאַליצין און זיין פרוי צו פערברייינגען די נאַכט פון זייער חתונה; די חתונה-בעט איז אויך געווען געמאַכט פון אייז, ווי אויך דאָס איבריגע מעבעל, און פייער קאָנאָנען האָבען אויסגעשאָסען עטליכע מאָל!

צווישען די, וועלכע האָבען געשפּילט א ראָלע אין קייזערין אננאָ'ס רעגירונג, איז געווען איהר ליבלינג ערנסט יאָהאַן פאָן ביראָן, וועלכער איז שוין אין קורלאַנד געווען ביי איהר א הויף-קאַוואַליער. ביראָן האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַן ענערגישען ווילען און גרויסען עהרגייץ. די קייזערין האָט איהם געהאַלטען זעהר דויך און האָט איהם שפּעטער פערשאַפט דאָס הערצאָגטום קורלאַנד.

אננא איוואַנאָוונא איז געשטאָרבען אין 1740 נאָך דעם, ווי זי האָט רעגירט צעהן יאָהר, און אויף'ן רוסישען טראָן האָט געפאָלגט איוואַן דער 6טער, א זויגלינג פון צוויי מאָנאַט. דיזער טראָן-יורש איז געווען דער זוהן פון פּרינצעסין אננא, די טאָכטער פון איהר (אננא איוואַנאָוונאָ'ס) עלטעסטער שוועסטער און די פרוי פון פּרינץ אַנטאָן אולריך פון ברוינשווייג, וועלכען זי האָט געהייראַט אין 1739. דיזע האָט צוויי מאָנאַטען פאַר דעם טויט פון דער קייזערין געבאָרען א פּרינץ (איוואַן) און דיזער איז עס בעשטימט געוואָרען אַלס יורש פון רוסישען טראָן. די פיהרונג פון דער רעגירונג אין דעם נאָמען פון דעם זויגלינג איוואַן איז איבער-

געגעבען געוואָרען צו בירא‌ָן'ען. טראָץ דעם, וואָס ער האָט אין הויף געהאַט פיעלע שונאים, האָט עס דיזען עהרגייציגען מאַן דאָך געלונגען צו געווינען אויף זיין זייט די גרעסטע פון הויף און פון אדעל, וועלכע האָבען צו דעם צוגעשטימט טיילס אויס מורא און טיילס אין דער האָפנונג צו ציהען דורך דעם פיר זיך פערזענליכע נוצען. א דאָקומענט, וועלכער האָט ענטהאַלטען דיזע בעשטימונגען, איז פאָרגעלעגט געוואָרען פאַר דער שטערבענדער קייזערין און איז פון איהר אונטערגעשריבען געוואָרען.

**בירא‌ָן'ס רעגענטשאַפט.** דורך די ערנענונג פון דעם הערצאָג פון קורלאַנד (בירא‌ָן) אַלס רעגענט האָט זיך קיינער ניט געפיהלט אַזוי געקרענקט ווי אַנטאָן אולריך און זיין פרוי אַננאַ, וועלכע זיינען אויסער דעם נאָך פון איהם בעהאַנדעלט געוואָרען מיט אום־כבוד. אויך מיניך, וועלכער האָט דעם הערצאָג אונטערשטיצט בלויז אין דער האָפנונג, צו ציהען פיר זיך נוצען, און האָט זיך יעצט געזעהען געטוישט, האָט געטראַכט איהם צו שטירצען. ער האָט מיטגעטיילט זיין אַבזיכט צו דעם פרינץ און דער פרינצעסין פון ברוינשווייג און האָט פון זיי געקראָגען די פערזיכערונג, דאָס זיי וועלען גוטהייסען אַלע זיינע מיטלען. דערווייל האָט ער פאָרטגעזעצט צו צייגען דעם רעגענט בירא‌ָן זיין אַכטונג, אַזוי דאָס דיזער האָט פון קיין בייזעס ניט גע'חלומ'ט. אפילו אין דעם טאָג פאַר דער אויספיהרונג פון דעם פלאַן האָט זיך מיניך געפונען ביז שפעט אין אָבענד ביי דעם הערצאָג בירא‌ָן. נאָך אין דער זעלבער נאַכט איז ער געקומען אין דעם ווינטער־פאַלאַץ צו דער פרינצעסין אַננאַ און איהר מאַן, האָט זיי מיטגעטיילט זיין פלאַן, האָט געוואונען אויף זיין זייט די וואַך, וועלכע האָט זיך דאָ געפונען, און האָט געלאָזען דעם הערצאָג דורך אַן אָפיצער אַרעסטירען. בירא‌ָן האָט זיך געוואָלט שטעלען געגען, מען האָט איהם אָבער באַלד איבערמעכטיגט און געבראַכט דערווייל נאָך דער פעסטונג שליסעלבורג, שפעטער אָבער האָט מען איהם מיט פיעלע פון זיינע אַנהענגער פערשיקט נאָך סיביר. ער איז נאָך ניט געווען רעגענט קיין צוויי מאָנאַטען אַלס מען האָט איהם אָפגעראַמט פון וועג. פרינצעסין אַננאַ האָט זיך דאַן ערקלערט אַלס רעגענטין און איז אָהן שוועריגקייט געוואָרען אַלגעמיין אָנערקענט (1740). איהר מאַן, דער פרינץ פון ברוינשווייג, האָט איהר געהאָלפען אין דער רעגירונג.

**עליזאַבעטה פעטראָוונאַ.** די רעגירונג פון פרינצעסין אַננאַ און איהר מאַן אין דעם נאָמען פון זייער זוהן, דעם זויגלינג־צאַר, איז צוליב פיעלע אורזאַכען ניט געווען פאָפולער, ניט נאָר ביי די רוסען, נאָר אויך

ביי די אַנדערע מעכטען פון אייראָפּאַ. און ניט אכטענדיג אויף דעם ער-פאָלגרייכען קריג, וועלכען זיי האָבען געפיהרט מיט די שוועדען, האָט די פרינצעסין עליזאבעטה (יעליסאַוועטא) פעטראָוונא, די טאָכטער פון פעטער דעם גרויסען און דער קייזערין יעקאטערינא (געב. אין 1709), געבילדעט א היבשע פּארטיי, וועלכע האָט זי ערהויבען צום טראָן אין דעצעמבער 1741.




קייזערין עליזאַבעטה.

די פּרינצעסין פון ברוינשווייג, איהר מאַן און זייער זוהן זיינען ארעס-טירט געוואָרען. די ערסטע צוויי זיינען פערשיקט געוואָרען אויף אַן אינ-זעל ביי דער מינדונג פון דער דווינאַ, אין דעם ווייסען מעער, וואו פּרינ-צעסין אַננאַ איז געשטאָרבען אין קינפעט (1747). איוואַן איז פיר א גע-וויסע צייט געווען איינגעשלאָסען אין א מאָנאַסטיר אין אָראַניענבורג; און ווען ער האָט אין יאָהר 1764 געמאַכט א פערזוך צו ענטלויפען, האָט מען איהם אַריבערגעפיהרט אין דעם שלאָס פון שליססעלבורג, וואו מען האָט איהם שפּעטער ערמאָרדעט.

די מלחמה, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען צווישען רוסלאַנד און שוועדען אין דער קורצער צייט פון אננאַ'ס רעגענטשאַפט, האָט יעצט עליזאַבעטה פאָרטגעזעצט מיט ענערגיע און ערפאָלג. די רוסישע מיליטער־מאַכט האָט גענומען אין בעזיץ אַבאָ און האָט זיך בעמעכטיגט איבער דעם גרעסערען טייל פון פינלאַנד. ענדליך, צוליב פערהאַנדלונגען, וועלכע זיינען געפיהרט געוואָרען וועגען דער ירושה פון דער שוועדישער קרוין, איז געשלאָסען געוואָרען אַ פרידען צווישען די צוויי מעכטען (1743) מיט דער בעדינגונג, דאָס עליזאַבעטה זאָל אָפּגעבען צוריק דעם עראָבערטען טייל פון פינלאַנד. אָבער אויף דעם אָסטליכען גרענעץ פון דער רוסישער אימפּעריע האָבען די רוסישע וואַפען געהאַט וועניגער ערפאָלג. אייניגע פּראָווינצען, וועלכע פעטער דער גרויסער האָט אָפּגעריסען פון פערסיען, האָט נאַדיר קולי כאַן אָפּגענומען צוריק.

באַלד נאָך איהר בעשטייגען דעם טראָן האָט עליזאַבעטה בעשטימט אַלס איהר יורש אויף די רוסישע קייזערליכע קרוין קאַרל פעטער אולריך, דעם זוהן פון הערצאָג פון האָלשטיין־גאָטטאָרפּ און אננאַ, דער טאָכטער פון פעטער דעם גרויסען. דיזער פּרינץ איז אַלזאָ איינגעלאַדען געוואָרען צו קומען אין רוסלאַנד. מען האָט איהם איבערגערעדט צו ווערען אַ מיטגליד פון דער גריכישער קירכע (אַ פּראַוואָסלאַונער) און מען האָט איהם ערקלערט אַלס גרויס־הערצאָג (וועליקי קניאַז) פון רוסלאַנד און יורש פון דער קייזערליכער קרוין.

עליזאַבעטה האָט יעצט אָנגעהויבען נעהמען אַן אַקטיווען אַנטייל אין דער פּאָליטיק פון אייראָפּאַ. דער טויט פון קאַרל דעם 6טען, דעם קייזער פון דייטשלאַנד, האָט איבערגעלאָזען זיין טאָכטער, מאַריאַ טהערעזיאַ, די קעניגין פון אונגאַרן, אויף די גנאַדע פון פריעדריך דעם 2טען, קעניג פון פּרייסען (פריעדריך דער גרויסער). דער פּרייסישער קעניג, וועמעס סאַרקאַסטישער וויץ האָט קיינעם ניט געשאָנעוועט, האָט אין פערזען געמאַכט שפּאָט איבער מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור, די מעכטיגע און ראַכזיכטיגע מעטרעסע פון לודוויג דעם 15טען, און דיזער פראַנצויזישער הערשער האָט דעריבער אָנגעבאָטען זיין הילף צו עסטרייך. און עס איז מערקווירדיג, דאָס צוליב אַן עהנליכער קלייניגקייט האָט דער פּרייסישער הערשער געבראַכט אויף זיך די ראַכע פון קייזערין עליזאַבעטה. פעראַכטענדיג פריעדריך'ן פיר זיינע אַ גראָבע אָבער ריכטיגע בעמערקונג וועגען איהר מוטער, האָט זי געפיהרט געגען פּרייסען אַ גרויזאַמען קריג. דער געגענזייטיגער האַס, וועלכער איז אויפגערייצט געוואָרען דורך דיזען קריג, איז געוועזען אַזוי גרויס,

דאָס נאָך אַ שלאַכט האָט מען געזעהען ווי די פערוואונדעטע סאָלדאַטען פון ביידע נאַציאָנען האָבען געריסען איינער דעם אַנדערען'ס פלייש מיט זייערע הענט און צייהן ביז אין דער גסיסה אריין. דער רוסישער פעלד־מאַרשאַל האָט ערקלערט אין אַ רעפּאָרט צו דער קייזערין וועגען דעם זיג, וועלכען ער האָט געהאַט מיט דעם פערלוסט פון אַ העלפט פון זיין ארמעע: „ווען איך האָב נאָך אַזאַ זיג וועל איך זיין געצוואונגען צו געהן איינער אַליין צופוס נאָך פּעטערבורג מיטצוטיילען אייער מאַיעסטעט דעם רעזולטאַט!" עליזאַבעטה איז אָבער בעשטאַנען, אַז מען זאָל דעם קריג פּאָרטזעצען, און עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, דאָס זי זאָל דעם פּרייסישען מאָנאַרך בע־זיגען און נעהמען אין בעזיץ זיינע טייערסטע פּראָווינצען, ווען דער טויט האָט פּלוצלינג געמאַכט אַן ענדע צו איהר קאַריערע דעם 15טען יאַנואַר 1762 אין דעם 53טען יאָהר פון איהר לעבען און אין דעם 21טען יאָהר פון איהר רעגירונג.

דער געשמאַק פון דיזער קייזערין פיר ארכיטעקטור האָט פיעל גע־האָלפען צו פערשענערן פּעטערבורג, און די אַקאַדעמיע פון מאַלעריי און סקולפּטור אין דיזער הויפּטשטאָדט איז געגרינדעט געוואָרען דורך איהר. זי איז אָבער געווען אַ מוסטער פון פערשטעלטקייט און צבוע'יאַצטוואָ. וועהרענד זי האָט אונטער דער פּרעטענזיע פון מענשען־ליבע אָפּגעשאַפט טויט־שטראָף (זי האָט געטאָן אַ נדר ביי איהר בעשטייגען דעם טראָן, דאָס קיין טויט־שטראָף זאָל פּאָרקומען אין דער צייט פון איהר הערשאַפט) און האָט בעדויערט די צרות, וואָס איהרע טרופּען זיינען אויסגעשטאַנען אין דער מלחמה מיט פּרייסען, האָט זי געגרינדעט אַ געהיים־געריכט, אין וועל־כען מען האָט ניט געוואוסט פון גערעכטיגקייט און רחמנות. דאָס איהר מענשען־ליבע איז געווען צוויי־פעלהאַפט, בעווייזט די גרויזאַמע שטראָף, וואָס זי האָט אַרויפגעלעגט אויף די גרעפין בעסטוזשעווא, וועלכע מען האָט עפענטליך געקנוטעוועט און אַרויסגעשניטען די צונג פיר אויספּלוידערן סודות פון דער קייזערין'ס ליבעס.

**פעטער דער 3טער.** נאָך עליזאַבעטה'ס טויט איז איהר פּלימעניק, דער גרויס־הערצאָג קאַרל פּעטער אולריך, אַרויף אויף'ן טראָן אונטער דעם טיטעל פ ע ט ע ר  ד ע ר  3 ט ע ר. דיזער פּרינץ איז געווען אַן ענטהו־זיאַסטישער פערעהרער פון פריעדריך דעם גרויסען, דעם קעניג פון פּריי־סען, וועמעס פּרינציפּען און איינפיהרונגען ער האָט זיך געשטעלט אַלס מוסטער. פעטער האָט גלייך געשלאָסען מיט פריעדריך'ן פרידען און האָט איהם אַלזאָ געראַטעט פון דער פאָרשטעהענדער געפאַהר. ער האָט אַרויס־

געגעבען איינינע גוטע בעשטימונגען: ער האָט אונטערדריקט דאָס גע־היים־געריכט, וועלכעס איז געגרינדעט געוואָרען פיר דעם פערהער פון פּאָ־ליטישע פערברעכער, ער האָט מילדער געמאַכט די שטרענגקייט פון מילי־טער־דיסציפּלין, ער האָט ערלויבט זיינע אַדעללייט צו רייזען, ער האָט פער־קלענערט די צאָל־שטייערן אין די ליפלאַנדער פּאָרטען, ער האָט פערקלע־נערט דעם פּרייז פון זאַלץ, האָט פערמינדערט דעם דרוק פון וואוכעריי דורך די גרינדונג פון אַ באַנק פיר הלוואות, און האָט איינגעפיהרט נאָך אַנדערע ניצליכע זאַכען. ער וואָלט געוועזען פּאָפּולער אין רוסלאַנד ווען ער וואָלט ניט זוכען איינצופיהרען דאָרט אַזעלכע רעפאָרמעס, וועלכע אַפילו פּעטער דער גרויסער האָט ניט געוואַגט דורכצופיהרען — צווישען וועלכע עס איז געוועזען זיין פערזוך אָפּצושניידען די עהרווירדיגע בערד פון די גלחים און די אָפּשאַפונג פון פעסטגעשטעלטע און בעליבטע מיליטערישע מנהגים. ער איז אָבער געוועזען אַזוי שוואַך און אונענטשלאָסען, דאָס ער האָט ניט געהאַט קיין אייגענע מיינונג, נאָר ער האָט ווי אַ קינד אָנגענומען די מיי־נונגען פון יעדער פערזאָן, וואָס האָט זיך גענומען די מיה איהם צו לערנען. זיין געשמאַק, זיין גוסט, איז געוועזען אין אַלעס אַ דייטשער, און דאָס איז געוועזען אַ פערברעכען אין די אויגען פון דעם רוסישען אַדעל. זיין הויפּט צייט־פערטרייב איז געוועזען פּאַיאַצעריי, בדחנות. און אַזוי ווי ער איז גע־ווען כמעט אַ פרעמדער צום לאַנד, צו זיינע איינוואוינער און צו זייערע זי־טען, האָבען די לייט פון זיין אומגעבונג איהם איינגערעדט, דאָס די רוסען זיינען נאַרען און ווילדע חיות, וועלכע פערדינען ניט זיין אויפמערקזאַמ־קייט, אויסער צו מאַכען פון זיי דורך פּרייסישע דיסציפּלין גוטע קריג־מאַשינען! דיזע געזינונגען האָבען רעגולירט זיין גאַנצע אויפפיהרונג און האָבען פּאָרבערייט דעם וועג פיר די רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט איהם שפּע־טער אַראָפּגעזעצט פון טראָן.

פּעטער האָט געהייראַט אין 1745 די דייטשע פּרינצעסין קאַטהערינע (געב. 1729), די טאָכטער פון דעם פּרינץ פון אַנהאַלט־צערבסט. אחוץ זיינע אַנדערע גרויסע פעהלערן איז פּעטער דער 3טער געוועזען אָפּגעגעבען צו נידריגער געזעלשאַפט און צו די סקאַנדאַלעזעסטע אויסגעלאַסענקייטען; און קאַטהערינע איז אַפילו אין איהר יוגענד ניט געוועזען קיין צנועה. ווי געוועהנליך אין אַזאַ פאַל האָבען זיי איינע די אַנדערע אויפגעוואָרפען פיר אונטרייהייט. קאַטהערינע, וועלכע איז געוועזען שטאַרק געקרענקט פון איהר מאַן'ס בעליידיגונגען, איז נאָך מעהר אַרוים מיט איהר אונאַנשטענדיגער אויפפיהרונג, און פּעטער האָט זיך איבערגעגעבען צום טרינקען אַזוי פיעל,

דאס ער איז, גלויבט מען, אראפ פון זינען. די קייזערין, וועלכע איז געווען עהרגייציג און זעהר פעהיג, האט אנגעווענדט אלע מיטלען, וועלכע זיינען געווען אין איהר מאכט, צו מאכען זיך בעליבט ביי איהרע רוסישע אונטער-טאנען. זי האט אויפגענומען אין איהר פארטיי פיעלע פון די הויכע פא-מיליעס, און אויף אזא ארט האט זי געוואונען די פאפולאריטעט, וועלכע איהר מאן פעטער האט פערלארען. וועהרענד זי, גיט אכטענדיג אויף איהרע אינטריגעס, איז געווען פון פאלק הויך געשעצט און געליבט, האט פעטער זיך אזוי שטארק פערליבט אין איינע פון זיינע מעטרעסעס, די גרעפין וואָ-ראנצאָוו, דאס ער האט בעשלאסען צו גט'ן קאטהערינע'ן און איינשפארען איהר אין געפענגניס, און מאכען זיין מעטרעסע פיר קייזערין. קאטהערינע האט געזעהען די געפאהר און האט גלייך בעשלאסען אפצוראמען איהר מאן פון וועג. זי האט גלייך גענומען די נעטיגע שריט דורכצופיהרען איהר פלאן. אין דריי טעג איז די רעוואלוציאן געווען פערטיג. מען האט פע-טער'ן געפאקט און אוועקגעשיקט אלס געפאנגענעם נאך דעם קליינעם פא-לאץ פון ראפשא, אונגעפעהר צוואנציג מייל פון פעטערבורג; אבער עס זיינען געווען פיעלע, וועלכע זיינען ניט געווען צופרידען מיט דעם נייעם צושטאנד. מען האט איינגעזעהען, דאס עס וועט ניט זיין רוהיג כל זמן פעטער לעבט. מען האט דעריבער בעשלאסען צו טויטען איהם, און אויף דעם וואונק אדער בעפעהל פון דער קייזערין איז ער ערמארדעט געוואָרען דורך די האנט פון איהר געליבטען גראף אלעקסיי ארלאָוו אין דעם 34טען יאָהר פון זיין אלטער, נאך דעם, ווי ער איז געזעסען אויף'ן טראן בלויז זעקס חדשים. דיזע טראגעדיע האט פאסירט אין יולי 1762 און דעם נעכסטען מאנאט איז קאטהערינע פייערליך געקרוינט געוואָרען אלס קיי-זערין פון רוסלאנד אונטער דעם נאמען יעקאטערינא די 2טע.

## ב. רוסלאנד אונטער יעקאטערינא דער 2טער.

ווי פיעלע אנדערע נייע הערשער איז יעקאטערינא די 2טע אויך ארויף אויף'ן טראן מיט גרויסע פלענער פון רעפארמעס. וואהרשיינליך האט זי דערמיט אויך געוואלט אפווישען דעם פלעק און דעם שלעכטען איינדרוק, וואס עס האבען געמאכט די ערמארדונג פון איהר מאן און איהר גוואלטזאמע פערכאפונג פון דעם טראן. זי האט פעררופען אין מאסקווא א גרויסע פערזאמלונג פון אלע קלאסען פון פאלק אום צו בעראטען זיך וועגען די רעפארמעס, וואס זי האט געוואלט איינפיהרען אין רוסלאנד. די פערזאמעלטע האבען פערבראכט אין אונטערהאנדלונגען 2 יאהר, פון 1766

ביז 1768, אָבער זיי זיינען ניט געקומען צו קיין בעשלוס, ווייל יעדע פון די פערשיידענע קלאַסען האָט געהאַט אַנדערע אייגענע אינטערעסען און צוועקען.

וויכטיגער איז געווען די אָפּנעהמונג פון די קירכען־גיטער. שוין פּעטער דער גרויסער האָט דאָס געוואָלט טאָן, און פּעטער דער 3טער, יעקאַטערינאַ'ס מאַן, האָט דאָס אויך געוואָלט דורכפיהרען, אָבער ער האָט זיך גענומען דערצו זעהר ניט געשיקט. אויף די גיטער, וואָס האָבען געהערט צו די קירכען, זיינען געזעסען כמעט אַ מיליאָן בויערן. דער מאָנאַסטיר סט. קיריל ביים ווייסען מעער האָט געהאַט 35,000 בויערן, און דער טראָ־איצקי מאָנאַסטיר האָט געהאַט 120,000 בויערן. יעקאַטערינאַ די 2טע האָט דורכגעפיהרט דיזע רעפאָרמע זעהר קלוג און רוהיג. זי האָט געשטעלט די קירכען־גיטער אונטער דער פערוואַלטונג פון אַ קאָמיסיאָן, וועלכע האָט געהאַט דעם אויפטראַג צו געבען צו די מאָנאַסטירען פון די איינקונפטען פון די גיטער פיר יעדען בויער 1½ רובל. די מאָנאַסטירען זיינען דערמיט געווען צופרידען און די גיטער זיינען אריבער אַלס אייגענטום צו דער קרוין.

יעקאַטערינאַ איז געבליבען, ווי די פריהערדיגע רוסישע הערשער, אַ זעלבסט־הערשערין. איהר ליבעראַליזם האָט זיך בעשרענקט נאָר אויף איי־ניגע איינצעלהייטען, און אויף דעם, דאָס זי האָט צוגעצויגען דעם אַדעל צו נעהמען אַנטייל אין דער רעגירונג. דעם סענאַט האָט זי איינגעטיילט אין 6 אָפּטיילונגען און 2 פון זיי האָבען געהאַט זייער שטענדיגען זיץ אין מאָסקווא. אַלע אָפּטיילונגען פון סענאַט זיינען געווען אונטערוואָרפען דעם שטאַאַטס־ראַט (גאָסודאַרסטווענני סאָוויעט), אין וועלכען די קייזערין איז געווען די פּאָרזיצענדע.

אָבער אַלס העכסטע אינסטאַנציע פון געריכט איז דער סענאַט געווען זעלבשטענדיג. יעקאַטערינאַ האָט פערגרעסערט די צאָהל פון די גובער־ניעס אום עס זאָלען זיין מעהר בעאַמטע, און עס זאָל זיין בעסער און לייכ־טער צו רעגירען. אַנשטאָט דעם, וואָס אין פּעטער'ס צייטען איז דאָס לאַנד געווען איינגעטיילט אין 15 גובערניעס, האָט זי עס איינגעטיילט אין 50. יעדע גובערניע האָט געהאַט פון 3 ביז 4 הונדערט טויזענד זעעלען און איז געווען איינגעטיילט אין בעצירקען (אויעזדען) מיט 20 ביז 30 טויזענד איינוואוינער. דער גובערנאַטאָר האָט נאָר געהאַט צו טאָן מיט דער פער־וואַלטונג פון דער פּראָווינץ, דאָס רעכט צו פיהרען דין און משפט האָט גע־הערט צו בעזונדערע געריכטס־הייזער.

פון איהר אויסערער פאָליטיק איז דער וויכטיגסטער פאַקט די צוטיי-
לונג פון פוילען. ווען דער פוילישער קעניג אוגוסט דער 3טער איז געשטאָר-
בען האָט יעקאַטערינאַ אָנגעווענדט איהרע קרעפטען, אַז עס זאָל ערוועהלט
ווערען אַלס קעניג איהר געליבטער סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, פון די קניאַ-
זען טשאַרטאָריסקי. פּרייסען האָט אונטערשטיצט אין דער זאַך יעקאַטערי-
נאַ׳ן, אום זייביידע זאָלען קענען האָבען אַן איינפלוס אויף די פּוילישע
פּאָליטיק. עס איז אָבער דאַמאָלס געווען אין פּוילען אַן אַנדער פּאַרטיי,



יעקאַטערינאַ די 2טע.

וועלכע האָט געוואָלט ערוועהלען אַלס קעניג דעם זוהן פון דעם פערשטאָר-
בענעם קעניג אוגוסט דעם 3טען. באַלד האָט זיך געמאַכט אין פּוילען אַ
בירגער-קריג צווישען די צוויי פּאַרטייען, פון וועלכע פּאָניאַטאָווסקי׳ס
פּאַרטיי מיט דער הילף פון רוסלאַנד האָט געזיגט (1764).

דאַמאָלס האָבען די קאַטאָליקען אָנגעהויבען שטאַרק פערפאָלגען די
פּראַוואָסלאַווע און פּראָטעסטאַנטען. די פערפאָלגטע האָבען זיך געווענדט

צו רוסלאַנד און פּרייסען, אַז זיי זאָלען זיך אָננעהמען זייער קריוודע. רוס-לאַנד און פּרייסען צוזאַמען מיט אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטען האָבען געבעטען פּוילען, אַז זי זאָל די דיסידענטען *) צוריקגעבען די רעכטען, וואָס זי האָט פון זיי צוגענומען. פּוילען אָבער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען דעם פערלאַנג פון די מעכטען. דאַן האָט דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוסי-שער אַרמעע, וואָס איז געשטאַנען אין ווארשא, גענעראַל רעפּנין, געראַטען די דיסידענטען, אַז זיי זאָלען זיך פעראייניגען אין אַ קאָנפעדעראַציע (בונד) און אָפען בעטען הילף פון רוסלאַנד. רעפּנין'ס פּלאַן איז אָנגענומען גע-וואָרען. עס האָט זיך באַלד געגרינדעט אַ פעדעראַציע פון פּראָטעסטאַנטען אין טהאָרן און איינע פון פּראַוואָסלאַוונע אין סלוצק. דאַמאָלס האָבען אויך די קאַטאָליקען געגרינדעט אַ קאַטאָלישע פעדעראַציע אין ראַדאָם. עס האָט אויסגעבראָכען אַ שטרייט צווישען די קאַטאָליקען און די דיסידענטען. רעפּ-נין האָט געהאָלפען די דיסידענטען און האָט איינגעשטילט דעם אויפשטאַנד פון די קאַטאָליקען. רוסלאַנד האָט בעשטימט אין ווארשא אַ קאָמיסיאָן, וועלכע האָט געזאָלט מאַכען אַן ענדע צו די רייסערייען אין פּוילען. עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען צווישען רוסלאַנד און פּוילען. צווישען די בע-דינגונגען פון דעם פרידען איז אויך געווען דער פּונקט, דאָס פּוילען זאָל געבען גלייכע רעכטען צו די דיסידענטען. דער הויפּט־פּונקט אָבער פון דיזען פרידען איז געווען, דאָס פּוילען טאָר ניט מאַכען אין איהר רעגירונג קיין ענדערונג, וואו זי וועט ניט אָנפרעגען דערויף די ערלויבנים פון רוסלאַנד.

אין פּעטערבורג האָט מען געגלויבט, דאָס יעצט וועט שוין אין פּוילען זיין רוהיג. אָבער פּלוצלינג האָט מען דערהערט, דאָס עס האָבען זיך גע-מאַכט אין פּאָדאָליען נייע אונרוהען. די קאַטאָלישע פעדעראַציע האָט זיך בעפעסטיגט אין באַר און האָט אָנגעהויבען פּלינדערן און מאָרדען אָהן אונ-טערשייד קאַטאָליקען, פּראָטעסטאַנטען אָדער פּראַוואָסלאַוונע. דאַן האָבען די פּוילישע מיניסטאָרען אין ווארשא זעלבסט געבעטען יעקאַטערינאַ'ן, אַז זי זאָל מאַכען צו דעם אויפשטאַנד אַן ענדע. רעפּנין האָט מיט אַן איי-זערנער האַנט דערשטיקט דעם אויפשטאַנד און האָט פערטריבען די קאָנ-פעדעראַנטען פון זייערע פעסטונגען: באַר און קראַקאָוו. פיעלע פון זיי זיינען ענטלאָפען אין טערקיי, אָבער די רוסען האָבען זיי אויך דאָרט, אויף'ן

*) „דיסידענטען" (אַנדערסגלויביגע) זיינען געוואָרען אָנגערופען אַלע קריס-טען, וועלכע האָבען ניט געהערט צום קאַטאָליציזם, ווי די פּראַוואָסלאַוונע און פּראָטעסטאַנטען.

טערקישען באָדען, פערפאָלגט און פערניכטעט אין מאַסען. דיזעס האָט געמאַכט אין קאָנסטאַנטינאָפעל אַ שטאַרקע אויפרעגונג. טערקיי האָט ערקלערט קריג געגען רוסלאַנד און די קאָנפעדעראַנטען האָבען געהאָפט דורך דעם געהאָלפען צו ווערען (1768).

דיזער טערקישער קריג, וועלכער האָט געדויערט 7 יאָהר (פון 1767 ביז 1774), איז געפיהרט געוואָרען פון ביידע זייטען מיט שרעקליכע רציחות. די רוסען האָבען געשלאָגען די טערקען ביי כאָטין (1769) און ביים טייך קאַגהול (1770), האָבען איינגענומען אין וואַלאַכיא אַלע פעסטונגען, האָבען געשטורמט בענדערי און איינגענומען בעסאַראַביען, און האָבען זיך אַריינגעריסען אין בולגאַריען. אַ רוסישע פלאָטע האָט געמאַכט אַ רייזע אַרום אייראָפאַ און האָט צושלאָגען אַ טערקישע פלאָטע ביי דער אינזעל כיאָס, און האָט זי אין גאַנצען פערניכטעט מיט דער הילף פון ענגלישע שיפען ביי דעם האַפען פון טשעזמע. דער שרעק אין קאָנסטאַנטינאָפעל איז געווען ניט צו בעשרייבען. די רוסען זיינען שוין געווען אין באָספאָרוס (דער ים נעבען קאָנסטאַנטינאָפעל). אָבער די רוסען האָבען פערלאָרען צו פיעל צייט ביים איינגעהמען די אינזלען, און האָבען דערמיט געגעבען צייט די טערקען צוזאַמענצונעהמען זיך מיט קרעפטען און צו פערטיידיגען קאָנסטאַנטינאָפעל.

די ערָאָבערונגען, וואָס רוסלאַנד האָט געמאַכט אין טערקיי, זיינען געווען ווי אַ ביין אין האַלז פיר עסטרייך. רוסלאַנד האָט זיך צוגערוקט צו איהר צו נאָהענט. עסטרייך איז געווען זעהר ניט צופרידען מיט אַזאַ מעכטיגען שכן און האָט דאַרום בעשלאָסען דורכצופיהרען דעם פּלאַן, דאָס אָנשטאָט טערקיי זאָל רוסלאַנד בעקומען אַ טייל פון פוילען. יעקאַטערינאַ די 2טע האָט ניט ווילענדיג געמוזט איינשטימען צום פאָרשלאַג פון פריעדריך דעם 2טען, אַז מען זאָל זיך צוטיילען מיט אַ טייל פון פוילען. יעקאַטערינאַ, וועלכע איז דאַמאָלס געווען פערנומען מיט קריג אין פוילען און טערקיי, האָט מורא געהאַט צו פערוויקלען זיך אין אַ נייעם קריג מיט עסטרייך, וועלכע איז געווען פעראייניגט מיט פראַנקרייך פאַר דעם פאַל פון אַ מלחמה. יעקאַטערינאַ'ס פּאָליטיק איז געווען מעהר גענייגט צו שטיצען פוילען, זי זאָל עקסיסטירען אין דעם זעלבען צושטאַנד, אין וועלכען זי האָט זיך דאַמאָלס געפונען אונטער דעם איינפלוס פון רוסלאַנד. אַזוי איז פאָרגעקומען די ערסטע טיילונג פון פוילען, וועגען וועלכער מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט (1772). רוסלאַנד האָט דאַמאָלס בעקומען ווייס-רוס-

לאַנד מיט 1,600,000 איינוואוינער, און עסטרייך האָט בעקומען וועסט־גאַ-ליציען און רויט־רוסלאַנד מיט 2½ מיליאָן איינוואוינער.

אָבער דער קריג מיט טערקיי האָט זיך נאָך ניט געענדיגט. די לאַגע פון די רוסען איז געווען אַ זעהר גינסטיגע, אַזוי דאָס נאָר איין איינציגער זיג וואָלט זיי עפנען דעם וועג נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל. דער סולטאַן אַ ב ־ ד ו ל ־ ח אַ מ י ד האָט געבעטען פרידען. אין קוטשוק־קאַינאַרדזשע איז גע-שלאָסען געוואָרען אַ שלום, לויט וועלכען דער סולטאַן האָט אָפּגעטראָטען צו רוסלאַנד די פעסטונג אַזאָוו און אַלע פעסטונגען אין קרים, האָט געגעבען דאָס רעכט צו די רוסישע קויפמענישע שיפען צו פאָהרען פריי דורך די דאַרדאַנעלען און האָט זיך פערפליכטעט צו צאָהלען רוסלאַנד 4½ מיליאָנען רובל קריגס־הוצאות. מיט דיזען זיג איבער טערקיי האָט רוסלאַנד ער-וואָרבען איניגע וויכטיגע געביטען און אויך אַ געוויסע שוץ־הערשאַפט איבער די קריסטליכע אונטערטאַנען פון דעם סולטאַן. דיזער זיג האָט אויך פערברייטעט פיר רוסלאַנד די הערשאַפט איבער גאַנץ קרים און דעם נאָרד-ליכען ברעג פון שווארצען מעער.

שוין אין יאָהר 1775 האָט רוסלאַנד צוגענומען קרים אונטער איהר הער-שאַפט. עס האָט אָבער דאָרט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, וועלכען קניאַז פּאָטיעמקין האָט אונטערדריקט מיט באַרבאַרישער גרויזאַמקייט (1783). ניט וועניגער פון 30,000 מענשען זיינען געאָפּפערט געוואָרען אין דיזער אונטערדריקונג, און דאָס לאַנד קרים איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וויסטע. דריי יאָהר שפּעטער האָט פּאָטיעמקין געוואָלט צייגען דער קיי-זערין די פרוכט פון זיין פערוואַלטונג. די קייזערין איז געפאָהרען אין דער בעגלייטונג פון פיעלע בעאַמטע און די געזאַנדטע פון די אויסלענדישע מעכ-טען איבער סמאָלענסק נאָך קיעוו. פון דאַנען איז זי געפאָהרען איבער'ן דניעפּער ביז קרים (1787). דאָ האָט פּאָטיעמקין אָפּגענאַרט די קייזערין: ער האָט געלאָזען אויפשטעלען קוליסען־הייזלאך אויף די ערטער פון די פער-וויסטעטע דערפער און האָט פערפּוצט פיעלע ליבאייגענע, וועלכע האָבען מיט גרויס ענטהוזיאַזם בעגריסט די קייזערין. די זעלבע לייבאייגענע האָט ער געטריבען אין אַלע פאַלשע דערפער נאָך דער קייזערין, און זי האָט גע-מיינט, אַז דאָס זיינען די איינוואוינער פון די בליהענדע דערפער.

צו ענדע פון יעקאַטערינאַ'ס רעגירונג האָט ווידער אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען רוסלאַנד און טערקיי. דער פּעטערסבורגער קאַבינעט האָט פאָרגעשלאָגען עסטרייך אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אָפּרייסען פון טערקיי מאָל-דאַוויאַ, וואַלאַכיאַ און בעסאַראַביען און בילדען דערפון אַ בעזונדער מלוכה,

וועלכע זאָל זיין אַ צווישען־שטאַאט צווישען רוסלאַנד, טערקיי און עסט־רייך, און אויסער דעם זאָלען צוגענומען ווערען פון טערקיי שטיקער לאַנד פיר רוסלאַנד און עסטרייך. אין וויען איז מען מיט דעם פּראָיעקט געווען צופרידען. טערקיי האָט שוין פריהער איינגעזעהען, דאָס רוסלאַנד ווערט פיר איהר אַלע מאָל מעהר געפעהרליך. די טאַוורישע האַלב־אינזעל, וועלכע איז שוין געווען אין גאַנצען אונטער דער רוסישער הערשאַפט, איז געוואָרען פיר טערקיי זעהר געפעהרליך. כערסאָן איז שוין געוואָרען אַ פורכטבארער וואפען־פּלאַץ, סעוואַסטאָפּאָל האָט זיך געהאַלטען אין בויען, איבער'ן שוואַר־צען מעער איז געשוואומען אַ מעכטיגע רוסישע פלאָטע. טערקיי האָט זיך פערזאָרגט מיט דער הילף פון ענגלאַנד, פּרייסען, שוועדען און האָט רוסלאַנד ערקלערט קריג.

רוסלאַנד איז געווען איבערראַשט, ווייל פּאָטיעמקין איז נאָך ניט גע־ווען פערטיג מיט זיינע פּאָרבערייטונגען. אויסער דעם האָט ער געזעהן, דאָס פּרייסען און שוועדען האָבען איהם שוין אָנגעפאַנגען צו דריקען. גוס־טאַוו דער 3טער האָט בעלאַגערט 2 פעסטונגען אין פינלאַנד, און ווען ער וואָלט זיך אַ ביסעל צוגעאיילט האָט ער געקענט ערָאָבערן אויך פּעטערסבורג, ווייל דאַמאָלס זיינען דאָרט קיין טרופּען ניט געווען. יעקאַטערינאַ האָט זיך אָבער גאָרניט דערשראָקען און האָט געשווינד געזאַמעלט 12,000 מאַן צו פערטיידיגען די הויפּטשטאָדט. דערוויילּ האָט זיך געמאַכט אַן אויפ־שטאַנד אין שוועדישען לאַגער. דער אַדעל האָט בעשולדיגט דעם קעניג, דאָס ער האָט געהאַנדעלט געגען דער קאָנסטיטוציאָן, ווען ער האָט ערקלערט קריג ניט פרעגענדיג דעם סענאַט. צוליב דיזער בעשולדיגונג האָט גוסטאַוו דער 3טער געמוזט צוריקקעהרען זיך אין שטאָקהאָלם. די שוועדען האָבען אפילו נאָך אַ מאָל ערקלערט קריג געגען רוסלאַנד, אָבער זייער פלאָטע איז פון די רוסען שטאַרק צוקלאַפּט געוואָרען, און זיי האָבען מיט רוסלאַנד גע־שלאָסען פרידען (1790).

די עסטרייכער זיינען אַרוים געגען טערקיי מיט 80,000 מאַן און האָ־בען זיך געלאָזען צו פערנעהמען די דונאַי־ליניע, אָבער זיי האָבען ניט גע־האַט קיין גליק. זיי זיינען געשלאָגען געוואָרען ביי טעמעסוואַר. דאַגעגען האָבען די רוסען צוזאַמען מיט די עסטרייכער אונטער דער קאָמאַנדע פון פּרינץ פון קאָבורג בעזיגט די טערקען ביי פ אָ ק ש אַ נ י און ביי מ אַ ר־ט י נ ע ס ט י ע (1789). פּאָטיעמקין האָט איינגענומען בענדערי און בעסאַ־ראַביען. נאָך דעם, ווי די רוסען האָבען געשלאָסען פרידען מיט די שוועדען (זעה אויבען), האָבען זיי אין דעם קריג מיט טערקיי געהאַט נאָך מעהר ער־

פֿאָלג. די רוסען האָבען איינגענומען איזמאאיל, אַקערמאַן און קיליא און געהאַט אַ גלענצענדען זיג ביי מאַטשין (1791). דאָס האָט שרעקליך געווירקט אויף'ן סולטאַן, ער איז געוואָרען מוטלאָז און האָט געבעטען פֿרי-דען. דער פֿרידען איז געווען פֿיר טערקיי זעהר גינסטיג, ווייל די קייזערין איז געווען זעהר שטאַרק פֿערנומען מיט די אַנגעלעגענהייטען פֿון פֿראַנק-רייך און פּוילען. זי האָט זיך געלאָזט בענוגענען מיט דער פֿעסטונג אָטשאַ-קאָוו און אַ שטיקעל לאַנד צווישען די טייכען בוג און דניעסטער.

אין דער צייט, ווען די רוסישע טרופּען זיינען געווען בעשעפֿטיגט אין שטרייט מיט טערקיי און אין קאַמף מיט די שוועדען, און ענגלאַנד און פּרייסען זיינען געווען פֿיינדליך צו רוסלאַנד, האָבען די פּאָליאַקען גערעכענט, דאָס יעצט איז אַ גינסטיגער מאָמענט צו בעפֿרייען זיך פֿון רוסישען יאָך און ווערען ווידער זעלבשטענדיג. צו דיזען צוועק האָבען זיי זיך גענומען צו רעפֿאָרמירען זייער קאָנסטיטוציאָן. דער פּוילישער רייכסטאַג פֿון יאָהר 1791 האָט ערקלערט דעם פּוילישען טראָן ערבליך, און האָט גערופֿען צו פֿערנעהמען דעם טראָן דאָס קעניגליכע הויז פֿון זאַקסען אַלס נאָכפֿאָלגער פֿון פּאָניאַטאָווסקי'ן. דער רייכסטאַג האָט אָפּגעשאַפֿט דאָס „ליבערום וועטאָ" (די פֿרייהייט פֿון יעדען מיטגליד צו פֿערוועהרען אַ בעשלוס פֿון רייכס-טאַג), און האָט צוטיילט די מאַכט פֿון געזעצגעבונג צווישען דעם קעניג, סע-נאַט און דעפּוטירטע (פֿערטרעטער) פֿון פֿאָלק. דיזע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז פֿערפֿאַסט געוואָרען דעם 3טען מאַי 1791, האָט גאָרניט בעהאַנדעלט די רעכטען פֿון די אַדעללייט איבער די בויערן. פֿון יוצא וועגען ווערט נאָר דאָרט דערמאָהנט, דאָס אַלעס, וואָס די גוטס-בעזיצער וועלען טאָן לטובת די בויערן, איז דער סיים (רייכסטאַג) מסכים אין פֿאָרויס.

ווי נאָר יעקאַטערינאַ איז געוואָרען פֿריי פֿון דעם קריג מיט טערקיי, האָט זי גענומען אויפֿרייצען די גרויסע מאַגנאַטען אין פּוילען און ערוועקען אין זיי אַ גייסט פֿון אונצופֿרידענהייט מיט דער נייער קאָנסטיטוציאָן פֿון 3טען מאַי 1791, וועהרענד די אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטען האָבען בעגעגענט די רעפֿאָרמעס אין דער פּוילישער פֿערפֿאַסונג מיט פֿרייד און גרויס צופֿרידענהייט. זי האָט געאַרבייט אין פּוילען מיט'ן רוסישען רובל און זי האָט געהאַט גרויס ערפֿאָלג. דורך דעם רוסישען רובל האָט זי דעם 14טען מאַי 1795 בעשאַפֿען די קאָנפֿעדעראַציאָן פֿון טאָרגאָוויצע, וועלכע האָט געהאַט אַלס איהר ציל און צוועק צו ברייגנען צוריק די אַלטע קאָנסטיטוציאָן מיט דעם פּרינציפּ צו ערוועהלען אַ קעניג. אום די קאָנפֿע-דעראַציאָן זאָל האָבען אַ ריכטיגע מאַכט האָט זי אַריינגעשיקט אין אוקראַינאַ

80,000 רוסען און 20,000 קאָזאַקען. די האָפנונג, וואָס די נאַציאָנאַל־גע־
זינטע האָבען געהאַט אויף די הילף פון פּרייסען און שוועדען, איז בטל גע־
וואָרען, זיי האָבען זייער פערשפּרעכען צו העלפען פוילען צוריקגעצויגען.
פּרייסען האָט געהאַט מעהר אויסזיכט צו בעקומען דאַנציג און טהאָרן פון
די רוסען איידער פון פוילען, און האָט שוין פריהער אונטערהאַנדעלט מיט
יעקאַטערינאַ׳ן איבער אַ נייע צוטיילונג פון פוילען, אין וועלכער עסטרייך
זאָל ניט נעהמען קיין אַנטייל, ווי מיר האָבען עס שוין דערצעהלט אין דער
געשיכטע פון דייטשלאַנד.

אומזיסט האָבען די פּאָליאַקען געוואָלט אַליין ניט צולאָזען די רוסען
אַריינצודרינגען אין זייער לאַנד. זיי אַליין זיינען עס ניט געווען אין שטאַנד
און קיין הילף פון אַן אַנדער מאַכט האָבען זיי ניט געהאַט. דער בעריהמטער



קאָסציושקאָ.

העלד טהאַדדעאוס קאָסציושקאָ האָט זיך אַפילו מיט ערפאָלג
געשטעלט געגען די רוסען נעבען דוביענקאַ ביים בוג, אָבער די ריי־
סערייען פון די פּאַרטייען אין לאַנד האָבען געשטערט יעדע אונטערנעהמונג.
מעהר פון אַלעס האָט געשטערט וואָס די בויערן, וועלכע זיינען דאַמאָלס גע־
ווען אין פוילען די מעהרצאָהל, האָבען געשמאַכטעט אין דעם שרעקליכען צו־
שטאַנד פון לייבאייגענע. דער בויער האָט ניט גענומען קיין אַנטייל אין
וועלכער עס איז בעוועגונג פון דעם אַדעל, ווייל פיר איהם איז ווירקליך אַלעס
געווען גלייך, ער האָט געליטען סיי אונטער אַן ערוועהלטען קעניג, סיי אונ־
טער אַן ערב־קעניג; איהם איז אַלץ איינס געווען, זיין אַ שקלאַף אונטער
פוילען, רוסלאַנד אָדער פּרייסען. דער קעניג האָט ערהאַלטען פון יעקאַטע־

רינאַ'ן אַ בייזען בריף, אין וועלכען זי האָט איהם געשראָקען, דאָס זי וועט זיך מיט איהם אָפּרעכנען, אויב ער וועט ניט צושטעהן צו דער טאָרגאָוויצער קאָנפעדעראַציאָן, וועלכע זי האָט געשאַפען. דער רעזולטאַט פון דיזען בריף איז געווען, דאָס דער קעניג האָט זיך ענטזאַגט פון דער קאָנסטיטוציאָן פון 3טען מאַי און פון דער גאַנצער נאַציאָנאַל־פּאַרטיי און דאָס „ליבערום וועטאָ" איז ווידער אריין אין קראַפט.

די קאָנפעדערירטע האָבען זיך באַלד איבערצייגט, דאָס זיי ארבייטען נאָר פיר פרעמדע אינטערעסען. פּרייסען און רוסלאַנד האָבען ערקלערט, דאָס די אונרוהען, וואָס קומען פאָר אין פּוילען, שאַדען זעהר זייערע אייגענע לענדער, ווייל דורך דעם ווערט פערשפּרייט אין זייערע לענדער דער רעוואָלוציאָנערער גייסט פון די פראַנצויזישע יאַקאָבינער, און דאַרום געפינען זיי פיר נעטיג אָפּצורייסען שטיקער לאַנד פון פּוילען, וועלכע זיינען נאָהענט צו זייערע לענדער, און ברייננגען דאָרט אָרדנונג. אין מאַי 1793 האָט פּרייסען בעזעצט מיט איהרע סאָלדאַטען די וועסטליכע פּראָווינצען פון פּוילען מיט דאַנציג. אין יולי האָבען רוסישע טרופּען ארומגערינגעלט דאָס זיצונגס־הויז אין גראָדנאָ און האָבען געצוואונגען דעם רייכסטאַג אָפּצוטרעטען פיר רוסלאַנד ליטא, קליין־פּוילען, דעם רעסט פון וואָלהין, פּאָדאָליען און אוקראַינאַ, אַ שטח פון מעהר אַלס 4,000 קוואַדראַט־מייליען מיט מעהר פון 8,000,000 איינוואוינער. פּרייסען האָט פון דיזער חלוקה ערהאַלטען 1,000 קוואַדראַט־מייליען, אַזוי דאָס פיר פּוילען איז געבליבען קוים אַ דריטעל פון איהר פריהערדיגען שטח.

די גאַנצע האָפנונג פון די נאַציאָנאַל־געזאָנענע איז געווען, דאָס קאָסציושקאָ וועט זיי אויסהעלפען. דיזער האָט געאַרבייט מיט אַלע זיינע קרעפטען אויפצוּוועקען אין פּוילען אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. צווישען די, וואָס זיינען געווען געזאָנען ווי ער, זיינען געווען טויזענדער אַדעלליים, פּריסטער, בירגער און אָפּגעלאָזענע סאָלדאַטען. הגם די צאָהל פון די פערשוואָרענע איז געווען זעהר גרויס, האָט דאָך דער גענעראַל איגעלסטראָם, וועלכער האָט געהערשט אין וואַרשא אין נאָמען פון יעקאַטערינאַ'ן, ניט ענטדעקט קיין שפּור פון דער פערשווערונג. דער מיטעלפּונקט פון דעם אויפשטאַנד איז געווען קראַקאָוו.

באַלד האָט רוסלאַנד אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, דאָס די פּוילישע אַרמעע זאָל אויפגעלעזט ווערען. דיזער בעפעהל האָט אַרויסגערופען דעם אויפשטאַנד אָפּען. קאָסציושקאָ האָט אַרויסגעלאָזען פון קראַקאָוו אַן אויפרוף, אין וועלכען ער האָט אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק אָנצואווענדען אַלע קרעפ-

טען צו בעקומען צוריק זיין פרייהייט, די אונאָפּהענגיגקייט פון לאַנד, ער-אָבערן צוריק די געראויבטע פּראָווינצען און איינפיהרען צוריק די קאָנסטי-טוציאָן פון דעם 3טען מאַי 1791. מען האָט געזאַמעלט גרויסע סומעס געלט, מען האָט בעזאָרגט די בויערן מיט שאַרפע קאָסעס אַלס געוועהר, און פיר די, וואָס האָבען אין אויפשטאַנד ניט געוואָלט נעהמען קיין אַנטייל, זיינען געווען בעשטימט שטרענגע שטראָפען.

דעם ערסטען שטרייט צווישען די פּאָליאַקען און די רוסען האָבען גע-וואונען די פּאָליאַקען, און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס וואַרשא האָט זיך באַלד ערקלערט צום אויפשטאַנד. דעם 17טען אַפּריל 1794 איז אַ גרופּע פּאָליאַקען אונטער דער פיהרונג פון אַ שוסטער און אַ בוכבינדער בעפאַלען איינגע רוסישע אָפּטיילונגען, וועלכע זיינען ניט געווען פּעראייניגט אין איין גרופּע. איגעלסטראָם זעלבסט איז בעלאַגערט געוואָרען אין זיין פּאַ-לאַץ. מיט גרויס מיה איז עס איהם דעם אַנדערען טאָג געלונגען צו ענט-לויפען פון שטאָדט. ער האָט אין דער שלאַכט פערלאָרען 12 האַרמאַטען, 4,000 טויטע און פערוואונדעטע און 2,000 געפאַנגענע.

ווילנא מיט גאַנץ ליטא האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון וואַרשא און האָט פערטריבען די רוסען. אויך אַלע וואָיעוואָדשאַפטען זיינען צוגעשטאַ-נען צו דער קראַקאָווער פעדעראַציאָן, דער קעניג זעלבסט האָט זיך ערקלערט פיר דעם אויפשטאַנד. קאָסציושקאָ האָט פּראָקלאַמירט רעליגיאָנס-פרייהייט און גלייכע רעכטען פיר אַלע גלויבענס-גענאָסען, אום צו געווינען דערמיט אויף זיין זייט דאָס גאַנצע פאָלק. ער האָט אָבער מורא געהאַט צו לעזען אין דיזער שטירמישער צייט די בויערן-פראַגע.

דעם ערסטען זיג האָבען די פּאָליאַקען געהאַט איבער די פּרייסען. זיי האָבען דאַמאָלס בעלאַגערט וואַרשא, אָבער פערשיידענע קראַנקהייטען און מאַנגעל אין שפּייז האָבען די פּרייסען אַזוי אָפּגעשוואַכט, דאָס זיי זיינען געווען געצוואונגען צוריקצוציהען זיך פון דער בעלאַגערונג מיט גרויס פער-לוסט. די פּאָליאַקען אָבער האָבען זיך נאָך ניט געקענט פרייען מיט זייער זיג. באַלד האָט יעקאַטערינאַ געשיקט אַ גרויסע אַרמעע פון רוסען, פּריי-סען און עסטרייכער אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען גענעראַל סובאָראָוו. ביי מאַציעיאָוויצע ביים ווייכסעל האָבען זיךביידע געגנער געטראָפען. די פּוילישע אַרמעע האָט ניט געקענט ביישטעהן און איז געשלאָגען געוואָרען. אין דיזער שלאַכט האָט זי פעראָלרען 21 קאַנאָנען און 2,700 געפאַנגענע זיינען אַריינגעפאַלען צו די רוסען אין די הענט. קאָסציושקאָ זעלבסט איז אַראָפּגעפאַלען פון פערד אַ פערוואונדעטער און

האָט אויסגעשריען אין לאַטייניש: **„Finis Poloniae"** (אַ סוף צו פּוילען). ער איז באַלד געפאַלען אין אָהנמאַכט. שפּעטער האָט מען איהם געפונען צווישען די הרוגים און מען האָט איהם גענומען געפאַנגען (10טען אָקטאָבער 1794).

דעם 4טען נאָוועמבער איז סובאָראָוו שוין געוועזן ביי פּראַגאַ, אַ פאָרשטאָדט פון ווארשא. עס האָט איהם ניט לאַנג גענומען איינצונעהמען דיזע פאָרשטאָדט. די איינוואוינער האָט ער בעהאַנדעלט מערדעריש. איבער 12,000 מאַן גאָרנִיט קיין בעוואפענטע זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אָדער אריינגעוואָרפען געוואָרען אין ווייכסעל. ווען ווארשא האָט דערזעהען דיזע מערדערייען האָבען זיך די איינוואוינער באַלד אונטערגעגעבען און דעם 9טען נאָוועמבער איז סובאָראָוו אריין אין ווארשא אַלס זיגער. דער קעניג פּאָניאַטאָווסקי האָט געמוזט אַנידערלעגען זיין קרוין לויט דעם בעפעהל פון דער רוסישער רעגירונג.

מען האָט זיך צום דריטען מאָל צוטיילט מיט'ן פּוילישען רייך, און די אַמאָל מעכטיגע פּוילען איז אויסגעשטראָכען געוואָרען פון דער רייהע פון זעלבשטענדיגע שטאַאטען. רוסלאַנד האָט צוגענומען דעם רעסט פון ליטא ביז צום ניעמאַן, און דעם רעסט פון וואָלהין ביז צום בוג, קורלאַנד און סאַמאָגיטיען (זאַמעט). דאָס איז געוועזן דער גרעסטער טייל פון דיזען רויב. דער שטח פון דיזע לענדער האָט פערנומען 2,000 קוואַדראַט-מיילען. פּרייסען האָט ערהאַלטען די גאַנצע אָסטליכע פּוילען, 900 קוואַדראַט-מיילען, און עסטרייך — זיד-פּוילען מיט קראָקאָוו, לערך 800 קוואַדראַט-מיילען.

זינט איוואַן גראָזני'ס צייטען האָט קיין הערשער ניט עראָבערט פיר רוסלאַנד אַזוי פיעל לאַנד ווי יעקאַטערינאַ די 2טע. די גרענצען פון רוסלאַנד אין איהר צייט זיינען געוואָרען: דער ניעמאַן, דער דניעסטער און דאָס שווארצע מעער.

אין יאָהר 1796 איז דיזע הערשערין געשטאָרבען אין עלטער פון 67 יאָהר. עס איז זעלטען צו טרעפען אין דער וועלט-געשיכטע אַ פּערזאָן, וואָס זאָל האָבען אַזוי פיעל פּערדינסט געבונדען צו ווערען צום שאַנד-קלאָץ ווי יעקאַטערינאַ די 2טע האָט עס פערדינט. די געשיכטע-שרייבער האָבען זיך געגעבען אַלע מיה צו פערדעקען אַלע איהרע שאַנד-טאַטען און האָבען געזוכט איבערצוגעבען זיי צו דער פערגעסענהייט. דעריבער רעכנען מיר עס פיר אונזער פליכט צו מאַכען ריכטיג בעקאַנט דעם ארבייטער-פאָלק מיט דעם ריינעם אמת. קורץ געזאָגט, עס איז זעהר זעלטען צו געפינען אין דער געשיכטע, דאָס אַ טראָן פון וועלכען עס איז הערשער זאָל בעשמוצט ווערען

מיט אונזיטליכקייט אַזוי פיעל און אַזוי מיאוס ווי דער רוסישער טראָן איז בעשמוצט געוואָרען דורך יעקאַטערינאַ די 2טע. נאַטירליך איז דיזע ער־שיינונג פון מעדיצינישען שטאַנדפּונקט לייכט צו פערשטעהן.

יעקאַטערינאַ איז געווען צו 16 יאָהר אַן ענטוויקעלטע יונגפרוי. דאַ־מאָלס האָט מען זי פערהייראַט מיט אַ אינגעל פון 17 יאָהר, וועלכער איז נאָך ניט געווען צייטיג אַלס אַ מאַנספּערזאָן. איהר מאַן, אַלס מאַנספּערזאָן, האָט געהאַט אין איהרע אויגען אַ צורה פון אַ קאַריקאַטורע. עס איז דערי־בער קיין וואונדער ניט, ווען איהרע שטאַרקע ליידענשאַפטען האָבען גובר געווען יעדען בעגריף פון זיטליכקייט און זי איז געזונקען טיפער און טיפער. עס איז געקומען דערצו, דאָס איהר ליידענשאַפט האָט זיך פערוואַנדעלט אין אַ מין קראַנקהייט. דאָס וואָלט אונז אייגענטליך וועניג געאַרט ווען איהר אויסגעלאַסענעס לעבען וואָלט ניט געקאָסט דער ארבייטער־קלאַס אונגע־הייערע סומעס געלט.

פון אַ זיכערער קוועלע, צו וועלכער מען האָט אין היינטיגער צייט, צו פערדאַנקען דער רעגירונג, קיין צוטריט ניט, האָט אַ פראַנצויזישער שריי־בער קאַזאַל בערעכענט ווי פיעל מיליאָנען עס האָט געקאָסט דיזער פירסטין איהר ליבע. קאַזאַל'ס קאָנטאָ (רעכנונג) לויטעט אַזוי:

אַ ריכטיגע ליסטע פון די געליבטע פון איהר מאַיעסטעט קייזערין יע־קאַטערינאַ דער 2טער. זי איז געבאָרען געוואָרען דעם 25טען אַפּריל 1729. אין זומער פון 1745 האָט זי געהייראַט דעם 17־יעהריגען קרוינפּרינץ פּעטער פון רוסלאַנד, און אַלס קרוינפּרינצעסין האָט זי דריי מאָל געזינדיגט אַלס אשת איש מיט דריי פערשיידענע מענער: 1) מיט דעם קאַמערהערר סאַל־טיקאָוו, 2) מיט גראַף סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, וועלכען זי האָט שפּע־טער אַרויפגעזעצט אויף'ן פּוילישען טראָן, 3) מיט דעם קאַמערהערר גראַף סטראָגאַנאָוו; 4) אַלס קייזערין, בעת איהר מאַן האָט נאָך געלעבט, און אויך נאָך זיין טויט — מיט דעם גראַף גרעגאָר אָרלאָוו. דיזער איז פריהער גע־ווען אַ הויפּטמאַן אין דער אַרטילעריע, שפּעטער האָט זי איהם געמאַכט פיר אַ קאָמאַנדיר פון אַן אַרמעע, און נאָכדעם האָט זי איהם געגעבען דעם טיטעל קניאַז. אין פערלויף פון דער צייט, וואָס ער האָט מיט איהר געהאַט אינטימע פערהעלטניסען, האָט ער פון איהר ערהאַלטען 17,000,000 רובל. דיזער איז געווען דער ערסטער, וועלכער איז געוואָרען בעצאָהלט אַלס געליבטער פון דער קייזערין.

נאָך דעם טויט פון איהר מאַן פּעטער דעם 3טען, ווען זי איז געוואָרען אַ פרייע אַלמנה, האָט זי אַלע מאָל ערוועהלט אַ נייעם ליבהאָבער, וועלכען

זי האָט גוט בעצאָהלט פיר זיין פּראָסטיטוציאָן. זיי זיינען געווען ווי פאָלגט:

נומער 5. אין יאָהר 1765. וויסענסקי, א יונגער גוואַרדיע־אָפיצער. מיט איהם האָט זי געהאַט ליבעס־געשעפטען נאָר 2 מאָנאַטען און ער האָט פיר דיזע בעקומען 300,000 רובל.

נומער 6. אין יאָהר 1772. וואַסילטשיקאָוו, אונטער־לייטענאַנט אין דער גוואַרדיע. ער האָט איהר געדינט אַלס לובאָווניק 22 חדשים און האָט בעקומען 1,110,000 רובל.

נומער 7. אין יאָהר 1774. פּאָטיעמקין. דיזער האָט די ערסטע צוויי יאָהר בעקומען פיר זיינע ליבעס־פערהעלטניסען 9,000,000 רובל. ווען ער איז אָבער צו איהר אָפּגעקיהלט געוואָרען האָט זי איהם בעשאָטען מיט גרויסע רייכטימער אום אָנצוהאַלטען איהם, אַזוי דאָס נאָך זיין טויט האָט ער איבערגעלאָזען א פערמעגען פון 50,000,000 רובל, אויסער וואָס פאַר זיין לעבען האָט ער פערשוואָנדעט גרויסע סומעס.

נומער 8. אין דער צייט, ווען זי האָט געהאַט ליבעס־געשעפטען מיט פּאָטיעמקין'ען, האָט זי געהאַט נאָך אַן אַסיסטענט אין דיזע אַנגעלעגענ־הייטען. דיזער איז געווען פּאָטיעמקין'ס סעקרעטער זאַוואָדאָווסקי, וועל־כער האָט נאָר פיר איין יאָהר בעקומען 1,380,000 רובל.

נומער 9. אין יאָהר 1778. זאָריטש, א געבאָרענער סערב, א הוזאַרען־אָפיצער. דיזען האָט זי געליבט נאָר איין יאָהר און האָט איהם בעצאָהלט 1,420,000 רובל.

נומער 10. אין יאָהר 1779. א פּראָסטער אונטער־אָפיצער רימסקי קאָרסאַקאָוו, א סערזשאַנט אין גוואַרדייסקען פּאָלק. דיזער איז געווען מיט איהר אין ליבעס־פערהעלטניסען 16 חדשים און האָט בעקומען געצאָהלט 920,000 רובל.

נומער 11. אין יאָהר 1780. לענסקאָי, א קאַוואַליער אין דער גוואַר־דיע. דיזען האָט זי געליבט גאַנצע 4 יאָהר און ער איז געשטאָרבען אַלס איהר הייסגעליבטער גינסטלינג. דיזער האָט בעקומען געצאָהלט 3,260,000 רובל.

נומער 12. אין יאָהר 1784. יערמאָלאָוו, אויך נאָר אַן אונטער־אָפי־צער אין דער גוואַרדיע. ער האָט איהר געדינט מיט ליבע 16 חדשים און האָט בעקומען נאָר 550,000 רובל.

יעקאַטערינא די 2טע איז שוין דאַמאָלס אַלט געווען 57 יאָהר. ווי עס ווייזט אויס האָט זי שוין דאַמאָלס מעהר ניט געקענט געפינען קיין בעלנים צווישען די הולטייעס פון אדעל, וועלכע זאָלען זינדיגען פיר געלט מיט אַן

אַפּגעלעבטער פרוי. אויך דער פאָלגענדער געליבטער איז געווען אַן אונטער־אָפיצער. אין דער ליסטע איז ער פערצייכענט אונטער דעם יאָהר 1786 אַלס נומער 13, מאַמאָנאָוו, ער האָט ערהאַלטען 880,000 רובל.

נומער 14. אין יאָהר 1788 האָט זי געפונען א בעלן א יונגען שענעם קאָזאַצקען אָפיצער מיט'ן נאָמען ניקלאַשאָווסקי. דיזער אָפיצער איז געווען ביי איהר אין ליבעס־דינסט זעהר א קורצע צייט. ער האָט פון איהר בע-



סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי, לעצטער קעניג פון פוילען.

קומען נאָר 40,000 רובל און דעם טשין פּאָלקאָווניק, און זי האָט איהם משלח געווען. די אורזאַך דערפון איז ניט בעקאַנט.

נומער 15. אין דעם זעלבען יאָהר 1788 האָט זיך געפונען א נייער ליבלינג, וועלכער האָט פּערטרעטען דיזע עהרען־שטעלע. דער נאָמען פון דיזען איז געווען זובאָוו. ער איז געווען א לייטענאַנט אין דער גוואַרדיע־קאַוואַלעריע. ער איז געווען אין גונסט 8 יאָהר לאַנג ביז איהר טויט אין נאָוועמבער 1796. ווען זי איז געשטאָרבען איז זי אַלט געווען 67 יאָהר.

דיזער גינסטלינג האָט בעקומען פיר זיין זויערעם אמט 2,700,000 רובל. דיזער זובאָוו האָט געהאַט צו זיך אַן אַסיסטענט, זיין אייגענעם ברודער וואַלעריאַן זובאָוו, וועלכער האָט אויך געקראָגען 800,000 רובל.

דיזע אַלע סומעס, וואָס זי האָט געצאָהלט איהרע ליבהאָבער, זיינען גענומען געוואָרען פון דער שטאַאַטס-קאַסע אונטער פערשיידענע נעמען. אָבער אויסער דעם האָט די קייזערין אין דער צייט פון איהר 34-יעהריגער רעגירונג פערשוועגדט פון איהר אייגענעם געלט אויף אַזעלכע נויטווענדיגקייטען 8½ מיליאָנען רובל. אַלעס צוזאַמען האָט איהר ליבע געקאָסט דעם לאַנד לערך 90 מיליאָנען רובל, לויט ווי קאַזאל האָט בערעכענט.

אָבער גענוג צו רעדען פון דעם שמוץ, וועלכער בעדעקט די געשטאַלט פון יעקאַטערינאַ דער 2טער. אַלס צוגאָב צו איהר גלענצענדער רעגירונג קען דינען דעך פאַקט פון דער רויבערישער צוטיילונג פון פוילען. די גרויסע גליקען, וואָס מען דערצעהלט אונז פון איהרע ליבעראַלע און פרייע געזינונגען, זיינען ניט אין שטאַנד אָפּצוואַשען זאָגאַר איין אַטאָם פון איהר עקעלהאַפטען שמוץ. עס זיינען נאָר געווען פראַזען, וועלכע האָבען בשום אופן ניט געשטימט מיט איהרע רעאַקציאָנערע האַנדלונגען, ווי עס איז אויך געווען דער פאַל מיט דעם פילאָזאָף פריעדריך דעם 2טען, ביי וועמען ליבעראַלע פראַזען האָבען זיך פערטראָגען מיט די רעאַקציאָנערסטע האַנדלונגען.



# די געשיכטע פון ענגלאַנד.

## א. דער אויסבוי פון פּאַרלאַמענטאַריזם.

זינט ווילהעלם (ווילליאַם) דער 3טער איז אַריין אין עקסעטער האָט דער מזל פון יאַקאָב (דזשיימס) דעם 2טען ראָש אָנגעהויבען צו זינקען. ער האָט געפּרובירט מאַכען אייניגע אונגעלומפּערטע קאָנצעסיאָנען, ער האָט געבעטען און געסטראַשעט, נאָר עס האָט ניט געהאָלפען. ער האָט פעראייניגט די בישאָפען און האָט זיי געוואָלט צווינגען מיט גוואַלד, אַז זיי זאָלען אַרויסגעבען אַן ערקלערונג פון ערגעבענהייט צו איהם. אָבער דער העכסטער ערץ־בישאָף סאַנקראָפט האָט איהם געענטפערט, דאָס ער האָט צופיעל געהאַט צו ליידען, ווייל ער האָט אונטערגעצייכענט בלויז אַן אונשולדיגע ביטשריפט, און דאָס ער גיט זיך מעהר ניט אָפּ מיט פּאָליטישע זאַכען. באַלד האָט דער קעניג יאַקאָב דער 2טער זיך דערוואוסט, דאָס זיין נעפע (פלעמעניק) לאָרד קאָרנבורי וויל אָפּפאַלען פון איהם. זיין צווייטע טאָכטער, די פּרינצעסין אַננאַ, איז ענטלאָפען פון הויף און זיינע אייגענע קרובים האָבען איהם דערפאַר געמאַכט ביטערע פאָרווירפען. ער האָט זיך דאַמאָלס אַרומגעזעהען, דאָס ער מוז דעם קאַמף מיט ווילהעלם פון אָראַניען אויפגעבען און שליסען מיט איהם פרידען. ווילהעלם׳ס פאָדערונגען זיינען געוועזען זעהר מעסיגע, אָבער יאַקאָב דער 2טער האָט ניט געוואָלט אָננעהמען קיין בעדינגונגען. ער האָט גערעכענט, דאָס אַלעס איז פערלאָרען. ער האָט אַוועקגעשיקט זיין פרוי נאָך פראַנקרייך, דעם זיגעל פון רייך האָט ער אַריינגעוואָרפען אין די טהעמזע, און איז ענטלאָפען פון דעם לאַנד פון זיינע עלטערן.

נאָך דעם, ווי יאַקאָב האָט פערלאָזען דאָס לאַנד, האָבען די פערטרעטער פון ענגלישען פאָלק ערקלערט דעם ענגלישען טראָן פיר פריי און האָבען בעשלאָסען מעהר ניט צו אָנערקענען די פאַמיליע סטיוארט פיר בערעכטיגט

צו דער ענגלישער קרוין, און האָבען בעשטימט די קרוין פיר ווילהעלם און מאַריאַ.

אָבער דער טראָן איז געוואָרען איבערגעגעבען צו דיזען פּאָאַר מיט דער בעדינגונג, דאָס די פרייהייט פון ענגלישען פאָלק זאָל ניט בעריהרט ווערען. מען האָט באַלד גענומען פערפאַסען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן. לויט דיזער קאָנסטיטוציאָן האָט דער קעניג ניט געהאַט קיין רעכט צו פאָדערן פון פאָלק אָהן דער צושטימונג פון פּאַרלאַמענט וועלכע עס איז שטייערן אָדער אָפּגאַבען, אָדער נעהמען פון פאָלק סאָלדאַטען. דעם 13טען פעברואַר 1689, אין דעם טאָג פון דער קרוינונג, האָט דאָס קעניגליכע פּאָאַר געשוואָרען אָפּצוהיטען און ערפילען היילּיג דיזע קאָנסטיטוציאָן, און פון דאַמאָלס אָן האָבען אַזוי געמוזט טאָן אַלע הערשער. דיזע נייע קאָנסטיטוציאָן איז בעקאַנט אַלס „ביל פון רעכטען".

מיט דיזען „ביל פון רעכטען" איז בעשאַפען געוואָרען די נייע ענגלאַנד, וועלכע רעכענט דעם פּאַרלאַמענט פיר די בעכטע און שטאַרקסטע פעסטונג פיר איהר פרייהייט. געגען דיזער קאָנסטיטוציאָן זיינען די קאָנסטיטוציאָנען פון אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער ווי אַ שאָטען, ווי אַ נאָכקרימענים. קיין אייראָפּעאישעס פאָלק האָט אין פערלויף פון פיעלע דורות ניט געשטריטען פיר זיין פרייהייט אַזוי פיעל ווי די ענגלענדער. אויך די פראַנצויזישע קאָנסטיטוציאָן איז נאָר אַ פּראָדוקט פון אַ רעוואָלוציאָנס־אויסברוך, וועלכער האָט אין זיך פיעלע פעהלערן, אָבער ניט דער רעזולטאַט פון אַן ענערגישען סיסטעמאַטיש־געפיהרטען קריג אין פערלויף פון איינינגע יאָהרהונדערטער.

און דאָך קען די פערפאַסונג פון 1689 ניט ריכטיג געווירדיגט ווערען, ווען מען זאָל זי אָפּזונדערן פון די ענדערונגען און ענטוויקלונגען, וואָס זי האָט ערהאַלטען אין דער צייט פון דער רעגירונג פון ווילהעלם דעם 3טען.

דער קאַבינעט, וועלכער איז געווען צוזאַמענגעזעצט פון פעראַנטוואָרטליכע מיניסטאָרען, איז נאָר געווען די עקזעקוטיוו־מאַכט, דאָס הייסט; די מאַכט, וואָס האָט נאָר בעדאַרפט אויספיהרען די אַלע בעפעהלען און אָרדנונגען פון פּאַרלאַמענט, די פערטרעטער פון פאָלק. דער קעניג האָט ניט געקענט אָנהאַלטען אַ מיניסטער, וועלכען דער פּאַרלאַמענט האָט ניט געוואָלט האָבען; דער קעניג האָט ניט געקענט שיצען אַ מיניסטער, וועלכען דער פּאַרלאַמענט האָט בעשולדיגט אין עטוואָס אונגערעכטעס און האָט איהם געשטעלט צום געריכט. די עקסיסטענץ פון די צוויי גרויסע פּאַרטייען, פון די וויגס און די טאָרים, האָט פיעל געהאָלפען דערצו, דאָס דיזע

**גרונדזאצען** זיינען מיט דער צייט געוואָרען געוואוינהייטס־געזעצען, וועלכע **זיינען** שוין ניט צו ענדערן.

די צוויי אַלטע פּאָליטישע פּאַרטייען, די ווהיגס און די טאָרים, זיינען צו **דיזער** צייט געוועזן אריסטאָקראַטישע קליקעס: די **איינע**, די טאָרים, האָבען מעהר׳ געהאַט צו טאָן מיט די לענדליכע אינטערעסען און מיט דער קירכע; די אַנדערע, די ווהיגס, מיט האנדעלס־אינטערעסען און טאָלע־ראַנץ־בעשטרעבונגען. ווען איינע פון דיזע פּאַרטייען האָט געהאַט אין פּאַרלאַמענט די מעהרהייט, האָט זי אויך די רעגירונג געהאַט אין איהרע הענט און האָט זי געהאַלטען אַזוי לאַנג, ווי זי האָט געהאַט די מאַיאָריטעט אין פּאַרלאַמענט. מיר מוזען אָבער צוגעבען, דאָס די פערפאַסונג פון יאָהר 1689 איז נאָך ניט געוועזן אין גאַנצען דעמאָקראַטיש. זאָגאַר אין דעם הויז פון די פערטרעטער פון פאָלק זיינען פיעלע ערטער געוועזן בעזעצט פון אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, וויל די וואהל־געזעצען זיינען נאָך דאַמאָלס געוועזן זעהר בעשרענקט. דאָס וואהל־רעכט איז מעהר געוועזן אין די הענט פון גרונד־בעזיצער איידער ביי אַנדערע קלאַסען. אַ קליין דערפעל, וועל־כעס האָט נאָר געהאַט 7 אָדער 8 בעוואוינער, האָט געהאַט דאָס רעכט צו שיקען אין פּאַרלאַמענט 2 דעפּוטירטע, ווערענד גאַנצע נייע שטעדט מיט אַ גרויסער אינדוסטריע האָט ניט געקענט שיקען אפילו קיין איינציגען דע־פּוטירטען. אַ שטיק גרונד, וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסען שלאָס, זאָגאַר ווען עס איז אין גאַנצען פערפלייצט געוואָרען פון אַ געוויסער, האָט ניט פערלאָרען זיין רעכט צו שיקען דעפּוטירטע אין פּאַרלאַמענט. דער גרונד־הערר פון דער פערפלייצטער נאַכבאַרשאַפט האָט אין דיזען פאַל גענומען מיט זיך צוויי פעכטער און האָט זיך מיט זיי אַריינגעזעצט אין אַ באַרקע (אַן אָפענעם שיפעל), איז מיט זיי צוגעשוואומען אויף דעם פערפלייצטען אָרט און האָט ערוועהלט איינעם פון זיי פיר אַ מיטגליד אין פּאַרלאַמענט אַלס אַ דעפּוטירטען פון דער פערפלייצטער געגענד.

ביז דעם קריג צווישען ענגלאַנד און אַמעריקאַ איז דער פּאַרלאַמענט געוועזן אַריסטאָקראַטיש און איז געוועזן אונאָפּהענגיג פון יעדען דרוק פון די מאַסען. די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט זיינען ניט געוועזן אָפען. ערסט נאָך דעם אַמעריקאַנישען קריג האָט דער דעמאָקראַטישער עלעמענט אָנגע־הויבען אימער מעהר צו וואַקסען. עס איז אַריין אין קראַפט אַ נייע אַרט ווי אויפצושטעלען דעם בודזשעט (חשבון פון הכנסה און הוצאה פון לאַנד), וועלכע האָט געצוואונגען די רעגירונג צו בערופען דעם פּאַרלאַמענט יעדעס

יאָהר. דער בורזשעט האָט געמוזט געמאַכט ווערען יעדען יאָהר, און אָהן איהם האָט ניט געקענט עקסיסטירען ניט די אַרמעע און ניט די פלאָטע.

די פּרעס־פרייהייט האָט ענדליך געפונען איהרע ריכטיגע רעכטען. זינט ווילהעלם דער 3טער איז געוואָרען קעניג האָט דער ענגלישער בירגער געקענט שרייבען פריי אַלעס, וואָס ער האָט געדענקט, קיין צענזור האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו שטערען איהם אַרויסזאָגען פריי וואָס ער דענקט און פיהלט. די איבריגע אייראָפּאַ האָט נאָך גאַנצע הונדערט יאָהר נאָכדעם געליטען פון דער קנוטע פון צענזור.

אין רעליגיעזער הינזיכט איז ווילהעלם דער 3טער געוועזען אַ סך פרייער פון זיינע אונטערטאַנען. ער איז געוועזען זעהר טאָלעראַנט צו די קאַטאָליקען ער האָט אָבער ניט געקענט דורכפיהרען זיינע ליבעראַלע פּלענער לטובת די קאַטאָליקען, ווייל דאָס פאָלק האָט איהם דערין געשטערט. די געזעצען, וואָס דער פּאַרלאַמענט האָט וועגען זיי געמאַכט, האָבען זיי פיעל געשטערט אין זייער פּראָפּאַגאַנדאַ און אַפילו אין זייער געטליכען דינסט. דאָס גע־זעץ האָט זיי אויך ניט געגעבען קיין רעכט צו בעקליידען אַן עפענטליכעס אַמט. ערסט פיעל שפּעטער האָבען זיי בעקומען די פאָלשטענדיגע עמאַנ־ציפּאַציאָן (גלייכשטעלונג). עס האָט אויסגעוויזען, דאָס עס איז געקומען דער מאָמענט פון אַ פעראייניגונג פון דער אַנגליקאַנער קירכע מיט די נאָנ־קאָנפאָרמיסטען *), נאָר זייטיגע אומשטענדען האָבען געהינדערט דיזער פער־אייניגונג. אָבער מען האָט זיך אָנגעהויבען צו פערטראָגען איינע מיט די אַנדערע רוהיג, ניט פיינדליך. דאָס האָט אויך פיעל בעדייטעט.

די רעוואָלוציאָן האָט געבראַכט דער אַריסטאָקראַטיע זעהר פיעלע נו־צען אין סאָציאַלער בעציהונג ווי אין פּאָליטישער. ווי מיר וועלען נאָך זעהן שפּעטער האָט די אַריסטאָקראַטיע פעראייניגט אין איהרע הענט אונגע־הייערע לענדערייען. דעריבער האָט דיזע רעוואָלוציאָן ניט געהאַט אַזאַ גרויסע בעדייטונג פיר די גרויסע מאַסען פון ענגלישען פאָלק.

די בורזשואַזיע בעטראַכט דיזע רעוואָלוציאָן אַלס דעם אָנפאַנג פון איהר הערשאַפט. די אַלגעמיינע בעוועגונג פון יאָהר 1688, און די זעע־און קאָלאָניאַל־פּאָליטיק, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דיזער בעוועגונג, האָט וואונדערבאַר ענטוויקעלט דעם האַנדעל, די אינדוסטריע און דאָס באַנק־געשעפט. דערפון האָט זיך געבילדעט אַ נייע ענגלאַנד, אַן ענגלאַנד, וואָס

*) די יעניגע פּראָטעסטאַנטען אין ענגלאַנד, וועלכע בעקעהרען זיך ניט צו דער הערשענדער קירכע.

האט איבערהויפט בעטריבען שיפפאהרט און אינדוסטריע. מיט דיזער נייער ענגלאנד האט די אלטע לאנדליכע אריסטאקראטישע ענגלאנד גע־מוזט צוטיילען איהר הערשאפט. אין דעם בעשטעהט דאס גרויסע ווערק פון דעם 19טען יאהרהונדערט. די פאלשטענדיגע ארדנונג אין דער רעגי־רונג, אן ארדנונג, וועלכע די רעגירונג האט געמאכט אונאפהענגיג פון די קאפריזען פון די הערשער, צוזאמען מיט דער פאליטישער פרייהייט פון דעם פאלק, האט געגעבען א זיכערע גאראנטיע פיר דעם פעסטען און זי־כערען פונדאמענט פון דעם עקאנאמישען צושטאנד פון לאנד. יעדער מאן האט יעצט געקענט זיכער און אונגעשטערט טאן זיין ארבייט. אייגענטום און פערזאן זיינען געווען געזיכערט, דאס קיינעם'ס ווילקיר קען זיי ניט אנגרייפען. די רעגירונג איז געווען אונטער דער קאנטראל פון דער עפענט־ליכער מיינונג. די געזעצגעבונג איז געווען דער אויסדרוק פון דער מיינונג פון דער נאציאן עס האט זיך מיט דיזען אופן געבילדעט א גלייכגעוויכט צווישען דער רעגירונג'ס מאכט און דער מאכט פון פאלק. ביידע קרעפטען זיינען געגאנגען האנט אין האנט צו גרינדען און פעסטשטעלען דאס אל־געמיינע גליק.

## ב. די קולטור פון ענגלאנד אין דער צייט, ווען די סטיוארטס זיינען צוריק אריין אין מאכט.

דער 3טער קאפיטעל פון דער „געשיכטע פון ענגלאנד" פון דעם בע־ריהמטען היסטאריקער מאקאלעי שטעלט פאר א מערקווירדיגעס בילד פון דעם צושטאנד פון ענגלאנד אין דעם יאהר 1685. דיזער קאפי־טעל איז איינער פון די גלענצענדסטע געשיכטליכע שילדערונגען ניט נאר פון דער היסטארישער ליטעראטור פון ענגלאנד, נאר פון דער היסטא־רישער ליטעראטור פון דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט. לײדער איז דיזער קאפיטעל צו אויספיהרליך געשריבען, דאס מען זאל קענען פון איהם מאכען אן אויסצוג, וועלכער זאל געבען דעם לעזער וועלכען עס איז בע־גריף פון דעם מערקווירדיגען בילד, וואס ווערט געשילדערט אין דיזען קא־פיטעל. דעריבער מוזען מיר זיך צופרידען שטעלען ארויסצונעהמען פון דארטען נאר אייניגע פאקטען און איבערגעבען זיי דעם לעזער אין קורצען.

די בעפעלקערונג פון ענגלאנד איז אין יאהר 1690 בעשטאנען פון 5,000,000 איינוואוינער. דער צוואוקס פון די איינוואוינער איז אין די נארדליכע גראפשאפטען געווען גרעסער ווי אין די זידליכע. א גרויסער טייל פון לאנד אויף יענער זייט פון דעם טרענט איז געווען פיעל בעזעצט

און האָט זיך געפונען אין אַ זעהר באַרבאַרישען צושטאַנד. פיעלע רויבער־באַנדעס האָבען פערוויסטעט דאָס לאַנד. די קירכען־געמיינדעס האָבען געמוזט האַלטען בלוט־הינט אום צו פערטרייבען די רויבער.

די וויכטיגסטע קוועלע פון איינקונפטען אין שטאַאט איז געווען דער אַקציז, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט דער רעגירונג אין דעם לעצטען יאָהר פון קאַרל'ס רעגירונג 585,000 פונט סטערלינג ריינעם ערטראַג. די ריינע איינקונפט פון צאָל אין דעם זעלבען יאָהר איז געווען 530,000 פונט. די דירעקטע שטייערן האָבען אַריינגעבראַכט פיעל וועניגער, זיי זיינען אָבער געווען פיעל מעהר פערהאַסט. די שטייערן זיינען געווען פערדונגען צו בעלי־טאַקסעס, וועלכע האָבען שטאַרק געדריקט די אָרימע קלאַס. די בעלי־טאַקסעס פלעגען אָפט צונעהמען ביי אַן אָרימער פאַמיליע די לעצטע בעט־געוואַנט פיר די שטייער, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט צאָהלען און האָבען ניט געקענט בעצאָהלען.

ווען מיר ווילען צורעכנען צו דיזע איינקונפטען נאָך די, וועלכע עס האָבען אַריינגעבראַכט די שטאַאטס־גיטער, שטראָף־געלטען און איינינע אַנדערע, וועט די איינקונפט פון דער רעגירונג בעטרעפען 1,400,000 פונט יעהרליך. פון דיזער סומע איז געווען בעשטימט פיר די אויסגאַבען פון הויף 80,000 פונט. דיזע לעצטע סומע איז זעהר אַ קליינע אין פערגלייך מיט די סומעס, וואָס אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע הערשער האָבען בעקומען פיר זייערע אויסגאַבען. די איינקונפט פון ענגלישען שטאַאט איז געווען נאָר אַ פינפטעל פון דער איינקונפט פון פראַנקרייך. און דאָס איז געווען די הויפּט־אורזאַך, וואָרום דאָס ענגלישע פרייע פאָלק האָט ניט געוואָלט נעהמען אויף זיך דעם יאָך פון אויפהאַלטען אַ שטענדיגע אַרמעע. ענגלאַנד, דאָס הייסט דאָס ענגלישע פאָלק, האָט ניט געוואָלט וויסען פון דיזער לאַסט, וועלכע האָט אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע פעלקער געדריקט צו דער ערד, וועלכע האָט געהאָלפען דעם אַבסאָלוטיזם צו ווערען גרויס און מעכטיג, וועלכע האָט געטויטעט דעם פרייהייטס־זין פון די פעלקער און האָט געמאַכט אונמעגליך די קאָנקורענץ אויף דעם געביט פון אינדוסטריע.

„אין פראַנקרייך, דייטשלאַנד און די נידערלאַנדען", זאָגט מאַקאָלעי, „האָבען זיי געהאַלטען אין צייט פון פרידען אַזוי פיעל סאָלדאַטען, וואָס היינריך דער 4טער און פיליפּ דער 2טער האָבען קיינמאָל אין קריגס־צייט אַזוי פיעל ניט געברויכט. איבעראַל מאַכט מען פעסטונגען, איבעראַל גרייט מען צו מאַסען געוועהר און אַמוניציאָן. כמעט איבעראַל האָט מען געהערט די טרומייטען פון מאַרשירענדע סאָלדאַטען, וואָס מאַכען זיך גרייט

צו אַ קריג מיט אַ שונא, וועלכער דאַרף ערסט בעשאַפען ווערען. אויף אונזער אינזעל (ענגלאַנד) אָבער איז עס געוועןן מעגליך צו לעבען לאַנג און צו רייזען ווייט און אפילו איין איינציגען מאָל ניט זעהן אָדער הערען וועלכען עס איז סימן פון קריג. די מעהרסטע יונגע ענגלענדער, וועלכע זיינען אינגער פון 25 יאָהר, האָבען וואהרשיינליך קיינמאָל ניט געזעהען אַ קאָמפּאַניע רעגולערע סאָלדאַטען".

ווי גרויס איז דער אונטערשייד צווישען ענגלאַנד און דעם קאָנטינענט (די איבריגע לענדער פון אייראָפּאַ) אין דיזער הינזיכט! דאָרט זיינען אַלע אימער בעוואַפּענט ביז די ציין, ווערענד ענגלאַנד'ס געזעצליכע אַרמעע איז נאָר די מיליץ. יעדער, וואָס האָט איינקונפט פון גרונד־בעזיץ 500 פונט אַ יאָהר, אָדער וואָס פערמאָגט 6,000 פונט אין בעוועגליכע גיטער (קאַפּיטאַל אָדער סחורה), מוז שיקען אַ רייטער פיר די אַרמעע מיט דער גאַנצער נעטיגער אַמוניציאָן. האָט איינער נאָר 50 פונט איינקונפט פון זיין גרונד־אייגענטום, אָדער ער האָט אייגענטום אין ווערט פון 600 פונט אין בעוועגליכע זאַכען, מוז ער בעזאָרגען אַ מוסקעטיער (אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס). אויך די קלענערע אייגענטימער מוזען זיך צוזאַמעננעהמען און לויט זייערע מיטלען שיקען לייט פיר די מיליץ. די צאָהל סאָלדאַטען פון דער ענגלישער מיליץ איז געוועןן 130,000 מאַן.

דערפאַר האָט ענגלאַנד אימער געהאַט אַ גרויסאַרטיגע פלאָטע. וועלכע פּאַרטיי עס איז געשטאַנען ביים רודער פון דער רעגירונג האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטען צו מאַכען ענגלאַנד פיר די גרעסטע זעע־מאַכט. יעדער שריט, וואָס איז געמאַכט געוואָרען צו פערגרעסערן די ענגלישע פלאָטע, האָבען אַלע פריינדליך בעגריסט און האָבען דערויף מסכים געווען. זאָגאַר דאָס הויז פון די קאָממאָנס, דאָס אונטער־הויז, איז געוועןן גרייט צו בעשטימען פיר די פלאָטע געלט ווי פיעל מען האָט פערלאַנגט. אין יאָהר 1684 האָט שוין די ענגלישע רעגירונג געהאַט 9 ערסטע קלאַס שיפען, 14 פון צווייטען גראַד און 39 פון דריטען גראַד, אויסער זעהר פיעלע קלענערע שיפען. אָבער זיי זיינען אַלע געווען אין אַ זעהר עלענדען צושטאַנד. עס האָט געפאָדערט פיעל אָנשטרענגונג ביז מען האָט זיי געבראַכט אויף אַ העכערער מדרגה. עס האָט געקאָסט 400,000 פונט סטערלינג אַרויפצובריינגען די פלאָטע אויף אַ בעדייטענדע שטופע. די גאַנצע סומע, וואָס מען האָט אויסגעגעבען אויף די אַרמעע מיט דער פלאָטע צוזאַמען, האָט בעטראָפען לערך 750,000 פונט.

אויף ציוויל־בעאַמטע האָט דער ענגלישער שטאַאַט אויסגעגעבען נאָר א געוויסען טייל. שעריפס, אָלדערמען און דאָרף־מאַגיסטראַטען האָבען גע־דינט אָהן געהאַלט. די העכערע געריכטס־בעאַמטע האָבען געלעבט פון די געריכטס־קאָסטען, וואָס זיי פלעגען צוזאַמעננעהמען פון די בעלי דינים, וואָס זיינען געקומען פראָצעסירען זיך. אָבער די מיניסטאָרען און די האָפ־לייט האָבען גענומען זעהר גרויסע געהאַלטען. דער גרעסטער קאַפּיטאַליסט איז דאַמאָלס געווען א מאַן, וואָס האָט פערמאָגט 20,000 פונט (100,000 דאָללאַר), אָבער די ליבלינגען פון הויף האָבען גענומען אונגעהייערע גע־האַלטען גאָר ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דעם ווערט פון געלט אין יענער צייט. אַזוי צ. ב. האָט דער הערצאָג פון אָרמאָנד ערהאַלטען יעהרליך 22,000 פונט, און דער הערצאָג פון בוקינגהאַם 19,600 פונט. מאַנק האָט גע־האַט איינקונפט פון די קרוין־לענדער, וואָס די רעגירונג האָט איהם גע־געבען, איבער 15,000 פונט יעהרליך, און ער האָט געלאָזען נאָך זיך א קאַפּיטאַל פון 60,000 פונט.

דיזע 3 הערצאָגען האָבען זיך דאַמאָלס גערעכענט פיר די רייכסטע. אָבער באמת זיינען אויסער זיי געווען נאָך אַנדערע גאַנץ רייכע. דער ערץ־בישאָף פון קאַנטערבורי האָט געהאַט א יעהרליכע איינגאַהמע פון 5,000 פונט, א פּעער (לאָרד) 3,000 פונט, א באַראָנעט 900 פונט, א פּאַרלאַ־מענטס־מיטגליד 800 פונט; דער לאָרד־שאַצמייסטער האָט געהאַט יעהר־ליך 8,000 פונט און דער צאַהלמייסטער אין דער אַרמעע 5,000 פונט. דערביי איז דער געהאַלט געווען נאָך דער קלענסטער טייל פון די איינ־קונפטען פון דיזע בעאַמטע. אַלע, פון העכסטען ביז דעם נידריגסטען בע־אַמטען, האָבען גענומען כאַבאַר און האָבען זיך גאָרניט געשעמט דערמיט און גאָרניט מורא געהאַט. טיטלען, שטעלעס און בעגנאַדיגונגען פלעגט מען טעגליך פערקויפען ווי אויף דעם מאַרק.

פון אַלע צווייגען פון דער פאָלקס־עקאָנאָמיע זיינען דער אַקערבוי און די לאַנדווירטשאַפט געשטאַנען העכער. כמעט 4 פינפטעל פון גאַנצען פאָלק האָבען זיך דערמיט בעשעפטיגט. דאָך איז דער אַקערבוי דאַמאָלס געשטאַנען אויף א זעהר נידריגער שטופע. דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס איז געווען בעאַרבייט מיט דער סאָכע און וואָס איז געווען בעשטימט פיר פיה־צוכט, איז געווען אונגעפעהר נאָר די העלפט פון דעם גאַנצען שטח פון דעם לאַנד. דאָס איבריגע איז געווען זומפּ, וואַלד און בלאָטע.

זעהר גרויס זיינען געווען די פאָרטשריטען אין בערגבוי (מינעס). צין פלעגט מען שוין דאַמאָלס אַרויסבעקומען פון דער ערד איבער 1,600 טאָן,

קופּער ביז 800,000 פונט, אייזען לערך 10,000 טאָן. שטיין=קוילען זיי-
נען שוין דאַמאָלס געווען אין איניגע בעצירקען דאָס געוועהנליכע הייץ=
מאַטעריאַל, איבערהויפּט האָט לאָנדאָן פערברויכט פיעל קוילען. אין דעם
לעצטען רעגירונגס=יאָהר פון קאַרל דעם 2טען האָט מען געבראַכט נאָך
לאָנדאָן 350,000 טאָן קוילען. אין היינטיגער צייט פערברויכט לאָנדאָן
יעהרליך ניט וועניגער פון דריי מיט א האַלב מיליאָנען טאָן קוילען.

די צאָהל פון ערד=אַרבייטער איז דאַמאָלס געווען זעהר גרויס. די
בעלוינונג, וואָס זיי פלעגען דאַמאָלס בעקומען פיר א טאָג אַרבייט אין
פעלד, איז געוועהנליך געווען 4 פענס מיט קעסט און 8 פענס אָהן
קעסט. דער געהאַלט פיר א וואָך אַרבייט איז געווען פון 4 ביז 6 שיללינג.
אָבער אין יענע צייטען האָבען די אַרבייטער פון דיזע קליינע פערדינסטען



די באַנק פון ענגלאַנד.

געהאַט גענוג צום לעבען, און דעריבער פלעגען די אַרבייטער ניט וועלען
אַריינטרעטען אין מיליטער=דינסט, הגם זי איז פיעל גרינגער ווי ערד=אַר-
בייט און האָט נאָך אַן אויסזיכט אויף פּענסיאָן אויף דער עלטער.

די אַרבייטער אין די פאַבריקען זיינען געוואָרען בעסער בעצאָהלט ווי
די פעלד=אַרבייטער. דער געוועהנליכער אַרבייטס=לוין פון א טאָג אין א
פאַבריק איז געווען א שיללינג. די קאַפּיטאַליסטען האָט עס זעהר גע-
קרענקט, ווייל זיי האָבען עס גערעכענט פיר א צו הויכען פּרייז, אָבער זיי
האָבען דערצו ניט געקענט העלפען. די ענגלישע אַרבייטער האָבען ניט גע-
וואָלט אַרבייטען פיר וועניגער. אין יאָהר 1680 האָט א מיטגליד פון דעם
אונטער=הויז פון פּאַרלאַמענט געמאַכט אַן אונטערזוכונג און האָט אויס-

געפונען, דאָס אַ בענגאַליש-געבאָרענער ארבייטער איז צופרידען מיט אַ קופּערנער מטבע פיר אַ טאָג ארבייט אין אַ פאַבריק, און דער ענגליש-געבאָרענער וויל ניט ארבייטען פיר ווענינער ווי אַ שיללינג אַ טאָג, און דעריבער קענען ניט די וועב-פאַבריקען עקסיסטירען און קענען ניט קאָנקורירען מיט די וועב-פאַבריקען אין אינדיען, און דעריבער זיינען אָפּטמאָל די ענגלישע אַרבייטער געווען געצוואונגען צו אַרבייטען אין די פאַבריקען פיר ווענינער אַלס אַ שיללינג אַ טאָג. דער שיללינג-לוין איז דאַמאָלס געווען דער העכסטער ציל פון ענגלישען אַרבייטער.

די פאַבריקאַנטען, פערשטעהט זיך, האָבען געברויכט אַלע מיטלען אום דעם אַרבייטס-לוין צו פערקלענערן. דער הויפּט-מיטעל זייערער איז געווען קינדער-אַרבייט. זיי האָבען געברויכט צו דער אַרבייט קינדער פון 6 יאָהר אַלט. די שריפטשטעלער פון יענער צייט שטאַלצירען מיט דעם, וואָס אין נאָרוויטש האָבען קינדער מיט זייער אַרבייט פערמעהרט דעם קאַפּיטאַל פון די פאַבריקאַנטען אויף 12,000 פונט יעדען יאָהר. וואָס פיר פינסטערע בעגריפען פון מענשען-רעכט עס האָבען דאַמאָלס עקסיסטירט זאָגאַר צווישען די מענשען פון דער בעסערער קלאַס.

אונטער דער אַרבייטער-קלאַס איז דאַמאָלס, ווי היינט, געשטאַנען די קלאַס פון אָרימע לייט, וועלכע האָבען געמוזט אָנקומען צו שטיצע פון דער געזעלשאַפט. די צאָהל פון דיזע איז דאַמאָלס געווען זעהר גרויס. זיי זיינען געווען אַ פינפטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, וועהרענד אין היינטיגע צייטען זיי זיי נאָר אַ צעהנטעל אין שלעכטע יאָהרען און אַ דרייצעהנטעל אין בעסערע. עס קען זיין, דאָס דיזע צאָהל (אַ פינפטעל) איז אַ ביסעל איבערטריבען, אָבער עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס די צאָהל פון אָרימע לייט איז דאַמאָלס געווען פיעל גרעסער ווי אין היינטיגע צייטען. די שטייער, וואָס יעדער האָט געמוזט צאָהלען אום צו שטיצען די אָרימע לייט, איז דאַמאָלס געווען זעהר גרויס און איז געווען פיר די בעפעלקערונג זעהר שווער. אין דער צייט פון דער רעגירונג פון קאַרל דעם 2טען האָט די שטייער פיר די שטיצע פון אָרימע בעטראָפען 300,000 פונט יעהרליך, דאָס איז געווען כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער איינקונפט פון דער רעגירונג. אַ קורצע צייט שפּעטער איז די שטייער געהעכערט געוואָרען ביז דער סומע פון 900,000 פונט סטערלינג.

די וויכטיגסטע ענדערונג אין ענגלאַנד זינט דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן איז צו בעמערקען אין דעם צושטאַנד פון די שטעדט. וועהרענד יעצט איז אַ זעקסטעל פון דער גאַנצער נאַציאָן געפּאַקט אין פּראָווינציאַל-

שטעדט, פון וועלכע יעדע האָט מעהר פון 30,000 איינוואוינער, זיינען אין ד'ער צייט פון קארל דעם 2טען קוים געווען פיער שטעדט, וואָס האָבען געהאַט צו 10,000 איינוואוינער. די גרעסטע בעפעלקערונג, אויסער דער הויפּטשטאָדט, איז דאַמאָלס געווען אין בריסטאָל, דער ענגלישער זעע־האַ־פען, און נאָרוויטש, די גרעסטע ענגלישע פאַבריקען־שטאָדט. בריסטאָל האָט געפיהרט א בליהענדען האנדעל מיט די נאָרד־אַמעריקאַנישע פּלאַנ־טאַציעס און וועסט־אינדיען. עס איז אין בריסטאָל ניט געווען קיין איין קרעמער, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין סחורה אין איינעם פון די שיפען, וואָס זיינען געגאַנגען נאָך אַמעריקאַ. זעהר גרויס איז דאַמאָלס געווען דער האנדעל מיט שקלאַפען, אין וועלכע אַמעריקאַ האָט זיך זעהר גענעטיגט.

די שטאָדט מאַנטשעסטער האָט שוין אין 17טען יאָהרהונדערט גע־שפּילט א וויכטיגע ראָלע אַלס א גרויסער האנדעלס־פּונקט. דיזע שטאָדט האָט אין פערלויף פון א האַלבען יאָהרהונדערט בעצויגען באַוועל פון סמיר־נאַ און פון דער אינזעל ציפּערן. אין די לעצטע יאָהרען פון 17טען יאָהר־הונדערט פלעגט זי בעציהען פון דאָרט עטוואָס ווענינער פון 2 מיליאָנען פונט באַוועל א יאָהר. יעצט מוז זי האָבען אזוי פיעל פיר 48 שטונדען. עס וואָלט געווען צו לאַנגווייליג פיר דעם לעזער, ווען מיר זאָלען אויסרעכ־נען אַלע היינטיגע גרויסע האנדעל־שטעדט אין ענגלאַנד, וועלכע זיינען מיט 200 יאָהר צוריק געווען קליינע דערפלאַך, אָהן א קירכע אפילו, אָדער גאָר זומפּען און בלאָטעס, וואו מען האָט מעהר ניט געקענט זעהן ווי האזעל־היהנער אָדער הירשען.

לאָנדאָן האָט איבערגעשטיגען אַלע אַנדערע שטעדט. שוין אין יאָהר 1685 איז לאָנדאָן געווען די גרעסטע בעפעלקערטע שטאָדט אין גאַנץ איי־ראָפּאַ. זי האָט שוין דאַמאָלס געהאַט א האַלב מיליאָן איינוואוינער. אין האַנדעל איז געווען אין אייראָפּא נאָר איין שטאָדט, וואָס האָט געוואָלט זיין גלייך מיט איהר: דאָס איז געווען אַמסטערדאַם, וועלכע שטעהט היינט ווייט הינטער איהר. ווען מיר זאָלען וועלען פערגלייכען דעם האנדעל פון לאָנדאָן אין היינטיגער צייט מיט דעם האנדעל פון יענער וואָלט דאָס ער־שיינען אַלס לעכערליך. אָבער פיר יענע צייט איז דאָס געווען אונגעהייער גרויס. די שיפּפאַהרט האָט ניט איבערגעשטיגען 70,000 טאָן — דאָס איז דאַמאָלס געווען א דריטעל פון גאַנצען האנדעל אין לאַנד — אָבער יעצט האָט די טהעמזע אַליין מעהר טאָנען צו פיהרען אויף איהרע דאַמפּ־שיפען. די לאָנדאָנער צאָל־שטייער האָט דאַמאָלס (ארום 1685) בעטראָפען יעהרליך אונגעפעהר 330,000 פונט. יעצט בעטרעפען זיי 30 מאָל מעהר.

דער וויכטיגסטער טייל פון דער שטאדט לאנדאן איז געווען די סיטי. אבער דיזער טייל פון שטאדט האט דאמאלס געהאט א גאנץ אנדערען כאראקטער ווי היינט. יעצט געפינען זיך אין דיזען טייל שטאדט איבערהויפט געשעפטס־פלעצער, קראמען און קאנטארען, ווי אויך פאברי־קען, און נאך די שטונדען פון געשעפט און ארבייט ווערט דארט שטיל און רוהיג ווי אויף א דארפישען בית עולם, ווייל אלע וואוינען אין די אנ־דערע טיילען פון שטאדט. אין 17טען יאהרהונדערט איז די סיטי געווען דער וואוין־ארט פון דער האנדעלס־קלאס, וועלכע האט געפיהרט דאס זעלבע רייכע און גלענצענדע לעבען ווי די הויכע אדעללייט. סער דודלעי נארטה האט אויסגעגעבען 4,000 פונט אויף אויסצופוצען זיינע זאלען, א סומע, וועלכע איז דאמאלס געווען זעהר בעדייטענד זאגאר פיר א הערצאג.

אויסערליך פערגליכען מיט פאריז האט די לאנדאנער סיטי זיך ניט פיעל געקענט ריהמען. די צושטענדען זיינען געווען אזוי, דאס אין היינ־טיגע צייטען וואלטען זיי געווען אונערטרעגליך. דער ברוק פון די גאסען איז געווען אפשייליך, אלע פרעמדע האבען דערויף געשימפט. דער וואסער־אפצוג איז געווען אזוי שלעכט, דאס אין א צייט פון רעגען האט געגאסען פון די רינעס ווי פון טייכען. פון די העכערע ערטער, ווי סנאוהילל און לאדגעיטהילל, האבען געשטראמט שמוציגע טייכען מיט אלערליי שמוץ פון פערד, בהמות, צופוילטע פרוכט און גרינס פון יאטקעס און פון גרינס־קראמען. דיזער שמוץ איז געווארען נאך מעהר אונערטרעגליך ווען וואגענס און קארעטען האבען איהם לויפענדיג צושפריצט אויף ביידע זייטען און האבען בעשמוצט די פארבייגעהער.

נאך מעהר קען אונז געבען א בעגריף פון דער ארימער קולטור פון יענער צייט די בעלייכטונג פון דער שטאדט. ביז דעם יאהר 1685 איז אין דער סיטי ניט געווען קיין בעלייכטונג. אין יענעם יאהר האט א געוויסער מאן מיט'ן נאמען עדווארד העמינג בעקומען א פאטענט צו בעלייכטען די גאסען אין פערלויף פון אייניגע יאהר. ער האט זיך פערפליכטעט אנ־צוצינדען א ליכט אין די נעכט, וואס די לבנה שיינט ניט, אין יעדער צעהנטער טיר, און דיזעס ליכט זאל ברענען פון 6 ביז 12 אוהר ביי נאכט. דערפאר האט ער בעקומען א זעהר מעסיגע געצאהלט. די פריינד פון פארטשריט האבען שטארק געלויבט העמינג'ן און האבען איהם גערעכענט אלס דעם גרעסטען בעל טובה פון דער שטאדט. „וואס פיר א ווערט הא־בען געהאט די געריהמטע ערפינדונגען פון דעם גרויסען גריכישען פילא־זאף און מאטהעמאטיקער ארכימעדעס", האבען זיי געזאגט, „אין פערגלייך

מיט דער וואוילטאט פון דעם מאן, וועלכער האט פערוואנדעלט די נאכט־פינסטערניס אין א העלען טאג?"

אויך די לאנד־שטראסען, וועלכע האבען געפיהרט פון איין שטאדט אין די אנדערע, האבען זיך געפונען אין א זעהר שלעכטען צושטאנד אין פערגלייך מיט פראנקרייך און האללאנד. די וועגען, וואס די קירכען־גע־מיינדעס האבען אונטערהאלטען אין גוטער ארדנונג, זיינען געווען זעהר פערלאזען און שלעכט, אין ווינטער־צייט אדער אין א צייט פון פיעל רעגען איז איבער זיי געווען אונמעגליך צו פאהרען. נאך ערגער זיינען זיי געווען אין די פערווארפענע ווייטע געגענדען פון לאנד. אין 18טען יאהרהונדערט איז איינגעפיהרט געווארען אין לאנד א בעזונדער אפצאהל אונטער'ן נא־מען „שאסעע־געלט". דאמאלס איז די לאגע און דער צושטאנד פון די וועגען געווארען פיעל בעסער. עס פערשטעהט זיך, דאס אונטער אזעלכע אומשטענדען זיינען די קאסטען פון צושטעלען וואארע פון איין שטאדט אין די אנדערע געווען זעהר הויך. מענשען האבען געקענט פאהרען פון איין שטאדט אין די אנדערע נאר רייטענדיג אדער אין א וואגען געשפאנט מיט פיער אדער זעקס פערד.

די ערסטע רעגעלמעסיגע בעוועגונג פיר מענשען פון איין שטאדט אין די אנדערע האט געגרינדעט א פריוואט־מאן צווישען לאנדאן און אקס־פארד. דער וואגען האט זיך גערופען „די פליהענדע קאטש", ווייל פאה־רענדיג אין דיזען וואגען האט די רייזע געדויערט נאר איין טאג, אנשטאט דעם, וואס פריהער האט דער וועג געדויערט צוויי טעג. די רייזענדע הא־בען עס בעטראכט פיר אן אונגעוועהנליכע שנעלקייט. זינט דעם יאהר 1685 איז לאנדאן פערבונדען געווארען מיט אלע גרויסע שטעדט דורך אזעלכע „פליהענדע קאטשען", און מענשען פלעגען רעגעלמעסיג דריי מאל א וואך קומען הין און צוריק. די קעניגליכע פאסט, וועלכע קארל דער 2טער האט ווידער איינגעפיהרט און וועלכע האט נאר געפיהרט בריף און פאקעטען, האט געהאט אנגעגרייטע פערד פיר רייטער, אויך וועגען אדער קארעטען פיר דעם קעניג און גרויסע בעאמטע. די ריינע יעהרליכע איינגאהמע פון דער קעניגליכער פאסט איז געשטיגען פון יאהר 1661 ביז 1695 פון 20,000 ביז 70,000 פונט סטערלינג.

צו ענדע פון דיזער שילדערונג ווילען מיר נאך זאגען א פאאר ווער־טער וועגען די ענגלישע קאפע־הייזער און צייטונגען פון יענער צייט. די קאפע־הייזער האבען דאמאלס געשפילט א ראלע פון וויכטיגע פאליטישע איינריכטונגען, ווייל זיי זיינען געווען די הויפט־ארגאנען, דורך וועלכע



די ערסטע לאנטערנעס אין לאנדאן.

די עפענטליכע מיינונג פון דער הויפטשטאדט האט זיך אניסגעדריקט ווע-גען יעדער וויכטיגער פראגע. דאס ערסטע קאפע־הויז איז געגרינדעט גע-ווארען אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן פון א געוויסען קויפמאן, וועל-כער האט געלעבט א לאנגע צייט אין טערקיי. באלד אבער איז די צאהל פון קאפע־הייזער געווארען אזוי גרויס, דאס יעדע קלאס מענשען האט זיך געהאט איהרע קאפע־הייזער. יעדער מענש איז געגאנגען אלע טאג אין קאפע־הויז צו הערען דארט נייעס און צו דיסקוטירען און דעבאטירען ווע-גען דעם, וואס ער האט געהערט און וואס עס איז געשעהען. יעדעס קאפע־הויז האט געהאט זיין רעדנער אדער איינינע רעדנערס. די רעגירונג האט איינינע מאל געזוכט צו שליסען דיזע קאפע־הייזער, ווייל זיי פערשאפען אונאנגענעהמליכקייטען און אונארדנונגען, אבער דאס פאלק האט אויפ-געהויבען א גרויסען לארם און פיעלע פראטעסטען, אזוי דאס די רעגירונג האט געמוזט צוריקנעהמען איהר בעשלוס און לאזען די קאפע־הייזער צורוה.

די קאפע־הייזער האבען געדינט דעם פאלק אלס צייטונגען. אין יאהר 1685 איז נאך אין ענגלאנד ניט געווען קיין צייטונג. די „לאנדאן גאזעטטע", וואס די רעגירונג האט געגרינדעט אין יאהר 1666, האט נאר ענטהאלטען אין זיך א קעניגליכע בעקאנטמאכונג, 2 אדער 3 רעדעס פון טארים, נאכריכטען פון 2 אדער 3 אמט־ערהייבונגען, א בעריכט פון א געשלעג צווישען די קייזערליכע טרופען און די טערקישע סאלדאטען ביים דונאי, א בעשרייבונג פון א רויבער ערגעץ אויף'ן וועג, א בעקאנטמאכונג פון א העהנער־קאמף צווישען צוויי פערזאנען פון הויכען שטאנד, און א מודעה, וועלכע פערשפרעכט א בעלוינונג פיר א פערלארענעם הונט. ווע-גען די דעבאטען, וואס זיינען פארגעקומען אין פארלאמענט, און וועגען וויכטיגע שטאאטס־פראצעסען איז אין דיזער צייטונג ניט געווען דער-מאהנט קייןווארט.

ערסט מיט דער צווייטער רעוואלוציאן האט זיך מעהר ענטוויקעלט די טעגליכע פרעסע. וויללהעלם דער 3טער האט געגרינדעט א צייטונג „דער אראנישער אנצייגער". מיט דיזען בלאט האט ער געלייסטעט דעם פאלק פיעלע גוטע דינסטען. פון יאהר 1688 ביז דעם יאהר 1692 האבען זיך געגרינדעט אין ענגלאנד 26 נייע צייטונגען. די רעגירונג האט נאך אבער ניט ערלויבט צו דרוקען אין די צייטונגען די פערהאנדלונגען פון פארלאמענט, און דאס פאלק פון דער פראווינץ האט זיך געמוזט צופרידען שטעלען מיט די געשריבענע צייטונגען, וואס מען האט זיי צוגעשיקט פון לאנדאן. אבער אין יאהר 1693 איז די צענזור אין ענגלאנד אין גאנצען

אָפּגעשאַפּט געוואָרען, און די טעגליכע צייטונגען האָבען בעקומען פולע פרייהייט צו שרייבען אַלעס, וואָס זיי געפינען פיר ניצליך אז דאָס פאָלק זאָל עס וויסען. אין דער צייט פון דעם שפּאַנישען קריג וועגען דעם ירושה־רעכט פון דעם טראָן זיינען אין לאָנדאָן אַליין ערשינען 18 צייטונגען, צווישען וועלכע דער „טעגליכער קוריער" איז געווען די וויכטיגסטע. אויך אין די פּראָווינצען האָבען זיך געגרינדעט פיעלע צייטונגען. אזוי איז די פּעריאָדישע פּרעסע אין ענגלאַנד געוואָרען אַ פּאָליטישע מאַכט פיר דאָס פאָלק, וועלכעס איז דורך דעם געוואָרען „אַ נאַציאָן פון שטאַאַטסמענער", ווי אַ געוויסער ענגלענדער האָט זיך דאַמאָלס אויסגעדריקט.

## ג. די פּאָליטישע געשיכטע פון ענגלאַנד ביז דער צייט, וואָס אמעריקא האָט זיך ערקלערט אונאָפּהענגיג.

די ערסטע רעגירונגס־טאַט, וואָס ווילהעלם דער 3טער האָט געטאָן, איז געווען צוריקברייננגען אין קראַפט דאָס געזעץ צו פערוועהרען אריינברייננגען אין ענגלאַנד וואַארע פון פראַנקרייך, אַ געזעץ, וועלכעס יאַקאָב דער 2טער האָט אָפּגעשאַפט. דער זעלבער פערבאָט איז געווען פערשפּרייט אויך אויף אַלע אַנדערע סחורות, וואָס קומען פון אַנדערע לענדער, סחורות פון דעם זעלביגען סאָרט, וואָס ווערען געמאַכט אין ענגלאַנד. די אָפּצאָהל אויף אויסלענדישע וואַארע איז געווען אזוי גרויס, דאָס עס האָט בשום אופן ניט געלוינט אריינצופיהרען סחורה פון אויסלאַנד. רויהע מאַטעריאַלען איז געווען פערבאָטען ארויסצופיהרען פון לאַנד, אָבער אריינפיהרען אין לאַנד רויהע מאַטעריאַלען איז געווען ערלויבט אָהן אַ שום אָפּצאָהל. קורץ, עס איז געווען איינגעפיהרט דאָס סיסטעם פון שוץ־צאָל.

נאָך דעם, ווי מען האָט אָפּגעשאַפט דעם עדיקט פון נאַנטעס, וועלכער האָט געגעבען די פּראָטעסטאַנטען רעליגיאָנס־פרייהייט, האָט די ענגלישע רעגירונג אָנגעפאַנגען אויפצונעהמען פריינדליך פראַנצויזישע ארבייטער. דיזע ארבייטער האָבען בעקאַנט געמאַכט די ענגלישע פאַבריקאַנטען מיט אַלע פערבעסערונגען, מיט וועלכע עס האָבען זיך אויסגעצייכענט די פראַנצויזישע פאַבריקען, אזוי דאָס די ענגלישע פאַבריקען זיינען געוואָרען איז שטאַנד צו קאָנקורירען מיט פראַנקרייך. די וואָל־מאַנופאַקטור האָט געמאַכט אַ גרויסען ערפאָלג, ווייל דאָס לאַנד האָט געהאַט זעהר פיעלע רויהע מאַטעריאַלען פיר דיזע מאַנופאַקטור. פון אָפיציעלע דאָקומענטען ווייסען מיר, דאָס אין 1670 האָט ענגלאַנד ארויסגעשיקט וואַארע אין אַנדערע לענדער פיר 3 מיליאָנען פונט סטערלינג. די לינען־וועבעריי, וועלכע איז

פריהער געוועזן אין אירלאַנד נאָר אַ הויז־אינדוסטריע, איז געוואָרען אַ גע־געגשטאַנד פון עקספּאָרט נאָך אויסלאַנד, ווייל צוליב די שטיצע, וואָס מען האָט געגעבען דיזער אינדוסטריע, האָט מען אָנגעפאַנגען צו בעאַרבייטען לינען אין גרויסע פאַבריקען אין גרויסען מאַסשטאַב. אויך די זייד־וועבעריי און די באַוועל־מאַנופאַקטור האָט געמאַכט גרויסען פאָרטשריט. די רעגירונג האָט אָבער זעהר וועניג דערצו געהאָלפען. ווערענד אין אַנ־דערע לענדער האָט די רעגירונג געגעבען גרויסע שטיצע צו יעדען פאַברי־קאַנט, וועלכער האָט געוואָלט מאַכען וועלכע עס איז וויכטיגע אונטערנעה־מונג, האָט די ענגלישע רעגירונג געטאָן דעריןן גאָר וועניג. אין ענגלאַנד האָט דאָס פאָלק אַליין, אויף אייגענער רעכנונג, מיט אייגענער ענערגיע, ענטוויקעלט אַן אונגעהייערע אינדוסטריע, וועלכע האָט פערדונקעלט די אינדוסטריע פון אַלע אַנדערע פעלקער.

אין יאָהר 1702 איז דער קרענקליכער ווילהעלם דער 3טער געשטאָר־בען, און דעם טראָן האָט בעשטיגען יאַקאָב דעם 2טען׳ס אינגערע טאָכטער־אַננאַ (1702—1714). אונטער דיזער הערשערין האָבען זיך דיביידע לענדער שאָטלאַנד און ענגלאַנד פעראייניגט אין יאָהר 1707. די שאָטט־לענדער האָבען דאַמאָלס בעקומען פולע בירגער־רעכטען און האַנדעלס־פּרי־ווילעגיעס. זיי האָבען אויך געהאַט פערטרעטער אין פּאַרלאַמענט. אין דעם הויז פון די קאָממאָנס (דאָס אונטער־הויז) האָבען זיי געהאַט 45 מיט־גלידער, און אין הויז פון די פּעערס אָדער די לאָרדס 16. אַננאַ איז געשטאָר־בען און האָט ניט איבערגעלאָזען קיין קינדער, אויך איז איהר מאַן גע־שטאָרבען פריהער פון איהר, און דעריבער איז די קרוין אריבער צום קור־פירסט געאָרג פון האַננאָווער. זי האָט אפילו בעסער געוואָלט, דאָס איהר האַלבער ברודער יאַקאָב דער 3טער זאָל נאָך איהר בעשטייגען דעם טראָן, אָבער דאָס פאָלק איז געוועזן געגען דעם, אַז אַ קאַטאָלישער קעניג פון די סטיוּאַרטס זאָל הערשען איבער ענגלאַנד.

די געשיכטע פון די ערסטע צוויי הערשער פון דעם הויז האַננאָווער ענטהאַלט אין זיך וועניג אינטערעסאַנטעס. די פרייהייט פון פאָלק איז אַזוי פעסטגעשטעלט געוואָרען, דאָס די פּערזענליכקייט פון די הערשער האָט געהאַט אַ זעהר קליינעם איינפלוס אויף דעם גאַנג פון דער געשיכטע און פון פאָלקס־לעבען. די הערשער זיינען געוועזן אָפּהענגיג פון דער מאַכט פון דער עפענטליכער מיינונג און פון נאַציאָנאַלע אינטערעסען. זיי זיינען געוועזן ניט מעהר ווי אַ שען שטיקעל מעבעל אין דעם הויז פון אַ זעלבּ־שטענדיגען פאָלק.

אונטער געאָרג דעם 1טען (1714—1727) זיינען ווידער די וויגס געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג. די פריהערדיגע טאָרי=מיניסטאָרען זיינען געווען בעשולדיגט, דאָס זיי האָבען צו איבער־אײַלט געשלאָסען דעם אוטרעכטער פרידען צום שאַדען פון לאַנד, און זיי האָבען געמוזט פון לאַנד ענטלויפען. דיזע מיניסטאָרען האָבען צוגערעדט יאַקאָב דעם 3טען, אַז ער זאָל פּרובען פאָדערן זיינע רעכטען אויף'ן ענג־לישען טראָן, און זיי האָבען איהם צוגעזאָגט, דאָס די טאָרים וועלען איהם דערין העלפען. אָבער דיזע אונטערנעהמונג איז ניט געלונגען. יאַקאָב האָט געמוזט ענטלויפען צוריק נאָך פראַנקרייך, און זיינע אָנהענגער זיי־נען שטרענג פערפאָלגט געוואָרען (1715).

נאָך דעם, ווי די רעגירונג האָט דערשטיקט דעם אויפשטאַנד, האָט זי גאָרניט געטאָן צו בערוהיגען די גייסטער. אין יאָהר 1717 האָבען בע־דאַרפט פאָרקומען וואַהלען פון מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט. די רעגירונג האָט אָבער געזעהען, דאָס אין די וואַהלען וועלען די טאָרים האָבען די מעהרצאָהל, וואָס דאָס וואָלט פיר איהר געווען זעהר שלעכט, האָט זי אַריינגעבראַכט אַ ביל, דאָס דער יעצטיגער פּאַרלאַמענט זאָל בלייבען אין מאַכט נאָך 7 יאָהר. דורך דיזען ביל זיינען די וויגס געבליבען אין פּאַרלאַמענט נאָך אויף איניגע יאָהר געגען דעם ווילען פון פאָלק.

אויך די פערשווערונג פון דעם שוועדישען באַראָן גאָרץ און אַלבע־ראָני, וועלכע האָבען געוואָלט אומקעהרען די ענגלישע קרוין צוריק צו די סטיואַרטס, האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלג. די פערשווערונג איז ענט־דעקט געוואָרען און באַראָן גאָרץ איז געוואָרען אַרעסטירט. פון דאַמאָלס אָן האָט שוין די רעגירונג פון געאָרג דעם 1טען ניט געהאַט קיין שטערונג. דאָס פאָלק האָט זיך אונגעשטערט ענטוויקעלט אין האַנדעל און אינדוסטריע.

אונטער געאָרג דעם 2טען האָט קאַרל עדוארד, יאַקאָב דעם 3טען'ס זוהן, געמאַכט אַ פערזוך צו געווינען צוריק די ענגלישע קרוין. מיט דער הילף פון אַ פראַנצויזישער אַרמעע איז ער אָנגעקומען אין ענגלאַנד (2טען אויגוסט 1745) און האָט דאָרט געפונען זעהר פיעלע אָנהענגער. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט ביי קוללאָדען, וואו ער האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע, וועלכע האָט פערניכטעט אויף אימער די האָפנונגען פון די סטיואַרטס צו געווינען צוריק די ענגלישע קרוין. עפּעס אַזוי ווי מיט אַ נס איז עס געלונגען קאַרל עדוארד'ן צו רעטען זיך פון ענגלאַנד, וואו די רעגירונג האָט בעשטימט אַ הויכען פרייז פיר זיין קאָפּ. די רע־גירונג האָט גרויזאַם בעשטראָפט זיינע אָנהענגער. מאַסען זיינען הינגע־

ריכטעט געוואָרען און אַן אונגעהייערע צאָהל גיטער איז קאָנפיסקירט געוואָרען.

זעהר וויכטיג איז די רעגירונג פון **געאָרג דעם 3טען**, וועלכער האָט געהערשט אין ענגלאַנד פון יאָהר 1760 ביז 1820. מיר וועלען זיך אַ ביסעל מעהר אויספיהרליך היר בעשעפטיגען מיט זיין צייט, ווייל עס האָבען זיך אין איהר געטראָפען זעהר וויכטיגע עראייגניסען.

די וויכטיגסטע פון אַלע עראייגניסען, וואָס האָבען זיך געטראָפען אונטער זיין רעגירונג, וויכטיג צוליב איהרע גרויסע רעזולטאַטען, איז די אונאָפּהענגיגקייטס־ערקלערונג פון אַמעריקאַ. דער פרידען, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין פּאַריז אין יאָהר 1763, האָט זעהר פיעל פערגרעסערט די ענגלישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ. ענגלאַנד האָט דאַמאָלס ערהאַלטען פון פראַנקרייך: קאַנאַדאַ, קאַפּ ברעטאָן און אייניגע אַנטיללען־אינזלען.



געאָרג דער 1טער.

פון שפּאַניען האָט זי ערהאַלטען פלאָרידאַ. דיזע ערווערבונג האָט געקאָסט ענגלאַנד זעהר פיעל מיה און געלט, אַזוי דאָס ענגלאַנד איז פינאַנציעל געוואָרען זעהר געדריקט. אום אויסצוהעלפען זיך פון דיזער קריטישער לאַגע האָט ענגלאַנד בעשלאָסען צו בעלאַסטען די נאָרד־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס מיט גרויסע שטייערן.

אָבער דיזע שטייערן זיינען נאָר געווען אַ סיגנאַל, אַז עס זאָל אָפּען אַרויס דער האַס, וואָס די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען האָבען שוין לאַנג געפיהלט צו ענגלאַנד צוליב דעם פּאָליטישען דרוק, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט אויסגעאיבט אויף די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס.

אויף אַלע האַנדעלס־אונטערנעהמונגען פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען איז געהאַנגען די שווערע לאַסט פון די ענגלישע דריקענדע געזעצען. אין יאָהר 1663 האָט ענגלאַנד בעגייט אַן אַלטעס געזעץ, לויט וועלכען אַמע-

ריקאַנישע פּראָדוקטען קענען אַרויסגעפיהרט ווערען פון לאַנד (פון אַמערי-קאַ) צום פערקויף אין אויסלאַנד נאָר אויף ענגלישע שיפען. קיין פרעמדעס שיף האָט ניט געטאָרט אַריינקומען אין אַנגלאָ-אַמעריקאַנישען האַפען אום צו קויפען פון זיי סחורות. אַלע אַמעריקאַנער פּראָדוקטען האָבען געמוזט פריהער געשיקט ווערען נאָך ענגלאַנד, און דאָרט האָבען די קאָלאָניסטען בעדאַרפט בעצאָהלען פיר זייערע סחורות שווערע שטייערן. די פּראָדוק-טען, וואָס אַמעריקאַ האָט געדאַרפט בעציהען פון פרעמדע לענדער, האָט זי אויך געמוזט פערשאַפען זיך דורך ענגלאַנד. אין די יאָהרען פון 1738 ביז 1748 האָט אַמעריקאַ געקויפט אויסלענדישע סחורות פון ענגלאַנד מעהר ווי פיר 3,000,000 דאָללאַר. אין יאָהר 1770 האָט אַמעריקאַ אַרויסגעשיקט פון איהרע פּראָדוקטען מעהר ווי 5 מיליאָן דאָללאַר. דאָס האָט אַלעס גע-מוזט געהן פריהער אין ענגלאַנד און דאָרט האָט מען געמוזט בעצאָהלען שווערע שטייער, און נאָכדעם עס פערקויפען צו אויסלענדישע קויפלייט אין ענגלאַנד. די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס זיינען געווען פיר ענגלאַנד אַ מעל-קעדיגע קוה, וואָס האָט געגעבען פיעל מילך.

די אַמעריקאַנער האָבען פיעלע מאָל פּראָטעסטירט געגען ענגלאַנד פאַר-וואָס זי מישט זיך אין זייערע האַנדעלס-אַנגעלעגענהייטען, אָבער זייערע פּראָטעסטען זיינען אימער געבליבען אָהן אַ שום ערפאָלג. אין געגענטייל, ענגלאַנד האָט זיי אימער מעהר און מעהר בעשרענקט און געדריקט אין זייער האַנדעל. די ענגלישע רעגירונג האָט בעשרענקט אין אַמעריקאַ די צירקולאַציאָן פון פּאַפּיר-געלט, האָט זיי פערבאָטען געוויסע צווייגען פון פאַבריקאַציאָן און האַנדעל. זיי האָבען ניט געהאַט דאָס רעכט צו גרינדען אַ גרויסע אַקציען-געזעלשאַפט.

די אַמעריקאַנער זיינען פיר דיזע אונטערדריקונגען געווען שרעקליך אויפגעבראַכט. זיי זיינען געווען גרייט צו העלפען פרייוויליג זייער מו-טערלאַנד, ווען זי איז געווען אין נויט. אַזוי צ. ב. האָבען די פּעננסילווע-ניער קאָלאָניסטען געליהען צו ענגלאַנד אין דער צייט פון איהר קריג מיט פראַנקרייך 500,000 פונט סטערלינג (2,500,000 דאָללאַר). דער קריג, וועלכער האָט זיך געענדיגט אין יאָהר 1763, האָט געקאָסט די קאָלאָניעס 16,000,000 דאָללאַר, פון וועלכע ענגלאַנד האָט נאָר צוריקגעגעבען 5 מי-ליאָנען. דיזע לאַסטען האָבען זיי געטראָגען גערן, ווייל זיי זיינען געווען פרייוויליג, ניט געצוואונגען. אָבער ווען דער פּאַרלאַמענט האָט אַרויפגע-וואָרפען אויף זיי שווערע שטייערן און האָט זיי אין דער זעלבער צייט ניט געגעבען דאָס רעכט צו ערוועהלען פיר זיך מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט,

זיינען זיי אַרויס פון געדולד. זיי האָבען אָנגעהויבען שטאַרק צו פאָדערן, אַז מען זאָל זיי געבען די רעכטען, וועלכע, לויט די פריי-בריף, וואָס זייערע עלטערן האָבען בעקומען פון דער ענגלישער רעגירונג פיר זיך און זייערע קינדער, האָבען געדאַרפט זיין גלייך מיט די רעכטען פון אַלע פרייע ענג-לענדער.

לויט דיזע פריי-בריף האָבען זיי בעשאַפען ביי זיך אַ טריבונאַל, וועל-כער האָט געמאַכט געזעצען פיר די איינוואוינער פון די קאָלאָניעס. אויך דאָס רעכט אַרויפצולעגען שטייערן איז לויט יענע בריף געגעבען געוואָרען צו זיי, די קאָלאָניסטען, זעלבסט. דער גאָווערנאָר פון יעדער פּראָווינץ האָט יעדען מאָל געמוזט בעטען ביי די פערזאַמלונגען פון די קאָלאָניסטען, אַז זיי זאָלען איהם בעווילינגען געוויסע סומעס פיר געוויסע בעדערפניסען. אַזוי האָט זיך עס געפיהרט ביז דעם יאָהר 1765. אין דיזען יאָהר האָט



געאָרג דער 2טער.

ענגלאַנד אַרויסגעגעבען דאָס שטעמפּעל-געזעץ, וועלכעס האָט מיט איין מאָל געענדערט די גאַנצע לאַגע.

אין יאָהר 1764 האָט גרענוויל אַריינגעטראָגען אין פּאַרלאַמענט אַ ביל, אַז מען זאָל בעשאַפען אַ נייע שטייער, אַ שטעמפּעל-שטייער, ספּע-ציעל פיר די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען; דיזע שטייער זאָל דעקען די קאָס-טען פון דער ענגלישער רעגירונג אויף צו שיצען די אַמעריקאַנישע קאָלאָ-ניסטען. לויט דעם פאָרשלאַג פון דיזען מיטגליד פון ענגלישען פּאַרלאַ-מענט זאָלען געמאַכט ווערען פיר אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען שווערע גע-זעצען פיר האַנדעל און שיפּפאַהרט. דאָס האָט אַרויסגערופען פון די אַמע-ריקאַנער שטאַרקע פּראָטעסטען און זייער אונצופרידענהייט איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. ווען זיי האָבען געהערט פון דעם פּראָיעקט וועגען אַ

ספּעציעלער שטעמפּעל־שטייער פיר אַמעריקאַ האָבען זיי אַנגעהויבען צו שי-קען ביטשריפטען צום קעניג און צום פּאַרלאַמענט, און האָבען אָנגעצייגט אויף דאָס אונרעכט, וואָס מען טוט זיי. אָבער אַלע זייערע ביטעס מיט זייערע פּראָטעסטען האָבען זיי ניט געהאָלפען. דעם 22טען מערץ 1765 האָט עס דער קעניג בעשטעטיגט און די שטעמפּעל־שטייער איז געוואָרען אַ געזעץ.

אַמעריקאַ איז געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט. דאָס פאָלק איז גע-ווען בערייט צו שטרייטען פיר זיינע רעכטען מיט געוועהר אין האַנט. די מעהרסטע פון די ענגלענדער האָבען ניט פערשטאַנען צו וועלכע פאָלגען דאָס שטעמפּעל־געזעץ קען פיהרען. נאָר פּיטט, דער גרויסער רעדנער און שטאַאטסמאַן, האָט אין זיין רעדע אין פּאַרלאַמענט אויסגעשריען פּאָל-גענדע ווערטער: „אַמעריקאַ איז ווידערשפעניג, אַמעריקאַ בונטעוועט זיך! מיך פרייט עס, דאָס אַמעריקאַ איז גרייט צו אַן אויפשטאַנד! דריי מי-ליאָנען מענשען, אין וועלכע דער זין פיר פרייהייט וואָלט געווען אַזוי טויט, דאָס זיי וואָלטען זיך לאָזען אונטערוואַרפען אַלס שקלאַפען, וואָלטען מיט זייער ביישפּיל אויף אַנדערע מאַכען פיר שקלאַפען!” דאָס זיינען געווען זעהר ריכטיגע ווערטער. דער קאַמף פון די אַמעריקאַנער פיר זייער פריי-הייט ערשיינט באמת, ווי מיר וועלען זעהן ווייטער, אַלס אַ קאַמף גלייכ-צייטיג פיר די ענגלישע פרייהייט, וועלכע איז געווען אין געפאַהר דורך געאָרג דעם 3טען.

ווען עס איז אָנגעקומען אין אַמעריקאַ די נאַכריכט, אַז דאָס שטעמ-פּעל־געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען, האָט זיך פערזאַמעלט אין ניו יאָרק אַ קאָנגרעס צו בעטראַכטען וואָס מען זאָל טאָן. עס איז בעשלאָסען געוואָ-רען, אַז מען זאָל ניט געברויכען קיין שטעמפּעל־פּאַפּיער און ניט בעציהען פון ענגלאַנד קיין וואַארע. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס דער פּאַרלאַ-מענט האָט געמוזט דעם שטעמפּעל־אַקט צוריקרופען. אָבער דערביי איז געווען אַ ביל, וועלכער האָט ערקלערט, דאָס ענגלאַנד האָט דאָס רעכט צו בעלאַסטען די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען מיט בעזונדערע שטייערן. אַמע-ריקאַ האָט זיך אויף אַ קורצע צייט בערוהיגט. אָבער ווירקליך נאָר אויף אַ קורצע צייט. זי האָט דעם שטרייט מיט ענגלאַנד אין גאַנצען ניט אויפ-געגעבען.

אין יאָהר 1767 האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט געפּאַסט אַ בעשלוס צו העבערן די אָפּצאָהלונגען אויף גלאָז, טעע, פּאַפּיר און מאַלער־פאַרבען, וואָס ווערען געשיקט נאָך אַמעריקאַ. דאָס האָט ווידער געמאַכט אונ-

רוהען צווישען די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען. די איינוואוינער פון באָס־טאָן האָבען זיך ענטזאַגט צו קויפען ענגלישע סחורות, וואָס זיינען זיי ניט געווען גאַנץ נעטיג, אָהן וועלכע מען האָט זיך געקענט בעגעהן. אין יאָהר 1770 האָט ענגלאַנד דיזע אָפּגאַבען אָרונטערגענומען, נאָר אויף טעע איז געבליבען אַן אָפּצאָהל פון 3 פּענס אויף יעדען פונט. אָבער די קאָלאָניס־טען זיינען דערמיט ניט געווען צופרידען, ווייל דאָס איז געווען געגען זייער געפיהל פון אונאָפּהענגיגקייט. ווען די אָסט־אינדישע קאָמפּאַניע האָט געבראַכט אין נאָרד־אַמעריקא שיפען מיט טעע מיט דער פאָדערונג צו צאָה־לען פיר דעם העכער צוליב דעם צאָל־טאַריף, האָבען זיך אייניגע קאָלאָ־ניסטען פערשטעלט פיר מאָהיקאַנער (אינדיאַנער), האָבען אויפגעבראָכען די טעע־קאַסטענס און האָבען זיי אַריינגעוואָרפען אין ים (1773).

ווען ענגלאַנד האָט דערהערט וואָס מען האָט געטאָן אין באָסטאָן מיט דעם טעע פון די ענגלישע שיפען, האָט דער פּאַרלאַמענט געגעבען אַ בע־פעהל, אַז מען זאָל דעם באָסטאָנער האַפען צושליסען און מען זאָל מאַכען נייע רעגלען ווי מאַססאַטשוזעטס (דער סטייט, פון וועלכען באָסטאָן איז די הויפּטשטאָדט) זאָל רעגירט ווערען. די איינוואוינער פון דיזען שטאַאַט האָבען זיך צוזאַמענגענומען, געמאַכט צווישען זיך אַ שטאַרקען פערבאַנד, און האָבען אויפגעהערט צו טאָן מיט ענגלאַנד וועלכע עס איז געשעפטען. מען האָט אָנגעפאַנגען צו זאַמלען וואַפען און יונגע מענשען האָבען זיך גע־נומען לערנען טעגליך די קריגס־קונסט. דעם 5טען סעפּטעמבער 1774 האָט זיך פערזאַמעלט אין פילאַדעלפיא דער ערסטער גענעראַל־קאָנגרעס. דיזער קאָנגרעס האָט אָפען געגעבען צו וויסען דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט, דאָס ער האָט ניט קיין רעכט אַרויפצולעגען אויף זיי, די אַמעריקאַנער, בע־זונדערע שטייערן, און האָט בעשלאָסען ניט צו קויפען מעהר פון ענגלאַנד קיין שום סחורה, אויך צו אָרגאַניזירען אַ פאָלקס־מיליץ צו שטרייטען מיט ענגלאַנד.

דעם 19טען אַפּריל 1775 האָט דער ענגלישער גענעראַל געידזש, וועל־כער האָט געפיהרט אַ בעפעהל פון ענגלישען פּאַרלאַמענט נאָך באָסטאָן, ערפאַהרען, דאָס די פּראָווינץ־בעוואוינער האָבען אָנגעזאַמעלט אַ סך גע־וועהר און קריגס־מאַטעריאַל, און ער האָט געשיקט אייניגע טרופּען אום דיזע אָפּצונעהמען פון זיי. די אַמעריקאַנישע מיליץ האָבען צוריקגעשטוי־סען די ענגלישע טרופּען. באַלד נאָכדעם האָבען די אַמעריקאַנער צוזאַמענ־געשטעלט אַן אַרמעע פון 20,000 מאַן און האָבען בלאָקירט באָסטאָן.

דעם 10טען מאי האט זיך דער אמעריקאנישער קאנגרעס פערזאמעלט צום 2טען מאל. דאמאלס איז געשלאסען געווארען א בונד אונטער דעם נאמען „די פעראייניגטע קאלאניעס פון נארד=אמעריקא". יעדע קאלאניע האט געהאט דאס רעכט צו מאכען פיר זיך געזעצען און ענדערן זיי ווען זיי געפינען עס פיר זיך פיר גוט און ניצליך. יעדע קאלאניע האט בעדארפט צושיקען יעדען יאהר דעלעגאטען אדער ערוועהלטע צום קאנגרעס, וועלכער האט געהאט דאס רעכט צו בעשליסען קריג און פרידען. דיזער גענעראל=קאנגרעס האט בעדארפט אויסקלייבען פון זיך 12 מיטגלידער, וועלכע זאלען האבען די מאכט אויסצופיהרען די בעשלוסען פון קאנגרעס. דער זעלבער קאנגרעס האט בעשלאסען צו גרינדען אן ארמעע פון 70,000 מאן און האט בעשטימט ג ע א ר ג (דזשארדזש) וואשינגטאן אלס הויפט=קאמאנדיר פון דיזער ארמעע. דעם 6טען יולי האט אמעריקא ענדליך ערקלערט קריג געגען ענגלאנד.

אין אנפאנג פון יאהר 1776 האט וואשינגטאן ניט געטאן קיין אנדער זאך, נאר ער האט בלאקירט באסטאן, ווייל זיינע שטרייט=קרעפטען זיינען נאך ניט געווען ארגאניזירט, אויך האט ער ניט געהאט גענוג קריגס=מאטעריאל. עס האבען אבער באלד אנגעהויבען קומען צו איהם נייע רעקרוטען און ער איז געווען אין שטאנד צו מאכען אויף באסטאן א שטארקע אטאקע. עס איז איהם געלונגען איינצונעהמען די הויכע פאזיציאנען פון דארטשעסטער. באלד האט ער בעהערשט די שטאדט און דעם האפען, און דער גענעראל האו האט געמוזט פערלאזען די שטאדט. די ענגלענדער זיינען אוועקגעשוואומען נאך האליפאקס און באסטאן איז געווארען פריי. אנשטאט דער ענגלישער פאהן האט מען ארויסגעשטעלט די אמעריקאנישע מיט איהרע 13 שטערן, וועלכע בעדייטען די ערסטע 13 קאלאניעס, וואס האבען זיך פעראייניגט און האבען געלעגט דעם גרונד=שטיין צו די פעראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא. דיזער זיג האט געהאט א גרויסע וויכטיגקייט פיר דעם ווייטערען גאנג פון דיזען אויפשטאנד. דעם 4טען יולי 1776 האט דער קאנגרעס פון די פעראייניגטע שטאאטען, ווי זיי האבען זיך פון דאמאלס אן גערופען, ארויסגעלאזען אן ערקלערונג, דאס זיי זיינען פרייע, אונאפהענגיגע שטאאטען, ניט מעהר פערבונדען מיט ענגלאנד. דיזע בעריהמטע ערקלערונג וועגען אונאפהענגיגקייט איז פערפאסט געווארען פון א ווירדזשיניער ט ה א מ א ס ד ז ש ע פ פ ע ר ס א ן, וועלכער איז געווען דער 3טער פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאטען. דיזע „ערקלערונג פון אונאפהענגיגקייט" איז אנגענומען געווארען מיט גרויס בע-

גייסטערונג. יעדעס וואָרט פון דיזען היסטאָרישען אַקט דריקט אויס דעם גייסט פון פרייהייט, וועלכע האָט געמאַכט גרויס דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק. „אַלע מענשען זיינען גלייך" — מיט דיזע ווערטער פאַנגט זיך אָן דיזער בעריהמטער היסטאָרישער דאָקומענט. „דער בעשעפער האָט זיי אַלעמען געגעבען גלייכע רעכטען צו זיין פריי און פערשאַפען זיך גליק נאָך זייער מעגליכקייט. ווען וועלכע עס איז רעגירונג רעספעקטירט ניט דיזע געט־ליכע געזעצען, האָט דאָס פאָלק פולעס רעכט דיזע רעגירונג אָפּצושאַפען און גרינדען אויף איהר אָרט אַן אַנדערע". דאָס איז געווען דער גייסט פון אַ מאָנטעסקיע, פון אַ זשאַן זשאַק רוססאָ, פון דער גאַנצער אויפקלע־רונג און הומאַניטעט פון דעם 18טען יאָהרהונדערט.

עס פערשטעהט זיך, דאָס עס זיינען נאָך פאָרגעשטאַנען דער נייער רע־פובליק פיעלע שווערע קאַמפען. ווען ענגלאַנד האָט בעקומען פון דייטשען לאַנד־גראַף פון העססען־קאַססעל 18,000 דייטשע סאָלדאַטען, איז דער גע־נעראַל האָו בעפאַלען די אַמעריקאַנער, האָט זיי פערטריבען פון ברוקלין, אַ שטאָדט, וועלכע רעכענט זיך יעצט אַ טייל פון ניו יאָרק, און נאָכהער האָט ער אויך אָפּגענומען ניו יאָרק. די אַמעריקאַנישע אַרמעע האָט געמוזט צו־ריקטרעטען אין פעננסילוועניא. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער די דייטשען האָבען פערלאָרען 1,000 מאַן. דיזער זיג האָט צוגע־געבען צו די אַמעריקאַנער פיעל מוט. נאָכדעם האָט וואַשינגטאָן געהאַט אַ צווייטען זיג איבער די דייטשען און דאַן האָט ער געפאָדערט פון קאָנ־גרעס, אַז מען זאָל די אַרמעע אָרגאַניזירען און איינאָרדנען דויערענדע טרופען, ביז דער שטרייט וועט זיין צו ענדע.

אין יאָהר 1777 האָט דער ענגלישער גענעראַל געמאַכט אַ פערזוך צו בעפאַלען די אַמעריקאַנער אין פעננסילוועניא. ער האָט געשלאָגען די אַמעריקאַנער און איז זאָגאַר אריין אין פילאַדעלפיא. וואַשינגטאָן איז ניט געווען אין שטאַנד צו רעטען זי. אין דער זעלבער צייט איז אַן אַנדער ענגלישער גענעראַל, בורגאָין, געקומען פון קאַנאַדאַ מיט 15,000 ענגלענ־דער. אָנפאַנגס האָט ער געהאַט אַן ערפאָלג, אָבער צו ענדע האָט איהם אַן אַמעריקאַנישע גרויסע אַרמעע ארומגערינגעלט ביי סאַראַטאָגאַ און האָט איהם געצוואונגען אונטערצוגעבען זיך. מיט דיזער קאַפּיטולאַציאָן האָט ענגלאַנד פערלאָרען מעהר איידער אַן אַרמעע. מען האָט אויפגעהערט צו גלויבען, דאָס ענגלאַנד האָט וועלכע עס איז מאַכט איבער די קאָלאָניעס. דאָס האָט געווירקט, אַז פראַנקרייך האָט אָנערקענט די אונאָפּהענגיגקייט פון אַמעריקאַ און האָט אין פעברואַר 1778 געשלאָסען מיט די קאָלאָניסטען



אונאָפּהענגיגקייטס־ערקלערונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען.

א פערטיידיגונגס־בונד געגען ענגלאַנד. פראַנקרייך האָט אויך געליהען געלט דער נייער רעפובליק און האָט געשיקט א פלאָטע צו העלפען איהר געגען ענגלאַנד.

די מפלה, וואָס די ענגלענדער האָבען געכאַפּט ביי סאַראַטאָגאַ, האָט דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט איבערצייגט, דאָס מען מוז די אַמעריקאַנער אַלעס נאָכגעבען, נאָר זיי זאָלען זיך ניט אָפּרייסען פון ענגלאַנד. דער אַמע־ריקאַנישער קאָנגרעס אָבער האָט ניט געוואָלט וויסען פון קיינע הנחות און איז בעשטאַנען דערויף, דאָס די שטאַאַטען זאָלען בלייבען אונאָפּהענגיג, פריי.

אין יאָהר 1779 איז קיין רעכטער זיג ניט געווען צו בעמערקען בייביידע זייטען. אין אָקטאָבער האָבען די ענגלענדער געשלאָגען די פראַנ־צויזען און האָבען עראָבערט א שפּאַנישען פאָרט (פעסטונג) ביי דעם הוד־סאָן־בעי. די פינאַנצען אין די קאָלאָניעס זיינען געווען אין א זעהר שלעכ־טען צושטאַנד, אויך איז די מיליטערישע קראַפט געווען זעהר שוואַך. דאָס גליק איז געווען, וואָס די פראַנצויזען האָבען זיי געשטיצט מיט אַלע קרעפטען.

אין יאָהר 1780 האָט דער ענגלישער גענעראַל קלינטאָן בעשלאָסען איינצונעהמען זיד־קאַראָלינאַ. ער האָט בעלאַגערט טשאַרלסטאָן. די אַמע־ריקאַנער האָבען זיך אפילו גוט פערטיידיגט, אָבער זיי האָבען ענדליך דאָך זיך געמוזט אונטערגעבען. נאָך דעם פאַל פון טשאַרלסטאָן איז איינגע־נומען געוואָרען די גאַנצע פּראָווינץ. נאָכדעם איז פאָרגעקומען א שלאַכט ביי קאַמדען, אין וועלכער די ענגלענדער האָבען ווידער געוואונען. דיזער זיג האָט זיי געגעבען האָפנונג איינצונעהמען אויך נאָרד־קאַראָלינא. אָבער דאָ האָבען זיי בעגעגענט אזא מעכטיגען ווידערשטאַנד, אויף וועלכען זיי האָבען זיך ניט גערעכנט און זיינען ניט געווען פאָרבערייטעט, אזוי דאָס זיי האָבען געמוזט צוריקציהען זיך פון נאָרד־קאַראָלינא מיט גאָרנישט.

דער שטרייט אויף'ן ים איז געווען זעהר גינסטיג פיר ענגלאַנד זינט זי האָט בעשטימט אַלס אויבער־קאָמאַנדיר איבער דער וועסט־אינדישער פלאָטע דעם אדמיראַל ראָדנעי. ביים קאַפּ סט. ווינסענט האָט ער פערניכטעט די שפּאַנישע פלאָטע, וועלכע איז אויך געקומען צו העלפען אַמעריקאַ אין איהר שטרייט מיט ענגלאַנד. שפּאַניען און פראַנקרייך האָ־בען דאַן בעלאַגערט די פעסטונג גיבראַלטאַר אין אייראָפּאַ, אָבער זיי האָבען דאָרט גאָרניט געקענט מאַכען. די האָללענדער, וועלכע זיינען אויך געקו־מען העלפען די אַמעריקאַנער, זיינען שטאַרק צוקלאַפּט געוואָרען פון די



גיבראַלטאַר. (פעסטונג ביים זידליכען שפּיץ פון שפּאַניען.)

ענגלענדער ׳ביי דער דאַנגערבאַנק. דאַגעגען האָבען די אַמעריקאַנער בע-
זיגט אין אָפּענעם פעלד די ענגלענדער ביי קאָופּענס. אין מערץ 1781
האָבען זיך די ענגלענדער געוואָרפען אויף ווירדזשיניאַ און האָבען דאָרט
פערוויסטעט פיעלע ערטער. די אַמעריקאַנער האָבען דאַמאָלס געפאָכטען
אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם פראַנצויז לאַפאַיעטט און גענעראַל וועין.
זיי האָבען אויסגעמידען צו פיהרען מיט די ענגלענדער אַ גרויסען שטרייט,
אָבער זיי האָבען זיי פערמאַטערט מיט קליינע איבערפאַלען און געשלעגען,
און מיט דיזען אופן זיינען די ענגלענדער געוואָרען אַזוי פערמאַטערט, דאָס
זיי זיינען געווען געצוואונגען צוריקציהען זיך צום ברעג. היר, אויף דער
האַלב־אינזעל יאָרקטאַון, האָבען זיי געמאַכט זייער לאַגער. אָבער דאָ איז
די לאַגע פון די ענגלענדער געווען אַ זעהר געפעהרליכע — דאָ האָט זיי
געדראָהעט אַ פאָלשטענדיגע נידערלאַגע.

די נידערלאַגע האָט ווירקליך ניט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטען.
עס איז באַלד אָנגעקומען אַ פראַנצויזישע פלאָטע מיט 3,000 מאַן, וועלכע
האָבען זיך פעראייניגט מיט די אַמעריקאַנער, וואָס האָבען בעלאַגערט יאָרק-
טאַון. די ענגלענדער זיינען געוואָרען אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען,
עס איז פיר זיי ניט געווען קיין וועג וואו צו רעטען זיך. דעם 9טען אָק-
טאָבער האָט זיך אָנגעפאַנגען די באָמבאַרדירונג פון יאָרקטאַון, וועלכע האָט
זיך ניט געקענט האַלטען, און די ענגלענדער האָבען זיך געמוזט אונטער-
געבען.

די נאַכריכט, דאָס אַ צווייטע ענגלישע אַרמעע איז געפאַנגען געוואָרען,
האָט געמאַכט אין ענגלאַנד אַ זעהר שווערען איינדרוק. זאָגאַר דער קורצ-
זיכטיגסטער האָט יעצט געזעהן, דאָס אַמעריקאַ וועט זיך מעהר ניט לאָזען
אונטעריאָכען. אויך אַלעס, וואָס האָט זיך שפּעטער געטראָפען, איז געווען
אונגליקליך פיר ענגלאַנד. דאָס מיניסטעריום, וואָס האָט געפיהרט דעם
קריג, איז געשטירצט געוואָרען, און מען האָט אָנגעפאַנגען צו אונטערהאַנד-
לען מיט אַמעריקאַ וועגען פרידען. אָבער אין דער צייט פון די אונטער-
האַנדלונגען האָט מען דעם קריג דערוויייל פאָרטגעזעצט. אין אַפּריל 1782
איז פאָרגעקומען אַ זעע־שלאַכט ביי גוואַדאַלופּע צווישען דער ענגלישער
פלאָטע אונטער ראָדנעי און דער פראַנצויזישער אונטער גראַססע. די פראַנ-
צויזישע פלאָטע האָט געהאַט אַ פאָלשטענדיגע נידערלאַגע. אָבער דאָס
גליק האָט פערלאָזען ענגלאַנד אַזוי וויט, דאָס אויך דער זיג האָט איהר
ניט געבראַכט קיין שום נוצען. ווען די זיגרייכע ענגלישע פלאָטע איז גע-
פאָהרען צוריק אַהיים מיט דער געפאַנגענער פראַנצויזישער, האָט זיך אויפ-

געהויבען אויף'ן ים אַ שרעקליכער שטורם, וועלכער האָט פערניכטעט אַלע פראַנצויזישע שיפען מיט אַ גרויסען טייל פון די ענגלישע, און צוזאַמען מיט די שיפען זיינען אויך דערטרונקען געוואָרען 3,000 מענשען.

אויך דער שטורם געגען גיבראַלטאַר האָט ניט אויפגעהערט. די ענגלענדער האָבען זיך פערטיידיגט ווי העלדען. דער פיינד האָט אויפגעשטעלט שווימענדע באַטאַרעען און האָט צוזאַמענגעבראַכט אין דער בוכטע זעהר פיעלע שיפען. אויך פון דער זייט פון לאַנד האָבען 200 קאַנאָנען ניט אויפגעהערט צו שיסען געגען דער פעסטונג (13טען סעפּטעמבער). אָבער די פעסטונג האָט צוריק געענטפערט מיט באָמבעס און גליהענדע קוגלען. די גאַנצע האַלב אינזעל איז געווען איינגעטונקט אין פייער און דער דונער פון דער שיסעריי האָט ניט אויפגעהערט אויף איין מינוט. די שווימענדע באַטאַרעען זיינען פערברענט געוואָרען און דער פייער פון 12 קאַנאָנען-שיפען האָט ניט דערלאָזען דעם פיינד פּאַרטצוזעצען דעם אַנגריף. דער פיינד האָט געמוזט אויפגעבען די בעלאַגערונג און דער קריג אין איי-ראָפּאַ האָט זיך געענדיגט מיט אַ גלענצענדען ערפאָלג פיר ענגלאַנד.

באַלד נאָך דעם אונגעלונגענעם אַנגריף אויף גיבראַלטאַר האָבען די קריג-פיהרענדע מעכטען אָנגעהויבען צו אונטערהאַנדלען וועגען פרידען. אַמעריקאַ איז פינאַנציעל געווען ערשעפּט. אויך איהרע מיליטערישע מיטלען האָבען איהר ניט געגעבען די מעגליכקייט פּאַרטצוזעצען דעם קריג. ענגלאַנד האָט אויפגעגעבען אַלע האָפנונגען צו צווינגען אַמעריקאַ ווידער ווערען אָפּהענגיג פון איהר. די מעכטען, וואָס זיינען געווען פערבונדען געגען ענגלאַנד, האָבען ניט געהאַט קיין צוטרויען איינע צו דער אַנדערער. יעדערע איז אומגעגאַנגען מיט די געדאַנקען צו פעראייניגען זיך מיט ענגלאַנד, ווייל זי האָט מורא געהאַט, דאָס דער פריינד וועט זי שלעכט בע-האַנדלען, ווייל זיין פריינדשאַפט איז אַ פאַלשע.

אונטער דיזע אומשטענדען איז געשלאָסען געוואָרען פרידען צווישען די מעכטען. לויט דעם אָפּמאַך פון ווערסאַיל אין יאָהר 1783 איז אַמעריקאַ אָנערקענט געוואָרען אונאָפּהענגיג פון ענגלאַנד, וועלכע האָט באַלד צוריק-געצויגען איהרע שיפען און איהרע טרופּען פון אַמעריקאַ, און די ערָאבע-רונגען פון ביידע זייטען זיינען צוריקגעגעבען געוואָרען. אַמעריקאַ האָט זיך יעצט גענומען פאָרדרינגען צו וועסט, צו די ברעגען פון גרויסען שטי-לען אָקעאַן (פּאַסיפיק). יעצט איז דער וואוקס פון אַמעריקאַ געווען אָפּ-הענגיג נאָר פון איהר פעסטען ווילען. מיט דעם ווערסאַילער פרידען האָט ענגלאַנד געשאַפען אַ קאָנקורענט, און אַ זעהר מעכטיגען, אין אַמעריקאַני-

שען פאָלק, וועלכעס איז געוואָרען אַ מאַכט, וואָס וועט אין גיכען איבער-שטייגען ענגלאַנד מיט אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטען אויף'ן פעלד פון האַנדעל און אינדוסטריע. אַמעריקאַ, וועלכע האָט זיך לאַנג גערעכענט אַלס אַ קאָלאָניאַל-לאַנד פון אייראָפּאַ, געהט אויף'ן וועג צו מאַכען איהר אַמאָליגע מוטערלאַנד פיר איהר קאָלאָניע.

די פרידענס-בעשטימונגען מיט אַנדערע מעכטען זיינען ניט אַזוי וויכ-טיג. ענגלאַנד האָט אָפּגעטרעטען אייניגע אינזלען צו פראַנקרייך, און האָט דערפאַר בעקומען דאָס רעכט צו פאַנגען פיש ביי טעררענאָווע (ניופאונד-לאַנד) און אין דעם ים-בוזים פון דעם לאָרענס-שטראָם. שפּאַניען האָט ער-האַלטעןביידע פלאָרידאַס.

נאָך דעם, ווי אַמעריקאַ האָט ערהאַלטען איהר אונאָפּהענגיגקייט, האָט זי אָנגעהויבען צו דענקען ווי צו בילדען פון די פערשיידענע קאָלאָניעס אַן אָרגאַניזם און צו ווערען אַ גרויסע מאַכט. דיזעס איז געווען אַ זעהר שווערע אויפגאַבע, פיעל שווערעער איידער מען קען זיך פאָרשטעלען. זעהר פיעל האָט געשטערט צו פערווירקליכען דיזע אידעע דער פרייער גייסט פון די קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען געווען שרעקליכע געגנער פון יעדער צענטראַ-ליזירענדער מאַכט. דער אַמעריקאַנער פיהלט זיך גוט און היימיש נאָר אין זיין אייגענער געמיינדע, אין וועלכער ער איז אַן אונבעשרענקטער הערר. אָבער צו שאַפען אַ רעגירונג העכער און מעכטיגער פון דיזער זיינען געווען זעהר פיעלע געגנער. עס איז פיר יעדען אויך געווען קלאָר, דאָס עס מוז געפונען ווערען אַ מיטעל צו בילדען דיזע איינצעלנע שטאַאטען אין איין גרויסער מאַכט. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען, דאָס דיזעס קען געשעהן נאָר דאַן, ווען די איינצעלנע שטאַאטען וועלען פאָרטזעצען צו עקסיסטירען מיט זייערע אייגענע געזעצען, מיט זייערע אייגענטימליכקייטען.

און באמת איז דאָס טייערסטע פיר די אַמעריקאַנער די פרייהייט פון די איינצעלנע שטאַאטען. זיי זיינען שוין פון פריהער געווען געוועהנט צו בעשטימען אַליין זייערע אָפּגאַבען, צו ערוועהלען זייערע בעאַמטע און צו ריכטען אַליין זייערע ציווילע און קרימינאַלע פּראָצעסען.

אַ גרויסער טייל פון די אַמעריקאַנער האָבען געהאַט מורא, דאָס מען זאָל בעריהרען דיזע הייליגע פרייהייטען זייערע, און דעריבער האָט די אי-דעע צו בילדען אַ צענטראַל-רעגירונג געהאַט אַזוי פיעלע געגנער. פיעל מיה האָט געהאַט ה א מ י ל ט אָ ן , וואַשינגטאָן'ס אַדיוטאַנט, ביז עס איז איהם געלונגען דורכצופיהרען די אידעע פון צענטראַליזאַציאָן. דעם

17טען סעפּטעמבער 1787 האָט דער קאָנגרעס פון די פעראייניגטע שטאַאַטען אָנגענומען די נייע קאָנסטיטוציאָן.

לויט דיזער אַמעריקאַנישער קאָנסטיטוציאָן האָט דער קאָנגרעס אַליין די מאַכט אַרויסצוגעבען געזעצען. דער קאָנגרעס בעשטעהט פון אַ סענאַט און פון אַ הויז פון פאָלקס-פערטרעטער (רעפּרעזענטעטיווס). יעדע 30,000 בעוואוינער האָבען דאָס רעכט צו ערוועהלען איין פערטרעטער. יעדער שטאַאַט מוז האָבען וועניגסטענס איין פערטרעטער. דער סענאַט בעשטעהט פון 2 סענאַטאָרען פון יעדען שטאַאַט, און ווערט ערוועהלט פון דער געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט פון יעדען שטאַאַט אויף 6 יאָהר *). דער וויצע-פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאַאַטען איז דער פּרעזידענט פון סענאַט. יעדעס הויז פון די צוויי הייזער (סענאַט און רעפּרעזענטאַנטען-הויז) האָט צו ענטשיידען איבער די וואהל און דעם כאַראַקטער פון זיינע מיטגלידער. אַלע בילס וועגען שטייער מוזען אַרויסגעהן פון די רעפּרעזענטאַנטען. דער סענאַט קען דערביי פאָרשלאָגען צו מאַכען אייניגע פערבעסערונגען. ווען אַ ביל איז אָנגענומען געוואָרען אין ביידע הייזער מוז ער געהן צום פּרעזידענט און ער ווערט אַ געזעץ נאָר דאַן, ווען דער פּרעזידענט שרייבט איהם אונטער. ווען אָבער דער פּרעזידענט איז אויף דעם ביל ניט מסכים, מוז מען איהם נאָך אַ מאָל פערהאַנדלען אין ביידע הייזער, און דער ביל קען דאַן ווערען אַ געזעץ, ווען ער קריגט ניט וועניגער ווי דריי פערטעל פון די שטימען פון קאָנגרעס.

דער קאָנגרעס פון די פעראייניגטע שטאַאַטען האָט זעהר גרויסע רעכטען. ער קען מאַכען אַנלייהען און ערקלערען קריג. ער שטעלט אויף די אַרמעע, בויט פלאָטען, אָרגאַניזירט און פערזאַמעלט די מיליץ, און מאַכט געזעצען פיר דאָס געביט, וואָס די שטאַאַטען האָבען איהם אָפּגעגעבען צו געברויכען פיר זיך. אַדעל-טיטלען זיינען אָפּגעשאַפט. דער האַבעאַס-קאָרפּוס-אַקט (פּערזענליכע פרייהייט) בלייבט אין קראַפט, ווי אין ענגלאַנד. נאָר אין צייט פון אַן אויפשטאַנד האָט דער קאָנגרעס דאָס רעכט אָפּצושאַפען איהם אויף אַ צייט. יעדער איינצעלנער שטאַאַט האָט ניט קיין רעכט צו מאַכען אַליין פערבינדניסען מיט אַנדערע מעכטען, אָנפאַנגען קריג, אַרויסגעבען געלט-מינצען און פּאַפּיר-געלט. דער פּרעזידענט ווערט ער-

*) יעצט איז דער פּונקט אין דער קאָנסטיטוציאָן בנוגע דעם סענאַט געענדערט, און סענאַטאָרען ווערען ערוועהלט דירעקט פון פאָלק, ניט דורך די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון די שטאַאַטען.

וועהלט אויף 4 יאָהר. ער איז דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע און דער פלאָטע פון די פעראייניגטע שטאאַטען, ווי אויך פון דער מיליץ פון יעדען שטאאַט. מיט דער איינשטימונג פון סענאַט קען ער מאַכען אַ פער־בינדנים מיט אַנדערע מעכטען. ער בעשטימט געזאַנדטע, קאָנסולען און אַנדערע בעאַמטע אין לאַנד. קירכע און שולע האָבען מיט דעם שטאאַט ניט צו טאָן, דאָס בלייבט איבער פיר יעדע פּערזאָן אָדער פיר יעדע גע־מיינדע איינצואָרדנען ווי זיי קענען און ווי זיי ווילען.

אַלס ערסטער פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאַטען איז ערוועהלט געוואָרען וואַשינגטאָן. ער איז געוועזען אין דיזער עהרען־שטעלע 8 יאָהר. צווישען ווירדזשיניאַ און מערילאַנד האָט מען אָפּגעטיילט אַ גע־ביט, וועלכעס מען האָט אַ נאָמען געגעבען „קאָלומביאַ" און בעשטימט פיר דעם קאָנגרעס און דעם פּרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאאַטען. דאָרט האָט מען אויסגעבויט אַ שענע הויפּטשטאָדט, וועלכע מען האָט צו עהרע פון ערסטען פּרעזידענט אַ נאָמען געגעבען „וואַשינגטאָן". זעהר געעהרט פון פאָלק איז אויך געוועזען בענדזשאַמין פראַנקלין, וועלכער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1790 שטאַרק בעטרויערט פון אַלעמען אין זיין צייט. ער איז געוועזען אַ זעהר קלוגער און פּראַקטישער מאַן און האָט געטאָן זיין לאַנד פיעל גוטעס אַלס געזאַנדטער אין לאָנדאָן און פּאַריז. דורך זיין איינפלוס איז באַלד אין אָנהויב פון דעם קריג מיט ענגלאַנד שטאַרק פער־בּרייטערט געוואָרען אין פראַנקרייך די אידעע פון פרייהייט און דעמאָ־קראַטיע. דער יונגער רייכער מאַרקיז פון לאַפאַיעטט איז בעגייס־טערט געוואָרען דורך פראַנקלין'ען מיט דער אידעע פון פרייהייט, פיר וועל־כע די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען האָבען געקעמפּט, און ער מיט אייניגע אַנדערע אַדעללייט איז געקומען אין אַמעריקאַ העלפען די פרייהייטס־קעמפער צו דערגרייכען זייער ציל. פראַנקלין, וועלכער איז פריהער געוועזען אַ בוך־דרוקער און אַ פּערפאַסער פון פערשיידענע ניצליכע יוגענד־שריפטען, איז שפּעטער געוואָרען בעריהמט מיט זיין ערפינדונג פון דעם בליץ־אָפּ־לייטער.

די הילף, וואָס פראַנקרייך האָט געגעבען אַמעריקאַ צו בעפרייען זיך פון ענגלישען יאָך, בילדעט איינע פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער גע־שיכטע פון פראַנקרייך, וועהרענד די הילף, וואָס די דייטשע פירסטען האָ־בען געגעבען צו ענגלאַנד, אום זי זאָל זיין אין שטאַנד צו פערשקלאַפען די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען, איז אַ שאַנד־פלעק אויף דעם דייטשען פאָלק. עס איז אמת, דאָס די בינדנים, וואָס פראַנקרייך האָט שפּעטער געשלאָסען

מיט אמעריקאַ, איז ביז אַ גרויסען טייל דער רעזולטאַט פון דער אַלטער שנאה, וואָס האָט געהערשט צווישען פראַנקרייך און ענגלאַנד. אָבער לאַנג פריהער פאַר דער אָפיציעלער פערבינדונג זיינען שוין גאַנצע מחנות פראַנ־צויזען געשוואומען איבער'ן ים אַלס בעגייסטערטע פרייהייטס־קעמפער אונ־




געאָרג (דזשאָרדזש) וואַשינגטאָן.

טער דער קאָמאַנדע פון לאַפאַיעטט אום צו העלפען אַמעריקאַ דערגרייכען די פרייהייט, צו וועלכער זי האָט געשטרעבט.

פיר דיזע נאָבעלע טאַט האָבען די פראַנצויזען פערדינט אַ דאַנק פון דער גאַנצער מענשהייט. מערקווירדיג זיינען די ווערטער, וואָס לאַפאַיעטט

האָט געשריבען נאָך פראַנקרייך נאָך דעם, ווי ער האָט איינגענומען יאָרק־טאַון: „די מענשהייט האָט געוואונען איהר פּראָצעס; די פרייהייט האָט זיך שוין בעשאַפען אַ שטענדיגען צופלוכטס־אָרט". אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזען פיעל מעהר און בעסער: אַמעריקאַ איז געוואָרען ניט עפּעס אַ שטיקעל ווינקעל, וואו מען קען מאַנכמאָל געניסען פרייהייט, נאָר אַמעריקאַ האָט געעפענט אַ נייע פרייע וועלט פיר די פרייהייט, אַ וועלט, וועלכע וועט פערשפרייטען וואהרע קולטור און מענשען־ווירדע איבער דער אַלטער




בענדזשאַמין פראַנקלין.

וועלט, און וועט פערטרייבען די פינסטערע וואָלקענס פון קנעכטשאַפט און פערגוואַלטיגונג דאָרטען, וואו זיי עקסיסטירען נאָך יעצט. אָבער מיר קענען ניט גלויבען, דאָס אין אייראָפּאַ וועט די קלאַסען־פרייהייט אין גאַנצען פערשווינדען און וועט מאַכען פּלאַץ פיר אַלגעמיינע פרייהייט. די פערשקלאַפונג פון די פעלקער אין אייראָפּאַ, וועלכע עקסיסטירט דאָרט טויזענדער יאָהרען, וועט קיינמאָל ניט לאָזען אויפלעבען דעם עכט דעמאָקראַ־

טישען גייסט. עס איז אַ פראַגע, אויב אפילו אין ענגלאַנד איז מעגליך אַן אַלגעמיינע בעפרייאונג פון פאָלק צוליב דעם קלאַסען־גייסט, וועלכער הערשט דאָרטען. אין אייראָפּאַ האָט זיך דאָס סיסטעם פון פערגוואַלטיגונג איינגע־געסען אין דעם אָרגאַניזם פון די פעלקער אַזוי טיף, דאָס עס פעהלט גאָר דאָרט די אַטמאָספערע, אין וועלכער עס זאָל זיך קענען ענטוויקלען אַן עכ־טער דעמאָקראַטישער גייסט. אין אַמעריקאַ איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פיר אַ וואהרהאַפטע דעמאָקראַטיע, דאָרט געפינט זיך די אַט־מאָספערע פיר אַן עכט דעמאָקראַטישען גייסט, אַ גייסט, וועלכער וועט ניט בלייבען שטעהן אויף'ן האַלבען וועג, נאָר ער וועט דורכפיהרען דאָס ווערק פון בעפרייאונג ביז צו ענדע און ער וועט בעפרייען דאָס אַרבייטער־פאָלק פון דעם דרוק און יאָך פון קאַפּיטאַל. עס איז נאַריש צו ערוואַרטען, דאָס די פעלקער וועלען בעפרייט ווערען פון זייער געדריקטער לאַגע נאָר דורך די פערבעסערונג פון די עקאָנאָמישע צושטענדען. ווען אַ פאָלק פעהלט דער פרייהייטס־זין, ווען איהם פעהלט דער גייסט פון אונאָפּהענגיגקייט, קענען איהם די בעסטע אויסערע אומשטענדען ניט רעטען פון שקלאַפעריי. די געשיכטע לערנט אונז, דאָס ווען פעלקער זיינען איינמאָל געבראַכט גע־וואָרען אין אַ צושטאַנד פון שקלאַפעריי, געהען זיי געוועהנליך אונטער אין שקלאַפעריי. די אייראָפּעאישע פעלקער זיינען אַזוי שטאַרק פערקנוטעוועט, דאָס עס איז אַ גרויסער צווייפעל, אויב זיי וועלען זיך ווען עס איז בעפרייען פון אונטער דער קנוטע. די קנוטע וועט אפשר ענדערן איהר פאַרב, איהר קאַליר, אָבער זי וועט אין פּרינציפּ בלייבען קנוטע. די אַמעריקאַנישע קאָ־לאָניסטען זיינען פון אָנהויב אָן געוועזען פריי, און דער ערסטער ערנסטער אָנגריף צו בערויבען זיי זייער פרייהייט האָט אַרויסגערופען ביי זיי אַ מעכ־טיגען ווידערשטאַנד, וועלכער האָט געפיהרט צו אַ פאָלשטענדיגער בעפריי־אונג פון זייער מוטערלאַנד. אַלע ענדערונגען, וואָס זיינען געמאַכט גע־וואָרען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען זינט זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען ביז די לעצטע צייטען, צייגען קלאָר, דאָס דאָרט עקסיסטירט דער עכטער דעמאָקראַטישער גייסט, פון וועלכען עס מוז און וועט געבאָרען ווערען אויך יענער גייסט, וואָס וועט סוף כל סוף אויך פערניכטען יעדע שפּור פון קלאַ־סען־געזעלשאַפט און וועט אויך דעם אַרבייטער־פאָלק העלפען צו קריגען זיינע מענשליכע רעכטען. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טהעאָריעס זיינען אפילו בעשאַפען געוואָרען אין אייראָפּאַ, אָבער דאָרטען זיינען זיי נאָך דער־ווייל פערבלייבען נאָר טהעאָריעס, וועלכע ערוואַרטען זייער פערווירקליכונג פון אַמעריקאַנישען פאָלק, ווייל דיזעס פאָלק בעזיצט דעם עכט דעמאָקראַ־

טישען גייסט. עס קען זיין, דאָס די איירעפּעער וועלען עס ברײנגען צו אַ שטאַאט־סאָציאַליזם, אָבער דאָס וועט הייסען: ענטלאָפען פון אַ וואָלף און אריינגעפאַלען צו אַ בער אין די לאַפּעס. ריכטיג ווי די דייטשען האָבען בע־שאַפען די רעפאָרמאַציאָן, וועלכע האָט אָבער בעפרייט פון דעם יאָך פון דער רוימישער קירכע נאָר אַנדערע פעלקער, פעלקער, וועלכע האָבען גע־האַט דערצו דעם נעטיגען גייסט, אָבער די דייטשען האָבען נאָר פערביטען



לאַפאַיעטט.

דעם רוימישען יאָך אויף אַ פיעל ערגערען, אויף דעם יאָך פון די פּאָליטישע געוואַלט־האָבער, אויף דעם יאָך פון די דייטשע פירסטען.

איידער מיר וועלען איבערגעהן צו דער אינערער געשיכטע פון ענג־לאַנד אונטער געאָרג דעם 3טען מוזען מיר וואַרפען אַ בליק אויף אַן אַנ־דערען טייל פון דעם ענגלישען קאָלאָניאַל־רייך. מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, דאָס די ענגלישע הערשאַפט אין אָסט־אינדיען איז געווען אַ רייהע פון גוואַלדטאַטען, וועלכע זיינען קיינמאָל פון וועמען עס איז ניט קאָנטראָ־

לירט געוואָרען. די אָסט־אינדישע בעפעלקערונג איז געווען פערזונקען אין אַ לעטאַרגישען שלאָף, פון וועלכען עס איז געווען שווער זי אויפצוואוועקען. דער שטח, אויף וועלכען ענגלאַנד האָט געהערשט אין אָסט־אינדיען, איז געווען און איז גרעסער פון יעדען איינעם אייראָפּעאישען רייך אויסער רוסלאַנד. די מענשען, איבער וועלכע ענגלאַנד האָט דאָרט געהערשט, זיינען געווען אין צאָהל איבער 30,000,000. עס איז געוואָרען אַ פראַגע: ווי האָט געקענט אַזאַ גרויסער שטח מיט אַזאַ מאַסע איינוואוינער רעגירט ווערען פון אַ האַנדעלס־קאָמפּאַניע?

די פראַגע איז ניט בעשטאַנען דערין: ווי קענען קויפלייט רעגירען און בעהערשען אַזאַ גרויסעם רייך? זיי, די קויפלייט, האָבען דאָך בעגרינדעט דיזעם רייך און זיי האָבען געוואוסט אַלע זיינע אייגענטימליכקייטען בעסער פון פיעלע אַנדערע. דער גענעראַלער בוירק האָט אַמאָל געזאָגט: „איך האָב זעהר אָפט געזעהען קויפלייט, וועלכע זיינען געווען זעהר געשיקט און פערשטענדיג ווי אַ גרויסער טיכטיגער שטאַאַטסמאַן, איך האָב אָבער אויך געזעהען שטאַאַטסמענער, וועלכע זיינען אין פערשטאַנד און כאַראַקטער ניט געווען העכער פון אַ קאָראָביינערניק". ניט דער קויפמענישער גייסט האָט בעשאַפען דעם גייסט פון דער הימעל־שרייענדער ברוטאַליטעט וואָס האָט געהערשט אין אָסט־אינדיען, נאָר די אונפעראַנטוואָרטליכקייט פון זייערע בעאַמטע. די בעאַמטע פון דער קאָמפּאַניע, ווי אויך די אָפיצערען פון זייער אַרמעע האָבען געהאַט אַן אונבעשרענקטע מאַכט, וועלכע זיי האָבען מיסברויכט צו זייער אייגענעם נוצען. עס איז ניט געווען אַזאַ הימעל־שרייענדעס אונרעכט, וואָס האָט זיי געקענט אָפּשרעקען דאָס ניט צו טאָן. ווער עס איז געקומען אין אָסט־אינדיען האָט פערלאָרען דעם מאָראַלישען זין און די חרפּה, וועלכע ער האָט בעזעסען אין זיין היים. די בעאַמטע זיינען בעפאַלען די אונגליקליכע איינגעבאָרענע ווי ווילדע חיות און האָבען מיט דער קראַפט און קונסט פון דער היימישער ציוויליזאַציאָן און קולטור אויסגעזויגען פון די אונגליקליכע אָסט־אינדיער דאָס בלוט פון די אָדערען און דעם מאַרך פון די ביינער, ריכטיג ווי עס האָבען אַמאָל געטאָן די רוימישע בלוט־זויגער.

די בעהאַנדלונג פון די בעאַמטע אין אָסט־אינדיען האָט זאָגאַר אין ענגלאַנד שרעקליך אויפגערייצט די מיינונג פון דער געזעלשאַפט. מענער, וועלכע זיינען אַוועק פון דער היים (ענגלאַנד) אָהן אַ פּענני, זיינען אין איניגע יאָהר שפּעטער געקומען צוריק מיט אונגעהייערע רייכטימער, וועלכע זיי האָבען אויסגעפּרעסט פון די אָרימע אָסט־אינדיער. צוזאַמען מיט דעם

האַבען זיי מיטגעבראַכט אַן אונגעהייערען שטאַלץ און אַ גרויסע פרעכהייט. די אַקציאָנערען זעלבסט פון דער האַנדעלס־געזעלשאַפט זיינען געוועזען זעהר אונצופרידען פון די רויבערייען, וואָס זייערע בעאַמטע האָבען בעגאַנגען אין אָסט־אינדיען אום אָנצופילען זייערע טאַשען, וועהרענד פיר די אינטערעסע פון דער קאָמפּאַניע האָבען זיי גאָרניט געטאָן.

אין יאָהר 1764 האָט ענגלאַנד אָנגעהויבען בעקומען פון אָסט־אינדיען אַזעלכע שלעכטע ידיעות, דאָס עס האָט געשיינט, אַז ענגלאַנד איז אַן גע־פאַהר צו פערלירען דאָרט איהרע בעזיצונגען. די אַקציאָנערען זיינען גע־קומען צו דער איבערצייגונג, דאָס נאָר אַ מאַן מיט ענערגיע וועט זיין אין שטאַנד אויסצוראַמען דעם שמוץ, וואָס די רויבערישע בעאַמטע האָבען דאָרט אָנגעמאַכט. צום גליק האָט זיך אַזאַ מאַן געפונען. דיזער איז געוועזען ק ל אַ י ו ו. אין אַן אַלגעמיינער פערזאַמלונג פון אַקציאָנערען איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס גענעראַל־גאָווערנאָר פון בענגאַלען.

אין מאַי 1765 איז קלאַיוו אָנגעקומען אין קאַלקוטטאַ. ער האָט געפונען בענגאַלען אין אַ זעהר טרויעריגען צושטאַנד. נאָך דעם, ווי ער איז אָנגעקומען אַהין און האָט אַלעס אונטערזוכט, האָט ער געשריבען נאָך ענג־לאַנד פאָלגענדע ווערטער: „אַזאַ געזעצלאָזיגקייט, אַזאַ פערווירונג, אַזאַ כאַבאַר און ערפּרעסונג האָט זיך ניט געקענט געפינען אין קיין לאַנד אין דער וועלט, אויסער אין בענגאַלען, און קיינמאַל און אין קיין לאַנד האָבען אַזוי פיעלע לייט ניט אָנגעזאַמעלט אַזעלכע גרויסע רייכטימער דורך אַזוי פיעל אונרעכט און דורך אַזעלכע פרעכע רויבערייען, ווי עס איז געשעהען דאָ. איהר וועט ניט געפינען אין דער ענגלישער בעפעלקערונג אין אָסט־אינדיען 5 פּערזאָן מיט מאָראַלישע פּרינציפּען". קלאַיוו איז געבליבען אין אָסט־אינדיען ביז צו ענדע יאַנואַר 1767. אין דיזע אַנדערהאַלבען יאָהר האָט ער אויפגעטאָן גרויסע וואונדער אין דער פערבעסערונג פון ציוויל־ און מיליטער־וועזען. דאַמאָלס זיינען די ענגלענדער געוואָרען די ריכטיגע הער־שער פון בענגאַלען און אַנדערע געביטען אין אָרט־אינדיען, און קלאַיוו האָט אויסגעווירקט פון דעם קייזער אַ פּאַטענט פיר די קאָמפּאַניע, דאָס זי זאָל האָבען דאָס רעכט צו קאָללעקטירען די איינקונפטען פון לאַנד אין יענע פּראָווינצען. די קאָמפּאַניע האָט דערפון פערדינט ניט ווייניגער פון 1,650,000 פונט סטערלינג.

קלאַיוו האָט אָבער דאָרט ניט געקענט איינפיהרען קיין דויערנדע אָרד־נונג אין דעם כאַאָס פון דעם אַזיאַטישען הפקר און דער אונבעגרענצטער אייראָפּעאישער אייגענניציגקייט. ער האָט נאָר אַ ביסעל פערקלענערט



פאָלקס־לעבען אין באָמבעי אין דעם מוהאַראַם־פעסט.

דעם כאבאר פון די בעאמטע דורך דעם, וואס ער האט געהעכערט זייערע געהאלטען. ער האט אייגענטליך געקענט דארט אויפטאן מעהר גוטעס, ווען ער וואלט דארט פערבליבען א לענגערע צייט, אבער ליידער האט ער גע-מוזט פערלאזען זיין אמט צוליב זיין שוואכער געזונדהייט. דערצו האבען איהם די ענגלישע רעגירונג און די געזעלשאפט אויך פיעל געשטערט אין זיין ארבייט.

קלאיוו האט געמאכט גרויסע אנגריפען אויף די האנדעלס־געזעלשאפט פון אסט־אינדיען. די אקציאנערען האבען געפאדערט איבער 10 פראצענט פון די אלע איינקונפטען, וואס ענגלאנד האט געהאט פון אסט־אינדיען, אויסער זייערע אייגענע גרויסע פראפיטען פון זייער האנדעל, אויף וועל-כען זיי האבען געהאט א מאנאפאל. די רעגירונג האט אבער גע'טענה'ט, דאס די עראבערונג און די איינקונפטען דערפון געהערען צו איהר. דאך האט די רעגירונג נעגעבען דער קאמפאניע א געשענק פון 400,000 פונט סטערלינג יעהרליך.

זינט דעם יאהר 1766 איז געקומען פיר די קאמפאניע א קריזיס, וועל-כער האט פיר זיי געהאט זעהר שווערע פאלגען. די רעגירונג האט אויף איהר ארויפגעלעגט זעהר שווערע פערפליכטונגען, אונטער אנדערע אויך די פליכט צו האלטען דארט, אין אסט־אינדיען, אויף איהר רעכנונג א בעשטענ-דיגע ארמעע פון 30,000 מאן, זאגאר אין צייט פון פרידען. עס איז פיר די קאמפאניע געווארען אונמעגליך אויסצופרעסען פון לאנד אזעלכע אונ-געהייערע גרויסע סומעס. אום ניט רואינירט צו ווערען אין גאנצען, האט די קאמפאניע געמוזט מאכען אן אנלייהע פון 1,400,000 פונט סטערלינג. דערפאר וואס דער פארלאמענט האט געגעבען די ערלויבנים צו מאכען דיזע אנלייהע, זיינען די אקציאנערען פון דער קאמפאניע מרוצה געווארען צו מאכען אייניגע ענדערונגען אין דעם טראקטאט, וואס זיי האבען געהאט מיט דער רעגירונג, — ענדערונגען, וועלכע די רעגירונג האט געפאדערט. די רעגירונג האט געמאכט א נייע ארדנונג אין דעם קאלעגיום פון די די-רעקטארען, און האט צוגענומען דאס שטימרעכט פון די קליינע אקציא-נערען. אין קאלקוטא האט די רעגירונג בעשטימט א נייעם געריכטס־טריבונאל, וועלכער איז בעשטאנען פון איין אויבער־ריכטער און דריי אונ-טער־ריכטער, וועלכע זיינען פון דער רעגירונג בעשטימט געווארען אין זייערע עמטער, אנשטאט דעם מאיארס־געריכט, וואס די קאמפאניע אליין האט געגרינדעט אין קאלקוטא אלס איהר אייגענעם טריבונאל. דער גא-



וואַסער־טרעגער אין קאַלקוטטאַ.

ווערנאָר פון בענגאַלען האָט בעקומען די אויבער־מאַכט איבער אַלע פּרע־זידענטשאַפטען (בעצירקען) פון דער קאָמפּאַניע.

דער ערסטער גענעראַל־גאָווערנאָר פון אינדיען איז געווען וואָר־רען העיסטינגס, אַ מאַן מיט אַ גרויסער ענערגיע, וועלכער האָט געוויזען דעם ריכטיגען וועג פיר די ענגלישע רעגירונג, ווי צו מאַכען זיך אַ צוקונפט אין אזיען. זיינע פעהיגקייטען, צו דערגרייכען זיינע צוועקען, זיינען געווען צו בעוואונדערן, אָבער קיין זאַך האָט איהם ניט אָפּגעהאַלטען פון דורכפיהרען זיינע פּלענער, זאָגאַר ווען עס איז געווען געגען גערעכטיג־קייט און געגען מענשליכקייט.

איינע פון העיסטינג׳ס ערסטע האַנדלונגען איז געווען, דאָס ער האָט געהאָלפען דעם טיראַנישען וויזיער פון אָודע אונטערצוואָכען די פרייע ראָ־הילאַס. דער וויזיער האָט דערפאַר פערשפּראָכען צו געבען דער קאָמפּאַניע 400,000 פונט סטערלינג, און אויסער דעם צו צאָהלען זייערע טרופען אַ געוויסע סומע יעדען מאָנאַט. באַלד ווי דער אָפּמאַך איז געשלאָסען גע־וואָרען, האָט העיסטינגס געגעבען אַ בעפעהל צו זיינע טרופען צו פעראיי־ניגען זיך מיט די טרופען פון וויזיער אום צו בעפאַלען מיט זיי אין איינעם דאָס לאַנד פון די ראָהילאַס. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען ווי באַר־באַריש די פעראייניגטע טרופען האָבען בעהאַנדעלט די ראָהילאַס, וואָס פיר אַ שוואַרצער פלעק עס איז פיר די ענגלישע נאַציאָן צו נעהמען געלט אום צו העלפען אַ באַרבאַרישען טיראַן אונטעריאָכען אַ פרייעס, אונאָפּהענ־גיגעס פאָלק. דער האַנדעל האָט אָבער דער קאָמפּאַניע געבראַכט געלט, און דערצו האָט דער טיראַן געצאָהלט פון זיין קאַסע אַ געוויסע צייט דעם געהאַלט פון די טרופען פון דער קאָמפּאַניע. דאָס האָט אויך אויסגעמאַכט פיר די קאָמפּאַניע אַ גרויסע סומע.

אין דער זעלבער צייט האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ ביל, וועלכער האָט בעשטימט, דאָס העיסטינגס איז אין גאַנצען אָפּ־העהנגיג פון דעם ראַט פון קאַלקוטטאַ, אָהן וועלכען׳ס הסכמה ער טאָר ניט טאָן קיין זאַך. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזער האָט געמאַכט צו גאַר־נישט אַלעס, וואָס ער האָט געטאָן. העיסטינגס איז אָבער געווען צו גוט בעקאַנט מיט אַלע אינדישע פערהעלטניסען און האָט געוואוסט איינצוריכ־טען די זאַכען אזוי, דאָס דער איינפלוס פון ראַט זאָל ניט האָבען קיין ווערט. דער ראַט האָט פערשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך, און ער האָט געבראַכט געגען איהם פערשיידענע קלאַגעס, צווישען אַנדערע אויך, דאָס ער האָט גענומען 40,000 פונט סטערלינג כאַבאַר. העיסטינגס אָבער האָט דורכגעפיהרט

וואָס ער האָט געוואָלט געגען דעם ווילען פון דער רעגירונג און געגען דעם וואונש פון די דירעקטאָרען פון דער קאָמפּאַניע. גראַדע האָט דאַמאָלס אויסגעבראָכען דער קריג מיט אַמעריקאַ, ווי אויך מיט פראַנקרייך. נאָר העיסטינגס איז געווען דער פּאַסענדער מאַן פיר דיזע שווערע צייט.

אום צו מאַכען אויף ענגלאַנד אַ שטאַרקען אַנגריף, האָבען זיך די פּראָווינצען פערבונדען מיט היידער אַלי, וועלכער האָט דאַמאָלס בעהערשט דאָס רייך מייסאָר, און וועלכער איז געווען אַ שרעקליכער פיינד פון ענגלאַנד. דיזער היידער אַלי האָט געמאַכט אַן אויפרוף צו אַלע אינדישע פירסטען, דאָס זיי זאָלען זיך פעראייניגען אין אַ שטרייט געגען ענגלאַנד. מיט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן האָט ער אָנגעפאַנגען אַ שטרייט געגען ענגלאַנד און האָט געהאַט אַ גלענצענדען זיג (1780). העיסטינגס האָט מיט אַ וואונדערבאַרער שנעלקייט טראַנספּאָרטירט זיינע טרופּען צו דער הויפּטשטאָדט פון ענגלישע זיד־אינדיען און האָט זי בעשיצט געגען אַן אָנפאַל. ער האָט באַלד אָנגעפאַנגען אונטערהאַנדלונגען מיט דעם מאַהראַטט און האָט געשלאָסען פרידען. דעם 2טען יולי 1782 איז ווידער פאָרגעקומען אַן ערנסטע שלאַכט צווישען די ענגלענדער און היידער אַלי, און דער ענגלישער גענעראַל סער ע. קאָאָטע (קוט) האָט איהם פאָלשטענדיג צושלאָגען. אָבער דער קריג וואָלט זיך דערמיט ניט געענדיגט, ווען היידער אַלי וואָלט ניט געשטאָרבען פּלוצלינג. זיין זוהן טיפּפּאָ סאַעב האָט נאָך כמעט אַ גאַנצען יאָהר פאָרטגעזעצט דעם קריג, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען און ער האָט אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען מיט העיסטינגס, און עס איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען אַ פרידען, לויט וועלכען ביידע שטרייטענדע צדדים האָבען אָפּגעגעבען איינער דעם אַנדערען וואָס זיי האָבען פערכאַפּט, און די ענגלישע טעריטאָריע אין אינדיען איז געבליבען די זעלבע ווי פאַר דעם קריג.

דער גאַנצער קריג איז געפיהרט געוואָרען פון העיסטינגס'ן אָהן וועלכער עס איז הילף פון ענגלאַנד — ניט אין געלט, ניט אין סאָלדאַטען. אין געגענטייל, ער האָט אויך אין דער צייט פון קריג געמוזט שיקען געלט נאָך לאָנדאָן. אום דיזעס צו קענען טאָן האָט העיסטינגס דאָרט בעגאַנגען שרעקליכע אונגעהערטע גוואַלדטאַטען. די קריגס־קאָסטען און די דיווידענדען (פּערדינסטען) פון דער קאָמפּאַניע האָבען געמוזט צאָהלען די גרויסע, די רייכע פון אָסט־אינדיען. העיסטינגס האָט גענצליך צורויבט זייער האָב און גוטס און האָט זיי פעראָרימט. דער ראַדשאַה פון בענאַרעס האָט איהם געמוזט צאָהלען 500,000 פונט. דער נאַבאָב פון אודע האָט געמוזט געבען

630,000 פונט סטערלינג, וועלכע ער האָט געמוזט אָפּנעהמען פון זיין מו־טער און זיין גרויסמוטער. דיזע האָבען אָנפאַנגס געלייקענט, דאָס זיי האָ־בען געלט, אָבער דורך גרויסע טאָרטור און פּייניגונגען, וואָס מען האָט פער־שאַפט זייערע בעדינטע, איז מען דערגאַנגען, וואו דאָס געלט איז געווען בע־האַלטען, און מען האָט עס צוגענומען. העיסטינגס האָט דערביי, פער־שטעהט זיך, אויך זיינע אייגענע איגטערעסען ניט פערגעסען. דער וויזיער האָט געמוזט געבען העיסטינגס'ן א געשענק פון מעהר אַלס א מיליאָן פונט, ניט אַכטענדיג אויף זיינע קריטישע אומשטענדען.

מיר האָבען געקענט נאָך פיעל שרייבען וועגען העיסטינגס' אויפפיה־רונג אין אָסט־אינדיען, אָבער דער פּלאַץ ערלויבט עס אונז ניט צו טאָן. מיר ווילען נאָר בעמערקען, דאָס קיינער פון זיינע נאָכפאָלגער האָט ניט געטאָן אזוי פיעל פיר ענגלאַנד אין אָסט־אינדיען, ווי ער. אמת, קיינער האָט אויך ניט אזוי פיעל געזינדיגט ווי ער. 12 יאָהר האָט ער רעגירט אין קאַלקוטטאַ און ענדליך האָט ער דיזע הערשאַפט פערלאָזען (1785). ער האָט דאָרט פערגרעסערט די איינקונפטען פיר ענגלאַנד אויף דאָפּעלט, אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט ער געמאַכט, דאָס די האַנדעלס־קאָמפּאַניע האָט זיך פערשולדיגט מעהר ווי פריהער אויף 12½ מיליאָנען פונט סטערלינג. אין ענגלאַנד האָט איהם ערוואַרטעט א פּראָצעס פון דעם פּאַרלאַמענט, וועל־כער האָט איהם פערקלאָגט, אָבער דאָס הויז פון די לאָרדס האָט איהם פריי־געשפּראָכען.

דער פּאַרלאַמענט האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבען אינטערעסירען און צו בעשעפטיגען מיט די אינדישע אַנגעלעגענהייטען. דאָס פּאָלק האָט מעהר ניט געוואָלט לאָזען די פערוואַלטונג אין אָסט־אינדיען אין די הענט פון דער האַנדעלס־געזעלשאַפט. אין יָאהר 1783 האָט פאָקס אריינגעבראַכט אין ראַרלאַמענט זיין בעריהמטען ביל וועגען אָסט־אינדיען. דיזער ביל האָט פּאָרגעשלאָגען אָפּצושאַפען דאָס קאָללעגיום פון די דירעקטאָרען און די פער־זאַמלונגען פון די אַקציאָנערען, און איבערצוגעבען די פערוואַלטונג פון דער קאָמפּאַניע צו 7 קאָמיסיאָנערען, וועלכע דער פּאַרלאַמענט וועט בעשטימען, און דיזע קאָמיסיאָנערען זאָלען האָבען דאָס רעכט אָנצושטעלען און אָפּצו־שאַפען דינער אין דער קאָמפּאַניע. אָבער די אַקציאָנערען זיינען ארויס געגען דיזען ביל מיט א מעכטיגען פּראָטעסט און די לאָרדען האָבען איהם פערוואָרפען.

מיט א יאָהר שפּעטער האָט פּיטט אריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט אַן אַנדער ביל וועגען אָסט־אינדיען, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרען. די־

זער ביל איז אין יאָהר 1786 נאָך מעהר און בעסער בעשטימט געוואָרען, אזוי דאָס ער איז עד היום געבליבען דאָס גרונד־געזעץ פון דער ענגליש־אינ־דישער מדינה. די הויפט־זאַך פון דיזען ביל איז, וואָס ער האָט איינגע־פיהרט אַן אויבערמאַכט, וואָס זאָל קאָנטראָלירען אַלעס, וואָס קומט פאָר אין אינדיען. דיזע אויבערמאַכט בעשטעהט פון 6 מיטגלידער, וואָס דער קעניג בעשטימט אַלס געהיים־ראַט. צו דיזען געהיים־ראַט מוזען די דירעק־טאָרען מיטטיילען אַלע זייערע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס אָנבעטרעפט די רע־גירונג, און זיי זיינען געבונדען אָן זיין קאָנטראָל. דער ערסטער יענעראַל־גאָווערנאָר, וואָס איז געשיקט געוואָרען נאָך אינדיען לויט דער נייער פער־פאַסונג, איז געווען דער מארקיז פון קאָרנוואַלליס. דיזער האָט דאָרט גע־מאַכט גרויסע רעפאָרמעס אין די פינאַנסען און געריכטס־אַנשטאַלטען פון לאַנד, אָבער זיינע ווירקונגען זיינען געווען ניט די, וואָס די גרינדער פון דעם נייעם ביל האָבען ערוואַרטעט.

די בעפרייאונג פון אַמעריקאַ פון אונטער דעם יאָך פון ענגלאַנד, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער בעמערקט, האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף ענגלאַנד אין פיעלע הינזיכטען. ערסטענס האָט ענגלאַנד פערלאָרען די שענסטע און בעסטע קאָלאָניע פון איהר רייך און 140,000,000 פונט סטערלינג אין קאָסטען. צווייטענס, האָט ענגלאַנד פערלאָרען אין די אויגען פון די אייראָפּעאישע מעכטען איהר פריהערדיגען גלאַנץ. דריטענס, האָט דאָס כמעט פערניכטעט איהר גאַנצען בליהענדען האַנדעל. אָבער וויכטיגער פון דיזע אַלע פערלוסטען איז דער פאַקט, דאָס די אַמעריקאַנישע אונאָפּ־העננגיגקייט האָט ערמונטערט דאָס ענגלישע פאָלק און איהם געגעבען מוט צו פאָדערן פיר זיך פולע פרייהייט.

אין דער ערסטער צייט פון דער רעגירונג פון געאָרג דעם 3טען איז די טאָרי־פּאַרטיי צוריק אַרויף אויף'ן פערד. דאַמאַלס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטאַרקע רעאַקציאָן פון די קלעריקאַלען, וועלכע האָט געהאַט איהר שטיצע אין דעם פּערזענליכען כאַראַקטער פון קעניג זעלבסט. ער איז געווען געזאָ־נען דעספּאָטיש און דערצו איז ער געווען זעהר אַבערגלויביש, און דעריבער האָט ער געשטרעבט צו פערשטאַרקען די קירכע און צו פערברייטערן די מאַכט פון דער קרוין. יעדער פרייער געדאַנק, אַלעס, וואָס האָט אויף זיך געטראָגען דעם סימן פון רעפאָרמע, איז פיר איהם געווען אָפּשטויסענד. אַרום זיין טראָן האָבען זיך גרופּירט מענשען, וואָס זיינען געווען שטאַרק צוגעבונדען צו דער אַרט פון לעבען פון דער פערגאַנגענהייט, און געפיהלט אַ שרעקליכע אַנטיפּאַטיע צו יעדער נייער רעפאָרמע. 60 יאָהר האָט געאָרג

געהערשט. אין דער גאַנצער צייט פון זיין הערשאַפט האָט קיין מענש מיט אַ געזונטען פערשטאַנד און מיט טאַלענט ניט געהאַט קיין צוטריט אין ראַט, אויסער פּיטט, און אויך דיזער איז געווען פעסט אויף זיין שטעלע נאָר צוליב דעם, ווייל ער האָט ניט אָנערקענט די הויכע לעהרע פון זיין פאָטער און די פרייע פּרינציפּען, אין וועלכע ער זעלבסט איז ערצויגען גע־וואָרען. די העכסטע שטעלעס זיינען געווען בעזעצט מיט אונפעהיגע מענשען.

אויך דאָס אויבער־הויז (דאָס הויז פון די לאָרדס) אין דער צייט פון געאָרג דעם 3טען איז געווען זעהר רעאַקציאָנער. ביז דער רעגירונג פון דיזען הערשער איז אימער געווען דאָס הויז פון די לאָרדס פיעל פרייער, מיט ליבעראַלערע געזינונגען ווי דאָס אונטער־הויז פון פּאַרלאַמענט. דער



פּאַלאַץ פון סט. דזשעימס אין לאָנדאָן.

אַלטער גייסט פון די טאָריס איז מעהר און מעהר אויסגעלאָשען געוואָרען ביי די טאָריס און איז געווען מעהר הערשענד אין דעם הויז פון די קאָמ־מאָנס, אין דעם אונטער־הויז. אונטער געאָרג דעם 3טען אָבער האָבען זיך דיזע אומשטענדען אין גאַנצען געענדערט. די לאָרדען זיינען געוואָרען מעהר און מעהר קאָנסערוואַטיוו, האָבען פעריאַגט יעדען ליבעראַלען גע־דאַנק, און זיינען געוואָרען סיסטעמאַטישע געגנער צו די גערעכטע ליבע־ראַלע פערלאַנגען פון ענגלישען פאָלק.

דאָס אויבער־הויז איז בעשטאַנען פון רייכע אַריסטאָקראַטען, וועלכע האָבען געהאַט אַ ריזיגע צאָהל שטימען צוליב זייער רייכטום. אויך זיינען דאָרט געווען פערטרעטען יוריסטען, וועלכע האָבען געהאָלפען אונטערצו־

דריקען די פאָלקס־פרייהייט, צו שמייכלען דעם קעניג און דער אַריסטאָ־קראַטיע אום צו בעקומען דורך דעם הויכע שטעלעס. דאָס גאַנצע הויז פון די לאָרדען האָט זיך אויסגעצייכענט מיט בעשרענקטהייט און ענגהער־ציגקייט. בווירק פערזיכערט, דאָס קיינמאָל זיינען ניט געווען אַזוי ווענינ מענשען פון דער האַנדעלס־קלאַס אין דעם הויז פון די לאָרדען, ווי אין דער צייט פון געאָרג דעם 3טען, ווייל דיזע קלאַס האָט זיך אימער אויסגע־צייכענט מיט איהר ליבעראַלען גייסט. אונטער דיזע אומשטענדען האָט געאָרג דער 3טער געוואַגט אַרויס־צוטרעטען מעהר און מעהר מיט זיינע דעספאָטישע פאָדערונגען. דאָס מיניסטעריום גראַפטאָן האָט גע־מאַכט אַ וועג, און דאָס מיניסטעריום נאָרטה איז שוין געוואָרען דאָס ווערקצייג, וועלכעס דער קעניג האָט בענוצט דורכצופיהרען זיינע פּלענער. אין דיזען צושטאַנד איז ענגלאַנד געווען אין די יאָהרען פון 1768 ביז 1782.

די רעגירונג און דער פּאַרלאַמענט זיינען דאַמאָלס געווען ביים פאָלק זעהר פערהאַסט. דאָס האָבען קלאָר אַרויסגעוויזען די וואַהלען פון יאָהר 1768. דער דעפּוטאַט ווילקעס, אַ מאַן מיט אַ גרויסען טאַלאַנט, איז אַרויס מיט גרויס פייער אין זיין צייטונג „דער נאָרד־בריטע" געגען דער רעגירונג. דערפאַר האָט איהם דער קעניג געגען אַלע געזעצען אַרויס־געשטויסען פון הויז פון פּאַרלאַמענט און ער איז בערויבט געוואָרען פון זיינע אַלע בירגער־רעכטען, הגם ער האָט גאָר איבער זיך ניט געהאַט קיין פּראָצעס, און איז זאָגאַר ניט ערשינען צום געריכט. ער האָט זיך אַ צייט לאַנג אויפגעהאַלטען אין פראַנקרייך, און האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין ענגלאַנד נאָר ווען עס האָבען איינגעטרעטען די נייע וואַהלען פיר מיטגלי־דער אין פּאַרלאַמענט. דאָס פאָלק האָט גוט געוואוסט ווי דער הויף און די רעגירונג האַסען און פערפאָלגען ווילקעס'ן, און דעריבער האָבען זיי ענערגיש אָנגענומען זיין צד.

ווילקעס איז ערוועהלט געוואָרען אין מידדלסעקס, און די רעגירונג איז אַרויס געגען איהם מיט מעשים, וועלכע האָבען איהר אַזוי פערשוואַרצט דעם פּנים, דאָס זי האָט זיך געמעגט שעמען. דאָס פאָלק האָט קיינעם ניט צוגעלאָזען צום שטים־לאָקאַל ווען ער האָט ניט געטראָגען אַ צייכען, דאָס ער וועט שטימען פיר ווילקעס'ן, הגם דיזער צוואַנג איז ניט געווען זעהר נעטיג, ווייל דאָס פאָלק וואָלט געשטימט פיר איהם אָהן קיין שום צוואַנג, און זאָגאַר די הויכע אַדעליגע זיינען געווען פיר איהם און געגען דער רע־גירונג. אָבער דיזע שטימונג האָט אָנגעהאַלטען ניט בלויז דעם טאָג פון וואַהל, נאָר זי האָט אויך אָנגעהאַלטען שפּעטער. 2 נעכט נאָך דעם איז

לאנדאן געווען אילומינירט. די גרויסע ליכטיגקייט האט דערלאנגט ביז דעם קעניג'ס שלאס און האט איהם איבערצייגט אין דעם האס פון פאלק צו דער רעגירונג. אלע הייזער זיינען געווען יום־טוב'דיג בעלויכטעט, און דאס פאלק איז געגאנגען איבער אלע גאסען און האט געבראכען די פענס־טער, וועלכע זיינען ניט געווען אילומינירט.

ווען ווילקעס האט זיך געשטעלט צום געריכט האט מען איהם ארעס־טירט. די מאסע אבער האט אויסגעשפאנט די פערד און האט זיך איינגע־שפאנט אין דעם וואגען, וואס האט איהם בעדארפט פיהרען אין געפענגניס, און האט איהם אוועקגעפיהרט צו די"ר סיטי. דארט איז עס ווילקעס'ן גע־לונגען אויסצורייסען זיך פון דער מאסע, וועלכע האט געשטרעבט איהם צו בעפרייען, און ער האט זיך געמעלדעט אין געפענגניס. דערמיט האט ער געוואלט פערשאפען דער רעגירו. גרויסע צרות פון דער זייט פון פאלק. ער האט זיין צוועק דערגרייכט. דאס פאלק האט געמאכט אן אויפרוהר ביים פארלאמענט און ביי דער געפ' גניס. די סאלדאטען פון געפענגניס־וואך זיינען פערווארפען געווארען מיט שטיינער, אזוי דאס זיי זיינען געוויען געצוואונגען צו שיסען אין דער מאסע. פון דיזער שיסעריי זיינען 6 דער־הרג'עט געווארען און 15 זיינען פערוואונדעט געווארען. די פאלגען פון דיזער טאט האבען פערש.. דער רעגירונג גרויסע צרות, פון וועלכע זי האט זיך מעה פון א יאהר ניט געקענט ארויסדרעהען.

דער געריכטס־הויף האט צוריקגעקעהרט ווילקעס'ן זיינע רעכטען, ווייל די ריכטער האבען געפונען אין זיין פראצעס איינינע פעהלערן אין די גע־ריכטליכע פארמאליטעטען. די ריכטער האבען אבער געפונען אויף איהם 2 אנדערע חטאים, צוליב וועלכע זיי האבען איהם בעשטראפט מיט 500 פונט און 2 יאהר געפענגניס. דאס פאלק האט באלד געמאכט א סובסקריפ־ציאן אום צו בעצאהלען זיין געלט־שטראף. מען האט איהם צוגעשיקט זעהר פיעלע מתנות, און זיין בילד, הגם ער איז געווען א מיאוס'ער, איז געווארען א צירונג אין יעדען הויז. דער ניי־ערוועהלטער פארלאמענט, וואס איז בעשטאנען פון מיטגלידער, פון וועלכע כמעט אלע האבען גע־קויפט זייערע ערטער פיר 4,000 פונט יעדער, און איז ביים פאלק געווען פערהאסט ווי די רעגירונג, האט די ערסטע זאך גענומען ארויסשטויסען ווילקעס'ן. דאס פאלק אבער, וועלכעס האט גוט געוואוסט, ווער און וואס עס זיינען די נייע מיטגלידער פון פארלאמענט, האט זיך געשטעלט געגען זייער בעשלוס אין בעטרעף צו ווילקעס'ן. ווילקעס איז ווידער ערוועהלט געווארען אלס מיטגליד אין פארלאמענט פון דער בעפעלקערונג פון מידדל-

סעקס, און דיזען מאָל זאָגאַר איינשטימיג. דער פּאַרלאַמענט האָט איהם ווידער אויסגעשטויסען און האָט איהם ניט צוגעלאָזען צו זיין זיץ, ווייל מען האָט איהם כלומר'שט געפונען אונפעהיג צו זיין אַ מיטגליד אין פּאַרלאַמענט. דאָס פאָלק האָט איהם אַ דריטען מאָל ערוועהלט אַלס פאָרשטעהער אין פּאַרלאַמענט. דיזער האָט איהם צום 4טען מאָל אויסגעשטויסען און דאָס פאָלק האָט איהם ווידער ערוועהלט. דער פּאַרלאַמענט האָט דאַמאָלס בעשטעטיגט דעם געגען־קאַנדידאַט פון ווילקעס'ן, הגם יענער האָט געהאַט פיעל וועניגער שטימען פון איהם. דער קעניג האָט עס געוואָלט און דער פּאַרלאַמענט האָט געטאָן זיין ווילען. מען האָט פּשוט גערויבט דאָס רעכט פון דער בעפעלקערונג פון מידדלסעקס. אַזאַ זאַך איז נאָך ניט געהערט געוואָרען אין דער נייער געשיכטע פון ענגלאַנד. יעצט האָבען אַלע אַנדערע קערפּערשאַפטען זיך געקענט ריכטען, דאָס אויך זיי וועט מען אַזוי בעהאַנדלען, מען וועט אַריינזעצען אין פּאַרלאַמענט מיטגלידער, ניט וועלכע זיי וועלען ערוועהלען, נאָר אַזעלכע, וואָס די רעגירונג וועט וועלען, און דער פּרינציפּ פון פאָלקס־ערוועהלונג וועט ווערען אַן איינפאַכע פּופּען־קאָמעדיע.

דער זעלבער גייסט האָט געהערשט אין פּאַרלאַמענט אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער שטרייט וועגען דער פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט פון די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען. אום צו רעכטפערטיגען דעם פערלאַנג פון דער רעגירונג צו בערויבען די אַמעריקאַנישע קאָלאָניסטען פון זייערע רעכטען האָט מען געטאָן פיעלע זאַכען געגען די געזעצען פון דער קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד, און דאָס האָט מען געטאָן ניט נאָר אין הויף, נאָר אויך איןביידע הייזער, אין דעם אונטערסטען הויז און אין דעם אויבערסטען, צווישען די לאָרדען, ווי צווישען די פאָלקס־פערטרעטער, אויף דער בישאָפס־באַנק און אויף די קאַנצלען פון דער קירכליכער פּאַרטיי. די פערטיידיגער פון פאָלקס־פרייהייט האָבען אַרויסגעזעהען וואָס פיר אַ געפאַהר עס שטעהט פאַר דעם פאָלק פון אַזעלכע אונרעכטען. זיי האָבען געזעהען, דאָס ווען די אַמעריקאַנער וועלען בעזיגט ווערען, וועט מען זיך נעהמען מבטל צו זיין די קאָנסטיטוציאָן פון ענגלאַנד זעלבסט. די מאַכט פון דער קרוין האָט מיט דער הילף פון פּאַרלאַמענט דערגרייכט אַזאַ הויכע שטופע, אַז ... וועלכער זי איז שוין ניט געשטאַנען זינט גאַנץ לאַנגע יאָהרען. דאָס פאָלק האָט דעריבער מיט גרויס פרייד בעגעגענט יעדע ידיעה, וואָס האָט מיטגעטיילט וועלכען עס איז זיג פון די אַמעריקאַנער. דער זיג פון די אַמעריקאַנער איז געוועז אויך זייער זיג. דער פרידען, וואָס איז

געשלאָסען געוואָרען צווישען ענגלאַנד און אַמעריקאַ אין ווערסאַיל, האָט געראַטעט ענגלאַנד פון אַ געפעהרליכען קריזיס.

מיט עטליכע יאָהר שפּעטער איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק אויפגע־שטאַנען געגען זיינע דריקענדע הערשער, האָט צושטערט אַלעס אַלטע און בערפויל'טע און האָט זיך נוקם געווען פיר זיינע הונדערט־יעהריגע ליידען דורך אַ ראַדיקאַלע קור, דורך אַ געוואַלטיגע אָדער־לאָזונג. הגם די פראַנ־צויזישע רעוואָלוציאָן האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו אַנדערע לענדער, האָט דאָך ענגלאַנד צוריקגערופען איהר געזאַנדטען פון פראַנצויזישען הויף, נאָר וויל דאָס פאָלק האָט געוואָלט אָפּשאַפען די מאָנאַרכיע און גרינדען אָנשטאָט איהר אַ רעפּובליק. עס איז דאַמאָלס געקומען פיר ענגלאַנד אַ זעהר קריטישע צייט. אַ גייסט פון רעאַקציאָן איז אַריינגעבלאָזען געוואָרען אין דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע האָט אַרויסגעגעבען אַ גאַנצע רייהע פון געזעצען, וואָס האָבען געהאַט דעם צוועק צו דערשטיקען יעדע שטרע־בונג צו פּאָליטישער פרייהייט. דאָס פאָלק האָט מיט אַלע זיינע קרעפטען געווירקט געגען דער שטרעבונג פון דער רעגירונג צו רויבען זיינע פריי־הייטען.

איבערהויפּט איז די רעגירונג געווען שטאַרק ניט צופרידען מיט דער פּרעס־פרייהייט און מיט דעם רעכט, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט, צו פער־זאַמלען זיך ווען עס וויל און וואו עס וויל אום צו פערהאַנדלען פראַגען, וואָס זיינען נוגע דאָס גאַנצע פאָלק אָדער אַ טייל פון איהם. דיזע רעכטען האָבען אונטערשידען דאָס ענגלישע פאָלק פון אַלע אַנדערע פעלקער פון אייראָפּאַ, און אונטערשיידען עס אויך נאָך היינט פון די אַנדערע אייראָ־פּעאישע נאַציאָנען. די ענגלישע רעגירונג האָט גוט פערשטאַנען, דאָס כל זמן דאָס פאָלק וועט האָבען פּרעס־פרייהייט און פערזאַמלונג־פרייהייט, כל זמן יעדער בירגער וועט קענען שריפטליך אָדער מינדליך אויסדריקען זיין מיינונג וועגען די גרוילטאַטען פון דער רעגירונג און די אונרעכטען, וואָס זי טוט דעם פאָלק, קען זי ניט ערווארטען צו האָבען אַ מאַכט איבער'ן פאָלק. און דעריבער האָט זי זיך גענומען אָנצוקלאָגען און צו פעראורטיי־לען זעהר פיעלע דענקענדע מענער, וועלכע האָבען געהאַט דעם מוט אַרויס־צוזאָגען פרייע געדאַנקען און צו קריטיקירען די טאַטען פון דער רעגירונג.

וויל אָבער די געשוואָרענע ריכטער (דזשורי־לייט) האָבען פיעלע פון די אָנגעקלאָגטע ערקלערט פיר ניט שולדיג, האָט די רעגירונג גענומען זיך אַרויסצוגעבען נייע געזעצען וועגען דיזע אַנגעלעגענהייטען. אין יאָהר 1795 האָט זי אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאָס קיין פערזאַמלונג טאָר ניט

שטאַטפינדען, ווען עס איז וועגען איהר ניט געווען אַנאָנסירט אין צייטונג מיט 5 טעג פריהער מיט אַן אויספיהרליכער מיטטיילונג פון די פונקטען, וואָס דאַרפען אויף דער פערזאַמלונג פערהאַנדעלט ווערען. יעדער ריכ־טער האָט בעקומען דאָס רעכט אויפצולעזען אַזאַ מין פערזאַמלונג ווען ער וועט געפינען, דאָס זי איז געזאָגען אונטערצונעהמען עטוואָס געגען דעם קעניג אָדער געגען דער רעגירונג. דערמיט האָט די רעגירונג אונטערגע־וואָרפען די פרייהייט פון פאָלק אונטער דעם ווילען פון אַ רעגירונגס־בע־אַמטען.

אָבער דיזע בעשרענקונגען זיינען נאָך געווען פיר די רעגירונג צו ווע־ניג. זי האָט אַרויסגעגעבען אַ נייעם בעפעהל, דאָס קיין אָפענעם פעלד, קיין עפענטליכער פּלאַץ זאָל ניט בענוצט ווערען פיר דעבאַטעס אָדער פאָר־לעזונגען, וואו מען וועט פריהער ניט בעקומען די ערלויבנים פון דער רע־גירונג. דאָס זעלבע האָט די רעגירונג געפאָדערט פון די ביבליאָטהעקען אָדער לעזע־צימערן. אויך געגען די צייטונגען האָט די רעגירונג געמאַכט שאַרפע געזעצען. די רעגירונג האָט זיך געמאַכט אַלס איהר אויפגאַבע צו פערניכטען יעדען פרייען שריפטשטעלער. די בוכהענדלער זיינען אַזוי פער־פאָלגט געוואָרען, דאָס זיי האָבען מורא געהאַט אַרויסצוגעבען אַ ווערק פון אַ פערפאַסער, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין חן אין קעניגליכען הויף. די רעגירונג האָט זיך בענוצט מיט די אָפּשייליכסטע מיטלען אום צו דריקען דאָס פאָלק. די רעגירונג האָט אויפגעהאַלטען אַ גאַנצעם סיסטעם פון שפּיאָ־נען, זי האָט געשטעלט, ווען עס איז איהר געווען נעטיג, פאַלשע עדות גע־גען די מענשען, פון וועלכע זי האָט געזוכט פּטור צו ווערען; זי האָט אויס־געקליבען געשוואָרענע (דזשורים), וועלכע האָבען פיר איהר געפּאַסט אין אַ פּראָצעס געגען אַ מאַן, וואָס איז געווען פון איהר פערהאַסט. די האָטע־לען און די קלובען זיינען געווען פול מיט מוסרים, וועלכע האָבען איבער־געגעבען יעדעס פרייע וואָרט דער רעגירונג. זאָגאַר דער האַבעאַס קאָרפּוס אַקט, לויט וועלכען קיין מענש קען ניט בערויבט ווערען פון זיין פרייהייט אָהן אַ געריכט, איז פון דער רעגירונג בעזייטיגט געוואָרען. די קרוין האָט אַרעסטירט וועמען זי האָט געוואָלט, ווער עס איז פיר זי געווען צו פריי.

דיזע דריקענדע מאַסרעגלען פון דער רעגירונג האָבען געבראַכט פיעלע דענקענדע מענער אין פערצווייפלונג. זאָגאַר די ענערגישע קעמפּער פיר פרייהייט האָבען געקוקט אויף די צוקונפט האָפנונגסלאָז.

אָבער די רעגירונג'ס פּלענער האָבען ענדליך פערלאָרען זייער גרונד פון אונטער זיך ווען דאָס פאָלק האָט פערלאָרען די געדולד און האָט אָנגע־

הויבען ארויסצואווייזען זיין נאַטירליכען פרייהייטס־זין. מערקווירדיג איז, אַז דאָס פאָלק האָט ניט געברויכט קיין בעזונדערע געוואַלט אום צו בעפרייען זיך פון דעם דרוק פון דער רעגירונג, די ענדערונג איז געקומען נאָר פון דער עפענטליכער מיינונג.

מיט 2 דורות שפּעטער זיינען די אַלע רעאַקציאָנערע פּלענער געוואָרען אונמעגליך. אַזוי דאָס אַפילו די שטרענג־קאָנסערוואַטיווע האָבען זיי ניט געוואָלט אָנערקענען. דיזע גרויסע ענדערונג האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דעם 19טען יאָהרהונדערט. דער אַיינפלוס פון דעם פאָלק האָט אָנגעהויבען צו שטייגען מעהר און מעהר און ביסלאַכווייז האָט דאָס פאָלק אַרויסגעריסען די מאַכט פון די, וועלכע האָבען זי פריהער געהאַט און שלעכט געברויכט.

„צום גליק פון ענגלאַנד", זאָגט דער אמת דעמאָקראַטישער באָקל, „זיינען די פּרינציפּען פון פרייהייט, וועלכע געאָרג דער 3טער און זיינע אָנהענגער האָבען געוואָלט צושטערען, שוין אין דער צייט פון זיין רעגירונג געוואָרען אַזוי שטאַרק און האָבען זיך אַזוי פערברייטערט, דאָס ניט נאָר זיי זיינען געווען אין שטאַנד צו אַרבייטען געגען דער רעאַקציאָן, נאָר זיי האָבען געוואונען אין קאַמף פיעלע פרישע קרעפטען. דער קאַמף איז געווען זעהר האַרט און זעהר געפעהרליך. אָבער ווען פרייע געדאַנקען האָבען איין מאָל געשלאָגען טיפע וואָרצלען אין גייסט פון פאָלק, איז זייער מאַכט אַזוי גרויס, דאָס קיינע פערפאָלגונגען, קיינע שטראָפען זיינען ניט אין שטאַנד צו הינדערן זייער וואַקסען און פערשפּרייטען זיך. די רעגירונג האָט געטאָן אַלעס, וואָס זי האָט געקענט, אום צו פערשפּרייטען איהרע לעהרען, וועלכע דאַרפען שטירצען די גרונדזעצען פון פרייהייט, דער קעניג האָט די לעהרען בעגינסטיגט, די מעכטיגע קלאַסען האָבען דיזע לעהרען פערטיידיגט, עס זיינען געמאַכט געוואָרען געזעצען אום צו פערטיידיגען דיזע לעהרען, און די ריכטער האָבען דיזע געזעצען דורכגעפיהרט מיט זייער גאַנצער מאַכט. אָבער דאָס אַלעס האָט ניט געהאָלפען. אין עטליכע יאָהר איז דיזער דור אונטערגעגאַנגען; זיין אָרט האָט פערנומען אַ בעסערער דור. און דאָס סיסטעם פון טיראַניי איז געגאַנגען צו גרונד. דאָס זעלבע מוז פּאָרקומען אין אַלע אַנדערע לענדער; עס מוז פאַלען יעדעס סיסטעם, וואָס איז געגען דעם פּאָרטשריט פון גייסט, עס מוזען צושטערט ווערען אַלע אונטערנעהמונגען, וועלכע זיינען דערווידער דעם צייטגייסט. דער רעזולטאַט פון אַזאַ סאָרט קאַמף איז געוויס און זיכער אויף דער זייט פון די קעמפּפער פיר פרייהייט. די קראַפט פון אונגערעכטער געוואַלט געפינט זיך נאָר אין

די הענט פון איינציגע מענשען. דיזע איינציגע, וועלכע האָבען געוואוסט
ווי צו בעהויפּטען זייער מאַכט און צו טאָן זאַכען אונבעשטראָפט געגען דעם
צייטגייסט, — דיזע מענשען מוזען דאָך פריהער אָדער שפּעטער שטאַרבען,
זייער פּלאַץ ווערען, ווי געוועהנליך, פערנעהמען מענשען אונפעהיגע. אָבער
די קראַפט פון דער עפענטליכער מיינונג וואַקסט מיט יעדען דור מעהר און
מעהר, איהר אויטאָריטעט ווערט ברייטער און העכער אָנערקענט, די גע-
זעצען פון שטערבליכקייט בעריהרען זי ניט, זי איז ניט אָפּהענגיג פון דעם
לעבען פון איינצעלנע מענשען. די קראַפט פון דער עפענטליכער מיינונג,
פון דעת הקהל, ווירקט לאַנגזאַם, אָבער זי מוז ענדליך בעזיגען".



# אידען.

## דייטש־פוילישער צענטער פון אידישער קולטור

(1648—1498).

אלגעמיינער איבערבליק. דער וועג פון אידישער געשיכטע איז בעצייכענט מיט פונקטען פון פערשיידענע קאטאסטראפעס. פון איין חורבן ביז א צווייטען — דאס זיינען די געוועהנליכע סטאציאנען אויף דיזען וועג. יאהרען לאנג האט דאס אידישע פאלק געבילדעט א קולטור־צענטער און פלוצלינג קומט א האנט פון א אויסווערטיגען פיינד און צושטערט דיזען צענטער. און דאס אייביגע נע־ונד־פאלק מוז אנהויבען צו בילדען פיר זיין נאציאנאלע קולטור א נייעם צענטער, און פיר די גייסטיגע העלדען פון פאלק נייע פאז ציאנען, וועלכע ווערען געוועהנליך ווידער צוקלאפט פון א נייעם שונא — צוקלאפט, צושטרייט, אבער ניט בעזיגט.

די ספרדישע אידען (פון 'שפאניען און פארטוגאל), נאך דעם, ווי זייער קולטור־צענטער איז אין גאנצען חרוב געווארען, האבען זיך מעהרסטענס בעזעצט אין איטאליען און אין אייראפעאישער טערקיי. מיט 500 יאהר צוריק האט זיך די אידישע קולטור בעוועגט פון אסט נאך וועסט, פון בבל נאך שפאניען. יעצט איז די בעוועגונג געגאנגען צוריק־וועגס, פון שפאניען נאך טערקיי, וועלכע האט אויפגענומען די פערטריבענע אידען פון שפאניען און פארטוגאל אונטער איהר שוץ. אבער די טערקישע בעפעלקערונג איז ניט געוועזען דאס, וואס די אראבער אין שפאניען, אין די ערסטע צייטען פון זייער הערשאפט דארט. די טערקען זיינען געוועזען א גראבע מיליטערישע מאכט, און די אידען האבען מיט זיי ניט געקענט ארבייטען צוזאמען אויפ'ן פעלד פון קולטור, און האבען געלעבט אפגעזונדערט

פון זיי. אַ קורצע צייט האָבען דאָרט אייניגע טיכטיגע מענשען געבילדעט אַ קולטור־צענטער, דאָס זיינען געווען: ר' יוסף נשיא, ר' יוסף קאַראָ, דער מחבר פון שלחן ערוך, און דער בעריהמטער מקובל ר' יצחק לוריא (אר"י, 1550—1576). די אַטמאָספּערע פון ארץ ישראל האָט בעשאַפען נייע האָפנונגען אויף משיח'ס צייטען און די בעוועגונג פון שבתי צבי. אָבער דער נייער קולטור־צענטער האָט ניט לאַנג עקסיסטירט. אַ קורצע צייט האָט איטאַליען אָנגעהויבען צו שאַפען אַ קולטור־צענטער, אָבער די פערפאָלגונגען מיט דער אינקוויזיציאָן, וועלכע האָט זיך פערשאַפט אַ נעסט אויך אין איטאַליען, האָבען איהם באַלד פערניכטעט. דער לאַנגער אידישער גלות מיט די שרעקליכע פערפאָלגונגען האָבען בעשאַפען די האָפ־נונגען אויף אַ גאולה דורך אַ משיח, און עס האָבען זיך בעוויזען אַלס משיחים דוד ראובני און שלמה מולכו. עס זיינען אָבער אויך ארויף אויף די סצענע פון דער אידישער קולטור וויכטיגע פערזאָנען מיט אַ שאַרפען קריטישען גייסט, ווי ר' עזריה דע־ראָססי, דער פערפאַסער פון דעם בע־ריהמטען ספר „מאור עינים", און ר' יהודה אריה דע־מודינה.

צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָט זיך געבילדעט אַ נייער קול־טור־צענטער אין אַן אַנדערען פּונקט, אין האָללאַנד. די גרינדער פון דיזען צענטער זיינען געווען די מאַראַנאָס (אנוסים), וואָס האָבען זיך גערעטעט פון די נעגעל פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציאָן און זיינען ענטלאָפען אין די פרייע האָללאַנד, וועלכע האָט ארויסגעגעבען אידישע גייסטיגע ריזען, ווי ר' מנשה בן ישראל, אוריאל אַקאָסטאַ און ברוך שפּינאָזאַ. מיט דעם אונטערגאַנג פון שפּאַנישען צענטער איז די פיהרערשאַפט פון דער אידי־שער קולטור געבליבען אין דייטשלאַנד און אין פּוילען, וואו עס האָט זיך געפונען אַ גרויסער טייל פון דייטשע אידען.

די צייט פון רענעססאַנס (ווידער־אויפלעבונג פון קונסט און וויסענ־שאַפט) האָט ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף די אידען אין דעם געטאָ. עס זיינען געוואָרען אויף זיי וועניגער פּאָגראָמען, אָבער זיי זיינען געבליבען רעכטלאָז ווי פריהער. אַזעלכע ליבעראַלען ווי רייכלין האָבען געהאַט אַן איינפלוס נאָר אויף געצעהלטע וויכטיגע פערזאָנען, אויף די מאַסע אָבער האָבען געווירקט אַזעלכע אויסוואורפען ווי פּפעפערקאָרן. די רעפאָרמע פון לוטהער האָט נאָר געווירקט אויף'ן קאָפּ, ניט אויף'ן האַרץ. די שפּאַל־טונג אין דער קירכע האָט נאָר געשאַפען האַס פון קריסטען צו קריסטען אָבער ניט קיין פערבעסערונג אין זייערע געפיהלען צו אידען.

דער ברוך, וואָס די אידען האָבען געליטען אין דייטשלאַנד, האָט פיעלע פון זיי געבראַכט אין פוילען, וואו זייער צאָהל איז שטאַרק פערגרעסערט געוואָרען אין 16טען און 17טען יאָהרהונדערט, און האָבען אריבערגעטראָגען צו זיך דעם צענטער פון דער אידישער קולטור, וועלכע האָט פערלאָרען דעם באָדען אין שפּאַניען. די לאַגע פון די אידען אין פוילען אין יענער צייט איז געווען זעהר גינסטיג צו בילדען אַ קולטור־צענטער, 1) ווייל דאָרט האָבען זיך געפונען מעהר אידען ווי אין וועלכען עס איז אַנדערען לאַנד אין איירא̇פּאַ; 2) ווייל דאָרט זיינען זיי ניט געווען אַזוי מאָראַליש און גייסטיג ערנידריגט ווי אין דייטשלאַנד; 3) ווייל זייער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז דאָרט געווען פיעל בעסער ווי אין אַנדערע לענדער פון איירא̇פּאַ, זיי האָבען ניט געליטען קיין בעשרענקונגען אין האַנדעל און אין ערווערבען גרונד־אייגענטום; 4) ווייל זייערע געמיינדעס האָבען געהאַט פולע אויטאָנאָמיע אין איינאָרדנען זייער רעליגיעזעס און סאָציאַלעס לעבען. די רבנים אין פוילען האָבען געהאַט דאָס רעכט צו משפט'ן ציווילע און אָפּט זאָגאַר קרימינעלע פּראָצעסען לויט די געזעצען פון תלמוד. דיזע רעכטען האָבען געפיהרט דערצו, אַז דאָס שטודיום פון תלמוד איז דאָרט געוואָרען זעהר פערברייטעט און האָט פערנומען דעם וויכטיגסטען אָרט אין דעם אידישען גייסטיגען לעבען און ישיבות האָבען זיך ענטוויקעלט מעהר און מעהר.

אָבער צו ענדע פון דיזער פּעריאָדע ענדערט זיך דער צושטאַנד פון די אידען אין פוילען צו ערגער. די יעזואיטען האָבען אריינגעבראַכט אין לאַנד אַ שרעקליכען יודענהאַס; אַלע קלאַסען פון פאָלק האָבען אָנגעהויבען צו פעראַכטען די אידען, פיעלע האָבען זיי פיינד געהאַט צוליב זייער קאָנקורענץ אויף'ן פעלד פון מסחר און האַנט־אַרבייט. עס האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַלע מאָל ערגער און ערגער ביז עס האָט זיי דערגרייכט די העכסטע שטופע פון אונגליק, די גזרת ת"ח, אָדער די שחיטות אין אוקראַינאַ. דיזע שרעקליכע שחיטות, וועלכע האָבען פערוויסטעט און פערניכטעט הונדערטער אידישע קהלות, האָבען אָנגעמאַכט אין פּוילישען יודענטום אַ גרויסע איבערקעהרעניס. אַ גרויסע ענדערונג אין דער אידישער ליטעראַטור האָט אָנגעמאַכט די נייע ריכטונג פון דער קבלה, וועלכע האָט פערנומען די שטעלע פון דער רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע פון שפּאַנישען צענטער, און די בוכדרוקעריי־קונסט האָט עס גיך פערברייטערט אין איירא̇פּאַ.

---

## א. דער נייער צענטער פון דער אידישער קולטור.

**אידען אין אייראָפּעאישער טערקיי.** אין יאָהר 1453 האָט די פאָהן פון דער האַלבער לבנה געפלאַטערט איבער קאָנסטאַנטינאָפּעל. די טערקישע הערשאַפט האָט געגרינדעט איהר רעגירונג אויף די חורבות פון דער אַלטער צופוילטער ביצאַנץ. די אידען, וועלכע האָבען איבער 1,000 יאָהר געליטען אונטער דעם דרוק פון דער קריסטליכער ליבע, האָבען פריי אָפּגעאָטעמט אונטער דער הערשאַפט פון דער האַלבער לבנה. דער סולטאַן מאַחמעד דער 2טער האָט באַלד געגעבען די אידען פולע רעכטען און אַ געוויסע אויטאָנאָמיע. אין קעניגליכען ראַט זיינען געשטאַנען 3 שטוהלען פיר די פאָרשטעהער פון די 3 רעליגיאָנען: איין שטוהל פיר דעם מאַחמע-דאַנישען מופטי, איינער פיר דעם אידישען רב און איינער פיר דעם גרי-כישען פאַטריאַרך. אַלס הויפּט פון די אידען איז געזעצט געוואָרען ר' משה קאַפּסאַלי. די גינסטיגע לאַגע פון די אידען אין טערקיי האָט ערמונטערט אַ דייטשען אידען, וואָס האָט זיך געפונען אין קאָנסטאַנ-טינאָפּעל, ר' יצחק צרפתי, צו שרייבען צו זיינע מיטברידער אין דייטשלאַנד און עסטרייך, אַז זיי זאָלען עמיגרירען נאָך טערקיי, און האָט געגעבען אָנצוהערען, דאָס עס איז זעהר מעגליך, אַז אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי זאָלען די אידען איבער-אַ-נייס אויפלעבען אַלס נאַציאָן אין זייער אַלטער היים, אין ארץ ישראל. פיעלע אידען פון דייטשלאַנד האָבען געפאָלגט דעם ראַט פון ר' יצחק צרפתי, האָבען זיך בעזעצט אין קאָנסטאַנ-טינאָפּעל און האָבען דאָרט געבילדעט אַ דייטשע, אשכנזישע געמיינדע (1460—1470).

אָבער נאָך דעם גירוש שפּאַניען און פּאָרטוגאַל (1492—1498) איז אָנגעקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל אַ גרויסע מאַסע ספרדישע אידען, וועלכע האָבען געגרינדעט אַ ספרדישע געמיינדע, און דיזע האָט באַלד אָפּגעשטופּט צום הינטערגרונד די אשכנזישע און אויך די אַלטע גריכישע געמיינדעס. מען דערצעהלט, דאָס דער סולטאַן באַיאַזעט דער 2טער האָט געזאָגט: „ווי קען מען זאָגען, דאָס פערדינאַנד איז אַ קלוגער הערשער, ווען ער פער-אָרימט זיין אייגען לאַנד, שפּאַניען, און בעררייכערט אונזער לאַנד, אַרויס-שיקענדיג פון זיין לאַנד אַזאַ וויכטיגען עלעמענט ווי די אידען זיינען?" און באמת האָבען די שפּאַנישע אידען און די מאַורען (די אַראַבער) אַריינ-געבראַכט אין טערקיי אַ נייע קולטור: זיי האָבען פערברייטעט דעם האַנ-דעל, האַנט-ארבייט און קונסט. די געבילדעטע טעכניקער האָבען אויס-

געלערנט די טערקען ווי צו מאַכען ביקסען, פולווער און האַרמאַטען, און אזוי איז טערקיי מיט דער הילף פון די פערפאָלגטע אידען און מאַורען גע-וואָרען די רוט, וואָס האָט געשמיסען די אייראָפּעאישע קעניגרייכען און האָט זיי געהאַלטען אין מורא. אייניגע אידישע דאָקטוירים זיינען געוואָ-רען ביי די סולטאַנען לייב־מעדיקער, ווי צ. ב. ר׳ יוסף המון (האַ-מאָן) און זיין זוהן ר׳ משה המון, וועלכע זיינען געווען לייב-דאָקטוירים ביים סולטאַן סעלים (1512—1520) און האָבען געהאַט אַ גרוי-סען איינפלוס אין סולטאַן׳ס הויף.

צו די ספּרדישע אידען אין טערקיי זיינען שפּעטער צוגעקומען אידען פון נעאַפּעל, וועלכע קאַרל דער 5טער האָט אַרויסגעטריבען (1540), און פון בעהמען, וועלכע זיין ברודער פערדינאַנד האָט אַרויסגעטריבען אין יאָהר 1542. די נייע עמיגראַנטען האָבען אָנפאַנגס געלעבט אין גרופּען נאָך די ערטער, פון וועלכע זיי זיינען אַריבערגעקומען. אין יענער צייט זיינען געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל 44 סינאַגאָגען, פיר יעדע גרופּע אַ בעזונדער סינאַגאָגע. צוזאַמען איז די צאָהל אידען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל געווען אין 16טען יאָהרהונדערט 30,000 נפשות. אויך אין אַנדערע שטעדט פון טערקיי האָבען זיך בעזעצט אידען און האָבען געבילדעט געמיינדעס.

אין קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט זיך אויך געפונען פון פריהערדיגע צייטען אַ היבשע געמיינדע פון די קאַראַאימעס. פון די בעריהמטע מענשען זייערע אין 13טען און 14טען יאָהרהונדערט זיינען געווען אהרן פון קאָנסטאַנטינאָפּעל, דער מחבר פון „ספר המבחר" (אַ פּירוש אויף תנ"ך), און אהרן פון ניקאָמעדיען, דער מחבר פון דעם רע-ליגיעז־פילאָזאָפישען ווערק „עץ חיים". אין 15טען און 16טען יאָהרהונ-דערט האָבען זיך די קאַראַאימעס אָנגעהויבען מתקרב זיין צו די געלעהרטע תלמודיסטען. דער געלעהרטער קאַראַאים אליהו בשיצי (בישיצי), דער מחבר פון ספר „אדרת אליהו" (פערפאַסט 1480—1490), איז געווען אַ גוטער פריינד פון דעם רב ר׳ מרדכי כומטינו (קאָמטינאָ), וועל-כער איז געווען אַ בעריהמטער אַסטראָנאָם און מאַטהעמאַטיקער, און וועלכער האָט געמאַכט פּירושים אויף׳ן אבן עזרא און רמב"ם. אייניגע קאַראַאימעס האָבען זיך זאָגאַר אָנגעהויבען דאַמאַלס בעשעפטיגען מיט תלמוד מיט דער הילף פון רבנים.

ווי מיר האָבען שוין דערצעהלט איז דער ערסטער אָפיציעלער פאָר-שטעהער פון דער אידישער אויטאָנאָמישער געמיינדע אין טערקיי געווען דער רב ר׳ משה קאַפּסאַלי. ער איז געבאָרען געוואָרען אין גריכענלאַנד

און איז שוין אין יאָהר 1450 געווען רב אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, און נאָך דעם, ווי מאַחמעד דער 2טער האָט איינגענומען קאָנסטאַנטינאָפּעל, האָט ער איהם בעשטימט אַלס הויפּט־ראַבינער פון אַלע טערקישע אידען. ער איז געווען דער ערסטער חכם־באַשי אין טערקיי, וועלכער האָט געהאַט די זעלבע בעדייטונג, וואָס דער ריש גלותא אין בבל. ער האָט פּראָטעסטירט געגען דעם, וואָס אייניגע רבנים לערנען מיט די קאַראַאימעס תלמוד, וועלכען זיי אָנערקענען ניט. אָבער די רבנים פון יענער צייט האָבען איהם ניט אָנערקענט אַלס גרויסע אויטאָריטעט און צו זיין פרומקייט האָבען זיי אויך ניט געהאַט קיין גרויסען צוטרויען. קאַפּסאַלי האָט אויפגערייצט געגען זיך די רבנים פון יענער צייט דערמיט, וואָס ער האָט ניט ערלויבט אָן ארץ ישראל משולח צו זאַמלען נדבות פיר די אידען אין ארץ ישראל, ווייל דאָס לאַנד איז דאַמאָלס געווען אונטער דער הערשאַפט פון עגיפּטען, מיט וועלכער דער סולטאַן האָט דאַמאָלס געפיהרט קריג. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אייניגע רבנים אין כעס געגען איהם. זאָגאַר אין איטאַליען האָט ער געהאַט געגנער. איינער פון די וויכטיגסטע רבנים אין איטאַליען, ר' יוסף קולון (קאָלאָן), האָט אויפגעוויזען, דאָס קאַפּסאַלי איז ניט קיין גרויסע אויטאָריטעט אין הלכות גטין און קדושין. אָבער פיעלע רבנים אין טערקיי זיינען געווען מיט איהם און האָבען געשעצט זיין גרויסקייט אין תלמוד און אויך זיין פרומקייט. אין דער צייט, ווען די פערטריבענע פון שפּאַניען זיינען אָנגעקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, האָט ער פיעל געטאָן פיר זיי צו פערבעסערן זייער לאַגע: ער האָט געזאַמעלט פיר זיי גרויסע סומעס געלט, ־רעזונדערס פיר פדיון שבויים, אויסצולעזען די אידען, וואָס די ים־רויבער האָבען געפאַנגען פון די פערטריבענע פון שפּאַניען, ווען זיי האָבען געוואַנדערט איבער די ימים.

דער נאָכפאָלגער פון ר' משה קאַפּסאַלי אַלס הויפּט־ראַבינער פון די טערקישע אידען איז געווען דער גאון ר' אליה מזרחי (1495—1525). ער איז געווען א גרויסער תלמודיסט, אַסטראָנאָם און מאַטהעמאַטיקער. זיין בילדונג האָט ער געגאָסען אין איטאַליען. זעהר פיעלע עמיגראַנטען זיינען אין זיין צייט אָנגעקומען אין טערקיי פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, און ער האָט געהאַט פיעל מיה צו בעזאָרגען זיי מיט מאַטעריעלער הילף. ער האָט אויך פיעל געזאָרגט וועגען זייער גייסטיגען צושטאַנד. ער האָט פיעל געטאָן צו פערברייטען צווישען די אידען אין טערקיי ביבלישע, תלמודישע און מאַטהעמאַטישע קענטניסען. ער האָט זעלבסט פאָרגעטראָגען לעקציעס אין קאָנסטאַנטינאָפּעלער ישיבה. פון זיינע ווערק איז

דאָס וויכטיגסטע זיין פּירוש אויף רש"י. ר' אליה מזרחי איז געווען צו די קאַראַאימעס זעהר טאָלעראַנט, און האָט זעהר געוואָלט זייער התקרבות צו די רבנים. ער האָט מבטל געווען דעם חרם, וואָס איינ׳גע רבנים האָבען אַרויפגעלעגט אויף איינעגע ספרדישע געלעהרטע דערפאַר, וואָס זיי האָבען געלערנט תלמוד מיט די קאַראַאימעס. ער האָט אָפען ערקלערט, דאָס ער וואָלט זעהר געוואָלט פעראייניגען זיך מיט די קאַראַאימעס.

דער גייסטיגער צענטער אין ארץ ישראל. פּיעלע עמיגראַנטען האָבען זיך דאַמאָלס בעזעצט אין ארץ ישראל, וועלכע איז דאַמאָלס געווען וויסט. אין דער צייט פון די קרייץ־צוגען האָט דאָס לאַנד זעהר שטאַרק געליטען פון די מלחמות צווישען די קריסטען און מאַחמעדאַנער, און נאָכ־דעם פון מלחמות צווישען די מאַחמעדאַנער זעלבסט. אין 14טען און 15טען יאָהרהונדערט איז ארץ ישראל געווען אונטער דער הערשאַפט פון עגיפּטישען סולטאַן, אָבער אין דער זעלבער צייט זיינען זעהר אָפט בעפאַלען דאָס לאַנד אַנדערע טערקישע און טאַטאַרישע שבטים און האָבען זי געמאַכט לעער און וויסט. די גירושים אין אייראָפּאַ האָבען געבראַכט אין לאַנד פּיעלע אידישע עמיגראַנטען. שוין דער רמב"ן האָט געאַרבייט אום איינצואָרדנען דעם ישוב אין ארץ ישראל, אָבער עס איז איהם ניט געלונ־גען, ווייל עס זיינען דאָרט צו זיין צייט געווען וועניג מענשען. אין 15טען יאָהרהונדערט איז אָנגעקומען אין ארץ ישראל אַ גרויסע מאַסע דייטשע אידען (אשכנזים). אין יאָהר 1434 האָט דער רב און דאָקטאָר ר' א ל י ה פון פ ע ר ר א ר א געגרינדעט אַ ישיבה. לויט ווי ער דערצעהלט האָ־בען זיך דאַמאָלס די אידען ערנעהרט פון זייער אַרבייט, איבערהויפּט פון שפּינען זיידענס, און האָבען געלעבט פרידליך מיט די מאַחמעדאַנער. אין יענער צייט האָבען די קריסטען אַרויסגעלאָזען אַ קול, דאָס די אידען האָ־בען אָפּגעקויפט דעם באַרג ציון און האָבען אויסגעבויט אַ סינאַגאָגע אויף דעם קבר פון יעזוס'ן. דאַן האָט דער פּאַפּסט אַרויסגעגעבען אַ בוללע, דאָס קיין שיף זאָל ניט פיהרען קיין אידען נאָך פּאַלעסטינא, און די אי־דישע עמיגראַנטען האָבען געמוזט מאַכען אַ גרויסען אומוועג אום צו קומען אין ארץ ישראל.

מיט 4 יאָהר פריהער פאַר דעם גירוש שפּאַניען איז אָנגעקומען פון איטאַליען ר' ע ו ב ד י ה מ ב ר ט נ ו ר ה (דא באַרטינאָרא), דער בע־וואוסטער מחבר פון דעם פּירוש אויף משנה מיט דיזען נאָמען. ער האָט געטראָפען אין ירושלים (1488) נאָר 70 אידישע פאַמיליעס. אָבער באַלד נאָך דעם גירוש שפּאַניען האָט זיך די צאָהל פון אידישע פאַמיליעס שטאַרק

פערגרעסערט, און ער האָט אָנגעהויבען מאַכען וויכטיגע תקנות פיר די ירושלים׳ער קהלה. ער איז געוועזען זעהר געאַכטעט פון אידען און פון מאַחמעדאַנער און ער איז דעריבער געוועזען אין שטאַנד זיינע תקנות דורכ־צופיהרען.

אין יאָהר 1517 האָט דער טערקישער סולטאַן סעלים דער 1טער בע־זיגט עגיפּטען און ארץ ישראל איז אונטערגעפאַלען אונטער זיין הערשאַפט. די אידען אין ארץ ישראל האָבען דערפון פיעל געוואונען. דער ישוב איז געוואָרען פיעל גרעסער. פיעלע אידען זיינען געקומען נאָך ארץ ישראל פון אַנדערע שטעדט פון טערקיי. פון יאָהר 1525 איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער גרויסער ירושלים׳ער געמיינדע דער גרויסער תלמודיסט ר׳ לוי בן חביב (רלב״ח), וועלכער איז געוועזען מיט גוואַלד געטויפט אין פּאָרטוגאַל און איז שפּעטער פון דאָרט אַנטלאָפען און האָט זיך בע־זעצט אין ירושלים.

אַן אַנדער גרויסע קהלה האָט זיך דאַמאָלס געגרינדעט אין צפת. אין יאָהר 1521 איז די קהלה בעשטאַנען פון 300 אידישע פאַמיליעס און האָט געהאַט 3 סינאַגאָגען. די שטאָדט איז דאַמאָלס געוועזען פול מיט כל טוב: ברויט, וויין און בוימעל עס האָבען זיך דאַמאָלס געפונען אין צפת פיעלע אידישע סוחרים, וועלכע האָבען געפיהרט געשעפטען מיט דמשק. די, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין קאַפּיטאַל צום האַנדלען, האָבען זיך בע־שעפטיגט מיט פערשיידענע מלאכות און האָבען אויך גענוג פערדינט צו זייער חיונה. אין יאָהר 1530 האָט די אידישע געמיינדע אין צפת גע־האַט אייניגע גרויסע תלמודיסטען און איז אין גייסטיגער קולטור געשטאַ־נען העכער פון דער אידישער געמיינדע אין ירושלים.

אָן דער שפּיץ פון די צפת׳ער אידען איז געשטאַנען דער רייכער גע־לעהרטער תלמודיסט ר׳ יעקב בירב (1474—1541), אַ מענש מיט גרויסער ענערגיע. ער איז געוועזען פון די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניען. באַלד נאָך דעם גירוש האָט ער זיך בעזעצט אין נאָרד־אַפריקאַ, און נאָכ־דעם איז ער אַריבער נאָך ארץ ישראל און האָט זיך בעזעצט אין צפת. ר׳ יעקב בירב האָט אויסגעטראַכט אַ גרויסאַרטיגען פּלאַן — צו גרינדען אין ארץ ישראל אַן אויבער־קאָללעגיום פון רבנים, אַ מין סנהדרין, וועלכע זאָ־לען זיין די פאָרשטעהער פון אידישען רעליגיעזען לעבען, און אָהן זייער הסכמה זאָל קיין קהלה ניט אויפנעהמען קיין רב, און דיזער זאָל זיין אין אַלע הינזיכטען אונטערוואָרפען דער דיסציפּלין פון דעם קאָללעגיום. זיין פּלאַן איז שטאַרק געפעלען געוואָרען די צפת׳ער רבנים, און ער איז באַלד

ערוועהלט געוואָרען אַלס נשיא. זיי האָבען באַלד געשריבען וועגען זייער בעשלום צו די רבנים פון ירושלים. אָבער דאָרט האָט זיך געפונען א געגנער צו דיזען פּלאַן, ר׳ לוי בן חביב (רלב״ח), א גרויסער תלמודיסט פון די אַרויסגעטריבענע פון פּאָרטוגאַל. צווישען זיי איז אַרויסגעקומען א שטאַרקע מחלוקה, און ר׳ יעקב בירב האָט איהם פאָרגעוואָרפען וואָס ער האָט א געוויסע צייט געטראָגען א קריסטליכען נאָמען (ווייל ער איז גע-ווען פון די אנוסים). צוליב דיזער מחלוקה איז פון דעם וויכטיגען פּלאַן גאָרניט געוואָרען. ר׳ יעקב בירב האָט בעוויזען צו מסמיך זיין נאָר איי-ניגע רבנים, צווישען וועלכע עס איז געווען ר׳ יוסף קארו (קאַראָ), דער בע-ריהמטער מחבר פון דעם „שולחן ערוך״, וועלכער איז געוואָרען אָנגענומען בכל תפוצות ישראל.

אָבער אין דעם דורכפאַל פון בירב׳ס פּלאַן איז אויסער דער מחלוקת געווען נאָך אַן אַנדער אורזאַך, דאָס איז געווען דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון ארץ ישראל צו יענער צייט. דאַמאָלס איז די אידישע בעפעלקערונג פון ארץ ישראל בעשטאַנען הויפּטזעכליך פון אַלטע, שוואַכע און קראַנקע אידען, וועלכע זיינען ניט געווען אין שטאַנד צו ערנעהרען זיך מיט זייער אייגענער אַרבייט, און זיי האָבען געמוזט אָנקומען צו דער הילף פון די אידען אין אַנדערע לענדער. דעריבער איז דאָס לאַנד ניט געווען מסוגל צו ענטוויקלען וועלכע עס איז קולטור און שפּילען א ראָלע פון א פיהרערין, פון א צענטער. אין דעם לאַנד, וואָס איז אַמאָל געווען אַן ארץ זבת חלב ודבש, האָבען די איינוואוינער ניט געקענט האָבען בר׳יט גענוג צו שטילען זייער הונגער אָהן דער הילף פון זייערע ברידער אין חוץ לארץ. אזא לאַנד קען ניט זיין קיין פיהרערין פון א פאָלק און קען ניט שטעהן אָן דער שפּיץ פון א פאָלק.

אויך אין עגיפּטען האָבען זיך דאַמאָלס געפונען וויכטיגע אידישע גע-מיינדעס, וועלכע זיינען געווען אונטער דער פיהרערשאַפט פון זייערע אוי-בער־ראַבינער, וואָס האָבען דאָרט געטראָגען דעם טיטעל „נגיד״ (דער רמב״ם, זיין זוהן און זיין עניקעל זיינען געווען די ערסטע, וואָס האָבען געטראָגען דיזען טיטעל אין 13טען יאָהרהונדערט). אָבער ווען דער טער-קישער סולטאַן האָט איינגענומען עגיפּטען (1517) האָט ער די שטעלע „נגיד״ מבטל געווען. דאָך זיינען די רבנים אין קאַירא פאַקטיש געבליבען די הויפּט־פיהרער פון די אידישע קהלות אין עגיפּטען. דער לעצטער נגיד איז געווען ר׳ יצחק שאלאל, וועלכער איז אַריבער אין

ירושלים און האָט פיעל געטאָן פיר דאָס קאָללעגיום פון רבנים און דער אידישער געמיינדע אין ירושלים. אין יאָהר 1520 האָט דיזע שטעלע אין קאירא פערנומען דער גרויסער תלמודיסט ר׳ דוד אבן זמרא (רדב״ז), וועלכער האָט געשריבען זעהר פיעלע וויכטיגע שאלות ותשובות און אויך ספרים איבער קבלה. אין זיין טיפען עלטער איז ער אָנגעקומען אין צפת, וואו ער האָט פיעל געטאָן פיר דאָס רבנים-קאָללעגיום, אָן דער שפּיץ פון וועלכען עס איז דאַמאָלס געשטאַנען ר׳ יוסף קארו, דער מחבר פון „שולחן ערוך״.

די אידען אין עגיפּטען זיינען אימער געווען טריי דעם סולטאַן, און דעריבער, ווען דער עגיפּטישער פּאַשאַ האָט געפּלאַנעוועט אָפּצורייסען זיך פון סולטאַן און אַליין ווערען הערשער אין עגיפּטען, און די אידען האָבען זיך דערוואוסט פון דיזער פערשווערונג, האָבען זיי דאָס מיטגעטיילט דעם סולטאַן. ווען דער פּאַשאַ אחמעט שייטאַן האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער די פאָרשטעהער פון דער אידישער געמיינדע אין קאירא געשמידט אין קייטען און האָט בעשלאָסען הינצוריכטען זיי. צום גליק האָט מען דעם פּאַשאַ געכאַפּט און הינגעריכטעט איידער ער האָט געקענט דורכפיהרען זיין טייפלישען פּלאַן. די אידען האָבען דאַמאָלס געמאַכט אַ פּורים (27טען אדר, 1524), וועלכען זיי האָבען געפייערט אַ סך יאָהרען אַלס אָנדענקען פון דיזען נס.

זעהר דריקענד איז געווען די לאַגע פון די אידען אין נאָרד-אַפריקאַ אָדער „בערבעריען״ איידער זי איז אַריינגעפאַלען אין די הענט פון טערקיי. בעזונדערס האָבען געליטען די אידען פון טונים און טריפּאָלי, ווען דיזע צוויי פּראָווינצען זיינען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די צוררי היהודים פערדינאַנד און איזאַבעללאַ. פיעל האָט געהאָלפען דיזע אונגליקליכע דער אויבער-ראַבינער פון די אידישע קהלות אין אַפריקאַ, דער אַלזשירער רב ר׳ שמעון דוראן, וועלכער האָט געשאַפען גרויסע סומעס געלט צו בעפרייען פיעלע אידען, וואָס זיינען אַריינגעפאַלען צו ים-רויבער, ווען זיי זיינען ענטלאָפען פון די פערפאָלגונגען פון דיזע צוויי רוצחים. אין יענער צייט האָט געלעבט אין טונים ר׳ אברהם זכות (זאַקוטאָ), דער בעוואוסטער אַסטראָנאָם ביים הויף פון פּאָרטוגעזישען קעניג; ער האָט דאָרט אָנגעשריבען זיין בעוואוסטעס היסטאָרישעס ווערק „ספר יוחסין״. די לאַגע פון די אידען אין בערבעריען איז געוואָרען פיעל בעסער זינט דיזעס לאַנד איז געקומען אונטער דער טערקישער הערשאַפט.

**ר׳ יוסף הנשיא און די אידישע דיפלאָמאַטען.** די לאַגע פון די אידען אין טערקיי איז געוואָרען פיעל בעסער אין דער צייט פון דער רע־גירונג פון סולטאַן סוליימאַן (1520—1566). די צאָהל פון אידען אין טערקיי און אויף די גריכישע אינזלען איז געווען זעהר גרויס. זיי האָבען געהאַט אין זייערע הענט דעם גאַנצען האַנדעל, די אינדוסטריע און די באַנק־געשעפטען. די גרויסע מאַגאַזינען אין דער הויפּטשטאָדט זיינען גע־ווען די אידישע. די בעסטע טעכניקער אין לאַנד זיינען געווען די אידען, וועלכע האָבען געלערנט די טערקען צו מאַכען פּולווער, ביקסען און אַנדערע קריגס־געוועהר. זיי האָבען געהאַט די בעסטע בוכדרוקערייען און זיינען געווען די בעסטע איבערזעצער פיר אויסלענדער, וואָס זיינען געקומען איז קאָנסטאַנטינאָפּעל.

איינינגע וויכטיגע אידען האָבען געהאַט גרויסע שטעלעס אין דער טער־קישער רעגירונג פון סולטאַן סולייאַמאַן און זיין זוהן סעלים דעם 2טען. דער לייב־מעדיק פון סולטאַן סולייאַמאַן, ר׳ משה המון, וועלכער האָט בע־גלייט דעם סולטאַן אויף זיינע רייזען און פעלדצוגען, האָט זיך בעקאַנט מיט די ליידען פון די אידען אין אַנדערע לענדער און אין טערקיי, און ער האָט פיעל געטאָן דורך דעם סולטאַן צו פערבעסערן זייער לאַגע. מיט זיין הילף איז אָנגעקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל אַ וויכטיגע מאַראַנאָ־פאַ־מיליע פון איטאַליען, און איינער פון דיזער פאַמיליע האָט בעקומען אַ זעהר הויכע שטעלע אין דער אָטאָמאַנישער (טערקישער) אימפּעריע.

אין פּאָרטוגאַל האָט געלעבט אַ הויכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע פון מאַראַנאָס מענדעס. דיזע פאַמיליע האָט געהאַט אַ גרויסעס באַנ־קיר־הויז אין ליסאַבאָן און אין אַנטווערפּען (בעלגיען). די גרעסטע הער־שער אין אייראָפּאַ: דער דייטשער קייזער און קעניג פון שפּאַניען קאַרל דער 5טער, דער פראַנצויזישער קעניג פראַנץ דער 1טער און פיעלע אַנדערע, זיינען געווען קליענטען פון דיזען באַנקיר־הויז. ווען עס איז איינגעפיהרט געוואָרען די אינקוויזיציאָן אין פּאָרטוגאַל איז דער הויפּט פון דיזער פאַמיליע און דיזער פירמע פראַנציסקאָ מענדעס געפאַלען אַלס אָפּפער פון דער אינקוויזיציאָן. דאָס האָט בעוואויגען זיין פרוי, די אלמנה גראַציאַ מענדעס, צו פערלאָזען ליסאַבאָן און זי האָט זיך בעזעצט אין אַנטווערפּען (1536). צוזאַמען מיט איהר זיינען אַוועקגעפאָהרען איהר יונגע טאָכטער רעאינאַ און איהר נעפע יאָאַן מיקעץ. דיזער יונגער מאַן איז געווען אונגעוועהנליך שען, העכסט געבילדעט און איז גיך בעקאַנט געוואָרען מיט די גרעסטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס; זאָגאַר

די הערשערין פון לאנד, מאַריאַ, די שוועסטער פון דייטשען קייזער קאַרל
דעם 5טען, איז געווען פון זיינע פערעהרער. דיזע פאַמיליע האָט אין גע-
היים אויפגעפיהרט זיך שטרענג אידיש. די בעקאַנטשאַפט מיט די אַריס-
טאָקראַטישע פאַמיליעס האָט פיר זיי געמאַכט זעהר שווער אָפּצוהיטען
אידישקייט. דאָננאַ גראַציאַ האָט געפיהלט, דאָס עס איז פיר איהר אַ
גרויסע געפאַהר צו פערבלייבען אין אַנטווערפען, וועלכע איז געווען אונ-
טער דער הערשאַפט פון שפּאַניען, ווייל אַ גאַנצע לעגיאָן פון שפּיאָנען
האָט אימער נאָכגעשפּירט יעדען מאַראַנאָ אויסצוגעפינען, אויב ער היט
ניט אָפּ אין געהיים די אידישע רעליגיאָן. זי האָט בעשלאָסען אַפּרייזען
נאָך ווענעציאַ, און פון דאָרט נאָך טערקיי, וואו זי וועט זיין פריי אויפצו-
פיהרען זיך לויט די פאָרשריפטען פון דער אידישער רעליגיאָן. מיט גרויס
מיה איז עס איהר געלונגען אַרויסצורייסען זיך פון אַנטווערפען מיט איהרע
קאַפּיטאַלען, ווייל די שפּיאָנען האָבען גע'מסר'ט, דאָס דיזע פאַמיליע היט
אָפּ אין געהיים די אידישע רעליגיאָן, און קאַרל דער 5טער האָט שוין גע-
האַט בדעה צו קאָנפיסקירען זייערע רייכטימער, לויט דעם רעכט, וואָס דאָס
געזעץ האָט איהם געגעבען. אין 1549 איז זי אָנגעקומען אין ווענעציאַ
מיט איהר טאָכטער און נעפע. אָבער אין ווענעציאַ האָבען אויף זיי געוואַרט
נייע ליידען. צוליב פאַמיליע־אינטריגעס איז איהר פּלאַן געוואָרען בע-
קאַנט דער וועגעציאַנישער רעגירונג, און דיזע האָט איהר געהינדערט דורכ-
פיהרען איהר פּלאַן צו פאָהרען ווייטער נאָך טערקיי. ווען דער פראַנצוי-
זישער קעניג היינריך דער 2טער האָט זיך דערפון דערוואוסט האָט ער זיך
אויך געוואָלט בענוצען מיט דיזען צופאַל און האָט ניט געוואָלט בעצאָהלען
אַ גרויסען חוב, וואָס ער איז געווען שולדיג דיזער פירמע, ווייל די איי-
גענטימער פון דיזער פירמע זיינען געווען פאַלשע קריסטען. דאַן האָט זיך
דער נעפע פון מענדעס, יאָאַן מיקעז, געווענדט צום טערקישען סולטאַן סו-
ליימאַן (דורך דעם לייב־אַרצט ר' משה המון) מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל
העלפען די פירמע מענדעס אַריבערצופיהרען איהרע קאַפּיטאַלען אין טער-
קיי און צווינגען די וועגעצגאַנישע רעגירונג, דאָס זי זאָל זיי דערין ניט
מאַכען קיין שטערונגען. דער לייב־מעדיק ר' משה המון האָט גע'פועל'ט
ביים סולטאַן, אַז ער זאָל שיקען אַ שליח מיוחד צו דער וועגעציאַנישער
רעגירונג מיט דער פאָדערונג, דאָס זי זאָל אַרויסלאָזען די פאַמיליע מענ-
דעס פון וועגעציאַ און ניט שטערען איהר צו בעזעצען זיך אין טערקיי. די
וועגעציאַנישע רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען דעם סולטאַן'ס פאָדערונג.
ווי נאָר דאָננאַ גראַציאַ איז אָנגעקומען פון וועגעציאַ אין פעררארא איז זי

אַפּען אַריבער צום יודענטום. פון דאָרט איז זי אַוועק מיט נאָך פיעלע מאַ־ראַנאָס נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל. דאָ איז אויך יאָאַן מיקעז אָפּען אַריבער צום אידישען גלויבען (1552). זיין נאָמען איז דאַמאָלס פערביטען גע־וואָרען אויף יוסף מיט'ן טיטעל נשיא (פירסט). דאָרט האָט ער געהייראַט זיין שוועסטער־קינד רעאינאַ, די טאָכטער פון גראַציאַ מענדעס. רעאינאַ איז געוואָרען בעקאַנט אין די העכסטע קרייזען צוליב איהר גרוי־סען פערשטאַנד און איהר שענהייט.

אין טערקיי האָט זיך גראַציאַ מענדעס איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע צו פילאַנטראָפּיע, איבערהויפּט האָט זי פיעל געטאָאַן פיר די אונ־גליקליכע מאַראַנאָס אין איירָאָפּאַ. זעהר גלענצענד איז געווען די קאַריערע פון איהר איידים יוסף נשיא. ער איז געווען בעקאַנט מיט פיעלע גרויסע רעגירונגס־בעאַמטע אין איירָאָפּאַ, און דערצו איז ער געווען אַ זעהר טיכ־טיגער דיפּלאָמאַט. דער סולטאַן האָט באַלד אָנערקענט זיינע גרויסע פעהיגקייטען און ער איז געוואָרען זיינער אַ ראַטגעבער צוגלייך מיט'ן גרויס־וויזיער, און זיי ביידע האָבען געפיהרט די אויסלענדישע פּאָליטיק פון טער־קיי מיט איירָאָפּאַ. דער געוועזענער מאַראַנאָ איז יעצט אַרויס אין דער וועלט־פּאָליטיק ניט נאָר אַלס גרויסער טערקישער בעאַמטער, נאָר אויך אַלס אַן אָפּענער איד, וואָס שטאָלצירט מיט זיין אידישער אָפּשטאַמונג. ווען די ניעדערלאַנדען (האָללאַנד) האָבען אָנגעפאַנגען אַ רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג געגען שפּאַניען און האָבען בעשלאָסען צו בעפרייען זיך פון איהר יאָך אונטער דעם קעניג פיליפּ דעם 2טען, האָט יוסף נשיא זיי פערשפּראָכען די הילף פון טערקיי. ער האָט פערפאַסט אַ פּראָטעסט פון סולטאַן צום פּאַפּסט פּאַול דעם 4טען געגען זיינע פערפאָלגונגען פון די מאַראַנאָס אין איטאַליען, וועלכע זיינען געוואָרען טערקישע אונטערטאַנען, און דער פּאַפּסט פּאַול האָט געמוזט נאָכגעבען דעם סולטאַן'ס פאָדערונג און אויפהערען צו פערפאָלגען זיי מיט דער אינקוויזיציאָן. דער פראַנצויזישער און ווענע־ציאַנישער קאָנסול האָבען פיעל אינטריגירט געגען איהם אין קאָנסטאַנטי־נאָפּעל, אָבער דאָס האָט זיי ניט געהאָלפען, ער איז געבליבען דער ליבלינג פון סולטאַן. ווען די אינטריגאַנטען האָבען זיך איבערצייגט אין זיין מאַכט אין הויף האָבען זיי אָנגעהויבען צו ווערען מיט איהם גוטע פריינד. דער דייטשער קייזער מאַקסימיליאַן דער 2טער האָט געשריבען צו איהם אַן איי־גענהענטיגען בריף און האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל אויסגלייכען די סכסוכים צווישען דייטשלאַנד און טערקיי נאָך דעם, ווי דער סולטאַן האָט בעזיגט אונגאַרן. דער פּוילישער קעניג סיגיזמונד אויגוסט האָט געבע־

טען דעם אידישען „דורכלויכטיגסטען פירסט", אז ער זאָל איהם טאָן אַ טובה אין דער דיפּלאָמאַטיע מיט'ן סולטאַן, און דערפאַר האָט ער איהם צוגעזאָגט געבען די אידען פון פוילען פערשיידענע פּריווילעגיעס. אָבער אַזעלכע פערשפּרעכונגען, הגם זיי זיינען געווען זעהר וויכטיג פיר איהם פּערזענליך, אַלס עכטער איד, האָבען איהם ניט געקענט אונטערקויפען ער זאָל טאָן עטוואָס, וואָס איז געגען די אינטערעסען פון טערקיי.

דער סולטאַן האָט געוואוסט צו שעצען די טרייהייט פון זיין געליבטען דיפּלאָמאַט יוסף נשיא און האָט איהם געשענקט אַ גרויסעס גוט אין ארץ ישראל: די שטאָדט טבריה און אַלע דערפער אַרום איהר. ער האָט איהם ערלויבט צו בעזעצען דיזע גאַנצע געגענד אויסשליסליך מיט אידען. יוסף נשיא איז אומגעגאַנגען מיט די געדאַנקען צו גרינדען דאָרט אַ אידישע הערשאַפט מיט אַ פולער אויטאָנאָמיע. ער האָט מיט דער הילף פון זיין שוויגער גראַציאַ פערברויכט גרויסע סומעס געלט אום אויפצובויען די האַלב־צושטערטע שטאָדט טבריה. אַלס אויפזעהער איבער דיזע אַרבייט האָט ער געשיקט אַהין זיין אַגענט יוסף אדרת (אַדרעט). עס האָט ניט לאַנג גענומען און די שטאָדט איז צוריק אויפגעבויט געוואָרען און איז אַרומגערינגעלט געוואָרען מיט אַ שטאַרקער מויער די דערפער אַרום האָט ער בעזאָרגט מיט מוילבערען־בוימער צו ענטוויקלען זיידען־שפּינעריי (1564). ער האָט צושיקט בריף אין אייראָפּאַ צו די אידען, וועלכע האָבען געליטען פערפאָלגונגען, אַז זיי זאָלען קומען אין טבריה און בעזעצען זיך דאָרט און בעשעפטיגען זיך מיט האַנטווערק. אין אַ קורצער צייט איז אָנ־געקומען פון איטאַליען אַ גרופּע אידישע אימיגראַנטען. אָבער די נייע קאָלאָניסטען האָבען דאָרט שטאַרק געליטען פון די אַראַבער, וועלכע זיינען געווען שטאַרק געגען דעם, אַז עס זאָל זיך בילדען אַ אידישער צענטער אין ארץ ישראל. צווישען זיי איז געווען אַ טראַדיציאָן, דאָס דער מאַחמעדאַ־נישער גלויבען וועט אונטערגעהן, ווען טבריה וועט צוריק אויפגעבויט ווע־רען. יוסף נשיא איז געווען צו פיעל בעשעפטיגט מיט דיפּלאָמאַטיע אין קאָנסטאַנטינאָפּעל און האָט ניט געהאַט קיין צייט אָפּצוגעבען זיך מיט דער פערווירקליכונג פון זיין אידעע, און דער וואונש צו גרינדען אַ אידי־שען אויטאָנאָמישען צענטער אין ארץ ישראל איז ניט פערווירקליכט געוואָרען.

די דיפּלאָמאַטישע טעטיגקייט פון יוסף נשיא איז פאָרטגעזעצט גע־וואָרען אויך אין דער צייט פון דער רעגירונג פון סעלים דעם 2טען (1566—1574), דעם זוהן פון סולטאַן סוליימאַן. די אויסווערטיגע פּאָליטיק האָבען

דאמאלס געפיהרט צוויי פערזאָנען: דער גרוים־וויזיער מאחמעד סאָקאָללי, א געוועזענער קריסט, וואָס האט אָנגענומען דעם איסלאם, און יוסף נשיא, א געוועזענער מאראנא, וואָס האט זיך צוריקגעקעהרט צום יודענטום. צווי־שען דיזע צוויי בעאַמטע זיינען אָפט פאָרגעקומען שטרייטיגקייטען וועגען פאָליטישע פראגען. אזוי צ. ב. די מלחמה מיט ווענעציא, וועלכע האט זיך געענדיגט זעהר גלענצענד פיר טערקיי, איז געווען פאָרבערייט פון יוסף נשיא געגען דעם וואונש פון סאָקאָללי. אן אנדער מאל האט סאָקאָללי גע־שטערט יוסף נשיא דורכצופיהרען, דאָס דער סולטאן זאל ערקלערען קריג דעם אינקוויזיטאָר אויף'ן שפאנישען טראָן, פיליפ דעם 2טען. דער סול־טאן סעלים דער 2טער האט געגעבען יוסף נשיא דעם טיטעל הערצאָג פון נאקסאָס און אנדערע ציקלאדען־אינזלען פיר זיינע גרויסע פערדינסטען אין דיפלאָמאטיע. נאָך דעם טויט פון סעלים דעם 2טען האט זיך יוסף נשיא דערווייטערט פון פאָליטיק און איז געווען מיט לייב און זעעלע איבערגע־געבען צו פילאנטראָפיע, ווי זיין שוויגער גראציא מענדעס, וועלכע איז גע־שטאָרבען אין יאָהר 1569. ער האט געגעבען גרויסע שטיצע צו די ישיבות אין קאָנסטאנטינאָפעל און אין אנדערע שטעדט, ער האט געשטיצט תלמידי חכמים און אנדערע געלעהרטע, פיר וועלכע ער האט געעפענט זיין רייכע ביבליאָטהעק. מען רעכענט, דאָס ער איז דער מחבר פון דעם ספר „בן פורת יוסף", וואָס איז גערדרוקט אין קאָנסטאנטינאָפעל אין יאָהר 1577. דאָס איז א ויכוח צווישען א אידישען בעאמטען און א קריסטליכען פילאָ־זאָף. דיזער פערטיידיגט די פילאָזאָפיע און יענער דעם גלויבען. יוסף נשיא איז געשטאָרבען אין יאָהר 1579. זיין אלמנה רעאינא האט גע־עפענט אין קאָנסטאנטינאָפעל א בוכדרוקעריי פון אידישע ביכער. דער געלט־גייציגער סולטאן מוראד דער 3טער האט אָפּגענומען פון איהר א גרויסען טייל פון איהר פערמעגען, און האט איהר איבערגעלאָזען נאָר 90,000 דוקאטען און דעם פאלאץ בעלוועדער אין קאָנסטאנטינאָפעל.

אין יענער צייט האט זיך אויסגעצייכענט אויף'ן געביט פון דיפלאָ־מאטיע אן אנדער אידישער געלעהרטער, שלמה אשכנזי, א גרוי־סער תלמודיסט און א דאָקטאָר. ער האט בערייזט פיעלע לענדער און איז א היבשע צייט געווען לייב־מעדיק ביים פוילישען קעניג סיגיזמונד אוגוסט. אין קאָנסטאנטינאָפעל האט ער זיך בעקענט מיט'ן גרוים־וויזיער סאָקאָללי און דיזער האט זיך באלד איבערצייגט אין זיינע גרויסע דיפלאָמאטישע פעהיגקייטען. אין יאָהר 1574 האט ער דורכגעפיהרט זעהר גלענצענד א פרידען־טראקטאט מיט דער ווענעציאנישער רעפובליק. ווען ער איז גע־

קומען אין ווענעציא צו פערהאנדלען וועגען דעם טראקטאט איז ער גע־וואָרען גרויסאַרטיג אויפגענומען פון דעם ווענעציאנישען דאָדזשע און אַלע גרויסע בעאַמטע. אויך אשכנזי איז געווען אַ שטאַרקע שטיצע פיר אידען איבעראַל, וואו ער האָט געקענט. דער סענאַט אין ווענעציא האָט אַרויס־געגעבען אַ דעקרעט אַרויסצוטרייבען די אידען פון ווענעציא, האָט אשכנזי מיט זיין איינפלוס די גזרה אָפּגעשאַפט. אשכנזי און זיין זוהן נתן האָבען אויך געהאַט דעם צוטרויען פון סולטאַן מאַחמעד דעם 4טען (1595—1603).

אַ גרויסען איינפלוס אין הויף פון דיזען סולטאַן האָט געהאַט אַ בע־ריהמטע אידישע פרוי אסתר קיערא, וועלכע איז געווען אַן אינ־טימע פריינדין פון דעם סולטאַן מוראַד דעם 3טען'ס געליבטע פרוי. זאָ־גאַר גרויסע אַריסטאָקראַטען פון די טערקען האָבען געזוכט אַ טובה אין הויף דורך דיזע פרוי, אָבער ענדליך איז זי געפאַלען אַלס אָפּפער פון די הויף־אינטריגעס. איין מאָל, ווען זי איז אַראָפּ פון די טרעפּ פון גרויס־וויזיער, האָבען זי סאָלדאַטען ערמאָרדעט, און צוזאַמען מיט איהר האָבען זיי אויך ערמאָרדעט איהרע דריי זיהן. אסתר איז געווען זעהר רייך, און האָט געטאָן פיעל גוטעס מיט איהר רייכטום. זי האָט אויך פיעל גע־שטיצט אָרימע שרייבער; זי האָט אויף איהר רעכנונג אַרויסגעגעבען דעם „ספר היוחסין" פון ר' אברהם זכות (זאַקוטאָ).

אין 17טען יאָהרהונדערט איז די לאַגע פון די אידען אין טערקיי גע־וואָרען פיעל ערגער. די סולטאַנען זיינען געווען מענשען זעהר בעשרענקטע און זעהר שטאַרק איבערגעבען צו לוקסוס. די רעגירונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון פרויען. דאָס האָט געפיהרט דאָס לאַנד צום אונטערגאַנג. די אידען האָבען דאַמאָלס געליטען פון די בעאַמטע, וועלכע זיינען געוואָרען גרויסע כאַבאַרניקעס. אמת, עס זיינען אין טערקיי ניט געווען קיין פּאָג־ראָמען אָרגאַניזירט פון דער רעגירונג, אָבער די מאַסע אַליין האָט גענוג גע־טאָן צו דריקען און ערנידריגען די אידען.

די רבנות אין ארץ ישראל: דער שלחן ערוך. די אידען אין טער־קיי אין 16טען און 17טען יאָהרהונדערט זיינען געווען זעהר שטרענג אָר־טהאָדאָקסיש. די ספרדים, וועלכע האָבען זיך אין שפּאַניען שרעקליך אָנ־געליטען, האָבען יעצט אין זייער נייעם פּאָטערלאַנד, טערקיי, אין גאַנצען זיך ענטזאַגט פון זייערע פרייע געדאַנקען, וועלכע האָבען פריהער אין שפּאַ־ניען געהאַט פיר זיי אַזאַ שטאַרקען רייץ. זיי האָבען בעטראַכט די פריהער־דיגע געדאַנקען־פרייהייט אַלס די הויפּט־אורזאַך פון זייער גירוש פון שפּאַניען אין יאָהר 1492. די שפּאַנישע עמיגראַנטען אין טערקיי האָבען

געלעגט דעם גרונדשטיין פון קבלה, וועלכע איז געווען א רעאקציאן געגען דער פילאזאפיע, מיט וועלכער זיי האבען זיך בעשעפטיגט אין זייער פרי־הערדיגען פאטערלאנד, אין שפאניען. די אשכנזים, וועלכע האבען קיינמאל ניט געוואוסט פון פרייע גדאנקען, פון פילאזאפיע, האבען זיי געהאלפען צו פערשטארקען דיזע רעאקציאן.

די וויכטיגסטע אויטאריטעט אין רבנישען יודענטום אין 16טען יאהר־הונדערט איז געווען ר' יוסף קארו (1488—1575). ער איז גע־בארען געווארען אין שפאניען 4 יאהר פאר דעם גירוש. שוין אין זיינע יונגע יאהרען איז ער געווען נע ונד אין פערשיידענע לענדער. נאך לאנגען וואנדערן האט ער זיך בעזעצט אין אדריאנאפעל און האט אנגעהויבען ערנסט בעשעפטיגען זיך מיט דער תלמודישער און רבנישער ליטעראטור, און איז געווארען א גרויסע אויטאריטעט. אין יאהר 1522 האט ער אונטערגענומען א קאלאסאלע ארבייט — אונטערזוכען און סיסטעמאטיזירען דעם גאנצען מאטעריאל אויף'ן געביט פון דער אידישער רעליגיעזער געזעצגעבונג. צו דיזען צוועק האט ער אנגענומען אלס באזיס די „ארבעה טורים" פון ר' יעקב בן הרא"ש, וויל דיזעס ווערק איז געווען דאס פאלשטענדיגסטע און דאס לעצטע פון דעם סארט. מען האט בעדארפט זיין גוט בעקאנט מיט דער גאנצער תלמודישער און רבנישער ליטעראטור אום מען זאל זיין אין שטאנד צו געפינען דעם מקור פון יעדען דין פון די טורים אין יענער אונ־געהייער ברייטער ליטעראטור. אין די פעלען, וואו די מיינונגען פון פער־שיידענע אויטאריטעטען האבען ניט געשטימט, האט ער אנגענומען די מיי־נונגען פון די גרעסטע אידישע אויטאריטעטען אויף דיזען געביט: דעם אלפס, רמב"ם און רא"ש. פון דיזע דריי האט ער אנגענומען די מיינונג פון דער מעהרהייט, ווען זיי זיינען אויך געווען פערשיידען. צוואנציג יאהר האט ר' יוסף קארו פערבראכט אויף דיזע ארבייט, און האט זי גע־ענדיגט אין יאהר 1535, ווען ער איז אנגעקומען אין צפת. ער איז דארט באלד אנערקענט געווארען פיר א שטערן פון ערסטען גראד אין דער רבנישער ליטעראטור. דער גרינדער פון דעם אידישען נייעם רבנים־קאללעגיום, ר' יעקב בירב, האט איהם באלד מסמיך געווען אלס איינעם פון דיזען קאל־לעגיום. א ביסעל שפעטער האט ער ארויסגעגעבען דיזעס קאלאסאלע ווערק אונטער'ן נאמען „בית יוסף", אלס א קאמענטאר אויף די „טורים". דיזעס ווערק איז געווען געדרוקט אין ווענעציא (1551—1559).

אבער דיזעס קאלאסאלע ווערק איז נאר געווען גוט פיר גרויסע לומדים. דאס פאלק האט עס ניט געקענט בענוצען אין דער פראקטיק, און דעריבער

האָט ער אונטערגענומען אַ צווייטען סאָרט ריזען־אַרבייט אויף דיזען גע-
ביט — צוזאַמענשטעלען פון דיזען אונגעהייערן מאַטעריאַל אַ קאָדעקס, אין
וועלכען עס זאָל זיין קורץ געפאַסט דער תמצית פון די אַלע ערקלערונגען,
וואָס ער האָט געברויכט אין זיין ריזיגען ווערק „בית יוסף", און ער האָט פער-
פאַסט דעם „שלחן ערוך", אין וועלכען ער האָט צוזאַמענגעשטעלט בקיצור
אַלע הלכות און דינים, וואָס אַ מענש און איבערהויפּט אַ רב פון יענער צייט
האָט געמוזט וויסען אין דער פּראַקטיק. דיזעס ווערק איז געדרוקט גע-
וואָרען אין וועגעציאַ אין יאָהר 1564. דער „שלחן ערוך" בעשטעהט פון
4 טיילען, מיט דער זעלבער אָרדנונג ווי די „טורים". דער 1טער טייל איז
בעטיטעלט „אורח חיים", אין איהם זיינען צוזאַמענגעשטעלט אַלע דינים
פון עבודה און אידישע ימים טובים; דער 2טער טייל איז „יורה דעה",
דינים פון שחיטה, טריפות און מאכלות אסורות; דער 3טער טייל איז
„חשן משפט", דיני ממונות און דיני נפשות; דער 4טער טייל „אבן העזר",
דיני גיטין, כתובות און קדושין. אין „שלחן ערוך" פון ר' יוסף קאַרו גע-
פינען זיך זעהר פיעלע דינים, וואָס דער בעל הטורים האָט דורכגעלאָזען,
אָדער וואָס זיינען נתחדש געוואָרען נאָך דעם מחבר פון די טורים, וועל-
כער האָט געלעבט מיט 200 יאָהר פריהער פון קאַרו'ן.

דער „שלחן ערוך" איז געוואָרען די נאָרמע פון אַן עכט אידישען לעבען.
לעבען לויט דעם „שלחן ערוך" איז געווען דער העכסטער פערדינסט פון
אַן אמת'ען אָרטהאָדאָקסישען אידען. דער „שלחן ערוך" איז אָנגענומען
געוואָרען בכל תפוצות ישראל. דער ערפאָלג פון דעם „שלחן ערוך" איז
געווען אונגעהייער גרויס: פון 1564 ביז 1600 איז ער איבערגעדרוקט גע-
וואָרען אין פערשיידענע דרוקערייען אַכט מאָל אין פאָלקאָמענע אויסגאַבען,
אַחוץ אין בעזונדערע איינצעלנע טיילען. 2 אָדער 3 יאָהר נאָך דעם, ווי
ד יערסטע אויסגאַבע פון דיזען ווערק איז ערשינען, האָט ר' משה איסרלים
(רמ"א) צוגעגעבען צו איהם הוספות פון פיעלע דינים און מנהגים, וועלכע
זיינען געווען אין געברויך אין דייטשלאַנד און פוילען. דיזע צוגאַבען זיי-
נען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „הגהות הרמ"א".

די גרעסטע אידישע געלעהרטע פון דער צייט פון ר' יוסף קאַרו האָ-
בען מיט פערוואונדערונג בעטראַכט דעם „שלחן ערוך". מען האָט גע-
גלויבט, דאָס נאָר דורך אַ סייעתא דשמיא, מיט אַ הילף פון הימעל, האָט
ער דורכגעפיהרט דיזעס ריזען־ווערק; דאָס אין שווערע שטעלען האָט איהם
אַ געהיימער „מגיד", אַ שליח פון הימעל, געהאָלפען צו געפינען דעם אמת.
ער איז געוואָרען אָנערקענט אַלס די הויפּט־פערזאָן פון אַלע גלות־אידען,

„רבן של כל בני הגולה". אין די לעצטע יאָהרען זיינע האָט ער זיך געפו־נען אונטער דעם איינפלוס פון א געוויסען קרייז מקובלים אין צפת, פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז געווען דער אר"י.

די פּראַקטישע קבלה; דער אר"י. די שרעקליכע ליידען, וואָס די אידען האָבען געליטען אין מערב־איירָאפּאַ צו ענדע פון מיטעלאַלטער, האָבען געשאַפען א זעהר טרויעריגען זעעלען־צושטאַנד. עס האָט זיך אין זיי ענטוויקעלט א נייער סאָרט בענקעניש צו בעניי'ען די נאַציאָן, צו בע־לעבען זי איבער־א־נייס, אָבער מיט א נייעם וועג, מיט א וועג פון א גע־היימער לעהרע (חכמה נסתרה, ח"ן), וועלכע איז בעוואוסט אונטער'ן נאָ־מען „קבלה". אָבער אום צו ברייגגען די גאולה דעם אידישען פאָלק מיט דעם כח פון קבלה מוז מען זיין א הייליגער מענש, פיהרען א הייליגעם לעבען, און דאַמאָלס קען מען געפינען אין דער תורה אזעלכע סודות, וועלכע וועלען ענטדעקען די מיטלען ווי אראָפּצוברייגגען משיח'ן. די קוועלע פון אלע אזעלכע סודות איז געווען דער „זוהר", וועלכען מען האָט צוגעשריבען צום תנא ר' שמעון בן יוחאי, וועלכער זאָל איהם האָבען פערפאַסט אין די 13 יאָהר, וואָס ער איז געווען בעהאַלטען אין א העהל פון די פערפאָלגונגען פון די רוימער. דער „זוהר" איז דאַמאָלס געוואָרען צווישען די מקובלים זעהר פּאָפּולער, און ער האָט זיך ביי זיי גערעכענט אלס די תורה פון קבלה. ער איז דאַמאָלס געוואָרען שטאַרק פערשפּרייט צווישען די אידען, אזוי דאָס מען האָט איהם אין איין צייט איבערגעדרוקט אין צוויי פערשיידענע ערטער, אין מאַנטוא און אין קרעמאָנא (1558—1559). לויט דער מיי־נונג פון „זוהר" זיינען די פערפאָלגונגען, וואָס די אידען האָבען געליטען איבעראל אין יענע צייטען, געווען די חבלי משיח, וועלכע זיינען געווען א סימפּטאָם (סימן), דאָס די גאולה איז נאָהענט, און עס פעהלט נאָר א ביסעל תשובה, וואָס דאָס פאָלק מוז טאָן, און דאַמאָלס וועלען די צדיקי הדור זיין אין שטאַנד דורך דיזע חכמה נסתרה (ח"ן) אראָפּברייגגען משיח'ן, ווייל אזעלכע מענשען האָבען א גרויסען איינפלוס אויף די מלאכי מעלה און זאָגאַר אויך אויף'ן בורא יתברך.

דיזע לעהרע איז שטאַרק פערברייטעט געוואָרען אין צפת, א שטאָדט אין גליל, וואו שוין אין די אַלטע צייטען, אין די צייטען פון בית שני, איז געווען די כת האסיים (עסעער), וועלכע האָבען פערברייטעט די לעהרע פון תשובה, דורך וועלכע עס מוז קומען די מלכות שדי אויף דער וועלט. דאָרט איז אין דער צייט פון ר' יוסף קארו געווען א צענטער פון די מקובלים, צווישען וועלכע עס זיינען געווען די גרעסטע אויטאָריטעטען אין דיזער

חכמה, ווי: ר׳ שלמה אלקבץ, ר׳ משה קורדובירו, ר׳ אליהו דע ווידאס און נאָך אייניגע מפורסמים. דיזע גרויסע מקובלים האָבען געגרינדעט אַן אגודה אונטער׳ן נאָמען „סוכת שלום״. דיזע אגודה פלעגט זיך פערזאַמלען אַלע פרייטאָג, זיך מתוודה זיין איינער פאַר דעם אַנדערען אין די עברות, וואָס זיי האָבען געטאָן אין פערלויף פון דער וואָך. פון דיזער אגודה איז אין יאָהר 1570 אַרויס דער בעריהמטער מקובל ר׳ יצחק לוריא, וועלכער איז בעוואוסט אַלס דער אר״י הקדוש (אר״י — ראשי תבות פון אלהי רבי יצחק — דער געטליכער ר׳ יצחק), און וועלכער איז דער שעפער פון דער נייער קבלה.

ר׳ יצחק לוריא איז געבאָרען געוואָרען אין ירושלים אין יאָהר 1534 פון אַ פאַמיליע אשכנזים. אין זיין יוגענד איז איהם דער פאָטער אָפּגע-שטאָרבען און ער איז אַוועק אין עגיפּטען און האָט זיך דאָרט ערצויגען אונטער דער אויפזיכט פון דעם געוויסען גאון פון יענער צייט ר׳ דוד אבו זמרא (רדב״ז), וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער רב אין קאַירא. אָנפאַנגס האָט ער געשטודירט פלייסיג דעם תלמוד, אָבער דיזע לעהרע האָט איהם ניט צופרידען געשטעלט, זי האָט איהם ניט געענטפערט אויף די פראַגען, וועלכע האָבען בעשעפטיגט זיינע געדאַנקען, און ער האָט זיך גענומען צו שטודירען דעם „זוהר״. אין דיזען בעריהמטען ספר האָט ער געזוכט תשובות אויף די וויכטיגע פראַגען, וועלכע האָבען איהם געאַרט. צו 15 יאָהר האָט ער חתונה געהאַט מיט זיינער אַ קוזינע. אָבער אויך נאָך זיין חתונה האָט ער זיך איבערגעגעבען צו זיין שטודיום פון קבלה, ווייל זיין רייכער אָנקעל, וועלכער איז געווען אַ פאַכטער פון די שטייערן פון דער רעגירונג אין קאַירא, האָט אילם פערשאַפט אַלעס נעטיגעס צום לעבען, אום ער זאָל קענען זיין אין גאַנצען איבערגעגעבען צו זיין שטודיום. מען דערצעהלט, דאָס 7 יאָהר האָט דער אר״י געלעבט איינזאַם אין אַ הייזעל, וואָס איז געשטאַנען אויף׳ן ברעג פון דער טייך נילוס, נאָר אויף שבת פלעגט ער קומען אהיים צו זיין פאַמיליע. דאָס איינזאַמע לעבען, די תעניתים און די שלאָפלאָזע נעכט האָבען שטאַרק געווירקט אויף זיין פאַנ-טאַזיע און ער האָט אָנגעהויבען צו זעהן הימלישע גייסטער און הערען פון זיי גרויסע וויכטיגע סודות. אין יאָהר 1569 האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אין ארץ ישראל; ער האָט אַ קורצע צייט פערבראַכט אין ירושלים און איז נאָכדעם אַוועק אין צפת און איז באַלד געוואָרען אַ מיטגליד פון דער אגודה „סוכת שלום״. אייניגע מיטגלידער פון דיזער אגודה האָבען איהם באַלד אָנערקענט אַלס זייער רבי׳ן. מיט דיזע תלמידים זיינע פלעגט ער אָפט

אַרוים אונטער׳ן שטאָדט, אין וויסטע פעלדער, און איבערהויפּט אויף בתי קברות, און דאָרט פלעגט ער זיי ערקלערען די גרויסע און טיפע סודות פון גלויבען. אין געוויסע טעג, בעזונדערס פרייטאָג, פלעגט ער געהן מיט זיי אין דעם דאָרף אַרון, וואו מען האָט גערעכענט עס געפינט זיך דער קבר פון ר׳ שמעון בן יוחאי, ועמען מען האָט געהאַלטען אַלס פערפאַסער פון „זוהר". דאָרט האָט מען געפּראַוועט פערשיידענע צערעמאָניעס, מען האָט געזונגען מזמורים, מען האָט געהאַלטען רעדעס וועגען דער נאָהענטער צייט פון גרויסע וואונדער, און ווי מען זאָל זיך צוגרייטען מקבל פּנים זיין דעם גרויסען משיח, וועלכען מען האָט ערוואַרטעט. מען דערצעהלט, דאָס איין מאָל אַ פרייטאָג זיינען דער אר"י און זיינע תלמידים אַרויס אונטער׳ן שטאָדט צו מקבל פּנים זיין די קעניגין שבת (שבת מלכתא). זיי זיינען אַלע געווען געקליידט אין ווייסען. אין מיטען די תפלות האָט דער אר"י געפרעגט זיינע תלמידים, אויב זיי ווילען גלייך געהן אין ירושלים אום צו האַלטען דאָרט שבת. די תלמידים האָבען געענטפערט, דאָס דער וועג נאָך ירושלים איז אַ צו לאַנגער, און זיי מוזען פריהער געבען צו וויסען זייערע ווייבער, וואוהין זיי געהען. דער אר"י האָט מיט פערצווייפלונג אויסגע-שריען: „וועה איז אונז! מיר זיינען ניט ווערט צו זעהן די גאולה! איך האָב יעצט געזעהען, דאָס ווען מיר וואָלטען געקומען יעצט אין ירושלים, וואָלטען מיר דאָרט געטראָפען משיח׳ן, וועלכער איז יעצט געווען בערייט צו קומען אין ירושלים און מאַכען אַן ענדע צום גלות".

פלוצלינג איז דער אר"י געשטאָרבען אין דער מגפה פון יאָהר 1572 אין דעם 38טען יאָהר פון זיין לעבען. זיינע אָנהענגער זיינען געווען אוי-סער זיך פון טרויער. מען האָט געגלויבט, דאָס ער איז געווען משיח בן יוסף, וועלכער לויט דער טראַדיציאָן מוז קומען פריהער פון משיח בן דוד, דעם ריכטיגען גואל, און מוז שטאַרבען פאַר דער צייט. זיין תלמיד מובהק, ר׳ חיים וויטאַל (1543—1620), האָט זיך גענומען אויפצושרייבען די לעהרע פון אר"י, וועלכע ער האָט איבערגעגעבען בעל פּה. ר׳ חיים, פערשטעהט זיך, האָט ערטערווייז צוגעגעבען צו דיזער לעהרע פיעלעס, וואָס ער האָט ניט געהערט פון זיין גרויסען לעהרער. ר׳ חיים איז געווען דער זוהן פון אַ סופר סת"ם (ספרי תורה, תפלין, מזוזות), וועלכער איז געקומען אין ארץ ישראל פון איטאַליען.

די קאַבאַליסטישע לעהרע פון אר"י און וויטאַל איז געווען די זעלבע ווי די לעהרע פון די מקובלים פון 13טען יאָהרהונדערט. אויך זי איז געווען געגרינדעט אויף די פּרינציפּען פון „אין סוף" און „ספירות".

דער אונטערשייד צווישען דיזע צוויי סיסטעמען בעשטעהט דערין, דאס די פריהערדיגע קבלה איז נאר געוועזן א טעאריע, א סארט פילאזאפיע פון גלויבען, און די צווייטע האט געשפילט די הויפט-ראלע אין פראקטישען לעבען. די מקובלים פון אר״י׳ס תלמידים האבען געגלויבט, דאס דער מענש מיט דער ארט און ווייזע ווי ער טוט זיינע רעליגיעזע מצוות קריגט א פערבינדונג מיט דער גייסטער-וועלט און קען האבען א גרויסע ווירקונג אויף די הימעל-וועלטען. מיט זיינע שלעכטע מעשים קריגט ער א התחברות מיט די פינסטערע קרעפטען פון דער אונטער-וועלט, מיט די קליפות, און קען צושטערען גאנצע וועלטען פון הייליגען סארט. די מקובלים האבען אויך געגלויבט אין גלגול, ד. ה. דאס א זינדיגע נשמה מוז נאך דעם טויט צוריקקומען (מגולגל ווערען) אין אן אנדערען גוף אום צו מתקן זיין, וואס זי האט מקלקל געווען אין איהר פריהערדיגען לעבען; אפט-מאל מוז זי מגולגל ווערען אין א חיה, און דערביי ליידט זי זעהר פיעל. ווען אלע נשמות וועלען זיך דורך אזעלכע גלגולים אויסלייטערן, וועט דאן קומען משיח. דער מענש קען דורך זיינע גוטע מעשים ווירקען, דאס די גאולה זאל קומען גיכער. עס זיינען דא אזעלכע סארטען ווער-טער, וואס מען קען דורך זיי מאכען א גרויסע ווירקונג אין דער גייס-טער-וועלט. דורך בעשווערונגען קען מען ארויסטרייבען שלעכטע גייס-טער, קליפות, פון מענשען׳ס קערפער. שבת איז די בעסטע צייט, ווען א מענש קען מאכען פערבינדונגען מיט דער גייסטער-וועלט, ווייל שבת עפנען זיך די הימלישע קאנאלען (צנורות), דורך וועלכע עס גיסט זיך אויף דער וועלט א שפע פון ברכה. ביים טיש, וואו מען עסט די סעודות פון שבת, זיצט אויך דער „עתיק יומין״ (דער אלטער), גאט, מיט זיינע הייליגע מלאכים. די פערשיידענע אידישע ימים טובים האבען פערשיידענע בע-דייטונגען. הושענא רבה איז אויך א סארט יום הדין, ווען עס ווערט פער׳-חתמ׳עט אין הימעל דער שיקזאל, וואס ערווארטעט דעם מענשען אין קו-מענדען יאהר, און דעריבער דארף מען די פארגעהענדע נאכט ניט שלא-פען און נאר לייענען פערשיידענע שטעלען פון דער הייליגער שריפט, פון תלמוד און זוהר. די רעליגיעזע טאטען (מצוות) האבען בעקומען אן אנ-דער בעדייטונג און צוועק, לויט דער ערקלערונג פון זוהר. עס איז דערפון געשאפען געווארען אן אנדער שלחן ערוך, וועלכער איז בעוואוסט אונטער׳ן נאמען „שלחן ערוך האר״י״, וועלכער ערקלערט ווי מען זאל טאן די מצוות זיי זאלען העלפען בריינגען די צייט פון וואונדער און ביאת המשיח.

אזוי איז בעשאַפען געוואָרען אין ארץ ישראל אין דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט די פּראַקטישע קבלה, וועלכע האָט בעדאַרפט האָבען א פּראַקטישע ווירקונג אויף'ן מענשען'ס לעבען. דער הויפּט־פּרינ־ציפּ פון דיזער קבלה איז געוועזן — דערשטיקען אין מענשען זיינע קערפּער־ליכע שטרעבונגען און ווינשען און ענטוויקלען זיינע גייסטיגע קרעפטען. דיזע וועלט איז אַן עמק הבכה, א טאָל פון היילע ליידען, וואו עס רינגלען ארום דעם מענשען אויף יעדען טריט מלאכי חבלה, קליפּות, און ווילען איהם אריינכאַפּען אין זייער נעץ אום צו ברייגנען איהם אין גיהנום. די לעהרע פון די מקובלים וועגען משיח'ן האָט פיעל געהאָלפען דערצו, וואָס אין 17טען און 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך געבילדעט צווישען די אידען א געפעהרליכע בעוועגונג ממהר צו זיין די גאולה, און דאָס זענען ער־שינען פאַלשע משיחים.

די ליטעראַטור. אין דער אידישער ליטעראַטור פון דעם צענטער אין מזרח פון 16טען יאָהרהונדערט האָט זיך געמערקט א כאַראַקטערים־טישע ערשיינונג: אין איהר האָט געהערשט ניט דער טרוקענער רבנישער פּלפּול, די געלעהרטע דיסקוסיאָנען, נאָר אזעלכע גייסטיגע שאַפונגען, וועלכע האָבען צו טאָן מיט דעם הארצען, מיט די געפיהלען. די אגדה מיט איהר מאָראל האָט אָנגעהויבען שפּילען די הויפּט־ראָלע. עס האָט זיך דאמאָלס געפונען א מאַן, ר' יעקב בן חביב (1516), וועלכער האָט געפונען פיר נעטיג און ניצליך אויסצוקלייבען די אַלע אגדות (לעגענדעס) פון תלמוד און מאַכען פון זיי א בעזונדער ווערק, אום די, וואָס ווילען זיין בעקאַנט מיט דיזען טייל פון תלמוד, זאָלען דאָס האָבען גרייט פאַר זיך. דיזער ספר מיט'ן נאָמען „עין יעקב" איז געוואָרען זעהר פּאָפּולער פיר דרשנים און פיר יעדעם אידישע הויז. עס איז פערברייטעט געוואָרען א נייער סאָרט דרוש־ליטעראַטור אין דיזען גייסט און אין דיזער ריכטונג, פון וועלכער ר' משה אלשיך איז געוועזן דער הויפּט־פאָרשטעהער. דער איינ־פלוס פון קבלה איז זעהר מערקבאַר אין דיזען סאָרט דרשות. דער אלשיך, אַלס א תלמיד מובהק פון ר' יוסף קאַרו, איז געוועזן איינער פון די וויכ־טיגסטע מיטגלידער פון דער אגודה „סוכת שלום" אין צפת.

צו דיזען פעראיין האָט אויך געהערט ר' שלמה אלקבץ (1500—1575), דער מחבר פון דעם שיר „לכה דודי", וועלכער ווערט געזונגען אין אַלע שולען פרייטאָג צו נאַכט. אין דיזען שיר דריקט אוים דער מחבר די בענקשאַפט פון אידישען פאָלק צו דער אויפלעבונג פון דער אידישער נאַציאָן אין זיין אַלטער היים, אין ציון; די געפיהלען צום הייליגען טאָג

שבת, וועלכע ער רופט אָן קעניגין, און די האָפנונג אויף ביאת המשיח. אלקבץ האָט געשריבען נאָך איינינע שירים אין דיזען גייסט, אויך פירושים אויף איינינע ספרים פון תנ״ך. ער האָט געלערנט קבלה אונטער דער לייטונג פון דעם בעוואוסטען מקובל פון יענער צייט ר׳ יוסף טייטאַצאַק, וועגען וועלכען מען האָט דערצעהלט, דאָס ער האָט 40 יאָהר געשלאָפען אויף אַ קורצען הילצערנעם קאַסטען, אום ער זאָל ניט געניסען אַ רוהיגען שלאָף. אלקבץ איז געקומען פון סאַלאָניקי נאָך צפת, דאָרט האָט ער זיך שטאַרק בעפריינדעט מיט ר׳ יוסף קארו און מיט׳ן אר״י, און איז געוועזען איינער פון די הויפּט-גרינדער פון דעם פעראיין „סוכת שלום״. אין יאָהר 1571 האָט אלקבץ מיט זיינע חברים געלאָזט וויסען דער וועלט, דאָס דעם פעראיין פון מקובלים אין צפת איז געלונגען דורך פערשיידענע השבעות-(בעשווערונגען) ארויסצוטרייבען אַ רוח רעה (אַ טייוועל) פון דעם קערפּער פון אַ קראַנקער פרוי. דאָס איז געמאַכט געוואָרען אין דער אָנוועזענהייט פון אַ גרויסען פּובליקום. „דער גלגול״, ערקלערט ער, „האָט דערצעהלט, ווי ער איז פריהער מגולגל געוואָרען אין דעם קערפּער פון אַ גרויסען פריידענקער, און נאָכדעם איז ער אריין אין דעם קערפּער פון דער קראַנקער פרוי, וועלכע די מוסולמאַנער האָבען געוואָלט פערברענען אַלס אַ מכשפה״.

אַ גרויסער מקובל אין יענער צייט איז געוועזען ר׳ משה קורדובירו (1522—1570), אַ קרוב פון ר׳ שלמה אלקבץ. ר׳ משה איז געוועזען אַ תלמיד פון ר׳ יוסף קארו אין תלמוד און פון ר׳ שלמה אלקבץ אין קבלה. ער האָט געשאַפען אַ גאַנץ נייע שיטה אין קבלה אויף די יסודות פון זוהר. די הויפּט-קוועלען פון דער אידישער תורה זיינען: תנ״ך, תלמוד און קבלה. ווער עס לייקענט אין איינער פון די דריי הויפּט-קוועלען איז קיין איד ניט. אָבער קבלה איז וויכטיגער פון אַלע אַנדערע קוועלען. די בעסטע צייט פון לערנען קבלה איז ביי נאַכט, נאָך 12 אַ זייגער. אָבער בעסער פון אַלע אַנדערע טעג פיר דיזען לימוד איז דער טאָג שבת, וויל אין דיזען טאָג איז די נשמה בעזונדערס מסוגל אריינצודרינגען אין די סודות פון דער וועלט-שעפּונג (בריאה) און גרינדליך צו פערשטעהן די גאָטהייט.

אַ תלמיד מובהק פון ר׳ משה קורדובירו איז געוועזען ר׳ אליהו דע ווידאַס, דער מחבר פון דעם בעוואוסטען פרומען ספר „ראשית חכמה״. אין דיזען ספר לערנט ער די וואהרע גאָטס-פאַרכטיגקייט, ווי אַ מענש זאָל זיך אויפפיהרען אום ער זאָל זוכה זיין צו האָבען עולם הבא, און וואָס פיר

שרעקליכע ליידען עס שטעהען איהם פאר אין גיהנום, ווען ער וועט אראפ פון דרך הישר. אין דיזען ספר גיט דער מחבר זונדערבארע עצות צו א בעל תשובה, וואס ער זאל טאן, אום עס זאלען איהם פערגעבען ווערען זיינע זינד. למשל, ווען איינער האט געזינדיגט מיט ניאוף, איז דער מיטעל, אז ער זאל ווינטער זיצען יעדען טאג א נאקעטער אין שנעע, און זומער א נא-קעטער צווישען בינען און קאמארעס (מאסקיטאס). א וואכערניק זאל ערס-טענס אפגעבען צוריק די פראצענט, און אויסער דעם זאל ער פאסטען 40 טעג, זיך מתוודה זיין אין שול, און זיך לאזען שלאגען מלקות. דער „ראשית חכמה״ איז געווארען א נעטיגער ספר אין אלע אידישע הייזער. עס האט זיך באלד ענטוויקעלט א גאנצע ליטעראטור אין דער שיטה פון אר״י. די וויכטיגסטע ספרים פון דיזער ליטעראטור זיינען דער „עץ חיים״, וועלכען מען שרייבט צו צו ר׳ חיים וויטאל, „ספר הכוונות להאר״י״, „גלגולים״, „שבחי האר״י״ און „חזיונות ר׳ חיים וויטאל״.

פון די רעליגיעזע פאעטען פון יענער צייט איז דער וויכטיגסטער גע-ווען ר׳ ישראל נאגארא, וועלכער איז געווען רב אין דמשק און אין עזה. זיינע אלע סינאגאגאלע שירים זיינען געדרוקט אין א בעזונדער ספר מיט׳ן טיטעל „זמירות ישראל״. זיינע שירים זיינען דורכגעדרונגען מיט א רעליגיעז־נאציאנאלען געפיהל. אייניגע פון זיי זיינען געדרוקט אין די סדורים צווישען די זמירות לשבת. בעזונדערס צייכענט זיך אוים זיין שיר „יה רבון״, געשריבען אין אראמעאיש (תרגום־לשון). אין פיעלע פון זיינע שירים איז צו בעמערקען דעם איינפלוס פון זיין לעהרער דעם אר״י און פון די משיח־געדאנקען פון יענער צייט.

פיעל האבען געווירקט צו ענטוויקלען און פערשטארקען דעם נאציא-נאלען געפיהל צווישען די אידען אין טערקיי די היסטארישע ספרים וועגען די אידישע ליידען אין מיטעלאלטער, וואס זיינען ערשינען אין יענער צייט. איינער פון די וויכטיגסטע ספרים פון דיזען מין איז געווען „שבט יהודה״. אויף דיזע כראניק פון אידישע ליידען האבען געארבייט דריי דורות. אנ-געהויבען האט איהם דער געלעהרטער ר׳ יהודה אבן ווירגה, וועלכער האט געלעבט אין סעווילי, שפאניען, אין דער צווייטער העלפט פון 15טען יאהרהונדערט. א גרויסען טייל פון דיזען מערקווירדיגען ספר האט געשריבען זיין זוהן אדער עניקעל ר׳ שלמה אבן ווירגה, וועלכער איז אין אנפאנג פון 16טען יאהרהונדערט ענטלאפען פון דער אינקוויזיציאן אין פארטוגאל. ארויסגעגעבען דעם ספר האט זיין זוהן ר׳ יוסף אבן ווירגה, וועלכער איז געווען רב אין אדריאנאפעל, און

האָט צוגעגעבען צו איהם אייניגע אייגענע זאַכען. אין דיזען ספר ווערען דערצעהלט זעהר אויספיהרליך אייניגע געשיכטעס פון די אידישע פערפאָל-גונגען אין דער צייט פון 14טען און 15טען יאָהרהונדערט אין פראַנקרייך און שפּאַניען. אין „שבט יהודה" ווערען אָפּט זעהר אויספיהרליך דער-צעהלט די רעליגיעזע ויכוחים צווישען אידישע רבנים און קריסטליכע גייסטליכע. אין אייניגע שטעלען זיינען די ויכוחים, ד. ה. דער ריכטיגער געשפּרעך צווישען די דעבאַטאַנטען, פערפאַסט געוואָרען פון די דעבאַטאַנ-טען זעלבסט. דיזער ספר איז ניט געשריבען געוואָרען אין כראָנאָלאָגישער אָרדנונג, נאָר ווי עס איז אויסגעקומען דעם פערפאַסער פון דער ערצעה-לונג, און די גאַנצע געשיכטע איז ניט פּראַגמאַטיש, ד. ה. אָהן בעטראַכטונ-גען איבער די אורזאַכען און פאָלגען פון די פּאַסירונגען. דאָך לעזט זיך דער ספר מיט גרויס אינטערעס.

## ב. קולטורעלער פאָרטשריט פון די אידען אין איטאַליען און זייער רעכטלאָזיגקייט.

די אידען אין איטאַליען זיינען אין 16טען יאָהרהונדערט אַרויס אין ערסטען פראָנט. די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וואָס האָבען זיך דאָרט בעזעצט, האָבען אַריינגעטראָגען אהין פיעל אידישע קול-טור. אָבער אַ זעהר פלוצלינגער גרויסער צוואוואקס פון אידען האָט דאָרט געשאַפען אַ אידען־פראַגע ווי עס איז פאָרגעקומען אין מיטעלאַלטער אי-בעראַל, וואו עס איז געווען אַ גרויסער אידישער ישוב. אין אייניגע שטעדט האָבען זיי די רעגירונגען אויפגענומען זעהר פריינדליך, איבערהויפּט ווען די עמיגראַנטען זיינען געווען ניצליכע מענשען: באַנקירען, דאָקטוירים און קונסט־אַרבייטער. אין אַנדערע ערטער אָבער האָט מען אויף זיי גע-קוקט ווי אויף געפעהרליכע קאָנקורענטען און מען איז זיי זעהר ניט גערן געווען. איבערהויפּט האָבען געצייגט צו זיי אַ שטאַרקע שנאה די קריסט-ליכע גייסטליכע און בעזונדערס צו די מאַראַנאָס, וועלכע זיינען דאָרט עפענטליך געוואָרען צוריק אידען.

די ערסטע איז אַרויס אָפען געגען אידען די ווענעציאַנישע רעפּובליק. דאָרט האָבען די קריסטליכע סוחרים אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר דער קאָנקורענץ פון די ספרדישע אידישע קויפלייט, וואָס האָבען געהאַט גענוג ערפאַהרונג אין אויסלענדישען האַנדעל, וועלכער איז אין ווענעציאַ געווען זעהר ענטוויקעלט. די קריסטליכע סוחרים האָבען דערוווייטערט די אידען פון זיך און האָבען דורכגעפיהרט אַ געזעץ, דאָס די אידען מוזען וואוינען

אין אַ בעזונדער קוואַרטאַל (געטאָ). אַן אַנדער איטאַליענישע פּאָרט־שטאָדט, גענוא, האָט בעהאַנדעלט די אידישע עמיגראַנטען נאָך ערגער. די גענועזער האָבען ערלויבט וואַוינען צווישען זיי נאָר אַ געוויסע קלאַס אידען, אָבער זיי האָבען געמוזט טראָגען אַ רויטע אָדער געלע לאַטע אויף זייערע אויבער־קליידער אום מען זאָל באַלד דערקענען, דאָס זיי זיינען פערזאָכטעטע אידען

פיעל בעסער איז געווען די לאַגע פון אידען אין די צענטראַלע פּראָווינצען פון איטאַליען. די ליבעראַלע הערשער פון דעם הויז מעדיטשי האָבען זאָגאַר ניט געשטערט די מאַראַנאָס צוריקקעהרען זיך צום יודענטום. עס זיינען געווען בעדייטענדע אידישע געמיינדעס אין די שטעדט פלאָרענץ, פּיזאַ, באָלאָניאַ, מאַנטואַ און פּאַדואַ. זאָגאַר די פּאַפּסטען פון דער ערסטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט זיינען געווען ליבעראַל צו אידען. איינינע פון זיי האָבען געהאַט אידישע לייב־דאָקטוירים, ניט אַכטענדיג אויף דעם איס. פון די קירכען־פערזאַמלונגען. אַלכסנדר דער 6טער און לעאָ דער 10טער האָבען געהאַט אַלס זייער לייב־דאָקטאָר דעם אידען באָנעט דע לאַטעס; דער פּאַפּסט יוליוס דער 2טער האָט געהאַט אַלס לייב־דאָקטאָר שמעון צרפתי. דיזע דאָקטוירים האָבען אויך געהאַט אַ פּאָליטישען איינפלוס אין לאַנד. אָבער אין דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט האָט אַ שרעקליכע קאַטאָלישע רעאַקציאָן פערורזאַכט די אידען זעהר גרויסע צרות אין דער פּאַפּסטליכער פּראָווינץ.

אין קעניגרייך נעאַפּעל האָבען די אידישע עמיגראַנטען פון שפּאַניען מיט'ן אברבנאַל אַן דער שפּיץ געפונען אַ פריינדליכע אויפנאַהמע פון דעם קעניג פערדינאַנד דעם 1טען. ווען עס האָט זיך בעוויזען אַ מגפה צווישען די אויסגעמאַטערטע עמיגראַנטען, און די קריסטליכע בעפעלקערונג האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי אַרויסשיקען, האָט דער קעניג עס ניט דערלאָזען; ער האָט פיר זיי געמאַכט בעזונדערע האָספּיטעלער, געשיקט צו זיי גענוג דאָקטוירים און האָט זיי בעזאָרגט מיט די נעטיגע לעבענסמיטלען. דעם אברבנאַל האָט ער געגעבען אַ שטעלע אין פינאַנץ־דעפּאַרטעמענט, וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטען אויך אין דער צייט פון דער רעגירונג פון פערדינאַנד'ס זוהן אַלפאָנס. צום אונגליק האָט דער פראַנצויזישער קעניג קאַרל דער 8טער איינגענומען נעאַפּעל, און דער קעניג אַלפאָנס מיט זיין פריינד, דעם פינאַנסיסט דון יצחק אברבנאַל, האָבען געמוזט אַנטלויפען. דאָס גאַנצע פערמעגען פון אברבנאַל מיט זיין ביבליאָטהעק און זיינע האַנטשריפטען זיינען פערלאָרען געגאַנגען. דער קעניג אַלפאָנס מיט'ן אברבנאַל

זיינען א לאנגע צייט געווען נע ונד, ביז זיי האבען ענדליך געפונען א רוה־ארט אין דעם שטעדטעל מאנאפאלי, אין אפוליא. נאך פיעלע יאהרען פון נע ונד זיין האט זיך דער אברבנאל ענדליך איבערגעגעבען צו זיין לי־טעראַרישער ארבייט, האט געענדיגט זיין פירוש אויף תנ"ך און האט גע־שריבען פיעלע אנדערע ספרים, בעזונדערס וועגען דעם גלויבען און ביאת המשיח. אין 1503 האט ער זיך בעזעצט אין ווענעציא און האט אלס גע־ניטער דיפּלאמאט דורכגעפיהרט א פּאליטישען טראקטאט צווישען ווע־נעציא און פּארטוגאל. אין יאהר 1509 איז ער געשטארבען אין ווענעציא. זיין טויטען קערפּער האט מען אוועקגעפיהרט אין פּאדוא, וואו ער איז בע־ערדיגט געווארען.

מיט 10 יאהר שפּעטער איז נעאפּעל אונטערגעפאלען אונטער די הערשאפט פון שפּאנישען צורר היהודים, פּערדינאנד דעם קאטאליק, וועל־כער האט בעשטימט אלס וויצע־קעניג אין נעאפּעל דעם בעריהמטען פּעלד־הערר פון יענער צייט גאנזאלווא. דיזער איז געווען א זעהר ליבעראלער הערשער. ווען פּערדינאנד האט פון איהם געפאדערט, אז ער זאל ארויס־טרייבען די אידען פון נעאפּעל, האט גאנזאלווא געענטפערט, דאס צוליב דעם וועט נעאפּעל רואינירט ווערען, ווייל דאס גאנצע געשעפט וועט ארי־בער צו ווענעציא. פּערדינאנד האט געמוזט נאכגעבען, נאר ער האט איינ־געפיהרט אן אינקוויזיציאנס־געריכט צו פערפאלגען מאראנאס, וואס האל־טען אין געהיים זייער אלטע רעליגיאן, דאס יודענטום. גאנזאלווא האט געהאט א אידישען לייב־דאקטאר, יצחק אברבנאל'ס זוהן יהודה־לעאן אברבנאל, וועלכער האט געשריבען אין איטאליענישער שפּראך א ווערק וועגען ליבע אין גייסט פון פּלאטא'ס פילאזאפיע. נאך דעם פאל פון אלפאנס'ן האט זיך לעאן אברבנאל בעזעצט אין ווענעציא נעבען זיין פאטער יצחק אברבנאל. ער איז געשטארבען אין יאהר 1537.

יצחק אברבנאל'ס צווייטער זוהן, שמואל אברבנאל, איז אויך געווען א טיכטיגער דיפּלאמאט און פּאליטיקער ווי זיין פאטער. ער איז געווען א פינאנץ־אגענט ביים וויצע־קעניג דאן פּעדרא אין נעאפּעל. ער איז געווען א מענש מיט אן עדעלען כאראקטער און א גרויסער פי־לאנטראפּ. אויך זיין קלוגע, וואוילטעטיגע פרוי בענווענידא איז געווען בעריהמט מיט איהר חכמה און איהרע מעשים טובים. זי איז גע־ווען שטארק בעפריינדעט מיט דער טאכטער פון וויצע־קעניג, לעאנאראַ, וועלכע איז געווארען די פרוי פון הערצאג קאזמא דעם 2טען פון דעם הויז מעדיטשי. אין יאהר 1530 האט דער דייטשער קייזער קארל דער 5טער

געמאַכט אַ רייזע איבער איטאַליען, און די קלעריקאַלען האָבען ביי איהם גיז'פּועלט, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון נעאַפּעל, וועלכע האָט ז'אַמאָלס געהערט צו איהם. דער בעריהמטער בענווענידאַ אברבנאל און איהר פריינדין לעאָנאָראַ איז געלונגען צו פּועל'ן ביים קייזער, ער זאָל אָפּלעגען די דורכפיהרונג פון דעם בעפעהל אויף אַ צייט שפּעטער. אין יאָהר 1533 האָט שוין קאַרל געפאָדערט, אַז די אידען זאָלען פערלאָזען נעאַפּעל. דער וויצע־קעניג פּעדראָ און דער פינאַנץ־אַגענט שמואל אברבנאל האָבען אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט, לויט וועלכען די אידען זאָלען פערבלייבען אין נעאַפּעל נאָך 10 יאָהר. קאַרל האָט מסכים געווען אויף'ן פּראָיעקט, אָבער אין יאָהר 1540 האָט ער דורכאויס געפאָדערט, אַז זיי זאָלען פערלאָזען נעאַפּעל. די אידען האָבען ווידער געמוזט נעהמען דעם וואַנדער־שטעקען און געהן נע ונד זוכען אַן אַנדער מקום מנוחה. הגם אַלס אויסנאַהמע האָט מען ערלויבט שמואל אברבנאל מיט זיין פאַמיליע צו פערבלייבען אין נעאַפּעל, האָט ער זיך ענטזאַגט פון דעם חסד און האָט אויסגעוואַנדערט צוזאַמען מיט זיינע ברידער.

**די פאַלשע משיחים; דוד ראובני און שלמה מולכו.** צו ענדע פון 15טען יאָהרהונדערט, ווען דער בעכער פון אידישע צרות איז געוואָרען איבערפול, האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבען זוכען טרייסט און האָפנונג אין דער אידעע פון ביאת המשיח. מען האָט זיך אָנגעהויבען טרייסטען, דאָס די אַלע ליידען זיינען ניט מעהר ווי חבלי משיח (די ליידען, וועלכע מוזען קומען איידער משיח וועט קומען), און דאָס די גאולה איז שוין נאָהענט. שוין ר' יצחק אברבנאל האָט געזוכט אין זיינע לעצטע יאָהרען צו פערשטאַרקען אין פאָלק די אידעע און דעם גלויבען פון ביאת המשיח, און האָט דיזע אידעע געמאַכט פיר דעם מיטעלפּונקט פון יודענטום. ער איז אַרויס געגען דער מיינונג פון דעם אידישען פילאָזאָף ר' יוסף אלבו, דאָס דער גלויבען אין ביאת המשיח איז ניט פון די עקרי הדת, ווי דער רמב"ם וויל עס האָבען. דער אברבנאל האָט וועגען דיזער פראַגע אָנגעשריבען גאַנצע דריי ספרים: „משמיע ישועה", „מעיני הישועה" און „ישועות משיחו". אויף'ן גרונד פון געוויסע שטעלען אין דער ביבעל און אין תלמוד האָט ער זאָגאַר געזוכט צו בעשטימען די צייט פון דער גאולה. נאָך זיין רעכנונג האָט עס בעדאַרפט זיין צווישען די יאָהרען 1503 און 1532.

שוין אין זיין צייט האָט זיך אָנגעהויבען אַ משיח־בעוועגונג. אין יאָהר 1502 איז אין איסטריען, צווישען איטאַליען און עסטרייך, ערשינען אַ מאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען אַלס דער אָנזאָגער (מבשר) פון משיח'ן.

דיזער מבשר איז געווען איינער אשר לעמלין פון דייטשלאנד. ער איז אומגעפאהרען איבער פיעלע אידישע שטעדט און האט געהאלטען פיי-ערדיגע דרשות וועגען דעם, וואס אידען האבען יעצט צו טאן אום ממהר צו זיין די גאולה; זיי דארפען פאסטען, טאן תפלה און תשובה אויף זייערע זינד, און דאן וועט אין צייט פון זעקס חדשים קומען דער גואל צדק און וועט אויסלעזען די אידען פון זייער לאנגען פינסטערען גלות און וועט זיי ברייגנען צוריק אין זייער לאנד און אויפשטעלען צוריק די אידישע מלוכה. די אידען האבען ערנסט אויפגענומען די דרשות און מען האט אנגעהויבען תשובה טאן און זיך מכין זיין צו דער געווינשטער צייט. איין רב אין וועסטפאליען האט געהייסען צוברעכען דעם קהל'שען אויוון, וואס מען האט אין איהם געבאקען מצה פיר די געמיינדע, ווייל ער איז געווען זיכער, דאס איבער-א-יאהר וועט מען איהם שוין מעהר ניט דארפען, ווייל מען וועט שוין זיין אין ארץ ישראל. זאגאר אייניגע קריסטען האבען געגלויבט, דאס די אידען וועלען בעפרייט ווערען פון גלות. ווען די 6 חדשים זיינען אריבער און משיח איז ניט געקומען האבען זיך אייניגע אידען פון פער-צווייפלונג גע'שמד'ט.

מיט 22 יאהר שפעטער האט זיך ווידער אנגעהויבען א משיח-בעווע-גונג. אין פעברואר 1524 איז אנגעקומען אין ווענעציא א איד מיט'ן נאמען דוד, וועלכער, ווי ער האט דערצעהלט, האט געשטאמט פון שבט ראובן (דוד ראובני). ער האט דערצעהלט, דאס ער איז א גע-בארענער פון חייבאר, אראביען, וואו עס געפינט זיך א אידישע מלוכה פון די שבטים ראובן, גד און האלבען שבט מנשה, און זיין ברודער איז קעניג אין יענער מדינה, און ער, דוד, איז געשיקט געווארען פון זיין ברו-דער דעם קעניג צום פאפסט מיט א בקשה, אז ער זאל העלפען שיקען צו די אידען פון חייבאר ביקסען און פולווער, אום זיי זאלען קענען שטרייטען מיט די טערקען און אפנעהמען פון זיי ארץ ישראל. אין ווענעציא האט ער גערעדט מיט די אידען אין א פערדארבענעם העברעאיש, און האט גע-רעדט זעהר וועניג, האלב בסוד, וועגען זיין שליחות אין רוים.

אין א קורצער צייט נאכדעם איז ראובני אוועק נאך רוים. דארטען איז ער אריינגעפאהרען מיט גרויס גלאנץ ווי אן אמבאסאדאר פון א גרוי-סען קעניגרייך, רייטענדיג אויף א ווייסען פערד, בעגלייט פון א דינער און אן איבערזעצער (א טאלמאטש). אין וואטיקאן איז ער פריהער אויפ-גענומען געווארען פון די קארדינאלען און נאכדעם פון פאפסט קלעמענט דעם 7טען זעלבסט. דיזער פאפסט האט זיך דאמאלס געפונען אין א זעהר

קריטישען צושטאנד. לוטהער'ס רעפאָרמאציאָן פון איין זייט און די רוי-בערישע פּאָליטיק פון קארל דעם 5טען אין איטאַליען פון דער אנדערער זייט האָבען שרעקליך ערנידריגט די ווירדע פון פּאַפּסטטום, און דריבער איז ער געווען גערן אָנצוכאַפּען זיך אָן וואָס עס איז, ווען ער האָט גע-רעכענט, אז עס קען איהם ברייגנען וועלכע עס איז נוצען. ראובני האָט איבערגעגעבען דעם פּאַפּסט פּאַפּירען, וועלכע זיינען געווען אונטערגעשרי-בען פון די קאַפּיטאַנען פון פּאָרטוגעזישע שיפען און אָריענטאַלישע קאָנ-סולען, דאָס עס געפינט זיך ווירקליך אין אראביען א אידישע מלוכה, וועלכע צייכענט זיך אויס מיט איהר העלדישקייט. דער פּאַפּסט האָט אוועקגעשיקט די פּאַפּירען אין פּאָרטוגאל אום צו איבערצייגען זיך אין זייער עכטקייט. ווען דער פּאַפּסט האָט בעקומען פון ליסאַבאָן אָן ענט-פער, דאָס די דאָקומענטען זיינען ריכטיגע, האָט ער נאָך א מאָל אויפגע-נומען ראובני'ן מיט גרויס עהרע. וואָס פיר אַן אינטערעס דער פּאַפּסט האָט געהאַט אין דער געשיכטע מיט ראובני'ן איז ניט בעקאַנט. נאָר מיר ווייסען, דאָס דער פּאַפּסט האָט איהם מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס אוועק-געשיקט אין פּאָרטוגאל. די אידען אין רוים האָבען זיך געוואָלט נעהענטער מיט איהם בעקענען, און די פאָרשטעהערין פון דער רוימיש-אידישער אַריס-טאָקראַטיע, בענוועניד׳א אברבנאל, האָט איהם געשיקט א גרויסע סומע געלט און א זיידענע פאָהן אויסגענעהט מיט די עשרת הדברות, אָבער ער האָט דאָס ניט געוואָלט אָננעהמען, און האָט זיך אין אַלגעמיין געהאַלטען ווייט פון די אידען. דאָס איז פיר זיי געווען נאָך מעהר אויפפאַלענד און זיי זיינען געווען מעהר נייגעריג צו וויסען וואָס דאָס איז פיר א געהיימניס.

אין הערבסט פון יאָהר 1525 איז דוד ראובני אָנגעקומען אין פּאָר-טוגאל און האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם קעניג יאָאַן דעם 3טען. ראובני'ס פּלאַן איז געפעלען געוואָרען דעם קעניג און ער האָט איהם צוגעזאָגט שיקען שיפען מיט מאַטראָזען און געוועהר און פּולווער צו שטרייטען מיט טערקיי מיט דער הילף פון די אידישע העלדען פון אראביען. ערוואַרטענדיג דעם רעזולטאַט פון דיזען פערשפּרעכען איז ראובני דערווייל געזעסען אין פּאָר-טוגאל אַלס א געזאַנדטער פון א אידישען קעניגרייך. די קלעריקאַלען האָ-בען דערווייל ניט אויפגעהערט צו ברענען די מאַראַנאָס, וועלכע מען האָט חושד געווען, דאָס זיי זיינען אין דער שטיל אָפּגעפאַלען פון קריסטענטום און האַלטען זיך אָן יודענטום. ווייל דאָס איז אָבער נאָך ניט געווען מיט דער צושטימונג פון קעניג, האָבען זיי געוואָלט איינרעדען דעם קעניג, אז ער זאָל גרינדען מיט דער הסכמה פון פּאַפּסט אַן אינקוויזיציאָנס-געריכט.

דער קעניג האָט עס אָבער אָפּגעלעגט ביז ראובני וועט אוועק צוריק נאָך אראביען. עס האָט איהם עפּעס ניט געפּאַסט פאר דיזען געזאַנדטען פון א אידישער מלוכה צו בעהאַנדלען אַזוי די מאראַנאָס.

דוד ראובני'ס אוידיענץ ביים פּאַפּסט און ביים פּאָרטוגעזישען קעניג האָט אויפגעוועקט נייע האָפנונגען אין די הערצער פון די מאראַנאָס, ווען ניט אויף א גאולה שלמה — צוריקקעהרען זיך אין ארץ ישראל אַלס א פרייעס פאָלק — איז ווענינגסטענס אויף א קליינע ערלייכטערונג אין פינס-טערען גלות. פיעלע מאראַנאָס זיינען געקומען צו איהם, האָבען איהם בע-וויזען קעניגליכע עהרע און האָבען איהם געבעטען, אז ער זאָל עפּעס טאָן צו פערבעסערן זייער ביטערען שיקזאַל. אָבער ער איז געווען זעהר פאָר-זיכטיג. ער האָט מורא געהאַט, אז ער וועט דערמיט פערדאַרבען זיין ווערט אין קעניגליכען הויף זיין צוריקהאַלטען זיך און זיין געהיימניספּולע אויפ-פיהרונג האָט שטאַרק צורייצט די פאַנטאַזיע פון די אידען אין יענער צייט, און די משיח-בעוועגונג האָט זיך ווידער שטאַרק אָנגעפאַנגען אין יענע ערטער, וואו מען האָט געוואוסט פון איהם. בעזונדערס האָט עס געווירקט אויף איין מאראַנאָ, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט די היץ און איבערגעבענהייט פון א פראָפעט און א פייערדיגען נאַציאָנאַליסט.

דיזער יונגער מאראַנאָ איז געווען **דיעגאָ פּירעס**, געבאָרען אין יאָהר 1500. ער איז געווען א סעקרעטער אין איינעם פון די רעגי-רונגס-אַנשטאַלטען אין ליסאַבאָן און איז געווען נאָהענט צום קעניגליכען הויף. די אָנקונפט פון ראובני אין ליסאַבאָן האָט אָנגעמאַכט א גאַנצע איבערקעהרענים אין זיין לעבען. זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געמאָלט גרויסע ענדערונגען אין דער וועלט-פּאָליטיק. ביי נאַכט אין חלום האָט ער זיך געזעהען אין דער געזעלשאַפט פון דעם רעטזעלהאַפטען געזאַנדטען פון אָריענט אין צענטער פון א גרויסער מאַסע מענשען, וואָס זיינען בע-רופען געוואָרען צו בעפרייען דאָס אידישע פאָלק. ער איז געקומען צו דוד ראובני און האָט איהם דערצעהלט זיינע בעגייסטערטע פאַנטאַזיעס און חלומות. ראובני האָט געזוכט אָפּצוקיהלען איהם פון זיין היץ, אָבער עס האָט גאָרניט געהאָלפען. ער איז געוואָרען צוריק א איד אין געהיים, האָט זיך געלאָזען מל זיין און האָט זיך א נאָמען געגעבען **שלמה מולכו** (מאָלכאָ). ער איז דאַן געקומען צו ראובני'ן און האָט איהם דערצעהלט וואָס ער האָט געטאָן. ראובני האָט איהם פיר זיין טאַט געמאַכט פאָרוויר-פען, ווייל דאָס קען פערדאַרבען די גאַנצע אונטערנעהמונג, און האָט איהם געראַטען צו ענטלויפען אין טערקיי. מולכו האָט אָנגענומען זיין עצה אַלס

אַ נבואה פון הימעל און איז מיט זיין גאַנצער בעגייסטערונג אוועק צום אָריענט.

אַ גאַנצען יאָהר האָט מולכו געררייזט איבער דער אייראָפּעאישער טער-קיי (1527—1528). אין סאַלאָניקי האָט ער זיך בעקענט מיט דעם בע-וואוסטען קאַבאַליסט ר׳ יוסף טייטאַצאַק, וועלכער האָט איהם בעקאַנט גע-מאַכט מיט די סודות פון קבלה. אין אַדריאַנאָפּעל האָט ער געשלאָסען פריינדשאַפט מיט ר׳ יוסף קאַרו, דעם קינפטיגען פערפאַסער פון „שלחן ערוך״, און אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז ער אָנגעקומען אין צפת, דעם נעסט פון קבלה. אין יאָהר 1529 האָט ער אָפּגעדרוקט זיינע דרשות וועגען משיח׳ן אונטער׳ן טיטעל „ספר המפואר״. פיעלע האָבען געגלויבט, דאָס די גאולה איז נאָהענט, לויט די סימנים, וואָס דער זוהר האָט געגעבען. איין סימן איז געווען, דאָס רוים איז צוראַבירט געוואָרען פון דעם דייטש-שפּאַנישען מיליטער פון קאַרל דעם 5טען אום שבועות (6טען מאַי 1527), און די סאָלדאַטען, וואָס האָבען געגלויבט אין לוטהער׳ס רעפאָרמעס, האָ-בען געשענדעט די קאַטאָלישע קירכען און די קאַטאָלישע גייסטליכע. מולכו איז דאַמאָלס צוריקגעגאַנגען אין איטאַליען אום פערזענליך אָנטייל צו נעה-מען אין דער איבערקעהרענים, וואָס דאַרף דאָרט פּאָרקומען, וועלכע ער האָט געררעכענט אַלס ענדע פון די צייטען (קץ הימים), וואָס די נביאים און דער זוהר האָבען פאָרויסגעזאָגט.

אין יאָהר 1529 איז ער אָנגעקומען אין אַנקאָנאַ (איטאַליען). דאָרט האָבען איהם די גייסטליכע דערקענט, און מיט גרויס מיה איז איהם גע-לונגען צו ענטלויפען פון דאָרט אין רוים. ווען ער האָט דערזעהען די פער-פלוכטע שטאָדט זיינען זיינע אויגען פערוואַנדעלט געוואָרען אין צוויי קוואַלען וואַסער, און ער האָט אויסגעגאָסען זיין ביטער האַרץ אין אַ הייסער תפלה צו גאָט, אַז ער זאָל זיך ענדליך דערמאָהנען אָן זיין געדריקטען אונ-גליקליכען פאָלק ישראל, און בריינגען עם צוריק אין זיין הייליגעס לאַנד ארץ ישראל אין די הייליגע שטאָדט ירושלים. אין דער צייט פון זיין תפלה האָט זיך איהם געדוכט, דאָס ער הערט אַ שטימע: „והיה שעיר ירושה לאויביו... לי נקם ושלם...״ ד. ה. „שעיר, אָדער אדום, וועט זיין די ערב-שאַפט פון זיינע שונאים... איך (גאָט) וועל נאָך נעהמען ראַכע פון זיי (די רוימער), און וועל זיי בעצאָהלען (פיר זייערע שלעכטע מעשים)״. איהם האָבען זיך בעוויזען נאָך אייניגע וואונדערבאַרע ערשיינונגען, וועלכע זיי-נען ועווען דער רעזולטאַט פון זיינע תעניתים און שלאָפלאָזע נעכט. וועגען דיזע ערשיינונגען האָט מולכו מיטגעטיילט זיינע פריינד אין סאַלאָניקי.

אין רוים האָט ער געהאַט גרויסע פערבינדונגען מיט'ן פּאַפּסט קלעמענט און מיט אַלע קאַרדינאַלען און האָט זיי מיטגעטיילט זיינע בעגייסטערונגען. באַלד אָבער האָט ער זיך דערוואוסט, דאָס די אינקוויזיציאָן אין רוים וויל זיך נעהמען צו איהם, און ער איז ענטלאָפען נאָך ווענעציאַ.

דאָ האָט ער זיך ווידער בעגעגענט מיט דוד ראובני, וועלכער האָט שוין דאַמאָלס פערלאָרען דעם צוטרויען פון פּאַפּסט, ווייל מען האָט איהם חושד געווען, דאָס ער האָט אַראָפּגעפיהרט מולכו'ן פון קריסטליכען וועג און האָט איהם צוריקגעבראַכט צום יודענטום. אין ווענעציאַ האָט ראובני ווידער זיך גענומען דורכפיהרען זיין פּלאַן וועגען אַ מלחמה מיט טערקיי און האָט אָנגעהויבען צו פיהרען וועגען דעם אונטערהאַנדלונגען מיט'ן סע-נאַט. די אונטערהאַנדלונגען מיט'ן פּאַפּסט האָט אויף זיך גענומען מולכו.

צו ענדע פון 1530 איז מולכו געקומען אין רוים און האָט מיט זיין פייערדיגער רעדע-קראַפט געהאַט אַן אונגעוועהנליכע ווירקונג אויף דעם פּאַפּסט קלעמענט דעם 7טען. דיזער האָט איהם געגעבען אַ שוץ-בריף געגען די פערפאָלגונגען פון דער אינקוויזיציאָן.

אָבער אַ אידישער דאָקטאָר מיט'ן נאָמען **יעקב מאַנטין** האָט זיך גענומען איהם פערפאָלגען. ער האָט איהם פער'מסר'ט פאַר דעם אינ-קוויזיציאָנס-טריבונאַל. דיזער האָט גערופען מולכו'ן צום געריכט, אָבער די ריכטער האָבען איהם גאָרניט געקענט טאָן, ווייל ער האָט זיי געוויזען דעם שוץ-בריף פון פּאַפּסט. די אינקוויזיציאָנס-בעאַמטע האָבען געמאַכט דעם פּאַפּסט פאָרווירפען פיר זיין בעשיצען אַן אפּיקורוס. דער פּאַפּסט האָט זיי געבעטען צו האָבען געדולד אַ קורצע צייט, ווייל ער דאַרף איהם זעהר נעטיג פיר געוויסע צוועקען. דער מסור אָבער האָט איהם ניט אָפּ-געלאָזען. ער האָט צוגעשטעלט צו די ריכטער אַ בריף, וואָס מולכו זאָל האָבען געשיקט צו טערקיי, אין וועלכען ער דריקט אויס אַ שרעקליכען האַס צום קאַטאָליציזם און זאָגט נביאות, דאָס אדום (רוים) מוז און וועט אין גיכען האָבען אַ מפלה. נאָכדעם האָט איהם שוין דער פּאַפּסט מעהר ניט געקענט בעשיצען און מען האָט איהם פעראורטיילט צו פערברענען. מיט איינינע טעג שפּעטער האָט דאָס געריכט געלאָזט וויסען, דאָס מולכו איז פערברענט געוואָרען. אָבער ווי גרויס איז געווען די פערוואונדערונג, ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען, דאָס מולכו לעבט און זעצט פאָרט זיינע אונ-טערהאַנדלונגען מיט'ן פּאַפּסט. די געשיכטע איז געווען אַ ווירקליכע. דער פּאַפּסט, אום צו רעטען מולכו'ן פון פייער, האָט געשיקט צום אוטאָ-דאַ-פע אַן אַנדער פעראורטיילטען און מולכו איז ניצול געוואָרען. אָבער

ער האָט געמוזט ענטלויפען פון איטאַליען און ער איז אוועק נאָך דייטש-לאַנד (1531).

דאָרט האָבען מולכו און ראובני ווידער צוגעצויגען צו זיך די אויפ-מערקזאַמקייט פון דער וועלט מיט אַ נייער געוואַגטער אונטערנעהמונג. מולכו איז געקומען צום דייטשען קייזער קאַרל דעם 5טען מיט אַ פאָרשלאַג, דאָס ער וויל צונויפנעהמען אַ גרויסע אַרמעע פון אידען צו שטרייטען מיט טערקיי. געענדיגט האָט זיך דיזער פאָרשלאַג דערמיט, דאָס קאַרל האָט געהייסען אַרעסטירען מולכו'ן און ראובני'ן און אוועקשיקען זיי נאָך אי-טאַליען, וואוהין ער איז אויך געפאָהרען. דאָרט האָט מען מולכו'ן פער-אורטיילט צום טויט. ווען ער איז שוין געוועזען אויף'ן שייטער-הויפען צו ווערען פערברענט, האָט איהם דער קייזער געוואָלט בעגנאַדיגען, ווען ער וועט תשובה טאָן און וועט זיך צוריקקעהרען צום קריסטענטום. אָבער מולכו האָט געענטפערט, דאָס ער האָט חרטה, וואָס ער האָט זיך ניט צו-ריקגעצויגען פון פאַלשען קריסטענטום אין זיין יוגענד. מען האָט איהם נאָכדעם פערברענט אין דער אַנוועזענהייט פון אַ גרויסער מאַסע צושויער (1532). ראובני'ן האָט מען אוועקגעשיקט אין שפּאַניען און מען האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס, וואו ער איז פערבליבען איינִיגע יאָהר און איז ענדליך געשטאָרבען. דער אָנדענקען פון שלמה מולכו איז לאַנג פערבליבען ביים אידישען פאָלק, וועלכעס האָט איהם בעטראַכט אַלס אַ הייליגען מאַרטירער. די אידען האָבען געגלויבט, דאָס גאָט וועט זיך נוקם זיין אָן רוים פיר דעם טויט פון דיזען קדוש, און דער שליח וועט זיין לוטהער, וועלכער וועט חרוב מאַכען די קאַטאָלישע קירכע מיט איהר בעס-טיאַלישער אינקוויזיציאָן. דאָס איז געוועזען דער טראַגישער סוף פון דער ציוניסטישער בעוועגונג פון 16טען יאָהרהונדערט. דער מוט פון אידישען פאָלק איז געזונקען נאָך טיפער און די ליידען פון גלות זיינען געוואָרען שאַרפער און מעהר ברענענד.

**די קאַטאָלישע רעאַקציאָן און די אידען אין דעם פּאַפּסט'ס מדינה.** די רוימישע קירכע איז שטאַרק צוטרייסעלט געוואָרען פון די קלעפּ, וואָס זי האָט נעקראָגען פון די פּראָטעסטען פון לוטהער און קאַלווין. נאָך דעם, ווי זי האָט פערלאָרען אַ גרויסען טייל פון איהרע אָנהענגער אין אַ גרויסען טייל פון אייראָפּאַ, האָט זי בעשלאָסען אָנצואווענדען אַלע קרעפ-טען צו פערהיטען איטאַליען פון דיזער פּעסט, וועלכע האָט זיך אָנגערופען רעפאָרמאַציאָן. עס איז אויפגעשטאַנען אַן אָרדען פון יעזואיטען, וועלכע האָבען געפיהרט אַ זעהר געפעהרליכען קאַמף מיט דער רעפאָרמאַציאָן.

זייער קראַפט איז געלעגען דערין, וואָס זיי האָבען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט די ערציהונג פון דער קאַטאָלישער יוגענד. דער פּאַפּסט האָט אויך אין זיין הערשאַפט איינגעפיהרט די אינקוויזיציאָנס-געריכטען מיט אַלע זייערע טייוועלשע אינסטרומענטען, זיך נוקם צו זיין אָן פרייגעזאָגענע קריסטען און אונגלויביגע אידען. די קירכע האָט אין יענער צייט פאַרבע-רייטעט די גרעסטע שרעקען צווישען פעלקער: אַ באַרטהאָלאָמאָער-נאַכט, רעליגיאָנס-מלחמות, וועלכע האָבען פערוויסטעט גאַנצע לענדער און האָבען פערניכטעט אונגעהייערע מאַסען מענשען. די ערפינדונג פון בוכדרוקעריי איז געוועזען אַ שרעקליכער קלאַפּ פיר די קירכע, וועלכע האָט אַלעם אָנגע-ווענדעט אום צו האַלטען די מאַסען אין דער פינסטער, אין אונוויסענהייט. די קירכע האָט געזוכט אַ מיטעל געגען דעם ליכט פון בוכדרוקעריי, זי האָט געזוכט צו דערשטיקען דעם פרייען געדאַנק, וואָס די בוכדרוקעריי קען פערברייטען, און זי האָט געפונען: זי האָט בעשאַפען די צענזורע, וועלכע האָט דערשטיקט יעדען העלען געדאַנק איידער ער איז אַרויס אויף דער וועלט.

די ערסטע אָפּפער פון דער אינקוויזיציאָן פון צענזור זיינען געוועזען די אידישע רעליגיאָנס-ביכער. פריהער פון אַלעם האָבען זיך די יעזואיטען גענומען צום תלמוד, וועלכער איז דאַמאָלס פערשפּרייט געוואָרען אין אי-טאַליען אין זעהר פיעלע עקזעמפּלאַרען צוליב דער ערפינדונג פון בוכדרו-קעריי. עס האָבען זיך געפונען אידישע אויסוואורפען, משומדים, וועלכע האָבען עדות געזאָגט, דאָס אין תלמוד געפינען זיך זעהר פיעלע שעדליכע זאַכען און ער איז פול מיט שנאה צום קריסטענטום, און צוליב דעם האָט דער פּאַפּסט יוליוס דער 3טער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל (1553), אַז מען זאָל דעם תלמוד פערברענען. מען האָט אָנגעהויבען צו קאָנפיסקירען דעם תלמוד אין פערשיידענע שטעדט אין איטאַליען און פערברענען איהם. די גרויזאַמע משרתים פון דער קירכע האָבען ניט געמאַכט קיין אונטערשייד אין ביכער און האָבען פערברענט גאַנצע אידישע ביבליאָטהעקען, הגם דער דעקרעט פון פּאַפּסט איז געוועזען נאָר צו ברענען דעם תלמוד.

פון אָן אינקוויזיציאָן אויף ביכער איז מען באַלד איבערגעגאַנגען צו אָן אינקוויזיציאָן אויף מענשען. דיזע ענדערונג האָט מען געהאַט צו פער-דאַנקען דעם קאַרדינאַל קאַראַפּפּאַ, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּאַפּסט אונטער דעם נאָמען פּאַול דער 4טער (1555—1559). באַלד ווי ער איז אַרויף אויף דעם פּאַפּסטליכען טראָן האָט ער אַרויסגעגעבען צוויי בוללעס געגען אידען. אין דער ערסטער בוללע האָט ער געגעבען אַ בעפעהל,

אז מען זאָל קאָללעקטירען פון יעדער אידישער סינאַגאָגע צו 10 דוקאטען פיר אן אינסטיטוט צו פאַרבערייטען אידען, וואָס ווילען אָננעהמען דאָס קריסטענטום. די צווייטע בוללע איז געווען א רייהע פון בעשרענקונגען פיר אידען. זיי האָבען געמוזט וואוינען אין א געטאָ, טראָגען א בעזונדע-רען בעדעק אויף'ן קאָפּ: מענער — א געלע היטעל, און פרויען — א געלע טיכעל. עס איז פערווערט געוואָרען קריסטען צו דינען ביי אידען אלס דינער, אמען און ניאנקעס; א קריסט האָט זיך ניט געטאָרט ווענדען צו א אידישען דאָקטאָר וועגען א מעדיציניש̈ען ראַט. דער קריסט האָט ניט גע-טאָרט רופען א אידען „מיין הערר". עס איז די אידען ניט געווען ערלויבט צו טאָן וועלכען עס איז מסחר, אויסער מיט אלטע קליידער; א איד האָט ניט געטאָרט קויפען קיין הויז, און די, וואָס האָבען געהאַט הייזער פון פריהער, האָבען זיי געמוזט פערקויפען אין צייט פון 6 חדשים. דיזע רוי-בערישע געזעצען האָבען שרעקליך ערנידריגט די אידען און פעראָרימט. דעם מערדערישען פּאַפּסט פּאָול דעם 4טען איז דאָס אלעס נאָך געווען ווע-ניג, און ער האָט געהייסען זיין קוזין, אז ער זאָל ביי נאכט אונטערצינדען אלע אידישע הייזער. צום גליק האָט א קארדינאַל ניט דערלאָזען אויס-צופיהרען דיזען באַרבאַרישען בעפעהל.

אין דער שטאָדט אנקאָנא האָבען געוואוינט אייניגע הונדערט מאַרא-נאָס, וואָס זיינען ענטלאָפען פון פּאָרטוגאַל אין די הערשאַפט פון פּאַפּסט, אום זיי זאָלען דאָרט שטילערהייט האַלטען די אידישע רעליגיאָן. די פריהערדיגע פּאַפּסטען האָבען זיי ניט פערפאָלגט, אָבער פּאָול דער 4טער האָט זיי אלע איבערגעגעבען צום אינקוויזיציאָנס-געריכט.

פיעלע מאַראַנאָס זיינען ענטלאָפען און האָבען זיך געראַטעוועט אין אַנ-דערע לענדער, אָבער א הונדערט זיינען אריינגעפאַלען אין די הענט פון די אינקוויזיטאָרען און זיינען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין די געפענגניסען פון דער אינקוויזיציאָן. אייניגע פון די מאַראַנאָס זיינען אָבער געווען טער-קישע אונטערטאַנען. ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין קאָנסטאַנטינאָפּעל וועגען זייערע ארעסטען, האָבען דער מיניסטער יוסף נשיא און זיין שווי-גער גראַציא, וועלכע זיינען פריהער זעלבסט געווען מאַראַנאָס, געווענדעט זיך צום סולטאַן סוליימאַן, אז ער זאָל זיך אָננעהמען פיר די אונגליקליכע. דער סולטאַן האָט פּראָטעסטירט געגען אזא אונרעכט צו זיינע אונטער-טאַנען און האָט דעם פּאַפּסט געוואָרנט, דאָס אויב ער וועט זיי ניט בע-פרייען, וועט ער, דער סולטאַן, אָנהייבען צו פערפאָלגען די קאַטאָליקען, וואָס וואוינען אין טערקיי. דער פּאַפּסט האָט זיך דערשראָקען און האָט

בעפרײט די מאראנאָס, װאָס זײנען געװען טערקישע אונטערטאַנען. אָבער דערפאַר האָט ער זיך גרױזאַם אָפּגערעכענט מיט די יעניגע מאראנאָס, װעלכע האָבען ניט געהאַט װער עס זאָל זיך פיר זײ אָננעהמען. מען האָט זײ פער׳משפט פערברענט צו װערען, נאָר אויב זײ װעלען תשובה טאָן און װע־רען אמת׳ע קריסטען װעט מען זײ לאָזען לעבען. 60 מאראנאָס האָבען זיך אונטערגעגעבען און מען האָט זײ געלאָזט לעבען, אָבער מען האָט זײ פערשיקט אויף קאַטאָרזשנע ארבײט אויף דער אינזעל מאַלטאַ. אויפ׳ן װעג איז זײ געלונגען צו ענטלױפען אין טערקײ. 24 פון די מאראנאָס האָבען ניט געװאָלט צוריקקעהרען זיך צום קריסטענטום, און דער אָנבליק פון ברענענדען שײטער־הויפען האָט זײ ניט אָפּגעשראָקען און זײ האָבען זיך געלאָזען פערברענען מיט די װערטער „שמע ישראל, ה׳ אלהינו, ה׳ אחד" אויף זײערע ליפּען (סיון 1556).

די אידען פון אַנדערע לענדער האָבען בעשלאָסען צו שאַדען דערפאַר דעם האַנדעל פון דער פּאַפּסטליכער האַנדעל־שטאָדט אַנקאָנאַ, װעלכע איז געשטאַנען בײם ברעג פון אַדריאַטישען מעער. זײ האָבען געמאַכט אויף יענע שטאָדט אַ באָיקאָט, אַ חרם, און האָבען געשריבען צו זײערע ברידער אין טערקײ, דאָס זײ זאָלען שיקען זײערע סחורות ניט אין אַנקאָנאַ, נאָר אין די שטאָדט פּעזאַראָ, װעלכע איז געשטאַנען ניט װײט פון אַנקאָנאַ. די אידען אין סאַלאָניקי האָבען באַלד געפּאָלגט דעם חרם און האָבען אָנגע־הױבען צו שיקען זײערע שיפען נאָך פּעזאַראָ. זײ האָבען ארױסגערופען אַ חרם אויף יעדען אידען, װאָס װעט שיקען זײנע שיפען אין אַנקאָנאַ. די אײנװאױנער פון דיזער שטאָדט האָבען באַלד דערפיהלט דעם באָיקאָט, און דער סענאַט פון אַנקאָנאַ האָט געשיקט צום פּאַפּסט בעטען פון איהם הילף, װײל דער אידישער באָיקאָט װעט אין אַ קורצער צײט פערניכטען די שטאָדט. דער פּאַפּסט האָט זיך באַלד איבערצײגט, דאָס די אידען קע־נען איהם פיעל שאַדען, און ער װאָלט געװיס געװען נאָכגעגעבען אויפצו־הערען פערפאָלגען די אידען אין זײן מדינה. לײדער זײנען די אידען זעלבסט ניט געװען אײניג אין דיזער זאַך, און די אַנקאָנער אידען האָבען מורא געהאַט, דאָס דער פּאַפּסט װעט זיך װעלען נוקם זײן אָן אַלע אידען פון זײן מדינה און װעט זײ אין גאַנצען ארױסטרײבען פון זײן לאַנד, און דעריבער האָבען זײ זעלבסט געבעטען די טערקישע אידען, אַז זײ זאָלען דעם באָיקאָט אױפגעבען. עס איז װעגען דיזער פראַגע געװאָרען אַ שפּאַל־טונג צװישען די אידען זעלבסט, און דער פּלאַן פון דעם באָיקאָט איז דורכ־געפאַלען. װען דער הערצאָג פון פּעזאַראָ האָט זיך ארומגעזעהען, דאָס די

אידען בריינגען איהם ניט די ערוואַרטעטע נוצען, האָט ער בעשלאָסען אַרויסצושיקען די מאַראַנאָס פון פעזאַראָ, ווייל עס האָט זיך איהם ניט גע-לוינט גלאַט קריגען מיט'ן פּאַפּסט (1558).

אין דעם לעצטען יאָהר פון זיין לעבען האָט פּאַפּסט פּאַול דער 4טער געהייסען פערברענען דעם תלמוד. שוין פריהער האָט מען פערשלאָסען די ישיבות, וואָס האָבען עקסיסטירט אין פּאַפּסט'ס מדינה. דאַן האָבען די אידען געגרינדעט ישיבות אין קרעמאָנאַ, אין הערצאָגטום מאַילאַנד. דאָרט האָבען זיך פערזאַמעלט אידישע געלעהרטע און האָבען פאָרגעטראָגען לעק-ציעס איבער'ן תלמוד און דאָרט האָבען זיי אויך געגרינדעט אַ בוכדרו-



**די מאַראַנאָס (אנוסים).**

קעריי. אָבער ווייל מאַילאַנד האָט געהערט צו שפּאַניען האָבען די דאָמי-ניקאַנער אויסגעווירקט אַ בעפעהל, אַז מען זאָל דעם תלמוד פערניכטען. איבער 10,000 בענדער פון תלמוד האָט מען אָפּגענומען פון די אידען און מען האָט זיי פערברענט אין מיטען שטאָדט (1559). די צענזאָרען פון פּאַפּסט האָבען אָבער ניט בעריהרט די קבלה-ספרים, איבערהויפּט דעם זוהר, ווייל אידישע משומדים האָבען עדות געזאָגט, דאָס די קבלה אין אַלגעמיין און דער זוהר בפרט איז זעהר גענייגט צום קריסטליכען גלויבען און זיינע דאָגמאַס, און איבערהויפּט צו דער דאָגמאַ פון אַ הייליגער דריי-אייניגקייט.

מיט פּאול'ס טויט האָבען זיך דערפרייט ניט נאָר אידען, נאָר אויך פיעלע קריסטען, עכטע קאַטאָליקען. די רוימער האָבען פערניכטעט זיין סטאַטוע, און אַ איד האָט זיך זאָגאַר ערלויבט אָנצוטאָן אויף דעם קאָפּ פון דער סטאַטוע אַ געלע היטעל, אַ סימבאָל פון שאַנדע ביי אידען. זיין נאָכ-פאָלגער איז געווען פּיאוס דער 4טער (1559—1565). דיזער פּאַפּסט האָט איינינגע אידישע בעשרענקונגען אָפּגעשאַפט, און האָט ערלויבט צו דרוקען און לערנען דעם תלמוד נאָך דעם, ווי די צענזור וועט אויסשטרייכען פון איהם די שטעלען, וואָס זיינען געגען קריסטענטום (1564). די צענזאָרען זיינען געווען געוועהנליך אידישע משומדים. אָבער צווישען זיי האָבען זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געווען צום תלמוד זעהר פיינדליך און האָבען פון איהם געשטראָכען פיעלע שטעלען, וואָס האָבען גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט קריסטען און קריסטענטום, איינפאַך פון רשעות.

דער נאָכפאָלגער פון פּיאוס דעם 4טען איז געווען פּיאוס דער 5טער (1566—1572). דיזער פּאַפּסט איז פריהער געווען דער אויבער-אינקוויזי-טאָר ער האָט בענייט די אַלע פריהערדיגע בעשרענקונגען אויף אידען און האָט בעשלאָסען אַרויסצוטרייבען אַלע אידען פון זיין לאַנד. אָבער איינינגע גייסטליכע האָבען איהם ערקלערט, דאָס מען מוז איינינגע אידען איבערלאָזען, אום מען זאָל האָבען די מעגליכקייט צו שמד'ן זיי, וואָס דאָס איז געווען איינע פון די גרעסטע מצוות פון דער קירכע. אויך איינינגע סוחרים האָבען גע'טענה'ט, דאָס די אַרויסטרייבונג פון די אידען פון פּאַפּסט'ס מדינה וועט רואינירען די געשעפטען. דיזעס האָט געווירקט, דאָס ער האָט ערלויבט די אידען צו פערבלייבען אין רוים און אַנקאָנאַ, אָבער זייער עקסיסטענץ איז דאָרט געווען זעהר אַ טרויעריגע.

די פּאָליטיק ג ‚ ־ערכאָלגען אידען האָט פּאָרטגעזעצט דער נאָכפאָלגער פון פּיאוס דעם 5טען, גרעגאָריוס דער 8טער (1572—1585). ער האָט בעשטימט אַ שטרענגע שטראָף פיר יעדען קריסט, וואָס געהט צו אַ אידי-שען דאָקטאָר בעטען הילף, אויך אַ שטראָף פיר דעם דאָקטאָר, וואָס בעהאַנדעלט אַ קריסטליכען חולה. אום צו שמד'ן וואָס מעהר אידען האָט ער בעשטימט אַ גרויסע צאָהל קאַטאָלישע רעדנער צו פּרעדיגען אין די אידישע שולען וועגען קריסטענטום, און האָט געצוואונגען די אידען צו צאָהלען די רעדנער אַ געוויסען געהאַלט פיר דיזע פּרעדיגטען. ווען דער פּאַפּסט האָט זיך איבערצייגט, דאָס די דרשות פון די רעדנער מאַכען ניט אויף די אידען קיין ווירקונג, האָט ער געהייסען מאַכען אַן אונטערזוכונג אום אויסצוגע-פינען די אורזאַך דערפון. די אונטערזוכונג האָט געצייגט, דאָס די אידען

פלעגען אַריינלעגען וואַטע אין די אויערן, אום זיי זאָלען ניט הערען די פערהאַסטע דרשות פון די מיסיאָנערען. דאַמאָלס האָט די קירכע אַרויס-געגעבען אַ בעפעהל, דאַס מען זאָל אַרויסנעהמען די וואַטע פון די אויערן ביי די אידען, וואָס האָבען זיך געפונען אין שול ביי דער דרשה. אָבער אויך דאָס האָט ניט געהאָלפען. די אידען האָבען דאָך ניט געהערט אָדער האָבען ניט געוואָלט הערען און האָבען, פערשטעהט זיך, ניט געוואָלט בע-קעהרען זיך צום קריסטענטום.

אין דער צייט, ווען סיקסטוס דער 5טער איז געווען פּאַפּסט, איז די לאַגע פון די אידען געוואָרען אַ ביסעל בעסער. ער האָט זיי געלאָזען צו רוה ניט אויס ליבעראַליזם, נאָר פּשוט צוליב געלט. ער האָט זעהר ליב געהאַט געלט, און דעריבער האָט ער ערלויבט די אידען, וואָס זיינען פריהער אַרויסגעטריבען געוואָרען פון אייניגע פּראָווינצען פון פּאַפּסט'ס מדינה, צו בעזעצען זיך צוריק אויף זייערע פריהערדיגע ערטער. פיר געלט האָט ער ערלויבט צו דרוקען דעם תלמוד און פיר געלט האָט ער ערלויבט אידישע דאָקטוירים צו פּראַקטיצירען צווישען קריסטען. זיין נאָכפאָלגער, קלעמענט דער 8טער, האָט ווידער אָנגעהויבען צו דריקען די אידען.

דאָס לעבען אין דעם געטאָ אונטער די וועלטליכע הערשער אין איטאַליען. די פערפאָלגונגען, וואָס די אידען האָבען געליטען אין די לענ-דער, וואו דער פּאַפּסט האָט געהערשט, איז ווי אַן עפּידעמיע איבערגעגאַנ-גען אויך צו די וועלטליכע הערשער. אויך זיי האָבען אָנגעהויבען צו פער-פאָלגען די אידען און בעשרענקען זייערע קליינע רעכטען, ווי די פּאַפּסטען האָבען עס געטאָן. אייניגע הערשער, וואָס זיינען ניט געווען אַזוי פאַנאַ-טיש, דאָס זיי זאָלען עס רעכנען פיר אַ גאָט-געפעליגע זאַך צו טאָן אידען צרות, זיינען געווען בעסער צו די אידען און האָבען זיי געלאָזען אַ ביסעל פרייער אָטעמען, אָבער די אידען האָבען געמוזט פיר דיזען חסד גוט בע-צאָהלען. נאָר דאָ, וואו די הערשער האָבען זיי פערפאָלגט, איז די רע-ליגיאָן מעהרסטענס געווען בלויז אַ מאַסקע, דער הויפּט-מאָטיוו איז גע-ווען — געלט, אידישעס געלט. מיט איין וואָרט, דעם אידען האָט מען געדולדעט כל זמן מען האָט פון איהם ערוואַרטעט נוצען, ווען ניט — האָט מען איהם געהייסען געהן.

אָן דיזער פּאָליטיק בנוגע צו אידען האָט זיך אויך געהאַלטען די ווע-נעציאַנישע רעפּובליק. ווענעציאַ האָט די אידען פיינד געהאַט, ווי אַלע אַנדערע קריסטליכע לענדער, אָבער מען האָט זיי געדאַרפט האָבען, ווייל זיי זיינען געווען די הויפּט-סוחרים מיט'ן לעוואַנט, ד. ה. מיט דעם טייל

טערקיי, וואָס האָט בעזעצט די ברעגען פון מיטלענדישען ים; און דיזער האַנדעל איז געווען דער הויפּט-נערוו פון דער רעפּובליק. דערצו איז דער פּאָליטישער איינפלוס פון די אידישע בעאַמטע אין טערקיי, ווי יוסף נשיא, געווען זעהר גרויס, און די ווענעציאַנישע רעפּובליק האָט זיך געמוזט דער-מיט רעכנען. איינמאָל אָבער, ווען עס איז אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען דער רעפּובליק און טערקיי צוליב דער אינזעל ציפּערן (קפריסין), האָט די רעגירונג פון דער רעפּובליק אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל אַרויס-טרייבען די אידען פון ווענעציאַ (1570—1571). צום גליק האָט מען אָנ-געהויבען צו פערהאַנדלען וועגען פרידען. דאַן איז איינער אין דער זיצונג פון ראַט אויפגעשטאַנען און האָט בעוויזען, וואָס פיר אַ שאָדען די רעגי-רונג מאַכט זיך זעלבסט מיט דעם אַרויסטרייבען פון אידען; ווי די אידען, וואָס זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, האָבען רייך און שטאַרק געמאַכט טערקיי, אַזוי דאָס אַלע הערשער אין אייראָפּאַ האָבען פאַר איהר מורא. דאָס זעלבע, האָט ער געזאָגט, וועט זיין מיט דער רעפּובליק, וועלכע פערשאַפט זיך אומזיסטע שונאים. דערווייל איז אָנגעקומען פון טערקיי דער אידישער דיפּלאָמאַט שלמה אשכנזי אום אויסצואַרבייטען די בעדינ-גונגען פון פרידען, און די אידען זיינען געבליבען אויף זייערע ערטער אין דער ווענעציאַנישער רעפּובליק.

אַזעלכע צופעלען זיינען אָבער געווען זעלטענע. געוועהנליך האָט מען די אידען געדריקט און געשטיקט איבעראַל און קיינער האָט זיך פיר זיי ניט אָנגענומען. די האַנדעל-שטאָדט גענוא האָט אין יאָהר 1567 אַרויס-געטריבען די אידען, וועלכע זיינען פערבליבען נאָך דעם פריהערדיגען גירוש. דאָס לאַנד פעררארא איז אונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון פּאַפּסט און די אידען-פערפאָלגונגען האָבען זיך אויך דאָרט אָנגעפאַנגען. די אי-דען, און איבערהויפּט די מאַראַנאָס, האָבען אַליין אָנגעהויבען צו פערלאָזען דאָס לאַנד, ווייל זיי האָבען גוט געוואוסט וואָס זיי ערוואַרטעט דאָרט אונ-טער דער הערשאַפט פון פּאַפּסט. די פאָרמאַלנע אַרויסשיקונג פון די אידען איז אַפילו אָפּגעלעגט געוואָרען אויף 5 יאָהר, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז דאָס וועט שלעכט ווירקען אויף'ן עקאָנאָמישען צושטאַנד פון לאַנד, אָבער דערווייל האָט מען אָנגעהויבען דורכצופיהרען אין פּראַקטיק אַלע בע-שרענקונגען און ערנידריגונגען, וואָס די קירכע האָט בעשטימט פיר אידען. אין יאָהר 1624 האָט מען די אידען איינגעשלאָסען אין אַ געטאָ, ווי אין [illegible] אַנדערע שטעדט, וואָס זיי זיינען געשטאַנען אונטער דעם פּאַפּסט'ס

הערשאַפט. דער געטאָ אָבער איז פיר אידען אָפטמאָל געווען אַ סאָרט שוץ געגען אַ בעפאַל פון קריסטליכען המון.

פיעלע שרעקען האָבען אידען איבערגעטראָגען אין הערצאָגטום מאַי־לאַנד, וואו זיי האָבען געהאַט גרויסע וויכטיגע געמיינדעס. אין דער צוויי־טער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט האָט מאַילאַנד געהערט צום שפּאַ־נישען קעניג פיליפּ דעם 2טען, וועלכער איז געווען אַ געפעהרליכער אינקווי־זיטאָר. ער האָט איינינגע מאָל געשריבען צום וויצע־קעניג פון מאַילאַנד, אז ער זאָל פון דאָרט אַרויסטרייבען די אידען, אָבער דער וויצע־קעניג האָט עס אַלע מאָל אָפּגעלעגט, ווייל ער האָט געוואוסט, אז דאָס לאַנד וועט עקאָ־נאָמיש ליידען פון דעם גירוש. ער האָט צוליב געטאָן זיין מאָנארך און האָט געדריקט די אידען מיט וואָס ער האָט געקענט — ער האָט פערפאָלגט דעם תלמוד, געצוואונגען די אידען צו טראָגען אויף זייערע קליידער די פערהאַסטע לאַטע, טראָגען די געלע היטעל או. ד. גל. אָבער די אידען־פיינד אין מאַילאַנד זיינען ניט געווען צופרידען דערמיט, און זיי האָבען געשיקט צום קעניג פיליפּ אין שפּאַניען בעטען, אז מען זאָל די אידען אין גאַנצען פערטרייבען פון מאַילאַנד. די אידען האָבען אויך געשיקט אַ דע־פּוטאַציע מיט ר' שמואל הכהן אָן דער שפּיץ, אָבער זיי האָבען גאָרניט גע'־פּועל'ט. מען האָט זיי געגעבען צוויי חדשים צייט, און אין הערבסט פון יאָהר 1597 זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פיעלע אידען פון פערשיידענע שטעדט אין מאַילאַנד.

די וויכטיגע און קולטורעלע אידישע געמיינדע אין מאַנטואַ האָט אי־בערגעליטען אין יענער צייט אַלע שרעקען, וואָס אידען האָבען איבערגע־ליטען אין מיטעלאַלטער. די הערצאָגען פון מאַנטואַ זיינען געווען הייסע קאַטאָליקען און האָבען אָפּגעהיט אַלע געזעצען, וואָס די קירכע האָט אַרויס־געגעבען וועגען אידען. אין 1610 האָבען זיי פיר די אידען אין מאַנטואַ געמאַכט אַ בעזונדער קוואַרטאַל, אַ געטאָ. וועגען דעם האָבען שוין פרי־הער, אין יאָהר 1602, אָנגעהויבען אַגיטירען די פאַנאַטישע מאָנאַכען. אין יענעם יאָהר האָט אַ פאַנאַטישער מאָנאַך באַרטאָלאָמעאָ דאַ־סאַלוטיוואָ, וועלכער האָט געשפּילט אַ ראָלע פון אַ הייליגען, בעזוכט מאַנטואַ און האָט מיט זיינע פייערדיגע רעדעס שרעקליך אויפגערייצט די קריסטליכע בעפעל־קערונג געגען אידען. דערצו האָט ער געהאַלטען דרשות אין די שולען, וואו ער האָט צוגערעדט די אידען צו שמד'ן זיך. אין דער צייט פון איינער פון זיינע דרשות האָט אַ קריסט בעמערקט, ווי אידישע קינדער שפּילען זיך אויף'ן הויף פון שול. ער האָט פער'מסר'ט די קינדער פאַר דעם מאָנאַך,

דאָס זיי לאָכען פון זיינע דרשות. דערפאַר האָט מען באַלד געכאַפּט אייניגע אידען און מען האָט זיי אַריינגעוואָרפען אין געפענגנים. דאָרט האָט מען זיי שרעקליך געפּייניגט, ענדליך האָט מען זיי דערשטיקט און אויפגעהאַנגען פאַר די פיס, נאָכדעם האָט מען זיי צוגעבונדען צו די עקען פון פערד און מען האָט זיי געשלעפּט איבער די גאַסען. די מאַסע האָט נאָכדעם געוואָלט מאַכען אַ פּאָגראָם אויף אַלע אידען אין מאַנטוא, אָבער דער הערצאָג האָט עס ניט דערלאָזען.

שרעקליך איז געוועזען דער שיקזאַל פון די אידען אין מאַנטוא אין דער צייט פון דעם 30-יעהריגען קריג, ווען די עסטרייכישע אַרמעען פון דעם קייזער פערדינאַנד דעם 2טען האָבען בעלאַגערט די שטאָדט (1630). 7 חדשים האָט געדויערט די בעלאַגערונג פון דיזער שטאָדט. אין דיזער גאַנצער צייט האָבען די אידען פון דעם געטאָ געאַרבייט שווער טאָג און נאַכט אום צו בעפעסטיגען די שטאָדט. זיי האָבען זאָגאַר אום שבת געאַרבייט. פיעלע אידען האָבען אויך מיט געוועהר אין די הענט געשטריטען געגען שונא. אָבער ענדליך האָבען זיך די דייטשען אַריינגעריסען אין שטאָדט, האָבען צוראַבירט די אידען אין געטאָ און זיי אַרויסגעטריבען. מען האָט זיי ערלויבט צו נעהמען מיט זיך נאָר די נעטיגע זאַכען פון קליידער און 3 דוקאַטען פיר יעדען איינעם. מען האָט נאָר איבערגעלאָזען אייניגע אידען, פון וועלכע מען האָט ערוואַרטעט, דאָס זיי וועלען אויסזאָגען וואו די אַרויסגעטריבענע אידען האָבען בעהאַלטען זייערע ווערטפּולע זאַכען און זייער געלט. די אידען האָבען זיך געווענדעט צום קייזער פערדינאַנד און האָבען גע'פּועל'ט, אַז ער זאָל זיי ערלויבען צו בעזעצען זיך צוריק אין שטאָדט. אָבער נאָר איין העלפט האָט זיך צוריקגעקעהרט, די אַנדערע העלפט איז דערוויילע צושטאָרבען פון צרות און קראַנקהייטען. אָבער אויך די, וואָס האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין דעם געטאָ, האָבען געפיהרט אַ זעהר טרויעריגעם לעבען.

די ליטעראַטור. די ליידען פון די אידען אין יענער צייט אין איטאַליען האָבען געהאַט אַן איינפלוס נאָר אויף זייער עקאָנאָמישעם, מאַטעריעלעם לעבען, אָבער האָבען זיי ניט געשטערט אין דער ענטוויקלונג פון זייער קולטורעלען לעבען, וועלכעס האָט זיך אָנגעהויבען צו ענדערן צו גוטען אין דער צייט פון דער רענעססאַנס אין איטאַליען. די שטרעבונגען זייערע זיינען געוועזען פערשיידענאַרטיגע: די ענגע רבנישע אָרטהאָדאָקסיע פון די אשכנזים און די געלעהרזאַמקייט פון די ספרדים, מיסטישע אין פילאָזאָפישע אידעען, ״טרעננגע טענדענצען אויפצוהאַלטען אי-

דישקייט און שטרעבונגען צו פרייער פאָרשונג, טרויעריגע שטימונג פון מאַרטירער און אַ חשק צו רעפאָרמעס — דיזע אַלע פערשיידענע שטרע-בונגען האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט אין דער ליטעראַטור, וועלכע האָט זיך זעהר געשווינד פערשפּרייט דורך די הילף פון דער בוכדרוקעריי, וואָס איז ניט לאַנג ערפונדען געוואָרען.

אין דער ערסטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט האָט נאָך דער תלמוד געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין דער גייסטיגער בעשעפטיגונג פון די אידען אין איטאַליען. דער גייסט פון די גרויסע אידישע אויטאָריטעטען אין איטאַליען צו ענדע פון 15טען יאָהרהונדערט, ווי ר' יהודה מינץ און ר' יוסף קולון (מהרי"ק), האָט נאָך דאָרט געהערשט אין דער ערסטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט. עס האָבען געבליהט ישיבות, צווישען וועלכע די ישיבה פון פאַדואַ (פאַדובה) איז געווען די וויכטיגסטע. די גרעסטע תלמודישע אויטאָריטעטען פון יענער צייט זיינען געווען ר' אברהם בן יהודה מינץ, דער רב פון פאַדואַ, און זיין איידים ר' מאיר קאַצענעלענבאָגען. דיזער איז געווען בעוואוסט דורך זיינע ותשובות צו רבנים אין פיעלע לענדער אויסער איטאַליען. ר' מאיר קאַצענעלענבאָגען האָט געהאַט גרויס פרייד צו זעהן צום ערסטען מאָל גאַנץ ש"ס גדרוקט אין ווענעציאַ (1520). אָבער ער האָט דערלעבט דעם טרויער צו זעהן, ווי מען האָט געברענט דעם תלמוד אין פערשיידענע שטעדט אין איטאַליען אין די יאָהרען פון 1553 ביז 1565. מען האָט עס געבראַכט אַזוי ווייט, דאָס דער גרייז־גרויער רב ר' מאיר קאַצענעלענבאָגען האָט ניט געקענט בעקומען קיין איין איינציגען גאַנצען עקזעמפּלאַר פון תלמוד נאָכצוזעהן נעטיגע שטעלען. יונגע לייט, וואָס האָבען זיך געוואָלט איבערגעבען צום שטודיום פון תלמוד, האָבען געמוזט געהן נאָך דייטש-לאַנד און פוילען. אָבער נאָך דעם, ווי דער צענזאָר אין איטאַליען האָט אויסגעשטראָכען אין תלמוד אייניגע שטעלען, וואו עס ווערט דערמאָהנט וועגען קריסטען און קריסטענטום, און האָט ערלויבט צו דרוקען דעם תלמוד אָהן דיזע שטעלען, האָט זיך ענטוויקעלט אין איטאַליען דאָס שטודיום פון תלמוד.

אָבער דאָס שטודיום פון הלכה מיט איהר פּלפּול איז געוואָרען שוואַ-כער. מען האָט זיך גענומען צו אגדה און אָפּצוגעבען זיך מיט דרשות, אום אויפצוהויבען דעם מאָראַלישען צושטאַנד פון פאָלק. אין פאַדואַ איז בע-שטימט געוואָרען אַ צווייטער רב, ר' שמואל יהודה, דער זוהן פון ר' מאיר קאַצענעלענבאָגען, וועלכער האָט זיך געמאַכט פיר זיין אויפ-

גאבע צו האלטען פיר דאס פאלק דרשות איבער עטהיק. א זעהר בעריהמטער רעדנער פון יענער צייט איז געווען ר׳ יהודה מוסקאטו (מוסקאטא) אין מאנטוא (געשט. אין 1580). ער איז געווען דער מחבר פון „קול יהודה״, א פירוש אויף׳ן „כוזרי״. נאך א בעריהמטער רעדנער אין זיין צייט איז געווען ר׳ עזריה פיגו (פיגא), דער מחבר פון בעריהמטען דרוש-ספר „בינה לעתים״. ער איז געווען א בעריהמטער דרשן אין ווענעציא.

די גרויסע ליידען פון די אידען אין יענער צייט אין איטאליען, די פראפאגאנדע פון שלמה מולכו וועגען משיח׳ס צייטען און די פערשפרייטונג פון דער קבלה פון אר״י אין איטאליען האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף די אידישע גייסטער פון יענער צייט און האבען זיי געמאכט גענייגט צום מיסטיציזם. די רעגירונג האט אזוי ווי געהאלפען צו פערשפרייטען דיזע גייסטיגע ריכטונג צווישען די אידען. די צענזור, וואס האט געשטערט דער ענטוויקלונג פון דער רבנישער ליטעראטור, האט ניט נאר ניט געשטערט דער ענטוויקלונג פון קבלה, נאר זי האט איהר נאך געשטיצט. דעם „זוהר״ איז געווען ערלויבט צו דרוקען איבעראל, ווייל די קריסטליכע גייסטליכע האבען געפונען אין איהם שטעלען, וואס האבען נאך זייער מיינונג געצייגט, דאס ער איז נוטה צו אמונת השילוש (צו גלויבען אין דריי-איינינקייט). אין יאהר 1558—1559 איז דער „זוהר״ געדרוקט געווארען אין מאנטוא מיט דער הסכמה פון דריי רבנים מקובלים: ר׳ יצחק דלאטיש (דע לאטעס), ר׳ משה באסולי און ר׳ משה פרובינצאלי (פראווענסאלי). איינינע רבנים זיינען געווען שטארק דאגעגען, אז מען זאל דרוקען קבלה-ספרים און פערברייטען דיזע לעהרע צווישען פאלק. די אונצופרידענהייט מיט די מקובלים צווישען די פארזיכטיגע איז נאך שטארקער געווארען נאך דעם, ווי עס איז ערשינען א צווייטע אויסגאבע פון „זוהר״ אין קרעמאנא מיט א פאררעדע פון א משומד וויטטאריא עליאנא. א ביסעל שפעטער איז דער פאפסט ארויס מיט א בעפעהל, וועלכער האט ווידער גע׳אסר׳ט דעם „זוהר״ און אנדערע קבלה-ספרים. אבער דער איסור האט ניט געהינדערט די מקובלים צו שרייבען זייערע ספרים און פערברייטען זיי דורך האנטשריפטען, פיר וועלכע די ליבהאבער פון קבלה האבען בעצאהלט זעהר טייער. צו ענדע פון 16טען יאהרהונדערט איז אנגעקומען פון ארץ ישראל אין איטאליען דער מקובל ר׳ ישראל סרוק, דעם אר״י׳ס א תלמיד און א מיטארבייטער פון ר׳ חיים וויטאל, און האט דארט אנגעהויבען פערברייטען די

שיטה פון אר"י אין קבלה. ער האָט דאָרט דערצעהלט די וויכטיגע נבואות פון אר"י הקדוש און פון די מעשים פון זיין תלמיד מובהק ר' חיים וויטאַל. דער געלעהרטער ר' מ נ ח ם ע ז ר י ה פון פאַנאָ האָט זיך שטאַרק פער-אינטערעסירט אין דער נייער קבלה און האָט זי געזוכט אריינצובריינגען אין דער רעליגיאָנס-פּראַקטיק. ער האָט איינגעפיהרט אין אייניגע שטעדט אין איטאַליען, אַז מען זאָל אויף זיין נעכט, ניט שלאָפען, נאָר זאָגען תפלות און תשובה טאָן אויף די זינד און בעטען, אַז די גאולה זאָל גיכער קומען. דער גייסט פון אסקעטיזם (ענטזאגען זיך פון די תענוגים פון עולם הזה) האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר איינגעוואָרצעלט צווישען די איינוואוינער פון דעם געטאָ, אין דעם לאַנד פון דעם קלאָרען בלויען הימעל, וועלכעס איז נאָך ניט לאַנג צוריק געוועזן אַן אַנגענעהמער אָאַז (פרוכטבארער אָרט) אין דעם מדבר פון דעם מיטעלאַלטערליכען באַרבאַריזם.

די שרעקליכע ליידען פון אידישען פאָלק האָבען אַרויסגערופען אויסער קבלה אויך אַן אַנדער צווייג פון ליטעראַטור: ג ע ש י כ ט ע - ש ר י י ב ע - ר י י. דער איד האָט אימער ליב געהאַט צו דערמאָהנען און פערשרייבען זיינע צרות. אין יענער צייט האָט דער געוועזענער מאַראַנאָ ר' ש מ ו א ל א ו ס ק ו ו ע פערפאַסט אַ ווערק אין דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך אונטער'ן טיטעל „דער טרויסט פון אידען אין זייערע ליידען" (1552). אין דיזען ווערק שטעלט ער פאָר אין אַ דיאַלאָג (אַ געשפּרעך צווישען צוויי פּערזאָ-נען) ווי דער פּאַסטוך יעקב בעקלאָגט זיך פאַר זיינע חברים וועגען די שרעקליכע ליידען, וואָס זיין שאָף מוז ליידען פון די וועלף, די פעלקער, פון אייביג אָן, אָנהויבענדיג פון בבל און רוים און ענדיגענדיג מיט שפּאַניען און דייטשלאַנד. „גאַנץ אייראָפּאַ", זאָגט ער, „איז אַ גיהנום אויף דער ערד. אַלע פעלקער פון אייראָפּאַ האָבען מיט די טויטע טרופּען פון מיינע אָרימע שעפּעלאַך בעפּוצט זייערע נצחונות. ווי הונגעריגע לייבען און טיגערס האָבען זיי צופרעסען מיינע שוואַכע אונגליקליכע שעפּסעלאַך. פון רוים איז אַרויס די שרעקליכע ווילדע חיה, די אינקוויזיציאָן, פאַר וועלכער עס האָט געציטערט גאַנץ אייראָפּאַ; מיט איהר שוואַרצען שאָטען האָט זי פערפינסטערט גאַנץ אייראָפּאַ". דעם טרויסט פיר אידען געפינט ער נאָר דערין, דאָס די שרעקליכע ליידען מאַכען דעם אידען פיעל געזיטעטער, פיעל מאָראַלישער פון אַלע זייערע באַרבאַרישע בעדריקער. ער געפינט אויך אַ טרויסט אין דעם, וואָס דאָס אידישע פאָלק איז צוזעעט און צו-שפּרייט אין פערשיידענע טיילען פון דער וועלט, ווייל ווען זיי ווערען אונמענשליך פערפאָלגט אין איין לאַנד געפינען זיי שוץ אין אַן אַנדערען.

דאָס ווערק פון אוסקווע איז נאָר אַ סאָרט לירישע פּאָעמאַ. אין דער זעלבער צייט האָט אָנגעשריבען אַ ריכטיגעם היסטאָרישעם ווערק איבער די אידישע ליידען פון די קאַטאָלישע קלעריקאַלען ר׳ יוסף הכהן פון אַוויניאָן, זיד-פראַנקרייך. זיינע ספרים „דברי הימים למלכי צרפת ובית אוטומאַן” און „עמק הבכא” זיינען זעהר וויכטיגע היסטאָרישע ווערק. יוסף הכהן האָט געהערט צו אַ פאַמיליע, וועלכע איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, און ער האָט פערבראַכט זיינע ערסטע יאָהרען אין אַוויניאָן. פון אַוויניאָן איז ער אַוועק נאָך גענוא (איטאַליען). מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען אַרויסגעטריבען די אידען פון גענוא, און ער האָט זיך בעזעצט אין דער שטאָדט וואָלטאָדזשיאָ, ניט ווייט פון גענוא. עס האָט ניט לאַנג גענומען און מען האָט אויך פון דאָרט אַרויסגעטריבען די אידען, אָבער פיר יוסף הכהן האָט די שטאָדט-רעגירונג געוואָלט מאַכען אַן אויסנאַהמע און לאָזען איהם דאָרט וואוינען, ווייל ער איז געווען אַ זעהר בעליבטער דאָקטאָר אויך צווישען קריסטען, אָבער ער האָט ניט געוואָלט פערבלייבען אָהן זיינע אונגליקליכע ברידער און איז פון דאָרט אַוועק (1567). אין זיין ערסטען ווערק „דברי הימים” האָט ער בעשריבען דעם קריג צווישען קריסטענטום און איסלאַם, אייראָפּאַ און טערקיי, פון דער צייט פון די קרייץ-צוגען ביז דעם מיטען פון 16טען יאָהרהונדערט; דערביי דערצעהלט ער אויך די געשיכטע פון אידען אין יענער צייט. אין זיין צווייטען ווערק „עמק הבכא” דערצעהלט ער נאָר די געשיכטע פון אידישע ליידען אין אייראָפּאַ פון דער צייט פון די קרייץ-צוגען ביז זיין צייט (1575). איבערהויפּט אויספיהרליך ווערען געשילדערט אין דיזען ווערק די שרעקליכע פערפאָלגונגען אויף אידען פון דעם פּאַפּסט פּאַול דעם 4טען און זיינע מיטהעלפער. געשיכטע איז געשריבען מיט גרוים ביטערניס און מיט פערשטיקטע טרערען, וועלכע דער לעזער פיהלט אין יעדער פראַזע. ער טרייסט זיך דערמיט, דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען די גאַנצע מענשהייט וועט פערפלוכען און פעראַכטען די פעלקער און די הערשער פיר זייער אונגערעכטע גרויזאַמקייט געגען דער לאַנג-ליידענדער אונגליקליכער אידישער נאַציאָן.

דאָס אַנדערע היסטאָרישע ווערק פון יענער צייט „שלשלת הקבלה” פון גדליה אבן יחייא האָט פיעל וועניגער בעדייטונג אין דער היסטאָרישער ליטעראַטור. אין דיזען ווערק איז צוזאַמענגעמישט אמת מיט פאַנטאַזיע, פאַקטען מיט אַבערגלויבען. דער מחבר רעדט דאָרט זעהר פיעל

וועגען כשוף, וועגען שדים, שילדערט דעם גיהנום און דעם גן עדן מיט אזעלכע איינצעלהייטען, ווי ער וואָלט דאָרט זעלבסט געוועזען.

די געאָגראַפישע ענטדעקונגען פון קאָלומבוס'ן און מאַגעללאַן'ען האָבען אויך אין איניגע אידען ערוועקט דעם וואונש צו בעקאַנט מאַכען דאָס אי-דישע פאָלק מיט דער געאָגראַפיע פון דער וועלט לויט די נייערע פאָרשונ-גען. ר' אברהם פריצול (פאַריצאָל) האָט געשריבען אַ ווערק אונ-טער'ן טיטעל „אורחות עולם". דאָס איז אַ קורצע וועלט-בעשרייבונג נאָך די נייע ענטדעקונגען. אָבער הגם דער פערפאַסער איז געוועזען אַ מענש מיט סאָלידער בילדונג, האָט ער דאָך אין זיין ספר אַריינגעבראַכט לעגענדעס וועגען דעם פאַנטאַסטישען טייך סמבטיון, וואָס רוהט אום שבת און וואַרפט ניט קיין שטיינער אין דיזען טאָג, ווי ער טוט עס אין די אַנדערע טעג פון דער וואָך, ווי איניגע האָבען געגלויבט; אויך פעהלט דאָרט ניט קיין מעשיות פון די עשרת השבטים און אַנדערע לעגענדעס.

די אידישע פּאָעזיע, וועלכע איז אין גאַנצען ווי פערשוואונדען געוואָ-רען זינט דעם פּאָעט עמנואל פון רוים, האָט אין אָנפאַנג פון 17טען יאָהר-הונדערט געהאַט צוויי פאָרשטעהער. דאָס זיינען געוועזען צוויי פרויען, דבורה אַסקאַרעללי און שרה סוללאַם, וועלכע האָ-בען געשריבען זייערע שאַפונגען אין איטאַליעניש. דבורה איז געוועזען די פרוי פון אַ רייכען מאַן אין רוים. זי האָט איבערזעצט אין אַ שענער פּאָעטישער שפּראַך איניגע העברעאישע תפלות, זי האָט אָבער אויך גע-שריבען איניגע אָריגינעלע פּאָעמאַס. שרה סוללאַם איז געוועזען אַ טאָכטער פון אַ ווענעציאַנישען אידישען קויפמאַן און איז געוועזען איינע פון די גע-בילדעטסטע פרויען אין איטאַליען פון יענער צייט. אַ בעריהמטער קאַ-טאָלישער גייסטליכער האָט אָנגעווענדט פיעל מיה צו בעקעהרען דיזע אי-דישע פּאָעטעסע צום קריסטענטום, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. דאַן האָט ער פון איהר פערלאַנגט, אַז זי זאָל איהם ערלויבען צו בעטען גאָט, דאָס ער זאָל דאָך איהר אַראָפּשיקען פון הימעל די אַלע גליקען, וואָס דער קריסטליכער גלויבען ברייננגט דער מענשהייט. זי האָט איהם דאָס ער-לויבט מיט דער בעדינגונג, דאָס ער זאָל אויך איהר ערלויבען צו בעטען גאָט, אַז ער זאָל זיך ענדליך איבערצייגען אין די וואהרהייטען פון יודענ-טום. שרה סוללאַם איז געשטאָרבען אין יאָהר 1641. פון איהר זיינען געבליבען נאָר איניגע סאָנעטען און אַ ווערק, וועלכעס בעווייזט, דאָס זי האָט געגלויבט אין דער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע.

**דער הומאַניזם און דאָס פריי־דענקען.** דער איטאַליענישער הומאַניזם (שטודיום פון שפּראַכען און קלאַסיקער) האָט געהאַט אַן איינפלוס אויף די אידישע ליטעראַטור אין צוויי ריכטונגען: 1) ער האָט געפיהרט צו קריטישע פאָרשונגען אין דער שפּראַך און אין דער אַלטער ליטעראַטור, און 2) ער האָט געשאַפען אַ נייגונג צו פּלאַטאָ'ס פילאָזאָפיע אַנשטאָט אַריסטאָטעל'ס. יהודה לעאָן אברבנאל, דער זוהן פון דעם בעוואוסטען דון יצחק אברבנאל, האָט געשריבען אַ ווערק אין איטאַליעניש וועגען ליבע. לויט זיין טעאָריע איז ליבע די הויפּט־קראַפט, וואָס ברייננגט די גאַנצע וועלט אין בעוועגונג. דורך ליבע האָט גאָט בעשאַפען די וועלט, די ליבע רעגולירט דעם מענשען'ס לעבען און זיינע בעציהונגען צו גאָט, דעם ערסטען וועלט־קוואַל. חכמה, מעשים טובים, גלויבען, וויסענשאַפט און שענקייט זיינען ניט מעהר ווי רעזולטאַטען פון ליבע, אָדער פון דעם שטרעבען פון דער זעעלע צו פעראייניגען זיך מיט גאָט. דיזע געדאַנקען אין זיין ווערק וועגען ליבע זיינען געוועזען די אורזאַך, וואָס איינינגע קריסטען האָבען בעהויפּטעט, דאָס יהודה לעאָן אברבנאל האָט צו ענדע פון זיין לעבען אָנגענומען דאָס קריסטענטום.

דאָס שטרעבען פון די הומאַניסטען צו פערשטעהן גרינדליך דאָס אַלטערטום פון די גריכען און רוימער האָט געפיהרט דערצו, דאָס זיי האָבען זיך גענומען ערנסט שטודירען די שפּראַכען פון די אַלטע גריכען און רוימער. מיט דעם זעלבען צוועק האָבען זיי גענומען אויך שטודירען די העברעאישע שפּראַך, אום צו זיין אין שטאַנד צו פערשטעהן גרינדליך אויך די אידישע אַלטערטימער. צו דיזען צוועק האָבען זיך די קריסטליכע געלעהרטע געווענדט צו אידישע געלעהרטע פון יענער צייט, אַז זיי זאָלען זיי בעקאַנט מאַכען מיט דער העברעאישער שפּראַך. דער גרויסער דייטשער הומאַניסט רייכלין האָט געלערנט די העברעאישע שפּראַך אונטער דער פיהרונג פון דעם אידישען דאָקטאָר און געלעהרטען ר' עובדיה ספורנו, דער וואָס האָט אויך געשריבען אַ פּירוש אויף תורה אונטער'ן נאָמען „ספורנו" (געשט. אין 1550). איינינגע פון זיינע ווערק האָט ער געשיקט צום פראַנצויזישען קעניג היינריך דעם 2טען. אַן אַנדער אידישער געלעהרטער, ר' אליה לעוויטא (1469—1549), האָט נאָך מעהר געטאָן פיר די העברעאישע שפּראַך. ער איז געוועזען אַ געבאָרענער אין דייטשלאַנד און איז געוועזען יאָהרען־לאַנג נע ונד אין איטאַליען. אין פערשיידענע שטעדט האָט ער געגעבען לעקציאָנען אין דער העברעאישער גראַמאַטיק, און האָט זיך ענדליך בעזעצט אין רוים. דאָרט האָט ער געגעבען לעקציאָ-

נען אין העברעאיש דעם קאַרדינאַל עגידיאָ דע־וויטערבאָ. דיזער קאַרדינאַל האָט איהם געהאָלפען ארויסגעבען זיינע בעריהמטע ווערק אין דער העברעאישער שפּראַך־פאָרשונג, ווי זיין העברעאישע גראַמאַטיק „ספר הבחור" (דערפון נעהמט זיך, וואָס אין דער העברעאישער ליטעראַטור איז ער בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען ר׳ אליה „בחור"), „תשבי", א תלמודישער לעקסיקאָן, און „מתורגמן". אין יאָהר 1527, ווען קאַרל דעם 5טען׳ס ארמעע האָט צוראַבירט רוים, איז זיין אייגענטום אויף אין גאַנצען צורויבט געוואָרען און ער איז אַוועק נאָך ווענעציאַ, וואו ער איז געוואָרען א מגיה אין די אידישע דרוקען. דאָרט האָט ער פערפאַסט א ווערק איבער די „מסורה", וואו ער האָט בעוויזען, דאָס די נקודות זיינען ערפונדען אָדער געשאַפען געוואָרען נאָך דער תלמודישער צייט. לעוויטאַ האָט זיך צונויפגעשריבען מיט פיעלע קריסטליכע געלעהרטע. דער פראַנצויזישער קעניג פראַנץ דער 1טער האָט איהם פאָרגעשלאָגען צו זיין פראָפעסאָר פון העברעאיש אין פאַריזער אוניווערזיטעט, אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט. די נאָהענטע בעקאַנטשאַפט מיט קריסטען האָט געהאַט א טרויעריגען איינפלוס אויף זיין פאַמיליע. 2 ענקלעך זיינע האָבען זיך געטויפט און זיינען געוואָרען גייסטליכע פון דער קאַטאָלישער קירכע.

דער גרינדער פון אידיש־היסטאָרישער קריטיק איז געווען ר׳ ע ז ר י ה ד ע ר אָ ס ס י (העברעאיש „מן האדומים", געב. 1514, געשט. 1578). ער איז געווען א פיעלזייטיג געבילדעטער מענש. איינע פון זיינע שטרעבונגען איז געווען צו בעקאַנט מאַכען די אידישע לעזער מיט די ווערק און געדאַנקען פון די אַלטע אידישע חכמים, ווי פילון דעם אַלעקסאַנדריער און יאָזעפוס פלאַוויוס, וועלכע האָבען געשאַפען א צוזאַמענבאַנד צווישען דער העברעאישער ליטעראַטור און דער גריכיש־רוימישער. נאָך דער ערד־ציטערניס, וואָס האָט געטראָפען אין פעררארא אין יאָהר 1570, האָט ער געשריבען זיין בעריהמטעס ווערק „מאור עינים", וועלכעס בעשטעהט פון 3 טיילען. דער ערסטער טייל פון דעם בוך בעשרייבט די ערד־ציטערניס, דער צווייטער טייל איז אַן איבערזעצונג פון אַריסטעאַס׳עס ווערק וועגען דער גריכישער איבערזעצונג פון דער ביבעל, וואָס איז בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען „סעפּטואַגינטאַ" (העתקת השבעים). דער דריטער טייל — דער וויכטיגסטער — בעהאַנדעלט די ווערק פון פילון און יאָזעפוס, וועגען די אידישע כתות, איבערהויפּט וועגען די איסיים. די רבנים פון זיין צייט זיינען געווען שטאַרק אונצופרידען מיט זיינע קריטישע פאָרשונגען אין דער ביבעל און אין תלמוד. דע ראָססי האָט זיך געפּרובט פערענטפערן אויף זיינע פאָר-

שונגען און האָט וועגען דעם געשריבען אַ בעזונדער ווערק אונטער'ן נאָמען „מצרף לכסף". אָבער דאָס האָט איהם ניט געהאָלפען. די רבנים פון מאַנ- טוא האָבען גע'אסר'ט דעם ספר „מאור עינים" פיר יונגע מענשען פאַר 25 יאָהר. מען דערצעהלט, דאָס דער פערפאַסער פון „שלחן ערוך", ר' יוסף קארו, האָט געוואָלט אריינלעגען דע ראַססי'ן אין חרם פיר זיין ספר „מאור עינים", נאָר ער איז געשטאָרבען איידער ער האָט געקענט דורכ- פיהרען זיין פּלאַן.

אָבער דער קריטישער גייסט האָט אריינגעדרונגען אויך אין דער ספערע פון די רבנים. אַ מיטגליד פון דעם רבנים=קאָללעגיום אין ווענעציא, ר' יהודה אריה די מודינה (1571—1648), איז אויך געוועזן אַ שאַרפער קריטיקער. ער איז געוועזן אַ העכסט געבילדעטער מאַן, אַ גרוי- סער תלמודיסט און אַ טיכטיגער רעדנער. אָבער זיין גאַנצעס לעבען איז געוועזן פול מיט ווידערשפּרוכען. ער האָט געשריבען אַ ווערק געגען קאָר- טען=שפּיל, און אַליין איז ער געוועזן אַ שרעקליכער קארטיאָזשניק, אַ זאַך, וואָס האָט גאָרניט געפּאַסט פאַר אַ רב. אין שול האָט ער געהאַלטען פּיי- ערדיגע רעדעס אַלס אַ שטרענגער אָרטהאָדאָקס, און ביי זיך צו הויז האָט ער געטאָן אַזעלכע זאכען, דאָס ווען מען זאָל זיך געוועזן דערפון דערוויסען, וואָלט מען איהם געשטעמפּעלט אַלס אַן אַפּיקורוס. ער האָט געשריבען ווערק אין פערשיידענע צווייגען פון ליטעראַטור: איבער'ן תלמוד, שלחן ערוך, פּאָעזיע, אַ בוך וועגען מעדיצין און קמיעות, און אַ פּירוש אויף אגדות חז"ל אונטער'ן נאָמען „הבונה" אָדער „בית יהודה". אין דיזע ספרים האָט ער אַרויסגעזאָגט זעהר פרייע געדאַנקען וועגען תלמוד און וועגען דער אי- דישער רעליגיאָן. צוויי ספרים זיינע, „ארי נוהם" און „קול סכל ושאגת אריה" אָדער „בחינת הקבלה", זיינען געדרוקט געוואָרען ערסט 200 יאָהר נאָך זיין טויט. אין „ארי נוהם" ציינט ער אויף, דאָס דער זוהר איז ניט פון ר' שמעון בן יוחאי און איז געשריבען פיעל שפּעטער, און דאָס די קבלה איז גאָר געגען די פּרינציפּען פון יודענטום. אין זיין „בחינת הקבלה" איז ער אַרויס געגען תלמוד און תורה שבעל פּה, און ער האָט געפאָדערט אַ רע- פאָרמע אין דער רעליגיאָן. ווען מען וואָלט וועגען דיזע זיינע פרייע גע- דאַנקען ערפאַהרען אין זיין צייט, וואָלט מען איהם אָהן צווייפעל פערפאָלגט אַלס אַ געפעהרליכען אַפּיקורוס.

דער אַנדערער געלעהרטער און דענקער פון יענער צייט איז געוועזן ר' יוסף שלמה דיל מעדיגאָ (1591—1655). ער איז גע- באָרען געוואָרען אין קאַנדיא, און איז געוועזן אַן אור=עניקעל פון דעם בע-

וואוסטען פילאָזאָף ר' אליהו דיל מעדיגאָ, דעם פערפאַסער פון „בחינת הדת". ער האָט געשטודירט מאַטהעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע אין פּאַדוער אוניווערזיטעט אונטער דעם גרויסען געלעהרטען פון יענער צייט גאַלילעאי. אויסער זיינע מאַטהעמאַטישע, אַסטראָנאָמישע און מע-דיצינישע קענטניסען איז ער אויך געווען אַ טיכטיגער תלמודיסט און מקובל. ער האָט געהאַט אַ בעזונדערען חשק צום רייזען. ער איז געווען אין מצרים, קאָנסטאַנטינאָפּעל, וואַלאַכיע, פּוילען, ליטא, וואו ער איז געווען אַ הויז-דאָקטאָר ביי דער פאַמיליע פון ליטווישען פירסט ראַדזיוויל. נאָכדעם איז ער אַוועק נאָך דייטשלאַנד און אַמסטערדאַם. אין פראַנקפורט איז ער גע-וואָרען דער דאָקטאָר פון דער אידישער געמיינדע. ער איז ענדליך געשטאָר-בען אין פּראַג (1655). זיינע פערשיידענע קענטניסען האָבען איהם גע-שטערט צו האָבען אַ געוויסע שיטה, און ער האָט זיך געוואָרפען אַמאָל צו פילאָזאָפיע און אַמאָל צו קבלה, און זיין גאַנצעס לעבען איז געווען פול מיט סתירות. אין זיין בעריהמטען ווערק „אלים" האָט ער געוואָלט פעראייניגען נאַטור-וויסענשאַפט מיט רעליגיאָן און קבלה, אָבער עס איז איהם ניט גע-לונגען. ער האָט די זאַך נאָך מעהר פערפּלאָנטערט. אין אַ בריף צו זיי-נעם אַ פריינד, אַ קאַראַאים זרח, טאַדעלט ער די קבלה, און אין זיינע ספרים „מצרף לחכמה" און „נובלות חכמה" פערטיידיגט ער זי. ער איז געווען אַ פּראָדוקט פון יענער צייט, ווען דער רענעססאַנס פון איין זייט און דער געטאָ פון דער אַנדערער זייט האָבען געצויגען דעם אידישען גייסט אין פערשיידענע ריכטונגען.

## ג. די אידען אין דייטשלאַנד אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן.

מאַקסימיליאַן דער 1טער. נאָך דעם, ווי דער שפּאַניש-אידישער צענטער איז צושטערט געוואָרען דורך דעם גירוש פון שפּאַניען, און די אי-דען האָבען געהאַט גרויסע געמיינדעס אין דייטשלאַנד, וועלכע האָבען גע-האַט אַ געוויסע אויטאָנאָמיע, האָט מען געקענט רעכנען, דאָס דער צענטער פון דער אידישער קולטור זאָל זיך גרינדען אין דייטשלאַנד. אָבער ניט אימער האַלטען אַזעלכע היסטאָרישע חשבונות אויס אין דער פּראַקטיק, ווייל זעהר אָפט טרעפט, דאָס אונערוואַרטעטע אורזאַכען שטערען דעם היס-טאָרישען גאַנג און גיבען איהם אַן אַנדער ריכטונג. עס איז וואַהר, דאָס די רעפאָרמאַציאָן האָט צוגענומען פון די קאַטאָלישע קלעריקאַלען זייער מאַכט צו דריקען די אידען, אָבער דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען און דער ראַסען-האַס האָבען פאָרטגעזעצט זייער דרוק אויף זיי ווי פריהער און זיי זיי-

נען געבליבען די זעלבע קאמערקנעכט; זייער עקאָנאָמישער צושטאנד איז געבליבען אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון דעם אָדער פון יענעם הערשער. און דעריבער איז דייטשלאנד ניט געווען מסוגל צו ענטוויקלען צווישען די אידען א געוויסע קולטור. דער גינסטיגער אָרט דערצו איז דאמאָלס געווען פוילען און ליטא, וואו די אידען האָבען דאמאָלס געהאט געוויסע פּריווי־לעגיעס און זייער עקאָנאָמישער צושטאנד איז געווען צופרידענשטעלענד. אין דייטשלאנד האָבען די אידען ניט געהאט קיין רעכטען. מען האָט זיי נאָר געדולדעט, אָבער ווען מען האָט זיי ניט געדולדעט, אויס ראסען־האס אָדער רעליגיאָנס־האס, האָט מען זיי געטריבען פון זייערע ערטער, אָדער מען האָט זיי געמאכט אזוי ענג, דאָס זיי האָבען אליין געמוזט עמיגרירען. דאן האָט זיך אָבער דער קייזער אריינגעמישט און האָט דערין געשטערט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט פערלירען זיינע קאמערקנעכט, און ער האָט זיי בעזעצט אין אן אנדער אָרט פון זיין אימפּעריע, וואו מען האָט זיי געדולדעט, אָבער געדריקט.

באלד אין אָנפאנג פון דער רעגירונג פון מאקסימיליאן דעם 1טען (1493—1519) האָבען זיך אָנגעהויבען גירושים אויף אידען אין פערשיי־דענע שטעדט פון דייטשלאנד. די הויפּט־אורזאך דערפון איז געווען דער גירוש שפּאניען. די שטאָדט־פערוואלטונג פון נירנבערג איז געווען די ערסטע, וואָס האָט פערלאנגט פון קייזער די ערלויבניס ארויסצוטרייבען פון דאָרט די אידען. דאָס הויפּט־פערברעכען פון די אידען איז בעשטאנ׳ין דערין, וואָס זיי האָבען זיך ערלויבט אויפצונעהמען איינינע עמיגראנטען, און האָבען דערמיט פערגרעסערט אין שטאָדט די צאָהל פון אידען. דער קייזער האָט נאָכגעגעבען דעם וואונש פון די נירנבערגער, און די אידען זיינען ארויס פון נירנבערג און האָבען זיך בעזעצט אין פראנקפורט אם מאין. אזוי איז צושטערט געוואָרען די אידישע קהלה אין נירנבערג, זייער פער־מעגען איז קאָנפיסקירט געוואָרען און די שטאָדט האָט פיר זייערע אונבע־וועגליכע גיטער: הייזער, שולען, בתי קברות, געגעבען דעם קייזער 8,350 גולדען. ערסט אין דער צווייטער העלפט פון 19טען יאָהרהונדערט האָט זיך וויעדער געגרינדעט אין נירנבערג א אידישע קהלה.

אויך פון פיעלע אנדערע שטעדט האָט מען געטריבען אידען אין דער צייט פון דער רעגירונג פון מאקסימיליאן דעם 1טען, ווי פון מאגדעבורג, קאָל־מאר און נערדלינגען. אָבער עס זיינען אויך געווען צופעלען, ווען דער קיי־זער האָט זיך אָנגענומען פיר די אידען און האָט זיי געשיצט געגען די פער־פאָלגונגען פון דער שטאָדט־פערוואלטונג, ווי צ. ב. געגען די פערפאָלגונגען

פון דער שטאָדט רעגענסבורג. אָבער זייערע פערפאָלגער האָבען זיי שרעק־ליך גע׳רודפ׳ט. אז דער מאַגיסטראַט און די קלעריקאַלען פון רעגענסבורג האָבען געזעהען, דאָס דער קייזער מאַקסימיליאַן האַלט פיר די אידען, האָבען זיי געמאַכט געגען זיי אַ באָיקאָט פון זיי ניט צו קויפען און צו זיי ניט פערקויפען קיין שום זאַך. די אידען האָבען געליטען, אָבער האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען. ערסט נאָך דעם טויט פון מאַקסימיליאַן׳ען איז עס געלונגען דעם מאַגיסטראַט פון רעגענסבורג אַרויסצוטרייבען פון דאָרט די אידען (1519). דער מאַגיסטראַט זעלבסט האָט אויפגעהעצט דאָס פאָלק, איבערהויפּט די אַרבייטער, געגען די אידען, און דערנאָך האָט ער, אום צו־פרידענצושטעלען די אויפגערעגטע מאַסע, געגעבען אַ בעפעהל, דאָס די אי־דען מוזען פערלאָזען די שטאָדט אין פערלויף פון 8 טעג. פיר אַלע חובות, וואָס די קריסטען זיינען געווען שולדיג צו אידען, האָט זיי די שטאָדט גע־געבען אַ זעהר קליינע סומע. איבער 500 פּערזאָן האָבען זיך אַריינגעזעצט אין קליינע שיפלאַך און זיינען אַריבער דעם דונאַי און האָבען זיך בעזעצט אין די פּראָווינצען פון די בייערישע הערצאָגען. די פרומע קאַטאָליקען האָבען באַלד צושטערט די שענע „סינאַגאָגע פון דעם טייוועל״ און אויף געשטעלט אויף דעם זעלבען אָרט אַ קירכע מיט׳ן נאָמען „די שענע מאַריאַ״.

אין עסטרייך איז די אידען געווען נאָך פיעל ערגער. די איינוואוינער פון סטיריען און קאַרנטען האָבען געבעטען דעם קייזער מאַקסימיליאַן, אַז ער זאָל זיי ערלויבען אַרויסצוטרייבען די אידען, און זיי ווילען איהם בע־צאָהלען דעם היזק, וואָס ער וועט דערפון האָבען. דער קייזער האָט זייער וואונש נאָכגעגעבען. די אידען זיינען פון יענע ערטער אַרויסגעטריבען גע־וואָרען (1496) און האָבען זיך בעזעצט אין אייניגע אונגאַרישע שטעדט. אויך די קריסטען פון וויען און אייניגע אַנדערע שטעדט האָבען פערלאַנגט פון קייזער די ערלויבנים אַרויסצוטרייבען די „שונאים פון קריסטוס׳ן און זייער מוטער מאַריאַ״. דעם קייזער זיינען אַפילו געווען שטאַרק געפעלען די הייליגע געפיהלען פון די פרומע קריסטען, אָבער ער האָט זיך ניט גע־איילט אַרויסצוטרייבען די אידען, ווייל ער האָט ניט געוואָלט פערלירען די איינקונפטען פון זיי. ענדליך האָט ער געמוזט נאָכגעבען דעם וואונש פון פאָלק און האָט אין 1518 אַרויסגעטריבען די אידען פון וויען און פון נאָך אייניגע שטעדט און האָט זיי ערלויבט צו בעזעצען זיך אין אַנדערע שטעדט ביי דער גרענעץ.

דיזער צושטאַנד האָט געשאַפען ביי אידען די „שתדלנים״, וועלכע האָ־בען פערטרעטען די אידישע אינטערעסען פאַר דער רעגירונג. דיזע האָבען

געוואוסט פריהער פון יעדער פערפאָלגונג, וואָס ווערט געפּלאַנט געגען אידען, און האָבען געזוכט מיטלען ווי מבטל צו זיין אַ גזירה איידער זי איז געוואָרען אַ געזעץ. איינער פון דיזע שתדלנים איז געווען יאָזעלמאַן פון ראָסהיים (1478—1554). אַ געבאָרענער אין עלזאַס האָט ער שוין אין זיין יוגענד זיך בעקענט מיט דעם יודענהאַס, וואָס האָט אימער געהערשט אין יענע ערטער, און האָט זיך ענטזאַגט פון זיין וואונש צו ווערען אַ רב, און האָט בעשלאָסען צו טאָן וואָס ער קען אום צו פערגרינגערן וויפיעל עס איז די אידישע ליידען. זינט דעם יאָהר 1510 האָט ער אָנגעהויבען אַרויס־טרעטען אַלס אַ שתדלן כמעט פיר אַלע אידישע געמיינדעס אין דייטשלאַנד. וואו און ווען עס איז פאָרגעשטאַנען אַ געפאַהר פיר אידען, איז יאָזעלמאַנן באַלד ערשינען מיט פערשיידענע דאָקומענטען וועגען אידישע פּריווי־לעגיעס, אָפטמאָל האָט ער געזוכט צו ערוועקען אין די הערצער פון די קריסטליכע בעאַמטע אַ געפיהל פון מיטלייד, און זעהר אָפט מיט געלט. אין יאָהר 1515 האָט ער אויסגעפיהרט, אַז מען זאָל מבטל זיין די גזירה וועגען אַרויסטרייבען די אידען פון עלזאַס. אין יאָהר 1517 האָט ער אויס־געווירקט פון קייזער אַ שטרענגען בעפעהל צום קורפירסט פון מאַינץ, אַז ער זאָל ניט טרייבען די אידען פון דיזער שטאָדט. אָבער בעזונדערס וויכ־טיג איז געווען זיין שתדלנות אין דער שטירמישער צייט פון דעם קייזער קאַרל דעם 5טען אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן.

פּפעפּפערקאָרן און רייכלין. פיר די קלעריקאַלען און די פינסטער־לינגען פון יענער צייט איז געווען וועניג וואָס זיי האָבען ערנידריגט די אידען ביז דער נידריגסטער שטופע, זיי האָבען געוואָלט דאָס גאַנצע יודענ־טום עוקר מן השורש זיין. פערפאָלגען דעם גלויבען, ברענען די רעליגיעזע ביכער פון די אידען איז ביי זיי געוואָרען אַ הייליגער פּרינציפּ. אין דעם שטרייט פון יענער צייט צווישען די קאָמוניסטען און די פינסטערלינגען האָט דאָס יודענטום געשפּילט אַ גרויסע ראָלע.

אין קאָלן, וועלכע איז דאַמאָלס געווען דער צענטער פון די דייטשע קלעריקאַלען, האָט זיך אין אָנפאַנג פון 16טען יאָהרהונדערט בעוויזען אַן אונגעוועהנליכע בעוועגונג. דאָרט האָבען געהערשט די הויפּט־אָנפיהרער פון די פינסטערלינגען, ווי דער אינקוויזיציאָנס־ריכטער האָכשטראַטען, דער פּראָפעסאָר פון טהעאָלאָגיע אַרנאָלד, און פיעלע אַנדערע בעריהמט־הייטען. פון דיזען לאַגער האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע פערפאָלגונג געגען דעם אידישען גלויבען. די פינסטערלינגען האָבען געהאַט אַ בעזונ־דער אינטערעס צו פערפאָלגען דאָס יודענטום, ווייל די הומאַניסטען האָבען

זיך דאַמאָלס פּעראינטערעסירט אין איהם און האָבען גענומען די אַלטע אידישע ליטעראַטור אַלס אַ וואַפּען געגען די פינסטערלינגען, און וויל זיי (די פינסטערלינגען) האָט זיך שטאַרק געוואָלט צו׳שמד׳ן אַלע אידען, ווי שפּאַניען האָט עס געוואָלט. דער צענטער פון דיזען שטרייט איז געווען דער משומד יאָהאַן (יוסף) פּפעפּפּערקאָרן, אַ געוועזענער אידישער קצב, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון אַ גרויסער שטראָף פיר גנבה דורך דעם, וואָס ער האָט אָנגענומען דאָס קריסטענטום, און וועלכען די קלעריקאַלען האָבען געקרוינט פיר אַ גרויסע אויטאָריטעט, אַ רב, אין יודענטום. מיט דער הילף פון די קלעריקאַלען האָט ער אָנגעהויבען אַ געפעהרליכען שטרייט געגען אידען און יודענטום. אין צייט פון 2 יאָהר, פון 1507 ביז 1709, האָבען די קלעריקאַלען אַרויסגעלאָזען 4 בראָשורען: „דער יודענשפּיגעל", „די יודענבייכט", „אָסטערבוך" און „דער יודענפיינד", וועלכע זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון דעם מאַטעריאַל, וואָס פּפעפּפּערקאָרן האָט זיי צוגעשטעלט. אין דיזע ווערק ווערט רעקאָמענדירט אַלע הערשער, אום צו בעזיגען דאָס פאַלשע יודענטום און ברייגנען די אידען צום שמד, פריהער פון אַלעם צו פערברענען דעם תלמוד, וועלכער איז דער הויפּט־גרונד פון אידישער פערפיהרונג, דאַן זאָל מען זיי צווינגען צו געהן אין די קירכען און צוהערען זיך צו די דרשות פון די גייסטליכע וועגען קריסטענטום, און פערוועהרען זיי צו פערלייהען צו קריסטען געלט אויף פּראָצענט. און ווען דאָס אַלעס וועט ניט העלפען, זאָל מען זיי אַרויסטרייבען פון איבעראַל, ווי מען האָט זיי שוין אַרויסגעטריבען פון שפּאַניען, פראַנקרייך, ענגלאַנד, און פון אייניגע ערטער אין דייטשלאַנד און עסטרייך. מען זאָל צונעהמען פון די אידען אַלע קוועלען פון פּרנסה, און ערלויבען זיי צו טאָן נאָר שמוציגע אַרבייט: רייניגען די גאַסען און די אָפּטרעטען, קעהרען די קוימענס או. ד. גל. די דאָמיניקאַנער האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס אום צו פערשפּרייטען דיזע גיפטיגע ליטעראַטור. די פינסטערלינגען איז געלונגען צו פּעראינטערעסירען אין דיזער ליטעראַטור וויכטיגע פּערזאָנען, צווישען אַנדערע אויך די פרומע שוועסטער פון קייזער מאַקסימיליאַן דעם 1טען, די מאָנאַשקע קוניגונדע. דורך איהר רעקאָמענדאַציאָן איז געלונגען פּפעפּפּערקאָרן׳ען אַרויסצוקריגען פון קייזער אַ בעפעהל צו פערברענען אַלע אידישע „שעדליכע ספרים" (1509). מען האָט איהם געגעבען פולמאַכט אָפּצונעהמען פון די אידען די ספרים, אין וועלכע עס געפינען זיך בעליידיגונגען געגען קריסטענטום, און פערניכטען זיי.

זיין ארבייט האָט פפעפפערקאָרן אָנגעהויבען אין פראַנקפורט אַם מאַין, וואו עס האָט זיך דאַמאָלס געפונען אַ גרויסע אידישע געמיינדע. ער האָט דאָרט קאָנפיסקירט אַלע אידישע סדורים, וואָס ער האָט געפונען אין שול, און האָט בעשטימט אויף סוכות צו מאַכען אַן אונטערזוכונג אין די אידישע הייזער. אָבער די פראַנקפורטער אידען האָבען זיך געשטעלט געגען דיזען אונרעכט און האָבען פּראָטעסטירט געגען דיזער האַנדלונג פון דעם משומד, ווייל זי איז געגען די פּריווילעגיעס, וואָס די פריהערדיגע קעניגען און פּאַפּסטען האָבען זיי געגעבען. זיי האָבען דערלאַנגט זייער פּראָטעסט צום מאַגיסטראַט און צום מאַינצער ערץ-בישאָף. דער מענשענפריינדליכער ערץ-בישאָף אוריאל האָט זיך געווענדט צום קייזער און האָט זיך אָנגענומען פיר די אידען. „אין אַזאַ וויכטיגער פראַגע ווי פערפאָלגען די אידישע רעליגיעזע ספרים", האָט ער ערקלערט, „קען מען זיך ניט פערלאָזען אויף די אויטאָריטעט פון אַ פערדעכטיגען משומד, אַ פינסטערלינג פון דער נידריגסטער שטופע. מען מוז אין דיזער פראַגע ווענדען זיך צו געוויסע געלעהרטע ספּעציאַליסטען". אין דער זעלבער צייט האָבען די אידען געשיקט זייערע שתדלנים מיט אַ בקשה, אַז ער זאָל עס איבערגעבען צו אַ קאָמיסיאָן פון געלעהרטע, און זיי זאָלען די זאַך ריינדליך אויספאָרשען.

אַ זעהר גרויסער געלעהרטער אין העברעאיש אין יענער צייט איז געווען יאָהאַן רייכלין. ער האָט גרינדליך ערלערנט די העברעאישע שפּראַך אונטער דער ליטונג פון אידישע געלעהרטע אין דייטשלאַנד און איטאַליען. ער האָט געליבט די ביבלישע שפּראַך און האָט זי פערהייליגט. ער איז אָבער אָנפאַנגס אויך געווען פיינדליך צו אידען פיר זייער עקשנות, פיר זייער ניט גלויבען אין קריסטענטום; אָבער שפּעטער, ווען ער איז געוויער בעקאַנט געוואָרען מיט דער אידישער געשיכטע, האָט ער עס אויפגעפאַסט גאַנץ אַנדערס. די פראַגע פון די אידישע רעליגיאָנס-ביכער איז דאַמאָלס איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָמיסיאָן פון אויטאָריטעטען פון יענער צייט, ווי האַכשטראַטען און אַנדערע פינסטערלינגען, אָבער אויך רייכלין איז געווען אין דיזער קאָמיסיאָן, און אויף איהם האָבען די אידען געלעגט זייער גאַנצע האָפנונג אין דיזער פראַגע.

דערווייל האָט פפעפפערקאָרן פאָרטגעזעצט זיין טייפלישע אַרבייט. ער און זיין באַנדע האָבען ווידער אַרויסגעגעבען אַ פּאַמפלעט (1510), אין וועלכען זיי האָבען געלויבט דעם קייזער און געשענדעט און פערליימדעט די אידען. צום אונגליק פון די אידען און צו דער פרייד פון די פינסטערלינגען האָט זיך דאַמאָלס געמאַכט אַ פּראָצעס אויף בראַנדענבורגער אידען.

אַ קריסט האָט גע'גנב'עט פון אַ קירך אַ האָסטיע (הייליג ברויט) און נאָך אייניגע זאַכען און האָט בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי האָבען איהם אָנגערעדט דאָס צו טאָן, אום צו שענדען די האָסטיע. מען האָט די בעשולדיגטע אידען געבראַכט אין בערלין, דאָרט האָט מען זיי שרעקליך געפּייניגט און ענדליך 38 פון זיי פערברענט. די אונגליקליכע האָבען ברענענדיג אויף די שייטער־הויפענס געזונגען קאַפּיטלאַך תהלים ביז דעם לעצטען אויגענבליק פון זייער לעבען. מיט 25 יאָהר שפּעטער האָט זיך דער קריסטליכער גנב מודה געווען, דאָס ער האָט אומזיסט בעשולדיגט די אידען. דער גייסטליכער האָט געבעטען דעם בישאָף, אַז ער זאָל אויסזאָגען, וואָס דער קריסט דער גנב האָט איהם פאַר זיין טויט מגלה געווען, אָבער דער בישאָף האָט עס איהם ניט ערלויבט, ווייל דאָס ועט קאָמפּראָמעטירען דאָס קריסטענטום. ערסט נאָך דעם, ווי דיזער גייסטליכער איז איבערגעגאַנגען צום פּראָטעסטאַנטיזם, איז די זאַך בעוואוסט געוואָרען. אָבער דערווייל איז עס געווען פיר פּפעפּפערקאָרן און זיינע מיטהעלפער ווי אויל אויף פייער, און עס האָט זיי געהאָלפען אָנצוציגדען אין די קריסטליכע הערצער נאָך מעהר האַס צו אידען.

אויף רייכלין'ען אָבער האָט די געשיכטע קיין איינפלוס ניט געהאַט. אויף דעם קייזער'ס פראַגע האָט ער אָנגעשריבען אַן אויספיהרליכען ענטפער אונטער דער איבערשריפט: „איז עס גאָט־געפעליג, איז עס לויבענסוויר־דיג, איז עס ניצליך פיר דאָס קריסטענטום צו ברענען אידישע ספרים?” (ענדע 1510). אין דיזען ענטפער ערקלערט ער, דאָס אַ גרויסער טייל פון אידישע ספרים, ווי די פּירושים אויף תנ"ך פון רש"י, אבן עזרא, רמב"ן, זיינען וויכטיג זאָגאַר פיר דאָס קריסטענטום, ווייל זיי ערקלערען דעם ריכטיגען זין פון די כתבי הקודש. די קבלה־ספרים ענטהאַלטען אין זיך געדאַנקען און אידעען, וועלכע, נאָך זיין מיינונג, זיינען נוטה צום קריסטענטום, די אידישע געבעט־ביכער האָט ניט די רעגירונג קיין רעכט צו פערניכטען, ווייל די אידען האָבען שוין פון לאַנג אַן רעכטען אויף רעליגיאָנס־פרייהייט. וואָס אַנבעטרעפט דעם תלמוד, זאָגט ער, דאָס ער איז ניט קאָמפּעטענט צו אורטיילען וועגען איהם, ווייל ער ווייס פון איהם זעהר ועניג, „אָבער — האָט ער צוגעלעגט — די, וואָס בעשולדיגען און פערליימדען דעם תלמוד, ווייסען און פערשטעהען איהם נאָך פיעל ווענינער פון מיר. אָבער אפילו ווען אין תלמוד זאָל זיךווירקליך געפינען עטוואָס געגען קריסטענטום, דאַרף מען איהם אויך ניט פערברענען, ווייל געגען אידעען דאַרף מען שטרייטען מיט אידעען, אָבער ניט מיט אַ גראָבער קראַפט. ווען מען דולדעט די אידען

אין לאַנד, הגם זיי אַנערקענען ניט קריסטוס׳ן, פאַרוואָס זאָלען די ביכער זיין ערגער פון מענשען. אידען קען מען ניט משפּט׳ן ווי אונגלויביגע, ווייל זיי זיינען אימער געשטאַנען אויסער דער קירכע. אַלע הערשער זיינען מחויב צו בעשיצען די אידען, וועלכע די געטליכע השגחה האָט געבראַכט אונטער זייער שוץ, אין זייערע לענדער".

אין דער זעלבער צייט, וואָס רייכלין האָט צוגעשטעלט זיין ענטפער צום קייזער, האָבען די פינסטערלינגען, ווי האָכשטראַטען, די דאָמיניקאַנער און די פּראָפעסאָרען פון טהעאָלאָגיע, צוגעשטעלט זייערע מיינונגען געגען תּלמוד. אַנדערע האָבען זאָגאָר בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי האָבען גע־פעלשט די כתבי הקודש. דער קייזער האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן. מען האָט געמוזט בעשטימען אַ נייע קאָמיסיאָן פון געלעהרטע עקס־פּערטען. רייכלין׳ס ענטפער האָט שטאַרק צורייצט די פינסטערלינגען און איינער פון דער נייער קאָמיסיאָן, דער הויף־גייסטליכער רייש, האָט זאָגאָר בעשולדיגט רייכלין׳ען, דאָס די אידען האָבען איהם אונטערגעקויפט. אין פריהלינג פון יאָהר 1511 האָט פּפעפּפערקאָרן מיט דער הילף פון די מאָנאַכען אַרויסגעלאָזען אַ נייעם פּאַמפלעט אונטער׳ן נאָמען „דער האַנד־שפּיגעל". אין דיזען ווערק בעפאַלט ער זעהר גראָב רייכלין׳ען און בע־שולדיגט איהם אָפען, דאָס ער האָט גענומען פון אידען געלט פיר זיין פער־טיידיגונג, אויך דערמאָהנט ער דעם בערלינער פּראָצעס פון עלילת דם און בעשטעטיגט די אידישע שנאה צו קריסטען. פו דיזען שמוציגען ווערקעל האָט פּפעפּערקאָרן מיט זיין ווייב געבראַכט זעהר פיעלע עקזעמפּלאַרען אויף אַ יריד אין פראַנקפורט, פון וואַנען זיי זיינען צופיהרט געוואָרען איבער גאַנץ דייטשלאַנד.

רייכלין איז פון דיזע בעליידיגונגען געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט און איז אַרויס געגען דעם מיט אַ ווערק אונטער׳ן נאָמען „דער אויגען־שפּי־געל". אין דיזען ווערק פערענטפערט ער זיין שטאַנדפּונקט פיר אמת און יושר, און בעשולדיגט דעם משומד אין נידערטרעכטיגע העצעס אויפצוריי־צען קריסטען אויף אידען. ער לייקענט אָפּ די בעהויפּטונג פון דעם אויס־וואורף פּפעפּפערקאָרן, דאָס די קריסטליכע לעהרע הייסט פיינד האָבען אי־דען. די אַנדערע הומאַניסטען האָבען זיך וועניג אינטערעסירט מיט דער אידען־פראַגע און זיינען געווען אונצופרידען מיט רייכלין׳ען, וואָס ער האָט זיך צופיעל בעשעפטיגט מיט איהר. אָבער רייכלין איז געווען אַ הומאַניסט ניט נאָר מיט׳ן פערשטאַנד, נאָר אויך מיט׳ן האַרצען.

רייכלין׳ס ווערק האט אנגעמאכט א שרעקליכע טרוואגע אין דעם לא־גער פון די פינסטערלינגען. דער טהעאלאג פון קעלן, ארנאלד, האט גע־שריבען צום קייזער א גיפטיגען בריף געגען רייכלין׳ען און האט איהם שטארק בעליידיגט. דער קייזער האט געגעבען א בעפעהל, אז מען זאל ניט פערקויפען רייכלין׳ס בוך (1512). פפעפערקארן איז ארויס מיט א נייעם ווערק „בראנדשפיגעל", אין וועלכען ער שלאגט פאר, אז מען זאל אלע ער־וואקסענע אידען צו׳שמד׳ן מיט גוואלד אדער ארויסטרייבען פון לאנד, און די יונגע קינדער ערציהען אין קריסטענטום. רייכלין האט ווידער צוגע־שטעלט צום קייזער א שריפט, אין וועלכער ער זאגט: „ערלויב, קייזער, די קעלנער טהעאלאגען צו נעהמען געלט פון די אידען, וועלען זיי מיך לאזען צו רוה. מיינע געגנער בעשולדיגען מיר דערפאר, וואס איך האב געזאגט, דאס די אידען זיינען אונזערע מיטבירגער, און איך וועל נאך מעהר זאגען: די אידען זיינען אונזערע ברידער, אויך די ברידער פון ארנאלד׳ן, די ברי־דער פון די קעלנער טהעאלאגען, ניט נאר ווייל זיי זיינען געשאפען געווא־רען פון דעם זעלבען בעשעפער וואס מיר אלע, נאר אויך ווייל זיי קומען ארויס פון דעם זעלבען ערסטען מענשען וואס מיר אלע". דער הויפט־אינ־קוויזיטאר האכשטראטען האט בעשולדיגט רייכלין׳ען אין אפיקורסות און האט פון איהם געפאדערט, אז ער זאל זיך שטעלען צום משפט. אבער רייכ־לין איז ניט געקומען, נאר ער האט געשיקט אן אנדערען אנשטאט זיך, און האכשטראטען האט פעראורטיילט זיין בוך צום פערברענען. רייכלין האט אפעלירט צום פאפסט אין רוים. דיזער האט איבערגעגעבען דעם משפט צום בישאף פון שפייער, וועלכער האט בעפרייט רייכלין׳ען פון דער קלאגע. אבער האכשטראטען האט אפעלירט צום פאפסט און דער גאנצער פראצעס איז אריבער אין רוים (1514).

יעדע פוןביידע פארטייען האט געזוכט צו געווינען די מיינונג פון די געלעהרטע אויף איהר זייט. פפעפערקארן איז ווידער ארויס מיט א פאמפלעט „די שטורמגלאקע" געגען רייכלין׳ען. די הומאניסטען האבען ארויסגעלאזען א סעריע בריף, אין וועלכע זיי האבען געמאכט די פינסטער־לינגען צו שאנדע. דער פאפסט אין רוים האט ניט געוואוסט ווי ער זאל האנדלען אין דיזער מחלוקת. גראדע איז דאמאלס געווען אין רוים א פער־זאמלונג פון גייסטליכע, און ער האט די זאך איבערגעגעבען צו דער פער־זאמלונג, זי זאל ארויסגעבען וועגען דעם איהר בעשלוס. די מעהרהייט פון די פערזאמעלטע האבען געגעבען זייער מיינונג, דאס רייכלין האט רעכט. אבער דער פאפסט האט געלאזען די זאך העגנען אין לופטען. דערוויייל איז

ארוים לוטהער מיט זיין רעפאָרמאציאָן, און די וועלט האָט געהאַט צו טאָן מיט אַן אַנדערער וויכטיגער פראַגע.

**די רעפאָרמאציאָן. לוטהער און די אידען.** אין דער ערסטער צייט פון דער רעפאָרמאציאָן, ווען די פּראָטעסטאַנטען האָבען זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון פערפאָלגטע, און האָבען ערוואַרטעט פיר זיך אַ מאַרטירער-קראַנץ, האָבען זיי געהאַט סימפּאַטיע מיט די אידען, וועלכע זיינען געווען הונדערטער יאָהרען פערפאָלגט און גערריקט פון די קאַטאָליקען און זייערע קלעריקאַלען. אין איינעם פון זיינע ערסטע ווערק („דאָס יעזוס איין גע-באָרענער יודע זיי") האָט לוטהער געשריבען: „לויט די פּאַפּיסטען, בישאָ-פען און מאָנאַכען האָבען בעהאַנדעלט די אידען ביז יעצט, האָט יעדער אָרענטליכער קריסט בעדאַרפט אָפּזאָגען זיך פון קריסטענטום און ווערען אַ איד. ווען איך וואָלט געווען אַ איד און וואָלט זיך צוגעקוקט און געזעהען, וואָס פיר פערדישע קעפּ עס אַרבייטען אין דער קירכע, וואָלט איך בעסער געוואָלט ווערען אַ חזיר איידער אַ קאַטאָליק. זיי בעהאַנדלען די אידען ווי הינט, און זיי ווילען גאָרניט וויסען, דאָס די אידען זיינען לייבליכע ברידער פון אונזער הערר יעזוס. איך וואָלט וועלען בעטען די פּאַפּיסטען, דאָס ווען זיי וועלען אויפהערען רופען מיך אַפּיקורוס, זאָלען זיי מיך זידלען מיט'ן וואָרט „איד". ווען איך וואָלט געווען אַן אמת'ער איד, וואָלט דער פּאַפּסט קיינמאָל מיך ניט געקענט איבעררעדען איך זאָל ווערען אַ געצענדינער (קאַ-טאָליק)". לוטהער דערצעהלט דערביי אַן אַנעקדאָט פון באָקאַטשיאָ, וועגען אַ אידען, וואָס איז געווען אין רוים און האָט זיך אָנגעזעהען, וואָס פיר סקאַנ-דאַלען און געמיינהייטען דער פּאַפּסט מיט זיינע גייסטליכע טוען אָפּ אין רוים, און האָט געבעטען דעם גייסטליכען פון זיין שטאָדט, אַז ער זאָל איהם אָפּ'שמד'ן, ווייל דער קריסטליכער גאָט מוז זיין זעהר אַ גוטער און גערול-דיגער ווען ער קוקט צו אַזעלכע שרעקליכע זינד און גרוילטאַטען און ער שוויינט. „איך וואָלט געראַטען", זאָגט לוטהער, „אַז מען זאָל בעהאַנדלען די אידען בעסער, דאַן קענען מיר ערוואַרטען, דאָס זיי זאָלען קומען צו אונז. אָבער יעצט, ווען מיר פערפאָלגען זיי, פעראַכטען זיי און בעשולדיגען זיי, דאָס זיי מוזען האָבען קריסטליך בלוט אום אָפּצושאַפען דעם שלעכטען געררוך פון זייערע קערפּערם — ווי קענען מיר רעכנען, ווי קענען מיר דענקען, דאָס זיי זאָלען וועלען פעראייניגען זיך מיט אונז? ווען מיר ווילען ווירקליך העלפען די אידען, דאַרפען מיר זיי צייגען ניט די קאַטאָלישע ליבע, נאָר אמת'ע קריסטליכע, מען דאַרף זיי בעהאַנדלען פריינדליך, לאָזען זיי אַרביי-טען, האַנדלען צוזאַמען מיט אונז, און אפילו ווען אויך דאַן וועלען **איניגע**

פערבלייבען טריי דעם יודענטום — איז וואָס? מיר זיינען דאָס אַלע גוטע קריסטען?"

דיזע ווערטער לוטהער'ס צייגען קלאָר, דאָס אויך די רעפאָרמאַטאָרען האָבען געוואָלט געבען אידען מעהר פרייהייט ניט אין נאָמען פון מענשען־ליבע, נאָר צוליב מיסיאָנס־צוועקען. לוטהער איז געווען אַ גרויסער פערעהרער פון אַפּאָסטאָל פּאַול, און ער האָט געגלויבט אין זיין נביאות, דאָס עס וועט קומען אַ צייט, ווען אידען וועלען זיך בעקעהרען צום קריסטענטום, און ער האָט גערעכענט, דאָס דורך די רעפאָרמאַציאָן וועט דער אַלטער טעסטאַמענט מיט'ן נייעם פעראייניגען זיך און די אידען וועלען אָננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. אָבער ווען ער האָט געזעהען, דאָס די אידען זיינען געבליבען אַן עם קשה עורף, און האַלטען זיך נאָך אַלץ פעסט אָן יודענטום, איז ער געקומען צום שלוס, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַזוי טיף געזונקען, דאָס עס איז גאָר קיין מיטעל ניטאָ עס צו בעסערן, און עס פערדינט צו בלייבען אונטערוואָרפען אונטער די זעלבע פערפאָלגונגען און דרוק, אונטער וועלכע עס געפינט זיך אין אַלע קריסטליכע לענדער. דאָס איז די ערקלערונג פון דעם פאַקט, וואָס לוטהער האָט פּלוצלינג אַרונטערגענומען די מאַסקע פון יודען־פריינדשאַפט און איז געוואָרען זייער ביטערער געגנער.

די רעזולטאַטען פון דיזער ענדערונג האָבען זיך באַלד אַרויסגעצייגט. דער זאַקסישער קורפירסט יאָהאַן פריעדריך, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער'ן איינפלוס פון לוטהער'ן, האָט באַלד געגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון זיין הערשאַפט. דער אידישער אָפיציעלער שתדלן פון יענער צייט איז באַלד געקומען זיך משתדל זיין פיר אידען מבטל צו זיין די גזירה (1537). לוטהער האָט זאָגאָר ניט געוואָלט אויפנעהמען דעם אידישען שתדלן און האָט איהם נאָר געענטפערט מיט אַ בריף, אין וועלכען ער האָט אויסגעגאָסען זיין גאַנצען גרימצאָרן אויף אידען. אין דעם בריף האָט ער געשריבען, דאָס ווען ער האָט פריהער געהאַלטען פיר אידען איז עס געווען, ווייל ער האָט גערעכענט, דאָס ווען די קריסטען וועלען זיין צו זיי גוט, וועלען זיי איבערגעהן צום קריסטענטום, אָבער יעצט זעהט ער, דאָס זיי זיינען אַן עם קשה עורף, און דעריבער האַסט ער זיי מיט זיין גאַנצער זעעלע, און פון יעצט אָן וועט ער ניט נאָר ניט זאָגען פיר זיי דעם קורפירסט קיין גוט וואָרט, נאָר ער וועט איהם צורעדען צו פערפאָלגען זיי. ערהאַלטענדיג אַזאַ בריף איז דער שתדלן יאָזעלמאַן אַוועק נאָך פראַנקפורט, וואו עס האָבען זיך דאַמאָלס פערזאַמעלט אַלע פּראָטעסטאַנטישע הערשער. דאָרט האָט ער געטראָפען דעם עלזאַסער רעפאָרמאַטאָר בוצער, וועלכער איז

שוין געווען פערגיפטעט מיט לוטהער׳ס שנאה צו אידען, און האָט שוין גע־ווירקט אין דיזען גייסט אויף דעם לאַנדגראַף פון העססען. יאָסעלמאַן האָט מיט אַלע קרעפטען געאַרבייט פיר די אידען, אָבער זיין ארבייט האָט ניט געהאָלפען פיר די אידען אין העססען און זאַקסען, נאָר פיר די אידען אין בראַנדענבורג האָט ער אויסגעווירקט אייניגע ערלייכטערונגען. ער האָט פערפאַסט אין דער דייטשער שפּראַך אַן ענטפער אויף לוטהער׳ס און בוצער׳ס בעשולדיגונגען געגען אידען; ער האָט דאָס געשיקט צום שטראַסס־בורגער מאַגיסטראַט און האָט געבעטען די ערלויבנים עס צו פערעפענטלי־כען, אָבער מען האָט איהם דערין ענטזאַגט.

לוטהער האָט געהאַלטען וואָרט. אין די יאָהרען 1543—1544 האָט ער פּובליצירט צוויי ווערק: „וועגען אידען און זייערע שקרים” און „דער שם המפורש”, אין וועלכע ער האָט געגאָסען שוועבעל און פעך אויף די אי־דען. ער איז געווען אויף אידען שרעקליך בייז פיר זייער עקשנות, פיר זייער ניט וועלען אָנערקענען די דאָגמאַס (עקרים) פון דער רעפאָרמאַציאָן. דערצו האָבען צוויי משומדים, אַנטאָן מאַרגאַריטאַ און בערנאַרד ציגלער, דאַמאָלס געגאָסען אויל אויף׳ן פייער. זיי, די משומדים, האָבען דערצעהלט לוטהער׳ן, דאָס אידען האָבען פיינד גוים און ווילען ניט אָנערקענען דעם פּרינציפּ פון קריסטליכער ליבע אויך צו אַ שונא. ווי עס שיינט, האָבען די קריסטען גע־האַט אַ מאָנאָפּאָל אויף דאָס רעכט צו האַסען. לוטהער לויבט אין זיינע ווערק די שפּאַנישע הערשער און דעם הערשער פון בעהמען, וואָס האָבען אַרויסגעטריבען די אידען פון זייערע לענדער. לוטהער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל פערברענען די אידישע סינאַגאָגען, צוראַבירען זייער פערמעגען, פערניכטען דעם תלמוד און זייערע געבעט־ביכער, פערוועהרען אידען צו האָ־בען רבנים, דריקען די אידישע מאַסען מיט אַלע מעגליכקייטען, און צווינגען די געזונטע צו טאָן שווערע ארבייט. ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, דאָס ווען ער וואָלט געהאַט די מאַכט איבער די אידען, וואָלט ער געפאָדערט פון זיי צו בעווייזען, דאָס די קריסטען גלויבען ניט אין אַן אייניציגען גאָט, און וואָלט געפאָדערט אויסשניידען די צינגער פון די פערלייקנער ביז דעם האַלז־און־נאַקען. אויך אין זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער געפאָדערט פון די קריסטליכע הערשער צו פערפאָלגען די אידען, וואָס ווילען ניט אָננעהמען דאָס קריסטענטום.

גערעכט איז געווען דער הומאַניסט עראַזמוס, אַז וואָס אָנבעטרעפט יודענהאַס זיינען די רעפאָרמירטע דייטשען געבליבען די זעלבע קאַטאָליקען ווי פריהער. אין דעם פּרינציפּ פון אידען־פערפאָלגונג האָבען זעהר אָפט

די פּראָטעסטאַנטען איבערגעשטיגען די קאַטאָליקען. אין דער צייט פון דעם 30־יעהריגען קריג צווישען די פּראָטעסטאַנטען און די קאַטאָליקען האָבען די אידען געליטען פון ביידע זייטען. די פּראָטעסטאַנטען האָבען בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי שטיצען די קאַטאָליקען, און די קאַטאָליקען האָבען בעהויפּטעט, דאָס די רעפאָרמאַציאָן איז געשאַפען געוואָרען אונטער דעם איינפלוס פון אידען און זייער ביבעל.

**דער שטרייט פון אידען פיר רעכט אין דייטשלאַנד.** צוליב דיזע אַלע אורזאַכען איז די לאַגע פון די אידען אין דייטשלאַנד געווען אונערטרעגליך. ניט אין דער צייט פון קאַרל דעם 5טען און ניט נאָך איהם איז די לאַגע פערבעסערט געוואָרען. אין אָנפאַנג פון קאַרל'ס רעגירונג אַלס דייטשער קייזער און קעניג פון שפּאַניען האָט מען זאָגאַר גערעכענט, דאָס דער צושטאַנד פון די אידען זאָל ווערען נאָך ערגער. אָבער עס האָט זיך בעוויזען, דאָס קאַרל האָט ניט געהאַלטען פון דער שפּאַנישער פּאָליטיק צו בעהאַנדלען די אידען מיט פייער און שווערד. איהם איז בעסער געווען געפעהלען די דייטשע פּאָליטיק צו בעטראַכטען די אידען אַלס קאַמערקנעכט, אַ סאָרט „לייבאייגענע", געבען זיי די מעגליכקייט צו פיהרען אַן אָרימע טרויעריגע עקסיסטענץ אין דעם געטאָ, און דערפאַר אויסזויגען פון זיי דעם לעצטען טראָפּען בלוט. אָבער דיזעס קלאָגעדיגע רעכט צו אָטעמען פערשטיקטע לופט אין געטאָ פלעגט זעהר אָפט אָפּגענומען אָדער נאָך מעהר בּעשרענקט ווערען פון די פעאָדאַל־הערשער אָדער פון די שטאָדטישע רעגירונגען, און די אידען האָבען זיך שטענדיג געמוזט ווערען געגען זייערע בעדריקער מיט קלאָגען צו זייער בעשיצער דעם קייזער. דער אידישער שתדלן יאָזעלמאַן איז אימער געווען בעשעפטיגט מיט אַזעלכע שתדלנות פאַר קאַרל דעם 5טען, צו וועמען ער פלעגט זעהר אָפט קומען ניט מיט לעדיגע הענט, און פלעגט אויספיהרען, אַז מען זאָל די אידען צוריקגעבען זייערע קלאָגעדיגע רעכטען און פּריווילעגיעס. אָבער די שתדלנות האָט ניט אימער געהאָלפען. אין דעם יאָהר, וואָס קאַרל דער 5טער איז אַרויף אויף'ן קייזערליכען טראָן, האָבען די הערשאַפטען פון עלזאַס אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל אַרויסצוטרייבען די אידען פון די שטעדט קייזערסבערג און ראָסהיים. דעם אידישען שתדלן, יאָזעלמאַן, איז מיט גרויס מיה און מיט דער הילף פון עסטרייכישען קייזער פערדינאַנד דעם 1טען געלונגען מבטל צו זיין די גזירה פון גירוש פון דער שטאָדט קייזערסבערג, אָבער אין ראָסהיים האָט ער די גזירה ניט געקענט אָפּשאַפען, נאָר ער האָט זי אָפּגעצויגען און אַלע מאָל געזוכט אָפּצוהאַלטען און אָפּלעגען דעם גירוש. שפּעטער האָט

יאָזעלמאַן געהאַט פיעל צו טאָן ביז ער האָט אָפּגעשאַפט די גירושים פון אַנדערע שטעדט אין עלזאַס.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן פון די בויערן האָט יאָזעלמאַן געהאַט פיעל צו טאָן מיט די אָנפיהרער פון דער רעוואָלוציאָן, דאָס זיי זאָלען לאָזען צו רוה די אידען, וועלכע זיינען געווען אַזוי פערשקלאַפט אין דייטשלאַנד ווי די בויערן זעלבסט. דיזעס איז איהם געלונגען טיילווייז מיט דיפּלאָמאַטיע און טיילווייז מיט דער הילף פון געלט. ווען די בויערן האָבען בעלאַגערט זיין געבורטס־שטאָדט ראָסהיים, האָט יאָזעלמאַן אויפ־געוועקט בייננאַכט דעם בורגמײַסטער און איז מיט איהם אַוועק אין לאַגער פון די בויערן, און מיט געלט האָט ער דורכגעפיהרט, דאָס זיי זאָלען די אידען לאָזען צו רוה.

אין יאָהר 1530 איז געווען אין אוגסבורג אַ בעריהמטע פערזאַמלונג פון דייטשע פירסטען. אויף דיזער פערזאַמלונג האָט מען זיך פאַרבעריי־טעט צו מאַכען פיעלע בעשרענקונגען אויף אידען ווי אויך גירושים פון פערשיידענע שטעדט. די אידישע שונאים האָבען בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי זיינען שפּיאָנען און זיי העלפען די טערקען, וועלכע האָבען זיך דאַ־מאָלס אַריינגעריסען אין אונגאַרן, מיט געלט און מיט עצות. עס איז שוין געווען פערטיג אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון פיעלע שטעדט. יאָסעלמאַן האָט געבראַכט מיט זיך דאָקומענטען, וואָס די אידען האָבען געהאַט פון קייזער סיגיזמונד, וועלכער האָט זיי געגעבען רעכטען און פּריווילעגיעס, און אום צו בערוהיגען די דייטשע פירסטען און פער־זיכערן זיי, דאָס די אידען וועלען זיך בענעהמען גוט און עהרליך אין זייער האַנדלען מיט קריסטען, האָט ער אַריינגעבראַכט אין דער פערזאַמלונג אַ גאַנצע רייהע פון תקנות, וואָס די רבנים מיט די אידישע פּרנסים פון די קהלות האָבען אויסגעאַרבייט, אום צו רעגולירען די בעציהונגען צווישען אידען און קריסטען, און יאָזעלמאַן האָט געשוואָרען, דאָס די רבנים און די פּרנסים וועלען שטאַרק אַכטונג געבען, דאָס קיינער פון די אידען זאָל ניט שטערען דיזע תקנות, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך גע־פאָדערט פון די הערשער, אַז זיי זאָלען ניט פערפאָלגען די אידען, ווייל „זיי זיינען אויך מענשען, בעשאַפען פון דעם אַלגעמיינעם בעשעפער, וועל־כער האָט אונז געבראַכט אין אייערע לענדער צו לעבען צווישען אייך און מיט אייך".

אָבער דיזע פאָדערונגען אין נאָמען פון יושר און הומאַניטעט האָבען ניט געמאַכט קיין ווירקונג אויף די דייטשע פירסטען. מיר האָבען פריהער

גנזעהען, ווי מיט אייניגע יאָהר שפּעטער נאָך דער אוגסבורגער פערזאַמ־לונג האָבען די הויפּט־זיילען פון פּראָטעסטאַנטיזם, דער קורפירסט פון זאַקסען און דער לאַנדגראַף פון העססען, מיט דער הסכמה פון זייערע לעה־רער לוטהער און בוצער, זיך גענומען צו נייע פערפאָלגונגען אויף אי־דען. דער אידישער שתדלן האָט געהאַט גענוג אַרבייט צו בעשיצען די אידען געגען זייערע שונאים, צו פערהיטען גירושים, ניט דערלאָזען צוצו־נעהמען פון זיי די לעצטע רעכטען צו אָטעמען די פערשטיקטע לופט אין דעם געטאָ, אַרויסראַטעווען פון די געפענגניסען פיעלע אונגליקליכע אידען, אויף וועלכע מען האָט געמאַכט פאַלשע בלבולים, או. ד. גל. אין יאָהר 1541, פאַר דעם קריסטליכען פסח, איז אין באַיערן פערפאַלען געוואָרען אַ קריסטליכער אינגעל, וועלכען מען האָט נאָכדעם געפונען אין וואַלד אַ צוגעסענעם פון ווערים. דער בישאָף פון אייכשטאָט האָט בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי האָבען ערמאָרדעט דאָס קריסטליכע קינד אום צו געברויכען זיין בלוט אין מצות, און ער האָט אייניגע פאָרנעהמע אידען אַריינגעוואָרפען אין געפענגנים. יאָזעלמאַן האָט זיך געווענדעט צום הערצאָג און האָט בעווי־זען די אונשולד פון די אַרעסטירטע אידען און זיי זיינען בעפרייט געוואָרען. עס האָט זיך דאַמאָלס געפונען אַ קריסטליכער געלעהרטער, וועלכער האָט בעוויזען פון דער אידישער ליטעראַטור, דאָס עס איז קיינמאָל ניט געווען און עס האָט ניט געקענט זיין ביי אידען אַ דין אָדער מנהג צו געברויכען בלוט פיר רעליגיעזע צוועקען. געגען דיזער בראָשורע איז אַרויס דער דאַ־מאָלסדיגער פיהרער פון די קאַטאָלישע קלעריקאַלען, עקק, וועלכער האָט זיך בעקלאָגט, דאָס די אידען לעבען אין דייטשלאַנד צו פריי און גליקליך, און דעריבער זיינען זיי אַזוי פרעך צו פאָדערן נאָך מעהר רעכטען און מעהר פרייהייט. ריכטיג ווי עס טוען די אידען־פיינד אין היינטיגע צייטען.

אין יאָהר 1553 איז יאָזעלמאַן געשטאָרבען, דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר פריהער איידער קאַרל דער 5טער האָט זיך ענטזאַגט פון טראָן. מיט אייניגע יאָהר שפּעטער האָט אין בראַנדענבורגער הערשאַפט פּלוצלינג אויס־געבראָכען אַ שרעקליכע אידען־פערפאָלגונג, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט אַ גירוש. די געשיכטע איז געווען אַזוי. דער קורפירסט יאָאַכים דער 2טער פון בראַנדענבורג איז געווען גוט צו אידען און האָט ביי זיך געהאַט אַ אידישען דאָקטאָר ליפּפּאָלד, וועלכען ער האָט איבערגעגעבען דעם פינאַנץ־דעפּאַרטעמענט פון בראַנדענבורג. אום צופרידען צו שטעלען זיין הערשער דעם הערצאָג האָט ליפּפּאָלד געדריקט צו שטאַרק דאָס פאָלק און האָט דורך דעם געמאַכט רייך די רעגירונגס־קאַסע. עס פערשטעהט זיך,

דאָס ליפּפּאָלד האָט זיך דורך דעם פערשאַפט פיעלע שונאים. נאָך דעם טויט פון יאָאַכים'ען איז ליפּפּאָלד געפאַלען. יאָאַכים'ס נאָכפאָלגער, הער־צאָג יאָהאַן געאָרג, האָט אַריינגעוואָרפען ליפּפּאָלד'ן אין געפענגניס, וואו מען האָט איהם שרעקליך געפּייניגט, און אונטער די יסורים פון מאַרטירעריי האָט ער געזאָגט, דאָס ער האָט פער'סמ'ט דעם הערצאָג יאָאַכים און דאָס ער איז געווען ניט אַ דאָקטאָר נאָר אַ כשוף־מאַכער, און מען האָט איהם הינגעריכטעט. נאָכדעם האָט מען אַלע אידען אַרויסגעטריבען פון בראַנ־דענבורגער הערצאָגטום (1573).

אין פראַנקפורט אַם מאַין זיינען די אידען געווען שרעקליך געדריקט פון מאַגיסטראַט. די אידען אין זייער ענגען געטאָ האָבען אויסער דעם געוועהנליכען דרוק אויך געליטען אונדערבאַרמדיגע ערנידריגונגען. זיי האָבען געמוזט טראָגען אַ שפּיציגע היטעל אין דער פאָרמע פון אַ הוט צו־קער, אָדער אַ געלע לאַטע אויף'ן פּלייצע. אויף די אידישע הייזער אין דעם געטאָ זיינען געווען צוגעשלאָגען שילדען מיט געלע אָדער רויטע פאַר־בען, מיט אַן אויפשריפט, וואָס האָט פערשאַפט שאַנדע דעם איינענטימער פון דעם הויז, ווי צ. ב. „צום עזעל” או. ד. גל. די צעכען האָבען געפאָ־דערט, אַז מען זאָל אין גאַנצען אַרויסטרייבען די אידען פון פראַנקפורט. דער מאַגיסטראַט האָט פערוועהרט די אידען צו קויפען עטוואָס אין מאַרק איידער די קריסטען האָבען געענדיגט איינקויפען די נעטיגע שפּייז פיר זייערע פאַמיליעס. און אַזוי איז דער דרוק און די אָרימקייט פון די אידען אין דייטשלאַנד געוואַקסען אימער מעהר און מעהר.

דער צושטאַנד פון די אידען אין דייטשלאַנד איז געוואָרען נאָך פיעל ערגער נאָך דעם, ווי אַן דער שפּיץ פון דער אידען־פיינדליכער באַנדע האָט זיך געשטעלט ווינצענט פעטטמילך, וועלכער האָט זיך גערופען „דער נייער המן” (1614). אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט קליינע געשלעגען און אָנפאַלען אויף אידען אין די גאַסען און אויך אויף די מיטגלידער פון מאַ־גיסטראַט. די הויפּט־שלעגער זיינען געווען די האַנטווערקער פון די צעכען, וועלכע זיינען געווען אונצופרידען מיט'ן מאַגיסטראַט. אום שבועות האָ־בען די צווישעטע האַנטווערקער געוואָלט אַריינרייסען זיך אין דעם געטאָ, אָבער מען האָט זיי צוריקגעשטויסען. די אידען האָבען עס שוין פריהער ערוואַרטעט, און האָבען אַרויסגעשיקט פון שטאָדט זייערע ווייבער און קינדער, אָבער קיין געלט האָט מען זיי ניט ערלויבט אַרויסצופיהרען. דריי חדשים זיינען די אידען געווען אין גרויס שרעק פאַר אַ פּאָגראָם. ענדליך איז געקומען די צייט, וואָס איז בעשטימט געוואָרען פיר דעם בעפאַל. די

אידען האָבען געפאַסט און תפלה גֶעטאָן. פיעלע פון זיי האָבען בעשלאָסען צו שטעלען זיך געגען דעם שונא מיט וואַפען. אָבער די מאַסע איז געווען פיעל שטאַרקער פון זיי און די אידען האָבען שטאַרק געליטען. דאָס לעבען פון די אידען איז געהאַנגען אויף אַ האָאָר. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבען זיך בעראַטען, אויב מען זאָל די אידען אויס'הרג'ענען אָדער אַרויסטרייבען זיי, און עס איז בעשלאָסען געוואָרען זיי אַרויסצוטרייבען. די אידען זיינען געווען צופרידען, וואָס זייער לעבען איז אויסער געפאַהר. זיי זיינען אַרויס פון שטאָדט און האָבען זיך בעזעצט אין די נאָהענטע שטעדט און דערפער.

באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג צו מאַכען אַ פּאָגראָם אויך אין וואָרמס, וואו אַ אידען־פיינדליכער אַדוואָקאַט בעמניטץ האָט גע-העצט די קריסטליכע בעלי־מלאכות געגען די אידען און האָט זיי איינגע-רעדט, דאָס זייער טרויעריגע לאַגע האָבען זיי צו פערדאַנקען נאָר די אי-דען. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ קאָמיסיאָן צו מאַכען ענג די אידען מיט די אַלטע געזעצען. מען האָט זיי ניט ערלויבט צו קויפען שפּייז אין מאַרק פאַר איינס נאָך האַלבען טאָג, זאָגאַר אַ ביסעל מילך פיר אַ קינד האָט מען זיי ניט פערקויפט פאַר דער בעשטימטער צייט. די אידען האָבען געשיקט אַ שתדלן, ליב אָפּפענהיים, צום קייזער מאַטטהאָאוס און געבעטען זיין שוץ. דער קייזער האָט באַלד געשיקט אַ בעפעהל צו די וואָרמסער בירגער, אַז זיי זאָלען זיך ניט וואַגען טאָן די אידען עטוואָס בייזעס, וואָרום ער וועט געווים שטרענג בעשטראָפען די יעניגע, וואָס וועלען בעפאַלען די אידען. אָבער די אידישע שונאים האָט עס ניט אָפּגעשראָקען, און זיי האָבען גע-שיקט זאָגען די אידען, דאָס זיי מוזען פערלאָזען די שטאָדט וואָרמס אונ-געזאַמט. דעם 20טען אַפּריל זיינען די אידען געווען געצוואונגען צו פער-לאָזען די שטאָדט.

אָבער דער קורפירסט פון פּפאַלץ האָט באַלד געשיקט מיליטער איינ-צושטילען דעם בונט. די הויפּט־אַגיטאַטאָרען האָט מען אַרויסגעטריבען פון שטאָדט, און די אידען, וואָס זיינען מיט 9 חדשים צוריק אַרויסגעטרי-בען געוואָרען פון וואָרמס, האָבען זיך צוריקגעקעהרט (יאַנואַר 1616). באַלד נאָכדעם האָט דער קייזער אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאָס די אידען מעגען זיך בעזעצען צוריק אויך אין פראַנקפורט. דעם 10טען מערץ האָבען זיי זיך צוריק בעזעצט אין פראַנקפורט, וואוהין די קייזערליכע בעאַמטע האָבען זיי אַריינגעפיהרט מיט מיליטער און מוזיק און בעזעצט אויף זייערע פריהערדיגע ערטער. דער קייזער האָט געהייסען גרוויזאַם בעשטראָפען די אַלע אָנפיהרער פון דעם פּאָגראָם אין פראַנקפורט. דעם נייעם המן, פעטט-

מילך, האָט מען אָפּגעהאַקט אַלע פינגער, נאָכדעם דעם קאָפּ, און צוהאַקט דעם קערפּער אויף 4 טיילען, וועלכע מען האָט אויסגעהאַנגען אין אַלע פיער עקען פון שטאָדט. אויסער דעם האָט דער קייזער געצוואונגען די איינוואוינער פון פראַנקפורט צו בעצאָהלען צו די אידען 175,000 פלאָרין פיר דעם היזק, וואָס זיי האָבען געליטען פון פּאָגראָם. צום אָנדענקען פון דיזער ישועה האָבען די פראַנקפורטער אידען איינגעפיהרט אַ יעהרליכען יום טוב דעם 20טען אדר, מיט'ן נאָמען „פורים ווינצענץ" (ווינצענץ איז געוועזען דער ערסטער נאָמען פון דעם נייעם המן פעטטמילך).

**עסטרייך, בעהמען און אונגאַרן.** אין 16טען יאָהרהונדערט האָבען די אידען אין בעהמען געשפּילט די הויפּט-ראָלע אין דער געשיכטע פון די אידען אין עסטרייך און דייטשלאַנד. צוליב די אָפטע גירושים פון דייטשלאַנד און נידער-עסטרייך האָבען די גרויסגעטריבענע אידען עמיגרירט נאָך בעהמען און זיינען דאָרט געוואָרען גרויסע קהלות. די שטאָדט פּראַג איז געוואָרען איינע פון די גרעסטע אידישע קהלות אין יענער צייט, און איינער פון די הויפּט-צענטערן פון דער אידישער קולטור.

נאָך דעם טויט פון קאַרל דעם 5טען איז בעהמען אַרונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון זיין ברודער פערדינאַנד דעם 1טען (1556). דיזער קייזער האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטע פּאָליטיק אין בעטרעף פון אידען. אַמאָל איז ער געוועזען צו זיי גוט און אַן אַנדער מאָל זעהר שטרענג. פריהער, ווען ער איז נאָך געוועזען הערצאָג פון עסטרייך, האָט ער אָפּגעזאָגט דעם פערלאַנג פון די פאָרשטעהער פון די בעהמישע גוטס-בעזיצער, וועלכע האָבען אין יאָהר 1525 געבעטען פון איהם, אז מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון אייניגע פּראָווינצען אין בעהמען. שפּעטער, אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציאָן, איז ער געוואָרען אַ שטאַרקער פערטיידיגער פון קאַטאָליציזם און איז אַוועק מיט'ן שטראָם פון די אידען-פיינד. ווען די עסטרייכער האָבען אין יאָהר 1541 געליטען אַ שטאַרקע נידערלאַגע פון די טערקען, האָט מען בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי האָבען אַרויסגעגעבען מיליטערישע סודות צו די טערקען, און האָבען דערמיט פעראורזאַכט זייער מפּלה. מען האָט זיי אויך בעשולדיגט אין די שרעקליכע שרפות, וואָס זיינען דאַמאָלס פאָרגעקומען אין בעהמען, און מען האָט זיי פון דאָרטען אַנגעהויבען טרייבען (1542). אָבער דער אידישער שתדלן פון יענער צייט, יאָסעלמאַן, האָט בעוויזען די אונשולד פון די אידען אין אַלעס, וואָס מען האָט זיי בעשולדיגט, און פערדינאַנד האָט צוריקגערופען דעם בעפעהל פון גירוש.

אין עסטרייך איז די לאַגע פון די אידען געווען זעהר טרויעריג. אין וויען האָט א איד געמוזט האָבען אַן ערלויבנים פון דער רעגירונג צו פער-בלייבען איינינע טעג צוליב געשעפט. אָבער פיר זיי זיינען געווען נאָר צוויי האַטעלען, און אין דער צייט, וואָס זיי האָבען פערבראַכט אין וויען, האָבען זיי געמוזט טראָגען א געלע לאַטע אויף'ן פּלייצע ווי אַרעסטאַנטען. אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט פערדינאַנד ניט ערלויבט, דאָס אַזעלכע בע-פעהלען זאָלען פּובליצירט ווערען, „ווייל דער קריסטליכער המון קען דער-פון שליסען, דאָס די אידען זיינען גרויסע פערברעכער, און דאָס קען פיה-רען צו שלעכטע רעזולטאַטען" (1548). די רוסישע רעגירונג איז נאָך אין 20טען יאָהרהונדערט ניט געקומען צו אַזא שטופע פון מענשען-רעכט. זי אַליין העצט נאָך די מאַסען צו מאַכען שחיטות און פּאָגראָמען אויף אי-דען, פון וועלכע זי האָט צוגענומען אַלע מענשליכע רעכטען.

אָבער די קאַטאָלישע רעאקציאָן האָט געטאָן איהרס. די פערפאָלגונ-גען פון די אידען אין רוים און די אינקוויזיציאָן פון דעם פּאַפּסט פּאָול דעם 4טען האָבען געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף'ן קייזער פערדינאַנד דעם 1טען, און ער האָט אָנגעהויבען צו פערפאָלגען שטאַרק די אידען אין בעה-מען. מען האָט אין יאָהר 1559 אָפּגענומען אַלע אידישע ספרים פון די אידען אין פּראַג, און אין יאָהר 1561 האָט פערדינאַנד אונטערגעשריבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל אַרויסטרייבען די אידען פון פּראַג. די אידען האָ-בען אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו ווירקען אויף'ן קייזער, אַז ער זאָל צוריק-רופען דיזען בעפעהל, אָבער ער האָט געענטפערט, דאָס ער האָט שוין לאַנג געטאָן אַ נדר אַרויסצוטרייבען די אונגלויביגע פון פּראַג. דאַמאָלס איז אַ בערִיהמטער איד פון פּראַג, ר' מרדכי צמח, אַוועק נאָך רוים און האָט גע'פּועל'ט ביים פּאַפּסט פּיאוס דעם 4טען, אַז ער זאָל מתיר נדר זיין דעם קייזער און בעפרייען איהם פון זיין שבועה, און דאַן האָט דער פרו-מער קייזער נאָכגעגעבען די בקשה פון די אידען און האָט אָפּגעשאַפט דעם בעפעהל וועגען גירוש פּראַג.

די קיסרים מאַקסימיליאַן דער 2טער און רודאָלף דער 2טער (1564—1612) האָבען געדולדעט די אידען, וועלכע זיינען געווען ביי זיי אַלס אַ מעלקעדיגע קוה. מען האָט זיי געדריקט מיט אַלערליי אָפּגאַבען, מען האָט זיי געצוואונגען אויסצולייהען דער רעגירונג גרויסע סומעס געלט, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל ניט בעקומען צוריק. אין דער צייט פון רודאָלף דעם 2טען האָט געלעבט אין פּראַג אַ רייכער אידישער באַנקיר ר' מרדכי מייזעל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בעל-צדקה. ער האָט געבויט

זעהר פיעלע אידישע אנשטאלטען און האט זיי אויסגעהאלטען אויף זיין אייגענער רעכנונג. ער האט אויך פיעלע מאל אויסגעבארגט דעם קייזער רודאלף דעם 2טען זעהר גרויסע סומעס געלט, וועלכע ער האט גארניט גע־פאדערט צוריק. אבער דעם געלט־גייציגען רודאלף דעם 2טען איז דאס אלעס געווען וועניג. איהם האט זיך געוואלט זיין דער יורש פון דעם גרוי־סען פערמעגען פון דעם באנקיר מייזעל. אז מייזעל איז געשטארבען אהן קינדער, האט דער קייזער צוגענומען זיין גאנצעס פערמעגען, אלס א קא־פיטאל פון א קאמערקנעכט, ניט אכטענדיג אויף זיין צוואה, לויט וועלכער ער האט אפגעזאגט א גרויסען טייל פון זיין קאפיטאל אויף אידישע אנ־שטאלטען. עס פערשטעהט זיך, דאס עס האט ניט געלוינט פיר די אידען צו משפט'ן זיך מיט'ן דייטשען קייזער.

אין דער צייט פון דעם 30־יעהריגען קריג זיינען די פינאנצען פון עסט־רייך געווען אין א זעהר שלעכטען צושטאנד. די אידען האט דיזע שרעק־ליכע מלחמה געקאסט אונגעהייערע סומעס געלט. אויסער די שטענדיגע אפגאבען אויף קריגס־הוצאות זיינען זיי זעהר אפט געווען געצוואונגען צו געבען עקסטרא סומעס געלט פיר קריגס־צוועקען. אבער דערפאר האבען זיי געהאט רוה פון פערפאלגונגען, און די רעגירונג מיט דער ארמעע האבען זיי פערטיידיגט געגען יעדען אנגריף. אין וויען האט זיך געגרינדעט א גרופע אידישע באנקירען, וועלכע האבען בעקומען פון קייזער גרויסע וויכ־טיגע פריווילעגיעס פיר די שטיצע פון געלט, וואס זיי האבען געגעבען זעהר אפט דער רעגירונג. אייניגע פון די באנקירען, ווי יעקב באססע־ווי, האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אין הויף. דיזער באססעווי האט בעקומען פון קייזער א טיטעל פאן טרייענבורג מיט די רעכ־טען פון א געבארענעם אדעלמאן. די אידען האבען דאמאלס בעקומען אין וויען זעהר גרויסע פריווילעגיעס, צווישען אנדערע — צו האבען א בעזונ־דער קווארטאל, וועלכער זאל ניט זיין אונטערוואַרפען דעם שטאדט־מא־גיסטראט (1624). דארט האבען די אידען געלעבט אונטער דעם שוץ פון דעם קייזער'ס בעאמטע און זיי האבען בעקומען דאס רעכט אריינצוקומען אין אנדערע טיילען פון שטאדט אהן דער שענדליכער לאטע. אבער דער איינפלוס פון די קלעריקאלען איז אויך דאן ניט אין גאנצען אפגעשאפט געווארען. פערדינאנד דער 2טער האט געפאדערט פון די אידען, אז זיי זאלען זיך אלע שבת פערזאמלען אויף א שטונדע צו הערען די רעדעס פון די יעזואיטען וועגען די דאגמאס (עקרי הדת) פון קריסטענטום (1630). עס האבען געמוזט קומען ניט וועניגער פון 200 נפשות, מענער און פרויען,

צו הערען אַזעלכע מיני דרשות. האָט אימיצער פערשפעטיגט צו קומען צו די דרשות, איז ער בעשטראָפט געוואָרען מיט געלט. האָט איינער פון די צוהערער פון דער דרשה געשלאָפען אָדער גערעדט ביי דער דרשה, איז ער אויך בעשטראָפט געוואָרען מיט א געלט־שטראָף. די אידען האָבען אָבער אונטערגעקויפט די דרשנים זעלבסט און האָבען מיט פערשיידענע תירוצים געזעהען אַרויסצודרעהען זיך פון צו הערען דיזע דרשות.

אין דער אונרוהיגער צייט פון דעם 30־יעהריגען קריג איז שיער גע פאַלען אַלס אָפּפער דער גרויסער אידישער תלמיד חכם ר׳ יום טוב ליפּמאַן העללער, דער מחבר פון „תוספות יום טוב" אויף משניות, וועלכער איז געוועזען רב אין וויען און פּראַג. די אידען האָבען דאַמאָלס געמוזט שיקען יעדען יאָהר א סומע פון 40,000 גולדען אויף מלחמה־הוצאות. דער רב איז געוועזען איינער פון די הויפּט־מיטגלידער פון דער קאָמיסיאָן, וועלכע האָט בעדאַרפט בעשטימען וויפיעל יעדער איד זאָל געבען צושטייער אויף דיזע סומע נאָך זיין ערך. עס פערשטעהט זיך, דאָס עס האָבען זיך געפונען איינינע, וואָס זיינען געוועזען אונצופרידען און האָבען גערעכענט, דאָס די סומע, וואָס מען האָט זיי מחייב געוועזען צו צאָה־לען פיר דיזען צוועק, איז געוועזען צופיעל פיר זיי. איינינע האָבען אַוועק־געשיקט קלאַגען צו דער רעגירונג, דאָס די קאָמיסיאָן טוט איהר אַרבייט ניט געוויסענהאַפט, זי בעפרייט רייכע און לעגט אַרויף די גאַנצע לאַסט פון דער שטייער אויף די אָרימע. דערביי האָבען זיי גע׳מסר׳ט דעם רב ר׳ יום טוב ליפּמאַן, דאָס ער האָט געברויכט אין זיינע ווערק פיינדליכע אויסדריקען געגען קריסטענטום. דער רב איז געוואָרען אַרעסטירט און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט נאָך וויען (1529). די בעשולדיגונג האָט גע־שמעקט מיט טויט־שטראָף. דער אידישער געמיינדע אין וויען איז געלונגען מיט גרויס מיה צו בעפרייען איהם פון טויט־שטראָף און פערבייטען זי אויף א געלט־שטראָף פון 10,000 גולדען. ער איז בעפרייט געוואָרען פון געפענג־ניס, אָבער ער האָט פערלאָרען דאָס רעכט צו זיין רב אין עסטרייך און ער איז אַוועק נאָך פּוילען אין עני ואביון.

דער קייזער פערדינאַנד דער 3טער האָט געגעבען די בעהמישע אידען מעהר רעכטען פיר זייערע פערדינסטען אין דער צייט, ווען די שוועדען האָבען בעלאַגערט פּראַג, און פיר די הילף, וואָס זיי האָבען געצייגט דער עסטרייכישער אַרמעע אין יאָהר 1648. אָבער אין אַנדערע לענדער פון דער הערשאַפט פון די האַבסבורגער איז ניט געוועזען קיין ענדערונג צו בע־סער אין דעם צושטאַנד פון די אידען. אויך נאָך דעם פרידען, וואָס איז

געשלאָסען געוואָרען אין וועסטפאַלען, וועלכער האָט געמאַכט אַן ענדע צו דעם 30־יעהריגען קריג און האָט געמאַכט גרויסע ענדערונגען אין דעם גאַנצען פּאָליטישען צושטאַנד פון די אייראָפּעאישע לענדער, האָט זיך די אידישע לאַגע גאָרניט פערבעסערט.

אין אַ געוויסען טייל פון אונגאַרן, וועלכער האָט דאַמאָלס געהערט צו דער דינאַסטיע האַפּסבורג (פּרעסבורגער בעצירק), האָט מען די אידען פער־פאָלגט נאָך מעהר ווי פריהער און מען האָט זיי זאָגאַר אַרויסגעטריבען פון אייניגע ערטער. אָבער אין דעם טייל פון אונגאַרן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טערקיי, איז דער צושטאַנד פון די אידען גע־ווען פיעל בעסער. די אידישע געמיינדע אין אָפען האָט זיך געפונען אין אַ בליהענדען צושטאַנד אין דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהר־הונדערט.

אינערליכעס לעבען. די ליטעראַטור. די אידען אין דייטשלאַנד האָבען אפילו געהאַט אין געמיינדע־לעבען אויטאָנאָמיע, אָבער אַ זעהר אונבעדייטענדע. פון קיין צענטראַליזאַציאָן פון אידישע געמיינדעס האָט דאַמאָלס גאָר קיין רעדע ניט געקענט זיין. די שתדלנים זיינען געווען די איינציגע, וועלכע זיינען געווען די פערמיטלער צווישען די אידישע איינ־צעלנע געמיינדעס און דער דייטשער רעגירונג. זעהר זעלטען האָט זיך גע־טראָפען, דאָס די רבנים זאָלען זיך פערזאַמלען אום צו פערהאַנדלען אַן אַלגעמיינע אידישע פראַגע, ווי צ. ב. די אסיפה פון רבנים פון יאָהר 1530, וועלכע יאָסעלמאַן האָט צוזאַמענגערופען אין אויגסבורג מיט'ן צוועק צו רע־גולירען די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען אידען און קריסטען; אָדער ווי אייניגע געמיינדעס האָבען געשיקט דעלעגאַטען אויף אַן אסיפה צו בעטראַכטען וואָס מען זאָל טאָן געגען דער שעדליכער אַגיטאַציאָן פון דעם משומד פּפעפערקאָרן וועגען דער פערניכטונג פון תלמוד.

אָבער זעהר אָפט האָבען זיך די פערשיידענע געמיינדעס געקריגט צווי־שען זיך. די אורזאַך פון אַזעלכע רייסערייען זיינען מעהרסטענס געווען די סומעס, וואָס יעדע געמיינדע האָט בעדאַרפט צאָהלען אַלס שטייער צו דער רעגירונג. דיזע סומעס האָט אימער בעשטימט די הויפּטשטאָדט פּראַג, און די קלענערע אידישע קהלות האָבען זיך זעהר אָפט בעקלאָגט, דאָס מען לעגט אַרויף אויף זיי צו פיעל. אַזוי צ. ב. איז אַרוים צוליב דיזען געגענ־שטאַנד אַ שרעקליכע מחלוקת צווישען דער אידישער געמיינדע פון דעם שטעדטעל הורוויטץ און פּראַג. ניט די רעגירונג, ניט די רבנים און ניט דער שתדלן יאָזעלמאַן האָבען געקענט אויסגלייכען די צווי געמיינדעס הור־

וויטע און פּראַג. עס האָט זיך געבילדעט צווישען די אידען אַ קלאַס מוסרים, וועלכע האָבען אָנגעטאָן די אידישע געמיינדעס זעהר פיעלע צרות.

אין לערנען תורה איז דאַמאָלס געווען אין דער מאָדע „פּלפּול“. דאָס איז געווען אַ בעזונדער סאָרט שאַרפזין, וועלכער איז ערפונדען געוואָרען פון דעם בעריהמטען חריף ר׳ יעקב פּאָלאַק, דער ראש ישיבה פון פּראַג. אַ פּאָרטראַג מיט פּלפּול האָט זיך גערופען „חלוק“. דער לעק־טאָר האָט גענומען אַ געוויסע תלמודישע שיטה, ווי זי קומט פאָר אין פער־שיידענע שטעלען פון תלמוד, האָט געוויזען זעהר פיעלע סתירות צווישען די פערשיידענע שטעלען, און האָט אַלעס צושטערט, אָבער נאָכדעם האָט ער זיך אַ דרעה געטאָן מיט אַן אנדערען פּלאַן און האָט אַלעס פערענטפערט און צורעכט געמאַכט. צו דעם האָט מען געמוזט האָבען אַ בעזונדערען שפּיצ־פינדיגען פערשטאַנד. דאָס איז געווען אַ סאָרט סאָפיזם, אַ סאָרט דעבאַ־טירען מיט זיך זעלבסט. דיזער סאָרט לערנען תלמוד האָט אפילו געשאַרפט דעם מוח, אָבער עס האָט געשאַדט דעם אמת׳ען לאָגישען דענקען. ר׳ יעקב פּאָלאַק איז געשטאָרבען אין יאָהר 1530.

דער פּלפּול האָט געהאַט שאַרפע געגנער צווישען די גרויסע גאונים פון יענער צייט. איינער פון זיינע גרעסטע געגנער איז געווען דער הויפּט רב פון פּראַג, הגאון ר׳ ליב בן בצלאל (מהר״ל מפּראַג) (1525—1609). ער איז געווען אַ גאון אין תורה, דערצו אַ גרויסער מאַטהעמאַטי־קער און אסטראָנאָם, און אויך אַ בעריהמטער דרשן. זיינע דרשות, וועלכע געפינען זיך אין די ספרים „נתיבות עולם“, „נצח ישראל“ און אַנדערע, האָבען אַ גרויסען ווערט און זיינען זעהר פּאָפּולער אויך אין היינטיגער צייט. אין זיינע דרשות איז ער שטרענג אָרטהאָדאָקסיש און איז אַ שטאַרקער געגנער פון ר׳ עזריה דע־ראָססי פיר זיינע קריטישע אָפּהאַנדלונגען אין זיין ספר „מאור עינים“. דאָס פאָלק האָט איהם געהאַלטען פיר אַ גרויסען בעל מופת, און מען האָט דערצעהלט, דאָס ער האָט געמאַכט פון לעהם אַ גולם, און דאָס דורך דעם שם המפורש, וואָס ער האָט אָנגעשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר און האָט אריינגעלעגט דעם גולם אין מויל, האָט ער געמאַכט, אַז ער זאָל זיך בעוועגען און טאָן פערשיידענע אַרבייטען, אָבער ווי באַלד מען האָט דעם שם המפורש ארויסגענומען פון דעם מויל פון גולם איז ער וויע־דער געוואָרען לעהם. מען דערצעהלט, דאָס דער מהר״ל מפּראַג איז געווען אַמאָל איינגעלאַדען צום עסטרייכישען קייזער וועגען אַ זעהר וויכטיגער זאַך אין אידישע אַנגעלעגענהייטען. אָבער די זאַך איז געבליבען אַ סוד אויף אימער.

דער איינציגער אידישער געלעהרטער אין יענער צייט איז געווען ר׳ דוד גאנז (1541—1613), געבאָרען אין וועסטפאַלען. ער איז גע־ווען אַ טיכטיגער תלמודיסט און אַ קענער פון מאַטהעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע, געאָגראַפיע און געשיכטע. ער האָט געאַרבייט אין דער פּראַגער אָבסער־וואַטאָריע און איז געווען גוט בעקאַנט און בעפריינדעט מיט דעם בעוואוס־טען אַסטראָנאָם קעפּלער און מיט טיכאָ דע בראַהע. גאַנז האָט געשריבען אַ ווערק איבער אַסטראָנאָמיע זוין מאַטהעמאַטישער געאָגראַפיע אונטער׳ן טיטעל „נחמד ונעים״. צווישען אידען איז ר׳ דוד גאַנז געווען זעהר פּאָ־פּולער מיט זיין היסטאָרישען ווערק „צמח דוד״. דיזעס ווערק האָט נאָר אַ ווערט צוליב די היסטאָרישע ידיעות און מקרים, וואָס האָבען זיך געטראָ־פען אין זיין צייט, אָבער אין אַלגעמיין פערדינט עס ניט קיין בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אין זיין הקדמה צום „צמח דוד״ פערענטפערט זיך דער מחבר וואָס ער ציטירט זאַכען פון ספרים פון ניט־אידישע מחברים. אַלס פערטיידיגונג פון דיזען חטא ברייננט ער, דאָס אויך אַנדערע אידישע מחברים גאַנץ פרומע און גדולים האָבען עס געטאָן. דיזע ווערטער כאַ־ראַקטעריזירען דעם אידישען גייסט פון יענער צייט.

לעזען געשיכטליכע ספרים האָט מען דאַמאָלס גערעכענט פיר אַן איב־ריגע זאַך, וואָס ברייננט ניט קיין נוצען. וויכטיגער איז געווען צו לעזען מוסר־ספרים, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען דורכגעוועבט מיט קבלה. אין דיזען גייסט איז געשריבען געוואָרען דער ספר „שני לוחות הברית״ (של״ה) פון ר׳ ישעיה הורוויץ (1555—1630). ער איז געווען רב אין פּוילען, פראַנקפורט און פּראַג. אין יאָהר 1621 איז ער אוועק נאָך ארץ ישראל. אין צפת האָט ער געענדיגט זיין בעריהמטען חבור „של״ה״ („שני לוחות הברית״), דורך וועלכען ער איז שפּעטער בעוואוסט געוואָרען אונ־טער׳ן נאָמען „של״ה הקדוש״. דער צוועק פון דיזען ספר איז צו געבען אַלע אידישע געזעצען אַ יסוד פון מוראל. ער האָט געראַטען זיינע צו־הערער און זיינע לעזער ענטזאַגען זיך פון די תענוגים פון עולם הזה און נאָר אין זינען האָבען די נשמה. דאָס איז געווען אין גייסט פון יענער צייט, און דעם אידען איז עס דאַמאָלס ניט שווער געווען צו פאָלגען. דער איד האָט סיי ווי געפיהרט אַ ביטערעס לעבען, ער האָט זיך כמעט ניט גע־האַט פון וואָס אָפּצוזאָגען, ווייל ער האָט גאָרניט געהאַט.

אַ גרויסע ווירקונג האָט געהאַט אויף די מאַסען די ליטעראַטור אין דער אידיש־דייטשער שפּראַך אָדער „זשאַרגאָן״, אין וועלכען מען האָט דאַמאָלס געשריבען פיר דאָס פאָלק. מען האָט אָנגעהויבען איבערצוזעצען אין דיזער

שפּראַך זעהר פּיעלע אידישע ספרים, איבערהויפּט געבעט־ביכער (סדור, מחזור) און תנ"ך. זעהר פּאָפּולער איז געוואָרען דער ספר „צאנה וראינה", דאָס איז אַ ספר געשריבען אין אידיש־דייטש אויף די סדרות פון חומש. אין דיזען ספר ווערען געבראַכט זעהר פיעלע אגדות פון דעם תלמוד און מדרשים און אויך אויסצוגען פון אַנדערע פרומע ספרים. דער מחבר פון דיזען ספר איז געווען הרב ר' יעקב בן יצחק פון פּראַג. דער „צאנה וראינה" איז אין אַ קורצער צייט געוואָרען די ווייבערשע תורה. ער איז ווירקליך אַ זעהר גוטער ספר. ער פערפינסטערט ניט די מוחות פון די לעזער מיט מעשיות פון שדים און מלאכי חבלה, נאָר ער רעדט צום פאָלק אין גייסט פון מדרש און תלמוד. זיין מוסר רעדט צום פערשטאַנד און צום הארצען, און האָט אָפּט אַ זעהר גוטען איינפלוס אויף'ן לעזער.

## י"ד. די אידישע אויטאָנאָמיע אין פּוילען.

סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע. אין דער צייט, וואָס די ארויסגעטריבענע אידען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָבען עמיגרירט נאָך טערקיי, האָבען די פערפאָלגטע אידען פון דייטשלאַנד עמיגרירט נאָך פּוילען און ליטא, וואו עס איז שוין געווען אַ גרויסער אויטאָנאָמישער צענטער פון אידען פון פריהער. דיביידע צענטערן, טערקיי און פּוילען, זיינען געווען זעהר פערשיידען. אין טערקיי האָבען זיך בעזעצט ספרדים, וועלכע האָבען שוין אזוי ווי געענדיגט זייער קולטור און זיינען שוין געבליבען אזוי ווי פערשטיינערט און ניט געגאַנגען ווייטער. די דייטשע אידישע עמיגראַנטען האָבען יעצט אָנגעהויבען צו ענטוויקלען זייער קולטור. נאָך בבל און שפּאַניען האָבען די אידען אין קיין לאַנד ניט געהאַט אזא ברייטע אויטאָנאָמיע און פעסטע צענטראַליזאַציאָן ווי אין פּוילען.

די שטענדיגע, אונאויפהערליכע אויסוואַנדערונג פון די אידען פון דייטשלאַנד נאָך די סלאַווישע לענדער אין די יאָהרהונדערטער פון מיטעלאַלטער האָט פערוואַנדעלט פּוילען פון אַ קאָלאָניע צו אַ הויפּט־צענטער. דאָס אידישע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לעבען אין די פּוילישע און ליטווישע שטעדט איז געווען זעהר פערשיידענאַרטיג און איז געשטאַנען אויף אַ זעהר הויכער שטופע. אין אַלע צווייגען פון מענשליכער טעטיגקייט: אין אַקערבוי, אינדוסטריע, האַנדעל און האַנט־ארבייט, האָבען זיי גענומען אַ גרויסען אָנטייל און קיינער האָט זיי דערין ניט געשטערט. די אידען זיינען אויך געווען פּעכטער פון פערשיידענע רעגירונגס־אָפּגאַבען, און זיי-

נען אויך געווען אגענטען אין פינאנציעלע אנגעלעגענהייטען פון לאנד און פון דער רעגירונג.

דאס פוילישע פאלק איז בעשטאנען פון פערשיידענע קלאסען: גרויסע גוטס־בעזיצער (די גרויסע שליאכטע) און קליינע־גוטס־בעזיצער (קליינע שליאכטע), צעכאוויע, קלעריקאלען, פון וועלכע יעדע קלאס האט געהאט בעזונדערע רעכטען און האט אימער געפיהרט א שטרייט צו בעקומען מעהר רעכטען; די רעגירונג, וועלכע איז געווען א קאנסטיטוציאנעלע, האט גע־שטריטען מיט יעדער קלאס פיר רעכטען. דיזער קלאסען־קאמף האט גע־פיהרט דערצו, דאס די רעכטען פון די אידען זיינען געווען פערשיידען און ניט אימער די זעלבע. די אידען האט מען אנגעהויבען בעהאנדלען לויט די נוצען, וואס זיי ברייגען דעם לאנד און דעם פוילישען פאלק, און ווייל דאס, וואס איז געווען ניצליך פיר איין קלאס איז אפט געווען שעדליך פיר אן אנדער קלאס, האט זיך זעהר אפט געטראפען, דאס איין קלאס זאל שטי־צען די אידען, און די אנדערע זאל זיי פערפאלגען.

אזוי צ. ב. האט די קעניגליכע רעגירונג מיט'ן פארלאמענט געשיצט די אידען, און די קלעריקאלען און די שטאדט־בירגער האבען געזוכט צו פערפאלגען זיי. די רעגירונג איז געווען צופרידען מיט די גרויסע אפצאה־לונגען און שטייער, וואס זי פלעגט ארייננעהמען פון אידען, ווי אויך פון די גרויסע סומעס געלט, וואס זיי פלעגען ארייינטראגען אין קאזנא אלס פעכ־טער פון פערשיידענע רעגירונגס־איינקונפטען, אדער אלס ארענדאטארס פון פערשיידענע רעגירונגס־גיטער. אזעלכע פעכטער האבען זעהר אפט געהאט א גרויסען איינפלוס אין הויף און האבען מיט זייער איינפלוס גע־טאן זייערע ברידער פיעל גוטעס. אויך די גרויסע גוטס־בעזיצער, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער פוילקייט, האבען בעדארפט האבען די אידען אלס פערוואלטער פון זייערע גיטער און האבען אימער אויף די סיימען (רייכסטאגען) געשטיצט די אידען, אבער איבערהויפט נאר דיזע קלאס אידען, ווייל זיי האבען ניט געהאט קיין אינטערעס פיר די ארימע קלאס פון די אידען. אבער די פוילישע סוחרים און די צעכאוויע זיינען געווען זעהר פיינדליך צו אידען אלס קאנקורענטען. דער שטאדט־מא־גיסטראט האט אימער געמאכט די אידען שוועריגקייטען צו בעקומען איי־גענטום אין שטאדט, אדער דאס רעכט צו האנדלען, און די צעכאוויע פלעגען רייצען די ארבייטער־קלאס צו מאכען אויף זיי פאגראמען. מעהר פון אלע האבען זיי פערפאלגט די קלעריקאלען, וועלכע האבען געזוכט צו שאפען פיר די אידען אלערליי געזעצליכע בעשרענקונגען.

די אידישע לאגע אין פוילען אין דער צייט פון 16טען יאהרהונדערט און דער ערסטער העלפט פון 17טען יאהרהונדערט איז ניט געשטאנען אויף איין מדרגה, נאר זי איז געוועזן בעסער און ערגער, זי איז געוועזן אפהענגיג פון דעם, וועלכע קלאס עס האט געהאט מעהר מאכט אין דער רעגירונג.

ליבעראלע רעגירונג פון סיגיזמונד דעם 1טען. אין די ערסטע יאהרען פון 16טען יאהרהונדערט האט די פוילישע רעגירונג אנגעהויבען צוריקגעבען צו די אידען די רעכטען, וועלכע מען האט פון זיי צוגענומען. דער זעלבער גרויספירסט פון ליטא, אלכסנדר יאגעללאן, וועלכער האט אין 1495 ארויסגעטריבען די אידען פון זיינע לענדער, האט זיי צוריקגערופען באלד נאך דעם, ווי ער איז געווארען קעניג פון פוילען נאך זיין ברודער'ס טויט. ער האט זיי צוריקגעגעבען זייערע הייזער, פעלדער, שולען או. אז. וו. די אורזאך דערפון איז געוועזן די וויכטיגע ראלע, וואס די אידען האבען געשפילט אין עקאנאמישען לעבען און אין די פינאנץ-אנגעלעגענהייטען פון פוילען. אהן די אידישע פעכטער, וועלכע האבען איינגעצאהלט אין דער רעגירונג פארויס די גאנצע איינקונפטען פון אפגאבען און שטייער פון גאנצען לאנד, האט די רעגירונג ניט געקענט עקסיסטירען. דעריבער האט דער קעניג אלכסנדר בעפרייט דעם רייכען אידען יאסקע דעם פאכטער און זיינע אלע בעדינטע און אנגעשטעלטע פון די געוועהנליכע געריכטס-הייזער, וועלכע זיינען געוועזן אין אלגעמיין זעהר פיינדליך צו אידען, און האט זיי געשטעלט אונטער דעם קעניגליכען געריכטס-הויז, אונטער וועלכען עס זיינען געשטאנען די הויף-בעדינטע. געוויסע פאקטען צייגען, דאס אלכסנדר האט עס געטאן ניט ווייל ער איזווירקליך געוועזן גוט צו אידען, נאר ווייל די אומשטענדען האבען עס געפאדערט. אזוי צ. ב. האט ער ניט געוואלט בעשטעטיגען די פריווילעגיעס, וואס דער קעניג באלעסלאוו האט געגעבען די אידען אין פריהערדיגע צייטען.

דער נאכפאלגער פון אלכסנדר יאגעללאן, סיגיזמונד דער 1טער (1506—1548), איז געוועזן פיעל מעהר ליבעראל צו אנדערע פעלקער אין זיין לאנד. זיין פרינציפ איז געוועזן: געבען רעכטען צו אלע קלאסען — צו ארימע ווי צו רייכע. אבער דיזער פרינציפ האט געקענט ווערען אנגעווענדט נאר דארט, וואו די קעניגליכע מאכט האט ניט געהאט קיין שטערונגען פון די אנדערע קלאסען, וואס האבען געהאט מאכט אין זייערע הענט. אין ליטא איז דער קעניג געוועזן די הויפט-מאכט, דארט האט ער געטאן ווי ער האט פערשטאנען. גאנץ אנדערש איז עס געוועזן אין פוילען. אין ליטא האט ער איבערגעגעבען די פאכט פון אלע איינקונפטען פון לאנד

צו א רייכען בריסקער אידען מיכל יאָזעפאָוויטש, וועלכער איז אויך געווען דער הויפט-שאַצמייסטער און האָט געצאָהלט געהאַלט צו די קעניגליכע בעאַמטע און די קעניגליכע שולדען. ער האָט איהם אויך בעשטימט אַלס סטאַראָסטאַ (הויפט) פון די אידישע געמיינדעס (1514). יאָזעפאָוויטש האָט געהאַט דאָס רעכט איינצואָרדנען אידישע געריכטס-הייזער, וועלכע זאָלען ריכטען דאָס אידישע פאָלק לויט זייערע אייגענע געזעצען; ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו ווענדען זיך גלייך צום קעניג וועגען זאַכען, וואָס זיינען נוגע אידישע געמיינדעס. די אידען זעלבסט האָבען איהם אַפילו ניט אָנערקענט אַלס זייער הויפט, ווייל אַזעלכער האָט בעדאַרפט זיין נאָך זייער בעגריף אַ איד אַ גרויסער למדן, אַן ערוועהלטער פון פאָלק, און ניט אַ קעניגליכער בעאַמטער. אָבער ער איז געווען אין פיעלע הינזיכטען אַ גוטער פערמיטלער צווישען אידישע געמיינדעס און דער רעגירונג און האָט בעשיצט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען און זייערע פּריוויילעגיעס. מיכל יאָזעפאָוויטש איז יעדענפאַלס געווען פיעל ניצליכער פיר די אידען אין פוילען איידער זיין ברודער אברהם יאָזעפאָוויטש, וועלכער איז אויך געווען אַ פאַכטער אין אייניגע פּראָווינצען און האָט זיך געטויפט אום צו בעקומען אַ הויכע שטעלע אין דער רעגירונג.

די אויטאָנאָמיע און די רעכטען, וואָס די אידען האָבען געהאַט אין ליטא פון די פריהערדיגע יאָהרען, האָבען די קלעריקאַלען און די שטאָדטישע בירגער אין דער ערסטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט געוואָלט פון זיי אָפּנעהמען, אָבער סיגיזמונד דער 1טער האָט אין יאָהר 1533 אַרויסגעגעבען אַ שטרענגען בעפעהל, דאָס די רעכטען זאָלען בלייבען אין קראַפט. די אידישע געמיינדעס אין בריסק, פינסק, גראָדנאָ און ביעלסק האָבען זיך געלעבענט פיר די וויכטיגסטע אין ליטא, און דער בריסקער רב, ר' מענדעל פראַנק, האָט זאָגאַר בעקומען פון קעניג דאָס רעכט צו בעשטראָפען די אידען, וואָס וועלען ניט פאָלגען זיין פסק-דין (1531).

גאַנץ אַנדערש איז געווען דער צושטאַנד פון די אידען אין פוילען. דאָרט האָבען די צעכען און די קריסטליכע סוחרים געזוכט צו מאַכען ענג די אידישע סוחרים און האַנטווערקער מיט וואָס זיי האָבען געקענט. זיי האָבען צ. ב. ניט דערלאָזען אידען צו האָבען מאַגאַזינען און קראָמען אין צענטער פון שטאָדט. די אידען האָבען זיך בעקלאָגט וועגען דעם צום קעניג, און דיזער האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל פיר קיין פאַל ניט רויבען פון די אידען זייערע רעכטען. אָבער ווען די קריסטליכע סוחרים האָבען ערקלערט דעם קעניג, דאָס פון דער צו גרויסער בעקאַנטשאַפט צווישען קריסטען

און אידען קען ליידען די קריסטליכע רעליגיאָן, האָט דער פרומער סיגיז-
מונד איינגעשטימט צו פערוועהרען די אידען האָבען גרויסע געשעפטען
צווישען דער קריסטליכער בעפעלקערונג (1520). אין פּאָזען האָבען די
קריסטען פערוועהרט די אידען צו קויפען אויף'ן מאַרק שפּייז איידער די
קריסטען וועלען האָבען איינגעקויפט פיר זיך, דאָס הייסט, פאַר 1 אוהר
נאָכמיטטאָג. מען האָט אַ ביסעל שפּעטער אָנגעהויבען צו פערוועהרען נייע
אידען בעזעצען זיך אין פּאָזען און קויפען הייזער פון קריסטען (1532).
דאָס זעלבע איז אויך געווען אין לעמבערג. מען האָט זיי ערלויבט צו האנד-
לען נאָר מיט פיער זאַכען: מיט וואַקס, רויכווארג, געוואַנט און פיה.

די קאָנקורענץ אין האנדעל האָט זעהר אָפט געפיהרט צו פּאָגראָמען.
די אידען האָבען זיך בעקלאָגט פאַר סיגיזמונד'ן און ער האָט ארויסגעגעבען
אַ שטרענגען בעפעהל געגען פּאָגראָמען און פּאָגראָמשטשיקעס. ער האָט
אָנגעזאָגט, דאָס ער וועט בעשטראָפען מיט'ן טויט און קאָנפיסקירען דעם
פערמעגען פון די, וואָס וועלען מאַכען פּאָגראָמען (1530). אום צו בערו-
היגען די אידען האָט ער בעפוילען, דאָס דער מאַגיסטראַט פון קראָקאָוו זאָל
אריינטראָגען אין די קעניגליכע קאַסע אַ געוויסע סומע געלט אַלס גאַראַנטיע,
ד'אָס דער מאַגיסטראַט וועט ניט דערלאָזען צו אַ פּאָגראָם.

דער קעניג האָט אָבער ניט געקענט העלפען די אידען געגען דעם דרוק
פון די בעאַמטע, וועלכע האָבען פון זיי געצאַפּט זייער בלוט דורך אַלערליי
סאָרטען כאַבאַר (שוחד). די קעניגין באָנאַ, אַ גרויסער געלט-גייץ, האָט
פערקויפט גרויסע שטעלעס צו מענשען, וואָס האָבען איהר גוט בעצאָהלט,
און דיזע האָבען געהאַט אַ פרייע האנט צו שינדען די הויט פון די אידען.

אין יאָהר 1530 איז דער פוילישער סיים (רייכסטאַג) געווען זעהר
פיינדליך צו אידען. די דעלעגאַטען פון סיים האָבען ענערגיש פּראָטעס-
טירט געגען דעם, וואָס דער קעניג גיט אָפּ אין פּאַכט די איינקונפטען פון
לאַנד צו אידען, וואָס דאָס גיט זיי אַ רעכט צו דריקען די פוילישע אַדעל-
לייט. אויף דעם פּעטראָקאָווער סיים זיינען אָנגענומען געוואָרען נייע גע-
זעצען וועגען אידען. לויט דיזע געזעצען האָט אַ איד ניט געטאָרט זיין
קיין פּאַכטער פון דער רעגירונג צו קאָללעקטירען אָפּגאַבען און שטייערן.
אַ איד האָט ניט געטאָרט פיהרען קיין האנדעל אין אַ דאָרף, און אין אַ
שטאָדט האָט ער געמוזט דערויף האָבען אַ ספּעציעלע ערלויבנים פון קעניג.
אַ איד האָט געמוזט טראָגען אַנדערע קליידער און אַ געלע היטעל אום מען
זאָל איבעראַל דערקענען, דאָס ער איז אַ איד. פיר איבערטרעטען איינע

פין דיזע רעגלען האָט דער איד געדאַרפט בעשטראָפט ווערען יעדען מאָל מיט א פלאָרין.

מעהר פון אַלע אַנדערע פונקטען פון דער פעטראָקאָווער „קאָנסטי-טוציאָן" האָבען די אידען געליטען פון די בעשרענקונגען אויף'ן פעלד פון מסחר. די געזעצען וועגען אידישע קליידער, אַלס אַ קירכען=געזעץ, האָט אין פּראַקטישען לעבען ניט געשפּילט קיין ראָלע, ווייל קיינער האָט עס ניט בעטראַכט ערנסט. די קלעריקאַלען האָבען אין דער צייט פון דער רעפאָר-מאַציאָן געזעהען אין אַלעם די מאַכט פון אידישען גייסט, און דיזען גייסט האָבען זיי געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו דערשטיקען. דערצו האָט זיך גראַדע דאַמאָלס געטראָפען אַ צופאַל, וואָס האָט פיר זיי געדינט אַלס בעוויז, דאָס דער אידישער גייסט דרינגט ווירקליך אַריין אין קריסטענ-טום. אַ קריסטליכע פרוי פון אַ בעאַמטען אין מאַגיסטראַט האָט אָנגענו-מען דאָס יודענטום. מען האָט איהר געבראַכט צום בישאָף, און דיזער האָט איהר געפרעגט אין דער אָנוועזענהייט פון פיעלע גייסטליכע, אויב זי גלויבט אין גאָט. זי האָט געענטפערט, דאָס זי גלויבט אין גאָט, וואָס האָט בעשאַפען אַלעס, וואָס אין דער וועלט: די ערד, מיט אַלע בעשעפ-ניסען און פלאַנצען, די הימלען, די ימים, מיט אַלעם וואָס עס געפינט זיך אין זיי. דערויף האָט זי דער בישאָף געפרעגט, אויב זי גלויבט אויך, דאָס גאָט האָט אַריינגעשיקט זיין הייליגען גייסט אין אַ פרוי און זי האָט גע-באָרען אַ זוהן מיט'ן נאָמען יעזוס, און דיזער איז געקרייציגט געוואָרען אום צו רעטען מיט זיין בלוט די מענשען פון דער זינד, וואָס האָט זיי גע-דריקט זינט אדם הראשון. זי האָט געענטפערט, דאָס זי גלויבט ניט, אז גאָט זאָל דאַרפען אַ פרויענצימער און וועלען האָבען אַ קינד, ווייל ער איז אייביג און ער ברויכט ניט קיין נאָכפאָלגער. מען האָט מיט איהר נאָך אַ ביסעל גע'טענה'ט, און ווען מען האָט זיך איבערצייגט, דאָס זי איז איינ-געשפּאַרט אין איהר גלויבען, האָט מען זי געלאָזען פערברענען. דער גע-שיכטע=שרייבער פון יענער צייט, בעלסקי, דערצעהלט, דאָס זי איז געגאַנ-גען צום ברענענדען שייטער=הויפען מיט שמחה.

אין יענער צייט איז אַרויס אַ קול, דאָס אין קראָקאָוו און אין דער אומגעגענד האָבען פיעלע בויערן אָנגענומען יודענטום און זיינען ענטלאָפען אין ליטא. מען האָט עס מיטגעטיילט דעם קעניג, און דיזער האָט גלייך געשיקט בעאַמטע אין ליטא אום די זאַך אויסצופאָרשען. די בעאַמטע האָ-בען געמאַכט אַ שטרענגע אונטערזוכונג, זיי האָבען געזוכט אין פערשיידענע אידישע הייזער, מען האָט אָפּגעשטעלט דורכרייזענדע און מען האָט זיי

אונטערזוכט, און עס האָט זיך בעוויזען, דאָס די גאַנצע געשיכטע איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. דאָך האָט עס פערשאַפט די אידען פיעל שרעק און עגמת נפש (1539). באַלד האָבען די אידישע שונאים ארויסגעלאָזען אַן אַנדער קלאַנג, דאָס די אידען פון ליטא האָבען אָפּגעהאַנדעלט מיט'ן טערקישען סולטאַן, אַז ער זאָל זיי אויפנעהמען אַלס זיינע אונטערטאַנען, און זיי וועלען אויך בריינגען מיט זיך אַ סך גע'מל'טע קריסטען, וועלכע האָבען אַנגענומען דעם אידישען גלויבען. דער קעניג האָט ווידער געשיקט בעאַמטע אויסצופאָרשען די זאַך. די אידען האָבען מורא געהאַט, דאָס דער קעניג וועט גלויבען אין דעם קלאַנג, האָבען זיי דעריבער געשיקט אַ דעפּוטאַציאָן צום קעניג און האָבען איהם פערזיכערט, דאָס די אידען האָבען גאָר ניט געדענקט און דענקען ניט אויך יעצט צו פערלאָזען פּוילען, אַ לאַנד, פון וועלכען זיי זיינען העכסט צופרידען, און דאָס די געשיכטע, אַז אידען רעדען אָן קריסטען אַנצונעהמען יודענטום איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך. סיגיזמונד האָט די דעפּוטאַציאָן פערזיכערט, דאָס ער גלויבט ניט אין די רכילות, וואָס די שונאים זאָגען אויף זיי, און האָט זיי געגעבען וועגען דעם אַ ספּעציעלע שריפט, און האָט וועגען דעם אויך מיטגעטיילט די אידען אין ווילנא (1540).

אָבער די קאַטאָלישע גייסטליכע אונטער דער פיהרונג פון בישאָף האַמראַט האָבען ניט אויפגעהערט צו אַגיטירען געגען אידען, און האָבען געשריבען און פערשפּרייט אַ גאַנצע סעריע אידען=פיינדליכע ווערק. די פערזאַמלונג פון קאַטאָלישע גייסטליכע, וואָס איז פאָרגעקומען אין פּעטראָקאָוו אין יאָהר 1542, האָט בעשלאָסען צו בעטען דעם קעניג סיגיזמונד, אַז ער זאָל אָנערקענען אַלס געזעץ די פאָלגענדע פּונקטען: 1) מען זאָל בעשטימען אין קראָקאָוו אַ געוויסען טייל פון שטאָדט פיר די אידען, וואָס געפינען זיך שוין דאָרט, און מען זאָל מעהר ניט ערלויבען צו בעזעצען זיך דאָרט נייע עמיגראַנטען פון די לענדער, וואו מען טרייבט זיי ארויס; 2) מען זאָל ניט ערלויבען אידען צו בעזעצען זיך אין די ערטער, וואו זיי זיינען ביז דאַן נאָך ניט געוועזען; 3) מען זאָל זיי ניט לאָזען בויען קיין נייע שולען; 4) די קירכע ערלויבט צו וואוינען אין לאַנד נאָר אַ קליינע צאָהל אידען, אום מען זאָל זיך דורך זיי דערמאָהנען וועגען די ליידען, וואָס זיי האָבען פערשאַפט יעזוס'ן, און יעדער צוואוואַקס פון אידען איז ניט ערלויבט. אויסער דיזע 4 פּונקטען האָט דער סינאָד ווידערהאָלט די אַלטע פאָדערונגען פון דער קירכע וועגען קריסטליכע דינערשאַפט ביי אידען, וועגען אַ ספּעציעלען צייכען אויף אידישע קליידער, וועגען ניט צו-

לאָזען זיי צו אַרענדעם פון גיטער, אום דער איד, וואָס איז בעשטימט צו זיין אַ שקלאַף ביים קריסט, זאָל ניט ווערען איבער איהם קיין הערשער. דער קעניג אָבער האָט זיך ענטזאָגט צו אָנערקענען דיזע בעשרענקונגען אַלס געזעץ. דאָך האָט זיי די קירכע אָנגענומען און האָט מיט דער צייט געזוכט צו ווירקען, אַז מען זאָל זיי דורכפיהרען. און זיי איז עס ווירקליך געלונגען אין דער צייט פון דער פוילישער רעאַקציאָן.

קאַמף צווישען ליבעראַליזם און רעאַקציאָן אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם 2טען און סטעפאַן באַטאָרי. דער נאָכפאָלגער פון סיגיזמונד דעם 1טען איז געווען סיגיזמונד דער 2טער אַוגוסט (1548—1572). דיזער הערשער איז געווען אַ זעהר געבילדעטער און אין אַ געוויסען גראַד פריינעזאָנען, און איז דעריבער געווען ליבעראַל צו פּראָטעסטאַנטען און אידען. אין דעם ערסטען יאָהר פון זיין רעגירונג האָט ער בעשטעטיגט דעם אַלטען ליבעראַלען סטאַטוט וועגען אידען, וואָס קאַזימיר דער 4טער האָט אַרויסגעגעבען. ער האָט אָבער אויסער דעם נאָך פערברייטערט די אידישע אויטאָנאָמיע. ער האָט ערלויבט די אידען צו האָבען אייגענע געריכטס-הייזער, וואו די אידישע ריכטער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו משפט'ן די אידען לויט זייערע אייגענע געזעצען (1551). זאָגאַר אין די געריכטס-הייזער פון דער רעגירונג האָט ביי אַ פּראָצעס צווישען אַ אידען מיט אַ קריסט בעדאַרפט זיין אַ מיטגליד פון אידישען קהל אום ניט צו דערלאָזען, אַז עס זאָל געשעהען דעם אידען אַן אונרעכט (1556). די שטאָדטישע געריכטס-הייזער האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו משפט'ן אַ אידען, וויל זיי זיינען אימער געווען צו זיי זעהר פיינדליך. אָבער דיזע רעכטען צו ווערען גע'משפט אין די קעניגליכע געריכטס-הייזער האָבען געהאַט נאָר די אידען, וואָס זיינען געזעסען אין די שטעדט, וואָס האָבען געהערט צום קעניג, אָבער ניט די, וואָס זיינען געזעסען אויף די גיטער פון דער פוילישער שליאַכטע (אדעל).

די בעציהונגען צווישען אידען און די קריסטליכע שטאָדט-איינוואוינער איז געווען ניט אין אַלע שטעדט גלייך. אין די שטעדט, וואו די קעניגליכע מאַכט איז געווען שוואַך, זיינען די אידישע רעכטען געווען זעהר בעשרענקט. די אידען האָבען געמוזט וואוינען אין אַ בעזונדער געטאָ. דאָרט האָבען זיי געמעגט האָבען נאָר אַ בעשטימטע צאָהל הייזער. דעריבער זיינען געוועהנליך געווען די אידישע הייזער אין דעם געטאָ פיעל-שטאָקיגע. זייערע רעכטען אין האַנדעל זיינען אויך געווען זעהר בעשרענקט. דאַגעגען אין די שטעדט, אין וועלכע די קעניגליכע מאַכט איז

געוועזן שטארק, האָבען די אידען געהאַט מעהר פרייהייט און מעהר רעכטען. אין דיזע שטעדט, וואו די קעניגליכע מאַכט איז געוועזן שטאַרק, האָט דער קעניג זאָגאר פערבאָטען צו בעשטימען די וועכענטליכע ירידען (מארק־טעג) אויף שבת, אום די אידען זאָלען דערפון ניט ליידען.

אָבער מעהר פון אַלעמען האָבען די אידען געליטען פון די קאַטאָלישע קלעריקאַלען. דיזע זיינען פון אייביג אָן געוועזן די גרעסטע שונאי ישראל. בעזונדערס האָבען זיי זיך גענומען פערפאָלגען די אידען, ווען דער רוימי־שער פּאַפּסט פּאַול דער 4טער האָט געגעבען אַ סיגנאַל צו פערפאָלגען אַלע אונגלויביגע, די פּראָטעסטאַנטען און די אידען. באַלד האָט זיך געמאַכט אויף די אידען אַ בלבול. מען האָט זיי בעשולדיגט, דאָס זיי האָבען גע־קויפט אַ האָסטיע (אַ קירכען־חלה), וועלכע איז ביי די קאַטאָליקען אַ סימ־באָל פון יעזוס'עס לייב, און די אידען האָבען זי געשטאָכען אַזוי לאַנג ביז עס האָט פון איהר געררונען בלוט. דערמיט האָט מען געוואָלט איבער־ציינגען די מאַסע אין די וואהרהייטען פון די קאַטאָלישע דאָגמאַס. דער בישאָף האָט אַרעסטירט דריי אידען און מען האָט זיי נאָך אַ קורצען פּראָ־צעס פער'משפט צום טויט דורך פערברענען. ווען דער קעניג האָט זיך דערפון דערוואוסט האָט ער געשיקט אַ בעפעהל, אַז מען זאָל ניט הינריכטען די בעשולדיגטע ביז עס וועט ניט זיין אַ נייע אונטערזוכונג. אָבער די גייסטליכע האָבען זיך צוגעאיילט און מען האָט די 4 אָפּפער פערברענט איידער דער בעפעהל איז אָנגעקומען. דאָס האָט דעם קעניג שרעקליך אויפ־גערייצט. „עס ציטערט אין מיר מיין גאַנצע אינערע", האָט דער קעניג געזאָגט, „ווען איך דערמאָהן זיך וועגען דיזען שענדליכען און באַרבאַרישען מאָרד. איך בין איבערצייגט, דאָס פון אַ חלה קען קיין בלוט ניט רינען, ווען מען שטעכט זי, ווי הייליג זי זאָל ניט זיין". אָבער דאָך האָט די אַגיטאַציאָן פון די קלעריקאַלען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די לאַגע פון די אידען אין פּוילען, און אויף די סיימען פון די יאָהרען 1562 און 1565 האָט מען אָנגענומען פילע בעשרענקענדע געזעצען געגען אידען.

די זעלבע בעשרענקענדע געזעצען וועגען אידען זיינען דערנאָך אָנ־גענומען געוואָרען אויך אין ליטא. אויף דאָרט האָט מען געצוואונגען די אידען צו טראָגען קליידער מיט צייכענס, אום מען זאָל דערקענען, דאָס זיי זיינען אידען; מען האָט זיי פערוועהרט צו האָבען קריסטליכע בעדינטע. מען האָט אָנגעהויבען מאַכען אויף זיי די אַלטע בלבולים, דאָס זיי ערמאָר־דען קריסטליכע קינדער צוליב רעליגיעזע צוועקען. אין יאָהר 1564 האָט מען אין ביעלסק פערברענט אַ אידען, אויף וועלכען מען האָט געמאַכט די־

זען בלבול. אויך אין אנדערע שטעדט אין ליטא האָבען זיך געמאַכט עלילות דם. אום צו מאַכען אַן ענדע צו אַזא געפעהרליכער אַגיטאַציאָן האָט דער קעניג אַרויסגעגעבען צווײ עדיקטען (1564, 1566), וועלכע האָבען שטרענג פערבאָטען די געריכטס=הייזער צו דערלאָזען פּראָצעסען געגען אידען וועגען אַזעלכע בלבולים, ווי עלילות דם און שענדען האָסטיעס. אום אויפצונעהמען אַ פּראָצעס וועגען דיזע אומגעלומפּערטע בלבולים מוזען זײן ביים סאַמע אָנפאַנג ניט ווענינער פון זיבען עדות — דרײ אידען און פיער קריסטען, און אַזא פּראָצעס מוז אונטערזוכט ווערען פון קעניג זעלבסט און זײנע ראַטגעבער.

אין יאָהר 1569 איז ליטא פעראייניגט געוואָרען מיט פּוילען אונטער גלײכע געזעצען, און פון דאַמאָלס אָן איז דער שיקזאַל פון די ליטווישע אידען געענדערט געוואָרען צו ערגער.

מיט 3 יאָהר שפּעטער איז געשטאָרבען דער קעניג סיגיזמונד אוגוסט. די אידען האָבען באמת געטרויערט נאָך דיזען גוטען קעניג, וועלכער האָט זײ געשיצט פון זײערע שונאים. נאָך סיגיזמונד אוגוסט'ן איז געוואָרען אײנגעפיהרט אין פּוילען דאָס געזעץ, אַז קעניגען זאָלען ערוועהלט ווערען, און עס זאָל מעהר ניט זײן קײן ירושה=רעכט אויף'ן טראָן. דיזער ערסטער ערוועהלטער קעניג איז געווען דער פראַנצויזישער פּרינץ היינריך וואַלואַ (1574), וועלכער איז געווען אײנער פון די הויפּט=שולדיגע אין דער „באַרטהעלאָמעאוּס=נאַכט". די אידען און די ליבעראַלע פּאָליאַקען האָבען זיך שטאַרק געשראָקען, דאָס דיזער קײזער וועט געבען די קלעריקאַלען צופיעל מאַכט, אָבער ער איז גיך אַנטלאָפען פון פּוילען אום אָנצונעהמען די קרוין פון זײן ברודער קאַרל דעם 9טען, דעם קעניג פון פראַנקרײך, וועלכער איז אין יענעם יאָהר געשטאָרבען. די פּאָליאַקען האָבען ערוועהלט אַלס זײער קעניג אַן אונגאַרישען געבילדעטען אדעלמאַן סטעפאַן באַטאָרי (1576—1586). דיזער האָט אַרויסגעגעבען אײניגע גוטע געזעצען פיר אידען. ער האָט אויך פערוועהרט צו מאַכען אויף אידען בלוט=בלבולים און בעשולדיגונגען אין שענדען האָסטיעס, וועלכע זײנען ניט מעהר ווי אויסגעטראַכטע ליגענס.

סטעפאַן באַטאָרי האָט געגעבען די אידען פיעלע פּריווילעגיעס אין מסחר, ער האָט זײ ערלויבט האָבען געשעפטען אין צענטער פון שטאָדט גלײך מיט די קריסטען, און האָט זײ זאָגאַר ערלויבט צו האַנדלען אין די קריסטליכע ימים טובים. ער האָט פערוועהרט יעדען דרוק אויף אידען, און האָט געהאַלטען די שטאָדט=מאַגיסטראַטען און די צעכאָוויע אַנשטאַל-

טען פעראַנטוואָרטליך פיר יעדען שאָדען, וואָס די מאַסע וועט טאָן צו אידען דורך פּאָגראָמען. ער האָט אָפען געזאָגט, דאָס די אידען זיינען אַ זעהר ניצליכער עלעמענט אין דער געזעלשאַפט און פערדינען גלייכע רעכטען מיט דער קריסטליכער בעפעלקערונג. דיזען בעפעהל האָט ער אַרויסגעגעבען דעם 10טען פעברואר 1577. אָבער דאָס האָט וועניג געהאָלפען. אין דריי חדשים נאָך דיזען בעפעהל האָבען די קריסטליכע סוחרים אין פּאָזען געמאַכט אויף אידען אַ פּאָגראָם, אין וועלכען עס איז צורויבט און פערניכטעט געוואָרען פיעל פון אידישען פערמעגען און אויך אייניגע נפשות פון אידען זיינען גע'הרג'עט געוואָרען. באַטאָרי האָט אַרויפגעלעגט אויף'ן מאַגיסטראַט אַ שווערע שטראָף דערפאַר, וואָס ער האָט דערלאָזען צו אַ פּאָגראָם. אָבער די מאַגיסטראַט-בעאַמטע האָבען געשוואָרען, דאָס זיי האָבען גאָרניט געוואוסט פריהער פון דעם פּאָגראָם און האָבען גאָרניט געקענט טאָן אום איהם צו פערהיטען, און באַטאָרי האָט זיי בעפרייט פון שטראָף. אָבער ביי זיין ערהאַבענעם ליבעראַליזם האָט ער געשטיצט די יעזואיטען און איז געווען געניינגט צו דער רעאַקציאָן, וועלכע האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען אין פּוילען.

**הערשאַפט פון די קלעריקאַלען אין דער צייט פון סיגיזמונד דעם 3טען און וולאַדיסלאַוו דעם 4טען.** גרויסע, וויכטיגע ענדערונגען זיינען פּאָרגעקומען אין פּוילען אין דער צייט פון דער רעגירונג פון סיגיזמונד דעם 3טען (1588—1632) און וולאַדיסלאַוו דעם 4טען (1632—1648). דיזע קעניגען זיינען געווען ערוועהלט פון דער שליאַכטע, און זיינען געווען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון זיי און זיי האָבען געמוזט נאָכגעבען אַלע זייערע וואונשען. דיזע, פערשטעהט זיך, האָבען נאָר געזאָרגט וועגען זייערע אייגענע אינטערעסען און ניט וועגען די אינטערעסען פון אַנדערע קלאַסען פון פּאָלק. די וויכטיגסטע שטעלע אין דער רעגירונג האָבען זיי, די שליאַכטע, פּערנומען. די יעזואיטען האָבען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט די ערציהונג פון דער יוגענד און האָבען אויך געהאַט אַ גרויסע דעה אין דער רעגירונג. זיי האָבען געדריקט אַלע גלויבענס אויסער קאַטאָליציזם, און בעזונדערס אידען. אויף דער סיים האָט דאַמאָלס פערלאָרען זיין אויטאָריטעט. יענע צייט איז געווען פול מיט צאַנקערייען און רייסערייען פון די פערשיידענע קלאַסען פון פּאָלק צווישען זיך. איין שליאַכטיץ (אַדעלמאַן), דער סאַמע אָרימסטער, האָט געהאַט דאָס רעכט צו פּראָטעסטירען (ליבערום וועטאָ) געגען דעם גאַנצען סיים, און די אַלע פערהאַנדלונגען, דעבאַטען און די שטימען פון דער מעהרהייט זיינען געוואָרען צו גאָרניט. אָבער ווען מע זאָל נעה-

מען אין אָנבעטראַכט דעם צושטאַנד פון יענער צייט, קען מען זיכער זאָגען, אַז דאָס איז נאָך געווען פיר פוילען אַ גליק. וואָרים ווען עס וואָלט דאָרט געווען אַ שטאַרקע קעניגליכע דעספּאָטישע מאַכט, וואָלטען די יעזואיטען געוויס אַיינגעפיהרט די אינקוויזיציאָן, וואָס וואָלט פיר אַלע קלאַסען פון פאָלק געווען פיעל ערגער פון אַלע צאַנקערייען און רייסערייען צווישען זיך.

די אידען האָבען זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער שליאַכטע. דער קעניג האָט מיט זיי גאָרניט געהאַט צו טאָן. די שליאַכטיצעס, הגם זיי זיינען געווען ערצויגען פון די יעזואיטען און האָבען פיינד געהאַט די אידען צוליב זייער רעליגיאָן, האָבען אָבער בעדאַרפט די אידען צו זייער לעבען. דער איד איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געהאָלפען דעם שליאַכטיץ מאַכען געלט פון זיינע גיטער. דער איד האָט פון איהם גענו־מען אין אַרענדע זיינע מיהלען, זיינע ברייזער, ער איז געווען דער שענקער אין דאָרף און שטאָדט, די פּראָדוקטען פון די פעלדער האָט דער איד אָפּ־געקויפט פון שליאַכטיץ און האָט איהם בעצאָהלט מיט מזומנים, פיר וועלכע ער האָט איהם אַלעם איינגעהאַנדעלט אין שטאָדט, און דאָס איבריגע האָט דער שליאַכטיץ אויסגעגעבען אין גרעסערע שטעדט אויף געגענשטענדען פון לוקסוס, אָפטער אויף הולטייסטוואָ און שכרות. דער פריץ איז אימער געווען בעשעפטיגט מיט זיינע סיימען און קאָנפערענצען און האָט קיין צייט ניט געהאַט אָפּצוגעבען זיך מיט זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסען, דאָס האָט ער איבערגעגעבען צום אידען. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די שליאַכ־טע האָט ניט דערלאָזען די קלעריקאַלען און יעזואיטען צו בעהאַנדלען די אידען ווי זיי וואָלטען עס וועלען.

דער עקאָנאָמישער שטרייט אין די שטעדט צווישען די אידען און די צעכען און קריסטליכע סוחרים איז אָנגעגאַנגען ווי פריהער. נאָר יעצט, אונטער דער הערשאַפט פון די יעזואיטען, איז דער שטרייט געוואָ־רען שאַרפער, ווייל מען האָט איהם צוגעפאַרבט מיט רעליגיאָנס־האַס. אין די שטעדט האָבען די מאַגיסטראַטען אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט דאָס רעכט צו משפּט'ן אידען, הגם די פוילישע קאָנסטיטוציאָן האָט גע־לויטעט, דאָס ווען אַ איד האָט אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט מוז דער פּראָצעס פאָרקומען פאַר דעם קעניגליכען געריכט. דער קעניג סיגיזמונד דער 3טער האָט ערקלערט אין זיין בעפעהל פון 1592 צו די מאַגיסטראַטען, דאָס זיי האָבען ניט קיין רעכט צו משפּט'ן אידען. דער רייכער אידישער פאַכטער שאול יודיטש, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אין הויף, האָט פיעל געהאָלפען אַרויסצובעקומען פון קעניג דיזען בעפעהל. מען

גלויבט, דאָס דיזער איד איז דער העלד פון דער לעגענדע, דאָס דער איד שאול וואהל איז געווען פּוילישער קעניג אויף איין נאכט. אָבער דאָרט, וואו די אידען האָבען ניט געהאַט אַזעלכע שתדלנים, האָט יעדערער זיי בעהאַנדעלט ווי ער האָט געוואָלט, קיין געזעץ האָט פיר זיי ניט עקסיסטירט. אין ווילנא האָבען די קריסטליכע סוחרים געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף אידען, האָבען צוראַבירט די שול און כמעט אַלע אידישע וואוינונגען און זייערע געשעפטען (1592). דער קעניג סיגיזמונד דער 3טער איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט פיר דיזע רויבערייען, או האָט געגעבען די אידען פולע רעכטען צו וואוינען אין ווילנא און האנדלען פריי אָהן אַ שום שטערונג און בעשרענקונג, צוגלייך מיט קריסטען. אָבער אויך נאָכדעם האָבען די אידען שטאַרק און זעהר אָפט געליטען פון די שטאָדט-בעוואוינער אין ווילנא אין פערשיידענע צוזאַמענשטויסען. מעהר ווי איבעראַל האָבען די אידען געליטען אין פּאָזען. דאָרט האָט אַ אידישער שניידער געמעגט אַרבייטען נאָר פיר אידען אין 1618 האָט אַ מאַלער אויסגעמאָלט אויף די וואַנט פון דעם ראַטוש (ראַט-הויז) אין פּאָזען בעליידיגענדע פיגורען פיר אידען, און די ברוטאַלע מאַסע האָט זיך איבער זיי געלומעט. מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָבען די קלעריקאַלען אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס מען האָט געפונען אין אַ אידישע הויז אַ טיש, אויף וועלכען די אידען האָבען אַמאָל געשטאָכען 3 האָסטיעס. דיזען הייליגען טיש האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אַוועקגעפיהרט אין די קאַרמעליטען-קירכע; אָן דער שפּיץ פון דער פּראָצעסיאָן איז געגאַנגען דער בישאָף, נאָך איהם זיינען געגאַנגען אַלע גייסטליכע פון שטאָדט; דיזע פּראָצעסיאָן האָט געמאַכט אין דער מאַסע אַ שרעקליכע אויפרעגונג געגען אידען. און דאָס האָבען געוואָלט די גייסטליכע, די פאַרשטעהער פון דער רעליגיאָן, וואָס לערנט מענשען-ליבע. די שילער פון די יעזואיטען-שולען פלעגען זיך אַריינכאַפּען אין אידישע הייזער און מאַכען חוזק פון די אידען און זעהר אָפט אָנמאַכען דאָרט געפעהרליכע סקאַנדאַלען און דערמיט בעווייזען ווי זיי זיינען מקיים די לעהרע פון נייעם טעסטאַמענט „צו ליבען זאָגאַר אַ פיינד".

זעהר אָפט האָבען זיך געמאַכט פּראָצעסען געגען אידען וועגען עלילת דם, וועגען געשענדעטע האָסטיעס או. ד. גל. אָבער די פּראָצעסען זיינען געפיהרט געוואָרען ניט ווי די ליבעראַלע קעניגען האָבען עס איינגעריכטעט, אום צו גאַראַנטירען די אידען אמת'ע גערעכטיגקייט, נאָר ווי עס האָט געפּאַסט בעסער פיר די אינקוויזיטאָרען. אין יאָהר 1598 האָט דער לובלינער טריבונאַל פער'משפט דריי אידען צו פערברענען פיר אָן עלילת דם.

מען האָט געפונען א קריסטליך קינד אין א בלאָטע ניט ווייט פון דאָרף וואָזניקי, און מען האָט די דריי אידען חושד געווען, אז זיי האָבען עס בעגאַנגען די מאָרדטאַט מיט א רעליגיעזען צוועק, און מען האָט זיי הינגעריכטעט. די יעזואיטען האָבען אריינגעבראַכט דעם קערפּער פון טויטען קינד אין א קירכע אלס א קדוש, אום דאָס פאָלק זאָל לאַנג געדענקען די געשיכטע און עס זאָל איינגעפלאַנצט ווערען מעהר האס צו אידען. אַזעלכע פּראָצעסען זיינען פאָרגעקומען אין פוילען און ליטא זעהר אָפט. אום נאָך מעהר צו צופלאַקערן דעם האס פון קריסטען צו אידען האָבען די קלעריקאַלען אויך אין דער ליטעראַטור געהעצט געגען אידען. א קסענדז מיט'ן נאָמען מאָיעצקי האָט אַרויסגעגעבען אין קראַקאָוו א בוך מיט'ן טיטעל „די אידישע רציחות". אין יאָהר 1602 האָט נאָך א גייסטליכער מיט'ן נאָמען גובינסקי אויך אַרויסגעגעבען א בוך מיט דעם זעלבען אינהאַלט. א פּוילישער דאָקטאָר סלעשקאָווסקי האָט בעשולדיגט אין א בוך די אידישע דאָקטוירים, דאָס זיי פער'סמ'ען פרומע קאַטאָליקען, און דאָס די מגפה, וואָס האָט דאַמאָלס געטויטעט פיעלע מענשען אין פוילען, איז א גאָט'ס שטראָף פיר דעם שוץ, וואָס די קעניגען גיבען די אידען. מעהר פון אַלע אַנדערע האָט פערשאַפט די אידען צרות דאָס ביכעל פון א פוילישען שרייבער סעבאַסטיאַן מיטשינסקי מיט'ן טיטעל „דער שפּיגעל פון דער פוילישער קרוין" (1618). אין דיזען ביכעל האָט ער געזאַמעלט און צוזאַמענגעשטעלט אַלעס בייזעס, וואָס עס איז ווען עס איז געשריבען געוואָרען וועגען די אידען. עס איז ניטאָ קיין שווערעס פערברעכען, אין וועלכען ער האָט ניט בעשולדיגט די אידען. גנבה, גזלה, רציחה, כשוף, ניאוף, בע'גנב'ענען קירכען און שענדען אַלערליי הייליגטימער — אַלעס איז דער איד פעהיג צו טאָן. דיזעס ביכעל האָט ער אריינגעשיקט צו די דעפּוטאַטען פון פוילישען סיים אין יאָהר 1618, און האָט געראַטען, אז מען זאָל די אידען בעהאַנדלען אין פוילען, ווי מען האָט זיי בעהאַנדעלט אין שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך און ענגלאַנד, ד. ה. מען זאָל זיי אַרויסטרייבען. דאָס ביכעל האָט אָנגעמאַכט א שטורם אין סיים. אייניגע זיינען געווען דאַפיר, אז מען זאָל זיך נעהמען ערנסט צו פערפאָלגען די אידען. אָבער די מעהרהייט האָט בעטראַכט דעם אויטאָר אַלס א האַלב־משוגע'נעם אידען־פרעסער און האָט עס פערוואָרפען. אין דער פוילישער געזעלשאַפט האָט דאָס ביכעל פאָרבערייטעט דעם באָדען פיר זעהר טרויעריגע צוזאַמענשטויסען.

דער נאָכפאָלגער פון סיגיזמונד דעם 3טען, וולאַדיסלאַוו דער 4טער, איז ניט געווען א הייסער קאַטאָליק און האָט געשיצט די אידען ווי ווייט

ער האָט געקענט. ער האָט זיי געגעבען איינינע פּריווילעגיעס אין האנדעל; ער האָט א ביסעל פערברייטערט זייער אויטאָנאָמיע אין געריכטס-אנגע-לעגענהייטען און האָט געגעבען א בעפעהל צו די מאגיסטראטען, אז זיי זאָ-לען בעשיצען די אידען געגען בעפאַלען פון די פאָלקס-מאַסען. די פראגע פון לאָזען בויען א נייע שול, אויף וועלכע די אידען האָבען פריהער בע-דארפט בעקומען אַן ערלויבנים פון די קאטאָלישע גייסטליכע, האָט ער אי-בערגעגעבען צו א קעניגליכען געריכט. אָבער ער האָט איינינע מאָל צוריק-גערופען זיינע אייגענע בעפעהלען אום צופרידען צו שטעלען די פאָדערונגען פון קריסטליכע האנדעלס-לייט, וועלכע האָבען פון איהם פערלאַנגט, אז ער זאָל בעשרענקען די אידען אין זייער האנדעל, וויל זיי זיינען געפעהרליכע קאָנקורענטען. ער האָט נאָכגעגעבען דעם פערלאַנג פון די קריסטען פון דער שטאָדט מאָהילעוו ביים דניעפּער, דאָס די אידען זאָלען וואוינען אין עק פון שטאָדט, און דאָס זיי טאָרען ניט דינגען קיין הייזער פון קריסטען צו וואוינען אין זיי. מען האָט פערוועהרט די אידען צו פיהרען קליין-האנדעל צווישען קריסטען, אָבער ווען עס איז צוליב דעם געוואָרען אין די קריסטליכע געגענדען אַלעס טייערער, האָבען די שליאַכטיצעס געבעטען די רעגירונג, אז מען זאָל דיזען פערבאָט אָפּשאַפען. בעזונדערס איז אזא פאַל פאָרגעקומען אין ווילנא. אָבער ער האָט אויך נאָכגעגעבען דעם וואונש פון מאַגיסטראַט, צו בעשרענקען דאָס וואוינרעכט פון די אידען נאָר אויף איין גאַס, וועלכע איז בעוואוסט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „זשידאָווסקע גאַס", און האָט זיי אונטערגעוואָרפען אונטער'ן מאַגיסטראַט אין פּראָצע-סען צווישען קריסטען און אידען. ער האָט אויך פערוועהרט די אידען צו בעשעפטיגען זיך מיט געוויסע מלאכות, וועלכע זיינען געלעגען אין קריסט-ליכע הענט.

די אידען, וואָס זיינען געוועזען געדריקט אין די שטעדט, האָבען אָנגע-הויבען זוכען בעשעפטיגונג פיר זיך אין די דערפער. זיי האָבען אָנגעהויבען דינגען ערד צו בעאַרבייטען, עפּנען שענקען או. ד. גל. די פּריצים, ווי אויך די גייסטליכע, האָבען געפונען פיר זיך זעהר ניצליך צו פיהרען מיט אידען דיזע סאָרטען געשעפטען. דער וואַרשאווער סינאָד איז געוועזען שטאַרק גע-גען דעם, און האָט געמאַכט פּאָרווירפען די בישאָפען, וואָס גיבען אָפּ זיי-ערע גיטער אין אַרענדע צו אידען און מאַכען זיי דערמיט פיר הערשער איבער קריסטליכע לייבאייגענע. דער פּאָזענער סינאָד האָט גערעכענט פיר א שרעקליכע עזות פון די אידען צו בעשעפטיגען זיך מיט מלאכה און האנד-

לען אָפּען אין די קריסטליכע ימים טובים, און האָט דריבער בעשלאָסען צו פערלאַנגען פון קעניג, אז ער זאָל זיי עס פערוועהרען (1642).

די קאַטאָלישע קלעריקאַלען האָבען געטאָן אַלעס, וואָס זיי האָבען געקענט, אום אויפצוררייצען דאָס פאָלק געגען אידען. דער בעסטער מיטעל פיר זיי איז געווען צו מאַכען אויף אידען פאַלשע בלבולים, דאָס זיי ברויכען פיר רעליגיעזע צוועקען קריסטליכעס בלוט. אין יאָהר 1636 איז פערפאַלען געוואָרען אין לובלין אַ קריסטליך קינד און די גייסטליכע האָבען בעשולדיגט די אידען, דאָס זיי האָבען איהם ערמאָרדעט אום צו געברויכען זיין בלוט אין מצה. דאָס העכסטע געריכטס-הויז האָט שטרענג אונטערגעזוכט די געשיכטע און האָט ניט געפונען קיין בעוויז, דאָס די אידען זיינען שולדיג אין דיזען מאָרד, און די אידען זיינען בעפרייט געוואָרען. די קלעריקאַלען האָבען באַלד געפונען אַן אַנדער בלבול. אַ מאָנאַך איז געקומען אין געריכטס-הויז און האָט דערצעהלט, דאָס די אידען האָבען איהם פערנאַרט אין אַ הויז, האָבען איהם געלאָזען אַן אָדער, האָבען אויפגענומען זיין בלוט אין אַ כלי, האָבען געזאָגט אַ תפלה איבער זיין בלוט און האָבען עס צוגענומען. מען האָט פערפיהרט אַ פּראָצעס, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט טויט-שטראַף פיר דעם בעשולדיגטען אידען. די שטראַף פון דעם אידען איז געווען פיר די מאַסע אַ בעוויז, דאָס די אידען געברויכען קריסטליך בלוט פיר רעליגיעזע צוועקען, און די קריסטען זיינען געוואָרען אויפגעהעצט אויף די אידען. אין יאָהר 1639 האָבען די גייסטליכע בעשולדיגט צוויי אידען אין לענטשיץ, דאָס זיי האָבען ערמאָרדעט אַ קריסטליך קינד אום צו בענוצען זיך מיט זיין בלוט אין מצה, און מען האָט די אידען הינגעריכטעט און צושניטען זייערע קערפּערס אויף שטיקער, וועלכע מען האָט אויסגעשטעלט אויף סלופּעס אין פערשיידענע ערטער אין דערפער, אום מעהר אויפצורייצען די קריסטען געגען די אידען. דעם קערפּער פון דעם ערמאָרדעטען קינד האָט מען אַריינגעבראַכט אין די קירכע און מען האָט איהם אָנערקענט פיר אַ הייליגען, און דאָס פאָלק איז געגאַנגען אין יענע קירכע פון גאַנץ ווייטע ערטער צו בעטען פיר די נשמה פון דיזען קדוש, און האָבען דערמיט פערגרעסערט די איינקונפטען פון דער דאָזיגער קירכע. די יעזואיטען האָבען עס אָנגערופען „pia fraus", ד. ה. „הייליגער שווינדעל".

דער אידישער קהל. דאָס אידישע לעבען אין פוילען איז מיט דער צייט געוואָרען אַזוי איינגעאָרדענט, דאָס זיי האָבען ניט געהערט צו קיין קלאַס פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג; נאָר זיי זיינען געווען אַ קלאַס

פיר זיך זעלבסט. די אידישע געמיינדע איז געוועזן א שטאָדט אין א שטאָדט. זי האָט געהאַט בעזונדערע ספּעציעלע פיר זיך זעלבסט געריכטס־הייזער, ספּעציעלע צדקה־אַנשטאַלטען; זי האָט געפיהרט א בעזונדער ארט לעבען, שוין ניט רעדענדיג אין דעם פּרט פון רעליגיאָן. די רעגירונג זעלבסט האָט געהאָלפען די אידען איינצואָרדנען זייער לעבען אויף א בעזונדערען אופן, און האָט געגרינדעט פיר זיי א רעגירונג אונטער דעם נאָמען „קהל”. דיזער „קהל” איז געוועזן א פעראַנטוואָרטליכע קערפּערשאַפט צו דער רעגירונג פיר די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג; דער קהל האָט געהאַט אויף זיך די פליכט אַריינצוברייננגען אין די קעניגליכע קאַסע די אַלע אָפּגאַבען, וואָס די רעגירונג האָט געפאָדערט פון דער אידישער בעפעלקערונג, און איז געוועזן פעראַנטוואָרטליך פיר די גאַנצע סומע פון שטייער. דעריבער האָט די רעגירונג זעלבסט געשטיצט דיזע בעזונדערע אויטאָנאָמישע אידישע פערוואַלטונג.

סיגיזמונד דער 1טער האָט בעשטימט דעם רייכען אידען מ י כ ל י א ־ ז ע פ א ו ו י ט ש אַלס אידישען פאָרשטעהער און האָט נעבען איהם בעשטימט א רב, איינצואָרדנען די רעליגיאָן־זאַכען לויט די אידישע געזעצען. פיעלע מאָל האָט סיגיזמונד דער 1טער בעשטעטיגט אידישע רבנים אַלס ריכטער פיר אידען מיט אַלע רעכטען פון א רעגירונגס־ריכטער. אין 1518 האָט ער בעשטעטיגט צוויי רבנים, ר׳ משה און ר׳ מענדיל, אַלס אויבער־ריכטער פיר די אידען אין גאַנץ פּוילען, און זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו משפּט׳ן די אידען נאָך די אידישע געזעצען. אין קראָקאָוו האָט ער בעשטעטיגט צוויי רבנים פיר די צוויי אידישע געמיינדעס, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען: פיר די פּוילישע און די בעהמישע. ווען עס איז אויסגעבראָכען א מחלוקת צווישען די צוויי רבנים וועגען דער אַלטער שול, האָט דער קעניג זעלבסט זיך אַריינגעמישט אין דעם שטרייט און האָט געגעבען רעכט דער קראָקאָווער געמיינדע. אין יאָהר 1531 האָט דער בריסקער רב ר׳ מענדעל פראַנק זיך בעקלאָגט פאַר׳ן קעניג, דאָס איינגע אידען פון זיין געמיינדע ווילען ניט מקיים זיין דעם פּסק, וואָס ער גיט אַרויס, און זיי ווענדען זיך בעסער אין די קעניגליכע געריכטס־הייזער. דער קעניג האָט שטרענג פערבאָטען די אידען צו זוכען גערעכטיגקייט אין די געריכטס־הייזער פון דער רעגירונג, און האָט ענטשידען, דאָס זיי מוזען זיך ווענדען צו זייערע רבנים, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו בעשטראָפען די, וואָס ווילען ניט פאָלגען זייער פּסק מיט אַלערליי געוועהנליכע שטראָפען. אום צו צענטראַליזירען די אידישע געריכטס־קראַפט האָט ער בעשטעטיגט אין

יאָהר 1541 צוויי אידישע גדולים, ר' משה פישעל און ר' שכנה פון לובלין, אַלס אויבער-ראַבינער פון גאַנץ פוילען. אָהן זייער הסכמה האָט קיין גע-מיינדע ניט געטאָרט אויפנעהמען אַ רב. און די פּסקים פון די געמיינדע-רבנים האָבען אין געוויסע פעלען, ווען מען האָט אַפּעלירט, געמוזט פאָרגע-לעגט ווערען פאַר די צוויי אויבער-ראַבינער. די ערוועהלטע אויבער-ראַ-בינער האָבען געמוזט בעשטעטיגט ווערען פון קעניג זעלבסט, און קיין אַנ-דער בעאַמטער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט אַריינצומישען זיך אין דעם.

מיט דער צייט האָט די רעגירונג אין גאַנצען אויפגעהערט צו מישען זיך אין די אידישע אַנגעלעגענהייטען. דעם 13טען אויגוסט 1551 האָט סיגיזמונד אוגוסט בעשטעטיגט אַ פאָלשטענדיגע אויטאָנאָמיע פיר די פּוי-לישע אידען. די אידען האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ערוועהלען רבנים און ריכטער, וועלכע האָבען געהאַט צו זאָגען אויף זייערע רעליגיעזע און ציווילע געזעצען. די ערוועהלטע אידישע ריכטער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו בעשטראָפען מיט די זעלבע שטראָפען ווי די רעגירונגס-ריכטער. ווען אַ מאַן איז אַריינגעלעגט געוואָרען אין חרם און האָט ניט געזוכט אין פער-לויף פון אַ מאָנאַט אַז מען זאָל דעם חרם פון איהם אַראָפּנעהמען, האָבען די ריכטער בעדאַרפט וועגען דעם מיטטיילען דעם קעניג, און דיזער האָט געקענט דערפאַר פער'משפּט'ן איהם צו אַ טויט-שטראָף און קאָנפיסקירען זיין אייגענטום. פון יענער צייט אָן האָט דער אידישער קהל געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלשטענדיגער אויטאָנאָמיע מיט אַ רעגירונגס-קראַפט. איבערהויפּט איז געוואָרען זעהר שטאַרק די מאַכט פון אידישען קהל זינט דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט.

אין יעדער שטאָדט אָדער שטעדטעל איז געווען איינגעאָרדענט אַ גע-זעצליכער קהל. אין די גרויסע שטעדט איז די צאָהל פון קהל-בעאַמטע געווען ביז פערציג און קלענערע ביז צעהן. די קהל'שע בעאַמטע פלעגען ערוועהלט ווערען געוועהנליך יעדען יאָהר חול המועד פּסח. יעדע שוהל האָט ערוועהלט פון זיך פון פינף ביז ניין בוררים (וועהלער), און דיזע בוררים האָבען ערוועהלט די קהל'שע בעאַמטע. די ערוועהלטע זיינען גע-ווען איינגעטיילט אין צוויי גרופּען: איין גרופּע האָט געהייסען „ראשי העיר", און די צווייטע — „טובי העיר". אונטער די ראשים און טובי העיר זיינען געווען די דיינים. אונטער די דיינים זיינען געווען די גבאים פון די שולען. דער קהל האָט געהאַט די מאַכט איבער אַלע אַנגעלעגענ-הייטען פון אידישען לעבען. אַלע אידישע אַנשטאַלטען זיינען געווען אונ-טער זיין האַנט. פּראָצעסען צווישען אידען האָט דער קהל גע'משפּט מיט

דער הילף פון די דיינים. שטר־מכירה׳ס אויף הייזער האָט ארויסגעגעבען דער קהל. אין רעליגיאָן־זאכען איז דער רב געווען די העכסטע אויטאָרי־טעט. בעריהמטע רבנים האָבען געהאַט אַ גרויסע דעה אין אַלע זאַכען, וואָס געהערען צום אידישען לעבען.

דער קהל פון אַ שטאָדט האָט אויך געהאַט צו זאָגען אויף די אידען פון די נאָהענטע דערפער. אַ שטאָדט מיט די דערפער, וואָס האָבען גע־הערט צו איין קהל האָט געהייסען אַ „קאַהאַלני אָקרוג" (קרייז, גליל). די איינריכטונג פון אַ קהל איז געווען זעהר ניצליך פיר אידען, ווייל זי האָט געגעבען די אידען די מעגליכקייט צו בעשיצען זייערע בירגערליכע, עקאָ־נאָמישע און נאַציאָנאַלע אינטערעסען.

אַ וויכטיגע ראָלע אין אידישען נאַציאָנאַלען לעבען האָבען געשפּילט די ועדים אָדער פערזאַמלונגען פון רבנים און קהל׳שע פאָרשטעהער. זעהר אָפט זיינען פאָרגעקומען אין אידישען לעבען אַזעלכע פעלען, וועלכע אַ רב האָט ניט געקענט ענטשיידען דורך די געזעצען, וואָס זיינען צוזאַ־מענגעשטעלט געוואָרען אין די רבנישע קאָדעקסען, ווי דער שלחן ערוך און ד. גל. אַזעלכע פעלען זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען פאַר דער רבנים־פערזאַמלונג (ועד הרבנים). צום ועד זיינען אָנגעקומען די אַפּעלאַציעס, וואָס מען האָט געמאַכט געגען דעם פסק דין פון אַ רב, ווען איינער פון די בעלי דינים איז מיט דעם פסק ניט געווען צופרידען. אויך פּראָצעסען צווי־שען געמיינדעס, אָדער פּראָצעסען צווישען איינצעלנע פּערזאָנען און גאַנצע קהלות, זיינען פאָרגעקומען פאַר דעם ועד הרבנים. מיט איין וואָרט, דער ועד איז געווען די העכסטע אינסטאַנציע אין אידישע געריכטס־פּראָצעסען. דער צוזאַמענפאָהר פון רבנים איז געווען בעשטימט אין געוויסע שטעדט, איבערהויפּט אין די טעג, וואָס זיינען געווען בעשטימט פיר ירידים. די פּראָצעסירענדע פלעגען אהין קומען צוליב זייערע געשעפטען און האָבען דורך דעם פערשפּאָרט ספּעציעלע קאָסטען. דער וויכטיגסטער זאַמעל־פונקט פיר די ועדי הרבנים איז געווען דער לובלינער יריד, ווייל אין לובלין איז געזעסען דער בעריהמטער רב ר׳ שכנא, וועלכער איז בעשטעטיגט גע־וואָרען פון דער רעגירונג אַלס אויבער־רב פיר גאַנץ קליין־פּוילען. אהין פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען נאָך אין די צייטען פון סיגיזמונד דעם 1טען פיעלע רבנים אָדער, ווי די פּאָליאַקען האָבען זיי גערופען, „זשידאָווסקע דאָקטאָרען", אום אויסצוהערען די טענות און תביעות פון פערשיידענע בעלי דינים און אַרויסגעבען פסקים נאָך זייערע אייגענע משפּטים. פון דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט זיינען די ועדים בעשטימט

געוואָרען אויף געוויסע צייטען און זיי זיינען געוואָרען רעגעלמעסיגע קאָנ־גרעס־פערזאמלונגען. די סיימען אָדער קאָנגרעסען פון די רבנים און די עסקנים האָבען בעהאַנדעלט אַלע אינטערעסען פון אידישען פאָלק אין פוי־לען: רעליגיעזע, געריכטליכע און אַדמיניסטראַטיווע. עס פלעגט אויך טרעפען, דאָס דער ועד הרבנים האָט בעשטעטיגט אַ געזעץ, וואָס די רע־גירונג האָט אַרויסגעגעבען, אום עס זאָל האָבען ביי די אידען מעהר קראַפט. אַן איסור פון די רבנים האָט מעהר געווירקט ווי אַ פערבאָט פון דער רעגי־רונג. אין די ערסטע צייטען האָבען אין די ועדים גענומען אָנטייל דריי פּראָווינצען, נאָכדעם פיער, און אַ ביסעל שפּעטער פינף, און די ועדים האָבען זיך לויט דעם אָנגערופען „ועד שלש ארצות“, „ועד ארבע ארצות“ און „ועד חמש ארצות“. אָבער ענדליך איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דער נאָמען „ועד ארבע ארצות“; אין דיזען ועד האָבען גענומען אָנטייל זעקס רבנים מפורסמים און פיער און צוואַנציג עסקנים פון די ראשי הקהל פון די ארבע ארצות. לויט ווי אַ געשיכטע־שרייבער פון יענער צייט בעריכ־טעט, איז דער ועד געווען זעהר ענליך צו די אַמאָליגע סנהדרין, וואָס איז געזעסען אין בית המקדש אין לשכת הגזית. דער ועד האָט געהאַט אונ־טער זיך אַלס געהילף אַ קאָמיסיאָן פון רבנים, וועלכע האָבען גע׳פּסק׳ענט קלענערע, ניט זעהר שווערע דין־תורה׳ס. שווערערע ענינים זיינען געווען די אַרבייט פון ועד זעלבסט צו אויסהערען און צו פּסק׳ענען. דער ועד האָט אויך זעהר אָפט געמאַכט נייע תקנות לטובת הכלל, און דיזע תקנות זיינען באַלד אָנגענומען געוואָרען אַלס אַ געזעץ פון אַלע אידען אין פּוילען און אין ליטא.

דער ועד האָט אויך געהאַט אַלס זיין פליכט צו בעזאָרגען און בעשי־צען די אינטערעסען פון כלל פאַר דער רעגירונג. צו דיזען צוועק פלעגט דער ועד שיקען שתדלנים צו די פּוילישע סיימען און זיין אויף דער וואַך צו בעשיצען די אידען געגען בעשרענקענדע נייע געזעצען, וועלכע האָבען זיך פּראָיעקטירט אויף די סיימען, אָדער זיי האָבען זיך געהאַט משתדל צו זיין, אַז מען זאָל אויף דאָס ניי בעשטעטיגען זייערע אַלטע פּריווילעגיעס, וועלכע פערשיידענע בעאַמטע האָבען געוואָלט צונעהמען פון זיי. דער ועד האָט אויך געזאָרגט וועגען די אידישע מאָראַל, פאַמיליען־ריינהייט און עהר־ליכקייט אין האַנדעל. צו דיזען צוועק האָט ער אַרויסגעגעבען בעפעהלען, דאָס די אידען זאָלען האָבען וואָס וועניגער אומגאַנג מיט קריסטען, אָפּ־היטען כשרות, ניט עסען צוזאַמען מיט קריסטען, ניט טרינקען מיט זיי צו־זאַמען און זאָגאַר זיך קליידען פערשיידען פון זיי. דער ועד האָט פער־

ווערט צו נעהמען צו גרויסע פּראָצענטען פון קריסטען, און האָט אין אַל־געמיין רעגולירט די קרעדיט־געשעפטען.

אין יאָהר 1623 האָבען זיך די פערשיידענע קהל־אנשטאַלטען פון ליטא אָפּגעטיילט פון ועד „ארבע ארצות” און האָבען געגרינדעט אַ בעזונדער ועד פון די דריי הויפּט־קהלות: בריסק, גראָדנאָ און פּינסק. שפּעטער (1652 און 1691) זיינען צו זיי צוגעשטאַנען די קהלות פון ווילנא און סלוצק. דער ליטווישער צוזאַמענפאָהר אָדער סיים האָט זיך געווערנליך אָנגערופען „דער ועד פון די הויפּט־קהלות פון ליטא” (ועד קהלות ראשיות דמדינת ליטא).

ווי מיר זעהען, האָבען די אידען אין פּוילען און אין ליטא געהאַט אַ צענטראַלע אייגענע רעגירונג, מיט וועלכער אַלע איינצעלנע קהלות זיינען געשטאַנען אין פערבינדונג. ווי עס איז בעקאַנט, איז פּוילען געווען איינ־געטיילט אין פּראָווינצען, יעדע פּראָווינץ האָט געהאַט איהר אייגענעם קליי־נעם סיים (פּאַרלאַמענט), און די צענטראַלע רעגירונג האָט געהאַט איהר אַלגעמיינעם סיים. די אידישע אויטאָנאָמיע איז אויך געווען איינגעריכ־טעט אויף דיזען אופן. יעדע פון די ארבע ארצות האָט זיך געהאַט איהר אייגענעם ועד, וועלכער האָט רעגולירט די אינטערעסען פון די קהלות, וואָס האָבען געהערט צו איהר פערבאַנד, און די איינצעלנע ועדים זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער דעם ועד הכללי פון אַלע ארבע הארצות. די ועדים, ווי געזאָגט, האָבען רעגולירט דאָס גאַנצע לעבען פון די אידען, זייערע פליכ־טען צו דער רעגירונג, זייער בילדונג, זייער מסחר, זייער פאַמיליען־לעבען, און האָבען פיעל געהאָלפען צו בילדען צווישען די אידען אַ ספּעציעלע אי־דישע קולטור.

**ערציהונג, חדרים, ישיבות.** איינע פון די וויכטיגסטע זאָרגען פון יעדער אידישער געמיינדע און פון די ועדים איז געווען די ערציהונג פון אידישע קינדער. די אָנפאַנגס־בילדונג און די מיטעלע האָבען די קינדער ערהאַלטען אין די חדרים, די העכערע — אין די ישיבות. יעדער פאָטער איז געווען פערפליכטעט צו שיקען זיין קינד אין אַלטער פון 6 ביז 13 יאָהר אין חדר. אין די חדרים האָט מען געווערנליך געלערנט תנ"ך מיט איי־ניגע מסכתות גמרא, אין אַנדערע האָט מען אויך געלערנט דקדוק און אַ ביסעל אַריטמעטיק. די חדרים זיינען געווען פּריוואַט־אנשטאַלטען: יע־דער מאַן, וואָס האָט געפיהלט, דאָס ער קען לערנען קינדער, האָט געהאַט דאָס רעכט אויפצונעהמען קינדער און לערנען זיי אין אַ חדר, און נעהמען פאַר זיין אַרבייט געצאָהלט פון די עלטערן. פיר אָרימע קינדער זיינען גע־ווען איינגעריכטעט פון קהל פרייע תלמוד־תורה'ס, אין וועלכע די קינדער

האָבען בעקומען אומזיסטע ערציהונג. אָבער אויך די חדרים האָבען זיך געפונען אונטער דעם קאָנטראָל פון קהל, וועלכער האָט בעשטימט ווי פיעל שעה אין טאָג דער מלמד מוז לערנען אין חדר און ווי פיעל חדשים אין יאָהר.

די ישיבות זיינען געווען אונטער דער קאָנטראָל פון קהל און פון רב. די ישיבות זיינען געוועהנליך בעשטעטיגט געוואָרען פון דער רעגירונג. די ערסטע ישיבה האָט סיגיזמונד אוגוסט בעשטעטיגט אין לובלין, דער ראש ישיבה האָט געטראָגען דעם נאָמען רעקטאָר, וועלכער האָט געהאַט געוויסע רעכטען און פּריווילעגיעס. מיט דער צייט זיינען געגרינדעט געוואָרען ישיבות אויך אין אַנדערע שטעדט פון פוילען. די קלענערע קהלות האָבען געהאַט אַ רב און אַ ראש ישיבה אין איין פּערזאָן, און די גרעסערע ישיבות האָבען געהאַט אַ רב בעזונדער און אַ ראש ישיבה בעזונדער.

ר׳ נתן האַנאָווער פון זאַסלאַוו, בעשרייבענדיג די לעהר-אַנשטאַלטען פון די אידען אין פוילען אין יענער צייט, זאָגט, דאָס עס איז ניטאָ נאָך אַ לאַנד, וואו די אידישע למודים זאָלען שטעהן אויף אַזאַ הויכער שטופע ווי אין פוילען. אין יעדער שטאָדט איז געווען אַ ישיבה; דער ראש ישיבה האָט בעקומען פון דער קהל׳שער קאַסע גענוג געלט אום אויפצוהאַלטען די ישיבה מיט אַלע איהרע הצטרכות אויף׳ן בעסטען אופן. די ישיבה האָט געגעבען די בחורים פון דער ישיבה געלט וויפיעל זיי האָבען געברויכט צום לעבען, אָבער דערפאַר האָט יעדער פון זיי געמוזט לערנען מיט צוויי אָרימע קינדער. די אָרימע בחורים האָבען בעקומען פון די בעלי בתים פון שטאָדט יעדען טאָג 3 מאָלצייטען אומזיסט צוזאַמען מיט זייערע צוויי שילער. אין אַ שטעדטעל, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען נאָר 50 בעלי בתים, האָבען ווענינסטענס 30 בחורים מיט זייערע 60 תלמידים בעקומען יעדען טאָג צו עסען גענוג צוגלייך מיט די מיטגלידער פון דער פאַמיליע. עס איז ניט געווען קיין איין אידישעס הויז אין גאַנץ פוילען, אין וועלכען עס האָט זיך ניט געפונען צום ווענינסטען איין למדן: דער בעל הבית אַליין, אָדער זיינער אַ זוהן, אָדער זיינער אַן איידים, אָדער אַ ישיבה בחור, וואָס האָט ביי דער פאַמיליע גענעסען אַ טאָג. אָפטמאָל האָט מען דיזע אַלע פיער געטראָפען אין איין הויז.

די צייט פון לערנען אין די פוילישע אידישע לעהר-אַנשטאַלטען איז געווען זומער פון ר״ח אייר ביז חמשה עשר באב, און ווינטער פון ר״ח חשון ביז חמשה עשר בשבט. די איבעריגע צייט האָבען די ישיבה-בחורים געהאַט דאָס רעכט צו בעזוכען אַנדערע ישיבות. אין דער ישיבה האָט מען

געוועהנליך געלערנט גמרא מיט רש״י און תוספות. נאָך דעם שיעור גמרא פלעגט מען געוועהנליך נעהמען א געוויסען ענין, א תלמודישע סוגיא, און דעבאַטירען וועגען איהר; דאָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „חילוק״.

עס האָבען זיך אָבער אויך געפונען אַזעלכע, וואָס זיי איז ניט געווען געפעלען דער סאָרט לערנען מיט'ן פּלפּול. דער בעריהמטער רעדנער פון יענער צייט, ר' אפרים פון לענטשיץ, זאָגט: דער חילוק איז א פּוסטער צייט־פערטרייב און א מין שארפען דעם מוח, וואָס פיהרט ניט צו קיין תכלית. דיזע מעטאָדע פון לערנען איז זעהר שעדליך פיר פיעלע יונגע מענשען, וועלכע זיינען ניט פעהיג צו פערדרעהען דעם קאָפּ מיט פאַלשע חקירות, און ווערען געטאָדעלט פון אנדערע אַלס ניט פעהיגע, און וואַרפען דעריבער גאָר אַוועק דאָס לערנען. זיי וואָלטען אָבער געווען גוטע לומדים, ווען מען וואָלט פון זיי געפאָדערט נאָר א בלאַט גמרא מיט תוספות און פוסקים.

די רבנישע ליטעראַטור. די הויכקייט פון אידישען גייסטיגען צושטאַנד אין פּוילען איז געווען דער רעזולטאַט פון זייער גוטען עקאָנאָמישען צושטאַנד און פּולער אויטאָנאָמיע. די מאַכט פון קהל האָט גרויס געמאַכט די אויטאָריטעט פון רב; דיזער האָט געמוזט זיין א גרויסער תלמודיסט, און דעריבער איז אין פּוילען געוואָרען דאָס שטודיום פון תלמוד אַזוי וויכטיג און פּאָפּולער. דעריבער האָבען אויך די ראשים, די טובי העיר און די מנהיגים פון קהל געמוזט זיין גוט בעקאַנט מיט'ן תלמוד, וועלכער איז געווען דער הויפּט־קאָדעקס, וואָס האָט רעגולירט דאָס אידישע רעליגיעזע און געזעלשאַפטליכע לעבען. דער תלמוד האָט געהערשט אין אידישען פאָלק איבעראַל: אין שול, אין דער ישיבה, אין די חדרים און אין דער פאַמיליע. אויך די ליטעראַטור איז געוואָרען כמעט אויסשליסליך א תלמודישע.

די ערסטע קערנער פון תלמודישער וויסענשאַפט זיינען פערטראָגען געוואָרען אין פּוילען פון בעהמען, וואו דער בעוואוסטער חריף און מפולפל ר' יעקב פּאָלאַק האָט געשאַפען דעם פּלפּול. זיין תלמיד מובהק אין דיזער קונסט איז געווען ר' שלום שכנא, וועלכער איז בעשטימט געוואָרען פון קעניג סיגיזמונד דעם 1טען זעלבסט אַלס רב הכולל איבער אַלע פּוילישע אידישע קהלות. דיזע שטעלע איז נאָך זיין טויט איבערגעגאַנגען צו זיין זוהן ר' ישראל. אָבער מעהר אויטאָריטעט און פּאָפּולער איז געוואָרען דער תלמיד פון ר' שלום שכנה, ר' משה איסרלס, וועלכער איז

בעוואוסט אונטער דעם פערקירצטען נאָמען ר מ " א (ר' משה איסערלס). ער איז געבאָרען געוואָרען אין 1520 און געשטאָרבען אין 1572.

דער רמ"א איז געוועז א זוהן פון א רייכען קהל'שען סטאַראָסטאַ אין קראַקאָוו. ער איז געוועז אין קראָקאָוו איינער פון די גרעסטע רבנים פון בית דין און אויך דער ראש ישיבה. ער האָט זיך אין זיין פּראַקטיקע אי-בערציייגט, דאָס די קאָדעקסען, וועלכע האָבען עקסיסטירט אין זיין צייט, זיינען ניט געווען פאָלשטענדיג. זאָגאַר דער שולחן ערוך פון ר' יוסף קארו (וועלכער האָט געלעבט אין זיין צייט), האָט איהם ניט צופרידען געשטעלט. ער האָט גלייך בעמערקט, דאָס ר' יוסף קארו, אלס ספרדי, האָט געלעגט וועניג געוויכט אויף די ווערק פון די אשכנזישע גדולים און אויף די אשכנזי-שע מנהגים. ער האָט דעריבער צוגעגעבען זעהר פיעלע נייע דינים און מנהגים צום שולחן ערוך פון ר' יוסף קארו אונטער'ן נאָמען „הגהות". אין יאָהר 1578 איז צום ערסטען מאָל ערשינען דער שולחן ערוך פון ר' יוסף קארו מיט די הגהות פון רמ"א, און פון דאַמאָלס אָן האָט מען שטענ-דיג געדרוקט דעם שולחן ערוך מיט זיינע הגהות.

די אויטאָריטעט פון דעם שולחן ערוך פון קארו-איסרלס איז געווען אָנ-גענומען פון אלע פוילישע גאונים, נאָר זעהר וועניגע האָבען איהם ניט אָנערקענט. דער וויכטיגסטער פון זיי איז געווען ר' ש ל מ ה ל ו ר י א, וועלכער איז בעוואוסט אונטער'ן אָפּגעקירצטען נאָמען ר ש " ל (1510—1573). רש"ל איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָזען, און איז געוועזן א גרוי-סער געגנער פון דעם נייעם פּלפּול. ער איז געגאַנגען אין זיינע תלמודישע פאָרשונגען אין דעם וועג פון די בעלי תוספות. אין דיזען גייסט האָט ער פערפאַסט זיין פּירוש אויף תלמוד „ים של שלמה". ער האָט אָבער פער-פאַסט נאָר אויף איינינע מסכתות. ער איז געווען א שטרענגער קריטיקער און האָט ניט געקוקט אויף קיין אויטאָריטעט. פון שולחן ערוך האָט ער וועניג געהאַלטען, און האָט געזאָגט, דאָס ר' יוסף קארו האָט ניט ערנסט און קריטיש בעהאַנדעלט די ערטער, וואו עס איז דאָ מחלוקת ביי די פּוסקים. צוליב זיין שאַרפער קריטיק האָט ער געהאַט פיעלע געגנער צווישען די רבנים פון יענער צייט. ער האָט אָבער אויך געהאַט זעהר פיעלע פערעה-רער. פון דעם יאָהר 1550 איז ער געווען רב אין אוסטראה (אָסטראָג), וואָלהינער גובערניע, וועלכע איז צוליב איהם געוואָרען א צענטער פון אי-דישע-תלמודישע קענטניסען פון יענע לענדער. אין זיינע לעצטע יאָהרען איז ער געוואָרען רב אין לובלין. דאָרט געפינט זיך נאָך עד היום א שול, וואָס טראָגט זיין נאָמען.

דער רמ״א און דער רש״ל זיינען געווען די גרעסטע אויטאָריטעטען פון יענער צייט. צו זיי האָט מען זיך געווענדט מיט שאלות און תשובות פון איטאַליען, דייטשלאַנד און בעהמען (שו״ת רמ״א ורש״ל). דיזע צוויי גאונים האָבען אויך צווישען זיך געפיהרט בריף, הגם זיי זיינען געווען פער־שיידען אין זייערע אַנשויאונגען. דער רמ״א איז געווען זעהר נוטה צו פילאָזאָפיע און האָט געשריבען אַ רעליגיעז־פילאָזאָפישעס ווערק אונטער׳ן נאָמען „תורת העולה״. דער רש״ל איז אין געגענטייל נוטה געווען צו קבלה, און האָט געמאַכט פאָרווירפען דעם רמ״א פאַרוואָס ער בעשעפטיגט זיך מיט פילאָזאָפיע. דער רמ״א האָט פון זיין זייט געמאַכט פאָרווירפען דעם רש״ל פאַרוואָס ער לערנט קבלה, וועלכע איז אין פיעלע זאַכען געגען דעם תלמוד.

איינער פון די וויכטיגסטע גאונים פון יענער צייט איז געווען ר׳ מ ר ד כ י י פ ה (געשט. 1612). ער איז געווען יאָהרען־לאַנג דער פאָר־זיצענדער אין דעם ועד ארבע הארצות. ער איז אַ געבאָרענער פון בעהמען, און איז געווען רב אין די שטעדט הוראָדנאָ, לובלין, קרעמענעץ, פראַג און פאָזען. הגם ער איז געווען אַ תלמיד מובהק פון רמ״א איז ער דאָך געווען אַ געגנער פון שולחן ערוך, וועלכער ענטהאַלט אין זיך נאָר טרוקענע דינים אָהן אַ שום ערקלערונג. ער האָט פערפאַסט אַן אַנדער קאָדעקס, נאָך דעם פּלאַן פון די ארבעה טורים, און האָט זיין קאָדעקס אַ נאָמען געגעבען „לבושים״ (מאַנטלען). אין דיזע „לבושים״ ווערען די דינים בעהאַנדעלט מיט ערקלערונגען און קריטישע אָנמערקונגען. פיעלע פון די גאונים פון יענער צייט האָבען געגעבען אַ פאָרצוג צו די „לבושים״ געגען דעם שולחן ערוך. אונטער׳ן נאָמען „לבושים״ האָט ער אויך געשריבען פירושים אויף תנ״ך, דרשות און אָנמערקונגען צום „מורה נבוכים״ פון רמב״ם, און אויך איבער קבלה. צוזאַמען בעשטעהט זיין ווערק פון צעהן „לבושים״. דער נאָכפאָלגער פון ר׳ מרדכי יפה אַלס פאָרזיצענדער אין ועד ארבע הארצות איז געווען ר׳ י ה ו ש ע פ א ל ק כ ה ן (געשט. 1616). ער איז גע־ווען רב אין לובלין און נאָ דעם ראש ישיבה אין לבוב (לעמבערג). ער איז בעריהמט מיט זיין פירוש אויף׳ן חושן משפט מיט׳ן נאָמען „ספר מאיר עינים״ (סמ״ע). ער איז אויך געווען דער מחבר פון די תקנות, וואָס דער ועד האָט אַרויסגעגעבען אין יאָהר 1607.

עס האָבען זיך אין יענער צייט אויך געפונען גאונים, וועלכע האָבען זיך געגריבעלט אין תלמוד ניט וועגען הלכה למעשה, נאָר אום צו פער־שטעהן אַלערליי בעהאַלטענע געדאַנקען, וואָס ליגען אין זיינע ווערטער.

אזעלכע זיינען געווען ר' מאיר פון לובלין (1554—1616), וועלכער איז בעוואוסט אונטער דעם אפגעקירצטען נאמען מהר"ם (מהר"ם מלובלין). בעריהמט זיינען זיינע שאלות ותשובות (שו"ת מהר"ם) און זיינע חדושים אויף ש"ס (חדושי מהר"ם). דער אנדערער גאון פון דיזער שולע איז געווען ר' שמואל איידלס (מהרש"א, געשט. 1631), וועלכער האט געמאכט א פירוש אויף ש"ס אין צוויי טיילען: „חדושי הלכות" און „חדושי אגדות". אין די „חדושי אגדות" בענוצט ער זיך אפט מיט פילאזאפיע און אויך קבלה. די חדושים פון מהר"ם און מהרש"א ווערען עד היום געברויכט פון די, וואס שטודירען דעם תלמוד אין די חדרים און אין די ישיבות.

אין מיטען פון 17טען יאהרהונדערט איז דער „שולחן ערוך" געווארען אזוי פאפולער אין פוילען און אין ליטא, דאס מען האט זיך גענומען שרייבען אויף איהם גרויסע פירושים אנשטאט צו שרייבען איבער'ן תלמוד. דער בריסקער און קראקאווער רב ר' יואל סירקיש (געשט. 1641) האט געשריבען א פירוש אויף'ן טור מיט'ן נאמען „בית חדש", און צוליב דעם איז ער בעוואוסט געווארען אונטער'ן נאמען ב"ח. ער האט אויך געשריבען אנדערע ספרים און הגהות אויף'ן תלמוד. ער איז געווען א שונא פון פילאזאפיע און א פריינד פון קבלה. אין דער זעלבער צייט האבען נאך צוויי גאונים געשריבען פירושים אויף'ן שולחן ערוך: איינער איז געווען ר' דוד הלוי, וועלכער האט געשריבען א פירוש מיט'ן נאמען „טורי זהב" (ט"ז), און דער אנדערער — ר' שבתי הכהן, וועלכער האט געשריבען א פירוש אויף'ן „יורה דעה" אונטער'ן נאמען „שפתי כהן" (ש"ך). פיעל האט געהאלפען צו דער פערברייטונג פון דער אידישער ליטעראטור די ענטוויקלונג פון דער אידישער בוכדרוקעריי אין פוילען. דער קעניג סטעפאן באטארי האט געגעבען אן ערלויבניס צו עפנען א אידישען דרוק אין לובלין און אין קראקאו. דיזע צוויי דרוקען אין לובלין און אין קראקאו האבען אנגעהויבען קאנקורירען מיט די אידישע דרוקען אין ווענעציא און פראג, בעזונדערס ווען דער פאפסט האט בעשטימט א צענזור אויף'ן תלמוד אין איטאליען.

**טהעאלאגיע, קבלה און פערטיידיגונג־שריפטען.** דער שטודיום פון תלמוד אין פוילען האט פערנומען די מוחות פון אלע יונגע מענשען פון דער אידישער געזעלשאפט אין יענעם לאנד. עס האבען זיך אפילו געפונען אין די ישיבות איינציגע בחורים, וועלכע האבען זיך בעהאלטענערהייט בעשעפטיגט מיט פילאזאפיע, ווי דער מהרש"ל בעקלאגט זיך אין איינציגע

שטעלען פון זיין חבור „ים של שלמה", אָבער דאָס זיינען געווען זעלטענע אויסנאַהמען. פריהער פון דיזער צייט האָבען זיך פיעלע יונגע אידישע בחורים געפונען אין איטאַליען, וואו זיי האָבען געשטודירט מעדיצין און אַנדערע וויסענשאַפטען; אָבער אין קורצען האָט דער תלמוד בעהערשט אַלע מוחות און אַלע יונגע קרעפטען האָבען זיך אַריינגעוואָרפען מיט לייב און זעעלע אין דעם שטודיום פון תלמוד און פון אַלעס, וואָס האָט אַ שייכות צו איהם.

די רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע איז אין יענער צייט געווען נאָר אַ ביי־זאַך און מען האָט זי ניט ערנסט געשטודירט. זאָגאַר די, וואָס האָבען געשריבען איבער רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע, האָבען בעהאַנדעלט דיזע לעהרע אויבער־פלעכליך. אַזוי צ. ב. האָט דער רמ"א געשריבען איבער'ן „מורה נבוכים" זעהר אויבערפלעכליך. און באמת איז אין יענער צייט געווען אַ געפאַהר אַרויסצוזאָגען ערנסט אַ פרייען געדאַנק. דער ב"ח האָט אַזוי פיינד גע־האַט פילאָזאָפיע, אַז ער האָט געזאָגט, דאָס דער, וואָס גיט זיך איבער צו פילאָזאָפיע און איז מבזה קבלה, איז ניט קיין איד און דאַרף אָפּגעזונדערט ווערען פון עדת ישראל. דער פּאָפּולערסטער פילאָזאָפישער ספר אין יע־נער צייט איז געווען דער „עקרים" פון ר' יוסף אַלבו. אויף דיזען ספר האָבען געשריבען די פירושים ר' יעקב קאָפּעלמאַן פון ברעסט־קויאַווסקי („אהל יעקב", קראַקאָוו, 1599) און גדליה ליפשיץ פון לובלין („עץ שתול", 1618). אָבער די מחברים האָבען, ווי עס שיינט, זעהר אויבערפלעכליך פערשטאַנען די כוונה פון דעם פילאָזאָף, און פער־שלייערט זיינע פרייע געדאַנקען מיט דונקעלע ערקלערונגען.

די קבלה, אין געגענטייל, האָט אין יענער צייט געשלאָגען טיפע וואָרצ־לען אין פאָלק. מתתיהו דעלאַקרוט האָט ערקלערט דאָס סיסטעם פון קבלה פון ר' יוסף גיקאַטילאַ אין אַ ספר אונטער'ן נאָמען „שערי אורה", וועלכען ער האָט אַרויסגעגעבען אין 1594. דיזער דעלאַקרוט איז געווען דער לעהרער פון ר' מרדכי יפה אין קבלה. אין יענער צייט האָט געלעבט אויך דער של"ה און האָט פערברייטעט זיין לעהרע אין פוילען. אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין קבלת האר"י איז געווען דער קראַקאָווער דרשן ר' נתן שפירא (1585—1633), דער מחבר פון „מגלה עמוקות". דיזער ספר איז אַ פירוש על פי סוד אויף די תפלה פון משה רבנו אין פ' ואתחנן אין 252 פערשיידענע פאָרמעס. אין איינציגע פון דיזע ערקלערונגען בעווייזט ער, דאָס משה רבנו האָט געבעטען ביי גאָט, אַז עס זאָלען קומען צו די אי־דען צוויי משיחים: אַ משיח בן יוסף און אַ משיח בן דוד. אין אַן אַנדערען

פירוש קומט איהם אויס, דאָס משה האָט געבעטען גאָט, אַז ער זאָל מרחיק זיין דעם רוח הטומאה און ער זאָל מוחל זיין די אידען אין פאַרוים אַלע זינד, וואָס זיין פאָלק ישראל וועט ווען עס איז בעגעהן. זיין קבלה איז פול מיט פלפול ווי די רבנישע תורה פון יענער צייט.

זעהר וויכטיג איז די ליטעראַטור, וועלכע די אידען האָבען אין יענער צייט געשאַפען צו פערטיידיגען דאָס יודענטום געגען די אָנפאַלען פון די קריסטען. די רעפאָרמאַציאָן האָט געשאַפען פיעלע סעקטעס צווישען די קריסטען, וועלכע האָבען ניט געגלויבט אין די דאָגמאַס פון קאַטאָלישען קריסטענטום, איבערהויפט אין דער געטליכקייט פון יעזוס׳ן. צוליב דעם האָבען די קאַטאָליקען זיי געזידעלט מיט׳ן נאָמען „זשיד״. די נייע סעקטאַנטען, אום צו בעווייזען, דאָס זיי זיינען ניט איינפערשטאַנען מיט׳ן יודענטום, האָבען געהאַלטען ויכוחים מיט אידישע רבנים און האָבען געשריבען ווערק געגען תלמוד און געגען יודענטום. די רבנים זיינען ארויס מיט געגען-שריפטען צו פערטיידיגען דאָס יודענטום געגען זיינע אָנגרייפער. די וויכטיגסטע פון דיזע ווערק איז דער ספר „חזוק אמונה״, וועלכער איז פערפאַסט געוואָרען פון ר׳ י צ ח ק פון ט ר אָ ק י (געשט. 1594). עס איז עד היום ניט קלאָר, אויב דער מחבר איז געוועזען אַ רבנישער איד אָדער אַ קאַראַאים. דער מחבר פון „חזוק אמונה״ איז געוועזען גוט בעקאַנט מיט׳ן נייעם טעסטאַמענט, און האָט אין זיין ווערק זעהר שטאַרק אָנגעגריפען דאָס עוואַנגעליום. ער האָט מיט זיין שאַרפער קריטיק בעוויזען, דאָס דער נייער טעסטאַמענט איז אין זעהר פיעלע שטעלען געגען די פּרינציפּען פון דער תורה, וועגען וועלכער יעזוס זעלבסט האָט געזאָגט, דאָס קיין איין פּונקט טאָר מען פון איהר ניט ענדערן, און ער האָט אויך בעוויזען, דאָס די קאַטאָלישע רעליגיאָן האָט זאָגאַר מבטל געווען פיעלע זאַכען פון דעם נייעם טעסטאַמענט. קרוב צו 90 יאָהר האָט מען מורא געהאַט צו דרוקען דיזעס ווערק, ביז ענדליך אין יאָהר 1681 האָט עס אַ דייטשער געלעהרטער וואַגענזייל, אַ פּראָפעסאָר אין באַיערן, אָפּגעדרוקט מיט זיינע אַנטוואָרטען אויף די פראַגען פון דעם מחבר, אום די מיסיאָנערען זאָלען וויסען וואָס צו ענטפערן געגען די טענות פון „חזוק אמונה״. אָבער זיין צוועק איז ניט דערגרייכט געוואָרען. דער „חזוק אמונה״ איז געוואָרען אַ שטאַרקע געוועהר אין די הענט פון די געגנער פון קריסטענטום. וועגען דעם „חזוק אמונה״ האָט וואָלטעיר געזאָגט: „די שטאַרקסטע געגנער פון קריסטענטום האָבען ניט ערפונדען אַזעלכע בעווייזען, וועלכע מען זאָל ניט געפינען אין דיזער „בעפעסטיגונג פון גלויבען״ פון רבי יצחק״. דיזעס ווערק האָט אויך גע-

האט אַ גרויסען איינפלוס אויף די פראַנצויזישע געלעהרטע פון 18טען יאָהר-הונדערט, וועלכע זיינען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „ענציקלאָפּעדיסטען”.

די מאָסקווער רוסישע רעגירונג און די אידען. · אין דער מאָסקווער רוסישער מאָנאַרכיע האָבען דאַמאָלס די אידען זיך ניט געטאָרט געפינען. מען האָט זיי זאָגאַר ניט ערלויבט אַריינקומען אין לאַנד אויף אַ קורצע צייט צו האַנדלען. דאָס רוסישע פאָלק איז געווען זעהר פאַנאַטיש. יעדער, וואָס האָט ניט אָנערקענט דעם קריסטליכען גלויבען, האָט ניט געהאַט קיין רעכט אַריינצוקומען אין די הייליגע רוסלאַנד. דערצו האָבען זיי געהאַט צו די אידען אַ בעזונדערען האַס, ווייל צו ענדע פון 15טען און אָנפאַנג פון 16טען יאָהרהונדערט איז דאָרט געווען צווישען די קריסטען אַ בעוועגונג אָנצונעהמען דעם אידישען גלויבען, וועלכע איז בעוואוסט אין דער רוסישער געשיכטע אונטער'ן נאָמען „זשידאָווסטוואויושטשאַיא יערעס” (די אידישע אפיקורסות). אין יאָהר 1550 האָט דער פּוילישער קעניג סיגיזמונד אוגוסט געפאָדערט פון רוסישען צאַר איוואַן גראָזני, אַז ער זאָל ערלויבען פּוילישע אידען האַנדלען אין רוסלאַנד, און דער צאַר האָט איהם ענטזאָגט מיט דער טענה, דאָס זיי האָבען אַריינגעבראַכט סם (מעדיצינען) אין רוסלאַנד און האָבען אַראָפּגעפיהרט די רוסען פון זייער גלויבען, און ער האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהם מעהר ניט שרייבען וועגען זיי.

אין יאָהר 1563 האָבען די רוסען איינגענומען די פּוילישע שטאָדט פּאָלאָצק, און איוואַן גראָזני האָט געגעבען אַ בעפעהל, דאָס אַלע אידען פון פּאָלאָצק זאָלען אָננעהמען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען, און ווען ניט, זאָל מען זיי אַלעמען דערטרינקען אין דעם טייך דווינאַ. צום גליק האָבען די פּאָליאַקען באַלד צוריקגענומען די שטאָדט און די אידען זיינען געבליבען ביי זייער גלויבען.

אין יאָהר 1610 האָבען די מאָסקווער אַדעללייט (באָיאַרען) אונטערהאַנדעלט מיט פּוילען וועגען ערוועהלען דעם פּוילישען פּרינץ וולאַדיסלאַוו אויף'ן רוסישען טראָן. צווישען די פּונקטען אין דיזער אונטערהאַנדלונג איז געווען איינער, דאָס דער נייער קעניג זאָל ניט ערלויבען אידען אַריינצוקומען אין רוסלאַנד זאָגאַר נאָר צו האַנדלען.

## ה. די מאַראַנאָס אין שפּאַניען און די קאָלאָניע אין האָללאַנד.

די אידען, וואָס זיינען פערבליבען אין שפּאַניען נאָך דעם גירוש, ווייל זיי האָבען לפנים אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, אָבער בסוד האָבען זיי זיך געהאַלטען ביים יודענטום, האָבען זיך פערשאַפט אין זייערע נאָכ-

פאַלגער אזא גיהנום, דאָס זיי האָבען מקנא געווען זייערע אַרויסגעטריבענע ברידער, וועלכע האָבען געפונען אין אַנדערע לענדער מעהר אָדער וועניגער רוה. דיזע פערמאַסקירטע קריסטען זיינען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „מאַראַנאָס" (אנוסים).

זינט דער סעווילער שחיטה אין 1491 האָט זיך דאָס מאַראַנענטום פערברייטעט אין שפּאַניען. פיעלע פון זיי זיינען געוואָרען שפּאַנישע אַדעללייט און האָבען זיך מתחתן געווען מיט אַלטע שפּאַנישע פאַמיליעס. אָבער אין האַרצען זיינען זיי געבליבען אידען היים צוגעבונדען צו זייער פריהערדיגער רעליגיאָן און צו זייער פאָלק. פון פאָטער צו קינד איז געגאַנגען די צוואה: „פאַר דער וועלט זיי אַ קריסט, אָבער אין געהיים בלייב אַ איד". בסוד האָבען די מאַראַנאָס געהאַט אונטער דער ערד אידישע שולען, וואו זיי פלעגען קומענדיג פון דער קירכע אויסגיסען זייערע הערצער. דיזע פיהרונג האָבען זיי איינגעפּלאַנצט אין די הערצער פון זייערע נאָכפאָלגער. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזע אויפפיהרונג פון די מאַראַנאָס האָט לאַנג ניט געקענט בלייבען אַ סוד, און די אינקוויזיציאָן האָט זיי באַלד אָנגעהויבען שרעקליך פערפאָלגען, אָבער ניט די טאָרקוועמאַדאַס, ניט די שרעקליכע פּייניגונגען און שייטער-הויפענס האָבען געקענט אויסוואָרצלען פון זייערע הערצער די ליבע און די צוגעבונדענקייט צו זייער אַלטען גלויבען און צו זייער נאַציאָן.

נאָך טאָרקוועמאַדאַ'ס טויט האָט פערנומען די שטעלע פון גענעראַל-אינקוויזיטאָר אין שפּאַניען דיעגאָ דעזאַ, אַ פריינד פון קאָלומבוס'ן. דעזאַ האָט אַליין געשטאַמט פון דער מוטער'ס צד פון מאַראַנאָס, דאָך האָט ער זיי פערפאָלגט מיט אַ שרעקליכען צאָרן. אין יאָהר 1501 האָט ער דעם 22טען פעברואַר פערברענט 38 מאַראַנאָס, אויף דעם אַנדערען טאָג 67 פרויען מאַראַנאָס; אין מאָנאַט מערץ האָט ער 9 פערברענט און 140 מענער און פרויען פער'משפט צו לעבענס-לענגליכער געפענגניס. אין קאָרדאָווא האָט ער פערברענט 90 מאַראַנאָס, אין סעווילע 45; צווישען זיי איז געווען איין פרוי, וואָס איהר חטא איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געלעזען די ביבעל פאַר אַ געהיימער פערזאַמלונג.

אַ געפעהרליכער אינקוויזיטאָר איז געווען לוצעראָ פון קאָרדאָווא, אַ ליבלינג פון פערדינאַנד און איזאַבעללאַ. ער איז געווען אַן אונגעוועהנליכער שפּיאָן, און האָט איבערהויפּט געזוכט אַריינצוכאַפּען רייכע מאַראַנאָס אום ער זאָל קאָנפיסקירען זייערע רייכטימער און איבערגעבען אַ טייל צום קעניג און אַ גרויסען טייל צונעהמען פיר זיך און די קירכע. ער האָט אויך

געזוכט אָנהענגער פון יודענטום צווישען די גייסטליכע און האָט זיי שרעק־ליך בעשטראָפט.

װעגען די נאָכפאָלגער פון טאָרקוועמאדא, די אינקוויזיטאָרען דעזא, לוצעראָ און פוענטע, האָט איינער פון יענער צייט געשריבען, דאָס זיי זיי־נען אַ שאַנדע פיר דאָס קריסטענטום; זיי גלויבען ניט אין גאָט, אין גע־רעכטיגקייט, זיי מאָרדען, גנב'ענען, רויבען, שענדען פרויען און מיידלאך. זעהר פיעלע איינפלוסרייכע בירגער פון קאָרדאָווא האָבען געבעטען דעם גענעראל־אינקוויזיטאָר דעזא, אז ער זאָל ארונטערזעצען לוצעראָ'ן פון זיין אַמט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דאַן האָט די גאַנצע קריסטליכע געזעלשאַפט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען די רויבערייען און גוואַלדטאַטען פון די אינקוויזיטאָרען, און פערדינאַנד איז געװען געצוואונגען ארונטער־צוזעצען דעזא'ן מיט לוצעראָ'ן און האָט בעשטימט אַלס גענעראל־אינקווי־טאָר דעם ערץ־בישאָף חימענעס פון טאָלעדאָ (1507). דיזער נייער גענע־ראל־אינקוויזיטאָר האָט ארייגעװאָרפען לוצעראָ'ן אין געפענגנים פיר זיינע מעשים תעתועים, און האָט בעפרייט פון געפענגנים אַלע מאראנאָס, אויף וועלכע ער האָט געמאַכט פאַלשע בלבולים. אָבער די יעניגע מאראנאָס, גע־גען וועלכע עס זיינען געווען ריכטיגע בעווייזען, דאָס זיי זיינען געווען אין געהיים אידען, האָט ער בעשטראָפט מיט פערברענען, ווי געוועהנליך.

נאָך פערדינאַנד'ס טויט (1516) איז ארויף אויף'ן שפאַנישען טראָן זיין עניקעל קאַרל דער 1טער (שפּעטער איז ער געװאָרען דייטשער קייזער אונטער'ן נאָמען קאַרל דער 5טער). צו איהם האָבען זיך די מאראנאָס גע־ווענדעט מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל אָפּשאַפען, אָדער וועניגסטענס אָפּשוואַ־כען די מאַכט פון די אינקוויזיציאָנס־טריבונאַלען, אָבער ער האָט דערפון ניט געװאָלט הערען. אין דער זעלבער צייט האָבען זיך די מאראנאָס גע־ווענדעט צום פּאַפּסט מיט דער זעלבער בקשה, און דיזער האָט זיי ארויסגע־געבען אַ בוללע, אין וועלכער ער האָט נאָכגעגעבען זייער וואונש. אָבער קאַרל האָט ניט ערלויבט צו פערעפענטליכען די בוללע אין שפּאַניען.

די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען אָנגעהויבען שטאַרק מורא האָבען, דאָס די מאראנאָס, וועלכע האָבען אויך פערנומען זעהר פיעלע שטעלען אין דער קירכע, וועלען מיט דער צייט פערגיפטען דאָס קריסטענטום מיט זייערע אידישע געדאַנקען. דער ערץ־בישאָף פון טאָלעדאָ, סיליצעא, האָט פערלאַנגט פון פּאַפּסט פּאַול דעם 3טען, אַז ער זאָל פערװעהרען מאראנאָס צו פערנעהמען וועלכע עס איז שטעלע אין דער קירכע. צו דיזען צוועק האָט ער אויך ארויסגעגעבען אַ בוך, אין וועלכען עס איז געװען אויסגערע־

כענט א גרויסע צאהל מאראנא־פאמיליעס, אויף וועלכע עס איז געפאלען א חשד, לויט די פראצעסען פון דעם אינקוויזיציאנס־געריכט, דאס זיי זיי־נען אונטריי דעם קריסטענטום און טריי דעם יודענטום. מיט דעם זעלבען צוועק האט מען דאמאלס ארויסגעלאזען א ביכעל, אין וועלכען מען האט פובליצירט א פאלשען בריף, וואס די קאנסטאנטינאפעלער אידען זאלען האבען געשריבען אלס ענטפער צו די שפאנישע אידען, וואס זאלען זיך הא־בען בעקלאגט פאר זיי אויף די פערפאלגונגען, וואס זיי ליידען אין שפאניען. דיזער ענטפער זאל האבען געראטען די שפאנישע אידען, ווי זיי זאלען האנדלען. „איהר בעקלאגט זיך, דאס מען צווינגט אייך צו ווערען קריס־טען, טוט עס, ווייל איהר קענט אנדערש ניט טאן. איהר בעקלאגט זיך, דאס מען רויבט פון אייך אייער פערמעגען, מאכט אייערע קינדער פיר קויפלייט, וועלען זיי מיט דער צייט אפנעהמען פון די שפאניער מיט פרא־צענט וואס זיי האבען פון אייך צוגענומען. זיי נעהמען צו פון אייך איי־ערע לעבענס, מאכט אייערע קינדער פיר דאקטוירים און אפטעקארען, און זיי וועלען פערקירצען דאס לעבען פון אייערע שונאים. זיי צושטערען אייערע שולען, מאכט אייערע קינדער פיר קריסטליכע גייסטליכע און זיי וועלען די גאנצע קירכע פערניכטען. מען טוט אייך אן אלערליי צרות, מאכט אייערע קינדער פיר אדוואקאטען, פראקוראָרען או. ד. גל. און זיי וועלען זיך שוין אפרעכנען מיט אייערע שונאים פיר אייך”. דיזע פעלשונג האט געמאכט א גרויסען רושם אויף די קריסטליכע געזעלשאפט און האט פערגרעסערט דעם האס צו די מאראנאס.

די מאראנאס האבען אנגעהויבען עמיגרירען פון שפאניען אין אנדערע לענדער, אויך אין אמעריקא. די, וואס זיינען פערבליבען אין לאנד, זיינען געוועזען זעהר פארזיכטיג, און דעריבער זיינען אין דער צייט פון דער הער־שאפט פון דעם שרעקליכען דעספאט פיליפ דעם 2טען וועניגער פארגעקו־מען אוטא־דא־פעס. אבער אין דער צייט פון דער הערשאפט פון זיינע נאכפאלגער אין דער ערסטער העלפט פון 17טען יאהרהונדערט האט זיך אנגעהויבען די פערפאלגונג פון די מאראנאס, וועלכע מען האט בעשטראפט „אהן בלוט־פערגיסונג”, ד. ה. מען האט זיי נאר פערברענט, אלס רעזולטאט פון קריסטליכער ליבע, וועלכע פערוועהרט צו פערגיסען בלוט. יעדען יאהר האט מען געמאכט אין פערשיידענע שטעדט פייערליכע פאראדנע אוטא־דא־פעס. צו דיזען יום טוב פלעגען זיך פערזאמלען גרויסע מאסען פון פאלק אנגעטאן יום־טוב׳דיג. גרעסערע בעאמטע און אדעללייט פלעגט מען שיקען איינלאדונגס־בריף צו דיזען יום טוב, און אלע האבען געקוקט מיט

גרויס פערגניגען ווי די אָפּפער צאַפּלען זיך און וואַרפען זיך פון יסורים ביז די נשמות געהען פון זיי אַרויס.

די אינקוויזיציאָן האָט אויך ערנסט געאַרבייט אין אַמעריקאַ, בעזונדערס אין מעקסיקאָ, וואוהין די מאַראַנאָס האָבען עמיגרירט. די אָפּפער פון דער אינקוויזיציאָן אין דער נייער וועלט זיינען איבערהויפּט געווען געבילדעטע דאָקטוירים און רייכע סוחרים.

**די מאַראַנאָס אין פּאָרטוגאַל.** פּיעל טראַגישער איז געווען דער צושטאַנד פון די מאַראַנאָס אין פּאָרטוגאַל. אַהין זיינען געקומען מעהרסטענס די פערטריבענע פון שפּאַניען. דער קעניג עמאַנועל האָט זיי אַריינגעלאָזען אין לאַנד, אָבער ער האָט זיי באַלד אָנגעהויבען צווינגען אָנצונעהמען דאָס קריסטענטום. אָבער זאָגאַר די קריסטליכע געזעלשאַפט האָט פּראָטעסטירט געגען דעם און ער האָט געגעבען די מאַראַנאָס אַ פערשפּרעכען, דאָס אין פערלויף פון 20 יאָהר וועט זיי די אינקוויזיציאָן ניט פערפאָ ען. דאָס האָט זיי געגעבען מוט צוריקצוקעהרען זיך אָפען צום יודענטום. עס האָבען אָנגעהויבען קומען נייע מאַראַנאָס פון שפּאַניען נאָך פּאָרטוגאַל אום צו קענען דאָ פריי צוריקקעהרען זיך צום יודענטום. פערדינאַנד איז געווען דערפון שטאַרק אויפגערעגט און האָט געשיקט אַ ריכטער נאָך פּאָרטוגאַל, אַז ער זאָל דאָרט פערפאָלגען די מאַראַנאָס, וואָס זיינען אָפּגעפאַלען פון קריסטענטום. פון פּאָרטוגאַל האָבען די מאַראַנאָס ניט געקענט עמיגרירען אין אַנדערע לענדער, ווייל זיי זיינען געווען די געבילדעטסטע און די רייכסטע אין לאַנד, און אַזעלכע בירגער האָט דער קעניג עמאַנועל ניט געוואָלט אַרויסלאָזען.

די קריסטליכע געזעלשאַפט אין פּאָרטוגאַל האָט שרעקליך געהאַסט די מאַראַנאָס צוליב זייער צוויי=פּנים'דיגער ראָלע: אַ קריסטליכע און אַ אידישע. דיזער האַס האָט פערורזאַכט די קאַטאַסטראָפע פון יאָהר 1506 אין ליסאַבאָן. אום פּסח האָט מען געפונען אין די הייזער פון אייניגע מאַראַנאָס מצה און מרור. די דאָמיניקאַנער מאָנאַכען האָבען אָנגעהויבען אויפרייצען די פאָלקס=מאַסען צו אַ פּאָגראָם אויף אידען. אַ גינסטיגער צופאַל האָט זיי געהאָלפען דורכצופיהרען זייער טייפלישען פּלאַן. אין דעם הייליגען זונטאָג, דעם ערסטען טאָג פון זייער פּסחא, האָבען די מאָנאַכען בעוויזען אין אַ קירכע אַ וואונדער, דאָס פון אַ סקעלעט האָט זיך געגאָסען אַ מין פייערדיגע פליסיגקייט. אַ מאַראַנאָ האָט אין שפּאַס געזאָגט, דאָס עס וואָלט פון די מאָנאַכען געווען מעהר וואונדער, ווען זיי וואָלטען בעוויזען צו מאַכען וואַסער אין היינטיגער צייט, ווען דאָס לאַנד נעטיגט זיך

אין רעגען, איידער ווייזען מופתים מיט פייער. דאָס פאַנאַטישע פאָלק איז געקומען אין אַ שרעקליכען צאָרן פיר אַזאַ אפּיקורסות און מען האָט איהם אויף'ן אָרט ערמאָרדעט. באַלד זיינען ארוים צוויי מאָנאַכען מיט צלמים אין די הענט און האָבען געשריען אין שטאָדט: „אפּיקורסות, אפּיקורסות!" און האָבען געהעצט דאָס פאָלק געגען די אידען. די צוואווילדעוועטע מאַסע האָט אין יענעם טאָג גע'הרג'עט און פערברענט איבער 500 מאַראַנאָס. אויף מאָרגען האָט מען פאָרטגעזעצט די שחיטה מיט מעהר חשק. די מאָנאַכען זיינען געגאַנגען איבער'ן שטאָדט און האָבען געשריען: „האָט רחמנות, האָט רחמנות אויף'ן קריסטענטום, און מאַכט אַן ענדע צו די אידען און מאַראַנאָס!" איבער 2,000 מאַראַנאָס זיינען גע'הרג'עט און פערברענט געוואָרען אין יענע צוויי טעג. די מאַסע האָט געמאָרדעט און גערויבט, האָבען געשענדעט פרויען און מיידלאַך. איין מיידעל האָט דערשטאָכען אַ מאָנאַך, וואָס האָט זי געוואָלט שענדען, מיט זיין אייגענעם מעסער. דער קעניג עמאַנועל איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט פיר דיזע בלוט-באָד. ער האָט בעשטראָפט פיעלע פון די פּאָגראָם-מאַכער און האָט בעפרייט די מאַראַנאָס פון דעם אינקוויזיציאָנס-געריכט נאָך אויף 16 יאָהר, אָבער ער האָט גיך חרטה געהאַט און האָט באַלד אָנגעהויבען צו פערהאַנדלען מיט'ן פּאַפּסט, אַז מען זאָל ווידער איינפיהרען אין פּאָרטוגאַל די אינקוויזיציאָנס-טריבונאַלען פיר די מאַראַנאָס.

יאָאַן דער 3טער (1522—1557) איז אַרויף אויף'ן פּאָרטוגעזישען טראָן נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער עמאַנועל. איז זיין צייט האָט זיך אָפּגעשפּילט פיר די מאַראַנאָס אַ נייע טראַגעדיע. יאָאַן האָט איינגעפיהרט אין פּאָרטוגאַל אינקוויזיציאָנס-טריבונאַלען. דערצו האָט פיעל מיטגעווירקט זיין פרוי קאַטערינאַ. זעהר פיעלע ליידען האָט פערשאַפט אַ מאַראַנאָ הענריך נוניעס, וועלכער איז געוועזען אַ שפּיאָן, און אַלס מאַראַנאָ האָט ער געהאַט צוטריט אין פיעלע מאַראַנישע הייזער. יאָאַן האָט געשיקט נוניעס'ן אין שפּאַניען מיט רעקאָמענדאַציאָנס-בריף צום קעניג פון שפּאַניען אום צו דערגעהן דורך איהם ווי אַזוי ער זאָל איינפיהרען די אינקוויזיציאָן אין פּאָרטוגאַל. דערפון האָבען זיך דערוואוסט די מאַראַנאָס און צוויי פון זיי זיינען נאָכגעפאָהרען נוניעס'ן, האָבען איהם ערמאָרדעט ניט ווייט פון שפּאַנישען גרענעץ און האָבען צוגענומען די בריף. דאָס איז אָבער ניט געבליבען קיין סוד און מען האָט די צוויי מאַראַנאָס הינגעריכטעט מיט אַ שרעקליכען טויט: מען האָט זיי אָפּגעהאַקט די הענט, נאָכדעם צוגעבונדען צו די עקען פון פערד און מיט אַזאַ אופן זיי גע-

שלעפּט צום עשאַפאָט, וואו מען האָט זיי פערברענט. די קריסטליכע בע-פעלקערונג האָט זיך בענוצט מיט דיזען צופאַל, און האָט אָנגעהויבען צו פאָדערן פון קעניג, אז ער זאָל אָפּנעהמען פון די מאראנאָס דאָס רעכט צו פאַכטען גרויסע גיטער, צו האַנדלען מיט תבואה, צו זיין דאָקטוירים, אַפּ-טייקערס און אדוואָקאַטען. די מאראנאָס האָבען אָנגעהויבען פיהלען, דאָס עס איז פיר זיי נאָהענט אַ גרויסער אונגליק.

אין יענער צייט איז אָנגעקומען אין פּאָרטוגאַל דוד ראובני, וועלכער, ווי מיר האָבען פריהער דערצעהלט, האָט זיך אָנגעגעבען, דאָס ער איז אַ געזאַנדטער פון אַ אידישען קעניג אין אַראַביען, און איז געקומען אין פּאָר-טוגאַל בעטען דעם קעניג, אַז ער זאָל שיקען אַ פלאָטע צו העלפען דעם אידישען קעניג בעזיגען טערקיי. די מאראנאָס האָבען איהם בעטראַכט אַלס זייער ערלעזער, און איינער פון זיי, שלמה מולכו, איז אַוועק נאָך אי-טאַליען צו פערברייטען דאָרט די משיח־אידעע. עס האָבען זיך געפונען אַזעלכע מוטיגע מאראנאָס, וואָס האָבען זיך גענומען מיט גוואַלד צו בע-פרייען די מאראנאָס פון די געפענגניסען פון דער אינקוויזיציאָן. דערוויל האָט דער קעניג פערלאָרען זיין צוטרויען צו דוד ראובני, האָט איהם פער-טריבען פון לאַנד אום ער זאָל ניט האָבען קיין שעדליכען איינפלוס אויף די מאראנאָס, און האָט באַלד מיט דער צושטימונג פון פּאַפּסט קלעמענט דעם 7טען איינגעפיהרט אַ זעהר שטרענגע אינקוויזיציאָן.

אָבער די מאראנאָס האָבען דורך זייערע פריינד אויסגעווירקט ביים פּאַפּסט אַ בוללע, אין וועלכער ער האָט פערצייהעט די אַלע מאראנאָס, וועלכע זיינען געלעגען אין די געפענגניסען פון דער אינקוויזיציאָן, און האָט גע-הייסען זיי אַרויסלאָזען, ווייל מען קען ניט רעכנען די מאראנאָס פיר אמת'ע קריסטען, וועלכע דאַרפען געשטראָפט ווערען אַלס אפּיקורסים, ווען זיי ווערען אונטריי זייער גלויבען, וואָרום אַלס אידען קענען זיי ניט זיין קיין אמת'ע גלויביגע. אויך זייערע קינדער געפינען זיך אימער אונטער דעם איינפלוס פון זייערע עלטערן, די אידען, און קענען ניט ווערען קיין ריכ-טיגע קריסטען. אָבער די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט זיך ניט געאיילט צו בעפרייען די מאראנאָס פון די געפענגניסען און האָט אָנגעשפּונען וועגען דעם אונטערהאַנדלונגען מיט דעם פּאַפּסט.

אין רוים האָבען זיך צוליב דעם געבילדעט צוויי פּאַרטייען, איינע פיר און די צווייטע געגען די מאראנאָס. דער נייער פּאַפּסט פּאַול דער 3טער האָט איבערגעגעבען דיזע פראַגע צו אַ קאָמיסיאָן פון טהעאָלאָגען און יו-ריסטען. די קאָמיסיאָן האָט אַרויסגעגעבען אַ רעזאָלוציאָן צו גונסטען פון

די מאַראַנאָס. אָבער יאָאַן האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען און האָט אָנ-געהויבען צו מאַכען נייע אַרעסטען פון די בעשולדיגטע מאַראַנאָס. דאָס האָט דעם פּאַפּסט שטאַרק אויפגערייצט און ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בולע, דאָס אַלע אַרעסטירטע מאַראַנאָס אין פּאָרטוגאַל ווערען אונגעזעצ-ליך פערפאָלגט, און דער קעניג יאָאַן איז געווען געצוואונגען צו בעפרייען פון די געפענגניסען איבער 1,800 אַרעסטירטע מאַראַנאָס. דערפאַר האָט דער פּאַפּסט פערשפּראָכען צו ערלויבען איהם איינפיהרען די אינקוויזיציאָן אין פּאָרטוגאַל.

אָבער דער פּאַפּסט האָט איהם געוואָלט געבען דיזע ערלויבנים מיט געוויסע בעשרענקונגען. ער האָט צום ביישפּיל געפאָדערט, דאָס די עדות געגען אַ מאַראַנאָ זאָלען ניט זיין זיינע הויז-בעדינטע אָדער פערדעכטיגע פּערזאָנען; דאָס דער אָנגעקלאָגטער זאָל זיין אָנוועזענד ווען די עדות זאָגען זייערע צייגנים; דאָס מען זאָל צולאָזען אייגענע קרובים צו די אָנגע-קלאָגטע; דאָס דער קעניג טאָר ניט קאָנפיסקירען דאָס פערמעגען פון אָנגעקלאָגטען, נאָר עס זאָל איבערגעהן צו זיינע יורשים; דאָס דער אָנ-געקלאָגטער זאָל האָבען דאָס רעכט צו אַפּעלירען צום פּאַפּסט געגען דעם פּסק פון אינקוויזיציאָנס-טריבונאַל. אָבער דער קעניג יאָאַן האָט ניט גע-וואָלט איינשטימען אויף דיזע בעשרענקונגען, און ער האָט געבעטען דעם קייזער קאַרל דעם 5טען, וועלכער האָט דאַמאָלס געהאַט אַ גרויסען איינ-פלוס אויף'ן פּאַפּסט, אַז ער זאָל איהם בעווען נאָכצוגעבען זיינע פאָדע-רונגען, איינצופיהרען אין פּאָרטוגאַל די אינקוויזיציאָן אין דער זעלבער פאָרמע ווי זי איז איינגעפיהרט אין שפּאַניען. דער פּאַפּסט האָט אָבער דאָך אויסגעפיהרט איניגע בעשרענקונגען.

דער ערסטער גענעראַל-אינקוויזיטאָר פון פּאָרטוגאַל, דיעגאָ דע-סילוואַ, האָט זיך נאָך געהאַלטען אָן דער אינסטרוקציאָן פון פּאַפּסט ווענען די מאַ-ראַנאָס און האָט זיי ניט פערפאָלגט זעהר שטרענג. די מאַראַנאָס אָבער האָבען געפיהלט, דאָס עס שטעהען זיי פאָר פינסטערע צייטען. זיי האָבען געשיקט צום פּאַפּסט אַ דעפּוטאַציאָן מיט אַ שריפט, וואָס האָט אויספיהר-ליך פאָרגעשטעלט זייער ביטערע לאַגע און האָט פּראָטעסטירט פאַר גאָט און פאַר דער גאַנצער וועלט געגען די רציחות, וואָס מען טוט זיי. „מיר זיינען געצוואונגען", זאָגען זיי אין זייער שרייבען, „צו ענטזאַגען זיך אָפען פון קריסטענטום מיט זיין מענשען-ליבע און צוריקקעהרען זיך צום יודענ-טום. ערגער ווי עס אונז יעצט קען שוין ניט זיין. מיר וועלען אַלע פער-לאָזען דיזעס בלוטדורסטיגע לאַנד און מיר וועלען זוכען אַן אַנדער אָרט,

וואו מען וועט אונז בעהאַנדלען וועניגער גרויזאַם ווי אין פּאָרטוגאַל״. דער פּאַפּסט האָט געשיקט אין ליסאַבאָן אַ נייעם נונציאַ, קאַפּאָדיפּערראָ, ער זאָל בעשיצען די מאַראַנאָס, אַז מען זאָל זיי ניט טאָן קיין צו גרויסע עוולות, און מען זאָל זיי ניט שטערען צו עמיגרירען. פיעלע פון די מאַראַנאָס האָבען זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און האָבען זיך געאיילט צו עמיגרירען אין אַנדערע לענדער.

אָבער דיזער צושטאַנד האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. מען האָט אין פעברואַר 1539 בעמערקט אויף איינינע קירכען אַן אויפשריפט: „משיח איז נאָך ניט געקומען, יעזוס איז ניט געוועזען קיין משיח״. דיזע אַפּיקורסות האָט שרעקליך אויפגערייצט די קלעריקאַלען. מען האָט גענומען פאָרשען, ווער עס איז דער שרייבער פון דיזע אַפּיקורסות, און מען האָט אויסגעפונען, דאָס אַ מאַראַנאָ האָט עס געטאָן. עס פערשטעהט זיך, דאָס מען האָט איהם באַלד פערברענט, אָבער מען האָט זיך גענומען ענערגיש און שרעקליך פערפאָלגען אַלע מאַראַנאָס. דער פּאַפּסט האָט דערצו גאָרניט געקענט העלפען און אין גאַנץ פּאָרטוגאַל זיינען די געפענגניסען געוואָרען פול מיט אַרעסטירטע מאַראַנאָס, און איבעראַל האָבען געברענט שייטער־הויפענס מיט מאַראַנאָס.

דער גרויס־אינקוויזיטאָר יאָאַן דע־מעללאָ האָט געשריבען אין זיין רעפּאָרט צום קעניג, דאָס ער טוט זיין זאַך ערנסט: „מיט איין מאָל האָב איך צוזאַמענגענומען 100 פעראורטיילטע מאַראַנאָס, און געפיהרט זיי מיט גרויס פּאַראַד צום פּלאַץ, וואו עס איז בעשטימט געוואָרען דער אויטאָ־דאַ־פע. די פּראָצעסיאָן איז געוועזען אַ העכסט גלענצענדע: פיעלע ריכטער זיינען געגאַנגען פאָרויס, אַ כאָר פון זינגער זיינען געגאַנגען הינטער די פעראורטיילטע און האָט געזונגען הייליגע הימנעס. קומענדיג אויף'ן אָרט האָבען איינינע מאָנאַכען געהאַלטען פון דער קאַטהעדראַ דרשות, מען האָט געלייענט די ענטשיידונגען פון די אינקוויזיציאָנס־ריכטער און מען האָט זיך גענומען צו פערברענען די אונגלויביגע מאַראַנאָס. דאָס פּאָלק איז געוועזען אָנגעטאָן יום־טוב'דיג און איז געוועזען ענטציקט פון דער הערליכער טאַט פון דער הייליגער קירכע״. די אינקוויזיטאָרען האָבען איינגעפיהרט אַ פּאָלשטענדיגעס סיסטעם פון שפּיאָנירען. צווישען די שפּיאָנען זיינען געוועזען זעהר פיעלע פערברעכער, קאַטאָרזשניקעס, וועלכע האָבען געהאָלפען צו מאַכען דאָס לעבען פון די מאַראַנאָס ביטערער פון טויט.

דער פּאַפּסט פּאַול דער 3טער איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט פון די מעשים תעתועים פון די פּאָרטוגעזישע אינקוויזיטאָרען און האָט געפּאָ-

דערט פון פּאָרטוגעזישען קעניג יאָאַן, אַז ער זאָל נאָכקומען די פאָדערונגען פון דער בוללע פון יאָהר 1536. אָבער די קלעריקאַלען האָבען געאַרבייט ענערגיש געגען דעם און האָבען אויך אָנגעגריפען דעם פּאַפּסט פיר זיינע בעציהונגען צו די מאַראַנאָס, וועלכע ער ערלויבט אין איטאַליען זאָגאַר אָפען צוריקקעהרען זיך צום יודענטום. דער פּאַפּסט האָט געפונען אַ קאָמפּראָמיס (פּשרה). ער האָט אויסגעפיהרט, אַז מען זאָל בעפרייען פון יעדער שטראָף די מאַראַנאָס, וואָס וועלען תשובה טאָן און וועלען פערשפּרעכען אויף ווייטער צו פערבלייבען אמת'ע קריסטען. אָבען ווען עס וועט נאָכדעם בעוויזען ווערען, דאָס זיי האָבען ניט געטאָן לויט זייער פערשפּרעכען און זיי בלייבען ווי פריהער צוגעבונדען צום יודענטום, זאָלען זיי בעהאַנדעלט ווערען ווי קריסטען, וואָס געהען איבער צו אַן אַנדערער רעליגיאָן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מען האָט זיי אָנגעהויבען איבער-אַ-נייעם גרויזאַם צו פערפאָלגען מיט שרעקליכע פייניגונגען, ווי רייסען די הויט, אָדער צולעגען ברענענדע אייזענס צו זייערע פיס אום ארויסצופּרעסען פון זיי אַ ווידוי. ווען עס איז ארויף אויף'ן פּאַפּסטליכען טראָן פּאַול דער 4טער האָט די אינקוויזיציאָן בעקומען נאָך מעהר פרייהייט, און דאָס לעבען פון די מאַראַנאָס איז געוואָרען גאָר אונערטרעגליך.

די מאַראַנאָס האָבען אָנגעהויבען עמיגרירען אין געהיים אין איטאַליען, טערקיי און אַפריקאַ, און שפּעטער אויך אין האָללאַנד. נאָך דעם טויט פון יאָאַן דעם 3טען (1557), ווען דער קאַרדינאַל היינריך איז געווען רעגענט און גרויס-אינקוויזיטאָר, האָט זיך דאָס לאַנד געפונען אין די הענט פון אינקוויזיציאָנס-טריבונאַל, דאָמיניקאַנער און יעזואיטען. ווען סעבאַסטיאַן איז געוואָרען קעניג און ער האָט געברויכט זעהר פיעל געלט צו פיהרען זיינע מלחמות, האָבען די מאַראַנאָס געקויפט פון איהם פיר אַ פערטעל מיליאָן דוקאַטען דאָס רעכט צו עמיגרירען און די בעשיצונג פון זייער אייגענטום אויף 10 יאָהר ביז זיי וועלען זיין פערטיג צו עמיגרירען. ניט אַכטענדיג דערויף האָבען די שייטער-הויפענס ניט אויפגעהערט צו ברענען; עס איז ניט אַוועק קיין איין יאָהר, דאָס פּאָרטוגאַל זאָל ניט זעהן אַן אויטאָ-דאַ-פע. אויך אין די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, אין וועסט-אינדיען און בראַזיליען, האָט זיך די אינקוויזיציאָן איינגעוואָרצעלט פעסט. די גייסטליכע זיינען דאָרט געווען אַזוי אונפערשעמט, דאָס אויף די פאָהנען, וואָס מען האָט געטראָגען פאַר די מאַראַנאָס, וועלכע מען האָט געפיהרט צום שייטער-הויפען, איז געווען אָנגעשריבען: „אין נאָמען פון בּאַרמהערציגקייט און גערעכטיגקייט".

**די קאָלאָניע אין האָללאַנד.** אין דער ערסטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט פלעגען די מאַראַנאָס לויפען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל נאָך איטאַליען און טערקיי, אום צו רעטען זיך פון די פערפאָלגונגען פון דער אינקוויזיציאָן. אָבער באַלד איז איטאַליען געוואָרען ניט זיכער פיר זיי און דאַן האָבען זיי אָנגעהויבען צו רעטען זיך אין האָללאַנד. אונטער קאַרל דעם 5טען איז האָללאַנד אויך געוואָרען אונזיכער פיר זיי, און אייניגע מאַראַנאָ-פאַמיליעס, ווי מענדעס און יוסף נשיא, האָבען געמוזט פערלאָזען דיזע מדינה און רעטען זיך אין טערקיי. אָבער ווען האָללאַנד איז געוואָרען פּראָטעסטאַנטיש איז עס געוואָרען אַ זיכערער צופלוכטס-אָרט פיר די מאַראַנאָס. די האָללענדישע רעפּובליק אונטער דער הויפּט-פיהרונג פון ווילהעלם פון אָראַניען האָט געגעבען צו די איינוואוינער פון האָללאַנד פולע רעליגיאָנס-פרייהייט.

די ערסטע האָללענדישע אידישע קאָלאָניע האָט זיך געגרינדעט אין אַמסטערדאַם צו ענדע פון 16טען יאָהרהונדערט. אין יאָהר 1593 איז ארויסגעפאָהרען פון פּאָרטוגאַל אַ שיף מיט אייניגע מאַראַנאָס, וואָס זיינען ענטלאָפען פון פּאָרטוגאַל. דער הויפּט פון דער גרופּע מאַראַנאָס איז געווען **יעקב טיראַדאָ.** מיט איהם זיינען געפאָהרען אייניגע יונגע מענשען פון די מאַראַנישע אַריסטאָקראַטען: מאַנועל-לאָפּעז פּערייראַ, זיין שוועסטער, אַ בעריהמטע שענהייט, מרים נוניעס מיט זייער אָנקעל לאָפּעז האָמען. אויף'ן וועג זיינען זיי געכאַפּט געוואָרען פון ענגלענדער, און דער קאַפּיטאַן פון דעם ענגלישען שיף, אַ הערצאָג, האָט זיך שטאַרק פערליבט אין דער שענער מרים. זי האָט איהם אָבער ענטזאָגט, ווייל זי איז אַ אידיש קינד. אין לאָנדאָן איז מרים אויפגענומען געוואָרען אין די גרעסטע אַריסטאָקראַטישע הייזער, און זאָגאַר די קעניגין עליזאַבעטה איז געפאָהרען מיט איהר איבער די גאַסען פון לאָנדאָן אין איהר קאַרעטע. אָבער דאָס האָט מרים'ען ניט אָנגעצויגען, און זי האָט גע'פּועל'ט ביי דער קעניגין, אַז מען זאָל איהר ערלויבען מיט איהר פאַמיליע פּאָרטצוזעצען איהר רייזע נאָך האָללאַנד. קומענדיג אין עמדען האָבען זיי בעמערקט אַ הויז מיט אַ אידישען שילד. דאָס איז געוועזן דאָס הויז פון רב ר' **אורי הלוי.** זיי האָבען איהם דערצעהלט ווער זיי זיינען און האָבען איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיי אַריינפיהרען צוריק אין יודענטום; ער האָט עס אָבער מורא געהאַט צו טאָן און האָט זיי געראַטען פאָהרען נאָך אַמסטערדאַם. דאָרט האָבען זיי געגרינדעט די ערסטע אידישע קאָלאָניע און דער רב ר' אורי הלוי איז געבליבען זייער רעליגיעזער פיהרער.

זיי האָבען אָנפאַנגס געהאַלטען זייער יודענטום בסוד. מען האָט זיי חושד געווען, דאָס זיי זיינען קאַטאָליקען. איין מאָל אום יום כפּור, ווען זיי זיינען געווען אין זייער געהיימער שול און האָבען געהאַלטען דעם געט-ליכען דינסט ווי עכטע אידען, איז מען זיי בעפאַלען און מען האָט געמאַכט אַ שטרענגע אונטערזוכונג, און מען האָט אַרעסטירט דעם רב ר׳ אורי הלוי. דאַמאָלס איז יעקב טיראַדאָ געקומען צו די בעאַמטע פון אַמסטערדאַם און האָט זיי ערקלערט, דאָס די געמיינדע, וואָס מען האָט געפונען אין דער פער-זאַמלונג, זיינען ניט קיין קאַטאָליקען, נאָר אידען, וועלכע זיינען ענטלאָפען פון פּאָרטוגאַל צוליב דער אינקוויזיציאָן, און דאָס ווען מען וועט זיי ער-לויבען צו האַלטען אָפען זייער רעליגיאָן אַלס אידען און האָבען אַן אייגענע סינאַגאָגע, וועלען קומען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל נאָך פיעלע אידען, וועלכע זיינען דאָרט בעוואוסט אַלס מאַראַנאָס (אנוסים), און וועלען בריינ-גען מיט זיך גרויסע קאַפּיטאַלען און וועלען העלפען צו בערייכערן דאָס לאַנד (האָללאַנד) מיט זייער אינדוסטריע און האַנדעל. מען האָט זיי נאָכגעגעבען זייער וואונש, און יעקב טיראַדאָ האָט אויסגעבויט די ערסטע שול אין אַמסטערדאַם מיט׳ן נאָמען „בית יעקב" (1589). דער רב ר׳ אורי הלוי האָט געהאַלטען זיינע רעדעס אין דיזער שול אין דער דייטשער שפּראַך, און זיין זוהן האָט זיי איבערגעזעצט אין שפּאַניש.

אין אַ קורצער צייט נאָכדעם זיינען אָנגעקומען נאָך פיעלע מאַראַנאָס און האָבען זיך אָפען צוריקגעקעהרט צום יודענטום. די געמיינדע איז באַלד געוואָרען היבש גרויס, זי האָט געצעהלט איבער 400 פאַמיליעס. די ערסטע געמיינדע האָט געטראָגען דעם נאָמען „די פּאָרטוגעזישע", ווייל זי איז בעשטאַנען מעהרסטענס פון פּאָרטוגעזישע מאַראַנאָס. אין יאָהר 1608 האָט זיך געעפענט די צווייטע סינאַגאָגע אין אַמסטערדאַם מיט׳ן נאָמען „נוה שלום", און אין יאָהר 1618 אַ דריטע סינאַגאָגע, מיט׳ן נאָמען „בית ישראל".

די אָרימע האָללאַנד האָט אָנגעהויבען בליהען צו פערדאַנקען דעם האַנ-דעל און די געשעפטען פון די איינגעוואַנדערטע אידען. זייער האַנדעל איז איבערהויפּט געווען מיט אויסלאַנד: מיט מאַראָקאָ, די מזרח-לענדער און וועסט-אינדיען. די אידען האָבען געהאַט אין האָללאַנד פולע פרייהייט, אויסער אין צוויי הינזיכטען — זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעכט אָנצו-גרייפען אָפען דאָס קריסטענטום און הייראַטען מיט קריסטען. זייערע רעכ-טען זיינען אָבער געווען ניט גלייך אין אַלע שטאַאַטען פון האָללאַנד, ווייל

די שטאַאַטען זעלבסט האָבען, לויט דער אַלגעמיינער קאָנסטיטוציאָן, גע-
האַט פערשיידענע רעכטען.

אין יאָהר 1638 האָבען זיך די דריי געמיינדעס פון די דריי סינאַגאָ-
געס פעראייניגט און האָבען געגרינדעט איין געמיינדע. די רעגירונג האָט
גוטגעהייסען דיזע פעראייניגונג און האָט בעשטעטיגט זייערע סטאַטוטען,
וועלכע זיינען בעשטאַנען פון 42 פונקטען. אָן דער שפּיץ פון דער פער-
אייניגטער געמיינדע איז געשטאַנען אַ ועד פון פּרנסים און רבנים. דער
ועד האָט געהאַט דאָס רעכט צו בעשטראָפען די יעניגע פון דער געמיינדע,
וועלכע האָבען זיך אויפגעפיהרט ניט ווי עס פאָדערט דאָס אידישע געזעץ.
אָבער די געמיינדע האָט געבראַכט מיט זיך פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל
איינינע קאַטאָלישע מנהגים, ווי צום ביישפּיל: מתוודה זיין זיך פאַר דעם
רב אין די זינד און ערהאַלטען פון איהם סליחה און מחילה. געגען דיזען
ניט-אידישען מנהג איז שטרענג אַרויס דער רב ר׳ יצחק עוזיאל, וואָס איז
אָנגעקומען אין אַמסטערדאַם פון פעז.

דער ועד איז געווען זעהר שטרענג געגען יעדען פרייען געדאַנק אין
רעליגיאָן-זאַכען. נאָך דער פעראייניגונג פון די דריי שולען איז דער ועד
בעשטאַנען פון דריי רבנים: ר׳ דוב פּרדו (פּאַרדאָ), ר׳ שאול
מאָרטיירא און ר׳ יצחק אבוהב. דיזע האָבען געהאַט דאָס
רעכט צו בעשטראָפען יעדען פריידענקער מיט׳ן חרם. דיזע שטרענגקייט
האָט פעראורזאַכט די טראַגעדיעס, וועלכע זיינען פערבונדען מיט די נעמען
פון אוריאל אַקאָסטאַ און ברוך שפּינאָזאַ.

די רבנים פון ועד זיינען אויך געווען די לעהרער אין דער תלמוד תורה,
וואָס די נייע אידישע געמיינדע האָט דאָרט געגרינדעט. די תלמוד תורה
איז געווען איינגעטיילט אין 7 קלאַסען, און מען האָט דאָרט געלערנט תנ״ך,
תלמוד, דקדוק און חכמת המליצה והשיר. דאָס אַלעס איז געווען איבער-
געזעצט אין דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך, וועלכע איז לאַנג געווען ביי די
האָללענדער אידען די אומגאַנג-שפּראַך און די ליטעראַטור-שפּראַך.

ר׳ מנשה בן ישראל און אוריאל אַקאָסטאַ. די גייסטיגע טעטיג-
קייט פון די מאַראַנאָס אין האָללאַנד איז געגאַנגען אין צוויי פערשיידענע
ריכטונגען. אַ טייל איז געווען צו פאַנאַטיש, וואָס איז געווען דער רעזול-
טאַט פון די קאַטאָלישע פינסטערנים און פאַנאַטיזם און פון דער אינקווי-
זיציאָן, און אַן אַנדער טייל איז געווען פרייגעזאָנען און איז געווען דורכ-
געדרונגען מיט שאַרפער קריטיק צום מענשליכען דענקען. דיזע ריכטונג
האָט אַרויסגערופען דער פּראָטעסטאַנטיזם מיט זיין פרייען בליק אויף

רעליגיאָן. אייניגע האָבען זיך פערטיפט אין קבלה, אַנדערע האָבען זיך מיט לייב און זעעלע איבערגעגעבען צום שטודיום פון פילאָזאָפיע און זיי־נען געוואָרען פריידענקער. עס האָבען זיך געפונען אויך אַזעלכע, וועלכע האָבען געזוכט צו פעראייניגען די פילאָזאָפיע מיט קבלה, ווי צ. ב. ר' אברהם דע גערערא (1570—1631), וועלכער האָט אין זיין ווערק „שערי שמים" געזוכט צו פעראייניגען די קבלה פון האר"י מיט די פילאָזאָפישע אידעען פון דער ניי־פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. דיזע ווערק האָט ער געשריבען אין דער שפּאַנישער שפּראַך, און ר' יצחק אבוהב האָט זיי איבערזעצט אין העברעאיש.

דיזער בעריהמטער אידישער געלעהרטער איז געבאָרען געוואָרען אין פּאָרטוגאַל. אַלס קינד האָט מען איהם געבראַכט אין אַמסטערדאַם, און ער איז געוואָרען אַ תלמיד פון ר' יצחק עוזיאל. אבוהב האָט זיך גיך אויס־געצייכענט אַלס תלמודיסט, און אין אַלטער פון 21 יאָהר האָט ער געקראָגען דעם טיטעל „חאַכאַם" (חכם). אין יאָהר 1642 איז ער אַוועק מיט אַ פּאַרטיי אידישע עמיגראַנטען נאָך בראַזיליען, וועלכע האָט דאַמאָלס גע־הערט צו האָללאַנד. דאָרט האָבען די עמיגראַנטען געגרינדעט די ערסטע אידישע קאָלאָניע. אָבער באַלד האָט אויסגעבראָכען אַ מלחמה צווישען האָללאַנד און פּאָרטוגאַל צוליב בראַזיליען; די פּאָרטוגעזען האָבען געוואו־נען דעם שטרייט און בראַזיליען איז אַרונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון פּאָרטוגאַל. עס פערשטעהט זיך, דאָס דאָרט איז באַלד געגרינדעט גע־וואָרען אַן אינקוויזיציאָנס־טריבונאַל, און די אידישע געמיינדע האָט זיך קוים מיט'ן לעבען גערעטעט און איז ענטלאָפען צוריק אין האָללאַנד. ר' יצחק אבוהב איז צוריק געוואָרען רב און חכם אין אַמסטערדאַם. 50 יאָהר איז ער געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער אידישער געמיינדע און איז געשטאָרבען אין טיפען אַלטער (1693). ער האָט געשריבען אין שפּאַניש אַ פּירוש אויף תורה און פיעלע דרשות, און אין העברעאיש האָט ער גע־שריבען די געשיכטע פון די ליידען פון די אידישע עמיגראַנטען אין בראַ־זיליען אין דער צייט פון דער מלחמה צווישען האָללאַנד און פּאָרטוגאַל (1646—1649).

די וויכטיגסטע פּערזאָן פון יענער צייט איז געוועזן ר' מנשה בן ישראל, אַ חבר פון ר' יצחק אבוהב אין דעם רבנישען ועד און לעהרער אין אַמסטערדאַמער תלמוד תורה. ר' מנשה בן ישראל איז געוועזן גרויס אַלס ליטעראַט און אַלס כלל־טוער. זיינע עלטערן זיינען געוועזן מאַראַנאָס און זיינען ענטלאָפען פון פּאָרטוגאַל אין אַמסטערדאַם פון די פערפאָלגונגען

פון דער אינקוויזיציאָן. ר׳ מנשה איז דאַמאָלס נאָך געווען אַ קינד. אין אַמסטערדאַם האָט ער געלערנט העברעאיש און תלמוד אונטער דער פיה-רונג פון רב ר׳ יצחק עוזיאל, און איז גוט בעוואַנדערט געוואָרען אין תלמוד און אין דער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט ערנסט געשטודירט אויך אַנדערע וויסענשאַפטען. ער האָט גוט פערשטאַנען לאַטייניש און אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכען, און איז בעקאַנט געוואָרען מיט די ווערק פון קריסטליכע געלעהרטע פון יענער צייט. ער איז אויך געווען אַן אויסגע-צייכענטער רעדנער. שוין צו 18 יאָהר האָט ער געהאַלטען וויכטיגע דרשות. ער האָט געגרינדעט אַן אייגענע בוכדרוקעריי אין אַמסטערדאַם, און איז אויך געווען דער הויפּט־פיהרער פון דער תלמוד תורה. דורך זיין גרויסע קענטניס אין דער העברעאישער ליטעראַטור איז ער בעקאַנט גע-וואָרען צו פיעלע קריסטליכע געלעהרטע פון יענער צייט, ווי אויך צו דער שוועדישער קעניגין כריסטינאַ, וועלכע איז געווען בעוואוסט פיר איהר איבערגעבענהייט צו וויסענשאַפטען. זיינע ווערק האָט ער געשריבען אין לאַטייניש, שפּאַניש און העברעאיש. זיין ווערק איבער ביבעל אין שפּאַ-ניש איז געוואָרען איבערזעצט אין לאַטייניש און ענגליש. אין זיין ספר „נשמת חיים" ווייזט ער זיך אַרויס מעהר אַלס מקובל איידער פילאָזאָף, און איז אַ שטרענגער נאָכפאָלגער פון די מקובלים אר״י, ר״ח וויטאל און אַנדערע. אין זיין קליין ווערק „מקוה ישראל" גיט ער איבער וואָס אַ פאַנ-טאַזיאָר אַ רייזענדער האָט איהם דערצעהלט, דאָס אין אַמעריקאַ געפינען זיך די עשרת השבטים, און דערפון האָט ער געפאַסט אַ בעשלוס, דאָס משיח דאַרף אין גיכען קומען. אין זיינע לעצטע יאָהרען האָט ער געזוכט צו פועל׳ן ביי קראָמוועלל׳ן, אַז מען זאָל ערלויבען די אידען צוריקצוקעהרען זיך נאָך ענגלאַנד. וועגען דעם וועלען מיר שפּעטער דערצעהלען אויספיהר-ליכער.

עס האָבען זיך אָבער געפונען צווישען דער אַמסטערדאַמער אידישער געמיינדע אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געווען זעהר פריידענקענדע פילאָזאָפען און האָבען בעטראַכט רעליגיאָן מיט אַ זעהר קריטישען בליק. אַנדערע זיי-נען געגאַנגען אַזוי ווייט, דאָס זיי האָבען אין גאַנצען געלייקענט אין אַלע עקרים פון רעליגיאָן. איינער פון זיי איז געווען א ו ר י א ל אַ ק אָ ס ט אַ (גבריאל דאַ־קאָסטאַ), אַ געוועזענער מאַראַנאַ, וועלכער איז געבאָרען גע-וואָרען אין אָפּאָרטאָ, פּאָרטוגאַל (1590). אין דער יוגענד האָט ער געקראָגען אַ שטרענג קאַטאָלישע ערציהונג, נאָכדעם האָט ער געשטודירט יוריספּרודענץ, און צו 25 יאָהר האָט ער בעקומען אַ שטעלע אַלס קאַסיר אין אַ קירכע.

די קאטאלישע לעהרע האט ניט צופרידען געשטעלט זיין קריטישען פער-שטאנד. ער האט גענומען שטודירען די ביבעל, און דאס האט אין איהם ערוועקט א הייסען וואונש צוריקצוקעהרען זיך צום יודענטום. ער איז ענטלאפען פון פארטוגאל נאך אמסטערדאם און דארט האט זיך די גאנצע פאמיליע (די מוטער און זיינע ברידער) אפען בעקעהרט צום יודענטום (1618). אבער ער האט באלד אויסגעפונען, דאס אין דער פראקטיק זיינען די רעליגיעזע צערעמאניעס און דאס גאנצע אידישע לעבען גאנץ ווייט פון די ביבלישע פארשריפטען. ער איז אפען ארויס געגען דער רעליגיאן, ווי די רבנים האבען זי פערשטאנען. די רבנים, וועלכע האבען געזעהען אין זיין פראפאגאנדא א געפאהר פיר די נייע אידישע מאראנא-געמיינדע, הא-בען איהם געבעטען, אז ער זאל אויפהערען צו אגיטירען געגען דעם יודענ-טום. אבער ער האט פארטגעזעצט זיין אגיטאציאן און די רבנים האבען איהם מחרים געווען. אין יענער צייט איז ערשינען א ווערק פון א דאקטאר שמואל דע סילווא (1623), אין וועלכען ער איז ארויס געגען די פריידענקער, וואס לייקענען אין השארת הנפש. אקאסטא איז ארויס געגען דעם מיט א ווערק „פארשונגען צו פערגלייכען די רבנישע פארשריפטען מיט דער ביבעל" (1624), אין וועלכען ער האט בעוויזען, דאס די ביבעל דערמאהנט זאגאר ניט וועגען דער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע. דער ועד האט איהם פער-קלאגט פאר'ן מאגיסטראט פיר זיינע אידעען, וועלכע זיינען געגען דעם האל-לענדישען געזעץ, וואס האט פערוועהרט צו פערשפרייטען אידעען געגען רע-ליגיאן. מען האט איהם ארעסטירט, אבער מען האט איהם באלד בעפרייט מיט דער בעדינגונג, אז ער זאל בעצאהלען א געוויסע געלט-שטראף. פון יענער צייט אן איז זיין לעבען געווארען פיר איהם א וואהרער גיהנום. עס האט איהם געמאטערט דער צווייפעל צווישען רעליגיאן און פילאזאפיע, און איבערהויפט האט ער געליטען פון איינזאמקייט, אין וועלכער ער האט געמוזט פערברייננגען זיינע יאהרען און טעג צוליב דעם חרם, אין וועלכען די רבנים האבען איהם אריינגעלעגט. אין יאהר 1633 איז ער געקומען צום ועד הרבנים און האט געבעטען, אז מען זאל איהם מוחל זיין, און ער האט פערשפראכען צו זיין א גוטער, פרומער איד. אבער מען האט זיך באלד דערוואוסט, דאס ער האלט ניט פון שבת, היט ניט אפ די אידישע געזעצען פון כשר אין שפייז או. ד. גל. אין יענער צייט איז שוין אקאסטא געווען זעהר פריי — ער האט שוין אנגעהויבען צו לייקענען אויך אין דער געט-ליכקייט פון תורת משה. מען האט וועגען איהם דערצעהלט, דאס ער האט אפגערעדט צוויי קריסטען פון אנצונעהמען דאס יודענטום. די רבנים הא-

בען ווידער אַריינגעלעגט אַקאָסטאַ׳ן אין חרם, האָבען איהם אויסגעשלאָ-
סען פון דער אידישער געמיינדע און זאָגאַר זיינע נאָהענטע קרובים האָבען
זיך מיט איהם ניט געוואָלט בעגעגנען. ער איז ווידער געקומען צום ועד
הרבנים און האָט זיך אָפען אין שול ענטזאָגט פון זיינע פרייע געדאַנקען
אום מען זאָל איהם צונעהמען צוריק צו דער אידישער געמיינדע. מען האָט
איהם געשלאָגען 39 מלקות איבער זיינע פּלייצעס, נאָכדעם האָט ער זיך
געמוזט לעגען אויף׳ן שוועל פון שול און יעדער, וואָס האָט געוואָלט, האָט
געטרעטען איבער איהם. דאָס איז דאַמאָלס געוועזען די פאָרמע פון טאָן
תשובה. דיזע שאַנדע האָט איהם אַזוי געקריינקט, דאָס ער האָט זיך דער-
שאָסען (1640). פאַר זיין טויט האָט ער אָנגעשריבען זיין אויטאָביאָגראַפיע
(אונטער׳ן טיטעל **„Exemplar humanae vitae"**, ד. ה. אַ מוסטער פון
מענשליכען לעבען), אין וועלכער ער האָט אויסגעגאָסען זיין גאַנצען כעס
און זיין ביטער הארץ אויף דאָס רבנישע יודענטום, וועלכעס האָט איהם
געצוואונגען צו ענטזאָגען זיך פון זיינע אידעען מיט אַזאַ ערנידריגונג.



# דייטש־פוילישער צענטער פון יודענטום

(1789—1648).

---

אלגעמיינער איבערבליק. דיזע פעריאָדע פון דער אידישער געשיכטע, וועלכע נעהמט ארום לערך 150 יאָהר, איז געוועזן אַן איבערגאַנג פון דעם אַלטען מאָנאַטאָנעם (איינפערמיגען) יודענטום צו אַן אַנדערען סאָרט. דיזע פעריאָדע איז פול מיט קאָנטראַסטען: אין די מזרח־לענדער האָט די משיח־אידעע פערטומעלט די מוחות פון פיעלע אידישע געמיינדעס און האָט געשאַפען אַ שבתי צבי, און אין מערב־אייראָפּאַ איז ערשינען אַ משה מענדעלסאָן. שבתי צבי און שפּינאָזאַ, דער בעל שם (בעש"ט) און מענדעלסאָן — דאָס זיינען די פּראָדוקטען פון יענער פּעריאָדע, וועלכע ציינט אויף אַ גייסטיגע רעוואָלוציאָן אין די אידישע מוחות.

די אורזאַך פון דיזע פערשיידענע שטרעבונגען איז געוועזן די זעלבע — אַ שטאַרקער וואונש צו ענדערן דאָס פריהערדיגע מאָנאָטאָנע לעבען. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט איז דאָס לעבען פון די אידען אין דעם געטאָ געוואָרען אַזוי אונערטרעגליך, דאָס זיי האָבען זיך געלאָזט פיהרען ווי בלינדע פון די פאַלשע משיחים, וועלכע האָבען זיי פערשפּראָכען אַ געשווינדע גאולה פון זייער לאַנגען גלות. אָבער נאָך דעם, ווי דאָס פאָלק האָט זיך אַרומגעזעהן, ווי פאַלש און נאַריש עס איז געוועזן דער געדאַנק, איז עס געקומען צו אַ שרעקליכען קריזיס. אין מערב־אייראָפּאַ האָט דאָס מאָנאָטאָנע לעבען אין געטאָ אַרויסגערופען אַן אַנדער סאָרט בעוועגונג — אַ בעוועגונג צו בילדונג, אַן דער שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען ר' משה מענדעלסאָן. אַנשטאָט צו העלפען דעם פאָלק אַנצופאַנגען פיהרען אַ נייעס לעבען אין ארץ ישראל, האָט מען אָנגעהויבען צו דענקען וועגען פערבעסערן דאָס לעבען אין די גלות־לענדער דורך עמאַנציפּירען (בעפרייען) זייער גייסט.

די פערבעסערונג פון אידישען סאָציאַלען לעבען אין מערב־אייראָפּאַ געהט צו פיעל שווערער און לאַנגזאַמער ווי זייער גייסטיגע עמאַנציפּאַציאָן. איבערהויפּט איז שווער און לאַנגזאַם צוגעגאַנגען די פערבעסערונג פון געזעלשאַפטליכען לעבען פון די אידען אין דייטשלאַנד. פּרייסען האָט געגעבען מעהר רעכטען צו אַ זעהר קליינער צאָהל פּריווילעגירטע אידען, די איבריגע אידען אין פּרייסען זיינען געבליבען אַלס אויסלענדער אָהן אַלע רעכטען. אין אַלע אַנדערע דייטשע לענדער איז זייער צושטאַנד געווען נאָך פיעל ערגער. אין איטאַליען איז אין אידישען סאָציאַלען לעבען קיין ענדערונג ניט פאָרגעקומען, אַזוי ווי זיי וואָלטען געלעגען אין אַ הינערפּלעט. נאָר אין האָללאַנד האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין זייער געזעלשאַפטליכען לעבען און זיינען געוואָרען פיעל פרייער. אין דער צווייטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט האָט זיך געגרינדעט אין ענגלאַנד אַ נייע אידישע קאָלאָניע, די ערסטע זינט דעם גירוש פון 1291. אויך אין פראַנקרייך, בעזונדערס אין זיד, האָבען זיך דאַמאָלס אָנגעהויבען בילדען נייע אידישע קאָלאָניעס נאָך דעם גירוש פון די פריהערדיגע יאָהרען. אָבער די ערסטע גלייכע פולע בירגער־רעכטען האָבען די אידען בעקומען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ אין יאָהר 1788.

אין די יאָהרען פון 1648 ביז 1658 האָבען די אידען איבערגעלעבט שרעקליכע צרות ווי אין די צייטען פון די קרייץ־צוגען פון מיטעלאַלטער. די גרויסע שחיטות פון די קאָזאַקען אונטער כמעלניצקי׳ן האָבען צושטערט גאַנצע אידישע שטעדט אין פּוילען און אין אוקראַינאַ, און האָבען געמאַכט אַ תל פון זייער פריהערדיגע אויטאָנאָמיע. צום גליק האָבען זיך די אידען אין פּוילען שוין געפונען אין אַזאַ צושטאַנד, דאָס די שרעקליכע קלעפּ פון שיקזאַל האָבען נאָר געווירקט אויף זייער מאַטעריעלען צושטאַנד, אָבער ניט אויף׳ן גייסטיגען. דער פּוילישער איד האָט געפיהרט אַן אָפּגעזונדערטעם לעבען פון זיין גאַנצער סביבה. ער האָט געוואוסט, דאָס ער לעבט צווישען שונאים, דער פּריץ איז איהם מבזה; דער מוזשיק, דער מיעשטשאַנין און דער צעכאָוועער האַסען איהם אַלס קאָנקורענט און אַלס מיטהעלפער פון פּריץ צו עקספּלואַטירען זיי. דער איד האָט געוואוסט, דאָס ער איז צו שוואַך צו בעקעמפען דיזע אויסערליכע שונאים, און ער האָט דעריבער געטאָן אַלעס מעגליכע צו פערהיטען, אַז דיזע שונאים זאָלען ניט זיין אין שטאַנד וועניגסטענס צו שאַדען זיין אינערליכען געמיינדע־ און רעליגיאָנס־לעבען. דאָס האָט ער דערגרייכט דורך די מאַכט פון דער קהל־רעגירונג,

וועלכע האָט מיט אַן אייזערנער האַנט רעגולירט זיין געמיינדע־ און פאַ־מיליען־לעבען, זעהר אָפט מיט אַ צו שטאַרק דריקענדער מאַכט.

אָבער דיזער שטאַרקער דרוק האָט אַרויסגערופען אין פאָלק פערשיידע־נע פּראָטעסטען. עס האָבען זיך געבילדעט פערשיידענע סעקטען מיט׳ן צוועק צו פערגרינגערן דאָס אינוועניגסטע אידישע לעבען: די סעקטע פון שבתי צבי, די פראַנקיסטען, וועלכע האָבען אָראָפּגעוואָרפען פון זיך פיעלע רעלי־גיעזע שווערינקייטען, און ענדליך די חסידישע סעקטע, וועלכע האָט געלעגט מעהר געוויכט אויף דער רעליגיאָן פון הארצען, אויף ערנסט דאַוונען, גלויבען אין די וואונדער־מעשים פון צדיק, איידער אין די חומרות פון די רבנים מיט זייערע פרטים, ווי דיזער אָדער יענער דין זאָל אָפּגעהיט ווערען. דיזע שיטה — דער חסידיזם — האָט געהאַט אַן אונגעהייערען איינפלוס אויף די אידישע מאַסען. אין אַ צייט פון 50 יאָהר (1750—1800) איז צוגעשטאַ־נען צו איהם כמעט האַלב פון אַלע רוסיש־פוילישע אידען. די רבנים האָבען שטאַרק מורא געהאַט פאַר דיזער בעוועגונג, אַז זי זאָל ניט אַנמאַכען אַ שפּאַלטונג אין יודענטום, און זיינען אַרויס מיט גוואַלדיגע פּראָטעסטען נעגען חסידיזם. אָן דער שפּיץ פון דיזע פּראָטעסטאַנטען (מתנגדים) איז געשטאַנען די גרעסטע אויטאָריטעט פון יענער צייט, דער ווילנער גאון ר׳ אליהו, אָבער זיי האָבען די בעוועגונג ניט געקענט אָפּשטעלען, און דער חסידיזם איז געוואָרען שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין פאָלק.

די רייסערייען צווישען די פיהרער פון פוילישען פאָלק און די אונ־אָרדנונגען אין זייער רעגירונג האָט געפיהרט דערצו, דאָס פוילען איז צו־טיילט געוואָרען צווישען איהרע שכנים: רוסלאַנד, דייטשלאַנד און עסט־רייך. די אידען, וואָס זיינען אַרונטערגעפאַלען אונטער די רוסישע הער־שאַפט, האָבען באַלד דערפיהלט דעם האַס פון דער רוסישער רעגירונג, וועלכע האָט זיך געהאַלטען אָן קייזערין עליזאַבעטה׳ס פּרינציפּ: „פון די שונאים פון יעזוס׳ן וויל איך ניט אָננעהמען קיין נוצען”, ווי אויך דעם האַס פון רוסישען פאָלק, וועלכעס האָט קיין אייגענע מיינונג ניט געהאַט, און איז געגאַנגען בלינד אין די וועגען, אין וועלכע זיין רעגירונג און זיינע פאַנאַטישע גייסטליכע האָבען עס געפיהרט. דאָס אידישע לעבען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד איז אימער געוואָרען ערגער און ערגער. דער דרוק, אונטער וועלכען די אידען האָבען זיך געפונען אונטער דער הער־שאַפט פון רוסלאַנד, האָט ניט צוגעלאָזען צו זיי די נייע שטרעבונגען פון מערב־אייראָפּאַ צו בילדונג און זיי זיינען פערבליבען אַ לאַנגע צייט אונטער

דעם גייסט פון מיטעלאלטער, וועהרענד אין דייטשלאנד האט די נייע בע-וועגונג געהאט א גרויסען איינפלוס אויף אויף די אידען.

---

## א. די משיח־בעוועגונג אין מזרח־אייראפא. שבתי צבי.

**אידען אין טערקיי אין 17טען יאהרהונדערט.** די אידען, וואס זיי-נען אנגעקומען אין די טערקישע אימפעריע אין 17טען יאהרהונדערט אלס ענטלאפענע פון די פערפאלגונגען אין מערב=אייראפא, זיינען צום גרעס-טען טייל ארונטערגעפאלען אונטער דעם איינפלוס פון טערקישען פאלק, וואס האט ניט געוואוסט און ניט געוואלט וויסען פון קולטור, פון בילדונג,— וואס האט זיך געפונען אונטער דעם דרוק פון די פאשאס, וועלכע האבען בעהאנדעלט די פעלקער, איבער וועלכע זיי האבען אונבעשרענקט געהערשט, ווי די גוטס=בעזיצער אין מערב=אייראפא האבען בעהאנדעלט זייערע לייב-אייגענע. אונטער דיזע אומשטענדען האבען זיך ניט ענטוויקעלט און ניט געקענט ענטוויקלען א פרייער גייסט און א שטרעבונג צו קולטור און ציווי-ליזאציאן. אן אויסנאהמע האבען געמאכט די גרויסע האנדעל=שטעדט קאנ-סטאנטינאפעל, סמירנא, סאלאניקי און איניגע אנדערע.

בעזונדערס האט זיך דיזער דרוק געפיהלט אין פאלעסטינא (ארץ ישראל), וואו עס האבען זיך געפונען פיעלע אידען, וואס זיינען געקומען אהין אויף זייערע עלטערע יאהרען ניט צו לעבען, נאר צו שטארבען, און וועלכע האבען געלעבט פון די צדקות, וואס די אידען פון אייראפא האבען געשיקט פיר זיי. דארט איז די עקסיסטענץ פון די אידישע געמיינדעס געווען אין גאנצען אפהענגיג פון דעם קאפריז פון דעם פאשא. אין יאהר 1625 האט איינער אן אראבער מיט'ן נאמען אבן=פארוח געקויפט פון דעם גענעראל=גובערנאטאר אין דמשק די שטעלע פון ירושלים'ער פאשא, און האט אנגעהויבען שרעקליך זויגען דאס בלוט פון די אידען אין ירושלים; ער האט געלאזט ארעסטירען די פארנעהמסטע פערזאנען פון דער אידישער געמיינדע און האט זיי זאגאר אונטערגעווארפען אונטער שרעקליכע פייני-גונגען און יסורים, ביז די אידען האבען איהם געמוזט בעצאהלען א גרויסע סומע געלט. די אידען האבען זיך בעקלאגט פאר דעם גענעראל=גובערנא-טאר פון דמשק און דיזער האט געשיקט א קאדי (ריכטער) אויסצופארשען, אבער דיזער האט גענומען פון פאשא א גרויסען כאבאר און האט גערעכט-פערטיגט זיינע מעשים תעתועים. ערסט מיט צוויי יאהר שפעטער איז דער טיראן ארונטערגעזעצט געווארען פון זיין שטעלע, ווען די אידישע גע-

מיינדע פון ירושלים איז אזוי פעראָרימט געוואָרען, דאָס עס איז שוין ניט געווען וואָס און פון וועמען צו נעהמען.

אין יאָהר 1620 האָבען זיך געפונען אין ירושלים לערך 2,000 אידען צווישען א פיעל גרעסערער בעפעלקערונג פון קריסטען און מאַהמעדאַנער. זיי זיינען געווען געקליידט ווי די טערקען, נאָר אויף'ן קאָפּ האָבען זיי גע־טראָגען א קאַפּעלוש אַנשטאָט א טורבאַן. צו דער מעטשעט (מאַהמעדאַ־נישעס געבעט־הויז), וואָס איז געשטאַנען אויף'ן אָרט פון בית המקדש, האָ־בען אידען ניט געטאָרט צוגעהן, נאָר צום כותל מערבי פון בית המקדש האָבען זיי געמעגט. דאָס ביסעל אידען האָט דאָרט געהאַט שולען און בתי מדרשים, אין וועלכע מען האָט געדאַווענט און געלערנט זעהר פיעל. דאָרט האָבען זיך געפונען אין יענער צייט צוויי סינאַגאָגען, איינע פיר די אשכנזים, אין וועלכער ר' ישעיה הורוויץ, דער פערפאַסער פון „שני לוחות הברית" (של"ה), איז געווען רב; דיזע קהלה פלעגט פראַווען אַלע ערב ראש חודש יום כפור קטן און פאַסטען. די אַנדערע סינאַגאָגע איז געווען א ספרדישע. נעבען איהר איז געשטאַנען א גרויסער בית המדרש, אין וועלכען דער ועד פון דער געמיינדע האָט געהאַלטען זיינע אסיפות. די פרנסים זיינען געווען ספרדים און די אשכנזים זיינען געווען אונטערוואָרפען אונטער זיי. אויף אַלע אויסגאַבען פון דער קהלה האָבען די אשכנזים געמוזט געבען א פערטעל. די געמיינדע איז דאַמאָלס געווען זעהר אָרים, פון דעסטוועגען האָט זי געמוזט געבען דער רעגירונג גרויסע אָפּצאָהלונגען. דאָרט האָט זיך דאַמאָלס אויך געפונען א קליינע געמיינדע פון 20 נפשות קאַראַאימעס.

כמעט אַלע אידען אין ארץ ישראל האָבען זיך בעשעפטיגט מיט לערנען קבלה לויט דער שיטה פון אר"י און זיין תלמיד ר' חיים וויטאַל. די ספרדים האָבען געגלויבט, דאָס מיט זייערע תפלות וועלען זיי אַראָפּברייגגען משיח'ן, און זייערע משולחים, וואָס זיי האָבען געשיקט אין אייראָפּעאישע לענדער צו זאַמלען געלט אום אויפצוהאַלטען די ירושלים'ער קהלה, האָבען דיזע אידעע פערשפּרייט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער. אויך די אשכנזים האָבען אָנטייל גענומען אין די תפלות פון די ספרדים אראָפּצוברייגגען משיח'ן; די תפלות האָבען געטראָגען דעם נאָמען „תקונים", ווי „תקון חצות", „תקון שלש משמורות". דאָס זיינען געווען נאַכט־געבעטען. מען האָט דאַמאָלס געזוכט אין די קבלה־ספרים, איבערהויפּט אין „זוהר", דעם קץ, ד. ה. דאָס יאָהר ווען משיח מוז קומען. מען האָט אויסגעפונען אין „זוהר", דאָס משיח מוז קומען אין יאָהר ת"ח לאלף הששי (1648). דאַ־מאָלס האָט זיך געפונען א פערזאָן, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבען פיר דעם

ערוואַרטעטען משיח. דאָס איז געווען דער בעריהמטער שבתי צבי, וועלכער האָט מיט זיין ערשיינען בעצויבערט טויזענדער אידען אין אַזיען און אייראָפּאַ.

דער שבתי צבי. שבתי צבי איז געבאָרען געוואָרען אין סמירנאַ אין יאָהר 1626 אום תשעה באב. סמירנאַ איז דאַמאָלס געווען אַ גרויסע האַנדעל־שטאָדט, און פיעלע אידען האָבען זיך דאָרט בעשעפטיגט מיט מסחר און זיינען געוואָרען רייך. צווישען זיי איז אויך געווען דער פאָטער פון שבתי צבי, מרדכי צבי, וועלכער איז געוואָרען אַן אַגענט פון אַן ענגלישער רייכער פירמע. שבתי איז געווען אין דער יוגענד זעהר פרום, און זיין פאָטער האָט געגלויבט, דאָס זיין רייכטום איז איהם צוגעשיקט געוואָרען פון גאָט צוליב זיין פרומען זוהן. ער איז אין זיין פריהער יוגענד געווען אַ היבשער תלמודיסט און מקובל. זיין רבי אין תלמוד איז געווען דער בעריהמטער תלמודיסט פון יענער צייט ר׳ יוסף איסקאַפּאַ. אין קבלה האָט ער זיך געהאַלטען אָן דער שיטה פון אר״י. שבתי צבי האָט ליב געהאַט התבודדות, צו זיין אימער אַליין, אָהן מענשען. נאָך דעם מנהג פון יענער צייט האָט מען איהם פריה חתונה געמאַכט; ער האָט אָבער פיינד געהאַט דאָס פערהייראַטע לעבען, און ער האָט זיך מיט זיין פרוי געג׳גט. מען האָט איהם אַ צווייטען מאָל פערהייראַט און ער האָט זיך אויך מיט זיין צווייטער פרוי געג׳גט.

וואָס מעהר שבתי צבי האָט זיך פערטיפט אין דער קבלה אַלץ מעהר האָט ער געגלויבט, דאָס ער איז דער מאַן, וועלכער וועט זיין אין שטאַנד אָראָפּצוברייננגען משיח׳ן. דערצו האָט מען בעדאַרפט פריהער פון אַלעם בעפרייען די נצוצות הקדושות, די הייליגע געטליכע פונקען פון דעם ערדישען חומר, בעפרייען פריהער די נשמות און נאָכדעם בעפרייען די קערפּערס, די גופים, פון גלות. צו דיזען צוועק האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון די תענוגי עולם הזה, האָט געפּראַוועט תעניתים, האָט זיך יעדען טאָג טובל געווען אין ים. פון אַזאַ סאָרט לעבען האָט זיך ביי איהם צושפּילט די פאַנטאַזיע, ער האָט אָנגעהויבען צו זעהן אַזעלכע זאַכען, וועלכע עקסיסטירען גאָרניט אין דער ווירקליכקייט; איהם האָט זיך אָנגעהויבען צו דוכטען, דאָס ער זעלבסט איז דער משיח. מיט זיין אונגעוועהנליכער אויפפיהרונג האָבען זיינע חברים אויך בעקומען גרויס רעספּעקט צו איהם, בעזונדערס האָבען אויף זיי געווירקט די תפלות, וועלכע ער פלעגט זאָגען מיט אַ זעהר ווייכער און זיסער שטימע, מיט וועלכע ער פלעגט בעגייסטערן זיינע צוהערער. צו 20 יאָהר איז ער שוין געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון אַ גרויסער

מאסע יונגע מקובלים, וועלכע האָבען געגלויבט, דאָס מען קען מיט פערשיי-
דענע מיסטישע מיטלען אראָפּברייננגען דעם אידישען גואל, משיח'ן.

ער האָט אָנגעהויבען צו זעהן ביי נאכט גייסטער, וועלכע האָבען איהם
ענטדעקט וויכטיגע הייליגע סודות, און ער האָט אָנגעהויבען צו ענטדעקען
צו זיינע מקורבים, דאָס ער איז דער געווינשטער משיח. אום צו איבער-
צייגען דעם אידישען עולם, דאָס ער איז ווירקליך משיח, האָט ער אָנגע-
הויבען צו זאָגען דעם געטליכען נאָמען ווי ער איז געשריבען (יהוה), ניט
ווי מען שפּרעכט איהם אויס געוועהנליך (אדוני). אזוי איז געווען ער-
לויבט נאָר ווען דער בית המקדש האָט עקסיסטירט, און לויט דעם גלויבען
פון די פרומע אידען וועט מען גאָט'ס נאָמען ווידער אַרויסרעדען ווי ער
איז געשריבען נאָר נאָך דעם, ווי משיח וועט קומען. ווי די רבנים אין
סמירנאָ האָבען עס דערהערט, האָבען זיי איהם אַריינגעלעגט אין חרם.
שבתי האָט געמוזט פערלאָזען סמירנאָ (1651) און איז אַוועק פיהרען אַ
לעבען פון אַ נע ונד. דאָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו אַגי-
טירען זיין אידעע אין אַנדערע שטעדט.

אין קאָנסטאַנטינאָפּעל האָט ער געקראָגען פיעלע אָנהענגער, צווישען
וועלכע עס איז אויך געווען זיין ערסטער „נביא" אברהם יכין. די-
זער האָט איהם געבראַכט אַן אַלטען כתב יד, אין וועלכען עס שטעהט גע-
שריבען, דאָס אין יאָהר 1626 וועט געבאָרען ווערען צו מרדכי צבי אַ זוהן,
וואָס וועט זיך רופען „שבתי", וועלכער איז בעשטימט צו זיין דער גואל
ישראל, משיח, און אברהם יכין וועט זיין זיין נביא. דיזע נבואה האָט
איהם צוגעגעבען פיעל מוט, און ער האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען מעהר
אָפען און דרייסט. ער האָט פערזאַמעלט אין סאַלאָניקי זיינע אָנהענגער
און נעהמענדיג אין האַנט אַ ספר תורה האָט ער ערקלערט, דאָס ער געהט
יעצט חתונה האָבען מיט דער תורה, גאָט'ס טאָכטער. די רבנים פון סאַ-
לאָניקי זיינען געוואָרען פון דיזער צערעמאָניע שרעקליך אויפגערעגט, און
ער האָט געמוזט פערלאָזען די שטאָדט.

ענדליך איז ער אָנגעקומען אין ירושלים. דאָרט האָט ער געפונען אַ
פערטיגען באָדען פיר זיינע אידעען. די אידען זיינען אַלע געווען קאַבאַ-
ליסטיש געשטימט, און ער האָט דאָרט אָנגעהויבען צו טאָן אַלעס מעגליכעס
אום צו ווערען פּאָפּולער. ער האָט אָנגעהויבען צו פּראָווען נאָך מעהר
סגופים, פאַסטען תעניתים און בעזוכען די קברים פון הייליגע אַלטע צדיקים.
דאָרט פלעגט ער זינגען מיט גרויסע בכיות הייליגע תפלות און מיט זיין
זיסער שטימע האָט ער שטאַרק געווירקט אויף די אָנוועזענדע. געהענדיג

אין די גאסען פלעגט ער טיילען זיסע זאכען צו קינדער, און דערמיט האָט ער צוגעצויגען צו זיך די קינדער און זייערע מוטערס. אין יענער צייט האָבען די חלוקה=אידען בעקומען זעהר וועניג נדבות פון די אייראָפּעאישע לענדער, ווייל נאָך דעם 30=יעהריגען קריג און די גזירות ת"ח זיינען די אידען אין אייראָפּא געוואָרען שטארק פעראָרימט און זיי זיינען ניט געווען אין שטאנד צו שיקען נדבות פיר ארץ ישראל. דער פאשא פון ירושלים האָט בעלאַסטעט די אידען מיט אַ גרויסער סומע געלט, וועלכע זיי זיינען ניט



שבתי צבי.

געווען אין שטאנד צו בעצאָהלען, און דערפאר האָט ער געוואָלט זיי שווער בעשטראָפען. שבתי צבי איז אוועק נאָך קאירא און האָט געבעטען זיין פערעהרער, דעם רייכען פאכטער פון די רעגירונגס=איינקונפטען ר פ א ל י ו ס ף ח ל ב ו, אז ער זאָל בעצאָהלען פיר די אידען דעם ירושלים'ער פאשא די פערלאַנגטע סומע. דיזער האָט נאָכגעגעבען זיין פערלאַנג און די אידען זיינען זעהר דאנקבאר געווען צו שבתי צבי, און דאָס האָט איהם נאָך מעהר פּאָפּולער געמאכט אין ארץ ישראל, וואו מען האָט איהם אָנגעהויבען צו בעטראכטען אלס אַן ערלעזער.

אין קאירא האט זיך שבתי צבי דערוואוסט, דאס אין ליוואָרנאָ גע-
פינט זיך אַ אידישע מיידעל, וועלכע איז געווען מיט גוואלד געטויפט ווען
זי איז אַלט געווען 6 יאָהר און איז צו 16 יאָהר ענטלאָפען פון מאָנאַסטיר
און איז געקומען אין ליוואָרנאָ, וואו זי איז געוואָרען צוריק אַ אידיש קינד.
צוליב איהר שטירמישען און שרעקליכען לעבען איז זי געוואָרען זעהר נער-
ווען און איהר האט זיך געדאכט, דאס אַ שטימע פון הימעל זאָגט איהר אָן,
אַז זי וועט ווערען די פרוי פון משיח'ן. שבתי צבי האט געזאָגט, דאס ער
האט אויך געזעהען בנבואה, דאס דיזע מיידעל, וועלכע מען האט גערופען
מיט'ן נאָמען שרה, דארף זיין זיין פרוי. מען האט געשיקט נאָך לי-
וואָרנאָ, מען האט זי געבראכט אין קאירא, און אין דעם הויז פון דעם ריי-
כען שטייער-פאכטער רפאל יוסף האט מען געפראַוועט אַ גרויסאַרטיגע
חתונה. ווען מען האט איבערגעגעבען שבתי צבי, דאס זיין פרוי שרה האט
געפיהרט אין ליוואָרנאָ אַן אויסגעלאַסענעם לעבען, האט ער געזאָגט, דאס
דער נביא הושע האט אויך געהייראַט מיט אַן אויסגעלאַסענער פרוי.

ווען שבתי צבי איז צוריקגעקומען אין ארץ ישראל האט ער געפונען
אין דער שטאָדט עזה אַ מאַן מיט'ן נאָמען נתן אשכנזי, וועלכער
איז געוואָרען זיין נביא אונטער'ן נאָמען נתן העזתי. דיזער האט
נביאות געזאָגט, דאס אין דער נאכט פון שבועות האט ער געהערט אַ שטימע
פון הימעל, אַז שבתי צבי איז דער אמת'ער משיח, און דאס אין אַ קורצער
צייט וועט ער אַוועק אויף יענער זייט טייך סמבטיון און וועט מיט זיך
ברייננגען די עשרת השבטים און צוזאַמען מיט זיי וועט אויך משה רבנו אָנ-
קומען אין ירושלים, און דאַן וועט אַראָפּקומען פון הימעל אַ בית המקדש
פון גאָלד און דימענטען, מען וועט אָנהויבען מקריב זיין קרבנות, משיח
(שבתי צבי) וועט אָפּנעהמען די קרוין פון סולטאַן און וועט זי אָנטאָן אויף
זיין קאָפּ; ער וועט דאָמאָלס אויך מלחמה האַלטען מיט גוג ומגוג, און ער
וועט זיי מנצח זיין ניט מיט'ן שווערד, נאָר מיט זיין גייסט, און באַלד נאָכ-
דעם וועט אויך זיין תחית המתים. דאס איז דער תוכן פון זיין נביאות.

דער „נביא" נתן העזתי און שבתי צבי זעלבסט האבען אָנגעמאַכט אַ
גרויסען רעש און אַ שטאַרקע בעוועגונג אין פאָלק. די רבנים אין ירושלים
האבען אָנגעויבען שטאַרק מורא האבען פאַר די פאָלגען, ווען די רעגירונג
וועט זיך דערוויסען וואָס עס טוט זיך צווישען די אידען. די רבנים האבען
איהם מתרה געווען, דאס די אידען וועלען ליידען צוליב זיין אַגיטאַציאָן,
און האבען פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל פערלאָזען ירושלים. ער איז
געווען געצוואונגען נאָכצוגעבען און איז צוריק אַוועק אין זיין געבורט-

שטאָדט, סמירנאַ, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסאַרטיגע אויפנאַהמע (1615). ווען ער איז אום ראש השנה אריין אין שול, האָט מען געבלאָזען שופר און דאָס פאָלק האָט מיט גרויס התלהבות געשריען: „יחי מלך המשיח!"

מען האָט אָנגעהויבען מאַכען אין סמירנאַ גרויסע הכנות צום טאָג פון התגלות המשיח. מען האָט אָנגעהויבען פאַסטען און תשובה טאָן, מען איז אויף געוועזען נעכט, וועלכע מען האָט פערבראַכט אין תפלות, און מען האָט געפּראַוועט מקוואות. אייניגע, וואָס האָבען גערעכענט, דאָס זיי זיי־נען שוין פערטיג מיט גאָט, האָבען זיך איבערגעגעבען צו שמחה וששון.



דער פאַלשער נביא נתן העזתי.

שבתי צבי זעלבסט האָט מיט אַ גרויסער מאַסע פרעהליכע מאַרשירט אי־בער די גאַסען און געזונגען תפלות ותשבחות.

דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף פיעלע פרויען, וועלכע זיינען אריינ־געקומען אין אַזאַ התפעלות, דאָס זיי זיינען געפאַלען צו דער ערד און האָ־בען געזאָגט נביאות, דאָס שבתי צבי איז דער ווירקליכער מלך המשיח. די אויפפיהרונג פון דיזע ענטהוזיאַסטישע פרויען האָט געהאַט אַ גוואַלדיגע ווירקונג אויף'ן המון. שבתי צבי האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס אום צו פערשפּרייטען זיין אידעע אין דער גאַנצער וועלט: אין אַזיען, אַפריקאַ און

איירָאפּאַ. זיין סעקרעטער שמואל פּרימאַ האָט קאָרעספּאָנדירט מיט זעהר פיעלע אידישע קהלות אין דער וועלט און האָט זיי מעורר געווען צו תשובה, תפלה און צדקה, אום צו ממהר זיין די גאולה. די בריף, וואָס פּרימאַ האָט געשריבען צו די אידישע קהלות פון דער וועלט, זיינען געווען גע׳חתמ׳עט מיט׳ן זיגעל פון „שבתי צבי מלך המשיח".

די פּראָפּאַגאַנדע האָט גוט געווירקט. דערצו האָט פיעל געהאָלפען דער טרויעריגער צושטאַנד פון די אידען אין די איירָאפּעאישע לענדער. איבעראַל, וואוהין די בריף זיינען אָנגעקומען, האָט מען זיך גענומען צו טאָן תשובה, פאַסטען, פּראַווען מקוואות, תפלה טאָן און געבען צדקה. אין האַמבורג זיינען די אידען געווען אַזוי שטאַרק בעגייסטערט פון דער פּראָפּאַגאַנדע, דאָס זיי האָבען זיך פערזאַמעלט אין שול און האָבען געזאָגט אַ ספּעציעל פערפאַסטע גרויסע תפלה מיט ברכות און שבחים צום מלך המשיח, און דאָס פאָלק האָט צו יעדער ברכה אויפגעשטעלט זיך און געענטפערט בקול רם „אמן!" דער זין פון תשובה איז געווען, אַז מען זאָל זיך דורך דעם רעטען פון „חבלי משיח", די ליידען, וועלכע מוזען קומען אויף אידען אין דער צייט, ווען משיח דאַרף קומען. אייניגע זיינען געפאָהרען צו זעהן פּערזענליך דעם שבתי צבי און דערוויסען זיך פון איהם וועגען דעם „שורש פון זייער נשמה". עס פערשטעהט זיך, דאָס דערפאַר האָט מען דעם מלך המשיח גוט בעצאָהלט.

דאָס יאָהר פון משיח (1666). אויך פיעלע קריסטען האָבען זיך פּעראינטערעסירט אין דיזער בעוועגונג צווישען אידען. דער ענגלישער קאָנסול אין סמירנאַ האָט געשריבען, אַז דאָס יאָהר 1666 איז לאַנג פאָרויס בעשטימט געוואָרען פיר אַ יאָהר פון וואונדער, וועלכעס וועט מאַכען אין דער וועלט גרויסע איבערקעהרעניסען. די אידען ווילען אָדער אָננעהמען דאָס קריסטענטום, אָדער זיי ווילען אָפּנעהמען ארץ ישראל. דערפון האָט אויך געוואוסט שבתי צבי, און ער האָט איינגעזעהען, דאָס יעצט מוז ער אונטערנעהמען עטוואָס וויכטיגעס, און ער איז אַוועק נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל. מען האָט געזאָגט, דאָס ער איז אַהין געפאָהרען אָפּצונעהמען די קרוין פון סולטאַן און אָנטאָן זי אויף זיין קאָפּ. פאַר זיין אָפּפאָהרען האָט ער צוטיילט זיין מלוכה צו 20 אידישע גובערנאַטאָרען, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אויך איינער אַ גרויסער קבצן, וועלכער האָט געלעבט פון חלוקה. אייניגע רייכע לייט האָבען געוואָלט אָפּקויפען פון איהם דיזעס רעכט פיר אַ גרויסע סומע געלט, אָבער ער האָט דערפון ניט געוואָלט הערען און האָט עס ניט געוואָלט פערהאַנדלען.

די טערקישע רעגירונג האָט גוט געוואוסט פון דער בעוועגונג, וועלכע געהט אָן צווישען די אידען; זי האָט אָבער געקוקט דערויף גלייכגילטיג. נאָר ווען שבתי צבי איז אוועק נאָך קאָנסטאַנטינאָפעל אונטערצונעהמען עטוואָס ערנסטעס, האָט די רעגירונג געהייסען, אַז מען זאָל איהם אַרעס־טירען, און מען האָט איהם אַריינגעזעצט אין דעם שלאָס אבידאָס. אהין זיינען געקומען צו זעהן איהם זיין פרוי שרה און זיין סעקרעטער פּרימאָ. דעם שלאָס אבידאָס האָבען שבתי צבי'ס אָנהענגער געגעבען דעם סימבאָ־לישען נאָמען „מגדל עוז" (דער שלאָס פון מאכט).

דער אַרעסט פון שבתי צבי האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט דעם גלויבען אין איהם אַלס אַ משיח. מען האָט געזוכט און געפונען קוועלען, וואו עס שטעהט געשריבען, דאָס דער אמת'ער משיח מוז פריהער ליידען איידער ער וועט ברייגגען די ריכטיגע גאולה. פון פיעלע שטעדט איז מען געקומען איהם בעזוכען און צו הערען אַ טרויסט־וואָרט. מען האָט איהם אויך גע־בראַכט פיעל געלט אום צו פערלייכטערן זיינע ליידען. אָבער ווי ערשטוינט זיינען די בעזוכער געוואָרען דערזעהענדיג, דאָס ער לעבט אין דעם שלאָס ווי אַ פירסט. ער איז געווען גאַנץ פרעהליך און רוהיג, גאַרניט ווי אַן אַרעסטאַנט. די וועכטער פון שלאָס אבידאָס האָבען גענומען כאַבאַר און האָבען צוגעלאָזען צו איהם אַלע בעזוכער, וועלכע האָבען מיט זיך געבראַכט פיעל געלט און אַנדערע מתנות. דער גלויבען אין איהם איז געווען אַזוי שטאַרק, דאָס מען האָט אָהן מיה איינגעשטימט צו זיינע רעפאָרמעס. ער האָט צום ביישפּיל אָפּגעשאַפט דעם תענית שבעה עשר בתמוז, ווייל אין דעם טאָג האָט ער געזעהען די ערסטע נבואה. ער האָט אָפּגעשאַפט תשעה באב, ווייל אין דעם טאָג איז ער געבאָרען געוואָרען. ער האָט געוואָלט אָפּ־שאַפען אויך איינינע ימים טובים און אָנשטאָט זיי איינאָרדנען נייע, וועלכע זאָלען זיין צוגעפּאַסט צו דער צייט און צו די אומשטענדען און צו די ימות המשיח.

די צירקולאַרען, וואָס שבתי צבי האָט אַרויסגעשיקט פון דעם שלאָס אבידאָס צו פיעלע אידישע געמיינדעס אין אייראָפּאַ, האָבען איבעראַל גע־מאַכט אַ גרויסען רושם. אין פיעלע גרויסע שטעדט, ווי האַמבורג, אַמס־טערדאַם, האָט מען געזונגען די תפלה „הנותן תשועה" מיט'ן נאָמען שבתי צבי „משיח אלהי יעקב". עס זיינען צו איהם געקומען דעפּוטאַטען פון גרויסע אידישע קהלות צו איבערצייגען זיך אין זיין גרויסקייט. עס איז צו איהם אויך געקומען פון פּוילען אַ גרויסער מקובל נ ח מ י ה כ ה ן אום צו דערגעהן, אויב ער איז ווירקליך משיח. ער האָט מיט איהם פער־

בראכט 3 מעת־לעת און איז ארוים מיט דער איבערצייגונג, דאס ער איז ניט קיין משיח. ער האט אויפגערייצט געגען זיך די אנהענגער פון שבתי צבי, און איז צוליב דעם געווען געצוואונגען צו ענטלויפען פון קאנסטאנטינאפעל. אין אדריאנאפעל האט ער ערקלערט דעם קאימאקאם, וואס פיר א געפאהר דער שבתי צבי איז פיר די טערקישע רעגירונג ווי אויך פיר די אידען, דערביי האט ער דערצעהלט, וואס עס טוט זיך אפ אין שלאס אבידאס.

ווען דער סולטאן מאחמעד דער 4טער האט זיך דערוואוסט פון די מעשים תעתועים פון שבתי צבי איז ער געווארען אויסער זיך פון צארן. ער האט איהם געוואלט הינריכטען; נאר דער מופטי, דער הויפט פון די מאחמעדאנישע גייסטליכע, האט איהם געראטען דאס ניט צו טאן, ווייל עס קען ארויסרופען אן אויפשטאנד צווישען די אידען. זיין עצה איז געווען, אז מען זאל איהם גוט אנשרעקען און ווירקען אויף איהם, אז ער זאל אננעהמען דעם איסלאם, און דערמיט וועט ממילא בטל ווערען זיין גאנצע אגיטאציאן. דיזע אויפגאבע האט איבערגענומען אויף זיך א דאקטאר אין הויף מיט'ן נאמען דידאן (אדער גדעון), וועלכער איז איבערגעגאנגען פון יודענטום צום איסלאם. דיזער האט פערבראכט מיט דעם שבתי צבי א היבשע צייט און האט איהם ערקלערט, וואס פיר א גרויסע געפאהר עס שטעהט איהם פאר, און דאס דער איינציגער מיטעל צו רעטען זיך פון דיזער געפאהר איז — אננעהמען דעם איסלאם. שבתי צבי האט איינגעשטימט. ווען מען האט איהם געבראכט צום סולטאן האט ער גלייך א ווארף געטאן זיין הוט אויף דער ערד און האט אנגעטאן א ווייסען טורבאן. דאס איז געווען א סימן, אז ער געהט איבער צום איסלאם. באלד נאך איהם האבען אויך זיין פרוי שרה און איינינגע פון זיינע תלמידים זיך בעקעהרט צום מאחמעדאנישען גלויבען (אויגוסט 1666).

אבער אויך נאך דעם, ווי ער איז אריבער צום איסלאם, האט ער געהאט א גרויסע מאסע אנהענגער, ווייל ער האט פערזיכערט, דאס ער איז געווארען א מוסולמאנער נאר לפנים, אום ער זאל זיי קענען בעקעהרען צום יודענטום. פאר דער וועלט האט מען געזאגט, דאס אן אנדערער אין זיין געשטאלט איז איבערגעגאנגען צום איסלאם, דער אמת'ער משיח איז ארויף אויף'ן הימעל און וועט צוריק ערשיינען ווען די צייט וועט קומען. זיינע „נביאים" האבען געפונען אין „זוהר", דאס משיח וועט ניט זיין תוכו כברו, ד. ה. ער וועט ערשיינען פאר דער וועלט אנדערס ווי ער איז, ער וועט זיך ארונטערלאזען אין תהום פון פערדארבענהייט, אום ארויסצושלעפען פון

דאָרט די ניצוצות הקדושים, די הייליגע נשמות. זיין „נביא” נתן העזתי און איינינע אַנדערע האָבען גערייזט איבער דער וועלט און האָבען געזוכט אויפצוהאַלטען אין די מאַסען דעם גלויבען אין שבתי צבי. די רבנים האָ-בען זיי איבעראַל פערפאָלגט.

שבתי צבי, וועלכער האָט זיך גערופען נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגענו-מען דעם איסלאַם, מאַחמעד עפענדי און האָט בעקומען אַ געהאַלט פון דער רעגירונג אַלס אַ הויף־בעאַמטער, האָט געשפּילט אַ צוויי־זייטיגע פאַלשע ראָלע — אַלס מוסולמאַנער און אַלס איד. מען האָט אויף איהם אָנגעהוי-בען קוקען ווי אויף אַ משוגע'נעם, און די מאַחמעדאַנער האָבען אויפגעגע-בען די האָפנונג, דאָס ער וועט בעקעהרען אַלע אידען צום איסלאַם. מען האָט איהם ענטזאָגט פון דער שטעלע און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, וואו ער האָט געהאַט אַ היבשע שטיצע פון זיינע אָנהענגער. די רעגירונג האָט געפונען פיר נעטיג אַוועקצושיקען איהם אין אַלבאַניען, אין אַ שטעדטעל דולציניא, וואו עס זיינען גאָר קיין אידען ניט געווען, און דאָרט איז ער געשטאָרבען אַלס מוסולמאַנער (ערב יום כפור, 1676) און איז בעגראָבען געוואָרען אַלס מוסולמאַנער.

**די כת שבתי צבי.** נאָך דעם טויט פון שבתי צבי האָבען פיעלע פון זיינע אָנהענגער געעפענט די אויגען און האָבען זיך ארומגעזעהען ווי ער האָט זיי פערפיהרט, און האָבען אָנגעהויבען צו פערשטעהן דעם גאַנצען שווינדעל. אָבער עס האָבען זיך אויך דאַן געפונען פיעלע, וואָס האָבען געגלויבט אין איהם, און די רבנים האָבען פיעל געהאַט צו טאָן אום אויס-צוואָרצלען די אמונה אין דיזען פאַלשען משיח. פיעלע זיינען אָבער גע-בליבען ביי דעם גלויבען, דאָס אַלעס, וואָס ער האָט געטאָן, ענטהאַלט אין זיך וויכטיגע סודות און מיט דער צייט וועט מען דאָס אַלעס פערשטעהן. און אַזוי איז געוואָרען אַ גאַנצע סעקטע, וועלכע האָט געגלויבט אין איהם אַלס משיח אויך נאָך דעם, ווי ער איז געשטאָרבען אַלס מוסולמאַנער.

איינער פון זיינע גרויסע מקורבים, **אברהם מיכאל קאַר-דאָזאָ**, האָט אויפגעהאַלטען די סעקטע מיט דעם, וואָס ער האָט גע-שאַפען אַ גאַנצעס סיסטעם פון דער אידעע פון שבתי צבי. לויט זיין שיטה זיינען פאַראַן שתי רשויות, צוויי גאָטהייטען: אַ סבה ראשונה, די אורזאַך פון דער גאַנצער בריאה, און אלהי ישראל, דער גאָט, וואָס רעגירט דאָס אי-דישע פאָלק. שבתי צבי איז געווען בעגייסטערט מיט דעם גייסט פון אלהי ישראל, קאַרדאָזאָ איז „משיח בן יוסף”, וועלכער דאַרף פאָרטזעצען די אַר-בייט פון שבתי צבי, דעם „משיח בן דוד”, ביז ער וועט צוריק ערשיינען

פאַר דער וועלט. קאַרדאָזאָ איז געווען אַ זוהן פון אַ מאַראַנאָ. אין שפּאַניען האָט ער אויסגעשטודירט מעדיצין און האָט געלעבט ווי אַ פּראַנט. אין די עלטערע יאָהרען איז ער ענטלאָפען אין איטאַליען און האָט זיך צוריקגע-קעהרט צום יודענטום. נאָכדעם איז ער אַוועק נאָך טערקיי, האָט זיך דאָרט בעקענט מיט שבתי צבי און איז געוואָרען זיינער אַ הייסער אָנהענגער. אין נאָרד-אַפריקא, וואו ער איז געווען אַ לייב-דאָקטאָר פון אַ גרויסען בע-אַמטען, האָט ער גע'דרש'עט און געשריבען וועגען דער שיטה פון שבתי צבי. די רבנים אָבער האָבען איהם דאָרט פערפאָלגט און האָבען איהם גע-צוואונגען צו פערלאָזען טריפּאָלי. די רבנים האָבען איהם אויך געטריבען פון סמירנא און קאָנסטאַנטינאָפּעל. געשטאָרבען איז ער אין קאַירא אַלס לייב-דאָקטאָר פון עגיפּטישען פּאַשאַ.

אַ קורצע צייט נאָך דעם טויט פון שבתי צבי איז דער חזן פון סמירנאַ ד נ י א ל  א י ז ר א ע ל ארוים מיט נביאות, דאָס שבתי צבי וועט ווידער ערשיינען אַלס גואל ישראל מיט 45 יאָהר שפּעטער, און האָט געוויזען איי-ניגע מופתים. די מאַסע האָט איהם געגלויבט, אָבער די פאָרשטעהער פון דער סמירנער געמיינדע האָבען גע'פועל'ט ביי דער רעגירונג, אַז מען זאָל דעם משוגע'נעם אַרויסטרייבען פון שטאָדט. ענדליך האָט ער אָנגענומען דעם איסלאַם אַלס אַ מאַסקע אום צו קענען פאָרטזעצען זיין פּראָפּאַגאַנדע אַלס אַן אָנהענגער פון דער סעקטע, וואָס האָט געגלויבט אין שבתי צבי אַלס משיח.

דער הויפּט-מיטעלפּונקט פון דער סעקטע שבתי צבי איז געווען די שטאָדט סאַלאָניקי. דאָרט איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דיזער סעקטע אַ מאַן מיט'ן נאָמען  י ע ק ב  צ ב י ,  וועלכער איז געווען דער ברודער פון שבתי צבי'ס צווייטער פרוי, וועלכע ער האָט געהייראַט נאָך דעם, ווי זיין פרוי שרה איז געשטאָרבען. דיזע צווייטע פרוי האָט ערקלערט, דאָס איהר האָט זיך גע'חלומ'ט, אַז איהר געוועזענער מאַן שבתי צבי האָט אָנ-ערקענט איהר ברודער יעקב אַלס זיין נאָכפאָלגער, און דאָס אין איהם איז מגולגל געוואָרען זיין נשמה, און דעריבער זאָל ער זיך רופען „יעקב צבי". דיזע סעקטע האָט געהאַט אַ פּרינציפּ, דאָס מען דאַרף וואָס מעהר זינדיגען אום מען זאָל ממהר זיין די גאולה, ווייל עס שטעהט אין תלמוד: „אין בן דוד בא אלא בדור שכלו זכאי או כלו חייב", ד. ה. משיח קען קומען נאָר אין אַ דור, וואָס איז אָדער דורכאויס פון צדיקים אָדער דורכאויס פון רשעים; און אַזוי ווי עס איז גרינגער צו שאַפען אַ דור פון רשעים איידער פון צדיקים, איז דער בעסטער מיטעל אַראָפּצובריינגען משיח'ן דורך פיעל

זינדיגען. און מען האָט אָנגעהויבען זינדיגען אויף וואָס די וועלט שטעהט. איבערהויפּט איז ביי די סעקטאַנטען שרעקליך פערדאָרבען געוואָרען דאָס פאַמיליען-לעבען; מען האָט זיך געביטען מיט די ווייבער, מען האָט גענו-מען פיר ווייבער אייגענע שוועסטער, זאָגאַר אייגענע מוטערס. די רבנים האָבען מיט דער הילף פון דער רעגירונג אָנגעהויבען שטאַרק פערפאָלגען די סעקטע, אָבער פיעלע האָבען נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון שבתי צבי און 400 פערזאָן האָבען מיט איין מאָל זיך בעקעהרט צום איסלאַם. דיזע מוסולמאַנער האָבען אָבער אין געהיים געהאַט זייערע מנהגים און זייערע סודות, און האָבען פאַרטגעזעצט צו האַלטען זיך אָן דעם גלויבען אין שבתי צבי אַלס משיח.

די סעקטע פון שבתי צבי עקסיסטירט נאָך עד היום אין סאַלאָניקי; זי בעשטעהט יעצט אונגעפעהר פון 1,000 פאַמיליעס. די טערקען רופען זיי אָן מיט'ן נאָמען „דאָנמע" (כופרים). זיי לעבען אין אַ בעזונדערען קוואַרטאַל, זייערע הייזער האָבען צווישען זיך געהיימע קאָמוניקאַציאָן. אויסערליך זיינען זיי מאָהמעדאַנער, אָבער אין געהיים האָבען זיי זייערע אייגענע געבעט-הייזער מיט זייערע מנהגים. זיי הייראַטען נאָר צווישען זיך און זיינען פעראַכטעט פון אידען און פון טערקען. תשעה באב איז ביי זיי אַ יום טוב, ווייל אין דעם טאָג איז שבתי צבי געבאָרען געוואָרען. זיי האָבען געוויסע תפלות געשריבען אין העברעאיש, אין וועלכע זיי פער-עהרען שבתי צבי אַלס קעניג און משיח. זייערע רעליגיעזע מנהגים און תפלות האַלטען זיי בסוד גדול. ניט לאַנג האָט מען ענטדעקט זייערען אַ קאַטעכיזיס, פון וועלכען מיר ברייננגען היר אַ קורצען אויסצוג:

„גאָט איז איינער. שבתי צבי איז זיין נביא. אדם, אברהם, יעקב, משה, אסתר און אַנדערע גרויסע העלדען פון תנ"ך האָבען אין זיך געהאַט נאָר אַ פונק פון שבתי צבי'ס נשמה. שבתי צבי איז שוין 18 מאָל בעשאַ-פען געוואָרען אויף דער ערד. די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען פיר די מאמינים (אין שבתי צבי) און די גוים זיינען נאָר זייערע שומרים. די מאמינים זיינען דער עיקר אין דער וועלט און די גוים זיינען די קליפות, די שאָלאַכץ, ווי די שאָלאַכץ פון אַן איי. זייערע נשמות שטאַרבען צו-זאַמען מיט זייערע קערפּערס. אַ מאמין אין שבתי צבי טאָר ניט הייראַ-טען מיט אַ גוי אָדער מיט אַ אידען ניט קיין מאמין. עס וועט קומען אַ צייט, ווען אַלע אידען וועלען גלויבען, דאָס יעקב אבינו און משה רבנו זיינען געווען נאָר קליינע טיילען פון שבתי צבי. אַן אָנהענגער פון שבתי צבי טאָר ניט רעדען וועגען זיין גלויבען ניט מיט אַ קליפה (גוי), ניט מיט

א אידען. מען דארף זיך ווייזען פאר דער וועלט אלס מאחמעדאנער, אָבער אין הארצען מוז מען בלייבען א מאמין (אין שבתי צבי). אן אַנ־הענגער פון שבתי צבי, וואָס זאָגט אויס צו אַן אַנדער פערזאָן די פּרינצי־פּען פון זיין גלויבען, איז חייב מיתה. אָנערקענענדיג אויסערליך דעם איס־לאַם און זיין קאָראַן מיט זיינע גייסטליכע, טאָר מען זיך ניט ווענדען אין זייערע געריכטס־הייזער. די מאמינים מוזען האָבען זייערע אייגענע גע־ריכטס־הייזער בסוד, וואו זייערע פּראָצעסען ווערען בעהאַנדעלט נאָך די געזעצען פון תורת משה. יעדער סעקטאַנט מוז האָבען צוויי נעמען: איי־נעם פאר דער וועלט און איינעם פיר זיך זעלבסט אין זייערע רעליגיעזע פערזאמלונגען; זיי טאָרען ניט טרינקען קיין שטאַרקע משקאות".

דער שטילשטאַנד אין מזרח. נאָך דעם, ווי דער טומעל פון דער משיח־בעוועגונג איז אַריבער, איז די אידישע וועלט נאָך מעהר ווי פריהער געוואָרען פינסטער. דער פאַנאַטיזם האָט פערפינסטערט די מוחות פון די אידען אין אַלע לענדער פון טערקיי: אין אזיען און אפריקא. די לאַגע פון די אידען צווישען די מאַחמעדאַנער איז געוואָרען אונערטרעגליך. די מאַח־מעדאַנער האָבען זיי פּשוט געטרעטען מיט די פיס. די אידען אין דיזע לענדער האָבען ניט געהאַט קיין אידעע פון פּראָגרעס, זיי זיינען געווען ווי פערשטיינערט. אין ארץ ישראל פלעגען קומען נאָר אַלטע אידען, תהלים־זאָגער און מקובלים צו ענדיגען זייערע לעצטע יאָהרען אין תפלות און לערנען קבלה. מען פלעגט בעזוכען דעם כותל מערבי, אום דאָרט אויסצו־וויינען זיך גוט אויף גלות השכינה, בעזוכען די קברים פון גרויסע אַלטע צדיקים און מתפלל זיין דאָרט. אין ירושלים האָבען זיך געפונען אין 18טען יאָהרהונדערט ניט מעהר פון 1,000 אידישע נפשות, איבערהויפּט ספרדים. אין דעם זעלבען יאָהרהונדערט האָבען זיך דאָרט אָנגעהויבען צו בעזעצען ביסלאַכווייז אויך אשכנזים. דיזע האָבען דאָרט ניט געהאַט קיין בעשעפ־טיגונג, ווייל עס איז דאָרט ניט געווען ביי וואָס, און זיי האָבען געלעבט נאָר פון די נדבות, וואָס די פרומע אידען אין אייראָפּא פלעגען צושיקען אום זיי צו שטיצען. די צדקות פון אייראָפּא זיינען אָבער ניט געווען גענוג אויפצוהאַלטען די אָרימע לייט, פלעגט מען שיקען שלוחים צו זאַמלען פיר זיי נדבות (חלוקה). אין אָנהויב פון 18טען יאָהרהונדערט איז געוואָרען אין פוילען א בעוועגונג צו בעזעצען זיך אין ארץ ישראל. לערך 1,000 נפשות זיינען געפאָהרען אונטער דער פיהרונג פון יהודה חסיד און חיים מלאך. דיזע האָבען געטראָגען דעם נאָמען „קהל חסידים". זיי זיינען געווען גערעכענט אויפצוואַרטען דאָרט איבער־א־נייעם א משיח־בעוועגונג, אָבער

עס איז דערפון גאָרניט געוואָרען. דאָס לאַנד איז געווען צו וויסט, אז מען זאָל קענען אין איהם עטוואָס אונטערנעהמען. שפּעטער זיינען צוגע־קומען צו זיי נייע חסידים פון בעל־שם׳ס כתה; זיי האָבען גערעכענט, דאָס מען וועט זיי שטיצען פון אייראָפּאַ, אום זיי זאָלען דאָרט קענען גרינ־דען א נייעם צענטער פיר קבלה, ווייל אין אייראָפּאַ האָבען זיי געליטען רדיפות, אָבער פון זייערע האָפנונגען איז גאָרניט געוואָרען.

## ב. די אידען אין מערב־אייראָפּא פון מיטען 17טען ביז מיטען 18טען יאָהרהונדערט.

אין טערקיי האָט קיינמאָל ניט עקסיסטירט קיין אידען־פראַגע. דאָרט האָבען די אידען געמעגט וואוינען איבעראַל און בעשעפטיגען זיך מיט וואָס זיי האָבען געוואָלט. נאָר אין אייראָפּאַ איז געווען אַ אידען־פראַגע. די פּאָליטיק האָט בעשטימט וואו אַ איד מעג וואוינען און וואָס ער מעג טאָן. און ווען די פּאָליטיק האָט געפאָדערט בעשרענקונגען פיר די אידען האָט מען זיי געשאַפען און מען האָט זיך ניט גערעכענט מיט מענשען־רעכט. מען האָט געאָפּפערט די אינטערעסען פון די אידען פיר די אינטערעסען פון דער רעגירונג און דער קריסטליכער בעפעלקערונג.

מעהר ווי איבעראַל האָבען די אידען געליטען אין עסטרייך פון דיזע פּאָליטישע פרינציפען, ווייל עסטרייך איז דאַמאָלס געווען דאָס אייציגע לאַנד, וואו דער קאַטאָליציזם איז געווען זעהר שטאַרק נאָך דער רעפאָר־מאַציאָן. די יעזואיטען האָבען דאָרט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע ווי אין שפּאַניען און האָבען געהעצט די רעגירונג געגען פּראָטעסטאַנטען און געגען אידען. איבערהויפּט האָבען די אידען געהאַט גרויסע צרות פון וויענער מאַגיסטראַט און פון דאָרטיגע קריסטליכע סוחרים. זיי האָבען געזוכט אָפּצונעהמען פון די אידען די פּריווילעגיעס, וואָס פערדינאַנד דער 2טער האָט זיי געגעבען, און אונטערוואַרפען זיי אונטער זייער הערשאַפט. דער קייזער אָבער האָט עס ניט דערלאָזען, ווייל ער האָט געוואוסט, דאָס דער מאַגיסטראַט וועט באַלד פערניכטען די אידישע קהלה, וועלכע האָט איהם אריינגעבראַכט 50,000 גולדען יעדען יאָהר.

אָבער ענדליך האָבען דער מאַגיסטראַט און די יעזואיטען אויסגע־פיהרט וואָס זיי האָבען געוואָלט, ווען אויף זייער זייט איז אריבער די קיי־זערין מאַרגאַרעטאַ, די פרוי פון קייזער לעאָפּאָלד דעם 1טען. אַלס אַן עכטע שפּאַניערין האָט זי ניט געקענט פריי אָטעמען אין וויען, וואו אידען האָבען געהאַט דאָס רעכט צו לעבען. ווען זי האָט אַמאָל געבאָרען אַ טויטעס קינד,

האבען די הויף-גייסטליכע ערקלערט, דאס גאט שטראפט די קייזערליכע פאמיליע דערפאר, וואס זי גיט רעכטען צו די שונאים פון דער קירכע. די קייזערין האט אנגעהויבען צו פאדערן פון איהר מאן, אז מען זאל ארויס-טרייבען די אידען פון וויען. דער קייזער האט די זאך איבערגעגעבען צום קייזערליכען ראט. דארט האבען זיך געפונען אייניגע, וואס זיינען געווען געגען דעם. אבער דער בישאף קאללאוויטש האט אין דער אנוועזענהייט פון קייזער געהאלטען אין קירכע א פייערדיגע רעדע, אין וועלכער ער האט כאראקטעריזירט די אידען אין וויען אלס מערדער, רויבער, גנבים, פייער-מאכער, וועלכע פערדארבען די זיטען פון די קריסטען; דערצו האט ער ערקלערט די אידען פיר שפיאנען, וועלכע גיבען איבער דער טערקישער רע-גירונג, דעם שטארקסטען שונא פון עסטרייך, רעגירונגס-געהיימניסען. דער רעזולטאט פון דיזער פאלשער בעשולדיגונג איז געווען, דאס דער קייזער לעאפאלד דער 1טער האט דעם 27טען פעברואר 1670 ארויסגעגעבען אן עדיקט, אז מען זאל ארויסטרייבען די אידען פון וויען, אזוי דאס דעם 1טען יולי זאל זיך שוין דארט ניט געפינען קיין איין איד. די אידען האבען געטאן אלעס מעגליכעס אום צו ענדערן דעם עדיקט. זיי האבען אויס-געפיהרט, דאס די שוועדישע קעניגין און דער פאפסט האבען געשריבען צום קייזער און דער קייזערין און האבען געבעטען, אז ער זאל ענדערן זיין בעשלוס, אבער עס האט קיין זאך ניט געהאלפען. ווען א גרויסער טייל פון די אידען איז שוין געווען ארויסגעטריבען פון שטאדט, האבען די איב-ריגע אידען זיך געווענדט נאך אמאל צום קייזער מיט א ביטע, און האבען בעוויזען, דאס אלס רוימישע בירגער האבען זיי דאס רעכט צו האבען דעם שוץ פון רוימישען קייזער (אין עסטרייך), און דאס זיי האבען ניט וואוהין צו געהן. אבער עס האט ניט געהאלפען און אום תשעה באב 1670 זיינען זיי ארויסגעטריבען געווארען פון וויען. עס זיינען נאר איבערגעבליבען אייניגע בעלי חובות אין די געפענגניסען און 18 פארשטעהער פון דער קהלה, וועלכע מען האט פערהאלטען אלס משכנות, דאס די אידען זאלען ניט פערגיפטען די וואסערן אלס ראכע דערפאר, וואס מען האט זיי ארויס-געטריבען. פון די אלע 4,000 אידען, וואס זיינען ארויסגעטריבען געווא-רען פון וויען, האט קיין איינער ניט געוואלט שמד'ן זיך אום מען זאל איהם ערלויבען צו פערבלייבען. איין איד נאר איז געבליבען — מארקוס שלע-זינגער יאפע, דער קייזערליכער פינאנץ-אגענט.

דער מאגיסטראט און די קלעריקאלען האבען טריאומפירט. די אידישע סינאגאגע האט מען פערוואנדעלט אין א קירכע, און אויף א גאלדענער טא-

פעל האָט מען אָנגעשריבען: „דיזע קירכע האָט דער קייזער אויפגעבויט אַנשטאָט דער אידישער מערדער־גרוב". פערדינט די קירכע, וואָס מערדער און רויבער האָבען אויפגעבויט אויף׳ן אָרט פון אַ גערויבטער סינאַגאָגע, דעם נאָמען „גאָטעס־הויז"?

עס האָט ניט לאַנג גענומען און די וויענער בירגער און דער קייזער זעלבסט האָבען דערפיהלט דעם שאָדען, וואָס זיי האָבען געהאַט פון דעם, וואָס זיי האָבען אַרויסגעטריבען אַזוי פיעלע ניצליכע מענשען. מיט דריי יאָהר שפּעטער (1673) האָט לעאָפּאָלד ערלויבט די אידען קומען אין וויען און אין פיעלע אַנדערע שטעדט צו האַנדלען און וואוינען צייטליך. אַ באַנ-קיר שמואל אָפּפּענהיים האָט בעקומען דאָס רעכט צו וואוינען אין וויען און פיהרען זיינע באַנק־געשעפטען, אין וועלכע דער קייזער האָט זיך גענעטיגט צוליב דער מלחמה, וואָס האָט אויסגעבראָכען צווישען עסט-רייך און טערקיי. איהם איז אויך געוואָרען ערלויבט צו האַלטען אידישע מיטהעלפער אין זיינע געשעפטען, און אַזוי איז דאָרט ביסלאַכווייז געוואָרען צוריק אַ אידישע געמיינדע מיט אַ סינאַגאָגע, נאָר דאָס געזעץ האָט ניט אַנערקענט די עקסיסטענץ פון דער געמיינדע.

די מלחמה צווישען עסטרייך און טערקיי (1683—1686) האָט צוריק-געקעהרט צו עסטרייך אַלע פעסטונגען אין אונגאַרן, וועלכע האָבען זיך גע-פונען אין די הענט פון די טערקען. די אידען אין דער שטאָדט אָפען האָבען געהאָלפען די טערקען צו פערטיידיגען די שטאָדט געגען די עסט-רייכער, ווייל זיי האָבען אונטער די טערקען געלעבט רוהיג און האָבען גע-וואוסט, ווי עס וועט זיי אויסקומען צו ליידען אונטער די קאַטאָליקען. דערפאַר האָבען זיך די עסטרייכער שרעקליך אָפּגערעכענט מיט די אידען נאָך דעם, ווי זיי האָבען איינגענומען די שטאָדט אָפען. זיי האָבען פיעלע פון זיי אויסגע׳הרג׳עט און דערטרונקען אין דונאַי, בלויז אַ קליינער טייל האָט זיך געראַטעוועט.

אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון קאַרל דעם 6טען איז עסטרייך געוואָרען שטאַרק קאַטאָליש. מען האָט אָנגעהויבען צווינגען די אידען צו שמד׳ן זיך, און מען פלעגט שיקען גייסטליכע אין זייערע שולען צו האַלטען דרשות וועגען קריסטענטום. איין מאָל איז געקומען אַ גייסטליכער אין סינאַגאָגע אום יום כפור צו פרעדיגען פאַר זיי די קריסטליכע לעהרע. די אידען זיינען געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט און האָבען דעם מיסיאָנער אַרויסגעטריבען. דערפאַר האָט מען די סינאַגאָגע אין גאַנצען פערניכטעט און די ראשי הקהל האָט מען אַרויסגעטריבען פון שטאָדט (1722). די אי-



פראגער אלט-ניי שול.

דען האָבען געמוזט צאָהלען אויסער די געוועהנליכע שטייערן אויף ספּע-
ציעלע שווערע אָפּגאַבען. אָבער דאָס אַלעס האָט ניט געהאָלפען און אין
יאָהר 1726 האָט קאַרל אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאָס אין יעדער אידישער
פאַמיליע האָט נאָר איינער דאָס רעכט צו הייראַטען און האָבען אַ פאַמיליע.
דאָס האָט פעראורזאַכט אַ שטאַרקע עמיגראַציאָן פון די אידען, וועלכע
האָבען זיך בעזעצט אין אַנדערע לענדער.

אין אַ גרויסער סכנה האָבען זיך געפונען די אידען פון בעהמען און
מעהרען אין אָנפאַנג פון דער רעגירונג פון דער קייזערין מאַריאַ טהערעזיאַ
(1740—1780). זי איז געווען ערצויגען אין גייסט פון די קאַטאָלישע קלע-



פּראַגער בית עולם.

ריקאַלען און איז געווען, פערשטעהט זיך, זעהר פיינדליך צו אידען. אין
יענער צייט האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה צווישען עסטרייך פון איין זייט
און פּרייסען און פראַנקרייך פון דער אַנדערער זייט. די אידישע שונאים
צווישען די קאַטאָליקען אין עסטרייך האָבען גע'מסר'ט אויף די אידען,
דאָס זיי סימפּאַטיזירען מיט'ן שונא און שטיצען איהם זאָגאַר. די קייזע-
רין טהערעזיאַ האָט אַרויסגעגעבען אַן עדיקט (דעצעמבער 1744), אַז מען
זאָל אַרויסטרייבען אַלע אידען פון בעהמען און מעהרען, וועלכע האָבען
דאַמאָלס געצעהלט אין דיזע פּראָווינצען מעהר פון 100,000 נפשות. די

פראגער אידישע געמיינדע, וועלכע איז בעשטאנען פון 20,000 נפשות, איז די ערסטע ארויסגעטריבען געוואָרען. אָבער די פאָלגען פון דיזער גוואַלד-טאַט האָבען זיך באַלד געלאָזט פיהלען אין עסטרייכישען פאָלק זעלבסט; מען האָט זיך אָנגעהויבען בעקלאָגען צו דער רעגירונג, דאָס זי רואינירט דאָס פאָלק אין פיעלע מיליאָנען. עס האָבען זיך אריינגעמישט די ליבע-ראַלע געזאַנדטע פון האָללאַנד און ענגלאַנד, אויך דער אידישער באַראָן ד'אַגילאַר, וועלכער האָט געלייסטעט עסטרייך פיעל פינאַנציעלע הילף, האָט זיך אריינגעמישט אין דער זאַך, און די קייזערין האָט ענדליך צוריק גערופען איהר אונמענשליכען עדיקט.

אָבער די לאַגע פון די אידען אין בעהמען און מעהרען איז געוואָרען פשוט אונערטרעגליך. די אידישע שונאים האָבען אויסגעזוכט אַלערליי מיטלען אום צו פערביטערן זייער דאָס לעבען. מען האָט אָפּגעפרישט אַלע געזעצען, לויט וועלכע די צאָהל פון די אידען זאָל זיך ניט פערגרעסערן און די צאָהל פון חתונות זיינען געווען בעשרענקט; אַ איד האָט ניט געטאָרט קויפען קיין שפּייז אויף'ן מאַרק איידער די קריסטען האָבען אָנגעגרייט פאַר זיך אַלעס נעטיגע; זיי האָבען געמוזט טראָגען קליידער מיט געלע לאַ-טעס; אידען האָבען ניט געטאָרט האַנדלען מיט קליידער, וואָס אידישע שניידער האָבען גענעהט; זיי האָבען זיך ניט געטאָרט בעשעפטיגען מיט יובעליר-אַרבייט, אויך ניט זיין קיין גערבער.

פּרייסען. אין יאָהר 1670, ווען מאַריאַ טהערעזיאַ האָט געטריבען די אידען פון עסטרייך, האָט פריעדריך ווילהעלם פון פּרייסען בעשלאָסען צו געבען אַ צופלוכטס-אָרט איינינע פאַמיליעס פון די אַרויסגעטריבענע פון עסטרייך. ער האָט דערביי ניט געהאַט קיין ליבעראַלע אַבזיכט, נאָר ער האָט איינפאַך געוואָלט בערייכערן זיינע נייע לענדער, וואָס זיינען איהם צוגעקומען נאָך דעם וועסטפאַלישען פרידען דורך מסחר און אינדוסטריע, אַזוי ווי האָללאַנד. ער האָט דורך זיין געזאַנדטען אין וויען איינגעלאַדען צו זיך אין בערלין 50 אידישע רייכע פאַמיליעס, וועלכע ער האָט געגעבען איינינע רעכטען אויף 20 יאָהר. די בעדינגונגען זיינען געווען זעהר שווערע און בעליידיגענד פיר די אידען. זיי האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו ער-ווערבען ערד אָדער הייזער. יעדע פאַמיליע האָט בעדאַרפט צאָהלען דער רעגירונג אַלע יאָהר 8 טהאַלער, פיר אַ חתונה און פיר אַ טויטען-פאַל האָט אַ איד בעדאַרפט צאָהלען דער רעגירונג, קיין סינאַגאָגע האָבען זיי ניט גע-טאָרט האָבען, נאָר זיי האָבען געמעגט דאַוונען אין פּריוואַט-הייזער. אריינ-געלאָזען אין בערלין האָט מען נאָר רייכע אידען, און אויך דיזע האָבען די

בערלינער קריסטליכע קויפלייט באלד פיינד געקראגען און האבען אויס-געווירקט ביים קורפירסט בעשרענקונגען געגען זיי אין אייניגע צווייגען פון האנדעל. מען האט אנפאנגס ניט געוואלט אריינגעהמען די אידען אין קיין אוניווערזיטעט. דער קורפירסט האט געמאכט אן אויסנאהמע נאר פיר צוויי אידישע יונגע לייט און מען האט זיי צוגעלאזען צו הערען לעק-ציעס אין מעדיצינישען פאקולטעט אין פראנקפורט אן דער אדער. איינער פון זיי איז געוועזן טוביה כהן הרופא, וועלכער איז ענטלאפען פון פוילען אין גזירת ת"ח (די צייט פון די שחיטות פון די קאזאקען אונטער באגדאן כמעלניצקי). כהן איז דער פערפאסער פון א פאפולערער ענציקלאפעדיע פון נאטור־וויסענשאפטען אין דער העברעאישער שפראך אונטער'ן טיטעל „מעשה טוביה".

פריעדריך דער 1טער, דער נאכפאלגער פון קורפירסט, האט אנגענומען דעם טיטעל קעניג פון פרייסען. ער האט זיך געהאלטען אן דער פאליטיק צו שיצען די אידען געגען זייערע שונאים, וועלכע האבען געזוכט ארויסצו-טרייבען זיי פון די ערטער, וואו זיי האבען זיך בעזעצט, אבער ער האט זיך געלאזט גוט בעצאהלען דערפאר. פריעדריך האט אפגעשאפט די קאפ־-שטייער פון יעדען איינצעלנעם אידען און האט בעשטימט א סומע פון אלע אידען, וואס האבען געוואוינט אין בערלין — 3,000 דוקאטען יעהרליך. דאס איז געוועזן פיר די פאטענטירטע אידען, אבער די ניט־פאטענטירטע, ד. ה. די, וואס האבען ניט געהאט קיין רעכט צו וואוינען אין פרייסען, האט מען אימער געיאגט און פערפאלגט. די אידען אין בערלין האבען פריהער געהאט דאס רעכט נאר צו האבען פריוואט־מנינים, אבער ענדליך האט דער קעניג זיי ערלויבט צו האבען אן עפענטליכע סינאגאגע, און אין יאהר 1712 האבען זיי גענפענט מיט גרויס פאראד א רייכע סינאגאגע אין דער אנוועזענהייט פון קעניג און הויכע בעאמטע. די סינאגאגע איז גע-שטאנען אונטער גבאים, וועלכע זיינען געוועזן בעשטעטיגט פון דער רע-גירונג.

אין יענער צייט האבען צוויי משומדים גע'מסר'ט די אידען, דאס זיי בעליידיגען קריסטוס'ן אין זייער תפלה „עלינו", וואו זיי זיינען מוסיף אין דער שטיל די ווערטער: „שהם משתחוים להבל וריק", און שפייען אויס דערביי. זיי האבען ערקלערט, דאס די הויפט־בעליידיגונג ליגט אין ווארט „וריק", וועלכעס בעטרעפט די זעלבע צאהל ווי דאס ווארט „ישו" — 316. דעם קעניג האט עס געמאכט זעהר בייז און ער האט געגעבען דער פאליציי א בעפעהל, אז זי זאל אפט אריינקומען אין די סינאגאגע און אכטונג גע-

בען, אז מען זאָל דיזע תפלה (עלינו) זאָגען הויך און מען זאָל ניט שפייען ביי געוויסע ווערטער. די אידען האָבען זיך געפונען שטארק געטראָפען און בעליידיגט. שפעטער, אין מענדעלסאָן'ס צייט, איז דיזע פּאָליציייליכע השגחה אויף „עלינו" אָפּגעשאַפט געוואָרען.

דער נאָכפאָלגער פון פריעדריך דעם 1טען איז געווען פריעדריך וויל־העלם דער 1טער (1714—1740). ער איז געווען זעהר פיינדליך צו אי־דען. אין זיין צייט האָבען די קריסטליכע סוחרים פערעפענטליכט א בע־שלוס, וועלכער איז געווען זעהר ערנידריגענד פיר די אידען. דער נוסח פון דיזען בעשלוס איז געווען אַזוי: „ווייל די גילדע פון סוחרים בשטעהט נאָר פון עהרליכע מענשען, דארום טאָרען אין איהר ניט אריינגענומען ווע־רען קיין אידען, מערדער, רויבער, גנבים און פאַלש־שווערער". אין בערלין האָבען געהאַט דאָס רעכט צו וואוינען נאָר 120 אידישע פאַמיליעס, און ווייל עס האָבען זיך אָבער אריינגעשמוגעלט 180 פאַמיליעס, האָט מען די אונפּאַטענטירטע גענומען טרייבען. ווען זיי האָבען זיך ווענען דעם בע־קלאָגט צום קעניג האָט ער געענטפערט, דאָס ער איז גיכער בערייט צו פער־לירען די 20,000 טהאַלער איינקונפט, וואָס ער האָט פון די אידען יעדען יאָהר, איידער צו זעהן ווי זיינע טרייע אונטערטאַנען ווערען פעראָרימט פון די אידען.

אויף דער קעניג־פילאָזאָף פריעדריך דער 2טער (1740—1786) איז געווען פיינדליך צו אידען. ער האָט אָפען געזאָגט, דאָס ער וואָלט גערן געווען צו האָבען אין פּרייסען וואָס ווענינער אידען. אָבער ער האָט אויך אין דער זעלבער צייט געוואָלט פערברייטען אינדוסטריע אין לאַנד. צו דיזען צוועק האָט ער אַרויסגעלאָזען אַן עדיקט, דאָס ווען אַ איד וויל בע־קומען רעכט צו וואוינען אין פּרייסען, מוז ער קויפען פיר 300 אָדער 500 טהאַלער פאָרצעלייענע געשיר פון דער קעניגליכער פאַבריק, און דיזע מוז ער פערקויפען אין אויסלאַנד. דאָס איז געווען פיר אַ אידען זעהר אַ שווערע אויפגאַבע, ווייל אין יענער צייט האָט דער אַרויספיהר אין אויסלאַנד גע־קאָסט זעהר טייער, און דער אידישער סוחר, וואָס האָט געבראַכט פּרייסישע פאָרצעלייענע כלים נאָך אויסלאַנד, האָט געמוזט דערביי פערלירען פיעל געלט. דאָס זיינען געווען די בעציהונגען צו אידען פון דעם קעניג־פילאָזאָף פריעדריך דעם גרויסען. נאָך דעם, ווי ער האָט אין 1742 אָפּגענומען שלע־זיען פון עסטרייך, האָט ער געלאָזען די אידען פון דיזער פּראָווינץ אין דעם זעלבען געדריקטען צושטאַנד, אין וועלכען זיי זיינען געווען אונטער עסט־רייך. אין 1772 איז פּוילען צוטיילט געוואָרען צווישען רוסלאַנד, פּרייסען

און עסטרייך; פריעדריך דער גרויסער האָט געוואָלט אַרויסטרייבען 4,000 אָרימע אידען פון פוילען, וואָס זיינען געוועז אין זיין טייל. מיט גרויס מיה האָט מען דיזען פילאָזאָף אָפּגעהאַלטען פון דיזער גוואַלדטאַט. אָבער די אידען, וואָס זיינען פערבליבען, האָבען פערלאָרען אונטער זיין הער-שאַפט אַלע רעכטען, וועלכע זיי האָבען געהאַט אונטער די פּאָליאַקען.

דייטשלאַנד. אין 17טען און 18טען יאָהרהונדערט איז געוואָרען אַ שטאַרקע בעוועגונג צו ענטוויקלען דעם האַנדעל אין די לענדער, וואָס זיינען געשטאַנען ביים באַלטישען און דייטשען ים. דעם שטוים דערצו האָט גע-געבען האָללאַנד מיט איהר האַנדעל און אינדוסטריע, און די הויפּט־מיט-העלפער זיינען געוועזן די איבעראַל פערפאָלגטע אידען. מיט זייער הילף איז אויך האַמבורג אויפגעוואַקסען מיט איהר וועלט־מסחר.

די מאַראַנאָס, וואָס זיינען ענטלאָפען פון פּאָרטוגאַל, האָבען געגרינ-דעט אַ קאָלאָניע אין האָללאַנד און אין האַמבורג. פריהער האָבען די דייטשע אידען געבעטען דעם האַמבורגער סענאַט, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו בעזעצען זיך אין האַמבורג אום צו פערברייטערן דעם האַנדעל און די אינדוסטריע, און מען האָט זיי אָפּגעזאָגט. די מאַראַנאָס אָבער, וועלכע האָבען זיך אָנגעגעבען אַלס קאַטאָליקען, האָט מען יע ערלויבט צו בעזעצען זיך אין האַמבורג. אָבער ווען די מאַראַנאָס האָבען אַראָפּגעוואָרפען פון זיך די מאַסקע און זיינען געוואָרען אָפענע אידען, האָבען די בירגער און די פּראָטעסטאַנטישע גייסטליכע אָנגעהויבען צו פאָדערן פון סענאַט, אַז מען זאָל זיי אַרויסטרייבען פון לאַנד. דער סענאַט האָט אָבער ניט געוואָלט אַרויסטרייבען אַזעלכע ניצליכע מענשען, און ער האָט זיך געווענדט צו די פּראָפעסאָרען פון טהעאָלאָגיע אין די אוניווערזיטעטען פון יענאַ און פראַנק-פורט אַן דער אָדער מיט אַ פראַגע, אויף וועלכע בעדינגונגען מען קען לאָ-זען די אידען פערבלייבען אין האַמבורג. דיזע האָבען געענטפערט, דאָס ווען מען וועט זיי ניט ערלויבען צו האַלטען אָפען זייער רעליגיאָן און מען וועט זיי דערצו צווינגען צו הערען מיסיאָנערישע דרשות וועגען קריסטענ-טום, קען מען זיי לאָזען וואוינען אין האַמבורג, ווייל מען קען ערוואַרטען, דאָס די מאַראַנאָס וועלען דאָך ענדליך קומען צום שכל און וועלען זיך צו-ריקקעהרען צום קריסטענטום.

אזוי זיינען די פּאָרטוגעזישע אידען פערבליבען מיט פיעלע פּריווי-לעגיעס אין האַנדעל און אינדוסטריע, אָבער מיט זעהר וועניגע רעכטען אין זייער פאַמיליען־ און סאָציאַלען לעבען: זיי האָבען ניט געקענט ערווערבען ערד־אייגענטום, ניט בויען קיין סינאַגאָגע, זאָגאַר זייערע פערשטאָרבענע

האָבען זיי ניט געקענט בעהאַלטען אין האַמבורג און האָבען זיי געמוזט פיה-רען מקבר זיין אין די נאָכבארשאַפטליכע שטאָדט אַלטאָנאַ. דערפאַר האָט מען זיי ערלויבט צו גרינדען אַ באַנק. די ערסטע באַנק אין האַמבורג האָט געהאַט 12 אידישע גרינדער. אָבער די אידען האָבען ניט אַכטענדיג אויף דאָס געזעץ אויסגעבויט אַ קליינע סינאַגאָגע אונטער'ן נאָמען „תלמוד תורה", און האָבען איינגעלאַדען אַלס רב פון דער קהלה ר' יצחק אַטראַס פון אַמסטערדאַם (1626).

די סינאַגאָגע אין האַמבורג האָט אַרויסגערופען אַ נייעם שטורם. דער דייטשער קייזער פערדינאַנד דער 2טער האָט געפאָדערט פון האַמבורגער סענאַט, אַז ער זאָל די סינאַגאָגע צושליסען. די אידען האָבען געענטפערט, דאָס די געביידע איז ניט קיין סינאַגאָגע, נאָר אַ תלמוד תורה, וואו אידען פערזאַמלען זיך לערנען די תורה, נביאים און תהלים. דערביי האָבען זיי גע-געבען צו וויסען דעם סענאַט, דאָס ווען מען וועט זיי ניט ערלויבען דיזע קליינינקייט, וועלען זיי אַריבערפיהרען זייערע געשעפטען אין אַן אַנדער לאַנד. דער סענאַט האָט זיי געלאָזען צורוה, אָבער אַ פּראָטעסטאַנטישער גייסטליכער מיט'ן נאָמען מיללער האָט ניט אויפגעהערט צו אַגיטירען גע-גען די אידען, און האָט געשריבען אַ גאַנצעס בוך וועגען דעם אונגלויבען פון די אידען און וועגען זייער פערשטיינערונג אין רעליגיאָן. מיללער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל די אידען אונטערוואַרפען אונטער אַלע בעשרענ-קונגען פון מיטעלאַלטער, זאָגאַר צווינגען זיי צו טראָגען די געלע לאַטע אויף זייערע קליידער.

אָבער דאָס שטורמישע לעבען פון האַמבורגער מסחר האָט פערהילכט די שוואַכע שטימע פון די אידישע שונאים. אין האַמבורג האָט זיך ענט-וויקעלט אַ רייכע אידישע געמיינדע, וועלכע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אויף אין דער פּאָליטישער וועלט, ווי די באַנקירען דיעגאָ אברהם טעקסייראַ און זיין זוהן עמנואל יצחקי, יעקב קוריעל און נוניעס דאַ קאָסטאַ. אייניגע פון זיי זיינען גע-ווען קאָנסולען פון שוועדען און פּאָרטוגאַל און האָבען געלעבט ווי פירסטען. איין גייסטליכער האָט שטאַרק בעדויערט, וואָס דאָס קריסטענטום איז ניט שטאַרק גענוג צו פערוואַנדלען די רייכע אידען אין וואַסער-טרעגער און האָלץ-העקער פיר די קריסטען, ווי יהושע האָט אַמאָל געטאָן מיט די גבעונים.

אין דער צווייטער העלפט פון 17טען יאָהרהונדערט האָט זיך אָנגע-הויבען צו ענטוויקלען אין האַמבורג אויך אַן אשכנזישע קהלה פון די אידען, וואָס האָבען אָנגעהויבען אַריבערקומען פון דער שטאָדט אַלטאָנאַ, וועלכע

איז געווען אונטער דעם שוץ פון דענעמארק און איז געווען כמעט ווי איין שטאדט מיט האמבורג; נאכדעם האבען זיך דארט אנגעהויבען צו בעזעצען אויך אידען פון וואנדזבעק, און אין א קורצער צייט האבען זיי געבילדעט א גרויסע אידישע קהלה, וועלכע האט געהאט צווישען זיך רייכע גאלד־ענדלער און פאבריקאנטען. די דייטשע בירגער האבען עס זעהר שטארק ניט געוואלט ליידען, אבער זיי האבען גארניט געקענט טאן געגען זיי. מיט דער צייט איז די אשכנזישע געמיינדע געבליבען די איינציגע אין האמבורג, ווייל די ספרדים האבען זיך ביסלאכווייז ארויסגעקליבען אין אנדערע לענדער — אין ענגלאנד, אמעריקא און האללאנד. די דריי שטעדט, אלטאנא, האמבורג און וואנדזבעק, האבען געבילדעט איין קהלה, וועלכע האט געהאט אלס ראבינער די גרעסטע גאונים פון יענער צייט, ווי י. קאצענעלענבאגען, ר' יהונתן אייבשיץ און ר' רפאל כהן. דער גוטער מאטעריעלער צושטאנד פון די אידען אין האמבורג האט זיי ניט געשטערט צו פיהרען א זעהר פרומעם רעליגיעזעם לעבען. פיעלע פון זיי האבען פערבראכט א גרויסען טייל פון זייער צייט אין לערנען און אין תפלות. די פעהיגע יונגע לייט פלעגען זיי שיקען אין פוילען אום צו שטודירען דארט דעם תלמוד, ווייל פוילען איז דאמאלס געווען דער גרעסטער מקום תורה. די קינדער פלעגען זיי חתונה מאכען פריה (פון 15 ביז 17 יאהר), די עלטערן פלעגען זיי געבען נדן און קעסט ביז זיי זיינען געווארען עלטער און פעהיג זעלבשטענדיג צו פערדינען זייער חיונה. די שידוכים פלעגען געוועהנליך פארקומען דורך שדכנים. די חתן־כלה פלעגען זיך געוועהנליך זעהן דעם ערסטען מאל אונטער דער חופה.

די לאגע פון די אידען אין די געטאס אין דייטשלאנד איז געווען זעהר טרויעריג. אין פראנקפורט אם מיין זיינען צו ענדע פון 17טען יאהרהונדערט געווען 115 אידישע פאמיליעס, און מעהר ווי העלפט פון זיי האבען ניט געהאט קיין שטענדיגע בעשעפטיגונג. די אידען פון דעם געטא האבען געמעגט קומען אין די קריסטליכע גאסען נאר אין בעשטימטע שטונדען פון טאג. פארנאכט האט מען די טויערן פון געטא צוגעשלאסען; אין יום־טוב'דיגע טעג האבען זיך די טויערן פערשלאסען אום 4 נאך מיטטאג. מען האט ערלויבט א אידען אריינצוקומען אין שטאדט אין דער ניט־ערלויבטער צייט נאר צוליב א גאנץ נעטיגע זאך, ווי צ. ב. נאך א דאקטאר. אין די קריסטליכע גאסען האט א איד ניט געטארט געהן אויפ'ן טראטואר, נאר ער האט געמוזט געהן אויפ'ן ברוק. די קריסטליכע קינדער, ווען זיי פלעגען דערזעהן א אידען אין זייערע גאסען, האבען איהם גלייך געהייסען ארונ-

טערנעהמען די היטעל, און ווען ער האָט ניט געפאָלגט, האָט מען איהם געשלאָגען.

אין אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבען אין דייטש-לאַנד אַ שטאַרקע אַגיטאַציאָן געגען אידען און יודענטום דורך די ליטעראַטור. דער גרינדער פון דיזער אידען־פיינדליכער ליטעראַטור איז געווען יאָהאַן אייזענמענגער, אַ לעקטאָר פון אָריענטאַלישע שפּראַכען אין היי-דעלבערגער אוניווערזיטעט. אין זיין ווערק „ענטדעקטעס יודענטום" האָט ער צוזאַמענגעקליבען אַ מאַסע מאַטעריאַל פון תלמוד און דער רבנישער לי-טעראַטור צו בעווייזען, ווי די אידען האַסען די קריסטען און דאָס קריס-טענטום. ווען די אידען האָבען זיך דערוואוסט, דאָס אייזענמענגער'ס בוך איז אין דרוק, האָבען זיי זיך געווענדט צום אידישען באַנקיר אָפּפּענ-היים אין ווין מיט דער בקשה, ער זאָל פּועל'ן ביים קייזער לעאָפּאָלד דעם 1טען, דאָס ער זאָל דאָס ווערק פערבאָט'ן, ווייל עס וועט אויפ-וועקען אַ גרויסע שנאה צו אידען צווישען די דייטשען און די אידען וועלען דערפון שטאַרק ליידען. אָפּפּענהיים האָט גע'פּועל'ט ביים קייזער און דאָס בוך איז געוואָרען קאָנפיסקירט. די אידען האָבען אָנגעבאָטען איי-זענמענגער'ן 12,000 דוקאַטען ער זאָל פערניכטען דאָס בוך, ער האָט אָבער געוואָלט ניט וועניגער פון 30,000 דוקאַטען און פון דעם מסחר איז גאָרניט געוואָרען. דערווייל איז אייזענמענגער געשטאָרבען (1704). זיינע יורשים האָבען פעראינטעריסירט אין דיזען בוך דעם פּרייסישען קעניג פריעדריך דעם 1טען, וועלכער איז געווען בייז אויף די אידען פיר די תפלה „עלינו" (זעה אויבען) און ער האָט געבעטען דעם דייטשען קייזער, אַז ער זאָל ער-לויבען פערקויפען דאָס בוך; אָבער אַזוי ווי זיין וואונש איז ניט ערפילט געוואָרען האָט מען דאָס בוך איבערגעדרוקט אין קעניגסבערג, וואו די קיי-זערליכע צענזור האָט ניט געהאַט קיין מאַכט (1711). פון דאַמאָלס אָן האָט דיזעס בוך אָנגעטאָן די אידען זעהר פיעלע צרות. פיעלע פון די שונאי ישראל האָבען זיך בענוצט מיט די פערקריפּעלטע ציטאַטען, וועלכע זיינען אין דיזען בוך קאָמענטירט אויף אַ זעהר פיינדליכע אַרט. די געזעץ־געבער האָבען זיך בענוצט מיט דיזען בוך אום צו מאַכען בעשרענ-קונגען געגען אידען.

די ווירקונג פון דער אידען־פיינדליכער ליטעראַטור האָט זיך אַרויס-געוויזען אין דעם פּראָצעס פון דעם אידען יוסף־זיס אָפּפּענהיי-מער. אַלס ערפאַהרענער קויפמאַן און גוטער פינאַנציסט איז ער געוואָ-רען שאַצמייסטער אין הויף פון דעם ווירטעמבערגער הערצאָג קאַרל

אַלכסנדר. דיזער הערצאָג האָט זיך אימער גענעטיגט אין געלט, און דער איד זיס אָפּפּענהיימער האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס צופרידען צו שטעלען זיין געביטער. ער האָט בעשווערט דעם פאָלק מיט פערשיידענע אָפּגאַבען אום צו בערייכערן די קאַסע פון הערצאָג. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיס אָפּפּענהיים האָט זיך דערפאַר ערוואָרבען פיעלע שונאים אין פאָלק, און אויך פיעלע אין הויף האָבען איהם פיינד געהאַט פון קנאה, פאַרוואָס דער הערצאָג האָט צו איהם געהאַט פולען צוטרויען. מען האָט אויף איהם פיעלע מאָל גע׳מסר׳ט פאַר׳ן הערצאָג, אָבער דיזער האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערען. זיס אָפּפּענהיים האָט געפיהלט די שנאה פון דער קריסטליכער בעפעל־קערונג צו איהם און האָט געבעטען ביים הערצאָג, אַז ער זאָל איהם אָפּ־לאָזען פון זיין דינסט. דער הערצאָג האָט לאַנג ניט געוואָלט נאָכגעבען זיין וואונש. ענדליך האָט ער איינגעשטימט, און אָפּפּענהיים איז געקומען צום הערצאָג אין לודוויגסבורג נעהמען פון איהם אָפּשייד. פּלוצלינג איז דער הערצאָג געשטאָרבען. זיס אָפּפּענהיים איז צוזאַמען מיט אַ פּאָלקאָוו־ניק אַוועק נאָך שטוטטגאַרט געבען צו וויסען דער הערצאָגין וועגען איהר מאַן׳ס טויט. זיינע שונאים האָבען איהם בעשולדיגט אין דעם טויט פון הערצאָג און מען האָט איהם אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס. עס האָט ניט לאַנג גענומען און מען האָט איהם פעראורטיילט צום טויט. מען האָט איהם געוואָלט שענקען דאָס לעבען אויב ער וועט זיך שמד׳ן, אָבער ער האָט גע־זאָגט: „איך לייד פון אונגערעכטער שנאה, אָבער איך וויל שטאַרבען אַ איד״. דעם פעראורטיילטען האָט מען געבראַכט אויף׳ן פּלאַץ און מען האָט איהם הינגעריכטעט פאַר אַ גרויסען עולם (3טען פעברואר 1738). זיינע לעצטע ווערטער „שמע ישראל״ זיינען דערטרונקען געוואָרען אין די הויכע פריידענס־געשרייען פון דער מאַסע.

**איטאַליען. דער געטאָ אין רוים.** אין קיין לאַנד זיינען די אידען ניט געווען אַזוי פערפאָלגט און ערנידריגט ווי אין רוים. די פּאַפּסטען אין רוים האָבען אַרויסגעטריבען די אידען פון גאַנץ איטאַליען און האָבען זיי געלאָזט וואוינען אין רוים אין דעם אָפּגעצאַמטען קוואַרטעל, אין דעם געטאָ, אום צו ווייזען די קריסטען, ווי עס ווערען בעשטראָפט די יעניגע, וואָס גלויבען ניט אין יעזוס׳ן. איבערהויפּט האָבען די אידען שטאַרק געליטען אין דער צייט פון דער רוימישער רעאַקציאָן (1648—1775).

דער געטאָ אין רוים האָט זיך געפונען אין אַ זעהר בלאָטיגען אָרט ביים ברעג פון דעם טייך טיבער, און ווען דאָס וואַסער פון טייך האָט פער־גאָסען די ברעגען, זיינען די גאַסען פערוואַנדעלט געוואָרען אין טיפע בלאָ־

טעס. אין גאַנצען זיינען אין געטאָ געווען נאָר צוויי גרויסע גאַסען און זעקס קליינע געסלאַך. אין דיזען קליינעם שטח האָבען געוואוינט איבער 25,000 נפשות. קיין אייגענעם הויז האָט אַ איד ניט געטאָרט האָבען אין גאַנץ איטאַליען, אויך ניט אין דעם געטאָ, און די קריסטליכע בעלי בתים האָבען שרעקליך געריסען די הויט פון די אָרימע איינוואוינער. דאָס הויפּט־געשעפט פון די אידען אין דעם געטאָ זיינען געווען אַלטע קליידער, ווייל מען האָט פון זיי צוגענומען כמעט אַלע געשעפטען.

פון דיזע אָרימע איינוואוינער האָט די קירכע פּשוט געשונדען די הויט און האָט זיי בעלאַסטעט מיט זעהר פיעלע אונגעוועהנליכע שטייערן. אוי-סער די געוועהנליכע אָפּצאָהלונגען האָט דער איד געמוזט צאָהלען געהאַלט צו די מיסיאָנערען, וואָס די קירכע האָט געשיקט אין די אידישע שולען צו פּריידיגען זיי די קריסטליכע לעהרע; זיי האָבען געמוזט צאָהלען די קריסטליכע לעהרער פיר די לעהרע, וואָס זיי האָבען געגעבען די אידען, וואָס האָבען זיך געוואָלט טויפען. די אידען האָבען געמוזט בעצאָהלען דערפאַר, וואָס מען האָט זיי ערלויבט צו עסען מצה אום פּסח. דאָס אַלעס האָט געמוזט צאָהלען די אידישע קלהה, ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס זי איז געווען זעהר אָרים און איז געווען שולדיג מעהר פון אַ פערטעל מיליאָן טהאַלער.

זעהר שטרענג איז די קירכע געווען מיט דעם געזעץ וועגען דער לאַטע אויף די אידישע קליידער. יעדער איד און יעדע אידישע פרוי האָבען גע-מוזט טראָגען אַ געלע לאַטע אויף די קליידער און אַ געלע היטעל אָדער אַ געלען ציפּיק אויף'ן קאָפּ.

די רעליגיעזע געפיהלען פון די אידען האָבען דאַמאַלס די קריסטען אין איטאַליען פּשוט געטרעטען מיט די פיס. יעדען שבת נאָכמיטטאָג אום 2 אוהר איז געקומען אַ פּאָליציי־בעאַמטער אין דעם געטאָ מיט אַ גלח און מען האָט אָנגעהויבען טרייבען די אידען אין קירכע צו הערען די מיסיאָ-נערישע דרשות. אין דער פערזאַמלונג האָבען געמוזט זיין ניט וועניגער פון 300 מענער, 200 פרויען און אַ געוויסע צאָהל קינדער ניט אינגער פון 12 יאָהר. דער פּאָליציי־בעאַמטער האָט גוט אויפגעפּאַסט, דאָס קיינער זאָל ניט שלאָפען ביי דער דרשה, און האָט בעשטראָפט יעדען, וואָס ער האָט געטראָפען שלאָפענדיג. אויך איז בעשטראָפט געוואָרען יעדער, וואָס איז ניט געקומען צו דער דרשה. אין זיין דרשה פלעגט דער גלח געוועהנ-ליך פריהער לויבען די אידען און רופען זיי „עם סגולה", דערנאָך פלעגט ער איבערגעהן צו דער אידישער טרויעריגער לאַגע, און ערקלערען דאָס אַלס

אַ שטראָף פון גאָט פיר זייער עקשנות, וואָס זיי ווילען ניט אָנערקענען יע־זוס'ן פיר דעם אמת'ען משיח.

ווען די קירכע האָט זיך איבערצייגט, דאָס מיט דיזע מיטלען געווינט זי זעהר ווייניג משומדים, האָט זי צוגעטראַכט אַן אַנדער מיטעל. מען פלעגט כאַפּען אַ בחור אָדער אַ מיידעל, מען פלעגט זיי אַוועקפיהרען אין אַ געוויסע אַנשטאַלט, וואו מען האָט זיי געהאַלטען 40 טעג, און מען האָט זיי ערקלערט די קריסטליכע רעליגיאָן. אויף ווייניגע האָט עס געווירקט, אָבער די גרויסע מעהרהייט האָט ניט געוואָלט הערען די נייע תורה און מען האָט זיי צוריקגעבראַכט צו זייערע עלטערן, וועלכע האָבען געמוזט בעצאָה־לען אַ געוויסע סומע געלט פיר די צייט, וואָס זייער קינד איז געווען אין יענער אַנשטאַלט. אָבער אַזוי ווי אויך דיזער מיטעל האָט געבראַכט ווייניג משומדים, האָט די קירכע אָנגעהויבען צאָהלען 100 סקודי (75 דאָלאַר) יע־דען משומד. דערויף האָט זיך שוין געפונען אַ היבשע צאָהל בעלנים. דער צווייטער מיטעל צו שאַפען משומדים איז געווען, דאָס מען האָט יעדען אי־דישען פערברעכער בעפרייט פון זיין שטראָף, ווען ער האָט אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען. גנבים, רויבער, מערדער האָט מען אויפגעכאַפּט מיט אָפענע אָרמס, ווען זיי האָבען אויסגעדריקט זייער וואונש צו ווערען קרים־טען. אַזעלכע אַנטיקען האָט די קירכע אַריינגעכאַפּט אַלס נייע קריסטען.

די קירכע האָט אויך גוט אַכטונג געגעבען, דאָס אין אידישע ספרים זאָלען ניט דערמאָהנט ווערען עטוואָס שלעכטעס געגען קירסטען און קרים־טענטום. זי האָט געשאַפען אַ שטרענגע צענזור, וועלכע פלעגט אַלע 10 אָדער 15 יאָהר רעווידירען אַלע אידישע ביבליאָטהעקען און אויסמעקען די שטעלען, אין וועלכע עס געפינט זיך עטוואָס געגען קריסטענטום. די שטעלען, וואָס די צענזאָרען האָבען ניט געוואָלט ליידען, האָט מען פער־שמירט מיט שוואַרצער פאַרב.

דער פאַפּסט פּיאוס דער 6טער האָט געצייגט צו אידען אַזאַ שנאה, וואָס קיינער ביז איהם האָט עס ניט געטאָן. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַלע אַלטע פערשימעלטע געזעצען, וואָס זיינען ווען עס איז אַרויסגעגעבען גע־וואָרען געגען אידען, און האָט צוגעגעבען פיעלע נייע אום צו ערנידריגען די אידען און טרעטען מיט די פיס זייערע געפיהלען. אַזוי צ. ב. האָט ער פערוועהרט די אידען צו זאָגען הויך תהלים נאָך אַ טויטען, צו אויסקריצען די נעמען פון אַ פערשטאָרבענעם אויף אַ מצבה, פאָהרען איבער'ן שטאָדט, וואוינען אויף אַ פאַרם. פיר ניט אָפּהיטען דיזע און אַנדערע בעשרענקענדע געזעצען איז בעשטימט געוואָרען אַ גרויסע שטראָף, וועלכע די היילינגע אינ־

קוויזיציאָן האָט געהאַט אַלס איהר פּליכט אויפצופּאַסען. דיזע געזעצען זיינען פערעפענטליכט געוואָרען דעם 20טען אַפּריל 1775, און זיינען פּוב־ליצירט געוואָרען אין אַלע שולען, אום אַלע אידען זאָלען זיי וויסען.

ניט בעסער איז געווען דאָס לעבען פון די אידען אין אַנדערע פּראָווינ־צען פון איטאַליען. איבעראַל איז דער האַס צו אידען געווען זעהר גרויס, און פּאָגראָמען זיינען געווען אַ זעהר געוועהנליכע ערשיינונג. אין לאָמבאַרדיע, וואָס איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון דער קאַטאָלישער עסטרייך, און אין זיד־איטאַליען, וועלכע איז געווען אונטער דער קאַטאָלישער שפּאַ־ניען, האָט די קירכע געדריקט און געשטיקט די אידען וויפיעל זי האָט גע־וואָלט, און אין ווענעציאַ און פּאַדואַ האָבען די בירגער און סוחרים פער־פאָלגט די אידען אום פּטור צו ווערען פון זייער קאָנקורענץ. מען האָט פיר זיי געשאַפען אַלע מאָל נייע בעשרענקונגען, און ווען עס איז געווען נעטיג האָט מען אויפגערייצט געגען זיי דעם המון און געמאַכט פּאָגראָמען. דיזע רדיפות האָבען ניט געקענט דערשטיקען דעם אָנהאַנג פון אידען צו וויסענ־שאַפט. אין דער אוניווערזיטעט פון פּאַדואַ האָט זיך געפונען אַ גרויסע צאָהל אידישע סטודענטען, וועלכע האָבען געשטודירט מעדיצין, ניט קוקענ־דיג דערויף, וואָס די אידישע סטודענטען האָבען געמוזט צאָהלען גרויסע סומעס געלט פיר די ערלויבנים צו שטודירען דאָרט, און דאָס אויך נאָך דעם, ווי זיי האָבען געענדיגט, דאָבען זיי געמעגט פּראַקטיצירען נאָר צווי־שען אידען אין דעם געטאָ.

**די מאַראַנאָס אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.** די מאַראַנאָס אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָבען זיך בשום אופן ניט געקענט צוגעוואוינען צום געצענדינסט פון קאַטאָליציזם און האָבען איינגעפלאַנצט אין די הער־צער פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער אַ געפעהרליכען האַס און עקעל צום קריסטענטום; זיי האָבען אימער געזוכט די מעגליכקייט צו ענטלויפען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און בעזעצען זיך אין האָללאַנד, אָדער אין אַן אַנדער לאַנד, וואו זיי האָבען געקענט צוריקקעהרען זיך פריי צום אידישען גלויבען. דאָך האָבען זיך געפונען צווישען זיי פּיעלע, וועלכע האָבען פער־נומען גרויסע שטעלעס אין דער קירכע. די קריסטליכע בעפעלקערונג פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל האָט אימער געקוקט אויף די מאַראַנאָס מיט פער־דאַכט און האָט געהאַט גרויס פערגניגען צו זעהן ווי מען ברענט זיי אויף די אוטאָ־דאָ־פעס (שייטערהויפענס). דיזער פערגניגען איז אַזוי איינגע־וואָרצעלט געוואָרען אין פאָלק, דאָס מען האָט געהאַלטען פיר אַ יום טוב דעם טאָג, ווען מען האָט פערברענט אַ מאַראַנאָ, און מען פלעגט די פער־

ברענונג פון א מאראַנאָ בעשטימען זעהר אָפט פיר א געבורטס־טאָג פון א קעניג אָדער פון אַן אַנדער מיטגליד פון דער קעניגליכער פאַמיליע. זעהר אָפט פלעגט דער צוועק פון פערברענען א מאראַנאָ זיין די קאָנפיסקירונג פון זיין פערמעגען, וועלכעס פלעגט צוגענומען ווערען פיר די קירכע און דעם קעניג.

דער האַלב־משוגע׳נער שפּאַנישער קעניג קאַרל דער 2טער האָט גע־פייערט זיין חתונה מיט דער פראַנצויזישער פּרינצעסין מאַריאַ לואיזע מיט אַן אונגעהייערען אוטאָ־דאַ־פע. א גאַנצען מאָנאַט האָט מען געבויט פּלאַט־פאָרמעס און אַמפיטהעאַטערן פיר צושויער פון פאָלק, וועלכעס איז איינ־געלאַדען געוואָרען צו האָבען פערגניגען פון דעם גרויסען אוטאָ־דאַ־פע. מען האָט געבראַכט 118 מענשען, וואָס זיינען פעראורטיילט געוואָרען פון דער הייליגער אינקוויזיציאָן צום פערברענען, און מען האָט דיזע אונגליק־ליכע אָפּפער געפיהרט מיט גרויס פּאַראַד צו די שייטער־הויפענס. זיי זיי־נען געגאַנגען באָרוועס אין פּאַפּירענע קאַלפּאַקען מיט פיגורען פון שדים, אין ווייסע העמדער, און מיט שוואַרצע ברענענדע ליכט אין זייערע הענט.

ווען די שרעקליכע פּראָצעסיאָן פון די קרבנות איז געקומען צום פּלאַץ, וואו זיי האָבען בעדאַרפט פערברענט ווערען, זיינען שוין דער קעניג, די קע־ניגין און זעהר פיעלע בעאַמטע דאָרטען געוועזען. מען האָט צוגעפיהרט די אונגליקליכע צו די שייטער־הויפענס, וואָס זיינען געוועזען אויפגעשטעלט נע־בען דעם קעניג׳ס לאָזשע. צווישען די קרבנות האָט זיך געפונען א 17־יעה־ריגע מיידעל, זעהר א שענע, מיט סימפּאַטישע אויגען, און זי האָט זיך גע־ווענדעט צו דער קעניגין מיט די ווערטער: „ערבאַרם זיך איבער מיר, גוטע קעניגין, ווי קען איך זיך ענטזאַגען פון א רעליגיאָן, וועלכע איך האָב איינ־געזויגען אין מיר מיט דער מילך פון מיין מוטער?" די קעניגין האָט ארויס־געלאָזען א טרער, אָבער זי האָט באַלד פערשטיקט איהרע געפיהלען. נאָכ־דעם איז צוגעגאַנגען דער גרויס־אינקוויזיטאָר מיט א גרויסען גאָלדענעם צלם אין האַנט און האָט בעשוואָרען דעם קעניג מיט אַלע בעאַמטע צו בלייבען טריי דעם קריסטליכען גלויבען און שטיצען די הייליגע אינקוויזיציאָן. נאָכ־דעם האָט מען צוגעטראָגען דעם קעניג א ברענענדע פאַקעל און מען האָט איהם מכבד געוועזען, אַז ער זאָל דער ערסטער אָנצינדען דעם שייטער־הויפען. די אונגליקליכע קרבנות האָבען מיט אַן אונבעשרייבליכען מוט מיט די ווער־טער „שמע ישראל" אריינגעשפּרונגען אין פייער. פיעלע פון די אָנוועזענדע האָבען בעוואונדערט דעם מוט און די אונערשראָקענהייט פון די מאראַנאָס.

אין פּאָרטוגאַל האָט די אינקוויזיציאָן געבושעוועט נאָך מעהרער און שרעקליכער. עס איז געקומען דערצו, דאָס דער קעניג יאָאַן דער 4טער און זיין נאָכפאָלגער פּעדראָ (דער רעגענט) האָבען בעשלאָסען אין גאַנצען אָפּ־צושאַפען די הייליגע טריבונאַלען. זאָגאַר אַ גרופּע יעזואיטען איז אַרויס מיט אַ שאַרפען פּראָטעסט געגען די רציחות פון דער אינקוויזיציאָן, וועלכע האָט רואינירט דאָס לאַנד. די מאַראַנאָס האָבען געשיקט פון זיך אַ דעלע־גאַט אין רוים, וועלכער האָט אויפגעדעקט פאַר דעם פּאַפּסט דעם גאַנצען שווינדעל פון דער הייליגער אינקוויזיציאָן, וועלכע איז געווען אַ מיטעל צו בערייכערן זיך דורך די קאָנפיסקאַציאָן פון די פערמעגענס פון די רייכע מאַראַנאָס. דער פּאַפּסט האָט אָפּגענומען דאָס רעכט פון די הייליגע טרי־בונאַלען צו משפּט'ן די מאַראַנאָס, און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אָפּ־שיקען די פּראָצעסען אין רוים. דיזע פאָדערונג פון פּאַפּסט האָט שרעקליך אויפגערייצט די קלעריקאַלען אין פּאָרטוגאַל. די אינקוויזיטאָרען האָבען זיך ענטזאַגט צו ערפילען דיזע פאָדערונג. מען האָט איהם פאָרגעשטעלט, דאָס די גאַנצע נאַציאָן און אַלע גייסטליכע זיינען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף איהם פיר זיינע בעציהונגען צום הייליגען טריבונאַל, און ער האָט גע־מוזט נאָכגעבען. די אינקוויזיציאָן האָט ווידער אָנגעהויבען אַרבייטען גרויזאַם אין פּאָרטוגאַל. איבערהויפּט האָט די אינקוויזיציאָן פערפאָלגט רייכע געבילדעטע מאַראַנאָס. פיעלע, וואָס האָבען געקענט, האָבען זיך געראַטעט פון די ציינער פון די אינקוויזיציאָנס־תלינים, אָבער עס איז גע־בליבען גענוג מאַטעריאַל פיר די שייטער־הויפענס. פיעלע פון דיזע אָפּפער האָבען אַרויסגעצייגט ביים פערברענען אַן אונגעוועהנליכען העלדישען מוט, ווי צ. ב. דער פּאָרטוגעזישער פּאָעט און דראַמאַטורג פון יענער צייט אַנ־טאָניאָ יוסף. דיזער האָט באַלד, ווי מען האָט איהם געבראַכט, זיך מודה געווען, דאָס ער האָט די גאַנצע צייט פון זיין לעבען אַלס מאַראַנאָ זיך געהאַלטען פעסט אָן יודענטום, ווייל ער גלויבט מיט דער גאַנצער טיפ־קייט פון זיין נשמה אין משה'ס תורה, און גלויבט ניט, דאָס גאָט האָט זי פערביטען אויף אַ נייע לעהרע. „איהר בעקלאָגט זיך", האָט ער געזאָגט צו די אינקוויזיציאָנס־ריכטער, „אויף די מאַחמעדאַנער, וואָס זיי פערשפּריי־טען זייער גלויבען מיט'ן שווערד; זייט איהר דען בעסער פון זיי? פער־ברייטעט איהר דען ניט אייער קריסטענטום מיט פייער? זייט איהר דען קריסטען? בעהאַנדעלט איהר מענשען מיט ליבע? איהר בעהאַנדעלט דאָך מענשען ערגער ווי רויב־טיערען. איהר בעריהמט זיך מיט דער וואַהרהייט פון אייער גלויבען. אָבער וואָס איז עס פיר אַ וואַהרהייט, וועלכע מוז בע־

וויזען ווערען מיט צוואַנג, שווערד און פייער? איהר האַנדעלט ניט ווי ציוויליזירטע מענשען, נאָר ווי ווילדע און באַרבאַרען. אַזאַ אורטייל וועט אַרויסגעבען וועגען אייך די געשיכטע אין דער צוקונפט".

דער קעניג יאָאַן דער 5טער האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיך צוריקקעהרען צום קריסטענטום, און ער האָט איהם פערשפּראָכען אַלעס צו פערצייהען און געבען אַ גרויסען געהאַלט פיר זיין גאַנצעס לעבען פון זיין אייגענער קאַסע, אָבער ער האָט גאָרניט געענטפערט. מען האָט איהם פאַר דעם פערברענען אָראָפּגעצויגען די הויט מיט די נעגעל פון די פינגער אום צו פערשאַפען איהם גרויסע יסורים, אָבער ער האָט דאָס אַלעס איבערגעטראָגען מיט גרויס געדולד ביז מען האָט דיזען אַלטען 60-יעהריגען מאַראַנאָ פערברענט צווישען פיעלע אַנדערע אָפּפער, און די גרויסע מאַסע צושויער האָט דאָס אַלעס צוגעזעהען מיט פערגניגען און איז געווען איבערצייגט, דאָס מען טוט דאָ אַ גרויסע גוטע טאַט, אַ גאָט-געפעליגע זאַך. די פולע רעדע פון אַנטאָניאָ יוסף האָט מאָנטעסקיע איבערגעגעבען אין זיין בעריהמטען ווערק „דער גייסט פון געזעץ" מיט ליטעראַרישע פערמעהרונגען.

האָללאַנד. דעם גרעסטען טייל פון די אידישע קהלות אין האָללאַנד האָבען געבילדעט די מאַראַנאָס, וואָס זיינען ענטלאָפען פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל צוליב די פערפאָלגונגען פון דער הייליגער אינקוויזיציאָן. אין האָללאַנד האָבען זיי בעקומען פולע פרייהייט צו זיין אידען און די האָללענדישע רעגירונג האָט זיי אָנערקענט אַלס איהרע בירגער. אין 1648 האָט האָללאַנד געשלאָסען מיט שפּאַניען אַ טראַקטאַט, לויט וועלכען די בירגער פון ביידע לענדער האָבען פולעס רעכט צו האַנדלען אין ביידע לענדער. אָבער די שפּאַנישע רעגירונג האָט ניט ערלויבט אידען אָדער געוועזענע מאַראַנאָס צו קומען צוריק אין שפּאַניען און וואוינען דאָרט און האַנדלען אַלס האָללענדישע אונטערטאַנען.

אָבער אויך אין האָללאַנד האָבען אידען אָנפאַנגס ניט געהאַט קיין פולע בירגער-רעכטען. די הערשענדע רעליגיאָן איז געווען דער קאַלוויניזם. די מאַגיסטראַטען האָבען אויך דאָ ניט געוואָלט דערלאָזען די אידען צו גילדעס און צו צעכען, צו ווערען געזעצליכע קויפלייט און בעלי מלאכות. אָבער פון דיזער בעשרענקונג האָבען נאָר געליטען די אָרימע און מיטעלע קלאַס פון די אידען; די גאַנץ רייכע באַנקירען און גרויסע סוחרים האָבען געפיהרט זייערע געשעפטען פריי און זיינען געוואָרען זעהר פּאָפּולער צווישען אַלע אויסלענדישע פעלקער פון יענער צייט. אין דער גרויסער וועסט-אינדישער קאָמפּאַניע האָבען אידישע באַנקירען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע.

ווען די פראנצויזען האבען זיך אריינגעריסען אין האללאנד (1672) האבען אידען בעוויזען גרויסע טרייהייט צו האללאנד און האבען פיעל גע-האלפען צו פערטיידיגען דאס לאנד געגען די פראנצויזען. ווילהעלם דער 3טער פון אראניען (1672—1702) האט פיעל פערטיידיגט די אידען אין האללאנד געגען דער קירכע און געגען די מאגיסטראטען. ווען ווילהעלם איז אוועק נאך לאנדאן (1688) אום צו בעשטייגען דעם ענגלישען טראן, האט איהם דער אידישער באנקיר יצחק לאפעץ געגעבען צוויי מיליאנען גולדען, וועלכע ער האט איהם געבארגט אויף א לאנגע צייט אהן פראָ-צענט. די רייכע ספרדישע אידען האבען אין אלגעמיין געגעבען זעהר פיעל געלט פיר צדקה-זאכען. ווען די פראנצויזישע ארמעע איז געקומען נאהענט צו האללאנד (1648) האט דער באנקיר ד ע - פ י נ ט א געגעבען דער האל-לענדישער רעגירונג א גרויסע סומע געלט צושטייער אויף די מלחמה.

אויסער גרויסע עשירים האט די האללענדישע אידישע קהלה פערמאגט אויך זעהר גרויסע געלעהרטע אין אידישע און אנדערע למודים און ווי-סענשאפטען. אידישע געלעהרטע, ווי ר' מנשה בן ישראל, וועגען וועלכען מיר האבען פריהער דערצעהלט, זיינען געווען ניט ווייניג אין האללאנד. דער גרעסטער און וויכטיגסטער פון זיי איז געווען אין 17טען יאהרהונדערט ברוך שפינאזא. אין די אוניווערזיטעטען פון האללאנד האבען זיך געפונען פיעלע אידישע סטודענטען, וועלכע האבען געשטודירט מעדיצין. יוריס-פרודענץ האבען אידען ניט שטודירט, ווייל מען האט זיי דאמאלס נאך ניט צוגעלאזען צו יורידישער פראקטיק. אויך האט מען זיי דאמאלס נאך ניט צוגעלאזען צו פראפעסאר-שטעלעס. אין אמסטערדאם זיינען גע-ווען אייניגע אידישע בוכדרוקערייען, אין וועלכע עס האבען זיך געדרוקט אידישע ספרים ניט צענזורירט. די אידישע קהלה, אדער דער „מעמד", ווי די ספרדים האבען זי אנגערופען, האט געהאט פולע אויטאנאמיע אין רעליגיאן-זאכען און אין אינערליכער פערוואלטונג.

די ספרדים האבען זיך גערעכענט פיר אריסטאקראטען געגען דער קהלה פון די אשכנזים און האבען זיך מיט זיי ניט געוואלט מתחתן זיין. די ספרדים פלעגען פערהייראטען זייערע קינדער ווען זיי זיינען נאך געווען זעהר יונג, צווישען 12 און 15 יאהר, און פלעגען טאן שדוכים נאר צווישען נאהענטע קרובים אום זייערע רייכטימער זאלען ניט צוברעקעלט ווערען. דאס האט אבער געפיהרט דערצו, דאס זיי זיינען אימער געווארען ווייניגער אין צאהל און שוואכער פיזיש.

אין דער צייט, וואָס די ספרדישע קהלה האָט אָנגעהויבען פאַלען און ווערען שוואַכער, איז די אשכנזישע קהלה געוואַקסען מעהר און מעהר, ווייל עס זיינען אין יענער צייט צוגעקומען זעהר פיעלע עמיגראַנטען פון דייטשלאַנד צוליב די מלחמות, און פון פוילען צוליב די שחיטות פון כמעלניצקי'ן און זיינע קאָזאַקען. די דייטשע און פוילישע אידען האָבען געבראַכט מיט זיך זעהר פיעלע גרויסע רבנים, וועלכע האָבען דאָרט אָנגעהויבען צו שפּילען אַ וויכטיגע ראָלע אין דער קהלה. די בעשעפטיגונג פון די דייטשע אידען אין האָללאַנד איז געווען צום מעהרסטען דימענט־שלייפעריי. די ביידע קהלות, די ספרדישע און די אשכנזישע, האָבען איינע מיט דער אַנדערער קיין געשעפטען ניט געהאַט, און פלעגען זי'ן זעהר אָפט זאַגאַר קריגען צווישען זיך, ווי עס איז געווען דער פאַל וועגען דער בעוועגונג פון דעם פאַלשען משיח שבתי צבי (זעה ווייטער).

דער צוריקקעהר פון אידען אין ענגלאַנד. אין יענער צייט זיינען ענגלאַנד און האָללאַנד געווען די הויפּט־לענדער, וואָס האָבען געהאַט דעם וועלט־האַנדעל דורך'ן ים אין זייערע הענט. זיי זיינען געווען קאָנקורענטען צווישען זיך און יעדע האָט געקוקט מיט קנאה אויף יעדען ערפאָלג פון דער אַנדערער. אידען האָבען ניט געטאָרט וואוינען אין ענגלאַנד זינט דעם יאָהר 1290, ווען זיי זיינען פון דאָרט אַרויסגעטריבען געוואָרען. עס האָט זיך געפונען אין ענגלאַנד אַ היבש ביסעל מאַראַנאָס, וועלכע האָבען דאָרט געלעבט אַלס שפּאַניער, אָבער בסוד האָבען זיי אָפּגעהיט אידישקייט. דיזע מאַראַנאָס האָבען געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט אַלע דאַמאָלס בעוואוסטע לענדער: מיט אינדיען, אַמעריקאַ או. אַנד.

נאָך דער רעוואָלוציאָן אין ענגלאַנד (1699), ווען די רעגירונגס־מאַכט איז אַריבער אין די הענט פון קראָמוועלל, איז די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט און אין דער אַרמעע געווען פון דער פּאַרטיי פון די פּוריטאַנער. די ביבעל מיט איהרע העלדען און מיט די פּאָרויסזאָגונגען פון די נביאים האָט ביי זיי געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. מען האָט אָנגעהויבען צו דענקען, דאָס מען האָט בעגאַנגען אַ גרויסען פערברעכען געגען דעם גאָט־ערוועהלטען פאָלק דערמיט, וואָס מען האָט עס אַרויסגעטריבען פון ענגלאַנד. פיעלע האָבען געהאָפּט, דאָס ווען מען וועט ערלויבען די אידען צוריקצוקעהרען זיך אין ענגלאַנד און מען וועט זיי בעהאַנדלען פריינדליך, וועלען זיי אָננעהמען דאָס קריסטענטום אין דער פּראָטעסטאַנטישער פאָרמע, וועלכע איז ביי זיי ניט אַזוי פערהאַסט ווי דער געצענדינערישער קאַטאָליציזם. עס איז דעריבער אויפגעהויבען געוואָרען וועגען דעם אַ פראַגע אין פּאַרלאַ-

מענט און אין דעם מיליטער־ראַט, אָבער די פערהאַנדלונגען וועגען דעם זיינען אָפּגעלעגט געוואָרען, ווייל עס זיינען געשטאַנען אויף דער רייהע צו פערהאַנדלען פיעלע אַנדערע וויכטיגע פראַגען.

ווען ר׳ מנשה בן ישראל האָט זיך דערוואוסט וועגען דער בעוועגונג אין ענגלאַנד צו גונסטען פון די אידען, האָט ער אָנגעשריבען אַ ווערק מיט׳ן נאָמען „עספעראַנצאַ דע איזראַעל״ (די אידישע האָפנונג). אין דיזען ווערק בעווייזט ער, דאָס די אידען זיינען שוין יעצט צושפּרייט איבער דער גאַנ־צער וועלט, זאָגאַר אין אַמעריקאַ (אַזוי האָט מען דאַמאָלס געגלויבט) געפי־נען זיך די עשרת השבטים, און ווען ענגלאַנד זאָל ערלויבען די אידען צוריק־קעהרען זיך צו איהר, וועט קומען משיח, ווייל דאַמאָלס וועלען די אידען זיין צושפּרייט אין אַלע לענדער, און דאָס וועט זיין דער אָנהויב פון דער גאולה, אויף וועלכע עס האָפען אויך די קריסטען. ר׳ מנשה בן ישראל האָט אָבער אויך גוט פערשטאַנען, דאָס אַזאַ וויכטיגע פראַגע קען ניט געלעזט ווערען נאָר מיט ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען, מען מוז געברויכען פיעל ענערגיע אום דאָס דורכצופיהרען, און ער האָט דעריבער בעשלאָסען אָנצוהויבען אונ־טערהאַנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג. פּלוצלינג האָט אויסגעבראָ־כען אַ מלחמה צווישען ענגלאַנד און האָללאַנד (אָקטאָבער 1651).

אָבער דער קריג איז געווען צו גונסטען פון דעם פּלאַן פון ר׳ מנשה בן ישראל. קראָמוועלל האָט געוואָלט צוציהען צו זיך די אידישע גרויסע סוחרים פון האָללאַנד, אום דערמיט אָפּציהען דעם האַנדעל מיט שפּאַניען און איהרע קאָלאָניעס. די אַגענטען פון קראָמוועלל האָבען אָנגעקניפּט אונ־טערהאַנדלונגען מיט ר׳ מנשה בן ישראל, און מען האָט איהם זאָגאַר געשיקט אַ פּאַספּאָרט פון ענגלאַנד צו דיזען צוועק. אָבער די מלחמה, וועלכע האָט געדויערט צוויי יאָהר (1652—1654), האָט געשטערט זיין רייזע. נאָך דעם, ווי די מלחמה האָט זיך געענדיגט, איז ר׳ מנשה אַוועק נאָך ענגלאַנד און האָט אָנגעגעבען צו קראָמוועלל׳ן אַ ביטשריפט אין נאָמען פון אידישען פאָלק, אין וועלכער ער האָט פערלאַנגט די ערלויבניס פון ענגלאַנד, דאָס די אידען זאָלען זיך דאָרט מעגען בעזעצען, און זאָלען האָבען דאָס רעכט צו האַלטען אָפען זייער גאָטעס־דינסט, צו האַנדלען פריי אין לאַנד און האָבען אַ געוויסע אויטאָנאָמיע אין זייער געמיינדע־פערוואַלטונג. דיזע בקשה האָט קראָמוועלל איבערגעגעבען צו אַ קאָמיטעט פון יוריסטען, סוחרים און טהעאָלאָגען. די יוריסטען האָבען צו דעם מסכים געווען, אָבער די סוחרים און די טהעאָלאָגען זיינען געווען געגען דעם. דאַן האָט קראָמוועלל אָפּ־געשאַפט דעם קאָמיטעט און האָט געלאָזען די זאַך דערווייל אָהן אַ בע־

שלום, אום מען זאָל דאָס גענויער בעטראַכטען, ווייל עס איז פיר דאָס קריס-טענטום זעהר וויכטיג, דאָס די אידען זאָלען זיך בעקעהרען צו איהם. עס איז געוואָרען אַ שטאַרקע אגיטאַציאָן פון די יודען-פיינד, און קראָמוועלל האָט געפונען פיר נעטיג אָפצולעגען די לעזונג פון דיזער פראַגע אויף אַן אונבעשטימטע צייט. דערווייל, פון דעסטוועגען, האָט ער אָנגעהויבען צו געבען די אידען אייניגע קאָנצעסיאָנען, אָבער ניט עפענטליך.

ווען עס האָט אין יאָהר 1656 אויסגעבראָכען אַ קריג צווישען ענגלאַנד און שפּאַניען אין די לאַגע פון די מאַראַנאָס, וואָס האָבען געוואוינט אין לאָנדאָן, געוואָרען זעהר געפעהרליך. אַלס שפּאַנישע בירגער האָט עס גע-האַלטען, אַז מען זאָל זיי אַרויסטרייבען פון לאַנד און קאָנפיסקירען זייער פערמעגען. דאַמאַלס האָבען זיי בעשלאָסען צו ענטדעקען, דאָס זיי זיינען בעהאַלטענע אידען, און האָבען זיך געווענדט ווענען דעם צו קראָמוועלל'ן. דיזער, זאָגט מען, האָט זיי געגעבען אַ מינדליכע ערלויבניס צו פערבלייבען אין ענגלאַנד מיט דער בעדינגונג, אַז זיי זאָלען זיך ניט ערלויבען קיין עפענט-ליכען געטליכען דינסט. ר' מנשה בן ישראל האָט פערשטאַנען, דאָס די הויפּט-אורזאַך, וואָרום מען לאָזט ניט אריין די אידען אין ענגלאַנד, איז דער פאָראורטייל, וואָס מען האָט דאָרט געגען זיי. ער האָט דעריבער אָנגע-שריבען אין דער ענגלישער שפּראַך אַ ווערק, אין וועלכען ער האָט פערטיי-דיגט די אידען געגען אַלע בעשולדיגונגען, וועלכע מען האָט געמאַכט געגען זיי (1656). ער האָט זיך ליידער באַלד איבערצייגט, דאָס מען האָט צו-פיעל פערגרעסערט די סימפּאַטיע פון ענגלישען פאָלק צו די אידען. מיט אַ צובראָכענעם הארצען האָט ער זיך צוריקגעקעהרט נאָך אַמסטערדאַם און איז אויף'ן וועג געשטאָרבען אין מידדלבורג (1657).

דאָך איז זיין מיה ניט געווען אין גאַנצען פערפאַלען. עס איז דאָך געבליבען אין ענגלאַנד אַ קליינע אידישע קהלה, ניט אָפיציעל, אָבער מען האָט זי געלאָזען צורוה. די אידען האָבען זיך פערשאַפט אַ פּריוואַט-שול און אַ בית-עלמין. אין יאָהר 1660, ווען קאַרל דער 2טער איז אַרויף אויף'ן טראָן, איז די לאַגע פון דער אידישער קהלה אין לאָנדאָן געוואָרען פיעל זיכערער. ער האָט געגעבען די אידען מעהר פרייהייט אַלס בעלוי-נונג פיר די פינאַנציעלע הילף, וואָס אייניגע אידישע באַנקירען האָבען איהם געגעבען. די אידען האָבען זיך אויסגעבויט אַ קליינע סינאַגאָגע, אין וועל-כער זיי האָבען געפיהרט אַן עפענטליכען געטליכען דינסט און האָבען ער-וועהלט אַ חכם אָדער אַ רב. דער ערסטער חכם איז געווען ר' יעקב סאַס-פּאָרטאַס, דער פייערדיגער געגנער פון שבתי צבי. אָבער אין ענגלאַנד האָט

זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע בעוועגונג געגען אידען און דאָס פּאָלק האָט גע-פּאָדערט פון קעניג, אַז ער זאָל ניט לאָזען די אידען איינוואָרצלען זיך אין לאַנד, ווייל דערפון וועלען ליידען די קריסטליכע רעליגיאָן און דאָס ענגלישע פּאָלק. די אידען פון זייער זייט האָבען זיך אויך געווענדט צום קעניג מיט אַ ביטע, אַז ער זאָל זיי בעשיצען, ווייל זיי זיינען זיינע טרייע אונטערטאַ-נען. דער קעניג האָט זיי געענטפערט, דאָס ער ועט זיי בעשיצען כל זמן זיי וועלען זיך אויפפיהרען אָרענטליך און וועלען איהם בלייבען טרייע אונ-טערטאַנען (1664). אָבער די ענגלישע רעגירונג איז געבליבען פיינדליך צו די אידען צוליב זייער רעליגיאָן. אין יאָהר 1673 האָט דער פּראָקוראָר אין לאָנדאָן געמאַכט אַ קלאַגע געגען אידען וועגען דעם, וואָס זיי האַלטען אָפּ אָפען זייער געטליכען דינסט, אָבער דער קעניג האָט איהם געהייסען צוריקציהען זיין קלאַגע, און האָט זאָגאַר ערלויבט די אידען אין לאָנדאָן, וואָס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט האַנדעל, צו נאַטוראַליזירען זיך אַלס ענג-לישע בירגער.

אויך דער קעניג יאַקאָב דער 2טער האָט זיך געהאַלטען אָן דיזער פּאָ-ליטיק. אין 1685 האָט מען אַרעסטירט 37 אידישע סוחרים, ווייל לויט די אַלטע געזעצען האָבען אידען אין ענגלאַנד ניט געטאָרט בעשעפטיגען זיך מיט האַנדעל, אָבער דער קעניג האָט אָנגעזאָגט דעם פּראָקוראָר, אַז ער זאָל אויפגעבען דעם פּראָצעס, ווייל ער וויל, דאָס מען זאָל די אידען ניט שטערען אין זייערע געשעפטען צוליב זייער גלויבען כל זמן זיי זיינען טריי דער רעגירונג.

ווילהעלם דער 3טער פון אָראַניען, וואָס איז געוועזען פריהער דער שטאַט-האַלטער פון האָללאַנד, האָט אַזוי ענג פערבונדען אין מסחר לאָנדאָן מיט אַמסטערדאַם, דאָס די אידישע קהלות פון אַמסטערדאַם און לאָנדאָן זיינען געוואָרען ווי איינע, און דער איינפלוס פון די אידישע באַנקירען פון ביידע שטעדט איז געוואָרען זעהר גרויס און וויכטיג אין דיזע ביידע לענדער און אין זייערע קאָלאָניעס אין אַנדערע טיילען פון דער וועלט. אין יאָהר 1740 האָט מען ערלויבט די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין אַמעריקאַנישע ענגלישע קאָלאָניעס 7 יאָהר, צו ווערען אַמעריקאַנישע בירגער.

אין 1753 האָט דאָס אויבערהויז פון פּאַרלאַמענט אָנגענומען אַ ביל, דאָס די אידען, וואָס האָבען געוואוינט אין ענגלאַנד אָדער אירלאַנד 3 יאָהר, זאָלען בעקומען בירגער-רעכט, אָבער זיי זאָלען ניט האָבען קיין רעכט צו שטימען פיר פּאַרלאַמענט-דעפּוטאַטען אָדער פערנעהמען וועלכע עס איז שטעלע אין דער רעגירונג. נאָך אַ הייסער דעבאַטע איז דיזער ביל אָנגע-

נומען געוואָרען אויך אין דעם אונטער־הויז. אָבער דאָס האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקע אַגיטאַציאָן צווישען די קלעריקאַלען אין פאָלק, און דאָס מיניסטעריום איז געווען געצוואונגען דעם ביל צוריקרופען (1754). דיזער אַקט האָט געהאַט אַ דעמאָראַליזירענדע ווירקונג אויף אייניגע רייכע פאַמיליעס פון די ספרדים. האָבענדיג אַ שטאַרקען פערלאַנג אַריינצוטרעטען אין די העכערע קרייזען פון דער ענגלישער געזעלשאַפט אָדער צו ווערען פּאָליטישע מאַכערס האָבען מעהרערע ספרדישע פאַמיליעס בעשלאָסען אָנצונעהמען קריסטענטום. אַזעלכע פאַמיליעס זיינען געווען: דיזראַעלי, ריקאַרדאָ און אַגילאַר. די דייטשע און פוילישע אידען זיינען געווען צופרירען מיט דעם ביסעל פרייהייט, וואָס זיי האָבען געהאַט אין ענגלאַנד אין פערגלייך מיט אַלע אַנדערע לענדער אין אייראָפּאַ, און זיינען פערבליבען אין זייער גלויבען.

**דער צוריקקעהר פון אידען אין פראַנקרייך.** דער צוריקקעהר פון די אידען אין פראַנקרייך איז צוגעגאַנגען פיעל שווערער. נאָך דעם דעקרעט פון 1394 זיינען פערבליבען אַ ביסעל אידען אין מאַרסעיל און אין אַוויניאָן. אין דיזער לעצטער שטאָדט זיינען זיי געווען שטאַרק געדריקט, ווייל זי האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון דער קירכע; אין מאַרסעיל זיינען זיי געווען אַ ביסעל פרייער. אָבער די קריסטליכע קויפלייט מיט די קלעריקאַלען האָבען ניט אויפגעהערט צו בעקלאָגען זיך, דאָס די אידען וואוינען אין מאַרסעיל געגען דעם געזעץ, וועלכעס האָט בעשטימט, אַז זיי זאָלען פערלאָזען דאָס לאַנד. דער בעריהמטער מיניסטער קאָלבערט האָט געגעבען דעם קעניג צו פערשטעהן, דאָס די קלאַגעס געגען אידען זיינען נאָר אַ רעזולטאַט פון קנאה, אָבער אין גרונד ברייגגען די אידען גרויסע נוצען דעם לאַנד און דער רעגירונג. נאָר דאָס געזעץ איז געווען שטאַרקער פון דעם ווילען פון מיניסטער קאָלבערט. אָבער נאָך שטאַרקער איז געווען די האַרטנעקיגקייט פון די גלות־אידען, וועלכע האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום דריקונגען און האָבען געפונען מיטלען צו פערבלייבען אין די ערטער, פון וועלכע דאָס געזעץ האָט זיי געיאָגט.

פון 16טען יאָהרהונדערט אָן האָבען זיך פיעלע מאַראַנאָס פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל אָנגעהויבען בעזעצען אין זיד־פראַנקרייך. דאָרט האָט מען זיי גערופען ניי־קריסטען, און זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו וואוינען און האַנדלען איבעראַל אין לאַנד. אָבער דאָס פאָלק האָט געוואוסט, דאָס זיי זיינען פערמאַסקירטע אידען. מען האָט זיי פיעלע מאָל פער'מסר'ט פאַר דער רעגירונג, אָבער זיי האָבען אימער געוואוסט ווי אויסצודרעהען זיך פון

די בעשולדיגונגען. אָבער אין 17טען יאָהרהונדערט האָבען אין זיד־פראַנק־רייך אָנגעהויבען צו בלאָזען אַנדערע ווינטען, מעהר טאָלעראַנטע. דאָן האָבען די מאַראַנאָס אָנגעהויבען ביסלאַכוויז אראָפּצוואַרפען פון זיך די מאַסקע און זיינען געוואָרען אָפען צוריק אידען. אין מיטען פון 18טען יאָהרהונדערט האָבען די געוועזענע מאַראַנאָס געצעהלט איבער 2,000 אידען און האָבען געהאַט אין באָרדאָ 7 שולען. די בעריהמטע פאַמיליעס צווישען זיי זיינען געווען: פּורטאַדאָ, אַלוואַרעס, אַליוויירא, מענדעס און סאַספּאָרטאַס. אין באָרדאָ האָט זיך באַלד בעזעצט אַ היבשע צאָהל אשכנזים פון עלזאַס און לאָטהרינגען, אָבער די ספרדים האָבען זיי ניט ליב געהאַט און האָבען זיך פון זיי געהאַלטען פון וויטען. די ספרדים האָבען געציינט גרויס טרייהייט און איבערגעבענהייט צו דער רעגירונג, וועלכע האָט דאָס אָנערקענט און הויך געשעצט. אין פּאַריז האָט דאַמאָלס געשפּילט אַ גרויסע ראָלע דער רייכער און געבילדעטער איד יעקב ראָדריגעס פּערייראַ, וועלכער איז געווען אַ פריינד פון רוססאָ, דידעראָ, נעקקער און פון פיעלע אַנדערע פון די גרויסע געלעהרטע ענציקלאָפּעדיסטען אין פראַנקרייך. יעדער איד, וואָס איז געקומען אין פּאַריז און האָט זיך דאָרט געוואָלט בעזעצען, האָט געמוזט ציינען זיינע דאָקומענטען צו ראָדריגעס פּערייראַ, און ווען ער האָט אויף איהם געגעבען זיין הסכמה, האָט איהם די פּאָליציי ערלויבט צו בלייבען אין פּאַריז אויף אימער.

מעהר פון אַלעס האָט געהאָלפען, אַז דער אידישער עלעמענט זאָל אַריינדרינגען אין פראַנקרייך, דער זיג, וואָס פראַנקרייך האָט געהאַט איבער איינינע וויכטיגע דייטשע שטעדט און פּראָווינצען, ווי מעטץ (1567), עלזאַס־לאָטהרינגען (1648) און שטראַססבורג (1681) — שטעדט און פּראָווינצען, וועלכע זיינען געווען געדיכט בעזעצט מיט אידען. אָנפאַנגס האָט לודוויג דער 14טער געוואָלט אַרויסטרייבען די אידען פון די ערטער, וואָס ער האָט אָפּגענומען פון דייטשלאַנד. אָבער אזא גוואַלדטאַט איז אויך דער בעריהמטער דעספּאָט ניט געווען אין שטאַנד אויסצופיהרען, און ער איז געווען געצוואונגען איבערצולאָזען די אידען אויף זייערע ערטער, ער האָט זיי אָבער דערפאַר בעלעסטיגט מיט שווערע שטייערן. אזוי צ. ב. האָט יעדע אידישע פאַמיליע אין מעטץ געמוזט צאָהלען יעהרליכע שטייער 40 ליווערס. ניט אַכטענדיג אויף זייערע שווערע אָפּגאַבען האָבען זיי ניט געהאַט די פרייהייט צו האַנדלען מיט וואָס זיי האָט בעסער געלוינט. מען האָט זיי נאָר ערלויבט צו פערלייהען קליינע סומעס געלט צו בויערן אויף פּראָצענט. די איינציגע געשעפטען, וואָס זיינען געווען אידען ערלויבט,

זיינען געווען די געשעפטען מיט פערד און פיה, זילבער־ווארג און גאָלד־ווארג, אָבער דיזע געשעפטען האָבען געגעבען קליינע פערדינסטען, און דעריבער איז דאמאָלס אין יענע ערטער ניט געווען אונטער די אידען קיין איין גרויסער עושר.

אין יענער צייט האָט געהערשט אין פראנקרייך די אָרימקייט, ווייל די מעהרהייט איז געווען רעכטלאָז. די רעגירונג און דער אַדעל האָבען געדריקט דאָס פאָלק אונערבארמליך. דער איד איז געווען געדריקט פון אַלע זייטען. דער גוטס־בעזיצער האָט פון איהם געשונדען די הויט פיר די ערלויבנים צו וואוינען אין דאָרף, און האָט איהם פון דאָרט ארויסגעטריבען ווען ער האָט געוואָלט. די רעגירונג האָט זיך געמישט אין פאמיליען־לעבען פון די אידען און האָט ערלויבט נאָר אַ געוויסע צאָהל הייראַטען, אום די צאָהל פון זיי זאָל זיך ניט פערגרעסערן, און האָט זיך אויך געמישט אין די קהלה־אַנגעלעגענהייטען. לודוויג דער 14טער האָט איינגעפיהרט אַ סאָרט קאזיאָנע רבנים, וועלכע האָבען געמוזט זיין בעשטעטיגט פון דער רעגירונג.

עס איז זעהר שווער געווען פיר אַ אידען פון דער פּראָווינץ צו בעזעצען זיך אין פאריז. דאָס איז געווען פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען און פּאָרמאַליטעטען. דאָך איז עס געלונגען אייניגע אידען פון דייטשלאַנד, ד. ה. פון עלזאס און לאָטהרינגען, צו בעזעצען זיך אין פאריז און זיי האָבען דאָרט געבילדעט אַ קליינע געמיינדע, וועלכע איז געשטאַנען כמעט אויף דער זעלבער שטופע, ווי די צוויי גרעסערע ספרדישע קהלות.

אין יענער צייט האָט דער בעריהמטער שרייבער וואָלטעיר אויפגעהויבען אין פראנקרייך אַ אידען־פראַגע. ער האָט געהאַט אַ האס צו אַלע אידען צוליב אַ פּראָצעס, וואָס אַ בערלינער איד האָט איהם געמאַכט, אין וועלכען דיזער האָט איהם בעשולדיגט אין מאַכען פאַלשע אונטערשריפטען אויף וועקסלען. וואָלטעיר איז אַרויס מיט שווערע בעשולדיגונגען געגען די אידען פון אַלטערטום, פון דער ביבלישער צייט, און אויך געגען די אידען פון זיין צייט, און האָט געצייגט, דאָס זיי זיינען מענשען־פיינד, בארבארען. דיזע בעשולדיגונגען האָט ער געדרוקט אַלס אַן אַרטיקעל אין זיין „פילאָזאָפישען לעקסיקאָן" (1756). געגען דיזע בעליידיגונגען איז אַרויס אַ אידישער געלעהרטער פון יענער צייט איזאַאַק פינטאָ פון באָרדאָ, וועלכער איז געוואָרען בעוואוסט אין דער געלעהרטער וועלט דורך זיין ווערק „וועגען איבערפלוס". אין 1762 האָט ער פּובליצירט זיינע „קריטישע בעטראַכטונגען" וועגען וואָלטעיר'ס אַרטיקעל. אין דיזען ווערק פערטיידיגט ער די

אידישע נאַציאָן געגען אַלע בעשולדיגונגען, וואָס מען האָט געמאַכט געגען זיי. ער מאַכט אָבער אין דיזען ווערק אַ גרויסען פעהלער מיט דעם, וואָס ער שטעלט פאָר די ספּרדישע אידען פיעל העכער פון די אשכנזישע, און בעהויפּטעט, דאָס די ספרדים זיינען די אידישע אַריסטאָקראַטען, וועלכע ווילען זיך זאָגאַר ניט מתחתן זיין מיט די אשכנזים. אויסער דיזען פעהלער איז דאָס ווערק זעהר גוט און שאַרף געשריבען. „וואָס קען די אונגליקליכע אידישע נאַציאָן ערוואַרטען פון בלינדען פעבעל", זאָגט פּינטאָ, „ווען אַזעלכע בעגאַבטע מענער ווי וואָלטעיר האָבען געגען די אידען אַזעלכע באַרבאַרישע פאָראורטיילען?" פּינטאָ ענדיגט זיין בוך מיט די ווערטער, וועלכע וואָל-טעיר זעלבסט האָט געזאָגט אין איין אָרט פון זיינע ווערק: „זאָלען די קרים-טען אויפהערען פערפאָלגען און פעראַכטען די יעניגע, וועלכע זיינען אַלס מענשען זייערע ברידער, און אַלס אידען — זייערע פאָטערס". די ליטע-ראַטור האָט זיך אָפּגערופען וועגען פּינטאָ'ס ענטפער זעהר וואַרים און איז געוועזען געגען וואָלטעיר'ן. דיזער האָט זעלבסט געשריבען צו פּינטאָ, דאָס זיין מיינונג וועגען אידען איז פאַלש, און דאָס ער האָט געמאַכט אַ טעות צוצושרייבען צו אַ גאַנצען פאָלק די פעהלערן פון אַ יחיד. אויף דער על-טער האָט וואָלטעיר אָנגעשריבען אַן אַרטיקעל, אין וועלכען ער אָנערקענט און בעוואונדערט די קרעפטען פון אידישען כאַראַקטער און גייסט, וועלכער האָט זיך געקענט ערהאַלטען אונטער אַזעלכע אונמענשליכע ליידען און פערפאָלגונגען.

**די שבתי צבי בעוועגונג אין 17טען יאָהרהונדערט.** אין דער פּע-ריאָדע פון 1650 ביז 1750 איז דאָס אידישע פאָלק געוועזען ווי פערשטיינערט. קיין בעוועגונג אין דער קולטור, קיין פעַבעסערונג אין עקאָנאָמישען לעבען. אַ ביסעל לעבען און מוט האָט אַריינגעבראַכט אין פאָלק די משיח-בעוועגונג, וועלכע שבתי צבי האָט אַרויסגערופען; אָבער אַזוי באַלד, ווי דיזע בעוועגונג איז אָפּגעשטאָרבען, האָט דאָס פאָלק געמאַכט אַ גרויסען שריט צוריק און איז אַריינגעפאַלען אין אַ סאָרט הינערפּלעט אונטער דעם דרוק פון מיסטי-ציזם (געהיים-לעהרע) און האָט געשימעלט נאָך מעהר ווי פריהער.

די ערסטע ידיעה וועגען שבתי צבי און זיין בעוועגונג אין סמירנאַ איז אָנגעקומען אין אייראָפּאַ אין הערבסט פון 1665. עס זיינען אָנגעקומען אין האַמבורג בריף פון שבתי צבי'ס סעקרעטער שמואל פּרימאָ און זיין נביא נתן העזתי, און מען האָט זיי געלייענט מיט גרויס שמחה. פיעלע האָבען זיך אָנגעהויבען צוגרייטען אַוועקצופאָהרען אין ארץ ישראל, זיי האָבען פער-קויפט זייערע הייזער און אייגענטום און האָבען געוואַרט אויף'ן שופר של

משיח, אז ער זאָל זיי אויסלעזען פון גלות און צוריקפיהרען זיי אין זייער אַלטע היים.

ווי אין האַמבורג, אַזוי האָט אויך אין אַמסטערדאַם געהערשט אַ שטאַר־קע גייסטיגע אויפרעגונג צווישען די אידען. אַ שטאַרקען אויפרוהר האָט געמאַכט דער בריף פון שבתי צבי'ס נביא נתן העזתי, וועלכען מען האָט געלעזען אין אַלע שולען מיט גרויס שמחה און התלהבות. דער בריף איז געשריבען געוואָרען אין ביבלישען סטיל און כמעט מיט דער שפּראַך פון ישעיהו הנביא און פון תהלים. נתן האָט געשריבען: „כה אמר ה', הנה בא גואלכם, ושבתי צבי שמו, הוא כגבור יצא, וכאיש מלחמות יעיר קנאה, ואני תפלה כי מלך ביפיו תחזינה עיניכם" (גאָט האָט אַזוי געזאָגט, אייער ערלעזער איז שוין געקומען, זיין נאָמען איז שבתי צבי, ווי אַהעלד וועט ער אַרויסטרעטען, ווי אַ געניטער שטרייט־מאַן וועט ער ערוועקען אייפער; איך בעט גאָט, איהר זאָלט זוכה זיין זעהן מיט אייערע אויגען דאָס שענע געזיכט פון דיזען קעניג). איבערהויפּט זיינען געווען בעגייסטערט פון שבתי צבי די ספרדים. זיי האָבען אָפען אין די גאַסען געטאַנצט און האָבען געוואָלט וויזען די קריסטען, דאָס יעצט איז געקומען דער אמת'ער משיח. פיעלע קריסטען האָבען אויך געגלויבט, דאָס עס קומט פאָר אַ גרויסע וויכטיגע ענדערונג אין אידישען לעבען. דערצו האָבען די אייראָפּעאישע קאָנסולען געשריבען פון סמירנאַ צו זייערע רעגירונגען וואָס עס קומט דאָרט פאָר מיט שבתי צבי. אין דעצעמבער 1665 האָט דער געלעהרטער אָלדענבורג גע־שריבען פון לאָנדאָן צו זיין פריינד ברוך שפּינאָזא: „היר גלויבען אַלע, דאָס עס איז געקומען די צייט פיר די אידען, וועלכע זיינען צוזעעט און צו־שפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט זינט 2,000 יאָהר, צוריקצוקעהרען זיך אין זייער אַלטע היים, אין ארץ ישראל. אויב דאָס וועט ווירקליך געלינגען, וועט עס מאַכען אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין דער וועלט.

די בעוועגונג האָט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע אין אָנפאַנג פון 1666, ווען שבתי צבי איז אַריינגעזעצט געוואָרען אין דעם בעריהמטען שלאָס אבידאָס, וועלכער איז געווען בעוואוסט מיט'ן נאָמען „דער שלאָס פון גרויסער מאַכט". די אידען האָבען געגלויבט, דאָס שבתי צבי קאָנקו־רירט יעצט אין מאַכט מיט'ן סולטאַן. אין האַמבורג האָט מען אַלע שבת געזאָגט אין די שולען די תפלה „הנותן תשועה", אין וועלכער מען האָט אויסדריקליך דערמאָהנט דעם נאָמען „שבתי צבי דער מלך המשיח". אין פריהלינג פון 1666 זיינען אַרויסגעפאָהרען פון אַמסטערדאַם די פאָרשטע־הער פון דער געמיינדע, אברהם פעריירא און יצחק נאַאַר, און זיינען אַוועק

נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל, אום פון דאָרט אריינצופאָהרען צוזאַמען מיט שבתי צבי דעם מלך המשיח אין ארץ ישראל. ווען דיזע צוויי פאָרשטעהער זיינען געווען אין איטאַליען האָבען זיי ערהאַלטען אַ בריף, וועלכער איז אַדרעסירט געוואָרען צו שבתי צבי'ען, אין וועלכען זיי האָבען אָנגעפרעגט, וואָס זיי זאָלען יעצט טאָן — זאָלען זיי זיך בעוואפנען און קומען צו איהם אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, אָדער זיי זאָלען וואַרטען ביז עס וועט זיין דער גאַנצער קבוץ גליות. אין דעם בריף ווענדען זיי זיך צו איהם אַלס צו אַ קעניג מיט גרויס עהרפורכט. דיזער בריף איז געווען אונטערגעשריבען פון אייניגע רבנים ווי ר' בנימין מוספיא, וועלכער איז אויך געווען אַ דאָקטאָר, און פיעלע אַנדערע בעריהמטע מענער אין אַמסטערדאַם. ר' בנימין איז געווען בעריהמט אַלס פילאָזאָף און פריידענקער און איז געווען אַ פערעהרער פון דעם פילאָזאָף ברוך שפּינאָזא. זיין גלויבען אין שבתי צבי האָט געשאַפען פיעלע אָנהענגער צו דיזער בעוועגונג.

דער איינציגער געגנער פון שבתי צבי'איזם איז געווען דער לאָנדאָנער רב ר' יעקב סאַספּאָרטאַס, וועלכער האָט זיך דאַמאָלס אויפגעהאַלטען אין האַמבורג. ער איז געווען איבערצייגט, דאָס די גאַנצע בעוועגונג איז ניט מעהר ווי אַ שווינדעל אָדער אַ נאַרישע פאַנטאַזיע און אַבערגלויבען. ער האָט געשריבען צו רבנים פיעלע בריף, האָט זיי ערקלערט די נאַרישקייט און די פאַלשקייט פון גאַנצען ענין און האָט זיי געבעטען ערקלערען די אידישע קהלות, וואָס פיר אַ סכנה זיי שטעהט פאָר פון דיזער פערפיהרונג. אָבער דער גרעסטער טייל פון די אַנטוואָרטען, וואָס ער האָט ערהאַלטען, זיינען געווען פול מיט בעגייסטערונג פיר שבתי צבי. אין אָנפאַנג האָט ער מורא געהאַט אַרויסצוטרעטען אָפען אין האַמבורג געגען דער בעוועגונג, וועלכע איז געווען זעהר פּאָפּולער, און ער איז געווען אָנוועזענד ביי אַלע תפלות און רעדעס וועגען שבתי צבי. ער האָט נאָר אייניגע מאָל פאָרזיכטיג געזאָגט, דאָס מען מוז פריהער גענוי וויסען וואָס עס טוט זיך וועגען דעם אין סמירנא און אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, מען מוז וואַרטען און זעהן וואָס עס וועט זיין דער רעזולטאַט פון דיזער בעוועגונג. ער איז כמעט בעליידיגט געוואָרען אין אַ האַמבורגער סינאַגאָגע דערפאַר, וואָס ער האָט פּראָטעסטירט געגען דער אָפּשאַפונג פון דעם תענית תשעה באב, ווייל נאָך דעם גלויבען פון שבתי צבי'ס אָנהענגער איז די גאולה שוין געקומען.

עס האָבען זיך אין אייניגע שטעדט געפונען ווענינע, וואָס האָבען ניט געגלויבט אין שבתי צבי, און צווישען זיי און דער גרויסער מאַסע גלויביגע פלעגען אָפט פאָרקומען קריגערייען און געשלעגען. אין ווענעציא איז פאָר-

געקומען אַ געשלעג אין שול צווישען די גלויביגע און ניט־גלויביגע, און איי-נער אַ ניט־גלויביגער איז שיער דער׳הרג׳עט געוואָרען. ווען דער משיח האָט זיך דערפון דערוואוסט האָט ער אין אַ בריף געדאַנקט די גלויביגע פיר זייער טרייהייט צו איהם.

סאַספּאָרטאַס מיט נאָך איינינע פון זיינע מיטגעזינטע איז אָפען ארויס געגען דער בעוועגונג, ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה אין איירָאָפּאַ, דאָס שבתי צבי האָט זיך גע׳שמד׳ט און האָט אָנגענומען דעם מאַחמעדאַנישען גלויבען (ענדע 1666). אָנפאַנגס האָבען זיינע אָנהענגער די ידיעה ניט געגלויבט און האָבען פאָרטגעזעצט מתפלל צו זיין פיר איהם אין די שולען. אָבער אין ליוואָרנאָ איז פאָרגעקומען צווישען שבתי צבי׳ס אָנהענגער אַ גרויסע שפּאַלטונג. איינינע האָבען ניט געגלויבט די געשיכטע פון זיין שמד, אַנדערע האָבען געגלויבט, דאָס ער איז אַרויף אויף׳ן הימעל; נאָך אַנדערע האָבען דערצעהלט, דאָס דער סולטאַן האָט איהם געגעבען אַ גרויסע אַרמעע צו שטרייטען מיט פּוילען און נעהמען פון זיי ראַכע פיר די שחיטה, וואָס כמעלניצקי האָט אָנגעמאַכט צווישען די אידען (גזירת ת״ח).

אין יאָהר 1668 איז דער פאַלשער נביא נתן העזתי געקומען אין איי-ראָפּאַ מיט׳ן צוועק פאָרטצוזעצען די פּראָפּאַגאַנדע וועגען שבתי צבי, אָבער ער האָט שוין געפונען זעהר וועניגע, וואָס האָבען געגלויבט אין איהם. אין ווענעציאַ האָבען איהם די רבנים געצוואונגען אונטערצושרייבען אַן אַקט, דאָס אַלעס, וואָס ער האָט געזאָגט וועגען דער מרכבה פון נביא יחזקאל און וועגען די משיחות פון שבתי צבי, איז שקר וכזב. ער האָט בערייזט איינינע שטעדט, אָבער איבעראל האָט ער געפונען געגנער און האָט זיך געשראָקען פאַר שלעכטע רעזולטאַטען, און דאָס האָט איהם געצוואונגען אויפצוגעבען די פּראָפּאַגאַנדע. ער איז ענדליך געשטאָרבען אין דער בולגאַרישער שטאָדט סאָפיאַ.

אין דער זעלבער צייט האָט בערייזט איירָאָפּאַ אַן אַנדער נביא פון שבתי צבי׳ס סוויטע, איינער מיט׳ן נאָמען שבתי רפאל, און האָט איבעראל פּראָפּאַגאַנדירט די לעהרע פון שבתי צבי. אין 1667 איז ער אָנגעקומען אין פראַנקפורט, אָבער דאָרט האָט מען איהם דערקענט פיר אַ גרויסען בעל עבירה: אַ נואף און אַ גנב. ער איז ענדליך צוריק אַנטלאָפען נאָך טערקייי, אָבער דאָרט האָט מען שוין אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ שווינדלער און שאַרלאַטאַן.

נאָך דעם טויט פון שבתי צבי (1676) האָט זיך בעוויזען אַן אַנדער פאַנטאַזיאָר מיט׳ן נאָמען מרדכי מוכיח (מרדכי דער שטראָפער)

פון פראג, וועלכער האט בערייזט פערשיידענע לענדער און האט גע'דרש'עט, דאס עס איז געקומען די צייט פון תשובה, וויל משיח'ס צייטען זיינען שוין זעהר נאהענט, דאס שבתי צבי האט אנגענומען דעם איסלאם (מאחמע-דאנישען גלויבען) נאר לפנים, אום ארויסצוכאפען פון די גוים די ניצוצות הקדושים, דאס ער, שבתי צבי, איז נאר געוועזן משיח בן יוסף, בלויז אן אנזאגער, דאס דער אמת'ער משיח (משיח בן דוד) וועט באלד קומען, און דאס ער, מרדכי מוכיח, איז עס דער אמת'ער משיח. אבער ער האט געפונען ווייניג אנהענגער; ער האט געוואנדערט איבער איטאליען, אבער ער האט ניט געהאט קיין ערפאלג. ער איז געשטארבען אין אונגארן.

מיסטישער שבתי צבי'איזם. אין אנהויב פון 18טען יאהרהונדערט האבען זיך די אנהענגער פון שבתי צבי פערוואנדעלט אין א געהיימע סעקטע, וועלכע האט מיט פרינציפען און אידעען פון קבלה פערברייטעט א נייע לעהרע, געגרינדעט אויף דעם פרינציפ פון א דריי-איינינקייט. דיזע דריי, וועלכע זיינען איינס, זיינען: סבה ראשונה, אבא קדישא, שכינה. אונטער „אבא קדישא” האבען זיי פערשטאנען שבתי צבי. איינער פון די גרויסע און וויכטיגע אנהענגער און פערשפרייטער פון דיזער לעהרע איז געוועזן א געוויסער נחמיה חיון, וועלכער האט וועגען דיזער אידעע אנגעשריבען א ווערק אונטער'ן נאמען „מהימנותא דכלה”. ווען ער איז געקומען אין אמסטערדאם האט ער געפונען גרויס שטיצע צו זיינע אידעען אין ספרדישען רב שלמה איילון, וועלכער האט איהם געקענט פון פריהער. אבער דער רב פון די אשכנזים, צבי אשכנזי, וועלכער איז בעוואוסט אונטער'ן נאמען „חכם צבי”, צוזאמען מיט א גרויסען אידישען געלעהרטען פון ארץ ישראל ר' משה חאגיז, האבען אין דעם ספר פון נחמיה חיון געפונען, דאס ער איז געגען די פרינציפען פון אחדות הבורא, און דאס ער פערשפרייט די אידעען פון משיח השקר שבתי צבי, און זיי האבען איהם דעריבער אריינגעלעגט אין חרם. די ספרדישע רבנים האט פערדראסען די געשיכטע און האבען אנגעהויבען צו רודף'ן דעם חכם צבי און ר' יעקב חאגיז, און דיזע האבען געמוזט פערלאזען אמסטערדאם. אבער די גרויסע רבנים פון אנדערע שטעדט האבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון חכם צבי און ר' יעקב חאגיז, און האבען אויך פערפאלגט נחמיה חיון, וועלכער איז געוועזן געצוואונגען צו וואנדערן איבער פערשיידענע לענדער. אין עסטרייך האט ער גע'מסר'ט די אידען, דאס זיי פערפאלגען איהם, וויל ער בעווייזט די ריכטיגקייט פון קריסטליכען פרינציפ פון דריי-איינינקייט. זיין זוהן האט זיך גע'שמד'ט אין רוים און איז

געוואָרען א שפּיאָן און אַ מסור צו דעם אינקוויזיציאָנס־טריבונאַל. און אזוי האָט זיך די בעוועגונג פון משיח השקר שבתי צבי געענדיגט מיט שמד: אין מזרח מיט׳ן איסלאַם, און אין מערב מיט׳ן קריסטענטום.

דער חכם צבי האָט געלאָזען נאָך זיך אַ בעריהמטען זוהן ר׳ יעקב, וועלכער איז געווען אַ קורצע צייט רב אין עמדען. ר׳ יעקב עמדען (אָפּגעקירצט יעב״ץ — יעקב בן צבי, 1697—1776) איז אָבער ניט לאַנג געווען רב, ווייל צוליב זיין קריגערישען כאַראַקטער איז איהם געווען שווער צו האַרמאָנירען מיט מענשען, און ער האָט זיך בעזעצט אין אַלטאָנאַ, וואו ער האָט געפיהרט געשעפטען; איבערהויפּט האָט ער געגרינדעט אַ גרויסען דרוק, אין וועלכען ער האָט געדרוקט זיינע בעריהמטע ספרים. די פערפיהרערישע אידעען און געדאַנקען פון שבתי צבי האָבען נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו פערדרעהען די קעפּ פון פיעלע אידען, און געגען דיזע איז ר׳ יעקב עמדען אַרויס מיט׳ן גאַנצען פייער פון זיין אויפגערייצטער נאַטור. דער הויפּט־אָפּפער פון זיין אייפער איז געווען דער בעריהמטער גאון פון יענער צייט ר׳ יונתן אייבשיץ.

ר׳ יונתן אייבשיץ (1690—1764) איז געווען אין זיין צייט אַ שטערן פון „ערסטען גראַד אין דעם הימעל פון די אידען אין פּראַג און אין גאַנץ בעהמען און מעהרען. צו 21 יאָהר איז ער שוין געווען דער ראש ישיבה אין דער בעריהמטער ישיבה אין פּראַג, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגע-קומען די גרעסטע רבנים פון יענער צייט. ער איז אויך געווען אַ בעריהמ-טער רעדנער און האָט געהאַט פיעלע פערעהרער און פריינד צווישען קריס-טען. ער איז אויך געווען אַ טיכטיגער מקובל, און אין דער יוגענד, ווי מען דערצעהלט, האָט ער שוין געהאַט אומגאַנג מיט אייניגע פון די אָנהענגער פון שבתי צבי׳ס סודות, און דאָס האָט איהם שפּעטער פערשאַפט אַזוי פיעל עגמת נפש און פערפאָלגונגען פון זיינע שונאים. אין 1742 איז אייב-שיץ געוואָרען רב אין מעטץ, וועלכע האָט דאַמאָלס געהערט צו פראַנקרייך. די פּראַגער אידען־פריינד האָבען אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, דאָס ר׳ יונתן צו-זאַמען מיט די בעהמישע אידען זיינען פאַלש צו עסטרייך, און זיינען אי-בערגעבען צו פראַנקרייך, וועלכע האָט דאַמאָלס געפיהרט קריג מיט עסט-רייך. עס האָט געהאַלטען דערביי, דאָס די עסטרייכישע הערשערין מאַריאַ טהערעזיאַ זאָל אַרויסטרייבען אַלע אידען פון בעהמען. מיט 8 יאָהר שפּע-טער (1750) האָט אייבשיץ פערלאָזען מעטץ און האָט זיך בעזעצט אין אַל-טאָנאַ און איז געוואָרען רב הכולל פון די דריי גרויסע פעראייניגטע אידישע קהלות אַלטאָנאַ, האַמבורג און וואַנדסבעק. דאָ האָט ער זיך צוזאַמענגע-

שטויסען מיט דעם פייערדיגען טעמפּעראַמענט פון ר׳ יעקב עמדען און דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען זיינע גרויסע צרות.

אַלס קאַבאַליסט האָט ר׳ יונתן אייבשיץ געגלויבט, דאָס קמיעות קע־נען פערהיטען פון קראַנקהייטען. און דעריבער האָבען זיך צו איהם גע־ווענדעט איינינע קינפּעטאָרינס אין דער צייט פון אַן עפּידעמיע, אַז ער זאָל זיי געבען שמירות (קמיעות), זיי זאָלען ניט אָנגעגריפען ווערען פון דער עפּידעמיע. אונטער דעם איינפלוס פון ר׳ יעקב עמדען האָט איינער אין אַלטאָנאַ געעפענט אַ קמיע און דורך די פערשיידענע קאַבאַליסטישע אַלף־בית׳ן, ווי א״ת ב״ש, תשר״ק או. אנד., האָט עמדען אויסגעלייענט אין די אונפערשטענדליכע ווערטער פון דער קמיע פאָלגענדעס: „איך בע־שווער די שדים אין נאָמען פון גאָט אלהי ישראל און זיין הייליגען משיח שבתי צבי, דאָס זיי זאָלען ניט טאָן קיין בייזעס צו דער פרוי, וואָס טראָגט דיזע קמיע״. דיזע קמיע מיט דיזען פּירוש האָט ר׳ יעקב עמדען געלייענט אין שול בפני כל עם ועדה, און האָט בעשולדיגט ר׳ יונתן׳ען דעם רב הכולל, דאָס ער איז אַ שבתי צבי׳ניק (1751). ר׳ יונתן האָט געשוואָרען אין שול, דאָס ער געהערט ניט צו דיזער כתה, און האָט זיך געווענדעט צו די רבנים, זיינע געוועזענע תלמידים, אַז זיי זאָלען עדות זאָגען, אויב זיי האָבען ווען עס איז געהערט פון איהם אַ רמז, דאָס ער איז נוטה צו דיער פערפלוכטער כתה. דאַמאָלס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע מחלוקה צווישען די צוויי פּאַרטייען, ר׳ יונתן׳ס פּאַרטיי און ר׳ יעקב עמדען׳ס פּאַרטיי.

די פאָרשטעהער פון די דריי אידישע קהלות (אַלטאָנאַ, האַמבורג און וואַנדסבעק) זיינען געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף ר׳ יעקב עמדען דערפאַר, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק בעליידיגט זייער בעליבטען רב ר׳ יונתן אייבשיץ, און ר׳ יעקב עמדען איז געווען געצוואונגען אַוועקצוגעהן פון אַלטאָנאַ און האָט זיך בעזעצט אין אַמסטערדאַם. דאָרט האָט ער גע־דרוקט זיינע ווערק „תורת הקנאות״ און „שפת אמת״, וועלכע בעהאַנדלען די בעוועגונג פון שבתי צבי און שטעלען פאָר ר׳ יונתן אייבשיץ אַלס אַ געפעהרליכען מענשען פיר דאָס יודענטום. מיט דיזע ווערק האָט ר׳ יעקב עמדען ערוואָרבען פיעלע אָנהענגער, וועלכע זיינען געוואָרען שטאַרקע געג־נער פון ר׳ יונתן אייבשיץ. די מחלוקה האָט זיך נאָך מעהר צופלאַקערט. אָבער די גרעסטע און בעריהמטעסטע מענער פון יענער צייט, ווי די רבנים פון ועד ארבע הארצות, האָבען געהאַלטען מיט ר׳ יונתן אייבשיץ. ר׳ יונתן האָט אָנגעשריבען אַ פערטיידיגונג, אָבער דאָס ווערק האָט אַרויסגערופען נייע זלזולים פון דער זייט פון ר׳ יעקב עמדען. דער קריג האָט דערגרייכט

צום האַמבורגער סענאַט. דער פּראָפעסאָר פּאַסטאָר מעגערלין האָט עדות געזאָגט פאַר דער רעגירונג, דאָס אין ר׳ יונתן׳ס ווערק איז צו זעהן, דאָס ער איז נוטה צו דער אמונה אין דריי־איינינגקייט, און דעריבער פערדינט ער די פערטיידיגונג פון דער רעגירונג. דאָס האָט איהם געהאָלפען, דאָס ער איז געבליבען אויף זיין שטעלע אַלס רב ביז דעם סוף פון זיין לעבען (1764). ר׳ יעקב עמדען האָט געלעבט מיט 10 יאָהר מעהר נאָך דעם טויט פון ר׳ יונתן אייבשיץ, אָבער ער האָט אויך נאָך דעם טויט פון אייבשיץ׳ן ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען איהם, בעזונדערס ווען עס האָט זיך דאַמאָלס אין פּוילען ענטוויקעלט די געפעהרליכע סעקטע פראַנקיסטען, וועלכע זיינען געשאַפען געוואָרען פון די משוגע׳נע אידעען פון שבתי צבי׳ס קבלה. ר׳ יעקב עמדען האָט אויסגעפונען, דאָס דיזע אידעען זיינען געגרינדעט אויף איינינגע שטעלען אין זוהר, וועלכע, נאָך זיין מיינונג, זיינען אריינגעשטעלט געוואָרען שפּעטער פון איינינגע בעטריגער, פיינד פון אחדות הבורא. די אַלע אריינגעשמוגעלטע שטעלען זיינען אויסגערעכענט אין זיין ספר „מטפחת ספרים". די מחלוקת צווישען קבלה און נגלה האָט אָפּגעשוואַכט אין דער ליטעראַטור ביידע קרעפטען, און האָט געמאַכט אַ וועג צו דער השכלה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען פערברייטערן פון בערלין דורך מענדעלסאָן און זיינע תלמידים.

ברוך שפּינאָזאַ. אין דער צייט, וואָס אין דער אידישער וועלט איז פּאָרגעקומען דער ביטערער שטרייט צווישען די מיסטיקער און זייערע געגנער, איז ברוך שפּינאָזאַ ארויס מיט זיינע נייע אידעען וועגען גאָט און די הייליגע שריפטען, וועלכע האָבען געמאַכט אַ נייע עפּאָכע אין דער פילאָזאָפיע. די הויפּט־אידעען זיינע האָט ער אויסגעדריקט אין זיין „עטהיק" און „טהעאָלאָגיש־פּאָליטישען טראַקטאַט".

ברוך (בענעדיקט) שפּינאָזאַ איז געבאָרען געוואָרען דעם 24טען נאָוועמבער 1632 אין אַמסטערדאַם. זיין פאָטער מיכאל דע־עספּינאָזאַ איז געוועזען פון די שפּאַנישע אנוסים און איז ענטלאָפען פון שפּאַניען אין אַמסטערדאַם, וואו ער איז באַלד געוואָרען איינער פון די אידישע פּרנסים. ברוך האָט בעקומען אַן אָרטהאָדאָקסישע ערציהונג. ער האָט געענדיגט די אַמסטערדאַמער תלמוד תורה, וועלכע איז בעשטאַנען פון 7 קלאַסען, אונטער דער פיהרונג פון די בעריהמטע לעהרער ר׳ מנשה בן ישראל, ר׳ יצחק אבוהב און ר׳ שאול מאָרטיירא. אין דיזער תלמוד תורה האָט ער גרינדליך ערלערנט תנ"ך און האָט זיך גוט בעקאַנט געמאַכט מיט׳ן תלמוד. נאָך דעם, ווי ער האָט געענדיגט דעם קורס אין דער תלמוד תורה, האָט ער זיך פער-

טיפט אין דער אידישער פילאָזאָפיע פון מיטעלאַלטער. ער האָט גרינדליך שטודירט די ספרים פון רמב"ם, רלב"ג, קרשקש (קרעסקאַס) און אַנדערע, און דיזעס שטודיום האָט פאַר איהם ענטדעקט אַ נייע וועלט פון אידעען וועגען דער גאָטהייט, וועגען עטהיק און וועגען דער וועלט. ער האָט גע־פרובט פערטיפען זיך אויך אין קבלה, אָבער דיזע מיסטישע לעהרע האָט איהם ניט צוגעצויגען. אין דער זעלבער צייט האָט ער גרינדליך ערלערנט די לאַטיינישע שפראַך, וועלכע איז דאַמאָלס געווען די וועלט־שפראַך פיר די געלעהרטע, און איז אויך געוואָרען זיין ליטעראַרישע שפראַך. ער איז געוואָרען בעקאַנט מיט דעם קריסטליכען געלעהרטען פראַנציסקאָ וואַן־דען־ענדען, וועלכער האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט דעם גייסט פון אוי־סערהאַלב דער אידישער וועלט. שפינאָזאַ האָט זיך מיט גרויס אייפער גענומען צו מאַטהעמאַטיק און נאַטור־וויסענשאַפטען, און האָט אָנגעהויבען צו שטודירען מעדיצין. ער האָט זיך אין גאַנצען אָפּגעזאָגט פון דער סכאָ־לאַסטישער פילאָזאָפיע פון מיטעלאַלטער און איז געוואָרען אַ שטאַרקער אָנ־העננגער פון דער פילאָזאָפיע פון דעקאַרט.

שפינאָזאַ האָט אָנערקענט דעם פערשטאַנד אַלס זיין איינציגען וועג־ווייזער און ער האָט קיין זאַך ניט געקענט אָננעהמען פיר אמת, ווען דער שכל האָט עס ניט בעגריפען. ער האָט דעהיבער ניט געגלויבט אין פיעלע אידישע מצוות, אין וועלכע ער האָט ניט געפונען קיין שכל. ער האָט אויך ניט געגלויבט אין תורה מן השמים. אָבער כל זמן זיין פאָטער האָט גע־לעבט האָט ער איהם ניט געוואָלט אָנטאָן עגמת נפש און אַרויסגעהן אָפען געגען די מצוות המעשיות. אויך ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבען פלעגט ער אָפט געהן אין שול און זאָגען נאָך איהם קדיש, הגם ער האָט ווייניג גע־האַלטען דערפון, נאָר אום מען זאָל ניט זאָגען, דאָס ער איז מבזה זיין פאָ־טער, וועלכען ער האָט געהאַלטען טייער. אָבער נאָך דעם יאָהר האָט ער אויפגעהערט צו בעזוכען די אידישע שולען, האָט אָפּגעבראָכען יעדע בע־ציהונג צו אידען און האָט זיך נאָר געפונען אין קריסטליכע קרייזען. ער פלעגט בעזוכען פראָטעסטאַנטישע קירכען און האָט געפונען אַן אינטערעס אין נייעם טעסטאַמענט. זיין אויפפיהרונג האָט שרעקליך אויפגערעגט די אידישע געמיינדע.

די ספרדישע אידישע קהלה האָט איהם איינגעלאַדען צו בית דין און האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל ווייניגסטענס ניט אַרויס אָפען געגען יו־דענטום, פיר וועלכעס זיי, די ספרדים, און זייערע עלטערן האָבען געבראַכט אַזוי פיעל אָפּפער אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, און זיי האָבען איהם אויך

דערפאַר געוואָלט געבען אַ פּענסיאָן זיין גאַנצען לעבען. אָבער שפּינאָזאַ האָט דיזעס ניט געוואָלט אָננעהמען, און מען האָט איהם ענדליך אַריינגע־לעגט אין חרם, אַזוי דאָס קיין איד האָט זיך ניט געטאָרט בעגעגנען מיט איהם, וואוינען מיט איהם אונטער איין דאַך אָדער שטעהן אין זיינע ד' אמות.

הגם שפּינאָזאַ האָט זיך שוין פריהער זעלבסט דערווייטערט פון אידען, דאָך האָט איהם דער חרם זעהר געקרענקט און איבערהויפּט וואָס דער רב מאָרטייראַ האָט געשריבען וועגען איהם צום אַמסטערדאַמער מאַגיסטראַט, דאָס ער לייקענט אין דער עקסיסטענץ פון גאָט, צוליב וואָס ער איז אַרויס־געשיקט געוואָרען פון אַמסטערדאַם און ער האָט זיך געמוזט בעזעצען אין אַן אַנדער אָרט. דערפאַר איז ער זעהר פערביטערט געוואָרען געגען אידען און יודענטום און האָט זיך שפּעטער זעהר שלעכט אָפּגערופען וועגען זיי ביידע.

שפּינאָזאַ האָט ניט לאַנג געוואוינט אויף איין אָרט, נאָר ער האָט די ערטער אָפט געביטען. ענדליך האָט ער זיך בעזעצט אין האאַג און האָט זיך דאָרטען בעשעפטיגט מיט שלייפען גלעזער פיר ברילען, מיקראָסקאָפּען און טעלעסקאָפּען. דאָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו מאַכען זיין חיונה. אָבער דער שטויב פון דעם גלאָז, וואָס ער האָט געשלייפט, האָט פערדאָרבען זיינע לונגען און ער האָט געקראָגען די שווינדזוכט, פון וועלכער ער איז געשטאָרבען. די לעצטע יאָהרען (20 יאָהר פאַר זיין טויט) האָט ער אָנגעשריבען זיינע בעריהמטע פילאָזאָפישע ווערק, וועלכע האָבען איהם געמאַכט אונשטערבליך.

זיין ווערק „דער טהעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט" איז געדרוקט געוואָרען אין יאָהר 1670. דאָס איז אַ שאַרפע קריטיק איבער דער ביבעל. אין דיזען ווערק זוכט ער צו בעווייזען, דאָס די ביבעל איז געשריבען גע־וואָרען פיעל שפּעטער ווי מען גלויבט, און הגם ער גלויבט ניט אין תורה מן השמים, דאָך אָנערקענט ער, דאָס זי איז געשריבען געוואָרען מיט געט־ליכער בעגייסטערונג. דיזעס ווערק האָט אַרויסגערופען אַ גרויסען שטורם צווישען די געלעהרטע טהעאָלאָגען, ווייל עס האָט צושטערט דעם גאַנצען פונדאַמענט פון דער רעליגיאָן. מעהר וויכטיג איז זיין ווערק „די עטהיק" (זיטענלעהרע), לויט וועלכער דער הויפּט צוועק פון מענשען'ס לעבען איז צו ליבען גאָט און מענשען, און אין דעם געפינט דער מענש זיין וואהרעס גליק.

שפּינאָזאַ איז אָנערקענט געוואָרען אין זיין צייט אַלס דער גרעסטער פילאָזאָף פון אַלע צייטען. מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען פון פיעלע זיי־

טען שטיצע און פענסיאָן. מען האָט איהם איינגעלאַדען אָנצונעהמען אַ פּראָפעסאָר-שטעלע אין היידעלבורגער אוניווערזיטעט, אָבער ער האָט קיין זאַך ניט געוואָלט אָננעהמען, און האָט זיך צופרידען געשטעלט מיט זיינע קליינע פערדינסטען, אום ער זאָל קענען אונגעשטערט פאָרטזעצען זיין שטודיום און זיין פילאָזאָפישע פאָרשונג. ער איז געשטאָרבען אין האאג דעם 20טען פעברואַר 1677 אין אַלטער פון 45 יאָהר, פערוואָרפען פון דער אידישער געמיינדע, ווייל ער האָט ניט גענומען קיין אינטערעס אין די ליידען און די האָפנונגען פון דער אידישער נאַציאָן.

נאָך שפּינאָזאַ'ס טויט איז אַ געוועזענער מאַראַנאָ אָרביאָ דע קאַסטראָ אַרויס מיט אַ שאַרפער קריטיק געגען שפּינאָזאַ'ס ווערק, אין וועלכע ער פערוואָרפט די אידישע ביבעל און די רעליגיאָן. דע קאַסטראָ איז געווען אין שפּאַניען אַ פּראָפעסאָר פון מעדיצין און האָט זיך אויך ערנסט בעשעפטיגט מיט פילאָזאָפיע. אָבער זיינער אַ דינער האָט איהם פערמסר'ט פאַר דעם אינקוויזיציאָנס-טריבונאַל, דאָס ער האַלט בסוד אידישקייט, און מען האָט איהם דריי יאָהר געהאַלטען אין אַן איינזאַמען פינסטערן צימערל אין געפענגנים און מען האָט איהם אָנגעטאָן אַלערליי יסורים, אום ער זאָל זיך מודה זיין. ער איז שיער משוגע געוואָרען פון די יסורים, אָבער ענדליך האָט מען איהם בעפרייט, און ער איז באַלד אַוועק נאָך פראַנקרייך, וואו ער איז געוואָרען פּראָפעסאָר פון מעדיצין. אָבער איז איהם געוואָרען נמאס צו טראָגען די מאַסקע פון קריסטענטום, און ער איז אַוועק אין אַמסטערדאַם, און דאָרט איז ער געוואָרען אַ פרייער איד און אַ מיטגליד פון „מעמד" (פערוואַלטונג פון דער ספרדישער קהלה). עס איז קיין וואונדער ניט, דאָס אַזאַ מאַן, וואָס האָט אַזוי פיעל געליטען פיר דאָס יודענטום, זאָל ווערען זיין פערטיידיגער.

די אידעען פון שפּינאָזאַ'ן האָבען אַלע, אידען און קריסטען, בעטראַכט אַלס געגען דעם גלויבען אין אַ גאָטהייט. זיי האָבען אָנגענומען, אַז שפּינאָזאָ האָט געמיינט, דאָס אַלעס, וואָס מיר זעהען אַרום זיך, איז נאָר נאַטור-געזעץ, אָהן אַ פיהרער, משגיח און בעשעפער, און דעריבער האָט מען מיט פערדאַכט געקוקט אויף יעדען, וועלכער האָט געציינט אַ נייגונג צו דיזער אידעע. דער לאָנדאָנער רב ר' דוד ניעטאָ האָט מיט זיינע פילאָזאָפישע דרשות אַרויפגעצויגען אויף זיך אַ חשד, דאָס ער איז אַ שפּינאָזיסט. אָבער דער חכם צבי, צו וועמען די לאָנדאָנער קהלה האָט זיך געווענדט, אַז ער זאָל זאָגען זיין מיינונג וועגען די אידעען פון ניעטאָ, האָט איהם ריינגעוואַשען פון דיזער בעשולדיגונג. ניעטאָ האָט שפּעטער אָנגע-

שריבען אַ ווערק מיט'ן נאָמען „כוזרי חלק שני", אין וועלכען ער פערטיי-דיגט דעם תלמוד געגען די טענות פון די קאראאימעס, און דערמיט האָט ער אין גאנצען אראָפּגעוואָרפען פון זיך יעדען חשד פון אטהעאיזם. שפּע-טער האָט ער געהאָלפען דעם חכם צבי אין זיין שטרייט מיט דעם אגיטאטאָר חיון, דעם פערברייטער פון גלויבען אין שבתי צבי.

אין אלגעמיין זיינען דאמאָלס געווען אין יודענטום צוויי בעוועגונגען: קבלה און פילאָזאָפיע, וועלכע זיינען געווען זעהר פיינדליך איינע צו דער אנדערער. צוויי חברים פון שפּינאָזא'ן, ר' משה זכות און ר' יצחק נאאר, וועלכע האָבען צוזאמען מיט איהם געענדיגט די אמסטער-דאמער תלמוד תורה, זיינען געווען מיט לייב און זעעלע איבערגעגעבען צו קבלה. דער צווייטער איז געפאָהרען אין טערקיי צו זעהן דעם שבתי צבי, און דער ערסטער האָט געפאסט 40 טעג, אום ער זאָל פערגעסען די לאטיי-נישע שפּראך, אויף וועלכער שפּינאָזא האָט געשריבען זיינע אטהעאיסטישע ווערק.

פּאָעטען און היסטאָריקער. די מאראנאָס אין שפּאניען און פּאָר-טוגאל האָבען פיעל געטאָן פיר די אלגעמיינע ענטוויקלונג פון שפּאנישען אָדער פּאָרטוגעזישען פאָלק. איינער פון די זעהר וויכטיגע פּאָעטען אין דער שפּאנישער שפּראך פון יענער צייט איז געווען דער מאראנאָ אנ-טאָניאָ גאָמעץ. ער האָט געהאַט אַ וויכטיגע שטעלע אין דער אר-מעע, און האָט גערעכענט ארויפצואַרבייטען זיך זעהר הויך. אָבער די אינקוויזיציאָן האָט איהם שטארק נאָכגעשפּירט און האָט געזוכט אריינצו-כאפּען איהם אין איהרע נעגעל. איהם איז געלונגען צו רעטען זיך פון טויט און ער איז ענטלאָפען אין אמסטערדאם. דאָרט איז ער צוריק געוואָרען אַ איד און האָט געשריבען אויסגעצייכענטע פּאָעזיע אין דער שפּראך פון דער לאנד, וואָס האָט איהם געזוכט צו פערניכטען. ער האָט אויסער פּאָ-עזיע געשריבען אויך איבער טהעאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און זיטען-לעהרע. פון זיינע פּאָעטישע ווערק איז זעהר מערקווירדיג די דראמאַ „שמשון דער נזיר". ער האָט געשריבען איבער צוואנציג דראמאס, די מעהרסטע פון זיי אויף סיוזשעטען פון שפּאנישען לעבען, אָבער איניגע אויף ביבלישע סיוזשעטען, ווי די אויבענדערמאָהנטע דראמאַ „שמשון דער נזיר" און „די קלוגע אביגיל".

אַ גרויסער העברעאישער פּאָעט אין אָנפאנג 18טען יאָהרהונדערט איז געווען ר' משה חיים לוצאטאָ פון איטאליען. לוצאטאָ איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1707 אין פּאדוא. זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר פון אַ ספרדישער פאמיליע. אין דער יוגענד האָט משה חיים לוצאטאָ

ערנסט שטודירט תנ"ך און תלמוד, נאכדעם האט ער זיך איבערגעגעבען צו שטודירען וועלטליכע וויסענשאפטען. ער האט גוט ערלערנט די לאטיינישע און איטאליענישע ליטעראטורען, די אלטע און נייע. נאך אין זיין פריהער יוגענד האט זיך אין איהם ענטוויקעלט א פאעטישער טאלענט. ער האט געשריבען א גאנצע רייהע שירים אין עכט ביבלישער שפראך, וואס איז אין יענע צייטען געווען א זעלטענהייט. צו 20 יאהר האט ער פערפאסט אן אידילישע דראמא מיט'ן נאמען „מגדל עוז". ער האט אויך אין יענער צייט געשריבען א ווערק מיט'ן טיטעל „לשון למודים", א לעהרבוך פון העב-רעאישען סטיל.

לוצאטא וואלט געקענט ווערען דער גרעסטער אידישער פאעט, ווען ער וואלט פארטגעזעצט זיין טעטיגקייט אין דיזער ריכטונג. ער האט זיך אבער איבערגעגעבען צו שטודירען קבלה. דאס איז געווען אין יענער צייט איינע פון די וויכטיגסטע אידישע למודים. ער האט געשריבען א פירוש אויף'ן „זוהר" לויט דער שיטה פון אר"י, אין דער זעלבער שפראך ווי דער „זוהר" איז געשריבען געווארען, מיט'ן טיטעל „זוהר שני", און ער האט פערזי-כערט, דאס א מלאך פון הימעל, אדער א מגיד פון הימעל, האט עס איהם דיקטירט. ער האט ווירקליך אנגעהויבען צו גלויבען, דאס ער איז בערופען געווארען פון דער השגחה העליונה מיטצוטיילען דער וועלט גרויסע וויכטיגע סודות. ער האט וועגען דעם מיטגעטיילט צו זיינע חברים, וועלכע האבען איהם פערגעטערט. איינער פון זיי, יקותיאל גארדאן, וועלכער איז געקומען פון ליטא צו שטודירען אין פאדוער אוניווערזיטעט מעדיצין, האט עס מיטגעטיילט צו אנדערע. ער האט געשריבען צו זיינע בעקאנטע אין וויען און ווילנא, דאס זיין רבי ר' משה חיים לוצאטא איז א גרויסער מקובל און אליהו הנביא בעווייזט זיך צו איהם און ענטדעקט איהם וויכטיגע סודות, וועלכע ער האט אריינגעבראכט אין זיין בעריהמטען ספר „זוהר שני". דאס איז גראד געווען אין דער צייט, ווען די רבנים האבען זיך געראנגעלט מיט די סעקטעס פון שבתי צבי און מען האט זיי מחרים געווען אין אלע שולען פון פוילען און דייטשלאנד. פון דעם בריף האט זיך דערוואוסט ר' משה חאגיז, וועלכער האט דאמאלס געוואוינט אין אלטאנא און איז געווען פון די גרעסטע געגנער פון די שבתי צבי'ניקעס. ער האט געמאכט א לארם, דאס לוצאטא איז אויך א שבתי צבי'ניק, אדער ער איז נאר א נייער משיח שקר. מען האט אנגעהויבען צו פאדערן, אז מען זאל איהם אריינלעגען אין חרם, אדער צווינגען איהם צו ענטזאגען זיך פון זיינע פלענער. לוצאטא האט געמוזט געבען א שבועה, דאס ער וועט מעהר ניט

פראפאגאנדירען זיינע קבלה=סודות, און וועט מעהר ניט שרייבען קיין ווערק אין קבלה (1730).

אבער לוצאטא האט באלד עובר געווען זיין שבועה. ער האט געשרי-בען א ווערק צו פערטיידיגען די קבלה געגען די אנגריפען פון ר׳ יהודא אריה מוד׳ינה, און האט צוגעגרייט צום דרוקען איינינע אנדערע כתב=יד׳ן וועגען קבלה. די ווענעציאנישע רבנים האבען איהם אריינגעלעגט אין חרם און ער איז געווען געצוואונגען צו פערלאזען איטאליען. ער האט געוואנ-דערט איבער פערשיידענע לענדער ביז ער איז געקומען אין אמסטערדאם. דארטען האט ער געפונען איינינע פערעהרער, וואס האבען געשעצט זיין פאעטישען טאלאנט, און זיי האבען איהם גענומען אונטער זייער שוץ. אין אמסטערדאם האט ער געשריבען זיין בעריהמטעס ווערק „לישרים תהלה", און האט פארטגעזעצט צו שרייבען איבער קבלה. שפעטער איז ער אוועק-געפאהרען אין ארץ ישראל. דארט איז ער געשטארבען פון א מגפה (1747) אין עלטער פון 40 יאהר. ער האט געלאזען פיעלע ווערק איבער קבלה: „פתחי חכמה", „חוקר ומקובל", „מאמר החכמה" און אנדערע. ער האט אויך געשריבען א ווערק איבער עטהיק (זיטען=לעהרע) מיט׳ן טיטעל „מסלת ישרים", וועלכעס איז זעהר פאפולער צווישען אידען, און א נייע מעטאדע ווי צו לערנען תלמוד מיט׳ן טיטעל „דרך תבונות". איינינע געלעהרטע האבען אויסגעפונען, דאס זיין שיטה אין קבלה איז די זעלבע, וואס שפי-נאזא׳ס אין פילאזאפיע.

אין יענער צייט האט א פראנצויזישער פראטעסטאנטישער טהעאלאג באנאזש (Basnage) גענומען אויף זיך די גרויסע מיה צוזאמענצושטעלען א געשיכטע פון אידישען פאלק פון יאזעפוס פלאוויוס׳עס צייטען ביז זיין צייט. ער האט זיך בענוצט מיט אידישע און אלגעמיינע קוועלען און האט צוזא-מענגעשטעלט א געשיכטע פון אידישען פאלק אין 15 בענדער, געדרוקט אין האאג (1716—1726). באנאזש בעהאנדעלט די געשיכטע פון אידישען פאלק מיט גרויס רעספעקט. ער בעוואונדערט די גרויסע לעבענסקראפט פון דיזען פאלק, וועלכעס, „ווי דער סנה, וואס משה האט געזעהען אין דעם מדבר, ברענט און ברענט און ווערט ניט פערברענט". זיין געשיכטע איז געווען זעהר פאפולער אין דער קריסטליכער וועלט. ער האט זיי געעפענט די אויגען אויף דעם אידישען מעכטיגען גייסט, וועלכער האט איבערגע-לעבט זעהר פיעלע אנדערע פעלקער. באנאזש׳עס געשיכטע איז לאנג גע-ווען די איינציגע קוועלע צום שעפען ידיעות וועגען דער אידישער פער-גאנגענהייט, הגם דער מאטעריאל, וואס ער האט געברויכט, איז ניט אימער

גענומען געוואָרען פון זיכערע קוועלען און איז ניט קריטיש בעאַרבייט. ערסט אין 19טען יאָהרהונדערט, ווען די אידען האָבען זיך גענומען צו בע-אַרבייטען קריטיש זייער געשיכטע, איז באַנאַז׳עס געשיכטע אַרויס פון געברויך.

## ג. די עפּאָכע פון מענדעלסאָן (1750—1789).

**די מחלוקה** צווישען די רבנים און מקובלים אין 18טען יאָהרהונדערט האָט פיעל אָפּגעשוואַכט די אויטאָריטעט פון ביידען. איבערהויפּט איז דער גייסט פון קבלה פיעל אָפּגעשוואַכט געוואָרען צוליב דער בעוועגונג פון שבתי צבי. מען האָט אָנגעהויבען פיהלען אַ נויטווענדיגקייט צו ענדערן דאָס גאַנצע סיסטעם פון ערציהונג און פון לערנען. פון פראַנקרייך האָט אָנגעהויבען בלאָזען אַ נייער ווינט פון פרייהייט און הומאַניטעט; דיזער ווינט האָט אויך אין דייטשלאַנד געשאַפען אַן אַנדער גייסט. אין בערלין איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייער צענטער פון ליטעראַטור. די הויפּט-פיגו-רען פון דיזען צענטער זיינען געווען לעססינג מיט זיינע מיטהעלפער. דיזע פרייע ווינטען האָבען אויך אָנגעהויבען אַריינבלאָזען אין די אידישע גע-מיינדעס פון בערלין. אין יאָהר 1743 איז אָנגעקומען אין בערלין פון אַ קליינער שטאָדט דעססאַו אַ אידישער אינגעל, וועלכער איז שפּעטער גע-וואָרען דער גרינדער פון דער אידישער נייער בעלעבונג (השכלה). מיט 10 יאָהר שפּעטער איז ער אַריינגעטראָטען אין דעם פעאיין פון לעססינג און האָט מיטגעאַרבייט פיר די גייסטיגע רעפאָרמע אין דייטשלאַנד.

משה מענדעלסאָן איז געבאָרען געוואָרען דעם 6טען סעפּ-טעמבער 1729 אין דער שטאָדט דעססאַו. זיין פאָטער איז געווען אַ סופר און האָט געלעבט זעהר אָרים. זיין פאָטער זעלבסט האָט מיט איהם גע-לערנט תנ״ך און העברעאיש; תלמוד האָט משה געלערנט ביים רב ר׳ דוד פרענקעל, וועלכער האָט געשריבען דעם פירוש „קרבן עדה״ אויף דעם תלמוד ירושלמי. מענדעלסאָן איז געווען אַ זעהר פלייסיגער תלמיד, און ווען זיין רבי פרענקעל איז אַוועק אויף אַ רבנות-שטעלע נאָך בערלין איז ער אויך אַוועק אַהין. ער איז דאַמאָלס אַלט געווען 14 יאָהר (1743). אין בערלין האָט ער געליטען נויט, אָבער דאָס האָט איהם ניט געשטערט צו בעשעפטיגען זיך מיט לערנען. דאַמאָלס איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט׳ן „מורה נבוכים״ פון רמב״ם און האָט זיך מיט ליב און זעלע אַריינגע-וואָרפען אין דעם שטודיום פון פילאָזאָפיע. ער פלעגט פערברייננגען גאַנצע נעכט אין לערנען און דערפון איז ער געוואָרען האַרבאַטע. ער האָט אין

דער שטיל אויף ערלערנט די ליטעראַרישע דייטשע שפּראַך; ער האָט עס געמוזט טאָן בסוד, ווייל אין יענער צייט האָט מען עס גערעכענט צווישען די אידען פיר אַ גרויסען חטא. צופעליגערווייז האָט ער זיך בעקאַנט גע-מאַכט אין בערלין מיט אַ פּוילישען אידען ר' ישראל זאַמאָשץ (געשט. 1772), וועלכער האָט געליטען שטאַרקע פערפאָלגונגען פון די אידען אין פּוילען פיר זיין נייגונג צו פילאָזאָפיע און רעאַלע וועלט-וויסענשאַפטען. דיזער זאַמאָשץ האָט בעקאַנט געמאַכט מענדעלסאָן'ען מיט אַלגעבראַ און געאָמעטריע. פון דאָקטאָר אברהם קיש פון פּראַג האָט ער ערלערנט די לאַטיינישע שפּראַך און איז געווען אין שטאַנד צו לעזען לאָקקע'ס ווערק „וועגען מענשליכען פערשטאַנד", וועלכעס איז געווען געשריבען אין לאַ-טייניש. אַ יונגער דאָקטאָר, אהרן גאָמפּערץ, האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט די נייע שפּראַכען און זייערע ליטעראַטורען. זיינע פיעלע קענטניסען האָבען איהם פערשאַפט אַ נאָמען און פּאָפּולאַריטעט, און דאָס האָט איהם פערשאַפט אַ שטעלע פון אַ הויז-לעהרער ביים רייכען אידען בערנאַרד, אַ זייד-פאַבריקאַנט אין בערלין (1750). אין דיזער לאַגע האָט ער געהאַט די מעגליכקייט איבערצוגעבען זיך צו ערנסטען שטודיום. און עס האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט די ווערק פון די גרויסע אַלטע גריכישע פילאָזאָפען אריסטאָטעל און פּלאַטאָ, וועלכע ער האָט געלעזען אין אָריגינאַל; ער האָט שטודירט די ווערק פון די נייערע פילאָזאָפען: שפּינאָזאַ, לייבניטץ, וואָלף און אַנדערע. מיט איינינע יאָהר שפּעטער איז מענדעלסאָן געוואָרען בוכהאַלטער אין בערנאַרד'ס געשעפט, און נאָך שפּעטער איז ער געוואָרען אַ שותף אין דעם גרויסען געשעפט פון זיין פּרינציפּאַל.

אָבער אַן ערנסטע ווענדונג אין זיין לעבען האָט איהם פערשאַפט דער בעריהמטער דייטשער שריפטשטעלער לעססינג, מיט וועלכען זיין פריינד דר. גאָמפּערץ האָט איהם בעקאַנט געמאַכט (1754). לעססינג האָט שוין פריהער געשריבען אַ דראַמאַ „די יודען" (1749), אין וועלכער ער האָט פאָר-געשטעלט אַ טיפּ פון אַ אידען מיט אַ ריינעם אָרענטליכען כאַראַקטער, און דערמיט בעוויזען דער דאַמאָלסדיגער וועלט, דאָס זיי קענען ניט די אידען און בעשולדיגען זיי אומזיסט; דיזען טיפּ האָט ער ווירקליך געפונען אין מענדעלסאָן'ען. צווישען דיזע צוויי נויגע מענשען איז געוואָרען אַן ענגע פריינדשאַפט, וועלכע האָט זעהר גוט געווירקט אויף ביידען. לעססינג האָט זעהר פיעל געטאָן אום צו פערשאַפען מענדעלסאָן'ען אַ נאָמען אין דער ליטעראַרישער וועלט. ווען מענדעלסאָן האָט איבערגעגעבען לעס-

סינג׳ן זיין ווערק „פילאָזאָפישע געשפּרעכען״, האָט עס לעססינג אָפּגע־דרוקט (1755) ניט זאָגענדיג איהם פריהער, און האָט איהם דערמיט אריינגעפיהרט אין דער וועלט אַלס שרייבער. דאָס ווערק איז זעהר געפעלען געוואָרען דעם לעזענדען פובליקום מיט זיין עלעגאַנטער דייטשער שפּראַך און מיט זיין קלאָרער פערשטענדליכער ערקלערונג פון לייבניטץ׳עס פילאָזאָפיע. באַלד נאָכדעם איז ערשינען זיין ווערק „בריעפע איבער פיהלונגען״, דאָס איז געווען אַן אָפּהאַנדלונג איבער פּסיכאָלאָגיע און עסטהעטיק. דיזעס ווערק איז מיט אייניגע יאָהר שפּעטער איבערזעצט געוואָרען אין פראַנצויזיש. מיט אייניגע יאָהר שפּעטער האָט ער געקראָגען אַ פּרייז פיר דאָס ווערק „איבער די עווידענץ דער מעטאַפיזישען וויסענשאַפטען״. דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף די פראַגע, וואָס די בערלינער אַקאַדעמיע פון וויסענשאַפט האָט אויפגעגעבען. אויך דער בעוואוסטער פילאָזאָף קאַנט האָט צוגעשטעלט אַן ענטפער אויף דיזע פראַגע, אָבער דעם פּרייז האָט געוואונען מענדעלסאָן (1763). אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז ארויס זיין בעריהמטעס ווערק „פּ אָ ד אָ ן, אָדער וועגען דער אונשטערבליכקייט דער זעעלע״. דיזעס ווערק איז ערשינען אין דער פאָרמע פון אַ געשפּרעך צווישען צוויי פּערזאָנען, צווישען דעם גריכישען פילאָזאָף סאָקראַטעס און זיין תלמיד פּאָדאָן. אין דיזען געשפּרעך געפינען זיך אַלע בעווייזען וועגען דער אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע, וועלכע זיינען געווען בעוואוסט אין יענער צייט. אין דיזען ווערק בעווייזט ער, דאָס די זעעלע פון מענשען, וועלכע איז אַ קאָמבינאַציאָן פון אידעען און געפיהלען, קען ניט אונטערגעהן צוזאַמען מיט איהר פיזישען מאַנטעל, מיט דעם קערפּער. דיזעס ווערק האָט איהם געמאַכט זעהר פּאָפּולער אין דער דייטשער ליטעראַטור מיט זיין אונגעוועהנליך אינטערעסאַנטען אינהאַלט, מיט זיין אָנציהענדער אַרט ערקלערונג, וועלכע האָט געווירקט ניט נאָר אויף דעם פערשטאַנד פון די לעזער נאָר אויך אויף זייערע הערצער, אויף זייערע געפיהלען. דאָס בוך „פּאָדאָן״ איז געלעזען געוואָרען פון אַלע קלאַסען פון דער דייטשער געזעלשאַפט, און איז געוואָרען איבערזעצט אויף פיעלע שפּראַכען. מען האָט דיזעס ווערק איבעראַל געלויבט, און מען האָט געשטעלט מענדעלסאָן׳ען אין דער רייהע פון די בעסטע דייטשע ליטעראַטען. מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „דער דייטשער סאָקראַטעס״.

צוזאַמען מיט לעססינג׳ן האָט מענדעלסאָן געשריבען קריטישע אַרטיקלען אין דעם זשורנאַל, וואָס איז דאַמאָלס ארויסגעגעבען געוואָרען פון זייער פריינד ניקאָלאַס. דיזער זשורנאַל איז באַלד פערוועהרט געוואָרען

פון דער רעגירונג צו ערשיינען צוליב דעם, וואָס מענדעלסאָן האָט זיך ערלויבט צו קריטיקירען פערזען, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען פון דייטשען קעניג פריעדריך דעם 2טען (1760).

דער נאָמען מענדעלסאָן איז געווען זעהר פּאָפּולער צווישען די גרעסטע ליטעראַטען אין דייטשלאַנד אין יענער צייט. מענדעלסאָן'ס הויז איז געוואָרען אַ צענטער, אַ פערזאַמלונגס־פּלאַץ, פיר די גרעסטע ליטעראַטען פון בערלין. אָבער ניט אַכטענדיג דערויף איז מענדעלסאָן'ען אָנגעקומען זעהר שווער צו קריגען אַן ערלויבנים פון קעניג צו וואוינען פריי אין בערלין. ער האָט עס ענדליך בעקומען מיט דער הילף פון דעם פראַנצויזישען מאַרקיז ד'אַרזשאַן. אָבער ווען די אַקאַדעמיע פון די וויסענשאַפטען אין בערלין האָט איהם געוואָלט אריינגעהמען אַלס מיטגליד האָט עס פריעדריך דער 2טער צוריקגעוויזען, ווייל ער איז אַ איד. זיין אידישקייט איז געווען אַ חטא ניט נאָר אין קעניגליכען הויף, נאָר אויך ביי גאַסען־יונגען, וועלכע פלעגען וואַרפען מיט שטיינער אויף איהם און זיין פרוי און קינדער ווען זיי פלעגען געהן אין גאַס. אָבער ניט אַכטענדיג דערויף איז ער געבליבען אַ טרייער זוהן צו זיין פאָלק און צו זיין רעליגיאָן, און האָט שטאַרק געליבט די העברעאישע שפראַך און איהר אַלטע און נייע ליטעראַטור.

מענדעלסאָן'ס אַרבייט אין העברעאיש. די גאַנצע צייט פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט קען ווערען איינגעטיילט אין צוויי פעריאָדען: 1) פון 1755 ביז 1769, און 2) פון 1769 ביז 1786. אין דער צייט פון דער ערסטער פעריאָדע האָט ער זיך געפונען מעהרסטענס אין קריסטליכער געזעלשאַפט, און האָט געשריבען איבער פילאָזאָפיע, עסטהעטיק, און אין דער צייט פון דער צווייטער פעריאָדע האָט ער בעהאַנדעלט הויכע פראַגען אין יודענטום, האָט זיך געגעבען פיעל מיה צו פערברייטען בילדונג צווישען די אידען און האָט געבילדעט אַרום זיך אַ געזעלשאַפט פון אידישע געלעהרטע און תלמידים. די צווייטע טעטיגקייט האָט זיך אָנגעהויבען צוליב פאַלגענדען צופאַל. דורך לעססינג'ן האָט זיך מענדעלסאָן בעקאַנט געמאַכט מיט אַ פאָרשער פון „פיזיאָגנאָמיע", ד. ה. די לעהרע פון ערקענען די אייגענשאַפטען פון דער נשמה פון אַ מענשען דורך זיינע געזיכטס־ציגען. דיזער געלעהרטער איז געווען דער בעריהמטער גייסטליכער לאַפאַטער פון שווייצאַריען. לאַפאַטער האָט אויסגעפונען, דאָס אין מענדעלסאָן'ען זיצט אַ נשמה עהנליך צו דער נשמה פון אַלטען גריכישען פילאָזאָף סאָקראַטעס. לאַפאַטער'ן האָט זיך שטאַרק געוואָלט, אַז דיזע גרויסע נשמה זאָל איבערגעהן צום קריסטענטום. אין יאָהר 1769 האָט לאַפאַטער איבערגעזעצט

אין דער דייטשער שפראך א בוך פון דעם שווייצארישען פראפעסאר באנ-
געט, אין וועלכען ער בעווייזט די וואהרהייט פון קריסטענטום. די איבער-
זעצונג האט ער געווידמעט צו מענדעלסאן׳ען, און האט דארט פון איהם
געפאדערט, אז ער זאל טאן איינס פון די צוויי, אדער ער זאל בעווייזען די
ניט-ריכטיגקייט פון די בעווייזען, אדער טאן וואס סאקראטעס וואלט גע-
טאן — אנערקענען דאס קריסטענטום און בעקעהרען זיך צו דיזען גלויבען.



משה מענדעלסאן.

מענדעלסאן איז געווען צוליב דיזער אויפפאדערונג אין א גרויסער פער-
לעגענהייט. אפען ארויס געגען קריסטענטום האט ער ניט געוואלט, ער האט
אבער געמוזט ענטפערן לאפאטער׳ן. אין זיין ענטפער האט מענדעלסאן
געמוזט זיין זעהר פארזיכטיג ניט צו בעליידיגען דאס קריסטענטום און ניט
אנמאכען זיך קיין שונאים און פערפאלגונגען. דאך איז דער ענטפער ארויס

פון זיין פעדער מיט גרויס געפיהל און מיט פולער ווירדע צום אידישען גלויבען. אין זיין ענטפער האָט ער ניט אָנגעגעבען לאַפאַטער'ן די אורזאַך, ווארום ער וויל ניט בייטען דאָס יודענטום אויף קריסטענטום; אָבער שפּע-טער אין זיין בעריהמטען ווערק „יערוזאַלעם" האָט ער געענטפערט אַן אַנ-דערען, וואָס האָט איהם פאָרגעלעגט צו בעקעהרען זיך צום קריסטענטום: „איהר זאָגט, דאָס מיין גלויבען שטעהט אויף אַ שוואַכען פונדאַמענט און האַלט ביים פאַלען. אָבער וואָס וועל איך געווינען מיט'ן בייטען? עס איז אַלעמען גוט בעוואוסט, אַז דאָס קריסטענטום איז געגרינדעט אויף'ן יודענ-טום. ווען דער אונטערסטער עטאַזש פאַלט מוז דאָך אויך דער אויבערסטער פאַלען צוזאַמען מיט איהם". דיזער צופאַל האָט בעוויזען מענדעלסאָן'ען, דאָס ער מוז זיך יעצט נעהמען צו ערקלערען דער וועלט דאָס וואַהרע יודענ-טום, וועגען וועלכען די קריסטליכע געזעלשאַפט פון יענער צייט האָט גע-האַט אַ זעהר פאַלשען בעגריף. צוזאַמען מיט דעם האָט ער געפונען פיר נעטיג צו פערשפּרייטען בילדונג צווישען די אידען. צו דיזען צוועק האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ נייע איבערזעצונג פון תנ"ך אויף אַ ריינער דייטשער שפּראַך און אַ נייעם פירוש לויט די גרויסע אידישע מפרשים פון מיטעלאַלטער. דיזער פירוש איז בעקאַנט אַלס „דער ביאור". אין צוזאַ-מענשטעלען דעם „ביאור" האָבען אָנטייל גענומען דער גרויסער אידישער געלעהרטער ר' שלמה דובנא, אַ פּוילישער איד; ר' נפתלי הירץ וויזעל, הערץ האָמבערג און אהרן יאַ-ראָסלאוו. אין יאָהר 1778 איז ערשינען די ערסטע פּראָבע פון דיזער אונטערנעהמונג, און אין 1783 איז געענדיגט געוואָרען די תורה (5 חומשים) מיט דער נייער איבערזעצונג און נייעם פירוש (ביאור).

עס איז שווער פאָרצושטעלען זיך דעם שטורם, וואָס דיזע אויסגאַבע פון די חומשים מיט'ן ביאור האָט אָנגעמאַכט אין דער אידישער וועלט. די ליבהאָבער פון בילדונג האָבען געלעגט אויף דיזער אויסגאַבע גרויסע האָפ-האָפנונג: זי וועט געבען דעם וואַהרען זין פון דעם ביבלישען טעקסט, וועט איינפיהרען אַ שענע, עסטהעטישע העברעאישע שפּראַך, און וועט אָפּשאַפען דעם זשאַרגאָן און וועט איינגעוועהנען די אידען צו בענוצען זיך מיט אַ ריינער דייטשער שפּראַך. פון אַלע עקען פון דער וועלט האָבען אָנגעהוי-בען אָנקומען בעשטעלונגען פיר דיזע חומשים, זאָגאַר הויכע קריסטליכע בעאַמטע האָבען געפאָדערט דיזע חומשים. אָבער אין דעם לאַגער פון די אָרטהאָדאָקסישע אידען איז מען אַרויס מיט פּראָטעסטען. זיי האָבען אין דעם געזעהען אַ גרויסען שאָדען פיר דאָס יודענטום. די גרויסע רבנים

פון יענער צייט: ר׳ פינחס הורוויץ, דער בעל „הפלאה״, ר׳ רפאל כהן האמבורגער, ר׳ יחזקאל לאנדא פון פראג און ר׳ הירש חריף פון פאזען האבען מזהיר געווען דעם אידישען פאלק, אז זיי זאלען זיך ניט בענוצען מיט מענדעלסאן׳ס איבער-זעצונג און ביאור, און האבען געדראהעט, דאס ווער עס וועט ניט פאלגען וועט ארייגעלעגט ווערען אין חרם. אבער די אלע פראטעסטען האבען ניט אפגעהאלטען די אידישע יוגענד צו שטודירען די ביבעל מיט דער הילף פון דיזער אויסגאבע און זי האט ווירקליך געהאט א גרויסע ווירקונג אויף די אידישע יוגענד פון יענער צייט און שפעטערע צייטען.

אין דער זעלבער צייט האט מענדעלסאן געהאט פיעל צו טאן צו צייגען דער וועלט, ד. ה. די קריסטען, דאס זיי ווייסען ניט און פערשטעהען ניט דאס אידישע פאלק און די אידישע רעליגיאן, און דעריבער פערפאלגען זיי און פעראכטען די אידען מיט זייער אמונה. אבער פון דער נאטור איז ער געווען א זעהר רוהיגער מענש און האט ניט געקענט פיהרען וועלכען עס איז שטרייט. און דעריבער, ווען די עלזאסער אידען האבען זיך געווענדט צו איהם מיט א ביטע, אז ער זאל עפעס טאן פיר זיי אום צו פערבעסערן זייער שווערע לאגע, האט ער עס ארויפגעלעגט אויף זיין קריסטליכען פריינד, א ליבעראלער פרייסישער בעאמטער און א גוטער זשורנאליסט מיט׳ן נאמען דאהם, און דיזער האט פערפאסט א בוך וועגען דער פערבעסערונג פון דער אידישער מאטעריאלער לאגע אלס בירגער. דיזעס בוך האט ארויסגערופען א גרויסע בעוועגונג אין דער ליטעראטור. אבער ווי געוועהנליך אין אזעלכע צופעלען האט עס שטארק אויפגערייצט די אידען-פיינד און עס איז געווארען א גרויסער שטורם אין דייטשלאנד. דאמאלס האט מענדעלסאן געבעטען זיין תלמיד דאקטאר מארקוס הערץ, אז ער זאל איבערזעצען פון ענגליש דאס ווערק פון ר׳ מנשה בן ישראל, וועלכעס ער האט געשריבען אום צו שאפען א גוטע מיינונג וועגען די אידען אין ענגלישען פאלק. צו דיזער איבערזעצונג האט ער געשריבען א גרויסע פאררעדע. דיזעם ווערק הייסט אין דער דייטשער שפראך „רעטטונג דער יודען״ (בערלין, 1782). אין זיין פאררעדע ווייזט מענדעלסאן אויף, דאס געוויסען-פרייהייט איז דער הויפט-פרינציפ פון יודענטום, און ווען די פעלקער וועלען זיין דורכגעדרונגען מיט דיזען פרינציפ מוז קומען די עמאנציפאציאן פון אידישען פאלק. ער בעווייזט אויך די פאלשקייט פון דער בעשולדיגונג, דאס די אידען ברייננען ניט קיין נוצען מיט זייער ארבייט, ווייל זיי שאפען גארניט, נאר זיי זיינען פערמיטלער צווישען דעם וואס שאפט, דער בויער,

און צווישען דעם וואָס פערברויכט עס. ער האָט אָבער בעוויזען, דאָס יעדע ארבייט בריינגט נוצען, און אויך דער פערמיטלער, וואָס בריינגט די פּראָדוקטען צום געברויכער, אום ער זאָל פערשפּאָרען אַליין געהן צום בויער, איז אַ ניצליכער מענש. די הויפּט־שטערונג פיר אידען צו האָבען גלייכע רעכטען איז די רעליגיאָן. אָבער ווי באַלד די קריסטליכע געזעלשאַפט וועט זיך ערהויבען צו דער שטופע פון טאָלעראַנץ, וועלען די אידען אָהן צווייפעל בעקומען גלייכע רעכטען. ער האָט בעוויזען ווי אידען מוזען האָבען אויטאָנאָמיע פיר זייערע געמיינדע־אינטערעסען. דערביי האָט ער געפּאָדערט פון די אידען זעלבסט, דאָס זיי זאָלען זיין טאָלעראַנט צו זייערע אייגענע ברידער, און ניט געברויכען קיין חרמות אום אויפצוהאַלטען די רעליגיאָן. „זייט טאָלעראַנט צו אַייערע אייגענע ברידער, און דאַן וועט אַייך זיין לייכטער צו פאָדערן טאָלעראַנץ פון דער אויסען־וועלט צו אַייך“.

אָבער דאָס איז געוועזען אַ טעות פון מענדעלסאָן׳ען. די פעלקער האָבען פיינד די אידען ניט צוליב דעם, וואָס זיי זיינען וועניג טאָלעראַנט צווישען זיך, נאָר איינפאַך, ווייל זיי זיינען אידען, ווייל זיי עקסיסטירען אַלס אַ בעזונדערע נאַציאָן. די יודאָפאָבען (שונאי ישראל) פון יענער צייט האָבען פערקריפּעלט מענדעלסאָן׳ס געדאַנקען, און האָבען געזוכט צו בעווייזען, ווי שעדליך די אידען זיינען, און דאָס זיי זיינען ניט ווערט צו האָבען גלייכע רעכטען מיט קריסטען, ווייל זייער גלויבען, דאָס יודענטום, לאָזט זיי ניט זיין אָרענטליכע בירגער. דאָס האָט געבראַכט דערצו, דאָס מענדעלסאָן האָט בעשלאָסען צו ערקלערען אויספיהרליך וואָס עס איז אַזעלכעס דאָס יודענטום, און דערביי ערקלערען, דאָס די רעליגיאָן טאָר ניט האָבען קיין שייכות מיט דער רעגירונג. ער האָט געשריבען אַ ווערק מיט׳ן טיטעל „יערוזאַלעם (ירושלים), אָדער איבער רעליגיעזע מאַכט אונד יודענטום“. אַזוי ווי שפּינאָזאַ האָט ער אויך בעוויזען, דאָס די רעגירונג האָט נאָר דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען די בעציהונגען און האַנדלונגען פון מענשען צווישען זיך, זי האָט אָבער ניט קיין רעכט צו וועלען קאָנטראָלירען די איבערצייגונגען און דעם גלויבען פון אַ מענשען. דאָס איז אַ רשות היחיד, אין וועלכען קיין אַנדערער האָט ניט קיין רעכט אַריינצוקריכען. די רעגירונג טאָר ניט האָבען קיין פערבינדונג מיט דער קירכע. כל זמן די האַנדלונגען פון אַ מענשען שאַדען ניט דעם אַנדערען, לאָזט איהם בעטען גאָט ווי ער וויל, ווי ער איז געוועהנט, זאָל ער ליבען גאָט ווי ער דענקט, ווי ער פערשטעהט, אָבער צו דער וועלט, צו אַנדערע בירגער, מוז ער זיין ווי די רעגירונג און די געזעצען פון לאַנד פאָדערן.



M. Gotthold Ephraim Lessing.

Moses Mendelssohn Johann Caspar Lavater.

לאַפּאַטער, לעססינג און מענדעלסאָן.

דאָס ווערק „יערוזאַלעם“ האָט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף די אידישע פריינד און אויך אויף זייערע שונאים. דער גרויסער דייטשער פילאָזאָף קאַנט האָט וועגען דיזען ווערק געזאָגט, דאָס עס וועט מיט דער צייט מאַכען אַ גרויסע רעפאָרמע אין דער מענשהייט. די דייטשע טהעאָלאָגען האָבען כמעט בעשולדיגט מענדעלסאָן'ען אין אַטהעאיזם (כפירה). די אידישע אָרטהאָדאָקסיע איז מיט דעם ווערק געווען צופרידען, ווייל עס האָט ניט אָנגעגריפען דעם צערעמאָניעלען טייל (מצוות המעשיות) פון דער אידישער רעליגיאָן.

די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז מענדעלסאָן'ס נאָמען געוואָרען זעהר בעריהמט. זיין פריינד לעססינג האָט פעראייביגט זיין נאָמען דער־מיט, וואָס ער האָט איהם געמאַכט פיר דעם הויפּט־העלד פון זיין בעריהמ־טער דראַמאַ „נאַטהאַן דער ווייזע“. דער פריהצייטיגער טויט פון לעס־סינג'ן איז געווען פיר מענדעלסאָן'ען אַ גרויסער קלאַפּ. מענדעלסאָן'ען האָט אויך זעהר געקרענקט די נאַכריכט, דאָס לעססינג איז געוואָרען אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען אַ שפּינאָזיסט. ער האָט געהאַלטען אַ גאַנצע רייהע פון לעקציעס וועגען דער עקסיסטענץ פון גאָט אויסער דער נאַטור, וואָס איז געגען שפּינאָזאַ'ס דעה, דאָס די נאַטור און די גאָטהייט זיינען איינס און דאָס זעלבע. דיזע לעקציעס האָט ער פאָרגעלעזען פאַר זיין פאַמיליע און זיינע גוטע פריינד, און האָט זיי נאָכדעם אַרויסגעגעבען אין אַ בוך מיט'ן נאָמען „מאָרגענשטונדען“ (1785). אַ דייטשער פילאָזאָף פ. יאַקאָבי איז אַרויס מיט אַ ווערק, אין וועלכען ער בעשולדיגט לעססינג'ן אין שפּינאָזיזם. געגען דיזער בעשולדיגונג איז אַרויס מענדעלסאָן מיט אַ פערטיידיגונג אין אַ ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען „צו די פריינדע לעססינגס“. דאָס איז געווען זיין לעצטעס ווערק. ער איז געשטאָרבען דעם 4טען יאַנואַר 1786. זיינע פערעהרער האָבען וועגען איהם געשריבען: „ממשה עד משה לא קם כמשה“, ד. ה. פון משה מיימון (רמב"ם) ביז משה (מענדעלסאָן) איז ניט געווען אַזאַ ווי ער.

מענדעלסאָן'ס שולע און דער אָנפאַנג פון „השכלה“. מענדעלסאָן האָט געווירקט אויף זיין דור ניט נאָר מיט זיינע ספרים, נאָר אויך מיט זיין פערזענליכקייט. אונטער זיין איינפלוס זיינען פון זיינע שילער באַלד אויס־געוואַקסען טיכטיגע שרייבער און ליטעראַטען, ווי דוד פרידלענ־דער, וויזעל און יצחק אייכעל. אָבער אויך פיעלע אַנדערע פון זיינע שילער האָבען געאַרבייט צו פערברייטען השכלה צווישען די אידען. דיזער קרייז פון מענדעלסאָן'ס אָנהענגער האָט זיך געמאַרט

צוויי אויפגאבעם: ערסטענס, בילדען די יוגענד, און צווייטענס, שאפען א נייע אידישע ליטעראטור. אין יאהר 1778 האבען זיי געגרינדעט אין בער־לין א קינדער־שולע, אין וועלכער מען האט געלערנט קינדער די דייטשע שפראך און אלגעמיינע געגענשטענדען, ווי אויך ערקלעדט תנ"ך און העב־רעאישע גראמאטיק אין עכט דייטש. דיזע שולע איז געווען א שטארקער קאנטראסט צו די אלט־מאדישע חדרים מיט די פוילישע מלמדים און מיט'ן פוילישען זשארגאן. אין פערלויף פון 10 יאהר האט דיזע בערלינער אי־דישע פריי־שולע ארויסגעלאזען קרוב צו 500 שילער, וועלכע זיינען געווא־רען די הויפט־טרעגער און פערברייטער פון השכלה צווישען די אידען אין דייטשלאנד. עס האט ניט לאנג גענומען און עס זיינען געגרינדעט געווארען אזעלכע שולען אין אייניגע אנדערע שטעדט.

אין דער זעלבער צייט האט מען געזוכט צו בילדען אויך די עלטערע מענשען פון יענער צייט דורך די ליטעראטור. צו דיזען צוועק איז געגרינ־דעט געווארען אין בערלין (1783) א פעראיין פון ליבהאבער פון דער העב־רעאישער שפראך. דיזער פעראיין האט אנגעהויבען ארויסצוגעבען א צייט־שריפט מיט'ן נאמען „מאסף" (דער זאמלער). דער „מאסף" האט אנגע־הויבען צו ערשיינען אין 1784 און האט עקסיסטירט ביז 1811. אנפאנגס איז ער ערשינען יעדען מאנאט, נאכדעם איין מאל אין 3 חדשים, און ענד־ליך איין מאל אין יאהר. דער „מאסף" האט ענטהאלטען אין זיך שירים, ספורים, ביבלישע און גראמאטישע ערקלערונגען, ווי אויך לייכטע ארטיק־לען איבער געשיכטע און נאטור־וויסענשאפט. אין היינטיגער צייט וואלט עס געהייסען א קינדער־זשורנאל, ווייל די ענינים, וועלכע זיינען דארט בע־האנדעלט געווארען, זיינען געווען געגענשטענדען, וועלכע פאסען פיר א שולע, אבער דאן איז אזא צייטשריפט געווען ניצליך אויך פיר ערוואקסענע, ווייל זיי האבען אין זייער יוגענד ניט גענאסען קיין וועלטליכע שולע, און דעריבער איז דער „מאסף" געווען אזוי פאפולער ביי דעם אידישען פובלי־קום. די ערסטע רעדאקטארען פון „מאסף" זיינען געווען: יצחק אי־כעל, וועלכער האט שפעטער געשריבען די ביאגראפיע פון זיין בעריהמ־טען לעהרער מענדעלסאן, און דער צווייטער איז געווען מענדעל ברעסלוי. די מיטארבייטער אין דיזער צייטשריפט זיינען געווען: נפתלי הערץ וויזעל, מארקוס הערץ, דוד פרידלענדער, ווי אויך זעהר פיעלע יונגע מיטארבייטער, ווי בן זאב, שלום הכהן, ברוך לאנדוי און אנד. די מיטארבייטער פון דיזער צייטשריפט האבען זיך גערופען „די מאספים". דיזע מיטארבייטער האבען געוואוינט אין פערשיידענע לענדער, אבער זיי

זיינען אַלע געווען דורכגעדרונגען מיט איין אידעע און איין וואונש — ביל-דען דאָס אידישע פאָלק.

די הויפּט־ראָלע אין דיזען פעראיין האָט געשפּילט ר׳ נ פ ת ל י ה ע ר ץ ו ו י י ז ע ל (1726—1805). וויזעל איז געבאָרען געוואָרען אין האמבורג פון אַ רייכער פאַמיליע, און האָט געקראָגען אַ פיעלזייטיגע ער-ציהונג. ער איז געווען אַ גרויסער קענער פון דער אידישער רעליגיעזער ליטעראַטור און אויך אַ וועלטליך געבילדעטער מאַן. אין יאָהר 1774 האָט ער זיך בעזעצט אין בערלין און איז געוואָרען איינער פון די זעהר אינטימע פריינד פון מענדעלסאָן׳ען. ער האָט פיעל געהאָלפען צו שאַפען דעם „ביאור" אויף תורה, וואָס מענדעלסאָן האָט ארויסגעגעבען. דער „ביאור" אויף׳ן ספר ויקרא איז זיין אַרבייט. ער איז שוין דאַמאָלס געווען בעוואוסט אַלס אַ טיכטיגער קענער פון דער העברעאישער שפּראַך דורך זיין ווערק „גן נעול". נאָכדעם האָט ער אַרויסגעגעבען זיין בעריהמטען פּירוש אויף דעם ספר „חכמת שלמה" פון די אַפּאָקריפען, וועלכען ער האָט אָנגערופען מיט׳ן נאָמען „רוח חן", און זיין גרויסע פּאָעמאַ „שירי תפארת" (1789—1802), אין וועלכער ער בעזינגט אין אַ ריין ביבלישער שפּראַך די גרויסע טאַטען פון משה רבנו און יציאת מצרים. אויסער דעם האָט וויזעל אויך געשריבען אַ זעהר וויכטיגעס ווערק איבער אידישער עטהיק מיט דעם טי-טעל „ספר המדות". זעהר וויכטיג איז אויך די פּאָלעמיק, וואָס ער האָט געהאַט אין יענער צייט מיט די געגנער פון אידישער השכלה, וועלכע האָבען דאַמאָלס שטאַרק געשטורמט אין עסטרייך. דיזע פּאָלעמיק איז אויספיהר-ליך בעשריבען אין זיין ספר „דברי שלום ואמת".

דער קאַמף פיר בילדונג אין עסטרייך. אין דער צייט, וואָס דער פּרייסישער קעניג־פילאָזאָף פריעדריך דער 2טער האָט געהאַלטען די אידען אין זייער געדריקטער לאַגע און האָט ניט געוויזען קיין סימפּאַטיע צו זייער שטרעבען צו בילדונג, איז דער עסטרייכישער קייזער יאָזעף דער 2טער (1780—1790) אַרוים מיט זיין עדיקט פון טאָלעראַנץ פיר פּראָטעסטאַנטען, האָט געמאַכט אין זיין לאַנד וויכטיגע רעפאָרמעס, האָט בעשרענקט די מאַכט פון די פעאָדאַלען און קלעריקאַלען, און האָט געזוכט צו פערבעסערן די לאַגע פון די אידען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין אַ זעהר געדריקטען צושטאַנד פון דער צייט פון דער פריהערדיגער רעגירונג פון דער קאַטאָלישער קייזערין מאַריא טהערעזיא. יאָזעף דער 2טער האָט ערלויבט די אידען צו ערווער-בען ערד־אייגענטום, בעשעפטיגען זיך מיט האַנט־אַרבייט, וויסענשאַפטען און קונסט, און האָט אָפּגעשאַפט די מיטעלאַלטערליכע געזעצען, וועלכע

האָבען געצילט צו ערנידריגען די אידען אין די אויגען פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט, ווי דאָס געזעץ צו טראָגען אַ געלע לאַטע אויף די קליידער או. ד. גל. די אידישע קינדער האָבען בעקומען דאָס רעכט צו בעזוכען גימנאַזיומס און אוניווערזיטעטען. ער האָט געהייסען גרינדען ספּעציעלע שולען פיר אידישע קינדער, וואו זיי זאָלען קריגען די נעטיגע ידיעות אין רייטש און וועלטליכע וויסענשאַפטען. ער איז געווען דער ערסטער פון אַלע אייראָפּעאישע הערשער, וואָס האָט געוואָלט צוציהען די אידען צו מיליטער-דינסט. אין דעם טאָלעראַנץ-פּאַטענט פון 1782 האָט ער אויסגעדריקט זיין וואונש, דאָס אַלע אונטערטאַנען פון זיין לאַנד זאָלען געניסען פולע פרייהייט אין אַלע זאַכען. אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען שענע ווערטער. אין דער ווירקליכקייט זיינען די אידען געבליבען אין דעם זעלבען נידריגען צושטאַנד, די זעלבע רעכטלאָזע אונטערטאַנען, ווי אונטער דער פריהערדיגער רעגירונג; זיי האָבען ניט געהאַט קיין וואוינרעכט אין אונטער-עסטרייך און אין איינינגע אַנדערע פּראָווינצען; אפילו דאָס געזעץ, וואָס האָט בעשרענקט דאָס רעכט פון די אידען צו הייראַטען, איז ניט אָפּגעשאַפט געוואָרען.

די רעפאָרמעס פון יאָזעף דעם 2טען האָבען אָנגעמאַכט אַ שרעקליכען גערודער צווישען די אָרטהאָדאָקסישע אידען אין עסטרייך. די אידען זיינען שוין אַזוי צוגעוועהנט געוואָרען צו זייער אָפּגעזונדערטען לעבען, דאָס יעדע ענדערונג אין דיזען לעבען האָבען זיי גערעכענט פיר דעם אונטערגאַנג פון דער אידישער נאַציאָן. מעהר פון אַלץ האָבען זיי געשראָקען די נייע שולען און דער מיליטער-דינסט. די פרומע קלאַס צווישען אידען האָט געגלויבט, דאָס די נייע נאָרמאַל-שולען האָבען נאָר איין צוועק — בעקעהרען די אידישע יוגענד צום קריסטענטום. די פרומע אידען האָבען געזעהען, דאָס די בעאַמטע צווינגען די אידען צו שיקען זייערע קינדער אין די נאָרמאַל-שולע, און וועגען פערבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע דענקט די רעגירונג גאָרניט, האָבען זיי דערפון געמאַכט אַ שלוס, דאָס די רעגירונג מיינט נאָר צו שמד'ן זיי.

אָבער די, וואָס זיינען געווען גענייגט צו בילדונג צווישען די אידען, האָבען אַנדערס געקוקט אויף דיזע שול-רעפאָרמע. דיזע האָבען גערעכענט, דאָס ווען די אידען וועלען זיין געבילדעט, וועלען זיי גיכער בעקומען רעכטען און זייער עקאָנאָמישע לאַגע וועט זיך פערבעסערן. נפתלי הערץ וויזעל האָט געשריבען אַ לויב-ליד צום קייזער יאָזעף דעם 2טען פיר זיינע שול-רעפאָרמעס. ער האָט זיך געווענדט צו די עסטרייכישע אידען מיט

א בריף אונטער'ן טיטעל „דברי שלום ואמת", אין וועלכען ער האָט בעווי-זען וואָס פיר א גליק בילדונג איז פיר זיי, און דאָס די אידישע רעליגיאָן פאָדערט אויך פון א אידען, אז ער זאָל זיין געבילדעט און זאָל פערשטעהן די שפּראַך פון דעם לאַנד, וואו ער לעבט; אָהן אַלגעמיינער בילדונג קען מען זאָגאַר די תורה ניט פערשטעהן ווי געהעריג. אָבער נאָר די אידען אין טריעסט האָבען אויפגענומען פריינדליך ווייזעל'ס בריף, ביי די אידען אין די אַנדערע פּראָווינצען פון עסטרייך האָט דיזער בריף ארויסגערופען א גרויסען שטורם. זיי זיינען געווען שרעקליך אויפגערעגט אויף'ן שרייבער פון דעם בריף פיר דעם מאַמר התלמוד, וואָס ער ברייננט: „כל תלמיד חכם שאין בו דעה נבלה טובה ממנו" (א למדן, וואָס האָט אין זיך ניט קיין ביל-דונג, איז א נבלה בעסער פון איהם). דער הויפּט-געגנער פון בילדונג איז געווען דער בעריהמטער רב פון פּראַג ר' יחזקאל לאַנדאָ, דער מחבר פון די שאלות ותשובות „נודע ביהודה", וועלכער האָט פריהער גענו-מען א גרויסען אַנטייל אין פערפאָלגען מענדעלסאָן'ס תנ"ך מיט'ן ביאור. ער האָט אויפגעפאָדערט די רבנים פון אַנדערע לענדער, אז זיי זאָלען ארויס מיט א פּראָטעסט געגען דער גיפטיגער בערלינער השכלה. מען האָט אָנגע-הויבען ארייגלעגען אין חרם די ליבהאָבער פון בילדונג; אין ליסא האָט מען אָפען פערברענט ווייזעל'ס בריף. ווייזעל איז ארויס מיט א צווייטען בריף, אין וועלכען ער האָט בעוויזען, דאָס ער איז אַן אמת'ער גלויביגער און דאָס בילדונג שאַדט ניט דער רעליגיאָן.

די טריעסטער אידען האָבען געהאַלטען מיט ווייזעל'ן. אויך לאַנדאָ מיט די שטרענגע אָרטהאָדאָקסען זיינען געוואָרען א ביסעל קיהלער און האָ-בען ווייזעל'ן געלאָזען צו רוה. די רעפאָרמעס פון יאָזעף דעם 2טען זיינען נאָך זיין טויט (1790) אַזוי ווי פערשוואונדען געוואָרען. אָבער די ליב-האָבער פון בילדונג האָבען ניט אויפגעהערט זייער אַגיטאַציאָן.

**דער אָנפאַנג פון עמאַנציפּאַציאָן.** דער גייסט פון בענייאונג, וועל-כער האָט געבלאָזען פון די ליטעראַטור-קרייזען פון פראַנקרייך, האָט אויך אָנגעהויבען בעוועגען די געבילדעטע קריסטליכע געזעלשאַפט פון אַנדערע לענדער. די פרייהייטס-אידעען, וועלכע דידעראָ, מאָנטעסקיע, וואָלטעיר און אַנדערע גרויסע פראַנצויזישע ליטעראַטען האָבען פערשפּרייט אין יע-נער צייט, זיינען געווען פיר די גאַנצע מענשהייט א סאָרט געטליכע ענט-פּלעקונג. אויף'ן ערסטען פּלאַן איז געשטאַנען די אידעע פון גלייכהייט פיר אַלע מענשען פאַר דעם געזעץ. א לאָגישער רעזולטאַט פון דיזער אידעע איז געווען די אידישע גלייכבערעכטיגונג.

אויך אין פראנקרייך האָבען די אידען געלעבט אונטער אַ שווערען דרוק פון ערנידריגענדע געזעצען. די רעפאָרמעס, וועלכע די רעגירונג פון לודוויג דעם 16טען האָט אָנגעהויבען מאַכען פיר דאָס פראַנצויזישע פאָלק, האָבען ערוועקט אין די הערצער פון די אידען אין פראַנקרייך אַ האָפנונג, דאָס אויך אין זייער גאַס וועט די זון אָנהויבען צו שיינען. אייניגע געבילדעטע אי־דישע פאָרשטעהער האָבען דערלאַנגט צו דער רעגירונג אַ ביטשריפט, אַז




ר' יחזקאל לאַנדאָ.

מען זאָל געבען די אידען גלייכע רעכטען. די אידען פון פראַנקרייך, אי־בערהויפט פון עלזאַס און לאָטהרינגען האָבען זיך געווענדט צו מענדעל־סאָן'ען, ער זאָל פערפאַסען פיר זיי אַ שריפט צו דער רעגירונג, וועלכע זאָל אויך פובליצירט ווערען, אום צו ווירקען אויך אויפ'ן פובליקום. מענ־דעלסאָן האָט געפונען פיר בעסער, דאָס דיזע שריפט זאָל אַרויסגעהן פון אַ קריסטליכען שרייבער, און ער האָט עס איבערגעגעבען צו זיין פריינד

כריסטיאן ווילהעלם דאָהם, וועלכער איז געווען אַ ליבעראַלער מאַן. דאָהם איז געווען גוט בעקאַנט מיט דער אידישער געשיכטע און מיט'ן צושטאַנד פון אייראָפּאַ, און ער האָט פערפאַסט וועגען דיזער פראַגע אַ בעזונדער ווערק. דיזעס ווערק איז ערשינען אין 1781 אין דער דייטשער שפּראַך. אין דיזען ווערק האָט ער לאָגיש בעוויזען דאָס אונרעכט, וואָס די פעלקער האָבען בעגאַנגען און בעגעהען געגען אידען. ער האַלט עס פיר אַ גרויסען פערדינסט פיר די אידען, וואָס ביי אַלע זייערע ליידען זיינען זיי געבליבען טריי זייער גלויבען און זייער נאַציאָן. „אויב די אידען האָבען אין זיך איינינע פעהלערן, זיינען אין דעם שולדיג די קריסטליכע פעלקער מיט זייערע פערפאָלגונגען און אויסנאַהם-געזעצען. גליקליך וועט זיין דאָס לאַנד, וועלכע וועט געבען אידען גלייכע רעכטען. יענעס לאַנד וועט ערווערבען אַ גרויסע מאַסע איבערגעבענע און דאַנקבאַרע אונטערטאַנען".

ווי עס שיינט, האָט דיזעס ווערק געהאַט אַ גוטען איינפלוס אויף'ן פראַנצויזישען מיניסטער מאַלזערב, און ער האָט געגרינדעט אַ קאָמיסיאָן צו אונטערזוכען די אידען-פראַגע. אין דער קאָמיסיאָן זיינען איינגעלאַדען געוואָרען אויך איינינע אידישע כלל-טוער פון יענער צייט, ווי פורטאַדאָ, סערף-בערר או. אַנד. דער מיניסטער האָט אויסגעאַרבייט אַ פּראָיעקט וועגען געבען אידען גלייכע רעכטען, אָבער עס איז דערווייל געבליבען נאָר אַ פּראָיעקט. די קאָמיסיאָן האָט נאָר בעוויזען צו ווירקען אויף'ן קעניג לודוויג דעם 16טען אָפּצושאַפען די שענדליכע אידען-שטייער, וועלכע יעדער איד, וואָס איז אָנגעקומען אין אַ שטאָדט, האָט געמוזט בעצאָהלען פיר אריינלאָזען איהם אין שטאָדט, ווי מען פלעגט בעצאָהלען פיר אַ בהמה אָדער אַ פערד אום עס זאָל אריינגעלאָזען ווערען אין שטאָדט.

אין יאָהר 1785 האָט די קעניגליכע געזעלשאַפט פיר וויסענשאַפט און קונסט אין מעטץ בעשטימט אַ פּרעמיום פיר אַ ווערק, וואָס וועט בעווייזען, אויב עס איז פאַראַן אַ מיטעל ווי צו מאַכען די אידען אין פראַנקרייך גליקליך פיר זיך און ניצליך פיר פראַנקרייך? עס זיינען אריינגעשיקט געוואָרען צו דער געזעלשאַפט 7 ענטפערס, וועלכע האָבען געראַטען צו געבען די אידען גלייכע רעכטען מיט אַלע איבריגע בירגער, און 2, וועלכע האָבען געפאָדערט פיר די אידען נאָך מעהר דרוק. פון די 7 גוטע ענטפערס זיינען בעזונדערס געווען וויכטיג 3 — איינער פון אַ קאַטאָלישען גייסטליכען אבבאַט גרעגואַר, וועלכער האָט צו ענדע פון זיין ווערק געמאַכט שטאַרקע פאָרווירפען די קריסטליכע פעלקער און דער קאַטאָלישער קירכע פיר די אונמענשליכע פערפאָלגונגען פון אידען אין פערלויף פון 18 הונ-

דערט יאָהר. דער צווייטער ענטפער איז געווען פון אדאָלף טיער־רי, און דער דריטער פון אַ אידען זאַלקינד הורוויץ. דיזער מאַכט שפּאַס פון דער וויסענשאַפטליכער געזעלשאַפט, פאַרוואָס זי מאַכט גאָר דערפון אַ פראַגע. „ווייס זי דען ניט", זאָגט ער, „דאָס דיזעס איז אין גאַנצען אָפּהענגיג פון די קריסטען זעלבסט? זאָלען די קריסטען אַראָפּ־נעהמען זייער דרוק פון די אידען און דיזע וועלען באַלד אויסגלייכען די רוקענס און וועלען ווערען מענשען גלייך מיט אַלעמען". דאָס דערמאָהנט איהם, זאָגט הורוויץ, די געשיכטע מיט קאַרל דעם 5טען, וועלכער האָט בע־לאַגערט דעם פּאַפּסט, און האָט אין דער זעלבער צייט געהייסען דעם פאָלק בעטען גאָט וועגען די רעטונג פון פּאַפּסט. דיזע אַלע דריי שריפטען זיינען פערעפענטליכט געוואָרען אין יאָהר 1789, אין אָנפאַנג פון יאָהר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, און האָבען געמאַכט אויף'ן פראַנצויזישען פאָלק אַ גוטע ווירקונג.

איידער עס האָט אויסגעבראָכען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן איז אַרויסגעטרעטען צו פערטיידיגען די אידען דער בעריהמטער רעדנער און דער הויפּט־פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן גראַף מיראַבאָ. ווען ער איז געווען אין פּרייסען מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיאָן האָט ער זיך דאָרט בעקענט מיט דער ניצליכער טעטיגקייט פון דעם אידישען סאָקראַטעס, מיט מענדעלסאָן'ען, און האָט זיך אויך בעקענט מיט דעם בעריהמטען פער־טיידיגער פון אידישע רעכטען, מיט דאָהם'ען. ווען ער האָט זיך צוריקגע־קעהרט אין פּאַריז האָט ער אָנגעשריבען אַ ווערק „וועגען מאָזעס מענדעל־סאָן און דער פּאָליטישער רעפאָרמע פון יודענטום". אין דיזען ווערק פּאָ־דערט ער אויף דאָס פראַנצויזישע פאָלק צו העלפען די גרויסע אידישע פיה־רער צו רעפאָרמירען די אידען און מאַכען זיי פעהיג צו ווערען ניצליכע ביר־גער. „שטערט זיי ניט אין זייער רעליגיאָן", האָט ער זיך געווענדעט צום פראַנצויזישען פאָלק, „נאָר העלפט זיי בעסער צו פערשטעהן די נאַטור און איהר בעשעפער. גיט זיי צו פערשטעהן די אינטערעסען פון דער מענש־הייט, גיט זיי אַלע בירגער־רעכטען און זיי וועלען ווערען זעהר ניצליכע בירגער אין לאַנד". דיזע ווערטער האָט ער געזאָגט אויף די פאָלקס־פער־זאַמלונג אין 1787. וועגען דעם זעלבען געגענשטאַנד האָט ער ווידער גע־רעדט אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען צוזאַמענגערופען.

אין דער צייט, וואָס אין איירָאָפּאַ האָבען זיך איינינגע פון די ליבע־ראַלע מענשען געגעבען די מיה צו פאָדערן גלייכע רעכטען פיר אידען אין

דער אַלטער וועלט, איז שוין אין אַמעריקאַ געגרינדעט געוואָרען די רעפּוב-ליק פון די פעראייניגטע שטאַאטען, וועלכע זיינען געוואָרען אונאָפּהענגיג פון ענגלאַנד. אין דעם דאָקומענט, וועלכער האָט אָפען ערקלערט פאַר דער וועלט, דאָס אַמעריקאַ איז שוין ניט אַ קאָלאָניע פון ענגלאַנד, נאָר אַ פרייע אונאָפּהענגיגע רעפּובליק, ווערט געזאָגט פאַר דער וועלט אָפען, דאָס „אַלע מענשען זיינען בעשאַפען גלייך, און ווערען בעשאַנקען פון זייער בעשעפער מיט געוויסע רעכטען, וועלכע קיינער גען פון זיי ניט צונעהמען", קיין מענש טאָר ניט געדריקט ווערען אין אַמעריקאַ צוליב זיין רעליגיאָן. דיזער אַקט האָט געהאַט אַ גרויסען מאָראַלישען איינפלוס אויף אייראָפּאַ. אין דייטש-לאַנד האָבען זיך געבילדעט איניגע אידישע גרופּען, וועלכע האָבען בעשלאָ-סען צו עמיגרירען נאָך אַמעריקאַ. איינע פון די גרופּען האָט זיך געווענדעט צום פּרעזידענט פון דער אַמעריקאַנישער רעפּובליק און געבעטען איהם, אַז ער זאָל זיי אָננעהמען פיר אַמעריקאַנישע בירגער. דערווייל האָט אויסגע-בראָכען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געגעבען גרויסע האָפ-נונג, דאָס די לאַגע פון די געדריקטע אידען אין אייראָפּאַ וועט זיך ענדערן צו בעסער, און דאָס האָט אָפּגעהאַלטען די אידישע עמיגראַציאָן נאָך אַמע-ריקאַ. אָבער צו ענדע פון 19טען יאָהרהונדערט האָט זיך די עמיגראַציאָן פון די אידען נאָך אַמעריקאַ אַזוי פערשטאַרקט, דאָס זי שיינט צו האָבען אַ געוואַלדיגען איינפלוס אויף דעם שיקזאַל פון גאַנצען אידישען גלות.

## ד. דער אידישער צענטער אין פּוילען אין דער צייט פון איהר אונטערגאַנג.

דער אידישער צענטער אין מזרח פון אייראָפּאַ, אין פּוילען, איז געוועזען גאָר אַ בעזונדער סאָרט וועלט, זעהר פערשיידען פון דער אידישער וועלט אין מערב־אייראָפּאַ. אַנשטאַט וואָס פריהער איז דער צענטער פון יודענ-טום געווען אין דייטשלאַנד, איז ער שפּעטער געווען אין פּוילען, וואו די אידען האָבען זיך געפונען אין גרויסע מאַסען און האָבען געהאַט אויטאָ-נאָמיע אין זייער געמיינדע־לעבען, און האָבען געלעבט רוהיג אויך עקאָ-נאָמיש. אָבער אין יאָהר 1648 האָט זיך דאָרט אָנגעהויבען אַ שטורם, וועל-כער האָט זיי פערשאַפט אַזעלכע שרעקליכע ליידען, ווי זייערע ברידער האָבען איבערגעליטען אין פערלויף פון פיעלע יאָהרהונדערטע אין מערב־אייראָפּאַ. די אורזאַך פון דיזען קריזיס איז געווען דער עקאָנאָמישער קאַמף, וועלכער איז ערביטערט געוואָרען דורך ראַסען־האַס און רעליגיאָנס־האַס.

אין פוילען זעלבסט איז די לאגע פון די אידען געווען צו דערליידען. אמת, די קלעריקאלען האבען געזוכט מיט אלע זייערע מעגליכקייטען צו פערגיפטען דאס אידישע לעבען, און האבען גענאלפען די שטאדטישע איינוואוינער און די בעלי מלאכות (צעכען), וואס זיינען געווען צו די אידען געפעהרליכע קאנקורענטען, צו פערפאלגען זיי זעהר שטארק, — אבער דערפאר האט די רעגירונג מיט'ן אדעל, צוליב זייערע אייגענע אינטערעסען, געשיצט און פערטיידיגט די אידען, וועלכע זיינען געווען פיר זיי א מעלקעדיגע קוה. אבער אין אוקראינא האט זיך ענטוויקעלט און אויפגעהויבען א נייער פיינדליכער עלעמענט, וועלכער איז געווען פיינדליך צוביידען — צו די אידען און צו די פאליאקען; דאס זיינען געווען די קאזאקען, פראוואסלאוונע רוסען, וועלכע האבען געהאסט ביידען, די אידען און די קאטאליקען.

א גרויסער שטח לאנד, וועלכער האט צוזאמענגעשטעלט די גובערניעס: קיעוו, טשערניגאוו, פאלטאווא, א גרויסען טייל פון פאדאליען און וואלהין, האט זיך דאמאלס געפונען אין די הענט פון דער פוילישער שליאכטע אונטער דער הערשאפט פון די פוילישע קעניגען. דיזער גרויסער שטח לאנד איז געווען בעזעצט מיט רוסען, פראוואסלאוונע בויערן, וועלכע אלס לייבאייגענע האבען בעארבייט די גיטער פון זייערע גוטס־בעזיצער, וואס האבען צוגענומען זייער גאנצע מיה און ארבייט, האבען זיי בעהאנדעלט ערגער ווי חיות און האבען זיי געלאזען פיר זייער שווערע ארבייט נאר אזוי פיעל, אז זיי זאלען קענען דערהאלטען די נשמה און זיין אין שטאנד פארטצוזעצען די ארבייט פי'ר זייערע בעדריקער, די גוטס־בעזיצער. די קאטאליקען האבען זעהר שטארק געהאסט די פראוואסלאוונע בויערן און האבען זיי געדריקט מיט וואס זיי האבען נאר געקענט. אויף די רוסען האבען די פאליאקען געקוקט ווי אויף א האלב־ווילדע אזיאטישע ראסע. צוליב אזעלכע בעציהונגען איז די עקאנאמישע לאגע פון די בויערן געווארען אונערטרעגליך. דער בויער איז געווען בעלאסטעט מיט זעהר גרויסע אפצאהלונגען. דער פוילישער מאגנאט האט געוועהנליך געוואוינט ניט אין זיין גוט, נאר ער האט עס אפגעגעבען אין ארענדע. פיעלע פון די ארענדאטארען זיינען געווען אידען, וועלכע פלעגען זיך אויך בעשעפטיגען מיט מאכען ספירט און בראנפען. עס פערשטעהט זיך, אז דער ארענדאטאר האט געמוזט האבען געוויסע רעכטען אום ער זאל קענען רעגירען די ארענדע. דער אידישער ארענדאטאר האט געטאן דאס זעלבע, וואס דער פריץ, דער גוטס־בעזיצער, זעלבסט וואלט געטאן, ווען ער וואלט אליין רע-

גירט דאָס גוט — ער האָט עקספּלואַטירט דעם בויער (מוזשיק) ווי פיעל ער האָט געקענט. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער רעליגיאָנס־האַס, וועלכען די שליאַכציצעס און די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען אַרויסגעצייגט צו די מוזשיקעס (כלאָפּעס) צוליב זייער פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען. די מוזשיקעס האָבען געענטפּערט מיט האַס, און האָבען זעהר אָפט געמאַכט בונטען געגען זייערע בעדריקער, די פּריצים. עס פערשטעהט זיך, דאָס דעם זעלבען האַס האָבען די מוזשיקעס געפיהלט צום אידישען אַרענדאַטאָר, וועלכער איז געווען דער בעפאָלמעכטיגטער פון זיין פערהאַסטען פּאַן; דער איד האָט זיך דאַמאָלס געפונען צווישען צוויי פייערן: צווישען רום און פּאָליאַק, צווישען קאַטאָליק און פּראַוואָסלאַוונעם. דער האַס פון אַלע דריי נאַציאָנאַליטעטען מיט זייערע פערשיידענע רעליגיאָנען איז געווען דער וואולקאַן, וועלכער האָט געמוזט אָנהויבען צו שיסען פון זיך פייער, און עס האָט געמוזט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע.

אָבער דער לייבאייגענער פון זיד־רוסלאַנד, וועלכער האָט זיך געפונען אין קנעכטשאַפט ביי די שליאַכציצעס, איז געווען צו ענערגיש און צו קריגעריש, אַז ער זאָל קענען רוהיג איבערטראָגען דעם דרוק, ווי די מוזשיקעס פון ליטא און פּוילען. די זיד־רוסישע בעפעלקערונג האָט זעהר אָפט געליטען פון אָנפאַלען פון קרימישע טאַטארען, און זיי זיינען געווען געצוואונגען צו בילדען פון זיך אַ מיליץ (אַ היימישע אַרמעע) צוריקצושטויסען די טאַטארען. די מיליץ האָט געהאַט אַ „העטמאַן" (הויפּטמאַן). פון דיזער מיליץ האָבען זיך געבילדעט אין אוקראַינאַ קאָזאַקען, וועלכע זיינען געוואָרען עהנליך צו די קאָזאַקען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין די זיד־רוסישע סטעפּעס אויף יענער זייט פון די פּאָראָגען (וואַסער־פאַלען) פון דעם דניעפּער. דיזע ביידערליי קאָזאַקען האָבען זיך מיט דער צייט פעראייניגט. די פּאָליאַקען זיינען אָנפאַנגס געווען צופרידען מיט דער קאָזאַטשינע, ווייל זי האָט פערטיידיגט די זידליכע טיילען פון לאַנד געגען די אָנפאַלען פון די טאַטארען. די קאָזאַקען פון יענער זייט פון די פּאָראָגען האָבען געבילדעט אַ סאָרט מיליטערישע רעפּובליק. די אוקראַינער קאָזאַקען האָבען געהאָפט, דאָס זייערע ברידער די פרייע קאָזאַקען, די „זאַפּאָראָזשצי", וועלען זיי מיט דער צייט בעפרייען פון דעם יאָך פון די פּאָליאַקען און די „זשידעס". ניט די אידען, ניט די פּאָליאַקען האָבען פאָרויסגעזעהען, וואָס פיר אַ געפאַהר עס שטעהט זיי פאָר פון דער שטאַרקער אונצופרידענהייט פון די קאָזאַקען. דעם ערסטען קלאַפּ האָט געגעבען דער קאָזאַק פּאַווליוק אין יאָהר 1638. ער איז אָנגעקומען אין פּאָלטאַוואער גובערניע און האָט דאָרט

אויפגערייצט די בויערן געגען די גוטס-בעזיצער און די אידען. אין לובני האָבען די אויפגערייצטע מוזשיקעס צושטערט איינינע שולען און האָבען צוקוילעט איבער 200 אידען. אָבער די ריכטיגע קאַטאַסטראָפע האָט זיך אָנגעהויבען מיט 10 יאָהר שפּעטער, אין יאָהר 1648 (גזירת ת״ח). דאַמאָלס איז געווען דער אָנפאַנג פון רוסישע פּאָגראָמען. די פּאָליאַקען האָבען נאָר געדריקט און ערנידריגט די אידען; די רוסען אָבער האָבען געברענט און געשאָכטען ווי שאָף טויזענדער אידען. הונדערטער אידישע קהלות זיינען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען פון די רוסען און קאָזאַקען. דיזע פּאָגראָם-פּאָליטיק האָבען די רוסען איבערגעגעבען בירושה צו זייערע קינדער און קינדס-קינדער ביז אין דעם 20טען יאָהרהונדערט.

**פּאָגראָמען און שחיטות אין 1648—1649** (גזירות ת״ח). אין פריהלינג פון יאָהר 1648 האָט אַ קאָזאַצקער הויפּטמאַן באָגדאַן כמעלניצקי אויפגערייצט די קאָזאַקען און די בויערן איז אוקראַינאַ און אין זאַ-פּאָראָזשיע (די געגענד ביי די וואַסער-פאַלען פון דניעפּער) געגען די פּוילישע פּריצים און די אידען. מען דערצעהלט, דאָס אַ פּוילישער סטאַראָסטאַ (עלטסטער) טשאַפּלינסקי האָט איהם, כמעלניצקי׳ן, שטאַרק בעליידיגט: ער האָט בערויבט זיין כוטאָר (אַ קליינעם לאַנד-גוט), האָט צוגענומען פון איהם זיין געליבטע און האָט פערשמיסען זיין זוהן ביז צום טויט. כמעלניצקי האָט אָנגעהויבען בונטעווען די אוקראַינער קאָזאַקען. דיזע האָבען איהם בסוד ערוועהלט פיר זייער העטמאַן און האָבען איהם בעפּאָלמעכטיגט צו אונטערהאַנדלען מיט די זאַפּאָראָזשער קאָזאַקען וועגען אַן אויפשטאַנד. זיין אַגיטאַציאָן איז איהם געלונגען און ער האָט נאָך דערצו אויך געמאַכט אַ פערטראַג מיט דעם כאַן פון קרים, אַז ער זאָל איהם געבען אַ גרויסע אַרמעע צו העלפען איהם געגען די פּאָליאַקען. אין פריהלינג פון 1648 האָט אַ גאַנצע אַרמעע פון קאָזאַקען און טאַטאַרען פון קרים געשטריטען מיט די פּאָליאַקען ביי קאָרסון און האָט צושלאָגען די פּוילישע אַרמעע פון פּאָטאָצקי און קאַלינאָווסקי. דיזער נצחון האָט געגעבען מוט די בויערן פון די פּראָווינצען פון מזרח-זייט פון דניעפּער צו מאַכען אַן אויפשטאַנד. זיי האָבען זיך גענומען צו שעכטען און רויבען די פּוילישע גוטס-בעזיצער מיט די אידישע אַרענדאַטאָרען. פיעלע טויזענדער אידען זיינען צושאָכטען געוואָרען און זייער פערמעגען איז צורויבט אָדער פערברענט געוואָרען אין די שטעדט: פּערעיאַסלאַוו, פּיריאַטין, לאָכוויץ, לובני און זייערע אומגעגענדען. נאָר די, וואָס האָבען אָנגענומען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען, זיינען געבליבען

לעבען. פיעלע אידען פון קיעווער פראווינץ זיינען ענטלאפען אין לאגער פון דער טאטארישער ארמעע, ווייל די טאטארען פלעגען ניט הרג'ענען די געפאנגענע, נאר זיי פלעגען זיי אפשיקען אין טערקיי און דארט זיי פערקויפען פיר שקלאפען, און געוועהנליך פלעגען אידען זיי אויסקויפען, ווייל פדיון שבויים איז ביי אידען פון אייביג אן א גרויסע מצוה.

אין יענער צייט איז געשטארבען דער פוילישער קעניג וולאדיסלאוו דער 4טער. זיין טויט האט ארויסגערופען אין פוילען פיעלע אונרוהען, וועלכע האבען געדויערט לערך 6 חדשים. דער קאזאצקער בונט האט זיך דערווייל פערברייטעט אין די פראווינצען: אוקראינא, וואלהין און פאדאליען. די בעפאלען אין דיזע ערטער זיינען צוגעגאנגען מיט שרעקליכער גרויזאמקייט, איבערהויפט איבער די אידען. מען האט זיי אנגעטאן שרעקליכע יסורים איידער מען האט זיי דער'הרג'עט: מען האט זיי געבריהט מיט זודיגע וואסער, מען האט זיי לעבעדיגערהייט געבראטען אויף הייסע קויהלען, מען פלעגט אראפרייסען פון זיי לעבעדיגערהייט די הויט. די קאזאקען האבען בעשלאסען צו פערניכטען אלע אידען אין פוילען. זאגאר מיט זויג־קינדער פון די אידען האבען זיי געטאן דאס זעלבע. ווער עס האט געוויזען צו א אידען דעם קלענסטען מיטלייד איז ביי זיי געוועזען פעררעכענט פיר א פעררעטער. די קאזאקען פלעגען ארויסנעהמען פון די שולען די ספר־תורה'ס, פלעגען זיי פערנאנדערוויקלען, טאנצען און טרינקען בראנפען אויף זיי, און נאכדעם פלעגען זיי אויסלעגען אויף די ספר־תורה'ס אידען און שעכטען זיי. טויזענדער אידישע קינדער האבען זיי אריינגעווארפען אין ברונענס און פערשאטען זיי מיט ערד. עס איז ניט צו בעשרייבען די רציחות, וואס זיי האבען געטאן צו די אידען. זיי פלעגען אפהאקען א אידען די הענט און די פיס און לאזען איהם ליגען מאטערן זיך ביז'ן טויט; זיי פלעגען אויפשניידען די בייכער פון פרויען און ארייגלאזען קעץ און צוריק פערנייען די בייכער. די טאטארען האבען ניט געקענט צוזעהן די אונמענשליכע רציחות פון די טרייע גלויביגע קינדער פון דעם קריסטליכען פראוואסלאוונעם גלויבען. זייערע גייסטליכע האבען עס אלעם צוגעזעהען און האבען עס גערעכענט פיר א גרויסע מצוה.

בעזונדערס טראגיש איז געוועזען דער שיקזאל פון די אידען, וואס זיינען ענטלאפען פון זייערע ערטער און האבען געזוכט שוץ אין די פעסטונגען. א גרויכע מאסע אידען האט זיך בעהאלטען אין דער פעסטונג פון **נעמיראוו**. די קאזאקען האבען געפרובט נעהמען די פעסטונג, אבער זיי האבען עס ניט געקענט. דאן האבען זיי אפגעטרעטען פון דער פעסטונג

און האָבען זיך פערשאַפט פּוילישע פאָהנען אום אָפּצונאַרען די אידען, און זיי זאָלען מיינען, דאָס פּאָליאַקען זיינען געקומען זיי העלפען געגען די קאָזאַקען. די אידען האָבען אַריינגעלאָזען די קאָזאַקען אין די פעסטונג און זיי האָבען דאָרט צושאָכטען איבער 6,000 נפשות. דער רב ר' יחיאל מיכל ב"ר אליעזר האָט זיך בעהאַלטען מיט זיין אַלטער מוטער אויף'ן בית עלמין. אָבער דאָרט האָט איהם דערזעהען אַ שוסטער פון די פּאָגראָמשטשיקעס און האָט פריהער איהם ערמאָרדעט און נאָכדעם זיין אַלטע מוטער. די יונגע שענע יזידישע מיידלאַך האָבען די קאָזאַקען ניט גע'הרג'עט, ווייל זיי האָבען זיי געוואָלט צו'שמד'ן און חתונה האָבען מיט זיי, אָבער פיעלע האָבען זיך אָנגעטאָן אַלערליי מיתות אום ניט אַריינצופאַלען אין זייערע הענט. איין מיידעל האָט זיך בעריהמט פאַר אַ קאָזאַק, וואָס האָט זי געליבט, דאָס זי בעזיצט די קונסט צו פערשווערען אַ קויל, אַז זי זאָל ניט קענען טויטען. דער קאָזאַק האָט איהר געגעבען אַ קויל, זי האָט דיזע פערשוואָרען, און נאָכדעם האָט זי אָנגעשטעלט איהר האַרץ ער זאָל שיסען. דער קאָזאַק האָט געשאָסען און זי איז געפאַלען אויף'ן אָרט טויט, און איז אַזוי ניצול געוואָרען פון זיינע הענט. אַן אַנדער מיידעל האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין וואַסער, ווען זי איז געפאָהרען מיט אַ קאָזאַק, וועלכער האָט זי געפיהרט אין קירכע צו שמד'ן זי און דאָרט הייראַטען זי.

אויך אין טולטשין האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שרעקליכע דראַמאַ. פיעלע אידען זיינען ענטלאָפען אין יענער פעסטונג אום צו בעשיצען זיך דאָרט געגען די קאָזאַקען. דאָרט זיינען אויך געווען אייניגע הונדערט פּוילישע פּריצים, וועלכע האָבען געגעבען די אידען אַ שבועה, דאָס זיי וועלען זיין פעראייניגט מיט די אידען אין זייער פערטיידיגונג. אָבער די פּאָליאַקען האָבען זייער שבועה ניט געהאַלטען און האָבען אָפּגעמאַכט מיט די קאָזאַקען, דאָס זיי זאָלען זיי לאָזען לעבען, ווען זיי וועלען איבערגעבען די פעסטונג מיט די אידען אין זייערע הענט. ווען די אידען האָבען זיך דערוואוסט וועגען דיזען אָפּמאַך צווישען די פּאָליאַקען און די קאָזאַקען, האָבען זיי געוואָלט אויס'הרג'ענען די פּאָליאַקען, וועלכע זיינען געווען אין צאָהל פיעל ווענינע פון זיי. נאָר דער ראש ישיבה פון טולטשין, ר' אהרן, האָט זיי ניט דערלאָזען עס צו טאָן, ווייל דאָס וועט אָנמאַכען אַ שרעקליכע שנאה פון די פּאָליאַקען אויף אַלע אידען, און זיי וועלען אויסראָטען אַלע אידען. און די טולטשינער אידען האָבען ניט אָנגעריהרט די פּריצים, וואָס זיינען מיט זיי געווען אין דער פעסטונג. די קאָזאַקען זיינען אַריינגעלאָזען געוואָרען אין דער פעסטונג און האָבען צושאָכטען איבער 1,500 אידען.

די קאָזאַקען האָבען געוואָלט לאָזען לעבען די, וואָס וועלען אָננעהמען קריס-טענטום; אָבער קיין איין איד האָט זיך ניט געוואָלט שמד'ן און זיי זיינען אַלע גע'הרג'עט געוואָרען אויף קידוש השם. אָבער די פּאַלשע פּאָליאַקען האָבען אויך געהאַט אַ פינסטערען סוף. באַלד איז אָנגעקומען אַן אַנדער אָפּטיילונג קאָזאַקען און האָט צושאָכטען אַלע פּריצים, וועלכע האָבען אי-בערגעגעבען די אידען אין די קאָזאַצקע הענט.

פון פּאָדאָליען זיינען די קאָזאַקען אוועק אין וואָלהין. דעם גאַנצען זומער און הערבסט פון יאָהר 1648 האָבען די קאָזאַקען געשאָכטען אידען אין וואָלהין. אין פּ אָ ל אָ נ אָ (פּולנאה) האָבען זיי אויסגע'הרג'עט אי-בער 10,000 אידען. צווישען די קדושים איז אויך געווען דער געוויסער מקובל ר' ש מ ש ו ן אָ ס ט ר אָ פּ אָ ל י ע ר. דיזער מאַן מיט נאָך 500 פרומע אידען זיינען געשטאַנען אין שול אָנגעטאָן אין תכריכים און האָבען תפלה געטאָן צו גאָט. די קאָזאַקען האָבען זיי אַלעמען צושאָכטען ביז איינעם. די זעלבע מעשים תעתועים האָבען די קאָזאַקען אָנגעטאָן אין פיעלע אַנדערע שטעדט: אין ז אַ ס ל אַ ו ו, א ו ס ט ר א ה (אָסטראָג), אַ ל ט ־ ק אָ נ ס ט אַ נ ט י ן, ב אַ ר, נ אַ ר אָ ל, ק ר ע מ ע נ י ץ און נאָך שטעדט אין פּאָדאָליען, וואָלהין און אוקראַינאַ. דיזע אַלע פּראָ-ווינצען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין מענשליכע שלאַכט־הייזער.

די פּוילישע אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון ווישנעוועצקי'ן האָט אין אייניגע ערטער דערשטיקט דעם בונט פון די קאָזאַקען. נאָך דער קאַ-טאַסטראָפע אין נעמיראָוו איז ער אַהין אַריין מיט זיין אַרמעע און האָט שטאַרק בעשטראָפט די פּאָגראָם־מאַכער. די אידען, וואָס זיינען ענטלאָפען צו איהם אין לאַגער, האָט ער אויפגענומען זעהר פריינדליך און האָט זיי בעשיצט ווי וויט ער האָט געקענט. אָבער די אַנדערע קאָמאַנדירען פון דער פּוילישער אַרמעע האָבען זייער זאַך ניט געטאָן געוויסענהאַפט, און דעריבער האָט כמעלניצקי געהאַט די מעגליכקייט צו פערוויסטען גאַנצע פּראָווינצען.

פון אוקראַינאַ האָבען באַנדעס פון מוזשיקעס אָדער „היידאַמאַקען" אַריינגעריסען זיך אין ביעלאָ־רוסיע (ווייס־רוסלאַנד) און אין ליטאַ. נאָך דעם, ווי זיי האָבען אויסגעקוילעט אַלע אידען אין סטאַראָדוב און טשער-ניגאָוו, זיינען זיי אוועק אין ה אָ מ ע ל. די רויבער האָבען געגעבען כאַ-באַר דעם נאַטשאַלניק (הויפּטמאַן) פון שטאָדט, און ער האָט איבערגעגעבען אין זייערע הענט די אידען. די היידאַמאַקען האָבען זיי אַרומגערינגעלט און האָבען זיי געגעבען די ברירה: אָדער שמד'ן זיך, אָדער ווערען אוים-

געשאָכטען. דאַמאָלס האָט דער האָמעלער רב ר׳ אליעזר זיך גע־װענדעט צו זײַן געמײנדע מיט אַ רעדע, אין װעלכער ער האָט זײ צוגעגעבען מוט מקדש השם צו זײַן און זיך ניט טױפען. ער זעלבסט האָט אױסגע־שטרעקט זײַן האַלז צו די רױבער און מערדער, און האָט ערמונטערט די אַנדערע אידען צו טאָן דאָס זעלבע. די געמײנדע האָט בעשלאָסען צו לאָ־זען זיך אױס׳הרג׳ענען און ניט טױפען זיך. די װילדע הײדאַמאַקעס האָ־בען פערניכטעט די גאַנצע געמײנדע, יונג און אַלט, מענער און פרױען, זײ האָבען ניט איבערגעלאָזען פון אַלע האָמליער אידען קײן לעבעדיגען נפש.

אין סעפּטעמבער איז כמעלניצקי אַװעק אין גאַליציען און האָט בע־לאַגערט לעמבערג. ער האָט געראַבעװעט און געשאָכטען אידען אין די פאָרשטעדט, אָבער אין לעמבערג זעלבסט האָט ער ניט געקענט אַרײַן. ער האָט דאַן געשיקט צום מאַגיסטראַט פון שטאָדט און געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם אַרױסגעבען די אידען, און דערפאַר װעט ער אַװעק פון לעמ־בערג און װעט זי ניט בעלאַגערן. אָבער דער מאַגיסטראַט האָט איהם ענט־זאָגט; דאַן איז ער מרוצה געװאָרען צו נעהמען אַ גרױסע סומע קאָנטרי־בוציאָן און האָט פערלאָזען לעמבערג און איז אַװעק נאָך זאַמאָשץ, לובלין און װאַרשא. אין װאַרשא איז דאַן ערװעהלט געװאָרען אַלס קעניג דער קאַרדינאַל יאַן־קאַזימיר (1648—1668). דיזער האָט ענד־ליך געשלאָסען פרידען מיט די קאָזאַקען. אײנער פון די פּונקטען פון שלום איז געװעזען, דאָס די אידען זאָלען ניט טאָרען װאױנען אין די גובערניעס: קיעװ, פּאָלטאַװא, טשערניגאָװ און פּאָדאָליען (אױגוסט 1649).

ענדליך איז דער אױפשטאַנד אײַנגעשטילט געװאָרען, און די אידען האָבען פרײַ אָפּגעאָטעמט. דער קעניג האָט ערלױבט די אידען, װאָס זײַנען געצװאונגען געװאָרען זיך צו טױפען, צו װערען צוריק אידען. פיעלע פרױען, װאָס זײַנען דורך צװאַנג געװאָרען װײַבער פון קאָזאַקען, זײַנען ענטלאָפען פון זײערע מענער און זײַנען צוריקגעקומען צו זײערע פריהערדיגע פאַ־מיליעס. די רבנים פון „ועד ארבע הארצות״ האָבען געהאַט פיעל מיה אײַנצואָרדנען די אידישע געמײנדעס און זײערע פאַמיליעס. אײניגע רבנים האָבען פערפאַסט אײניגע הערצרײַסענדע סליחות, װעלכע מען האָט געזאָגט אין די שולען אַלע יאָהר אין כ׳ סיון, צום אָנדענקען פון די, װאָס זײַנען אומגעקומען על קידוש השם אין נעמיראָװ.

אָבער דער שלום האָט בײדע צדדים ניט צופרידען געשטעלט, און אין יאָהר 1651 האָט איבער־אַ־נײַעס אױסגעבראָכען אַ קריג צװישען די פּאָליאַ־קען און די קאָזאַקען. די פּאָליאַקען האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ פּאָלקס־

מיליץ, צווישען וועלכער עס איז אויך געווען אַן אָפּטיילונג פון 1,000 אידען. דיזען מאָל האָבען די פּאָליאַקען געוואונען די מלחמה, און דער שלום איז געשלאָסען געוואָרען גינסטיג פיר די פּאָליאַקען און די אידען, וועלכע האָבען בעקומען צוריק וואוינרעכט אין די ערטער פון אוקראַינאַ. כמעלניצקי איז מיט דיזען שלום געווען זעהר ניט צופרידען, און האָט געשלאָסען אַן אָפּמאַך מיט'ן מאָסקוועך צאַר אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש, דאָס אוקראַינאַ זאָל זיין אונטערוואָרפען אונטער דער מאַכט פון רוסלאַנד אונטער'ן נאָמען מ אַ ל אָ ר אָ ס ס י אַ (קליין־רוסלאַנד), וואו די קאָזאַקען זאָלען האָבען אַ געוויסע אויטאָנאָמיע (1654). דאָס האָט געפיהרט צו אַ נייער מלחמה צווישען רוסלאַנד און פוילען, פון וועלכער עס האָבען שטאַרק געליטען די אידען אין ביעלאָרוסיע און ליטאַ.

דער פערבאַנד צווישען די צוויי שטאַרקע אידישע שונאים, די קאָזאַקען און די רוסען, האָט זיי פערשאַפט פיעל אונגליק. אין יעדער שטאָדט, וואו עס זיינען אַריין די פעראייניגטע אַרמעען פון די קאָזאַקען און רוסען, האָבען זיי אָנגעמאַכט צווישען די אידען גרויסע שחיטות און גירושים. פון מ אָ ה י ל ע ו ו וואָס אויף'ן דניעפּער האָט דער צאַר אַלעקסיי געהייסען אַרויסטרייבען די אידען און איבערגעבען זייע־ע הייזער צו דער שטאָדט און צו דער רעגירונג (1654). די אידען האָבען זיך ניט געאַיילט אַרויסצוקלייבען, ווייל זיי האָבען גערעכענט, דאָס די פּאָליאַקען וועלען אין גיכען צוריק אָפּנעהמען די שטאָדט פון די רוסען. אָבער דיזע האָפנונג האָט זיי געקאָסט זייער לעבען. ווען די פּוילישע אַרמעע איז אין ענדע פון זומער 1655 צוגעקומען צו מאָהילעוו, האָט דער רוסישער פּאָלקאָווניק פּאָקלאָנסקי געהייסען אויסשעכטען אַלע אידען מיט זייערע ווייבער און קינדער און האָט צוגענומען זייער אייגענטום.

אין ו ו י ט ע ב ס ק האָבען די פּאָליאַקען פיעל געהאָלפען פערטיידיגען די שטאָדט געגען די קאָזאַקען און רוסען און האָבען דערפאַר שטאַרק געליטען ווען די שטאָדט איז אַריינגעפאַלען אין די הענט פון שונא. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די אידען אין ווילנא. דער צאַר אַלעקסיי האָט געהייסען אַרויסטרייבען זיי פון דאָרט, און עס זאָל ניט בלייבען קיין איין איד, ווייל זיי קאָנקורירען מיט די רוסישע סוחרים.

דער שוועדישער בעפאַל. אין דער זעלבער צייט האָבען די אידען אין פוילען פיעל געליטען פון דעם דריטען פּוילישען פיינד, פון שוועדען. דער שוועדישער קעניג קאַרל דער 10טער האָט אָפּגענומען פיעלע פּוילישע שטעדט, אונטער אַנדערע אויך די פּוילישע הויפּטשטעדט וואַרשא און קראַ-

קאָוו. אין דיזער מלחמה האָבען די אידען געליטען פוןביידע צדדים — פון די שוועדען און פון די פּאָליאַקען, וועלכע האָבען הושד געווען די אידען, דאָס זיי העלפען די שוועדען געגען די פּאָליאַקען. אויסער דעם האָבען די אידען דאַמאָלס שטאַרק געליטען פון אַ מגפה, וועלכע האָט צוגענומען פיעלע קרבנות אין די פּראָווינצען: קראָקאָוו, פּאָזען, קאַליש, פּיעטראָקאָוו און לובלין. ערסט נאָך דעם יאָהר 1658 האָט זיך דאָס לאַנד בערוהיגט, און די אידישע ליידען זיינען אויך אין אייניגע הינזיכטען לייכטער געוואָרען.

שרעקליך זיינען געווען די פערלוסטען, וואָס די אידען אין פּוילען און ליטא האָבען געליטען אין די צעהן יאָהר פון 1648 ביז 1658. מעהר פון 500,000 נפשות זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען. דאָס איז פיעל מעהר ווי אין דער צייט פון די קרייץ־צוגען. לערך 700 אידישע קהלות האָבען געליטען פון פּאָגראָמען, און פיעלע פון זיי זיינען אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. די אַלע אידישע קהלות אין טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער און קיעווער גובערניעס זיינען אין גאַנצען אָפּגעווישט געוואָרען. אין וואָלהין און פּאָדאָליען איז פון אַלע אידען געבליבען נאָר אַ צעהנטעל, פון די איבריגע 9 טיילען זיינען פיעלע אויסגעשאָכטען געוואָרען און זעהר פיעלע זיינען געפאַנגען געוואָרען פון די טאַטאַרען, וועלכע האָבען זיי אַוועקגעפיהרט אין אַזיען, וואו די אידען האָבען זיי אויסגעלעזט. דיזע טרויעריגע אידישע צייט איז בעשריבען פון ר' נתן האַנאָווער, וועלכער האָט מיט זיינע אויגען געזעהן די שרעקליכע צרות, אין זיין כראָניקע „יון מצולה". דער ווילנער רב, ר' שבתי כהן (ש"ך), האָט אויך בעשריבען דיזע קאַטאַסטראָפע אין אַ ספר'ל „מגלת עיפה", צו וועלכען עס זיינען צוגעזעצט געוואָרען אייניגע תפלות פיר די נשמות פון די קדושים, וואָס האָבען זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם. אויך פיעלע אַנדערע האָבען געשריבען איבער דעם חורבן פון גזירות ת"ח, ווי צ. ב. דער קראָקאָווער רב ר' ליפּמאַן העללער, דער פּאָזנער רב ר' שעפטיל הורוויץ, ר' מאיר פון שעברעשין („צוק העתים"), ר' גבריאל שוסבורג („פתח תשובה"). דיזע אַלע פערפאַסער האָבען מורא געהאַט, אַז דאָס פּוילישע יודענטום וועט שוין צוריק מעהר ניט אויפלעבען.

די וויעדער־אויפבליהונג (1658—1697). אָבער דיזע מורא איז געווען אַן אומזיסטע. די אייביגע נאַציאָן האָט וויעדער אין אַ קורצער צייט אויפגעבליהט. ווי נאָר דאָס לאַנד האָט זיך אַ ביסעל בערוהיגט זיינען פיעלע פון די פליכטלינגען צוריקגעקומען צו זייערע פערלאָזענע נעסטען

און האָבען זיך גענומען צוריק איינאָרדנען זייערע געמיינדעס מיט זייערע אַלטע אָרדנונגען. אָבער דער צענטער פון יודענטום האָט זיך אומגעבי־טען — ער האָט זיך איבערגעטראָגען אין ליטא. פיעל האָט געהאָלפען צום צוריק־אויפבליהען פון די אידישע געמיינדעס דער פּוילישער קעניג יאַן־קאַ־זימיר, וועלכער האָט ערנסט גענומען העלפען די אידען צוריקצושטעלען זיך אויף די פיס. ער האָט זיי געהאָלפען פערבעסערן זייער לאַגע דורך דעם, וואָס ער האָט זיי געגעבען נייע פּריווילעגיעס אין מסחר און האָט פער־קלענערט זייערע אָפּגאַבען.

דער קעניג, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען נאָך יאַן־קאַזימיר, מיכאאיל ווישנעוועצקי (1669—1673), האָט גענומען די אידען אונטער זיין שוץ און האָט זיי געגעבען פיעלע פּריווילעגיעס אום זיי זאָלען זיין אין שטאַנד צו פערבעסערן זייער מאַטעריעלע לאַגע. נאָר די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען געטאָן פון זייער זייט אַלעס מעגליכעס צו בעשרענקען זייערע רעכ־טען. דער לעצטער פּוילישער קעניג, וואָס האָט ווירקליך געוואָלט שטיצען די אידען און בעשיצען זיי געגען די אָנגריפען פון זייערע שונאים, איז גע־ווען יאַן דער 3טער סאָביעסקי (1674—1696). דיזער קעניג האָט פיעל געשטריטען מיט די אידישע שונאים — די פּוילישע פּריצים, די שטאָדט־מאַגיסטראַטען און קאַטאָלישע גייסטליכע, וועלכע האָבען געוואָלט בעשרענ־קען די אידישע רעכטען. די אידישע שונאים האָבען פיעלע מאָל געמאַכט פּאָרווירפען דעם קעניג דערפאַר, וואָס ער האָט גענומען אונטער זיין שוץ די אונגלויביגע (די אידען); אָבער ער האָט פּאָרטגעזעצט צו בעשיצען זיי. אין יאָהר 1693 האָבען די געגנער פון קעניגליכען הויף אַריינגעבראַכט צום סיים (רייכסטאַג) אין גראָדנאָ אַ קלאַגע אויף דעם פאַכטער פון די קעניג־ליכע שטייער, בצלאל, דאָס ער בע׳גנב׳עט די רעגירונג, און דאָס ער איז מבזה די קריסטליכע רעליגיאָן. דער קעניג האָט געהאַט מיט די אידען־פיינד אַ גרויסען שטרייט, און ער האָט ענדליך אויסגעפיהרט, דאָס דער שטייער־פאַכטער איז בעפרייט געוואָרען פון דער קלאַגע. אָבער אונטער דער רעגירונג פון סאָביעסקי׳ס נאָכפאָלגער איז די מאַטעריעלע לאַגע פון די אידען אין פּוילען ווידער געוואָרען שלעכט.

אונטער די קעניגען פון דער זאַקסישער דינאַסטיע, אַוגוסט דעם 2טען און אַוגוסט דעם 3טען (1697—1763), איז די לאַגע פון פּוילען געוואָרען זעהר קריטיש. דער דרוק פון די קלעריקאַלען און די גוטס־בעזיצער איז גע־וואָרען פיעל בולט׳ער און שטאַרקער נאָך דער מפּלה, וואָס די פּאָליאַקען האָבען געכאַפּט פון די רוסען און די שוועדען. די אידען, וועלכע זיינען

געווען געדריקט פון אלע זייטען, האבען פערלארען די איינציגע שטיצע, וואס זיי האבען געהאט ביז דאן פון די קעניגען, ווייל דיזע האבען זעלבסט פערלארען זייער מאכט אויף'ן פאלק. די לאגע פון די אידען, וועלכע איז געווען גענוג טרויעריג צוליב דער שווערער מלחמה צווישען די פאליאקען און קארל דעם 12טען, איז געווארען נאך טרויעריגער צוליב די שווערע אפ-צאהלונגען, מיט וועלכע די רעגירונג האט זיי בעלאסטעט.

די בעאמטע, וועמעס פליכט עס איז געווען צו בעשיצען די אידען, זיי-נען גאר געווארען זייערע בעדריקער. דער איד איז פיר זיי געווען א מעל-קעדיגע קוה; זיי האבען געברויכט אלערליי גוואלד-מיטלען ארויסצופרעסען געלט פון די אידען, און ווען מען האט ניט געפונען קיין אורזאך, האט מען אריינגעזעצט אין געפענגנים אן אנגעזעהענעם אידען, און מען האט איהם ניט בעפרייט ביז קהל האט געגעבען א גרויסע סומע אויסקויף-געלט. דער איד איז פשוט געווען הפקר אין די הענט פון די פוילישע בעאמטע און זיי פלעגען אפט אנטאן זיי לייד בלויז חוזק צו מאכען פון זיי. אזוי צ. ב. האט דער סטאראסטא פון קאניעוו געצוואונגען אידישע פרויען ארויפצוקלעטערן אויף אן עפעלבוים און מאכען שטונדען-לאנג „קוקו". דערנאך האט ער געשאסען אין זיי מיט שראט, האט זיי לייכט פערוואונדעט און זיי זיינען אראפגעפאלען פון בוים. דער סטאראסטא האט זעהר פיעל געלאכט און געהאט גרויס פערגניגען פון די לײדען פון די אידישע פרויען. אזעלכע סצענעם זיינען פארגעקומען זעהר אפט.

די פוילישע גוטס-בעזיצער אדער פריצים האבען זעהר חשק געהאט צו פערוואנדלען די אידען פון די דערפער אין לייבאייגענע. נאר די רעגי-רונג האט זיי דערין געשטערט, ווייל זי האט ניט געוואלט פערלירען די הכנסה, וואס זי האט געהאט פון די אידען. דאך איז דער אידישער שענ-קער אדער ארענדאר געווען א האלבער לייבאייגענער פון פריץ, וועלכער האט געהאט פולע רעכט צו משפט'ן, צו בעשטראפען יעדען איינעם, וואס איז געזעסען אויף זיין גוט, ווי א פאלשטענדיגער הערשער. די קליינע פראווינ-ציעלע סיימען (פארלאמענטען) פלעגען זיך זעהר אפט ערלויבען אריינצו-כאפען זיך אין א אידישע שול און מאכען דארט אונארדנונגען, א שטיקעל פאגראם, פון שפאס וועגען. די רעגירונג האט עס אפילו שטרענג פער-וועהרט, אבער א מנהג ברעכט א דין.

אין די שטעדט זיינען זעהר אפט פארגעקומען צאנקערייען צווישען די אידען און די קריסטליכע סוחרים, און נאך מעהר מיט די צעכאוויע, וועלכע האבען געהאט אין זייערע הענט די שטאדט-פערוואלטונג (מאגיסטראט).

דער מיטעל צו פערפאָלגען די אידען און אַרויסטרייבען זיי פון מסחר און האַנט-ווערק איז געווען די רעליגיאָן. דערצו האָבען פיעל מיטגעהאָלפען די קאַטאָלישע גייסטליכע. פערפאָלגען די אידען אָדער זאָגאַר אַ קריסט, וואָס איז געווען ניט טריי דעם קריסטענטום, איז געווען אין יענער צייט אַ מין דאָגמאַ (עיקר) אין דער פּאָליטיק. דער סינאָד פון לאָוויטש האָט אין 1720 געשאַפען אַ געזעץ, דאָס די אידען טאָרען ניט בויען קיין שולען, אויך ניט רעפּאַרירען די אַלטע שולען, אום מען זאָל מיט דער צייט פּטור ווערען פון אַלע אידישע שולען אין לאַנד. אין יאָהר 1733 האָט דער פּלאָצקער סינאָד אַרויסגעגעבען אַן ערקלערונג, דאָס עס איז ערלויבט די אידען צו וואוינען אין קריסטליכע לענדער נאָר מיט דעם צוועק, דאָס זיי זאָלען דער-מאָהנען די קריסטען די ליידען פון יעזוס'ן, און אום צו צייגען דער וועלט, ווי גאָט שטראָפט די אונגלויביגע, און דעריבער איז עס אַ גרויסע מצוה צו דריקען זיי און ערנידריגען. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָבען די קריסטען אָנגעהויבען מאַכען זעהר אָפט עלילות דם, ד. ה. בעשולדיגונגען אויף אידען, דאָס זיי ערמאָרדען קריסטליכע קינדער אום צו געברויכען זייער בלוט פיר רעליגיעזע צוועקען. מען האָט זיי זעהר אָפט בעשולדיגט, דאָס זיי זוכען צו בעקומען אַ האָסטיע (דאָס הייליגע קירכען-ברויט) און דאָס מבזה זיין. די קאַטאָלישע גייסטליכע פלעגען זעהר אָפט אונטערוואַרפען אַ טויטעס קריסטליכעס קינד אין אַ אידישען הויז און בעשולדיגען די אי-דען, דאָס זיי האָבען עס ערמאָרדעט צוליב אַ רעליגיעזען צוועק. דיזע בעשולדיגונגען זיינען געווען בעגלייט מיט פּאָגראָמען אויף אידען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען לאַנגע פּראָצעסען, וועלכע פלעגען זיך אָפט ענדיגען מיט בעשולדיגען אַ סך אונשולדיגע אידען, וועלכע מען האָט געלאָזט פער-ברענען.

גרויסע פּראָצעסען פון דיזען סאָרט זיינען פאָרגעקומען אין סאַנדאָמיר (1698—1710), פּאָזען (1736), זשיטאָמיר (1753) און וואָיסלאַוויץ (1760). דיזע אַלע פּראָצעסען זיינען געפיהרט געוואָרען מיט די אינקוויזיציאָנס-מיטלען. דער סאַנדאָמירער פּראָצעס איז אַרויסגעקומען דורך דעם, וואָס אַ קריסטליכע פרוי האָט אונטערגעוואָרפען דעם טויטען קערפּער פון איה-רען אַ ממזר אין אַ אידען'ס הויף. דער פּראָצעס האָט זיך געצויגען צוועלף יאָהר און איז דורכגעגאַנגען צוויי אינסטאַנציעס. אין דעם אונטערען גע-ריכט זיינען די אידען בעפרייט געוואָרען, אָבער דעם קסיאָנדז (גלח) זשו-כאָווסקי איז עס געלונגען ווידער צו ערעפנען דעם פּראָצעס מיט אינקווי-זיציאָנס-מיטלען. ער האָט ענדליך דערגרייכט זיין ציל. דער טריבונאַל

פון לובלין האָט פעראורטיילט דעם אונשולדיגען אידישען ראש הקהל צום טויט; קעניג אוגוסט האָט אין יאָהר 1712 בעפוילען ארויסצוטרייבען אַלע אידען פון סאַנדאָמיר און פערוואַנדלען די אידישע שול אין אַ קאַטאָלישע קירכע, און די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען אריינגעשטעלט אין דער קירכע פון סאַנדאָמיר אַן עקעלהאַפטעס בילד, וועלכעס האָט פאַרגעשטעלט די סצענע פון אַ רעליגיעזען קינדער־מאָרד. דער פּאָזענער פּראָצעס האָט גע־דויערט גאַנצע 4 יאָהר (1736—1740). מען האָט אריינגעוואָרפען אין גע־פענגנים דעם סטאַראָסטאַ און דעם שתדלן, צוויי זעהר אָנגעזעהענע מענ־שען, און מען האָט זיי אין געפענגנים שרעקליך געמאַטערט מיט אַלערליי אינ־קוויזיציאָנס־טאָרטורען ביז זיי זיינען דאָרט געשטאָרבען פון יסורים. די אַנ־דערע בעשולדיגטע האָט מען בעפרייט נאָך דעם, ווי זיי און דריי אָרענט־ליכע קריסטען האָבען געשוואָרען, דאָס אידען ברויכען ניט קיין בלוט אין זייערע מצות. אין זשיטאָמיר האָט מען בעשולדיגט 24 אידען אין דיזען פערברעכען. נאָך שרעקליכע פּייניגונגען האָבען זיך 11 פון זיי מודה געווען, דאָס זיי האָבען בעגאַנגען דעם פערברעכען; מען האָט זיי שרעק־ליך שווער בעשטראָפט — מען האָט פון זיי לעבעדיגערהייט אַראָפּגע־שונדען די הויט. די איבריגע האָבען זיך גע'שמד'ט און מען האָט זיי בע־פרייט. דאָס קריסטליכע קינד האָט מען אָנערקענט פיר אַ קדוש און מען האָט צושיקט זיין בילד איבער'ן גאַנצען לאַנד אום אויפצורייצען די מאַסען געגען די אידען. באַלד נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער פּראָצעס געגען די אידען אין וואָיסלאַוויץ. דאָרט האָט מען בעשולדיגט דעם אי־דישען קהל אין ערמאָרדען אַ קריסטליכעס קינד פיר רעליגיעזע צוועקען. מען האָט אריינגעוואָרפען אין געפענגנים דעם רב און איינינע קהל'ס־לייט. צוליב שרעקליכע פּייניגונגען האָט דער רב גענומען זיך דאָס לעבען אין געפענגנים; די איבריגע האָט מען פעראורטיילט און מען האָט זיי געפער־טעלט, ד. ה. מען האָט זיי צוזעגט אין פיער טיילען. די קסיאָנדזעס האָבען איינגערעדט איניגע, אז זיי זאָלען זיך מודה זיין, וועט מען פערלייכטערן זייער שטראָף. זיי האָבען עס געטאָן, און די קסיאָנדזעס האָבען געהאַלטען וואָרט — מען האָט זיי נאָר אָפּגעהאַקט די קעפּ.

אום פּטור צו ווערען פון אַזעלכע פּראָצעסען האָבען די פּוילישע אידען געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום פּאַפּסט אין רוים, אַז ער זאָל אַרויסלאָזען אַ בוללע, דאָס די עלילות דם זיינען נאָר פאַלשע בעשולדיגונגען, ווייל די אי־דען געברויכען ניט קיין בלוט אין זייערע מצות (1758—1760). דער פּאַפּסט בענעדיקט דער 13טער האָט געשיקט צו זיין נונציאָ (געזאַנדטען)

אין װאַרשא, אַז ער זאָל ניט דערלאָזען אַזעלכע פאַלשע בעשולדיגונגען אויף אידען, װייל שוין אין 13טען יאָהרהונדערט האָט דער פּאַפּסט אינאָצענץ דער 4טער אָנערקענט דיזע בעשולדיגונג אַלס אַ פאַלשע; און קעניג אַ־גוסט דער 3טער האָט אין יאָהר 1763 בעפוילען, דאָס מען זאָל ניט בעשול־דיגען די אידען אין אַזעלכע באַרבאַרישע מנהגים. אָבער דאָס אַלעס האָט װעניג געהאָלפען. דאָס פאָלק, דאָס אונװיסענדע פאָלק, האָט אָנגעשטעקט אויף די געבילדעטע קלאַס מיט דיזען אַבערגלויבען.

**די גרויסע שחיטה אין אומאַן און די ערסטע צוטיילונג פון פּוי־לען.** די שטענדיגע רייסערייען צװישען די פערשיידענע קלאַסען פון פּוי־לישען פאָלק און דער שרעקליכער רעליגיאָנס־האַס צװישען די פערשיידענע גלויבענס און נאַציאָנאַליטעטען האָט געפיהרט פּוילען צום אונטערגאַנג. פון דעם יאָהר 1764, זינט סטאַניסלאַװ אױגוסט פּאָניאַטאָװסקי איז ער־װעהלט געװאָרען אַלס קעניג אין פּוילען, איז שוין דאָס לאַנד מעהר ניט גע־װען אונאָפּהענגיג, נאָר עס האָט זיך שוין געפונען אונטער דעם שוץ פון רוסלאַנד. אין מאַנכע קרייזען האָט מען פאָרויסגעזעהען, דאָס דער אונטער־גאַנג פון פּוילען איז ניט װייט און דאָס מען מוז דעריבער אונטערנעהמען װיכטיגע רעפאָרמען אין לאַנד און ברייננען האַרמאָניע צװישען די פער־שיידענע קלאַסען און נאַציאָנאַליטעטען, אָבער די קלעריקאַלען האָבען גע־שטערט. די רעגירונג האָט ניט געזוכט צו פערבעסערן די לאַגע פון די אידען, װעלכע זיינען געװען אַ זעהר װיכטיגער עלעמענט פון דער שטאָד־טישער בעפעלקערונג, נאָר זי האָט געזוכט װי װייט זי האָט געקענט צו בע־לאַסטען זיי מיט נייע אָפּגאַבען און אויסזויגען פון זיי דעם לעצטען טראָפּען בלוט, און מען האָט געמאַכט געגען זיי בעשרענקונגען.

אין אוקראַינאַ, קליין־רוסלאַנד, האָבען די רוסען אָנגעהויבען װערען מעכטיגער און האָבען אָנגעהויבען צו דריקען די פּאָליאַקען און די אידען. די היידאַמאַקען פון קליין־רוסלאַנד האָבען צוזאַמענגעשטעלט ראָטעס און זיינען בעפאַלען די אידען און די פּריצים, װי אין דער צייט פון כמעלניצ־קי'ן. אין די יאָהרען 1734 און 1750, װען פּוילען איז געװען אָהן אַ קעניג און אין לאַנד האָט געהערשט אַ סאָרט אַנאַרכיע, האָבען די היידאַמאַצקע באַנדעס אָנגעמאַכט שרעקליכע פערװיסטונגען צװישען די פּריצים און די אידען אין די פּראָװינצען פון קיעװ, װאָלהין און פּאָדאָליען. איבערהויפּט האָבען זיי געבושעװעט אין יאָהר 1768. רוסלאַנד האָט געפאָדערט פון דער פּוילישער רעגירונג, אַז זי זאָל געבען די היידאַמאַקען, װעלכע זיינען געװען פון פּראַװאָסלאַװנעם גלויבען, פולע פּאָליטישע רעכטען און פּריי־

הייט צו פיהרען זיך ווי זייער גלויבען פערלאַנגט פון זיי, און די קאַטאָלישע גייסטליכע זאָלען זיך גאַרניט מישען אין זייער רעליגיאָן. איינינע פּאָ־ליאַקען האָבען געבילדעט אַ פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט דעם צוועק ניט צו דערלאָזען געבען די היידאַמאַקען וואָס רוסלאַנד האָט פיר זיי געפאָדערט. עס איז דערפון ארויסגעקומען אַ מלחמה צווישען רוסלאַנד און די פּוילישע געגנער פון רוסישען איינפלוס. די פּוילישע אַרמעע האָט געהאָלפען די רוסען דערשטיקען דעם ווידערשטאַנד פון די אונצופרידענע פּריצים. די היידאַמאַקעם האָבען זיך בענוצט מיט דיזען צושטאַנד און האָבען אָנגע־הויבען אָנמאַכען בונטען, און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען נייע שחיטות אויף פּריצים און אידען.

אָן דער שפּיץ פון דיזע בונטאָווטשיקעס איז געשטאַנען אַ קאָזאַק מיט'ן נאָמען זשעליעזניאַק. אין אַפּריל 1768 האָט ער מיט זיינע באַנדעס אָנגעהויבען מאָרדען, ברענען און ראַבעווען אין קיעווער פּראָווינץ. די אידען מיט די פּריצים זיינען געשטאַנען אויף'ן ערסטען פייער. די היי־דאַמאַקען פלעגען אויפהענגען אויף איין בוים אַ איד, אַ פּאָליאַק און אַ הונט, און דערביי האָבען זיי אָנגעשריבען: „ליאך (פּאָליאַק), זשיד, דאַ טאַבאַקאַ (הונט) וסיאָ וויעראַ אָדינאַקאַ" (אַ פּאָליאַק, אַ איד און אַ הונט האָבען איינעם און דעם זעלבען גלויבען). אַ זעהר שרעקליכע שחיטה האָבען די היידאַמאַקען אָנגעמאַכט אין די שטעדטלאַך ליסיאַנקאַ און טע־טיעווע. פון דאָרט האָבען די באַנדעס רויבער און מערדער זיך אַוועק־געלאָזען אין אומאַן. די שטאָדט איז געווען שטאַרק בעפעסטיגט, און דעריבער זיינען אַהין אָנגעלאָפען זעהר פיעלע אידען און פּאָליאַקען צו בע־שיצען זיך. אומאַן האָט געהערט צום קיעווער גובערנאַטאָר מלאַדאַנאָוויטש, וועלכער האָט דאַמאָלס געהאַט אַ קליינע אָפּטיילונג סאָלדאַטען, וואָס זיי־נען געשטאַנען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ קאָזאַק גאָנטאַ. דיזען האָט מלאַדאַנאָוויטש געשיקט מיט איינינע קאָזאַקען צו בעשיצען אומאַן. אָבער גאָנטאָ מיט זיינע קאָזאַקען זיינען באַלד צוגעשטאַנען צו זשעליעז־ניאַק'ן און ביידע האָבען אָנגעהויבען שטורמען די שטאָדט (18טען יוני 1768). דעם ערסטען טאָג האָבען די פּאָליאַקען צוזאַמען מיט די אידען געאַרבייט ענערגיש צו בעשיצען די שטאָדט. אָבער באַלד האָבען די פּאָ־ליאַקען בעוויזען זייער פאַלשקייט. דער גובערנאַטאָר מלאַדאַנאָוויטש האָט אָנגעהויבען צו פערהאַנדלען מיט די פיהרער פון די קאָזאַצקע באַנדעס, און דיזע האָבען זיי פערשפּראָכען צו בעפרייען די פּאָליאַקען, נאָר מען זאָל זיי לאָזען אָפּרעכנען זיך מיט די אידען. ווי נאָר די קאָזאַקען זיינען אריין

איז שטאָדט האָבען זיי זיך גלייך גענומען שעכטען די אידען. זיי האָבען געוואָרפען קליינע קינדער מיט פרויען פון די דעכער און די קאָזאַקען פון אונטען האָבען זיי אַרויפגעכאַפּט אויף זייערע שפּיזען. איבער דריי טויזענד אידען האָבען זיך פערשפּאַרט אין שול, אָבער די קאָזאַקען האָבען אויפגעבראָכען די טירען און האָבען זיי אַלע צוקוילעט. נאָכדעם האָבען זיך די קאָזאַקען גענומען צו די פּאַלשע פּאָליאַקען און האָבען אויך צווישען זיי אָנגעמאַכט אַ שרעקליכע שחיטה. איבער 20,000 מענשען האָבען זיי צושאָכטען, אויך דעם גובערנאַטאָר מלאַדאַנאָוויטש האָבען זיי ערמאָרדעט.

אויך אין פיעלע אַנדערע שטעדט פון קיעווער און פּאָדאָליער פּראָווינצען האָבען די באַנדעס רויבער אָנגעמאַכט שרעקליכע שחיטות. ענדליך האָבען זיך די רוסישע און פּוילישע מיליטער צוזאַמענגענומען צו דערשטיקען דעם בונט. מען האָט געכאַפּט די צוויי הויפּט־פיהרער פון בונט: זשעליעזניאַק'ן און גאָנטאַ'ן. דיזער לעצטער האָט בעקומען אַ שרעקליכע טויט־שטראָף: מען האָט פון איהם לעבעדיגערהייט געשניטען פּאַסען פון זיין פלייש און נאָכדעם האָט מען איהם געפערטעלט.

דאָס איז געוועזען דעם צווייטען מאָל דער רעזולטאַט פון רעליגיאָנס־האַס, וועלכען די קאַטאָלישע גייסטליכע און די רוסישע האָבען געפיהרט און פערברייטעט אין פּאָלק צווישען זיך און ביידע געגען די אידען. דאָס יאָהר 1768 איז געוועזען אַ פערקלענערטע קאָפּיע פון יאָהר 1748 (גזירת ת"ח). כמעלניצקי און גאָנטאַ האָבען ביידע חרוב געמאַכט אַ לאַנד, וועלכעס האָט אַמאָל געבליהט. אַ לאַנד, אין וועלכען די איינוואוינער זיינען געוועזען צוטיילט אויף קלאַסען, פון וועלכע יעדע האָט נאָר געזוכט איהרע אייגענע נוצען און וועגען דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד האָט זי ניט געזאָרגט — אַזאַ לאַנד האָט געמוזט פערלירען זיין אונאָפּהענגיגקייט און פאַלען, און פּוילען איז ווירקליך געפאַלען.

אין יאָהר 1772 איז פאָרגעקומען די ערסטע צוטיילונג פון פּוילען צווישען רוסלאַנד, פּרייסען און עסטרייך. רוסלאַנד האָט ציגענומען אַ גרויסען טייל פון ביעלאָרוסיע, פּרייסען האָט צוגענומען פּאָמעראַניען און דעם נידריגען טייל פון די לענדער, וואָס ליגען ביים ווייקסעל; און עסטרייך האָט צוגענומען גאַליציען און אַ טייל פון פּאָדאָליען. דער מעהרסטער טייל אידען איז געוועזען אין די פּראָווינצען, וואָס זיינען אָנגעקומען צו עסטרייך און רוסלאַנד. דער בעשטענדיגער ראַט (1775—1788), וועלכער איז נאָך דער צוטיילונג געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער פּוילישער רעגירונג, האָט זיך געמאַכט פיר זיין אויפגאַבע צו רעפאָרמירען די אָרדנונגען פון דער רעגי-

רונג אין לאנד גופא. דער בעסערער טייל פון דער געזעלשאפט האט זיך געוואלט נעהמען צו געבען א סאלידע ערציהונג און בילדונג צו דער פוילישער יוגענד. אין יאהר 1773 האט דער פאפסט קלעמענט דער 14טער מבטל געווען דעם יעזואיטישען ארדען אין פוילען, און האט דערמיט בעפרייט דאס לאנד פון דעם שעדליכען איינפלוס פון די יעזואיטען אויף די יוגענד. די פוילישע ערציהונגס־קאמיסיאן האט רעפארמירט די אלטע פאלקס־שולען און האט געשאפען פיעלע נייע. זאמאיסקי האט אויסגעארבייט א פראיעקט, ווי צו פערבעסערן די לאגע פון די אידען (1778). הגם ער האט נאך אויך פארגעשלאגען צו לאזען אייניגע בעשרענקונגען גע־גען אידען, ווי צ. ב. האלטען זיי ווי פריהער אין א געטא אפגעזונדערט פון קריסטען, דאס זיי זאלען ניט האבען קיין רעכט צו ערווערבען גרונד־אייגענטום או. ד. גל., אבער אין פיעלע הינזיכטען האט ער אין זיין פראיעקט בעשיצט די אידען. אבער אין די יאהרען פון 1788—1791, ווען עס האט רעגירט דער פיער־יעהריגער סיים, האט דער בעסערער טייל פון דער געזעלשאפט ערנסט געוואלט אויסבעסערן דעם צושטאנד פון אלע עלעמענטען פון לאנד אהן אונטערשייד פון רעליגיאן און ראסע. די געבילדעטע פאליאקען האבען זיך דאמאלס געפונען אונטער די הומאנע שטרעבונגען פון פראנקרייך. אבער עס איז שוין געווען צו שפעט צו רעטען דאס לאנד, וועלכעס איז שוין געווען אין די מיילער פון די רויב־טיערען, וועלכע האבען געשטרעבט צו פערשלינגען זי אין גאנצען, און דער אידישער צענטער איז איבערגעגאנגען צו אן אנדער רעגירונג, פיר קיין פאל ניט קיין בעסערע פון דער פוילישער.

**די אויטאנאמיע, דער קהל און די ועדים.** ווען די אידען האבען געקענט האבען אין אזא שלעכטער עפאכע א געוויסע אויטאנאמיע, האבען זיי עס צו פערדאנקען דער פעסט־איינגעווארצעלטער שטרעבונג אין זייער געמיינדע צו זעלבסט־רעגירונג פון פריהערדיגע צייטען. זיי האבען געפונען פיר נעטיג צוזאמענצונעהמען זיך אין א שטרענג צוזאמענגעבונדענע גע־מיינדע אום צו בעשיצען זיך געגען זייערע פיינד, וועלכע האבען זיי ארום־גערינגעלט. דער אויפרוף פון דעם „ועד ארבע הארצות" פון יאהר 1676 הייבט זיך אן מיט דיזע ווערטער: „מיר האבען זיך שטארק פערזינדיגט פאר אונזער גאט. דאס לעבען ווערט אונז שווערער מיט יעדען טאג. אונזער פאלק האט ניט קיין ווערט אין די אויגען פון אנדערע פעלקער. עס איז א גרויסער וואונדער, וואס מיר עקסיסטירען נאך. דאס איינציגע, וואס איז אונז געבליבען צו טאן, איז — פעראייניגען זיך אין א פעסטען פערבאנד

אום צו קענען לעבען לויט די פארשריפטען פון אונזער הייליגער תורה". נאך דיזע ווערטער געהט א גאנצע רייהע פון תקנות, ווי צ. ב. ניט אננעה-מען אין ארענדע די רעגירונגס-שטייער, ניט מאכען קיין שותפות מיט קריס-טען אין מסחר און נעהמען אין ארענדע גיטער אהן ערלויבנים פון קהל, ווייל דיזע בעשעפטיגונג ערוועקט שנאה פון די קריסטען אויף אידען. דער קהל האט אנגעווענדט אלע מיטלען אום אפצוציהען יעדען אידען פון האבען וועלכע עס איז פערבינדונג מיט דער קריסטליכער וועלט. די פוילישע רע-גירונג האט זעלבסט געהאלפען צו בעפעסטיגען די מאכט פון אידישען קהל, ווייל דיזע אינסטיטוציאן איז געוועזן זעהר ניצליך פיר די רעגירונג דערמיט, וואס דורך איהר האט זי געקענט לייכט איינמאהנען די שטייער און אפ-צאהלונגען פון די אידען אהן א שום הוצאה פון איהר זייט. די רעגירונג האט בעסער געוואלט האבען צו טאן מיט קהל איידער מיט איינצעלנע פער-זאנען פון אידען. פיר א פערברעכען פון איין אידען האט זי געמאכט פער-אנטווארטליך קהל, און דעריבער האט זי געגעבען דיזער אינסטיטוציאן פיעלע רעכטען און מאכט געגען יעדען איינצעלנעם אידען. דיזע מאכט פון קהל האט געפיהרט דערצו, דאס דער אידישער געמיינדע-פערבאנד איז געווארען זעהר פעסט. פון דער אנדערער זייט אבער איז דיזע דיסציפלין פון קהל אויף יעדען יחיד געווארען אפט אונערטרעגליך, און האט פיעל גע-שטערט דער פערזענליכער פרייהייט פון יעדען איינצעלנעם.

אויף די סיימען פלעגט די רעגירונג בעשטימען די אלגעמיינע סומע, וואס אלע אידען אין לאנד דארפען אריינברייגען אין דעם יאהר אין די קעניגליכע קאסע, און זי זעלבסט האט געמאכט די אפשאצונג, ווי פיעל יעדע אידישע געמיינדע אדער קהל מוז געבען אויף דיזע סומע. אבער יע-דער קהל האט שוין אליין געמוזט זארגען, דאס די סומע, וועלכע די רע-גירונג פאדערט פון זיין געמיינדע, זאל ווערען פינקטליך איינגעקאסירט און אריינגעטראגען אין די רעגירונגס-קאסע. עס פערשטעהט זיך, דאס די רעגירונג האט געמוזט געבען דעם קהל גענוג פולמאכט, אום ער זאל קענען ערפילען צו איהר זיין פליכט. אין יאהר 1672 האט דער קעניג געגעבען דעם קהל פון די אידישע געמיינדעם דאס רעכט צו בעשטראפען יעדען יחיד פון דער קהלה, וועלכער פיהרט זיך אויף שלעכט און פערשאפט שאנדע דעם אידישען נאמען צווישען קריסטען. מיט צעהן יאהר שפעטער האבען די אידען אויסגעווירקט פון דער רעגירונג א פעראָרדנונג צו די פריצים, דאס זיי זאלען ניט פערלייהען צו אידען קיין שום געלט אהן דער צושטי-מונג פון קהל, ווייל די אידען זיינען פעראנטווארטליך פיר דעם באנקראט

פון יעדען אידישען יחיד פון זייער געמיינדע. אין יאָהר 1692 האָט דער לעמבערגער וואָיעוואָדאַ אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל קיין אידען ניט אַרויסגעבען קיין בראַנפען צו פערקויפען ביז ער וועט ברייננען אַ צייגנים פון דעם סטאַראָסטאַ פון קהל, דאָס ער איז אַן אָרענטליכער מאַן. קיין איד האָט ניט געקענט נעהמען אין אַרענדע אַ גוט אָדער עטוואָס אַנדערעס, ווען ער האָט ניט געהאַט קיין צייגנים פון קהל'שען סטאַראָסטאַ, דאָס ער פערדינט צוטרויען. אָהן דער ערלויבנים פון קהל'שען סטאַראָסטאַ און איינצאָהלונג פון אַ ספּעציעלער שטייער („חזקת ישוב") האָט זיך קיין איד ניט געקענט בעזעצען אין אַ געוויסען אָרט און צושרייבען זיך צו אַ געמיינדע.

די אויטאָנאָמיע פון די אידישע קהלות איז געוועהנליך בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו ערוועהלען זייערע אייגענע סטאַראָסטאַס, וועלכע זיינען אָנערקענט געוואָרען פון דער רעגירונג אַלס געזעצליכע בעאַמטע און ריכטער. דיזע ריכטער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו משפט'ן בעלי דינים נאָר פון אידען. דאָס קהל-שטיבעל נעבען דער שול איז געוועזן דאָס געריכטס-הויז, וואו עס איז געזעסען דער אידישער בית-דין. דער בית-דין איז בעשטאַנען פון דעם רב און איניגע פון די סטאַראָסטאַס. אָבער ווען אַ איד האָט געהאַט אַ פּראָצעס מיט אַ קריסט, איז צוגעזעצט געוואָרען צום בית דין אַ קריסטליכער ריכטער, וועלכער האָט בעדאַרפט ערוועהלט ווערען פון די אידען און בעשטעטיגט ווערען פון וואָיעוואָדאַ. דיזער קריסטליכער ריכטער האָט געמוזט גרינדען זיין בעשלוס אויף די אַלגעמיינע געזעצען פון לאַנד און אויך אויף די אידישע, מיט וועלכע ער האָט געמוזט זיין בעקאַנט. דער בית-דין-שמש איז געווען בעשטימט איינצולאַדען די בעלי דינים צום בית דין.

אַלס סטאַראָסטאַ פון קהל האָט מען געוועהנליך ערוועהלט אָדער רייכע אידען אָדער לומדים. פון דער אָרימער קלאַס פלעגט מען ערוועהלען איינעם זעהר זעלטען. דיזע האָבען אימער געהאַט טענות, דאָס מען בעהאַנדעלט זיי שלעכט, מען בעלאַסטעט זיי מיט אָפּצאָהלונגען ניט נאָך זייער פערמעגען. צווישען די קהל'ס-לייט פון פערשיידענע געגענדען פלעגען זיך זעהר אָפט מאַכען קריגערייען צוליב דעם רעכט אויף אַ שטעדטעל אָדער אַ דאָרף, וואָס האָט געמוזט געבען אַ טייל פון די אָפּגאַבען, וועלכע די רעגירונג האָט אַרויפגעלעגט אויף דעם בעצירק, צו וועלכען זיי האָבען געהערט. אַזעלכע פּראָצעסען פלעגען זיך געוועהנליך פערהאַנדלען אויף די פערזאַמלונגען פון „ועד ארבע הארצות". אויסער דיזען ועד האָבען די אידישע

קהלות אין ליטא געהאט א בעזונדערען ועד. אלע וויכטיגע פראגען, וואס זיינען פארגעקומען אין יעדער קהלה און זיינען דארט ניט געלעזט געווארען, זיינען פארגעקומען פאר די ועדים. דיזע זיינען בעשטאנען פון ערוועהלטע קהל׳שע סטאראסטאס און פראמינענטע רבנים. דער „ועד ארבע הארצות" איז צוזאמענגעקומען אין לובלין, אין יאראסלאוו (גאליציען) און אין אנדערע שטעדט. דער ליטווישער ועד פלעגט זיך פערזאמלען אין כאמסק, זאבלודאווע, סעלץ, סלוצק, מיר און בריסק. די פוילישע רעגירונג האט שטארק געשטיצט די ועדים, ווייל עס איז פיר איהר געווען בעסער צו האבען געשעפטען מיט א צענטער איידער מיט די פערשיידענע איינצעלנע קהלות. אין יאהר 1687 האט דער „ועד ארבע הארצות" געווענדט זיך צום קעניג יאן דעם 3טען מיט א קלאגע, דאס איינינע קהלות ווילען ניט אנערקענען זייער אויטאריטעט, און דעריבער קענען זיי ניט אויפמאהנען דאס געלט, וואס די רעגירונג האט פון זיי געפאדערט אלס די אפגאבען פון די אידען אין פוילען. דער קעניג האט שטרענג אנגעזאגט, דאס יעדע קהלה מוז אונבעדינגט זיין אונטערוואַרפען אונטער דער אויטאריטעט פון ועד, און ווער עס וועט ניט אויספאלגען וואס דער ועד פאדערט וועט שטרענג בעשטראפט ווערען.

דער ועד האט געלעגט פיעל געוויכט אויף די ערציהונג פון די אידישע קינדער. ער האט געזארגט, דאס אין יעדער שטאדט זאל זיך געפינען א תלמוד תורה און א ישיבה פיר ארימע קינדער, וועלכע האבען אין דיזע אנשטאלטען בעקומען די נעטיגע אידישע קענטניסען אומזיסט; אויסער דעם האבען נאך די תלמידים בעקומען שטיצע פיר זייער עקסיסטענץ. דער ועד האט אויך גענומען אין זיינע הענט די קאנטראל אויף אידישע ספרים, און האט ניט געלאזען פערקויפען קיין ספרים, וואס האבען ניט געהאט אויף זיך א הסכמה פון ועד אדער פון א בעוואוסטען רב. דער ועד האט זיך ניט איינמאל אריינגעמישט אין די מחלוקת פון פערשיידענע סעקטעס און פערטייען, ווי מיר וועלען עס א ביסעל שפעטער דערצעהלען.

ווען עס פלעגען פארקומען אין די אידישע קהלות פראגען, וואס דער ועד האט ניט געהאט קיין רעכט אדער ער האט ניט געוואלט מישען זיך אין זיי, פלעגען די סטאראסטאס פון די קהלות מאכען אפט ספעציעלע פערזאמלונגען צווישען זיך אין דער ארט און ווייזע ווי די פוילישע קליינע סיימען (פארלאמענטען) און דארט פלעגען זיי פערהאנדלען זייערע ספעציעלע פראגען.

אין יאָהר 1764, ווען סטאַניסלאַוו אויגוסט איז אַרויף אויף'ן פּוילישען טראָן, האָט די קהל־אינסטיטוציאָן בעקומען אַ שרעקליכען קלאַפּ און איז פיעל אָפּגעשוואַכט געוואָרען. דיזער קעניג האָט געענדערט דאָס סיסטעם פון איינגנעהמען אָפּצאָהלונגען פון אידען אין פּוילען און ליטא. ער האָט אויסגעפונען, דאָס קהל נעהמט איין פון די אידען פיעל מעהר איידער ער טראָגט אַריין אין די קעניגליכע קאַסע. ער האָט דעריבער בעשטימט, דאָס יעדע אידישע פאַמיליע מוז איינצאָהלען צוויי גולדען אַ יאָהר פיר יעדע פּערזאָן. מען האָט געמאַכט אַ פאָלקס־צעהלונג אום צו וויסען ווי פיעל אי־דען עס געפינען זיך אין לאַנד און ווי פיעל אין יעדער פאַמיליע, און מען האָט פערפליכטעט די קהל'שע סטאַראָסטאַס איינצוקאַסירען דיזע געלטען פון יעדער אידישע פאַמיליע און אַריינברייינגען זיי אין די רעגירונגס־קאַסע. די רעגירונג האָט שוין דאַמאָלס ניט געהאַט צו שטיצען דעם קהל, ווייל זיין ראָלע איז געוואָרען פיעל קלענער. דאַמאָלס האָט די רעגירונג אָפּגעשאַפט די ועדים, ווייל זי האָט זיך מעהר ניט גענעטיגט אין זיי אַלס אַגענטען צו שאַפען די אָפּצאָהלונגען פון די אידען.

די גייסטיגע שאַפונג אין יענער צייט. די שחיטות אין אוקראַי־נא, וואָלהין און פּאָדאָליען אין די שרעקליכע צעהן יאָהר פון 1648 (ת"ח) ביז 1658 האָבען פיעל אָפּגעשוואַכט דעם אידישען גייסט. די אי־דישע קולטור־טרעגער פון דיזער טרויעריגער צייט שטעהען פיעל נידריגער אין שאַפונגס־קראַפט פון זייערע פאָרגענגער: דעם מהרש"ל, רמ"א, ר' מרדכי יפה, מהר"ם. ר' אהרן שמואל קאַידאַנאָווער האָט געשריבען הגהות אויף סדר קדשים, די מסכתות וואָס בעהאַנדלען די דינים פון קרבנות בזמן הבית און האָבען ניט קיין שייכות צום יעצטיגען לעבען. ער איז קוים ניצול געוואָרען פון די שחיטות פון שנת ת"ח און איז געוואָ־רען רב אין פראַנקפורט. ר' משה רבקש (רבקה'ס) האָט געשריבען מראה מקומות צום שולחן ערוך. ער איז ענטלאָפען פון ווילנא אין יאָהר 1655, אין דער צייט פון דעם גרויסען פּאָגראָם אין יענער שטאָדט.

אַלס אויסנאַהמע פון אַזעלכע מחברים קען דינען ר' יחיאל האַל־פּערן, דער מחבר פון בעריהמטען ספר „סדר הדורות" (1670—1740). דיזער ספר איז איינגעטיילט אין דריי טיילען. אין ערסטען טייל גיט ער די אידישע געשיכטע פון דער ביבלישער פּעריאָדע (פון בריאת העולם) ביז דעם יאָהר 1696. דיזער ספר איז געשריבען אין דער פאָרמע פון אַ לעק־סיקאָן; עס קומען אין איהם אַריין על פּי א"ב אַלע נעמען פון אידישע גרוי־סע מענשען ווי אויך פון אַנדערע פעלקער, וואָס ווערען דערמאָהנט אין דער

ביבעל. אין צווייטען טייל ווערען געגעבען די נעמען פון אלע תנאים און אמוראים מיט אנצייגונגען אויף זייערע מאמרים אין ש"ס. אין דריטען טייל גיט ער די נעמען פון אידישע מחברים און זייערע ספרים ביז זיין צייט אויך אין דער ארדנונג פון א"ב. דער הויפט-ווערט פון דיזען ספר איז אין דער אנגעבונג פון דעם סדר פון תנאים און אמוראים. די איבריגע היסטארישע פאקטען זיינען קאפירט געווארען פון פריהערדיגע ווערק פון דיזען פאך, ווי פון ר' דוד גאנז („צמח דוד"), אהן א שום קריטיק. ער דערמאהנט ניט זאגאר וועגען דעם שבתי צבי, א בעוועגונג, וועלכע האט אנגעמאכט אין זיין צייט אזוי פיעל לארם.

אין יענער צייט איז שטארק אריין אין דער מאדע דרוש. די הויפט-טעמא פון די דרשות איז געוועזן מוסר. פיעלע שטעדט האבען אנגעשטעלט מגידים, וועלכע האבען בעדארפט זאגען דעם פאלק מוסר. אייניגע פון זיי זיינען געפאהרען פון שטאדט צו שטאדט און האבען גע'מוסר'ט דעם עולם. די דרשנים האבען זיך בענוצט מיט אגדות פון תלמוד און מיט קבלה, און דורך זיי האבען זיי געגעבען ניי-מאדנע ערקלערונגען פון פיעלע ביבלישע שטעלען, און האבען זעהר אפט פערקריפעלט די פסוקים און דעם וואהרען זין פון די כתבי הקודש. פיעלע פון די דרשנים האבען געזוכט אריינצו-ברייננען אין פאלק קאבאליסטישע אידעען. דערביי פלעגען זיי דערצעהלען דעם פאלק שרעקליכע געשיכטעס פון גיהנום און פון די יסורים, וואס די רשעים ליידען דארט פיר זייערע זינד. זיי פלעגען אויך דערצעהלען דעם פאלק געשיכטעס וועגען גלגולים, וועגען שדים און מלאכי חבלה, און דער-מיט האבען זיי געשאפען אן אנדער אטמאספערע אין דער אידישער רע-ליגיאן.

צו ענדע פון 17טען יאהרהונדערט האט א געוויסער מקובל ר' יוסף דובנא געשריבען א ספר „יסוד יוסף" מיט א קאבאליסטישען אינהאלט, מיט שרעקליכע געשיכטעס פון שדים און מלאכי חבלה און פון גיהנום. איינער מיט'ן נאמען הירש קאידאנאווער, דער זוהן פון קרא-קאווער רב ר' אהרן שמואל קאידאנאווער, דער מחבר פון „ברכת הזבח", האט זיך בענוצט מיט דעם ספר איידער ער איז געדרוקט געווארען, האט איהם א ביסעל איבערגעמאכט און האט איהם אפגעדרוקט אונטער'ן נאמען „קב הישר". דער ספר איז אין גיכען איבערגעזעצט געווארען אין אידיש-טייטש און איז געווארען זעהר פאפולער אין פאלק. אין דיזען ספר ווערט דערצעהלט, דאס מיליאנען שדים און מלאכי חבלה זוכען אריינצוכאפען אין זייערע נעצען יעדע מענשליכע נשמה, דאס די וועלט איז פול מיט נשמות

פון מתים, וואָס האָבען ניט קיין רוה אויף יענער וועלט צוליב זייערע זינד. דיזע נשמות כאַפּען זיך זעהר אָפט אריין אין מענשען און דיזע ווערען דער־פון משוגע. עס ווערען אין „קב הישר" דערצעהלט געשיכטעס, דאָס מענ־שען האָבען געהאַט בעגעגניסען מיט שדים, וועלכע האָבען זיך אריינגע־כאַפּט אין זייערע קערפּערס, נאָר געוויסע צדיקים האָבען זיי מיט געוויסע השבעות אַרויסגעטריבען. עס ווערט דאָרט דערצעהלט אַ געשיכטע, אין וועלכער דער מחבר פערזיכערט, דאָס ער ווייס פון בעגלויבטע מענשען, דאָס אין פּאָזען האָבען זיך פערקליבען אין אַ הויז שדים און האָבען אָנגעטאָן די שכנים פיעל צרות. מען האָט גערופען ר' יואל בעל שם, וועלכער האָט איינ־געלאַדען די שדים צו אַ דין תורה. דיזע האָבען גע'טענה'ט, דאָס זיי זיינען די יורשים פון דעם בעל הבית פון דיזען הויז, וועלכער האָט געלעבט אַלס מאַן און ווייב מיט אַ שד'יכע. די רבנים האָבען גע'פסק'ענט, דאָס שדים טאָרען ניט וואוינען אין אַ ישוב פון מענשען און זיי מוזען זיך בעזעצען אין אַ וואַלד אָדער אין פעלדער ווייט פון מענשליכען ישוב, און דאַן האָבען זיי זיך ארויסגעקליבען פון יענעם הויז.

אויף אַזעלכע ספרים איז געווען אין יענער צייט אַ גרויסע פאָדערונג. קמיעות און השבעות זיינען געווען שטאַרק אין געברויך. עס פערשטעהט זיך, דאָס עס האָבען זיך געפונען מחברים, וואָס האָבען געזוכט צופרידען שטעלען אַזעלכע בעלנים. איינער פון דיזע איז געווען נפתלי כהן, דער געוועזענער רב פון פּאָזען (1640—1719). ווען ער האָט זיך בעזעצט אין פראַנקפורט האָט ער פערזיכערט, דאָס ער האָט אויסגעפונען אַ נוסח פון אַ השבעה, וואָס זאָל אָפּהיטען הייזער פון שרפות. האָט זיך גראָד געמאַכט אַ שרפה אין זיין וואוינונג און פיעלע הייזער זיינען אָפּגעברענט געוואָרען. מען האָט איהם אַרעסטירט (1711), ווייל מען האָט איהם בעשולדיגט, דאָס די שרפה איז אַרויסגעקומען פון זיינע עקספּערימענטען מיט דער קמיע און די השבעות, וואָס ער האָט אויסגעפונען געגען שרפות. נאָך דעם, ווי ער איז אַרויס פריי, האָט ער געוואַנדערט איבער פערשיידענע לענדער, האָט זיך בעקאַנט מיט חיון'ען, און נאָך דעם, ווי עס איז בעקאַנט געוואָרען, דאָס חיון איז אַ שבתי צבי'ניק, האָט ער זיך אָפּגעשאָקעלט פון איהם. ווען עס האָט אויסגעבראָכען די מחלוקת צווישען ר' יעקב עמדען און ר' יונתן פּרע־גער צוליב אַ קמיע, וואָס ר' יונתן האָט געגעבען, זיינען פיעלע רבנים געווען אויף דער זייט פון ר' יונתן, און זיי האָבען גאָרניט געהאַט געגען היילען קראַנקע דורך השבעות.

**די שבתי צבי בעוועגונג אין פוילען.** די בעוועגונג פון שבתי צבי האט ענטוויקעלט אין פוילען א שטארקען אנהאנג פון די אידען צו קבלה און סודות. די שחיטות פון כמעלניצקי'ן אין אוקראינא האבען געבראכט פיעלע געפאנגענע אין סמירנא און אין טערקיי אין אלגעמיין. די שרעקליכע געשיכטעס, וואס דיזע געפאנגענע האבען דערצעהלט, האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף שבתי צבי'ען, וועלכער האט בעטראכט דיזע צרות אלס חבלי משיח. און דיזער געדאנק האט איהם געגעבען מוט אנצוהויבען זיין פראפאגאנדע און ארויסגעבען זיך אלס א משיח. די אידען אין פוילען האבען זיך אנגעכאפט אן דיזער אגיטאציאן ווי אן א רעטונגס-אנקער. די פוילישע אידען האבען געהאפט, דאס שבתי צבי אלס משיח וועט זיי דורך וואלקענס ברייננען אין ארץ ישראל. אויך פיעלע קריסטען האבען דאמאלס געגלויבט, אז עס זיינען אנגעקומען משיח'ס צייטען, און האבען זאגאר אנגעהויבען צו צווייפלען אין יעזוס'ן.

די פוילישע אידען האבען געשיקט צוויי דעלעגאטען צו שבתי צבי, וועלכער האט זיך דאמאלס געפונען אין שלאס אבידאס נעבען קאנסטאנטינאפעל. איינער פון די דעלעגאטען איז געוועזען דער זוהן פון דעם לעמבערגער רב ר' דוד הלוי, דער מחבר פון דעם בעריהמטען פירוש „טורי זהב" (ט"ז) צום שלחן ערוך. קומענדיג אין קאנסטאנטינאפעל זיינען זיי פערוואונדערט געווארען צו זעהן וואס פיר א גרויסעס פובליקום עס רינגעלט איהם ארום, א פובליקום, וואס איז אנגעקומען פון פיעלע פערשיידענע לענדער. שבתי צבי האט אויפגענומען די צוויי דעלעגאטען זעהר פריינדליך און האט זיי געגעבען א בריף צום לעמבערגער רב ר' דוד הלוי, דער בעל הט"ז, אין וועלכען ער האט געשריבען: „דעם 22טען תמוז, וואס איז דער 6טער טאג פון מיין ניי-בעשאפענעם גייסט, שיק איך א מתנה צום גרויסען מאן פון גלויבען, דעם געעהרטען זקן, ר' דוד מבית הלוי, דעם מחבר פון „טורי זהב" (ט"ז) שיחיה לאורך ימים טובים. איך וועל אין גיכען טרייסטען אייך און וועל זיך נוקם זיין פיר אייך, ווי א מוטער טרייסט איהר קינד, איך וועל אייך טאן גוטעס הונדערט מאל מעהר פון אייערע ליידען. יום נקם בלבי ושנת גאולי באה, כה אמר דוד בן ישי, עליון למלכי ארץ, משיח אלהי יעקב. שבתי צבי". די מתנה, וואס ער האט געשיקט צו ר' דוד הלוי, איז געוועזען א העמד, וועלכע שבתי צבי האט איהם געהייסען אנטאן און זאגען דערביי די ווערטער: „תתחדש כנשר נעוריכי". צו ענדע בריף איז געוועזען א צושריפט, אין וועלכער ער האט געבעטען, אז מען זאל איהם וואס שנעלער צושיקען דעם „נביא" נחמיה כהן, וועלכער

האָט נביאות געזאָגט וועגען ביאת המשיח. דער אַלוויסענדער משיח האָט ניט געוואוסט, דאָס מיט דיזער איינלאַדונג שלעפּט ער אויף זיך אונגליק. די צוזאַמענקונפט מיט דיזען „נביא" האָט איהם געטריבען צום שמד. אין פּוילען האָט מען זיך ניט אַזוי גיך דערוואוסט פון זיין שמד, און ווען מען האָט זיך דערוואוסט האָט זיך פון איהם אָפּגעשאָקעלט נאָר אַ טייל פון זיינע אָנהענגער. די מאַסען האָבען געהאָפט, דאָס ער וועט ווייזען נייע מופתים. נאָך זיין טויט האָט דער גלויבען אין דיזען פאַלשען משיח אָנגענומען אַ נייע ווענדונג. מען האָט אָנגעהויבען צו זוכען אין דיזער גאַנצער געשיכטע טיפע סודות, און דיזע סודות האָבען פערטומעלט די מוחות פון די מאַסען ביז ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט.

די אַגיטאַטאָרען פון דיזער פערבלענדענים זיינען געווען מעהרסטענס די מקובלים; אָבער אויך פון דער מאַסע זיינען אַרויס אַגיטאַטאָרען. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט איז אַ פּראָסטער שענקער מיט'ן נאָמען צדוק געוואָרען פּלוצלינג אַ נביא און האָט פאָרויסגעזאָגט, דאָס אין יאָהר 1695 וועט קומען משיח. אין דער זעלבער צייט איז אַ געוויסער מקובל חיים מלאך אַרויס מיט עהנליכע נביאות. מלאך איז פריהער געווען אַ צייט אין סאַלאָניקי, וואו ער האָט זיך גוט בעקענט מיט די געהיימע שבתי צבי'ניקעס, און איז נאָכדעם געקומען אין פּוילען און האָט אָנגעהויבען בסוד פערברייטען דעם גלויבען אין שבתי צבי, דאָס ער וועט באַלד צוריק לעבעדיג ווערען און וועט בריינגען די גאולה אין יאָהר 1706, ד. ה. 40 יאָהר שפּעטער נאָך זיין שמד, ווי משה רבנו האָט געהאַלטען די אידען 40 יאָהר אין דעם מדבר איידער ער האָט זיי אַריינגעבראַכט אין ארץ ישראל. חיים מלאך'ס דרשות האָבען איהם פערשאַפט פיעלע צוהערער אין גאַליציען און אין פּוילען.

צו חיים מלאך איז באַלד צוגעקומען אַן אַנדער אַגיטאַטאָר יהודה חסיד פון סיעדליץ. דיזער האָט פערבראַכט אַ היבשע צייט אין איטאַליען, וואו ער האָט זיך אויסגעלערנט קבלה מעשית, ד. ה. טאָן דורך קבלה וואונדער. נאָכדעם איז ער געקומען צוריק אין זיין געבורטסאָרט און האָט אָנגעהויבען לערנען יונגע מענשען דיזע געהיימע חכמה (חכמה נסתרה, ח"ן). דיזע תלמידים זיינע האָבען זיך אָנגערופען „חסידים", ד. ה. תלמידים פון יהודה חסיד. דיזע ערסטע חסידים האָבען געפיהרט אַ לעבען פון סיגופים, זיי האָבען געפייניגט זייערע קערפּערם מיט פערשיידענע ענויים, מיט תעניתים, קייקלען זיך נאַקעטערהייט אין שנעע או. ד. גל., און האָבען פערבראַכט זייער לעבען אין תשובה טאָן אויף זייערע זינד אום אַראָפּצובריינגען

דערמיט משיח׳ן. מיט יהודה חסיד און זיינע אַנהענגער האָט זיך פעראיי־ניגט חיים מלאך, און זייערע געגנער האָבען געהאַט אַ חשד, דאָס ער האָט אריינגעבראַכט צווישען די חסידים זיינע אַנהענגער, וועלכע זיינען געווען בעהאַלטענע שבתי צבי׳ניקעס. די סעקטע חסידים איז באַלד געוואָרען אַזוי גרויס אין צאָהל, דאָס די רבנים האָבען אָנגעהויבען מורא האָבען, אַז זיי וועלען מאַכען אַ שפּאַלטונג אין יודענטום, ווי אַמאָל די שומרונים און די קאַראַאימעס, און האָבען זיי אָנגעהויבען צו פערפאָלגען. דאַן האָבען די פיהרער פון די חסידים געפאָדערט פון זייערע אַנהענגער, אַז זיי זאָלען אַלע עמיגרירען נאָך ארץ ישראל, אום צו מקבל פנים זיין דאָרט משיח׳ן, וועלכען זיי ערוואַרטען.

אין אָנהייב פון יאָהר 1700 איז אַ פּאַרטיי חסידים פון אייניגע הונ־דערט פּערזאָן אַוועק אין ארץ ישראל אונטער דער פיהרונג פון יהודה חסיד און חיים מלאך. אויף זייער רייזע האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אין אייניגע שטעדט און זייערע פיהרער האָבען געהאַלטען פייערדיגע רעדעס, אין וועלכע זיי האָבען ערקלערט און פערזיכערט די צוהערער, דאָס יעצט קומען אָן די ווירקליכע ימות המשיח. דערביי זיינען זיי געווען אָנגעטאָן אין ווייסע לייליכער, וועלכע בעלי תשובה פלעגען טראָגען אין יענער צייט. איבער־הויפּט האָבען געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף דעם פּראָסטען עולם און אויף די פרויען די פייערדיגע רעדעס פון יהודה חסיד. ביסלאַכווייז זיינען צו דיזע עמיגראַנטען צוגעשטאַנען נאָך פיעלע פון אַנדערע אייראָפּעאישע שטעדט, און זייער צאָהל איז געוואָרען איבער 1,500. דיזע מחנה האָט זיך צוטיילט אויף צוויי פּאַרטייען: איינע איז אַוועק נאָך ארץ ישראל פון וויען, מיט דער הילף פון פרומע אידען, אונטער דער פיהרונג פון חיים מלאך, און די אַנדערע איז אַוועק אַהין דורך ווענעציאַ אונטער יהודה חסיד. אויף׳ן וועג זיינען צושטאָרבען אַן ערך פון 500 פּערזאָן, און אין ירושלים זיינען ענדליך אָנגעקומען לערך 1,000 פּערזאָן. אַ קורצע צייט נאָך זייער אָנקומען אין ירושלים איז יהודה חסיד געשטאָרבען. די ערסטע צייט האָ־בען די נייע עמיגראַנטען געהאַט שטיצע פון די ירושלים׳ער אידען, אָבער דיזע זיינען זעלבסט געווען זעהר אָרים, זיי האָבען אַליין געלעבט נאָר פון חלוקה, און האָבען זיי מעהר ניט געקענט שטיצען. זיי האָבען זיך צו־שלעפּט אין אַנדערע לענדער; מאַנכע פון זיי זיינען געוואָרען שבתי צבי׳־ניקעס, מאַנכע האָבען זיך צו׳שמד׳ט דורך מיסיאָנערען, און אַ טייל האָט זיך צוריקגעקעהרט אין פוילען, און האָט דאָרט דערצעהלט מאַוים׳דיגע געשיכטעס פון ארץ ישראל און פון זייער רייזע. חיים מלאך און אייניגע

פון זיינע אַנהענגער זיינען פערבליבען אין ירושלים און האָבען אין געהיים פערגעטערט שבתי צבי'ען. מען דערצעהלט, דאָס זיי פלעגען אוועקשטע-לען א הילצערנעס בילד פון שבתי צבי און טאַנצען ארום איהם. די רבנים פון טערקיי האָבען איהם אָנגעהויבען שטאַרק פערפאָלגען. ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים און האָט ווידער געפיהרט זיין פּראָפּאַגאַנדע אין פּאָדאָליען און גאַליציען. ער איז געשטאָרבען לערך אין יאָהר 1720.

אָבער מיט זיין טויט האָט די געהיימע שבתי צבי אַגיטאַציאָן ניט אויפגעהערט. עס זיינען אין פּאָדאָליען און גאַליציען אויך נאָך איהם גע-בליבען געהיימע חברות פון שבתי צבי'ניקעס, וועלכע האָבען געטראָגען אין פאָלק דעם נאָמען „שעבסען“. זיי האָבען ניט געהאַלטען פון איינינע זאַכען, וואָס אַלע אַנדערע אידען האָבען געהאַלטען פיר הייליג און וויכטיג. זיי האָבען למשל ניט געהאַלטען פון דעם תענית תשעה באב. דיזער טרויער־טאָג איז ביי זיי פערוואַנדעלט געוואָרען אין א יום טוב, וויל אין דיזען טאָג איז געבאָרען געוואָרען שבתי צבי, דער משיח. אין זייער אַרט לעבען זיינען זיי ניט אַלע געווען גלייך. איינינע האָבען געפיהרט א זעהר שטרענ-גע אסקעטישעס לעבען און האָבען אימער געטרויערט וועגען ציון, אַנדערע האָבען געזוכט צו לעבען א גוטען טאָג, זיינען געווען אויסגעלאַסען און אי-מער פרעהליך. די רבנים פון יענער צייט האָבען געזעהען אין דיזער סעקטע א גרויסע געפאַהר פיר דאָס יודענטום, און אין יאָהר 1722 האָבען זיך פיעלע פון זיי פערזאַמעלט אין לעמבערג און האָבען מחרים געווען אַלע אַנהענגער פון דיזער סעקטע, וועלכע וועלען ניט קומען צוריק צום ריינעם יודענטום ביז א געוויסער צייט. איינינע זיינען געקומען צו דער בעשטימ-טער צייט צו די רבנים, האָבען תשובה געטאָן און פערשפּראָכען אויפצו-פיהרען זיך ווי די אידישע רעליגיאָן פאָדערט, אָבער די מעהרסטע זיינען פערבליבען אין זייער גלויבען אין דעם משיח שבתי צבי. אין דעם יאָהר 1725 האָבען זיך די רבנים נאָך אַמאָל פערזאַמעלט און האָבען זיי נאָך אַמאָל אריינגעלעגט אין חרם. דער חרם איז געווען אויך פיר די יעניגע, וואָס וויסען פון א שבתי צבי'ניק און גיבען עס ניט ארויס צו א רב. אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. פיעלע געהיימע חברות פון זיי האָבען אויך נאָכדעם עקסיסטירט אין פערשיידענע שטעדטלאָך ביז זיי זיינען ארויסגע-שפּרונגען אַלס פ ר אַ נ ק י ס ט ע ן, ד. ה. אַנהענגער פון יעקב פראַנק.

די סעקטע פראַנקיסטען. י ע ק ב פ ר אַ נ ק איז געבאָרען געוואָ-רען אין יאָהר 1726 אין א קליין שטעדטעל אין פּאָדאָליען. זיין פאָטער יהודא ליב פראַנק איז געווען א קליין רב'ל, וואָס האָט געגלויבט אין אַלע

הבלים, אין אַלע אַבערגלויבענס, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען פערשפּרייט אין דער מאסע. די קהלה, אין וועלכער ער איז געווען רב אָדער מגיד, האָט איהם אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע, ווייל זי האָט אויסגעפונען, דאָס ער איז א שבתי צבי'ניק, און ער האָט זיך בעזעצט אין וואלאכיע. דער יונגער יעקב פראַנק האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַן אַטמאָספערע פון אַבער-גלויבען און אויסגעלאַסענקייט. לערנען האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט און איז געבליבען אַן עם הארץ. ער איז אין דער יוגענד געוואָרען א בע-דינטער אין א קלייט, נאָכדעם איז ער געוואָרען אליין א שטיקעל סוחר און פלעגט פיהרען צו פערקויפען אַלערליי יובעליר-קליינינגקייטען און אַנדערע גאַלאַנטעריי-זאַכען. איהם איז אויסגעקומען צו פערברייננגען א לענגערע צייט אין טערקיי, אין סמירנא און סאַלאָניקי, וואו עס האָבען זיך געפונען פיעלע געהיימע שבתי צבי'ניקעס. דאָרט האָט ער בעקומען דעם נאָמען „פרענק“. מיט דיזען צונאָמען פלעגט מען אָנרופען אין טערקיי יעדען, וואָס איז אַהין אָנגעקומען פון איירָאָפּא. פון 1752 ביז 1755 האָט ער דאָרט פיעל פערבראַכט צווישען די שבתי צבי'ניקעס און איז גוט בעקאַנט געוואָרען מיט זייערע האַלב-מאַחמעדאַנישע מנהגים. דאַמאָלס האָט ער בעשלאָסען צוריקצוקעהרען זיך אין זיין פאָטערלאַנד און ווערען דאָרט א נביא און א פיהרער פון די שבתי צבי'ניקעס. ער האָט דערביי ניט געהאַט קיין אידעאַל, נאָר עס האָט זיך איהם געוואָלט ווערען א פיהרער צווישען די אידען.

אין יאָהר 1755 איז פראַנק צוריקגעקומען אין פּאָדאָליען. דאָרט האָט ער זיך פעראייניגט מיט „שעבסען“ (שבתי צבי'ניקעס), און האָט זיי אָנ-געהויבען זאָגען נביאות, וועלכע ער האָט געבראַכט פון טערקיי. מען האָט אָנגעהויבען איינריכטען געהיימע פערזאַמלונגען, אין וועלכע מען האָט גע-פּראַוועט צערעמאָניעס, וואָס האָבען א שייכות צום גלויבען אין א דריי-איינינקייט לויט די פרינציפּען פון דער לעהרע פון שבתי צבי און זיין קבלה. איינער פון די דריי-איינינקייט איז געווען פראַנק זעלבסט, וועלכען זיי האָ-בען גערעכענט אַלס דער ווידער-בעלעבטער שבתי צבי. אין דער צייט פון א יריד אין דער שטעדטעל לאַנצקאָרן האָט זיך פראַנק מיט זיינע סעק-טאַנטען, מענער און פרויען, פערזאַמעלט אין א האָטעל און האָבען דאָרט געפּראַוועט זייערע געהיימע צערעמאָניעס. זיי האָבען זיך דאַמאָלס שטאַרק צוהיצט און האָבען הויך אָנגעהויבען זינגען זייערע לידער. דאָס פאָלק האָט זיך שטאַרק צוגעקוקט צו זייערע מעשים, און ווי איינינגע האָבען דער-צעהלט האָבען זיי געזעהען ווי די סעקטאַנטען טאַנצען אַרום א נאַקעטער

פרוי, וועלכע זיי האָבען אָנגערופען „מטרוניתא“ אָדער „שכינה“, וועלכע איז ביי זיי געווען די דריטע פּערזאָן פון דער הייליגער דריי־איינינקייט. די אידען פון יריד זיינען שרעקליך אויפגעבראַכט געוואָרען אויף די סעקטאַנטען און האָבען וועגען דעם צו וויסען געגעבען די רבנים. מען האָט פּער׳מסר׳ט פראַנק׳ן, דאָס ער איז אַ טערקישער אונטערטאַן און מאַכט אָן אונרוהען אין אידישען פאָלק. די רעגירונג האָט די סעקטאַנטען ארעסטירט. פראַנק׳ן האָט מען אָפּגעשיקט צוריק אין טערקיי, און די אָנהענגער האָט מען איבערגעגעבען צו די רבנים און צום קהל (1756). די רבנים האָבען זיך פערזאַמעלט אין דעם שטעדטעל סאַטאַנאָוו צו בעקלערען וואָס צו טאָן. אהין זיינען געקומען פיעלע מענער און פרויען פון די שבתי צבי׳ניקעס און האָבען ערקלערט, דאָס זיי ווילען תשובה טאָן. מענער און פרויען האָבען זיך מודה געווען אין אַזעלכע שענדליכע זינד, וועלכע עס איז אַ שאַנדע איבערצוגעבען, און דיזע זינד זיינען בעגאַנגען געוואָרען מיט דער צושטימונג פון די פיהרער, וועלכע האָבען פערזיכערט די סעקטאַנטען, דאָס על פּי קבלה זיינען עס גאָרניט קיין עברות, אדרבא, דאָס זיינען גרויסע מצוות. די אספה פון רבנים פון דעם „ועד ארבע הארצות“ האָט אַרויסגעלאָזען אַ שטאַרקען חרם אויף אַלע שבתי צבי׳ניקעס, עס איז פערוועהרט געוואָרען צו האָבען מיט זיי וועלכע עס איז מגע ומשא. די רבנים האָבען אויך פערוועהרט צו לערנען דעם „זוהר“ יונגע מענשען, וואָס זיינען אינגער פון 30 יאָהר.

אום צו נעהמען ראַכע פון די רבנים, וואָס האָבען זיי אַריינגעלעגט אין חרם, האָבען די שבתי צבי׳ניקעס זיך געווענדט צום פּוילישען בישאָף דעמבאָווסקי און האָבען איהם ערקלערט, דאָס זייער סעקטע האָט זיך ענטזאָגט פון תלמוד, ווייל זיין לעהרע איז פאַלש, און האָבען אָנגענומען די לעהרע פון „זוהר“, וועלכע ענטהאַלט אין זיך דעם פּרינציפּ פון דריי־איינינקייט (אמונת השלוש), און דאָס דער אמת׳ער משיח איז שוין לאַנג געקומען. דער בישאָף האָט זיי אויפגענומען זעהר פריינדליך, ווייל ער האָט גערעכענט, דאָס ער וועט זיי קענען אין גיכען מאַכען פיר קריסטען, הגם זיי האָבען אונטער׳ן וואָרט משיח פערשטאַנען שבתי צבי׳ען אָדער זיין נאָכפאָלגער פראַנק. דער בישאָף האָט בעשלאָסען צו בעשטימען אַ ויכוח צווישען די תלמודיסטען און די „זוהריסטען“ (שבתי צבי׳ניקעס). די רבנים אין פּאָדאָליען זיינען געוואָרען אויפגעפאָדערט שיקען צום ויכוח דעלעגאַטען מיט דעם אָנזאָג, דאָס אויב זיי וועלען דיזע ניט שיקען, וועלען זיי בעשטראָפט ווערען מיט אַ גרויסער געלט־שטראָף, און אויסער דעם וועט ער

ארדנען, אז מען זאל פערברענען דעם תלמוד. דער ויכוח האט שטאטגע-פונען אין קאמענעץ אין זומער פון 1757. ביים דיספוט זיינען געווען אנ-וועזענד דער בישאף און איינינע קאטאלישע גייסטליכע. אכט טעג האט געדויערט דער ויכוח. די רבנים האבען ניט שטארק גענוג פערטיידיגט דעם תלמוד און זיין לעהרע, ווייל זיי האבען ניט געקענט גוט אויסדריקען זיך אין דער פוילישער שפראך, און דעריבער איז דער בישאף געווען איבער-צייגט, דאס די רבנים זיינען בעזיגט, און האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, דאס די רבנים זאלען בעצאהלען זייערע געגנער א גרויסע געלט-שטראף, און מען זאל פערברענען אלע עקזעמפלארען פון תלמוד, וואס געפינען זיך אין פאדאליען. די שבתי צבי'ניקעס זיינען געווען אויסער זיך פון פרייד; מען האט צוזאמענגענומען אלע עקזעמפלארען תלמוד און מען האט זיי פער-ברענט אויף'ן מארק אין קאמענעץ. די געגנער האבען געוואלט טרייבען די זאך נאך ווייטער, און די אידען וואלטען געהאט נאך מעהר צרות; צום גליק איז דער בישאף פלוצלינג געשטארבען. די סעקטאנטען האבען פער-לארען זייער שטיצע און די רבנים האבען ז״ ווידער אנגעהויבען פער-פאלגען.

אין דיזען קריטישען מאמענט האבען די סעקטאנטען ארויסגערופען פראנק'ן פון טערקיי. ער איז באלד געקומען מיט א נייעם פלאן. ער האט זיי איבערגעגעבען א נבואה פון גאט, דאס ער האט איהם געהייסען געהן אין דעם וועג פון שבתי צבי: אזוי ווי דיזער איז געווען געצוואונגען אנ-צונעהמען לפנים דעם מאחמעדאנישען גלויבען און טראגען א מאסקע ביז עס וועט קומען די צייט, ווען די סעקטאנטען וועלען זיין אין שטאנד אויפ-צופיהרען זיך אפען לויט דעם גלויבען פון משיח'ן, אזוי מוזען ער און זיינע אנהענגער יעצט אננעהמען פיר א געוויסע צייט דעם קריסטליכען גלויבען ביז עס וועט קומען די גליקליכע צייט, ווען זיי וועלען קענען אפען ערקלע-רען זייער וואהרען גלויבען אין דעם נייעם משיח פראנק. די פראנקיסטען האבען זיך אנגעגעבען צום שמד, זיי האבען אבער אויך געפאדערט, אז מען זאל זיי פערשאפען די מעגליכקייט צו האבען מיט די רבנים א צווייטען ויכוח, אום צו בעווייזען די שעדליכקייט פון דער אידישער לעהרע. די ערסטע בעשולדיגונג איז געווען, דאס די אידען הרג'ענען קריסטליכע קינ-דער אום צו געברויכען זייער בלוט פיר רעליגיעזע צוועקען. אבער די רבנים האבען בעוויזען די פאלשקייט פון דיזער בעשולדיגונג. ענדליך הא-בען זיך אלע סעקטאנטען צו'שמד'ט, און די גרעסטע פוילישע אריסטאקרא-טען אין לעמבערג זיינען געווען זייערע טויף-פאטערס און טויף-מוטערס.

פראַנק זעלבסט האָט אויסגעפיהרט, דאָס דער קעניג אויגוסט דער 3טער זאָל זיין זיין טויף־פאָטער. זיין שמד איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1759. ביים טויפען זיך האָט פראַנק אָנגענומען דעם נאָמען יוסף.

אָבער די פוילישע גייסטליכע האָבען ניט געגלויבט, דאָס די פראַנקיסטען זיינען ווירקליכע קריסטען. זיי האָבען גוט נאָכגעפאָרשט און האָבען זיך דערוואוסט, אַז דאָס קריסטענטום איז נאָר אַ מאַסקע פיר זיי, אָבער אין גרונד זיינען זיי די זעלבע פראַנקיסטען ווי פריהער. מען האָט אַרעסטירט פראַנק'ן אין טשענסטאָכאָווער מאָנאַסטיר. 13 יאָהר האָט מען איהם דאָרט געהאַלטען פערשלאָסען. אָבער זיינע אָנהענגער האָבען זיך בעזעצט אין דער אומגעגענד פון מאָנאַסטיר און האָבען געקראָגען די מעגליכקייט צו זעהן איהם אָפטער. ער פלעגט זיי אויפמונטערן צו זיין פעסט אין זייער נייעם גלויבען, וועלכער איז געווען אַ מיש־מאַש פון קריסטענטום מיט די קאַבאַליסטישע אידעען פון שבתי צבי. דיזע נייע רעליגיאָן האָט ער אָנגערופען מיט'ן נאָמען „דת אדום".

נאָך דעם, ווי פוילען איז צום ערסטען מאָל צוטיילט געוואָרען, האָט דער רוסישער גענעראַל ביביקאָוו בעפרייט פראַנק'ן פון דעם מאָנאַסטיר (1772), און ער האָט זיך בעזעצט אין ברין (מעהרען). דאָרט האָט ער געשפילט אַ ראָלע פון אַ מיסיאָנער, וואָס פערברייטעט דאָס קריסטענטום צווישען די אידען. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און מען האָט זיך דאָרט דערוואוסט פון זיין פערגאַנגענהייט און ער איז געווען געצוואונגען צו פערלאָזען עסטרייך, און ער האָט זיך בעזעצט אין אָפּפענבאַך, דייטשלאַנד. דאָרט האָט ער געלעבט זעהר רייך — זיינע אָנהענגער האָבען איהם פערשאַפט די מעגליכקייט דערצו — און האָט זיך גענומען דעם טיטעל „באַראָן פון אָפּפענבאַך". אין יאָהר 1791 איז ער געשטאָרבען. איהם האָט נאָכגעפאָלגט זיין טאָכטער חוה, וועלכע איז געוואָרען פערעהרט אַלס די „היילינע פאַנע", אָבער די אָנהענגער האָבען זי בעאַלד פערלאָזען, און זי איז געוואָרען אַ גרויסער בעל חוב און איז פון גרויס עגמת נפש געשטאָרבען (1816). מיט דער צייט האָבען זיינע אָנהענגער זיך אַסימילירט מיט די פּאָליאַקען און זיינען געוואָרען ריכטיגע קריסטען.

**דער אָנפאַנג פון חסידות. דער בעל שם טוב (בעש"ט).** דער פראַנקיזם איז געווען דער קבר פון דער שבתי צבי'ש בעוועגונג. דער אידעאַלער מיסטיציזם האָט זיך אויסגעלאָזען מיט פערבלענדונג און די משיח־בעוועגונג האָט זיך געענדיגט מיט דער אייגענגוציגער שטרעבונג צו בעפרייען זיך פון צרות דורך שמד. דאָס איז געווען אַ גראָבע מאַטעריאַליס-

טישע ריכטונג, וועלכע האָט זיך ניט גערעכענט מיט די עדעלסטע שטרע־בונגען פון דער נשמה פון פאָלק, מיט איהרע ווירקליכע בעדערפניסען. די בעדערפנים פיר א טיפערען רעליגיעזען געפיהל, וועלכען די רבנישע רע־ליגיעזע פאָרמאַליטעטען האָבען ניט געקענט צופרידען שטעלען, איז נאָך פערבליבען ביי די אידישע מאַסען ווי פריהער. דיזע בעדערפנים האָט גע־מוזט אַרויסרופען אַ בעשטימטע רעליגיעזע בעוועגונג, וואָס זאָל האַרמאָ־נירען מיט דער נאַציאָנאַלער וועלט־אַנשויאונג.

אויף דעם גייסטיגען געביט איז דאַן געווען אַ שאַרפער אונטערשייד צווישען די אידען פון ליטא און ביעלאָרוסיע און די אידען פון פוילען און אוקראַינאַ. אין ליטא איז דער אידישער גייסט געווען איבערגעגעבען צום שטודירען דעם תלמוד אין דער פאָרמע, ווי ער איז געווען אַמאָל אין בבל. דער איד, וואָס איז געווען אַ קענער פון תלמוד, האָט געהאַט כבוד אין פאָלק. קיין קענטנים, קיין טאַלאַנט, וויסענשאַפטען אָדער קונסט האָט זיך צווישען די אידען אין ליטא ניט גערעכענט אַזוי וויכטיג, ווי די קענטנים פון תלמוד. אַ טיכטיגער תלמודיסט האָט געקענט פרעטענדירען אויף די העכסטע שטעלע אין דער געמיינדע. ער איז געווען דער רב, דער ריכטער, דער בעל יועץ, דער געזעץ־געבער או. אז. וו. ווען ער איז אַריין אין אַ פערזאַמלונג זיינען אַלע אויפגעשטאַנען. גאַנץ אַנדערש איז עס געווען אין פּאָדאָליען, גאַליציען און וואָלהין. דאָרט דאָט דער אַלגעמיינער איד ניט געהאַט אַזוי פיעל רעספּעקט פיר אַ טרוקענעם תלמודיסט; ער האָט געזוכט אַ מענשען, וואָס זאָל רעדען צו זיין האַרץ, ניט צו זיין קאָפּ. איהם האָט געצויגען צו קבלה. איהם האָט זיך געוואָלט וויסען געהיימע זאַכען, סודות, ווען וועט שוין זיין דער סוף פון לאַנגען גלות, ווען וועט קומען משיח; איהם איז געווען געפעלען די בעוועגונג פון שבתי צבי און זיין לעהרע. דעם אוקראַי־נער אידען זיינען דעריבער אָפט געפעלען געווען אפילו אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען געווען געגען דעם גייסט פון יודענטום. אָבער מיט דעם אונטער־גאַנג פון דער סעקטע פון שבתי צבי און פון דעם פראַנקיזם איז פערלאָשען געוואָרען דאָס לעצטע פייערל, וואָס האָט געצויגען צו זיך די אידישע מאַסע, וואָס האָט געבלאָנדזשעט אין פינסטערנים. עס איז געווען נעטיג עפּעס, וואָס זאָל אָנפילען זייערע לעדיגע הערצער, געבען עטוואָס נייע שפּייז, וואָס זאָל צופרידען שטעלען זייער רעליגיאָנס־געפיהל. דאָס האָט זיי גע־געבען דער חסידיזם, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען פון ר׳ ישראל בעל שם טוב (בעש״ט).

ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געבאָרען געוואָרען לערך אין 1700 אין אַ שטעדטעל אויף׳ן גרענעץ צווישען פּאָדאָליען און וואַלאַכיע. זיינע עלטערן זיינען געווען זעהר אָרים און זיינען געשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. גוטהערציגע מענשען פון זיין געבורט־שטאָדט האָבען געזאָרגט וועגען דעם קליינעם יתום און האָבען איהם אָפּגעגעבען אין חדר, וואו ער האָט איבערהויפּט געלערנט תלמוד. דער חדר אָבער האָט איהם ניט זעהר צוגעצויגען, און ער פלעגט זעהר אָפט ענטלויפען פון דאָרט און אַרומגעהן אַליין אין וואַלד פערטיפט אין זיינע געדאַנקען. זיינע ערציהער האָבען געזעהען, דאָס זיי קענען מיט איהם גאָרניט מאַכען, האָבען זיי איהם געלאָזען צורוה, און ער האָט אין גאַנצען פערלאָזען דעם חדר. ווען ער איז אַלט געוואָרען 12 יאָהר איז ער געוואָרען אַ בעהעלפער אין אַ חדר. מיט אַ צייט שפּעטער איז ער געוואָרען אַ שמש אין אַ שולכעל. דאָ האָט ער זיך אויפגעפיהרט ניט געוועהנליך — ביי טאָג פלעגט ער שלאָפען און ביי נאַכט פלעגט ער שטעהן און מתפלל זיין און לייענען פרומע ספרים. זיינע בעקאַנטע האָבען איהם גערעכענט פיר אַ האַלב־משוגע׳נעם. ער אָבער איז זיך געגאַנגען זיין וועג. ער האָט זיך פערטיפט אין לעזען קבלה־ספרים, איבערהויפּט אין כתבי האר״י, און האָט געוואָלט ערלערנען די חכמה צו טאָן וואונדער דורך בעשווערונגען (השבעות) פון שמות הקבלה. ווען ער איז אַלט געוואָרען לערך 20 יאָהר האָט ער זיך בעזעצט אין בראָד, גאַליציען. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ שוועסטער פון דעם דאַמאָלס בעריהמטען רב און מקובל ר׳ גרשון קוטאָווער. דיזער האָט פערלאַנגט פון זיין שוואָגער ר׳ ישראל, אַז ער זאָל זיך בעקענען מיט׳ן תלמוד, אָבער ער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען. ר׳ גרשון האָט זיך געשעמט וואָס ער האָט אַ שוואָגער אַן עם הארץ און האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל אַוועק פון בראָד. ר׳ ישראל האָט איהם צוליב געטאָן און איז אַוועק פון בראָד און האָט זיך בעזעצט אין אַ דאָרף צווישען קוטאָווע און קאָסאָווע. דאָרט פלעגט ער זעהר אָפט אַוועקגעהן אין די קאַרפּאַטען־בערג, האָט געפּראַוועט תעניתים, פערבראַכט אַ גרויסען טייל פון זיין צייט אין תפלות און האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צום רעליגיעזען נאָכדענקען. זיין חיונה האָט ער געהאַט דערפון, וואָס ער האָט געגראָבען לעהם אין די בערג און זיין ווייב פלעגט עס אָפּפיהרען אין שטאָדט און פערקויפען. מען דערצעהלט, דאָס דיזען סאָרט לעבען האָט ער געפיהרט זיבען יאָהר. אין דיזער צייט האָט ער זיך פאָרבערייטעט צו זיין קינפטיגער טעטיגקייט. נאָך די זיבען יאָהר איז ער אַוועק אין גאַליציען, האָט זיך בעזעצט אין

שטעדטעל טלוסט, און דאָרט איז ער געוואָרען א מלמד, א שוחט און א חזן. מען האָט איהם אויך דאָרט געהאַלטען פיר אַן עם הארץ, און קיינער האָט ניט געוואוסט צו וואָס ער שטרעבט.

ווען ער איז אַלט געוואָרען 36 יאָהר, דערצעהלען די חסידים, האָט מען איהם געגעבען א וואונק פון הימעל, דאָס יעצט איז געקומען די צייט, אַז ער זאָל זיך ענטדעקען פאַר דער וועלט און ווייזען וואָס ער איז. ער האָט אָנגעהויבען צו פּראַקטיצירען אַלס בעל שם: ער האָט גענומען היילען קראַנקהייטען דורך קמיעות, השבעות און פערשיידענע גראָזען און קריי־טאַכער. דיזער סאָרט בעשעפטיגונג איז געווען א געוועהנליכע זאַך צווי־שען די פוילישע אידען. ר׳ ישראל האָט זיך גענומען צו דיזער ארבייט, ווייל ער האָט גערעכענט, דאָס זי וועט איהם ברייננגען נוצען אין זייז רע־ליגיעזער פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט בערייזט פיעלע שטעדט און דערפער אין פּאָדאָליען און וואָלהין, האָט איבעראַל געהיילט קראַנקע מיט זיינע קמיעות, השבעות און קרייטאַכער, און עס האָבען זיך צו איהם געווענדט ווענען הילף ניט נאָר אידישע קראַנקע, נאָר אויך מוזשיקעס און פּריצים. ער האָט בעקומען דעם נאָמען „בעל שם טוב", ד. ה. גוטער בעל שם. די אידען האָבען איהם געהאַלטען ניט נאָר פיר א גוטען בעל שם, נאָר אויך פיר א גרויסען צדיק. אידען האָבען אָנגעהויבען ווענדען זיך צו איהם, אַז ער זאָל זיי זאָגען „עתידות", וואָס עס וועט זיין אין דער צוקונפט, און ער פלעגט עפנען א „זוהר" און זאָגען וואָס מען האָט איהם געפרעגט. קראַנקע פלעגט ער אָפט היילען מיט תפלות. ביי די תפלות פלעגט ער אָפט קומען אין א שטאַרקען עקסטאַז (התפעלות).

ר׳ ישראל בעל שם טוב איז געוואָרען שטאַרק בעליבט ביים פאָלק. ער איז אימער געווען זעהר גוטמוטיג און האָט פערשטאַנען וואָס דאָס פאָלק פערלאַנגט און וואָס עס איז איהם נעטיג. ער האָט אָנגעהויבען מדריך צו זיין דאָס פאָלק אַלס א רעליגיאָנס־לעהרער. ער האָט געלעהרט, דאָס צו זיין א למדן איז ניט אַזוי וויכטיג ווי צו זיין באמת צוגעבונדען צו גאָט און בעטען איהם מיט׳ן גאַנצען הארצען. ווען עס איז איהם אויסגעקומען צו רעדען מיט לומדים האָט ער בעוויזען זיינע לעהרען מיט קבלה. ער איז געווען געגען דעם סאָרט פרומקייט, וואָס פאָדערט פון מענשען סיגופים (פּייניגונגען), תעניתים, וואַלגערן זיך ווינטער אין שנעע או. ד. גל., נאָר א פרומקייט, וואָס דערוואָרמט די מענשליכע נשמה דורך גלויבען און אונענדליכע גוטסקייט, וועלכע טרייסט דעם אָרימען אונגליקליכען, ליידענ־דען; ער האָט געלעהרט, דאָס א פראָסטער מענש, וועלכער בעט גאָט מיט׳ן

גאַנצען הארצען, איז טייערער ביי גאָט פון דעם למדן, וואָס פערברייננגט זיין לעבען אין לערנען און האָט ניט קיין גוט האַרץ. ער האָט געלעהרט, דאָס ניט די פילאָזאָפיע און דאָס נאָכדענקען וועגען גלויבען איז וויכטיג, נאָר גלויבען בלינד, אָבער באמת. דיזע לעהרע איז געפעלען געוואָרען ניט נאָר דעם פּראָסטען עולם, נאָר אויך פיעלע פון די לומדים, וואָס זייערע געפיה-לען, זייערע הערצער, זיינען ניט געווען פאָלקאָמען צופרידען פון דעם טרו-קענעם לערנען פון תלמוד און נגלה.

לערך אום 1740 האָט זיך ר' ישראל בעש"ט בעזעצט אין מעדזשי-באָזש, אַ שטעדטעל אין פּאָדאָליען. דאָרט האָט ער אויפגעהערט זיין טעטיגקייט אַלס בעל שם און איז געוואָרען אַ רעליגיאָנס-לעהרער. עס זיי-נען אָנגעקומען זעהר פיעלע תלמידים, וועלכע האָבען געהערט זיין לעהרע מיט גרויס פערגניגען. ער האָט זיי ערקלערט זיין לעהרע ניט סיסטעמאַ-טיש, נאָר דורך געוויסע פראַזען, משלים און ווערטלאַך. זיין לעהרע האָט ער זעלבסט ניט אויפגעשריבען, נאָר זיינע תלמידים האָבען זי פערציי-כענט אין זייערע מעמוארען. צוויי פּרינציפּען ליגען אין זיין לעהרע: דאָס גאָט עקסיסטירט איבעראַל, עס איז ניטאָ אַן אָרט, וואָס דאָרט זאָל ניט זיין די גאָטהייט, און דאָס די מאַטעריעלע וועלט און די גייסטיגע ווירקען איינע אויף די אַנדערע און זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען. דער מענש דאַרף וויסען, דאָס ווען ער קוקט אויף וועלכען עס איז געגענשטאַנד אין דער וועלט, קוקט ער דעם בעשעפער אין זיין געזיכט. מיט אַזעלכע געדאַנקען קען דער מענש אימער דינען זיין בעשעפער. דער צווייטער פּרינציפּ איז, דאָס צווישען די געטליכע וועלטען (עולמות העליונים) און די מענשליכע וועלטען (עולמות התחתונים) עקסיסטירט אַ שטאַרקער שטענדיגער צוזאַ-מענהאַנג און זיי ווירקען אימער איינע אויף די אַנדערע, אַזוי דאָס גאָט ווירקט אימער אויף דעם מענשען און זיינע מעשים, און דער מענש ווירקט פון זיין זייט אויף דעם ווילען פון גאָט און זיינע בעציהונגען צו איהם. דיזער פּרינציפּ איז גענומען פון די בעלי הקבלה.

אַלס רעזולטאַטען פון דיזע פּרינציפּען זיינען פאָלגענדע פּונקטען פון זיין לעהרע: די הויפּט-שטרעבונג פון אַן אמת'ען פרומען מענשען דאַרף זיין צו זוכען מיט אַלע מיטלען זיך שטענדיג בעהעפטען, פעראייניגען זיך מיט דער גאָטהייט (דאָס הייסט אויף'ן חסידישען לשון „דבקות", מלשון „לאהבה את ה' אלהיך ולדבקה בו"). צו דיזען צוועק זאָל דער מענש קאָנ-צענטרירען אַלע זיינע געדאַנקען און לעבענס-ווינשען אין גאָט. דער מהות פון גלויבען איז ניט אין פערשטאַנד, נאָר אין געפיהל; וואָס שטאַרקער דער

רעליגיאָנס־געפיהל איז אין מענשען אַלץ נעהענטער איז ער צו גאָט. תפלה איז דער בעסטער מיטעל צו פעראייניגען דעם מענשען מיט גאָט. אָבער די תפלה מוז זיין אַ הייסע, ברענענדע; דער מענש מוז אין דער צייט, וואָס ער בעט גאָט, זיין אויסגעטאָן פון אַלע מאַטעריעלע, ערדישע זאַכען; ער מוז דאַמאָלס ווערען בבחינת מלאך. מען מוז אָפט געברויכען מעכאַנישע מיטלען אום צו קומען צו אַזאַ עקסטאַז: שרייען הויך, זיך שטאַרק בעוועגען. לערנען תלמוד און פוסקים איז ניט זעהר וויכטיג; עס איז וויכטיגער פיר דעם מענשען צו לערנען מוסר־ספרים. לויט דער לעהרע פון ר׳ ישראל בעש״ט טאָר ניט אַ מענש זיין טרויעריג, עצבות איז אַ זאַך, וואָס גאָט האָט פיינד, ער האָט ליב, אַז דער מענש זאָל אימער זיין פרעהליך. תעניתים און פייניגען דעם קערפער האָט גאָט פיינד. דער אמת׳ער פרומער (דער חסיד) דינט גאָט מעהר מיט זיינע געפיהלען, מיט זיין הרגש, ווי מיט די אויסערליכע צערעמאָניעס. ווען דעם מענשען׳ס געדאַנקען און געפיהלען זיינען אימער איבערגעגעבען צו גאָט, קען דער מענש אָפט דערגרייכען די מדרגה פון רוח הקודש און ווערען אַ בעל מופת, ד. ה. טאָן וואונדער. אַ צדיק קען אָנגערופען ווערען דער יעניגער, וועלכער קען זיך אָנאייגנען די אויבען־דערמאָהנטע פרינציפען און פיהרען אַ לעבען ווי עס איז היר בעשריבען געוואָרען. אַזאַ סאָרט מענש איז נאָהענט צו גאָט. אַזאַ מענש קען זיין אַ פערמיטלער צווישען מענשען און גאָט. דורך דעם צדיק קען דער מענש דערגרייכען דאָס העכסטע גליק אויף דיזער וועלט און אויף יענער וועלט. מען מוז דעריבער האָבען פאַר אַ צדיק גרויס רעספעקט, ווייל ער איז גאָט׳ס געליבטער און זיין שליח צו די מענשען.

פון דיזע קורצע שטריכען פון דער לעהרע פון ר׳ ישראל בעש״ט זעהען מיר, דאָס ער איז געווען אַ געגנער פון דעם רבנישען פאָרמאַליזם, ווי אויך געגען די אַסקעטישע קבלה, וואָס האָט געלעהרט, דאָס דער מענש דאַרף פייניגען זיין קערפער אום צו געבען דערמיט אַ פאָרצוג דער נשמה. דער מענש דאַרף נאָך זיין לעהרע נאָך גלויבען אין דער השגחה פון גאָט, איבערגעבען זיך צו בעגייסטערטע תפלות, און פערשאַפען זיך מאַטעריעלעס און גייסטיגעס גליק דורך דעם צדיק. דיזער לעצטער פונקט האָט געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פיר די ווייטערע ענטוויקלונג פון חסידות. דער בעל שם זעלבסט האָט מיט זיין אייגענער פערזענליכקייט, אַלס דער ערסטער צדיק, געהאַט מעהר אַיינפלוס אויף דאָס פאָלק, ווי זיין לעהרע. דיזע לעצטע איז געווען בעקאַנט נאָר צו זיינע נאָהענטסטע תלמידים. צווישען דיזע זיינען געווען די וויכטיגסטע: ר׳ יעקב יוסף כהן, דער געוועזענער רב אין

שאַרגאַראַד, נעמיראָוו און פּאָלאָנאָיע (פּולנאה); ר׳ בער מעזשעריטשער, אַ וואָלהינער דרשן על פּי הקבלה; ר׳ נחמן גאָראָדענסקי און ר׳ פּינחס קאָרעצער. דיזע אַלע פּלעגען זעהר אָפט קומען צו ר׳ ישראל בעש״ט אין מעדזשיבאָזש. אפילו ר׳ גרשון קוטאָווער, דער שוואָגער פון בעש״ט, וועלכער האָט איהם פריהער מרחיק געווען פון זיך אַלס אַן עם הארץ, איז שפּעטער געקומען צו איהם און האָט אָנערקענט זיין גייסטיגע וויכטיגקייט. אין יאָהר 1750 האָט ר׳ ישראל בעש״ט אַוועקגעשיקט צו זיין שוואָגער ר׳ גרשון קוטאָווער אין ארץ ישראל אַ מאַניפעסט, אין וועלכען ער האָט איהם דערצעהלט, דאָס אום ראש השנה איז זיין נשמה אַרויף אויף׳ן הימעל, האָט זיך געזעהען מיט משיח׳ן און האָט איהם געפרעגט: „זאָג מיר, ווען וועסטו ענדליך קומען אויסלייזען דאָס אידישע פאָלק?״ און ער האָט איהם געענטפערט: „דאָס וועט געשעהען, ווען די קוואַלען פון דיין לעהרע וועלען אָנפילען די וועלט, ווען אַלע אידען וועלען זיין אין שטאַנד צו פערשטעהן די סודות פון דער וועלט ווי דו פערשטעהסט, דאַן וועלען אַלע מחנות פון דער סטרא אחרא פערשווינדען, און דאַמאָלס וועט זיין די אמת׳ע גאולה״. דיזער מאַניפעסט האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם אין די הערצער פון פיעלע אידען. מען האָט וועגען איהם אָנגעהויבען צו דערצעהלען, דאָס ער האָט אָפטער גילוי אליהו, ד. ה. דאָס אליהו הנביא ווייזט זיך צו איהם און איז איהם מגלה וויכטיגע סודות, און דאָס זיין רבי איז דער נביא אחיה השלוני. דער המון האָט אין איהם געגלויבט אַלס אין אַ גרויסען בעל מופת, און האָט איהם ליב געהאַט בעזונדערס דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישען אַ למדן און אַ פּראָסטאַק; לומדים און מקובלים זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו איהם דורך זיינע קלוגע געשפּרעכען און זיינע משלים, מיט וועלכע ער האָט זעהר אָפט ערקלערט דונקעלע שטעלען אין דער קבלה. דער קרייז פון זיינע אָנהענגער האָט זיך מיט דער צייט שטאַרק פערמעהרט אין מעדזשיבאָזש. אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען איז פאָרגעקומען די בעוועגונג פון פראַנק און דער שמד פון די פראַנקיסטען. מען דערצעהלט, דאָס ווען די רבנים האָבען דערהערט פון דעם איבערגאַנג פון די פראַנקיסטען צום קריסטענטום, האָבען זיי זיך געפרייט, ווייל דאָס אידישע פאָלק איז דערמיט בעפרייט געוואָרען פון אַ געפעהרליכער סעקטע. דער בעל שם אָבער האָט געזאָגט, דאָס די שכינה האָט געטרויערט, ווייל כל זמן אַ קראַנקער אבר איז נאָך בעהעפט צום מענשען׳ס קערפּער איז נאָך דאָ אַ האָפנונג, דאָס ער וועט אויסגעהיילט און געזונד ווערען, אָבער ווען ער איז אָפּגעשניטען איז אַלעס פערפאַלען. מען רעכענט, דאָס ר׳ ישראל

בעש"ט איז געווען איינגעלאדען צום ויכוח וועגען תלמוד אין יאהר 1759. אין פריהלינג פון יאהר 1760 איז ר' ישראל בעש"ט געשטארבען אויף די הענט פון זיינע תלמידים.

די פערשפרייטונג פון חסידות און די צדיקים. בשעת דער בעש"ט איז געשטארבען האט שוין זיין לעהרע געהאט א גרויסע צאהל אנהענגער, וועלכע האבען זיך גערופען „חסידים". אבער די הויפט־פראפאגאנדע צו פערברייטערן דעם חסידיזם האט זיך אנגעהויבען אין דער צייט פון זיינע נאכפאלגער. דער ערסטער נאכפאלגער זיינער איז געווען דער בעוואוסטער מגיד ר' בער מעזשעריטשער. דאס שטעדטעל מעזשעריטש איז געווארען דער צענטער פון חסידות אין וואלהין, ווי פריהער מעדזשי־באזש אין פאדאליען אין דער צייט פון בעל שם טוב. ר' בער איז ניט גע־ווען אזוי געפיהלפול ווי ר' ישראל בעש"ט, אבער דערפאר איז ער געווען א סך א גרעסערער למדן פון בעש"ט, און דעריבער האט ער ערווארבען זעהר פיעלע חסידים צווישען די לומדים. אין צייט פון צוועלף יאהר (1760—1772) זיינען צוגעשטאנען צו איהם אלס חסידים זעהר פיעלע גרויסע לומדים, וועלכע זיינען געווען בעגייסטערט פיר די לעהרע פון בעש"ט. צווישען די נייע חסידים־לומדים האבען זיך געפונען אייניגע, וואס זיינען געקומען צו איהם פון ליטא און ביעלארוסיע. די אידעע פון א צדיק, וואס דער המון זאל פערהייליגען, האט פעסטגעשטעלט ר' בער.

אין דעם זעלבען גייסט האט געווירקט דער אנדערער נאכפאלגער פון בעש"ט, ר' יעקב יוסף כהן, וועלכער איז פריהער געווען רב אין שארגאראד, און האט פערלארען די שטעלע, ווייל ער איז געווארען אן אנהענגער פון חסידות. אבער ר' ישראל בעש"ט האט נאך דאמאלס גע־לעבט און האט אויסגעווירקט פיר איהם א שטעלע פון מגידות אין נע־מיראוו, און נאך דעם טויט פון בעש"ט איז ער אויך געווארען מגיד אין פאלאנאיע (פולנאה). ער האט שטארק פראפאגאנדירט די חסידות מיט זיינע דרשות און מיט זיינע ספרים. כהן איז דער ערסטער ארויס אין דער ליטעראטור צו ערקלערען די פרינציפען פון דעם דרך החסידות. אין יאהר 1780 איז ער ארויס מיט זיין ספר „תולדות יעקב יוסף", וואס איז געווען א זאמלונג פון זיינע דרשות. אין דיזע דרשות טרעט ער ארויס געגען די רבנים, וואס האלטען זיך גרויס געגען א פראסטען מענשען פון פאלק און זיי טוען נארניט צו בעלעבען זיינע רעליגיעזע געפיהלען. דער „תולדות יעקב יוסף" איז דאס ערסטע בוך אין דער חסידישער ליטעראטור,

הועלכע איז גאַנץ פערשיידען פון דער רבנישער ליטעראַטור, ווי אויך פון דער קאַבאַליסטישער.

אין די לעצטע 20 יאָהר פון 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך די חסידות שטאַרק און גיך פערשפּרייט אין פּוילען און אויך אין ליטא. עס האָבען זיך איבעראַל געגרינדעט חסידישע פעראיינען, וועלכע האָבען זיך פערזאַמעלט אין אייגענע שולכעלאַך, אָדער ווי זיי האָבען זיי אָנגערופען „שטיבלאַך", וואו די עבודה איז געגאַנגען נאָך דעם מוסטער פון בעש"ט. די חסידים האָבען הויך געשריען אין דער צייט פון דאַוונען, האָבען זיך אונגעוועהנליך געשאָקעלט און געלאָפען איבער'ן שטיבעל, ביז זיי זיינען געקומען אין גרוים עקסטאַז. זייער סדר התפלה איז געווען על פי נוסח האר"י, וועלכער איז געווען אין פיעלע שטעלען גאַנץ פערשיידען פון דעם נוסח, וואָס האָט עקסיסטירט צווישען די אידען אין ליטא און פּוילען. די חסידים האָבען ניט גערעכענט פיר וויכטיג צו דאַוונען אין דער צייט, וואָס איז בעשטימט אין „שלחן ערוך". זיי פלעגען פערברייינגען צווישען זיך ניט ווי וועגעהנליך, נאָר זיי פלעגען אָנמאַכען אַ גערויש, אום ניט צו זיין אומעטיג, וויילל עצבות (אומעטיגקייט) שאַדט צו חסידות. אַזוי האָט עס געלעהרט דער בעש"ט. די חסידים זיינען געווען בעגייסטערטע פערעהרער פון זייערע רביים, וועלכע זיי האָבען אָנגערופען מיט'ן נאָמען „צדיקים". די צדיקים פלעגען אומפאָהרען איבער שטעדט און שטעדטלאַך, און וואו זיי זיינען אָנגעקומען פלעגען כמעט אַלע ווערען חסידים, אָנהענגער פון דעם צדיק, וואָס האָט זיי בעזוכט. צום צדיק האָט מען זיך אָנגעהויבען ווענדען מיט פערשיידענע בקשות: ער זאָל היילען קראַנקע, פּוקד זיין עקרות, פאַרזאָגען די צוקונפט, אויך געבען עצות אין וועלטליכע געשעפטען.

וואָס מעהר צדיקים עס האָבען זיך ענטוויקעלט, אַלץ גרעסער איז געוואָרען די צאָהל פון חסידים. שוין אין יאָהר 1780 איז די צאָהל פון חסידים געווען זעהר גרוים. די וויכטיגסטע צדיקים אָדער, ווי מען האָט זיי שפּעטער אָנגעהויבען רופען, „גוטע אידען", זיינען אַרויסגעקומען פון די אָנהענגער אָדער תלמידים פון דעם צדיק ר' בער מעזשעריטשער. יעדער פון זיי האָט אין זיין בעצירק עפּעס צוגעגעבען אָדער אַראָפּגענומען פון דער לעהרע פון בעש"ט, און דעריבער זיינען מיט דער צייט געוואָרען צווישען זיי אַזוי פיעלע פערשיידענע כתות. אין אַלגעמיין זיינען געווען צוויי הויפּט־אָפּטיילונגען — די פּוילישע גוטע אידען און די ליטווישע. די וויכטיגסטע פון די פּוילישע גוטע אידען זיינען געווען ר' א ל י מ ל ך פון

ליזענסק (געשט. 1786), ר׳ לוי יצחק פון בערדי-טשעוו, ר׳ נחום טשערנאָבילער און ר׳ ברוך פון טולטשין, דעם בעל שם׳ס ענקעל. ר׳ אלימלך האָט פעסטגע-שטעלט די ווירדע פון דעם צדיק. ער האָט געלעהרט, דאָס דער צדיק איז א פערמיטלער צווישען גאָט און די אידען; דורך איהם שיקט גאָט צו די אידען קינדער, לעבען און פרנסה. ווען דער צדיק וויל, קען ער צו יעדער צייט דיזע זאַכען אראָפּבריינגען צו יעדען איינצעלנעם, אָדער צונעהמען זיי פון איהם. דעריבער מוז דער חסיד גלויבען בלינד אין צדיק, רעכנען איהם פיר זיין וואוילטעטער און געבען איהם א טייל פון זיינע פערדינסטען. מען מוז דעם צדיק שטיצען מיט געלט און מיט אַלעס, וואָס מען קען, אום ער זאָל זיין אין שטאַנד איבערצוגעבען זיך צו עבודת הבורא און זאָל קענען טאָן גוטעס צו זיינע חסידים. דעם עולם איז דער מסחר געפעלען געוואָרען. מען האָט אָנגעהויבען טראָגען צום צדיק פדיונות, און דיזער האָט אָנגעהויבען טיילען זיינע ברכות, היילען קראַנקע, פערשאַפען קינדער צו קינדערלאָזיי או. ד. גל. דער צדיק האָט איבערגעגעבען זיין בעשעפטיגונג בירושה צו זיינע קינדער, ענקלאַך, אור־ענקלאַך או. אז. וו. זעהר אָפט האָט זיך גע-טראָפען, דאָס די יורשים פון צדיק האָבען זיך געקריגט צווישען זיך, יעדער האָט געוואָלט זיין דער גרעסטער. אָבער עס האָבען זיך צווישען זיי אויך געפונען אמת׳ע צדיקים, צדיקים מיט הערצער פול מיט מענשען־ליבע און סימפּאַטיע צום אונגליקליכען און ליידענדען, ווי צ. ב. דער צדיק ר׳ לוי יצחק פון בערדיטשעוו. ער האָט שוין אין זיין יוגענד געצייגט פאָטערליכע ליבע צו אָרימע און איז געוועזען בעליבט ביי אַלעמען פיר זיין הייליגעס לע-בען, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס פיעלע רבנים האָבען איהם פערפאָלגט פיר זיינע חסידות. אָבער אַזעלכע צדיקים זיינען געוועזען א זעלטענהייט.

אין ליטא און ביעלאָרוסיע האָט די חסידות אָנגענומען א גאַנץ אַנ-דערע פאָרמע. דאָרט, אין צפון־רוסלאַנד, האָט די חסידות געמוזט פיהרען א פערצווייפעלטען קאַמף מיט די רבנים און קהל, ביז עס איז די רביים גע-לונגען צו שטעלען זיך אויף א פעסטען פוס. די תלמידים פון ר׳ בער מע-זשעריטשער, ר׳ אהרן קארלינער, ר׳ מענדעל ווי-טעבסקער און ר׳ זלמן שניאורסאָן (געשט. 1813), וועלכע האָבען אָנגעהויבען פערברייטען די חסידות אין די צפון־גובערניעס פון רוסלאַנד (ליטא און ביעלאָרוסיע), האָבען אריינגענומען אין זייער נייער לעהרע איינינע עלעמענטען פון תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור. דער

הויפּט־פאָרשטעהער פון דיזען סאָרט חסידות, וועלכען מען קען אָנרופען „ראַציאָנעלער חסידיזם“, איז געוועזן ר׳ זלמן שניאורסאָן אָדער ר׳ זלמן לאַדיער. זיין חסידות האָט ער געגרינדעט אויף „חכמה, בינה, דעת“ (חב״ד) — ווייזהייט, פערשטאַנד און קענטניס. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער שיטה פון בעש״ט רעליגיאָנס־פילאָזאָפיע; ער האָט געפאָדערט פון

ר׳ זלמן שניאורסאָן.

זיינע אָנהענגער, אַז זיי זאָלען דענקען און פאָרשען דעם גלויבען. דער צדיק איז נאָך זיין שיטה ניט קיין בעל מופת, נאָר אַ פאָלקס־לעהרער. דיזע שיטה האָט אָבער געקענט זיין צוגעפּאַסט נאָר צו די ליטווישע אידען, וועלכע זיי־נען געוועזן גייסטיג פיעל העכער פון די וואָלהינער און פּאָדאָליער אידען. דאָרט האָט די שיטת חב״ד ניט געהאַט קיין באָדען.

מתנגדים, חסידים און משכילים. די רבנים האָבען שוין לאַנג גע-
זעהען אין חסידות אַ געפעהרליכען פיינד צום יודענטום. די לעהרע פון
בעש"ט, דאָס פיר דעם מענשען איז דער גלויבען וויכטיגער פון אַלעס, אַז
דאָס וויסען און לערנען דעם גלויבען האָט ניט קיין ווערט, איז געווען אַ
פולער קאָנטראַסט צו דער לעהרע פון די רבנים, וועלכע האָבען געמאָסטען
די פרומקייט פון אַ מענשען מיט דער מאָס פון זיינע תלמודישע קענטניסען.
דער צדיק איז געווען פיר דעם רב אַ נייער קאָנקורענט, ווייל ער, דער צדיק,
איז געוואָרען זעהר געשווינד פּאָפּולער ביים המון, וועלכער האָט געפונען
מעהר אינטערעס אין דעם צדיק, בעל מופת און בעל עצה, ווי אין דעם רב
מיט זיינע לומדות. אַזוי איז עס נאָר געווען אין זיד-רוסלאַנד; אין נאָרד
אָבער זיינען די רבנים אַרויס אויף אַ קאַמף מיט די חסידות און איהרע
אָנהענגער.

אָן דער שפּיץ פון די רבנים אין ליטא איז דאַמאָלס געשטאַנען ר'
אליהו ווילנער, בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „דער ווילנער גאון"
(1720—1797). שוין אין דער יוגענד האָט ער אַרויסגעוויזען אונגעוועהנ-
ליכע פעהיגקייטען. ווען ער איז אַלט געווען 6 יאָהר איז ער שוין געווען
אין שטאַנד צו לערנען אַ בלאַט גמרא אָהן שום הילף פון אַ לעהרער. צו
10 יאָהר האָט ער גענומען אָנטייל אין פאָרשונגען פון שווערע סוגיות פון
תלמוד צוזאַמען מיט די גרעסטע רבנים פון יענער צייט, וועלכע האָבען
איהם בעוואונדערט אַלס אַן אונגעוועהנליכע ערשיינונג. עס איז ניט געווען
קיין זאַך, וואָס זיין פערשטאַנד זאָל ניט דורכנעהמען זעהר געשווינד און
גרינדליך. ער האָט גוט פערשטאַנען קבלה און האָט געהאַט אַ ידיעה אין
מעטהעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און פיזיק, אויף וויפיעל דיזע וויסענשאַפטען
זיינען איהם געווען נעטיג צו פערשטעהן געוויסע שטעלען אין תלמוד. ער
האָט געלעבט אין ווילנא אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, האָט מיט
קיינעם ניט גערעדט וועגען וועלטליכע זאַכען, נאָר אין געוויסע שטונדען
פלעגט ער פאָרטראָגען אַ שיעור אין תלמוד צו זיינע תלמידים. ער האָט זיך
ערנעהרט זעהר אָרים, האָט געשלאָפען נאָר צוויי שעה אין מעת לעת, און
די איבריגע צייט האָט ער פערבראַכט אין לערנען. ער האָט געהאַסט דעם
פלפול, וואָס איז דאַמאָלס געווען אין מאָדע — דאָס זיינען געווען קינסט-
ליכע סתירות אָדער ווידערשפּרוכען, וועלכע מען האָט געשאַפען בכוונה,
אום זיי נאָכדעם צו פערענטפערן. ער האָט געקענט ערקלערען דעם וואַהרען
זין פון שווערע תלמודישע שטעלען דורך פערגלייכונג מיט אַנדערע שטעלען
פון תלמוד, און זעהר אָפט דורך קאָריגירען דעם טעקסט פון דער שווע-

דער שטעלע. עס זיינען געבליבען פון ווילנער גאון זעהר פיעלע פירושים, ערקלערונגען און "הגהות" (אנמערקונגען) צו תנ"ך, תלמוד, די טורים פון שלחן ערוך, אויך צו קבלה, איבערהויפט צום „זוהר". פיעלע זיינען גע-שריבען זעהר קורץ, נאר מיט א וואונק, ווייל ער האט גערעכענט, דאס דער לעזער אדער למדן וועט איהם פערשטעהן. ער האט אויך געשריבען איבער דקדוק לשון הקודש און איבער מאטהעמאטיק. אבער זיין הויפט-בעשעפ-טיגונג איז געווען די תלמודישע ליטעראטור. אלע גרויסע רבנים אין רוס-לאנד און אויסלאנד האבען איהם איינפאך פערגעטערט. דאס פאלק אבער האט איהם ניט פערשטאנען, און ער האט אויך דאס פאלק ניט פערשטאנען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס ער איז געווען אזא שטארקער געגנער פון דער דעמאקראטישער שיטה פון בעש"ט, א שיטה, וואס האט וועניג געהאלטען פון תלמודיסטען און וואס האט ערלויבט צו טאן פיעלע זאכען געגען דעם שלחן ערוך.

אין יאהר 1772 האט מען אין ווילנא זיך דערוואוסט, דאס דארט גע-פינט זיך א פעראיין פון חסידים. דער ווילנער קהל האט זיי מיט דער הסכמה פון ווילנער גאון מחרים געווען. ווילנא האט אויך פערנאנדערגע-שיקט צירקולארען צו פיעלע רבנים פון אנדערע שטעדט, אז מען זאל זיך נעהמען צו פערפאלגען די כת החסידים, „ווייל זי איז געגען גאט און געגען דער תורה". אויך די גאליציאנער רבנים האבען זיך פערזאמעלט אין בראד און האבען ארויסגעלאזען א חרם אויף די, וואס ווילען זיך ערלויבען צו מאכען שנויים אין די אידישע תפלות און ווילען דאוונען לויט דעם נייעם נוסח פון די חסידים, ווי אויך געגען די, וואס ווילען זיך אנטאן אום שבת און יום טוב אין ווייסע קליידער, אין וועלכע די חסידישע רביים אדער צדיקים פלעגען זיך אנטאן. אין יאהר 1780 איז ערשינען דער חסידישער ספר „תולדות יעקב יוסף" פון דעם חסידישען רבי ר' יעקב יוסף כהן, אין וועלכען עס קומען אריין די לעהר-שפרוכען פון בעל שם טוב מיט די אנ-מערקונגען פון מחבר, אין וועלכע ער טאדעלט די רבנים מיט זייער פשט'לע-ריי. דיזער ספר האט אויפגערודערט אלע רבנים, וועלכע זיינען ווידער ארויס אויף א קאמף געגען חסידים און חסידות. אין יאהר 1781 האבען זיך די ליטווישע רבנים פערזאמעלט אין דעם שטעדטעל זעלווע און האבען צושיקט צירקולארען צו פיעלע אידישע קהלות מיט דער פאדערונג צו בע-שטראפען די חסידים, די אנהענגער פון דעם „עוכר ישראל" דעם בעש"ט. מען האט געפאדערט פון אלע אידישע קהלות, אז זיי זאלען אויסשליסען די חסידים פון קהל ישראל, מען זאל זיי בעטראכטען אלס גוים גמורים,

ניט האָבען מיט זיי קיין מגע ומשא, ניט מתחתן זיין זיך מיט זיי און מען זאָל ניט בעערדיגען זייערע פערשטאָרבענע אויף אַ אידישען בית עולם. די געגנער פון די חסידים, די „מתנגדים", ווי זיי האָבען זיך פון דאַמאָלס אָן גערופען, האָבען איבעראַל זיי פערפאָלגט אַלס אַ זעהר שעדליכע סעקטע פיר דאָס יודענטום. ווען עס האָט זיך פערשפרייט אין בּעלאָרוסיע די חסידישע



הגאון ר' אליהו מווילנא.

כתה פון דעם גוטען אידען ר' זלמן שניאורסאָן, דעם גרינדער פון חב"ד'ער חסידיזם, האָט זיך די אַגיטאַציאָן געגען זיי נאָך מעהר פערשטאַרקט. אויף דער אספת הרבנים אין מאָהילעוו און שקלאָוו האָט מען בעשלאָסען צו נעהמען געגען די חסידים זעהר שטרענגע מיטלען, און זייער פיהרער דער צדיק ר' זלמן שניאורסאָן, אָדער ר' זלמן לאַדיער, איז אַנערקענט געוואָרען

אלס אן אפיקורוס. ר׳ זלמן האט זיך פערענטפערט אין צירקולארען פאר די רבנים, און האט בעוויזען, דאס אין זיין שיטה איז ניטא קיין אפיקורסות, אבער עס האט איהם ניט געהאלפען. ער איז געפאהרען אין ווילנא און האט זיך געוואלט זעהן מיט'ן גאון און ערקלערען איהם, דאס ער איז אן אמת'ער איד גלייך מיט אלע רבנים, אבער מען האט איהם זאגאר ניט צוגעלאזען צום גאון. צו ענדע פון 18טען יאהרהונדערט איז די מחלוקת צווישען די ביידע פארטייען, חסידים און מתנגדים, געווארען אזוי שטארק, דאס די רעגירונג האט זיך אנגעהויבען אריינמישען.

ביידע קעמפענדע פארטייען, די חסידים און די מתנגדים, זיינען גע-ווען זעהר פיינדליך צו דעם גייסט פון השכלה, וואס האט זיך דאמאלס אנ-געהויבען צו ציינען אין אידישען לאגער. אבער די חסידים האבען גע-קעמפט געגען דער השכלה מיט מעהר ענערגיע פון די מתנגדים, ווייל זי איז געווען מעהר געפעהרליך פיר זייערע פאנטאזיעס ווי פיר די תלמודים-טען. יעדענפאלס האט א איד מיט א נייגונג צו השכלה, צו אלגעמיינער בילדונג, געהאט אויסצושטעהן פערפאלגונגען פון אלע זייטען, און איז געווען געצוואונגען צו פערלאזען רוסלאנד און אוועק נאך דייטשלאנד, וואו עס האט דאמאלס געהערשט דער אויפקלערונגס-גייסט פון מענדעלסאן און זיינע תלמידים.

איינער פון אזעלכע אויסוואנדערער פון רוסלאנד נאך בערלין איז געווען שלמה מיימון (1754—1800). מיימון איז געבארען גע-ווארען אין א דארף ניט ווייט פון נעסוויזש. זיין פאטער איז געווען אן ארענדאר (א שענקער אין א דארף). ווי אלע אנדערע אידישע קינדער פון יענער צייט האט אויך מיימון געקראגען א תלמודישע ערציהונג. ווי ער איז אלט געווארען 12 יאהר האבען איהם זיינע עלטערן חתונה געמאכט. זיין לעבען האט ער געווידמעט צום לערנען. ווען ער איז גוט בעקאנט געווארען מיט'ן תלמוד האט ער זיך אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט קבלה. אבער דיזע לעהרע האט איהם ניט צופרידען געשטעלט, און ער האט אנגע-הויבען צו שטודירען די רעליגיאנס-פילאזאפיע פון רמב"ם. אבער אויך די פילאזאפיע האט איהם ניט צופרידען געשטעלט, און ער איז אוועק נאך בערלין. ער האט בעזוכט איניגע דייטשע שטעדט און איבעראל האט ער געליטען גרויס נויט. אין בערלין האט ער זיך בעקענט מיט מענדעלסאן'ען און זיינע פערעהרער, און איז שנעל בעקאנט געווארען מיט דער דייטשער ליטעראטור, וויסענשאפט און פילאזאפיע. דיזער איבערגאנג פון תלמודי-שען שטודיום צו דער דייטשער קריטישער פילאזאפיע האט אין איהם גע-

שאפען א גרויסע ענדערונג. ער איז געוואָרען אַן אפיקורוס, האָט פעראַכ־טעט די הויפט־גרינדען פון סאָציאַלער מאָראַל און האָט זיך אויפגעפיהרט זעהר אונאַנשטענדיג, אזוי דאָס זיינע פריינד האָבען איהם אָנגעהויבען צו פעראַכטען און האָבען זיך ענטזאָגט פון איהם. אין זיין פילאָזאָפישער קריטיק איז מיימון געגאַנגען פיעל ווייטער פון דעם גרעסטען פילאָזאָף פון דער לעצטער צייט, פון קאַנט'ן. ער האָט געשריבען פיעלע ווערק איבער קאַנט'ס פילאָזאָפיע און לאָגיק. קאַנט האָט וועגען מיימון'ס ווערק איבער זיין פילאָזאָפיע אזוי געזאָגט: „קיינער פון מיינע געגנער האָט ניט אזוי טיף פערשטאַנען מיין סיסטעם ווי מיימון; קיינער האָט ניט אזא דורכ־דרינגענדען און טיפען גייסט צו פערשטעהן אזעלכע אבסטראַקטע געדאַנ־קען ווי מיימון". אין יאָהר 1792 האָט ער אַרויסגעגעבען זיין לעבענס־בע־שרייבונג, אין וועלכער ער שילדערט דאָס לעבען פון די פויליש־ליטווישע אידען און זיינע אייגענע צופעלען און ליידען. זיין אויטאָביאָגראַפיע האָט געמאַכט א גרויסען איינדרוק אויף די גרעסטע מענער פון יענער צייט, ווי גאָטהע און שיללער. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער פערבראַכט אין שלעזיען אויף דעם גוט פון זיין פריינד גראַף קאַלקרייט, און האָט דאָרט פאָרטגעזעצט זיינע ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע פאָר־שונגען. אין יאָהר 1800 איז מיימון געשטאָרבען און איז בעגראָבען גע־וואָרען אין גלאָגאו. די לעצטע יאָהרען איז ער געווען זעהר דערווייטערט פון יודענטום און האָט גאָרניט געטאָן פיר דאָס אידישע פאָלק און פיר זיין ליטעראַטור. דאָס איינציגע, וואָס ער האָט געשריבען אין העברעאיש, איז געווען זיין פירוש אויף'ן „מורה נבוכים" מיט'ן נאָמען „גבעת המורה", א זעהר וויכטיגע פילאָזאָפישע אַרבייט, נאָר ער האָט דאָס ניט געענדיגט. אָבער אזעלכע מענשען ווי מיימון זיינען נאָך אין יענער צייט געווען זעהר זעלטען. דאָס אידישע פאָלק האָט נאָך דאַמאָלס קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגען אַלגעמיינער בילדונג. און די צייט איז ווירקליך אין ליטא און פוילען ניט געווען מסוגל דערצו. דאָס איז געווען א צייט, ווען די אידען זיינען צוליב דער צוטיילונג פון פוילען אַרונטערגעפאַלען אונטער די הערשאַפט פון דער פינסטערער, פאַנאַטישער אידען־פיינדליכער רוסלאַנד.

## ה. די אידען אונטער רוסלאַנד.

ניט־דולדונג פון אידען אין רוסלאַנד צו ענדע פון מאָסקווער פעריאָדע און אין אָנפאַנג פון פעטער'ס צייט. די מאָסקווער רוסישע רעגירונג האָט די אידען שטאַרק געהאַסט און האָט זיי ניט אַריינגעלאָזען

אין לאַנד. אָבער אין יאָהר 1654, ווען קליין-רוסלאַנד איז איבערגעגאַנגען צום רוסישען צאַר אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש, זיינען פיעלע אידען געקומען אונטער די הערשאַפט פון רוסלאַנד. ווען די מאָסקווער טרופּען און די קאָזאַקען האָבען פערשוואומען ביעלאָרוסיע, ליטא און אוקראַינאַ, איז פאַר זיי ערשינען אַן אונגעוועהנליכע סצענע: שטעדט, אין וועלכע גאַנצע קוואַר-טאַלען זיינען געווע בעזעצט מיט אידען, אַ פרעמדעס פאָלק, וועגען וועל-כען די פינסטערע מאָסקווער האָבען נאָר געוואוסט, דאָס עס האָט אַמאָל געקרייציגט יעזוס'ן, און דאָס מען דאַרף עס דעריבער ניט אַריינלאָזען אין די הייליגע פּראַוואָסלאַוונע רוסלאַנד. אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש און זיינע קאָמאַנדירען האָבען זיך בעגאַנגען זעהר גרויזאַם מיט די אידען אין די פּוילישע פּראָווינצען, וועלכע זיי האָבען פערנומען. אין ווילנא און מאָ-הילעוו האָט מען פיעלע אידען אויסגע'הרג'עט, און די, וואָס זיינען גע-בליבען לעבען, האָט מען אַרויסגעטריבען; אין וויטעבסק האָט מען די אי-דען גענומען אין פּלען, און אין אַנדערע שטעדט האָט מען אויף זיי גע-מאַכט פּאָגראָמען און זיי בערויבט. שפּעטער, ווען די רוסען, איבערהויפּט די קאָזאַקען, האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען גרויסע שחיטות אין אוקראַינאַ, האָבען די פּאָליאַקען צוזאַמען מיט די שוועדען געמאַכט אַן ענדע צו דיזע מערדערייען.

ווען אוקראַינאַ איז איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד (1667) האָט מען די אידען געגעבען אַ ברירה: אָדער איבערגעהן צו פּוילען אָדער בלייבען אין די שטעדט, וואו זיי האָבען געוואוינט, אָבער מיט דעם תנאי, דאָס די קריסט-ליכע בעפּעלקערונג זאָל געבען איהר צושטימונג, דאָס זי וויל האָבען די אידען ביי זיך. מיט אַזאַ אופן זיינען פערבליבען אַ קליינע צאָהל אידען אונטער דער הערשאַפט פון רוסלאַנד. די פאַנאַטישע רוסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבען זוכען מיטלען צו פערהיטען, דאָס די אידען זאָלען ניט אַריינקומען אין די רוסישע פּראָווינצען און מטמא זיין די הייליגע רוסלאַנד. אין יאָהר 1676 האָט דער צאַר פעאָדאָר אַלעקסייעוויטש אַרויסגעגעבען אַן אוקאַז, דאָס אידען טאָרען ניט אַריינקומען אין מאָסקווא מיט סחורה אָדער אָהן סחורה. אין די טראַקטאַטען, וואָס רוסלאַנד האָט געשלאָסען מיט פּוי-לען אין די יאָהרען 1678 און 1686, האָט רוסלאַנד ערלויבט אַלע פּוילישע אונטערטאַנען צו קומען האַנדלען אין מאָסקווא, „אויסער אידען".

שפּעטער דער גרויסער האָט געמאַכט אין רוסלאַנד פיעלע וויכטיגע רע-פאָרמעס, און האָט אויך פיעל פערבעסערט די בעציהונגען פון די רוסען צו אַנדערע פעלקער, אָבער אין דיזער הינזיכט האָבען אידען געמאַכט אַן

אויסנאהמע. מען דערצעהלט, דאָס אין דער צייט, ווען פעטער האָט גע-
לעבט אין אמסטערדאם, האָבען זיך די אידען געווענדט צו איהם, דורך
דעם אמסטערדאמער בירגערמייסטער וויטסען, מיט א ביטע, אז ער זאָל
ערלויבען די אידען קומען האנדלען אין מאָסקווא. אָבער פעטער האָט גע-
ענטפערט: „מיין ליבער וויטסען, איהר קענט די אידען, זייער כאראקטער
און זייערע זיטען; איהר קענט אויך די רוסען. איך קען זיי ביידע, און
גלויבט מיר: עס איז נאָך ניט געקומען די צייט צו פעראייניגען די ביידע
נאציאָנען. זאָגט די אידען, דאָס איך דאנק זיי פיר זייער פאָרלאגע און
איך פערשטעה ווי ניצליך עס וואָלט געווען צו בענוצען זיך מיט איהר,
נאָר איך וואָלט דארפען האָבען מיטלייד אויף זיי, ווען זיי וואָלטען זיך גע-
פינען צווישען די רוסען". עס קען זיין, דאָס דעריבער האָט פעטער ניט
געדריקט די אידען אין קליין=רוסלאנד, און האָט זיי אָבער אויך ניט אריינ-
געלאָזען אין רוסלאנד. אין יאָהר 1708, ווען עס איז פאָרגעקומען די מלחמה
צווישען רוסלאנד און שוועדען, האָט ער אָפּגעהאלטען א פאָגראָם, וואָס
זיין מיליטער האָט אָנגעהויבען צו מאַכען אויף אידען אין מסטיסלאוול
(קליין=רוסלאנד). אין אידישען פנקס פון דער שטאָדט מסטיסלאוול איז
פערשריבען דער צופאל, און דאָרט שטעהט אויסדריקליך געשריבען, דאָס
פעטער איז אליין געקומען צו זיי אין שול אין דער צייט פון פאָגראָם און
האָט אָפּגעהאלטען די רויבעריי און ניט דערלאָזען צו בלוט=פערגיסונג, און
האָט געהייסען הענגען 30 פון די פאָגראָמשטשיקעס, און אזוי האָט ער איינ-
געשטילט דעם פאָגראָם. דאָס איז געווען דעם 28טען אלול, שנת תס"ח.

די אידען אונטער יעקאטערינא דער 1טער און אננא איוואַ-
נאָוונאַ. אין דער צייט פון די רעגירער אין רוסלאנד נאָך פעטער דעם
גרויסען האָבען די רוסישע בעאמטע אין קייזערליכען הויף גענומען פער-
פאָלגען שטרענג די אידען, מען האָט באלד אָנגעהויבען טרייבען די אידען
פון סמאָלענסק, ווייל זיי זיינען צו נאָהענט צו רוסלאנד. איינער א אי-
דישער פאכטער ברוך לייבאָוו האָט זיך ערלויבט צו בויען א שול-
כעל אין דעם דאָרף זוויעראָוויטש ארום סמאָלענסק. דאָס האָט אויפגע-
בראכט דעם גייסטליכען פון דער דאָרף=קירכע און ער האָט געשריבען א
קלאגע געגען ברוך לייבאָוו'ן צו דער העכסטער רעגירונג, און די קייזערין
יעקאטערינא די 1טע האָט באלד געגעבען א בעפעהל, אז מען זאָל אָפּנעהמען
פון ברוך לייבאָוו'ן דעם פאכט און ארויסטרייבען איהם פון רוסלאנד, ווייל ער
קען מיט זיין שולכעל פערברייטען יודענטום צווישען די רוסישע קריסטען
(מערץ 1727). מיט א חדש שפעטער איז ארוים אַן אוקאַז, אז מען זאָל

ארויסטרייבען אַלע אידען פון אוקראַינאַ און זיי מעהר ניט אַריינלאָזען. מען האָט זיי ניט ערלויבט צו נעהמען מיט זיך קיין גאָלדענע און זילבערנע מטבעות, וועלכע זיי האָבען געמוזט אויסבייטען אויף קופּער-געלט.

געגען דיזע גוואַלדטאַטען זיינען זאָגאַר די קאָזאַקען, וואָס זיינען קיין מאָל ניט געווען פריינדליך צו אידען, ארויס מיט אַ פּראָטעסט. דער העט-מאַן פון די קאָזאַקען פון קליין-רוסלאַנד, אַפּאָסטאָל, האָט זיך געווענדעט אין פּעטערבורג מיט אַ ביטע, אַז מען זאָל לאָזען די אידען פערבלייבען אין קליין-רוסלאַנד, ווייל זיי ברייננגען פיעלע נוצען דעם רוסישען פאָלק, וואָס וואוינט דאָרט, מיט זייער מסחר. אויף דיזע בקשה האָט מען געענטפערט פון פּעטערבורג, דאָס די אידען טאָרען ניט פיר קיין פאַל בעזעצען זיך צו-ריק אין קליין-רוסלאַנד, פון וואַנען זיי זיינען שוין ארויסגעטריבען געוואָ-רען, נאָר זיי מעגען ברייננגען פון פּוילען, וואו זיי האָבען זיך בעזעצט נאָך דעם גירוש, זייערע סחורות אויף די ירידים אין קליין-רוסלאַנד און פערקוי-פען זיי נאָר אָגולנע. דאָס געלט, וואָס זיי לעזען פיר זייערע סחורות, טאָרען זיי ניט נעהמען מיט זיך, נאָר זיי מוזען דערפאַר קויפען אַנדערע סחורות. שפּעטער האָט די רעגירונג ערלויבט די אידען צו פערקויפען סחורה אויף די ירידים אויך אין איינצעל, ווייל דאָס קריסטליכע פאָלק אין קליין-רוסלאַנד האָט עס שטאַרק געפאָדערט.

אָבער פּלוצלינג איז די פּריווילעגיע צו פערקויפען סחורה אויף די ירידים אין איינצעל בטל געוואָרען; די רוסען האָבען מורא געהאַט, דאָס דורך נאָהענטע בעריהרונג מיט די אידען וועט דאָס פאָלק אָננעהמען דאָס יודענטום. די אורזאַך פון דיזער מורא איז געווען, וואָס ברוך לייבאָוו, וועל-כער האָט אויך נאָך דעם, ווי מען האָט איהם אַרויסגעטריבען, ניט אויפגע-הערט צו בעזוכען רוסלאַנד, האָט זיך בעקענט אין מאָסקווא מיט אַ קאַפּיטאַן פון דער פלאָטע אַלעקסאַנדער וואָזניצין און האָט איהם אַראָפּגעפיהרט פון וועג, ד. ה. ער האָט איהם איינגערעדט צו ענטזאַגען זיך פון זיין קריסט-ליכען גלויבען און ווערען אַ איד. מיט דער הילף פון זיין פריינד ברוך לייבאָוו האָט וואָזניצין ערלערנט די אידישע ביבעל, און איהם איז פיעל בעסער געפעלען געוואָרען די אידעע פון אַן איינציגען גאָט איידער די היי-ליגע דריי-איינינקייט מיט איהר געצען-דינסט. ער איז אַוועק אין דאָס שטעדטעל דובראָוונאַ, וואו ברוך לייבאָוו האָט געוואוינט, און האָט זיך דאָרט מגייר געווען. עס האָט ניט לאַנג גענומען און רעגירונגס-בעאַמטע האָבען זיך דערפון דערוואוסט, און מען האָט וואָזניצין'ען מיט זיין לעהרער ברוך לייבאָוו איבערגעגעבען אין די הענט פון גערעכטינקייט אין פּעטער-

בורג. דאָרט האָט מען זיי שרעקליך געפייניגט און זיי האָבען זיךביידע מודה געווען. מען האָט זיי פיר דיזעס פערברעכען בעשטראָפט מיט'ן טויט — מען האָטביידען פערברענט לעבעדיגערהייט.

צוליב דיזען צופאַל האָט די פעטערבורגער רעגירונג ווידער אָנגע-הויבען צו פערפאָלגען די אידען און שאַפען אַלע מאָל מעהר און מעהר פרישע גזירות. אין יאָהר 1739 האָט דער סענאַט ארויסגעגעבען אַ בע-פעהל ארויסצוטרייבען די אידען פון קליין-רוסלאַנד, וועלכע האָבען זיך דאָרט אונגעזעצליך צוריקגעקהרט נאָך דעם גירוש פון יאָהר 1727. אויף דיזען סענאַט-בעשלוס האָט דאָס מיליטער-אַמט פון קליין-רוסלאַנד געענט-פערט, דאָס יעצט לוינט ניט פיר די רעגירונג ארויסצוטרייבען זיי, ווייל עס עס געהט יעצט אָן אַ קריג מיט טערקיי, און דיזע קען זיך בענוצען מיט די ארויסגעטריבענע אידען אַלס שפּיאָנען. דער מיניסטאָרען-ראַט האָט צו-ליב דעם ווירקליך אָפּגעלעגט דעם גירוש ביז עס וועט זיין געענדיגט די מלחמה מיט טערקיי. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט האָט די רוסישע קייזערין אַננאַ איוואַנאָווונאַ ארויסגעגעבען אַן אוקאַז (1740) ארויסצוטריי-בען די אידען פון אוקראַינאַ. דער אוקאַז איז באַלד מיט דער גרעסטער שטרענגקייט דורכגעפיהרט געוואָרען, עס זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון דאָרט 573 פּערזאָן, מענער, פרויען און קינדער. דיזער הויפען אָרימע מענשען האָט פיר קיין פאַל ניט געקענט זיין שעדליך דעם פאָלק אין אַזאַ גרויסען לאַנד ווי רוסלאַנד, אָבער דער האַס פון דער פּראַוואָסלאַווער קירכע צו אידען, און די רשעות פון דער דינאַסטיע ראָמאַנאָוו, האָט ניט געוואָלט וויסען פון קיין לאָגיק.

די קייזערין עליזאַבעטאַ פּעטראָווונאַ. אין דער צייט, וואָס די קיי-זערין עליזאַבעטאַ פּעטראָווונאַ האָט געהערשט (1741—1761), זיינען די פערפאָלגונגען פון די אידען געוואָרען פיעל שטאַרקער. דיזע קייזערין האָט פערבראַכט איהר צייט אָדער אין דער קירכע אָדער אויף בעלער. אין די גובערניעס קאַזאַן און אַסטראַכאַן האָט די רעגירונג געהייסען צושטערען די מעטשעטען (מאַהמעדאַנישע געבעט-הייזער) און האָט געצוואונגען די מאַהמעדאַנער אָנצונעהמען קריסטענטום. אָבער דיזען צוואַנג האָט די רע-גירונג באַלד אָפּגעשטעלט, ווייל זי האָט מורא געהאַט, דאָס טערקיי וועט דערפאַר אָנהויבען בעהאַנדלען שלעכט די קריסטען, וואָס וואוינען דאָרט. דערפאַר האָט מען זיך ניט געצערעמאָניעט מיט אידען: מען האָט זיי גע-צוואונגען אָנצונעהמען די טויפע, אָדער מען האָט זיי ארויסגעטריבען פון לאַנד. אין דעם אוקאַז, וואָס דיזע פרומע קייזערין האָט ארויסגעגעבען צו

ענדע פון יאָהר 1741, בעפעהלט זי „גנעדיגסט", דאָס די אידען מוזען אַרויס-
געטריבען ווערען פון רוסלאַנד און פון קליין-רוסלאַנד, ווייל זיי קענען שאַ-
דען מיט זייער אונגלויבען דער היילינגער פּראַוואָסלאַוונער קירכע. אַן אויס-
נאַהמע איז געמאַכט געוואָרען פיר די אידען, וואָס וועלען אָננעהמען דעם
פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען. דיזע מעגען פערבלייבען אין לאַנד, אָבער מען
דאַרף זיי שוין מעהר ניט אַרויסלאָזען פון רוסלאַנד, ווייל אין אַנדערע לענ-
דער קענען זיי זיך צוריקקעהרען צו זייער אונגלויבען. דאָס רוסישע פאָלק
אָבער האָט גע'טענה'ט צו דער רעגירונג, דאָס די גרויסע טובה, וואָס זי וויל
טאָן דעם רוסישען פאָלק מיט דעם גירוש פון אידען, וועט פיר זיי זיין אַ
גרויסע רעה. פון קליין-רוסלאַנד און ליפלאַנד האָבען די רוסישע סוחרים
געשריבען, אַז דאָס געשעפט וועט זעהר פיעל ליידען פון דעם, וואָס מען
טרייבט אַרויס די אידען פון לאַנד, און איבערהויפּט פון דעם, וואָס מען ער-
לויבט ניט די אידען קומען פון אַנדערע לענדער צו האַנדלען אין רוסלאַנד,
ווייל די רוסישע סחורות וועלען בלייבען ניט פערקויפט.

דער סענאַט האָט געבעטען די קייזערין, אַז זי זאָל נאָכגעבען דעם
וואונש פון דעם פאָלק אין קליין-רוסלאַנד און ליפלאַנד, ווייל דאָס פאָלק,
דאָס קריסטליכע פאָלק, ווי אויך די אינטערעסען פון דער רעגירונג זעלבסט
און פון גאַנצען לאַנד וועלען דערפון ליידען. דערויף האָט די קייזערין עלי-
זאַבעטאַ געענטפערט: „פון די שונאים פון קריסטוס וויל איך ניט האָבען
קיין נוצען" (דעצ. 1743). דער סענאַט האָט געמוזט טאָן לויט דעם פער-
לאַנג פון דער קייזערין. די אידען האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס לאַנד,
אין וועלכען זיי האָבען געלעבט הונדערטער יאָהרען איידער דאָס לאַנד איז
אונטערגעפאַלען אונטער רוסישע הערשאַפט. עס זיינען אין יאָהר 1753
אַרויסגעטריבען געוואָרען פון קליין-רוסלאַנד מעהר פון 35,000 אידען.

די קייזערין עליזאַבעטאַ האָט געזוכט צו טאָן וואָס זי האָט געקענט
אום ניט צו לאָזען אין רוסלאַנד קיין זכר פון אידען און יודענטום. אין
יאָהר 1731 האָט געוואוינט אין פּעטערבורג אַ געלערנטער דאָקטאָר פון מע-
דיצין אַנטאָניאָ סאַנטשעס פון די שפּאַנישע אנוסים (מאַראַ-
נאָס), וועלכער האָט בסוד זיך געהאַלטען אָן יודענטום. ער איז פון דער
רוסישער רעגירונג אַרויסגערופען געוואָרען פון אויסלאַנד אויף אַ שטעלע
פון לייב-מעדיק, ער איז אויך געוועזן אַ מיטגליד פון דער אַקאַדעמיע פון ווי-
סענשאַפטען, ווייל ער האָט געשריבען זעהר וויכטיגע ווערק איבער מעדיצין,
וועלכע זיינען אָנערקענט געוואָרען פון די גרעסטע אייראָפּעאישע געלעהרטע.
אין יאָהר 1749 איז ער פּלוצלינג ענטזאַגט געוואָרען פון זיין שטעלע און

ער האָט געמוזט פערלאָזען פּעטערבורג, ווייל די קייזערין האָט זיך דער־וואוסט, דאָס ער איז אַ שרעקליכער פערברעכער — ער איז אַ בעהאַלטענער איד און גלויבט אין משה'ן און די נביאים מעהר ווי אין יעזוס'ן. ווען דער בעריהמטער מאַטהעמאַטיקער אייכלער האָט דערהערט דעם סקאַנדאַל האָט ער געשריבען: „איך גלויב ניט, דאָס אַזעלכע אונגערעכטע האַנדלונגען קע־נען פערשאַפען עהרע דער אַקאַדעמיע".

**יעקאַטערינאַ די 2טע (1762—1786).** קיינער פון די הויכע בע־אַמטע אָדער רעגירער פון רוסישען פאָלק האָט ניט פּראַכטעט אַזוי טיף די רוסישע ביזאַנטישע קירכען־פּאָליטיק ווי דיזע קייזערין, וועלכע איז גע־ווען בעוואוסט אַלס אַ העכסט געבילדעטע דאַמע. דאָך האָט זי ניט גע־קענט אָפּשאַפען די אידען־פיינדליכע פּאָליטיק, וואָס איז געווען איינגע־וואָרצעלט אין דער רוסישער רעגירונג און האָט זיך גערעכענט אַלס אַ פאָלקס־פּאָליטיק, וואָס איז שווער צו ענדערן. יעקאַטערינאַ זעלבסט שרייבט וועגען דעם אין איהרע מעמוארען: „אויף דעם 5טען אָדער 6טען טאָג נאָך דעם, ווי יעקאַטערינאַ די 2טע (זי האָט געשריבען איהרע מעמוארען אין דער 3טער פּערזאָן) האָט בעשטיגען דעם טראָן, איז זי אַריין אין סענאַט און האָט געפונען, דאָס עס פערהאַנדעלט זיך די אידישע פראַגע: אויב מען זאָל אַריינלאָזען אידען וואוינען אין רוסלאַנד. כמעט אַלע זיינען גע־ווען איינשטימיג פיר די זאַך. ווען מען האָט אָנגעהויבען אויפנעהמען די שטימען איז אויפגעשטאַנען קניאַז אָדאָיעווסקי און האָט געזאָגט דער קיי־זערין, אַז זי זאָל ניט פערגעסען וואָס די קייזערין עליזאַבעטאַ האָט געשרי־בען אויף דעם רעפּאָרט, וואָס מען האָט איהר צוגעשטעלט וועגען דיזער פראַגע: דאָס זי וויל ניט האָבען קיין נוצען פון די שונאים פון קריסטוס. דער גענעראַל־פּראָקוראָר האָט געקליבען די שטימען און איז צוגעגאַנגען צו איהר בעטען איהר ענטשיידונג, האָט זי איהם געזאָגט: „איך וויל, אַז דיזע פראַגע זאָל אָפּגעלעגט ווערען אויף אַן אַנדער צייט". זי האָט אַזוי געהאַנ־דעלט, ווייל זי האָט ניט געוואָלט אויפרייצען געגען זיך די גייסטליכע אין די פרומע קלאַס פון פאָלק, וועלכע זיינען געווען געגען אידען". אין דעם זעלבען יאָהר (4טען דעצעמבער 1762) האָט זי אין אַ מאַניפעסט וועגען אַריינלאָזען אויסלענדער אין רוסלאַנד צו וואוינען און האַנדלען, צוגעגעבען די בעוואוסטע צוויי ווערטער „קראָמיע זשידאָוו" (אַחוץ אידען).

מיט צוויי יאָהר שפּעטער האָבען די קליין־רוסישע פאָרשטעהער זיך געווענדט צו יעקאַטערינאַ'ן מיט אַ ביטע, אַז זי זאָל זיי צוריקגעבען די אוי־טאָנאָמיע, וואָס די פריהערדיגע רוסישע הערשער האָבען צוגענומען פון זיי

אין דיזער ביטע איז אויך געווען א פונקט, אז מען זאל ווייטער ערלויבען די אידען צו קומען האנדלען אין קליין־רוסלאנד, ווייל מיט זייער האנדעל ברייננגען זיי דעם לאנד פיעלע נוצען. אבער יעקאטערינא האט ניט געהאט דעם מוט נאכגעבען זייער בקשה און צו ענדערן עליזאבעטא'ס בעשלוס, ניט צו ציהען קיין נוצען פון „קריסטוס'עס שונאים”.

אין יאהר 1769 איז ארויס א מאניפעסט מיט פריווילעגיעס פיר אלע פרעמדע, וועלכע ווילען זיך בעזעצען אין די וויסטע ערטער פון נייע־רוס־לאנד. אויך אידען האט מען איינגעלאדען צו בעשעפטיגען זיך דארט מיט אקערבוי, אבער מען האט זיי ערלויבט נאר אין נייע־רוסלאנד, אין די גאנץ וויסטע ערטער, וועהרענד אנדערע פעלקער האט מען ערלויבט צו בעזעצען זיך אויך אין קליין־רוסלאנד. אבער זעהר ווענינ אידען האבען זיך בע־נוצט מיט דיזע רעכטען.

אין יאהר 1772 איז פארגעקומען די ערסטע צוטיילונג פון פוילען. פיעלע אידען זיינען דאמאלס אונטערגעפאלען אונטער רוסישע הערשאפט. וואס זאל רוסלאנד טאן מיט אזעלכע אונטערטאנען, וועלכע זי האט אימער ניט געלאזען אויף'ן שוועל פון איהר לאנד? עליזאבעטא וואלט אויך אין דיזען פאל געזאגט איהר געוועהנליכע פראזע: „פון קריסטוס'עס שונאים וויל איך ניט האבען קיין נוצען”. אבער יעקאטערינא האט ניט געקענט טאן אזא בארבארישע זאך, ארויסטרייבען אלע אידען פון ביעלארוסיע. אויסער דעם האט די רוסישע רעגירונג דאמאלס פערשפראכען צו די איינ־וואוינער פון ביעלארוסיע, וואס זיינען איבערגעגאנגען פון פוילען צו רוס־לאנד, דאס זי וועט בעהאנדלען אלעמען ווי פוילען האט זיי פריהער בעהאנ־דעלט. די קייזערין יעקאטערינא האט ניט געוואלט און ניט געקענט מאכען אן אויסנאהמע אין דיזער הינזיכט. און אזוי זיינען די אידען אין ביעלא־רוסיע פערבליבען רוסישע אונטערטאנען צוגלייך מיט אלע אנדערע.

באלד נאך דעם, ווי די אידען פון ביעלארוסיע זיינען ארונטערגעפאלען אונטער רוסישע הערשאפט, האט די רוסישע רעגירונג געהייסען מאכען א רעוויזיע און פערשרייבען וויפיעל אידען עס געפינען זיך דארט. די צעהלונג האט געצייגט, דאס עס געפינען זיך דארט בערך 200,000 אידען. מען האט זיי באלד בעלאסטעט מיט אן אפצאהלונג פון א רובל א יאהר פון יעדער פערזאן. אום עס זאל זיין לייכטער פיר די רעגירונג איינצוקא־סירען דיזע קאפ־שטייער האט זי געלאזען דעם אלטען אידישען קהל ווי פאר פוילען אין זיין מאכט, און האט אויף איהם ארויפגעלעגט די פליכט אליין אויפצוזאמלען די סומע פון 200,000 רובל און אריינברייננען אין די רוסישע

קאזנאטשייסטוואָ (רעגירונגס־קאסע). דערביי האָט זי געמאכט יעדען אי־
דען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון קהל. ווען אַ איד האָט בעדאַרפט פאָהרען
אין אַן אַנדער שטאָדט האָט ער געמוזט נעהמען אַ פּאַספּאָרט פון קהל, אום
די קהל'ס־לייט זאָלען וויסען וואו די פּערזאָן געפינט זיך און זאָל קענען
אויפמאָהנען פון איהם די קאָפּ־שטייער. די רעגירונג האָט געגעבען דעם
אידישען קהל אויך דאָס רעכט איינצואָרדנען אייגענע געריכטס־הייזער,
מיט אידישע ריכטער, וועלכע האָבען געהאַט פולעס רעכט צו משפּט'ן אין
געלט־זאַכען און רעליגיאָן־זאַכען. נאָר אַ פּראָצעס צווישען אַ אידען און
אַ קריסט האָט געמוזט אָנקומען אין אַ קריסטליכעס געריכטס־הויז. אין
יאָהר 1783 האָט די רעגירונג געגעבען די אידען אין ביעלאָרוסיע מעהר
רעכטען. אַ איד האָט געמעגט ווערען אַ ריכטער אויך אין שטאָדט־מאַ־
גיסטראַט. אָבער די קריסטען האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס, אַז מען זאָל
ניט צולאָזען אַזוי פיעלע אידישע בעאַמטע אין מאַגיסטראַט, ווי זיי האָ־
בען לויט זייער צאָהל געהאַט דאָס רעכט צו ערוועהלען. די אידישע
שונאים צווישען די קריסטען האָבען געזוכט צו ווירקען אויף די רעגירונג,
אַז מען זאָל אָפּנעהמען פון די אידען פיעלע רעכטען. די רעגירונג האָט דאַן
אָפּגענומען פון די אידען דאָס רעכט צו מאַכען בראַנפען, צו האַלטען קרעטש־
מעס או. ד. גל. דערפון זיינען טויזענדער אידישע פאַמיליעס פּעראָרימט
געוואָרען. די אידען האָבען אין יאָהר 1784 דערלאַנגט אַ קלאַגע אויף'ן
גענעראַל־גובערנאַטאָר פיר זיינע דריקענדע אָרדנונגען, דורך וועלכע זיי
זיינען געקומען אין אַ פערצווייפעלטען צושטאַנד. די קייזערין האָט אי־
בערגעגעבען די קלאַגע צום סענאַט. דערביי האָט זי בעמערקט (1785),
דאָס לויט דעם מאַניפעסט, וואָס איז געגעבען געוואָרען צו אַלע איינוואוי־
נער פון ביעלאָרוסיע, ווען זיי זיינען איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד, האָט זי
געגעבען די אידען גלייכע רעכטען צו האַנדלען און בעשעפטיגען זיך מיט
אַרבייט גלייך מיט אַלע אַנדערע איינוואוינער. דער סענאַט אָבער האָט די
ביטע פון די אידען ערפילט ניט אין גאַנצען. אין דעם זעלבען אוקאַז פון
סענאַט האָט מען אויך ענטזאַגט די אידען, וואָס האָבען געבעטען, אַז מען
זאָל זיי ערלויבען צו ווערען קויפלייט אין ריגאַ, ווייל ריגאַ געהערט ניט
צו ביעלאָרוסיע, וואו זיי האָבען דיזע רעכטען.

מיט דיזען בעשלוס פון סענאַט איז געוואָרען אין רוסלאַנד אַ געזעץ, דאָס
אידען טאָרען ניט טאָן קיין זאַך, וואָס אַ געזעץ האָט ניט ערלויבט בפירוש.
וועהרענד די לאָגיק, דער גלייכער פערשטאַנד, זאָגט פערקעהרט, דאָס יע־
דער מענש מעג טאָן אַלעס, וואָס אַלע מעגען טאָן, סיידען אַ געזעץ האָט

עס בפירוש פערבאָטען. מיט דיזען אוקאז פון סענאט איז אויך געשאפען געוואָרען די „טשערטא אָסיעדלאָסטי, ד. ה. דער אידישער תחום אין די צו-גענומענע פוילישע פראָווינצען, אויסערהאלב פון וועלכען זיי האָבען ניט געטאָרט וואוינען.

דאָך איז די ערסטע 20 יאָהר זינט די פוילישע אידען זיינען אונטער-געפאלען אונטער די רוסישע רעגירונג זייער לאגע געווען גוט אין פערגלייך מיט דער שפעטערער צייט. די אידישע לאגע איז געוואָרען נאָכדעם ערגער און ערגער צוליב דער רעאקציאָן, וואָס האָט אריינגעטרעטען אין רוסלאנד אין די לעצטע יאָהרען פון יעקאטערינא'ס רעגירונג, און אויך צוליב דער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געשאפען אין רוסלאנד א מיינונג, דאָס מען מוז האלטען דאָס פאָלק אין צוואנגען און געבען וואָס וועניגער פרייהייט און רעכטען. אין יענער צייט איז פאָרגעקומען די צווייטע און אויך די דריטע צוטיילונג פון פוילען (1793—1795). פיעלע הונדערטער טויזענדער אידען זיינען פלוצלינג געוואָרען רוסישע אונטערטאנען. די אידען פון ליטא, וואָלהין און פאָדאָליען זיינען געקומען אונטער די רוסישע הערשאפט. די רעגירונג, וואָס האָט מיט 30 יאָהר צוריק ניט געוואָלט האָ-בען אין איהר מדינה קיין איין אידען, האָט פלוצלינג בעקומען פראָווינצען, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען הונדערטער טויזענדער אידען. מען איז געווען געצוואונגען צו ברייגגען אין האַרמאָניע דיזע היסטאָרישע ווידער-שפרוכען: די אייביגע רוסישע אידען-פיינדליכע פאָליטיק מיט דעם פאקט, דאָס יעצט געפינען זיך אין רוסלאנד מעהר פון א מיליאָן אידען. דיזע האַרמאָניזירונג וועט מען געפינען אין די שפעטערע אויסנאהמס-געזעצען, וועלכע בילדען די שווארצעסטע זייט אי' דער אידישער געשיכטע אין 19טען און אָנפאנג 20טען יאָהרהונדערט.

